י. ג. פאָגט.

# װעלטגעשיכטע

פון אורא͏ַלטע צײַטען ביז הײנטיגען טאָג.

בעארבײט אין אידיש פון

א. ח. ראָזענבערג.

אונטער דער רעדאַקציאָן פון

אלכסנדר האַרקאַװי.

אילוסטרירט.

נײנטער באנד: די נײע צײַט.

ניו יאָרק:

היברו פּאבלישינג קאמפּאני.

.1918

# אינהאַלט־פערצייכניס

## פון ניינטען באנד.

זייט


איינלייטונג . . . . . . . . . . . . . . 3

### דאָס קולטור־לעבען זינט דעם אָנפאנג פון דעם 19טען יאָהרהונדערט.

די ליטעראַטור . . . . . . . . . . . . 12

ענגלאַנד ז. 12. דייטשלאַנד ז. 13. וויעלאַנד ז. 15. לעססינג ז. 16. הערדער ז. 19. געטהע ז. 20. שיללער ז. 25. איטאַליען ז. 30. שפּאַניען ז. 31. ענגלישע אויפקלערונגס־ליטעראַטור ז. 33. מאָנטעס־קיע ז. 35. וואָלטעיר ז. 36. רוססאָ ז. 37.

די מוזיק . . . . . . . . . . . . . . 42

אַרכיטעקטור, סקולפּטור און מאַלעריי . . . . . . . . 46

### די געשיכטע פון פראנקרייך ביז צו די נאַפּאָלעאָנישע קריגען.

לודוויג דער 15טער . . . . . . . . . . . 50

לאָאָ ז. 51. די פיזיאָקראַטען ז. 56. מאַדאַם פּאָמפּאַדור ז. 58. טעררעי ז. 59. די פערוואַלטונג ז. 61.

די רעגירונג פון לודוויג דעם 16טען ביז צום אויסברוך פון דער רעוואָלוציאָן . . . . . . . . . . . . . 63

טורגאָט ז. 64. נעקקער ז. 66. קאַלאָננע ז. 68. בריעננע ז. 70. פּראָ־טעסט פון פּאַרלאַמענט ז. 72.

די קלאַססען פון דער אַלטער פראַנקרייך . . . . . . . 74

די גייסטליכע ז. 75. די פּריווילעגיעס פון אַדעל ז. 77. די בירגער ז. 81. די האַנטווערקער ז. 83. די בויערן ז. 85.

זייט

די נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג און איהר פערפאַסונג . . . . 87

ערעפנונג פון דער פערזאַמלונג ז. 89. די שבועה אין באַל־הויז ז. 91. דער שטורם אויף די באַסטיליע ז. 99. אויפשטאַנד פון די בויערן ז. 201. די מענשען־רעכטען ז. 103. דער צוג נאָך ווערסאַיל ז. 107. די פרעסע ז. 109. די קלובען ז. 110. די נייע קאָנסטיטוציאָן ז. 111. דער פעסט (יום טוב) אויף דעם מאַרס־פעלד ז. 113. די ענטלויפונג פון דעם קעניג ז. 119.

די געזעצגעבענדע פערזאַמלונג . . . . . . . . . 121

ראָבעספּיערר ז. 122. דאַנטאָן ז. 123. דער אויפשטאַנד פון סאַן דאָמינגאָ ז. 124. מיטלען געגען רעאַקציאָן ז. 125. דער 10טער אויגוסט 1792 ז. 132. די הערשאַפט פון פּראָלעטאַריאַט ז. 139. די הריגות פון סעפּטעמבער ז. 145.

דער נאַציאָנאַל־קאָנווענט . . . . . . . . . . 146

דער משפט פון קעניג ז. 151. דער טויט־אורטייל פון לודוויג דעם 16טען ז. 153. ראַדיקאַלע פאָדערונגען ז. 159. דער שטורץ פון די זשיראָנדיסטען ז. 162. די קאָנסטיטוציאָן פון 1793 ז. 167. מאַראַט'ס ערמאָרדונג ז. 173. דער קריג אין ווענדעע ז. 175. די שרעקענס־הערשאַפט ז. 177. דער נייער קאַלענדער ז. 179. ראָבעספּיערר'ס שטורץ ז. 187. זיין טויט ז. 189. דער שטורץ פון דער פּראָלעטאַרישער הערשאַפט ז. 191. די שווינדעל־הערשאַפט ז. 195. די אַסיגנאַציעס ז. 195. די אויפשטאַנדען אין פריהלינג פון 1795 ז. 199. די פערפאַסונג פון 1795 ז. 201.

דאָס דירעקטאָריום . . . . . . . . . . . 204

דער רויב פון די נאַציאָנאַל־גיטער ז. 207. באַבעף ז. 208. דער מאַני־פעסט פון די גלייכע ז. 211. באַבעף'ס לעהרע ז. 217.

## די געשיכטע פון פראנקרייך ביז צום וויענער קאָנגרעס.

די אויסערע פּאָליטיק אונטער דעם דירעקטאָריום . . . . 219

דער עסטרייכישער פעלד־צוג ז. 220. דער איטאַליענישער פעלד־צוג ז. 223. די איבערקעהרענים פון דירעקטאָריום ז. 229. מלחמה אין עגיפּטען ז. 235. קריג מיט דער שווייץ ז. 237. אויפלעזונג פון דעם דירעקטאָריום ז. 247.

זייט

דער קאָנסולאַט . . . . . . . . . . . . 252

די נייע פערפאַסונג ז. 253. אַלגעמיינער פרידען ז. 259. דער קאָנקאָר-דאַט ז. 263. דאָס נייע געזעצבוך ז. 265. נאַפּאָלעאָן'ס פּאָליטיק ז. 271.

דאָס קייזעררייך . . . . . . . . . . . . 277

די שלאַכט ביי אַוסטערליטץ ז. 280. פרידען פון טילזיט ז. 284. שפּאַ-נישער פאָלקס-קריג געגען פראַנקרייך ז. 287. קריג מיט רוסלאַנד ז. 293. פּרייסען ערהייבט זיך ז. 299. נאַפּאָלעאָן ענטזאַגט זיך פון טראָן ז. 306. נאַפּאָלעאָן אויף סט. העלענאַ ז. 311. דער צווייטער פּאַריזער פרידען ז. 313.

## די געשיכטע פון ענגלאַנד.

די ערפינדונג און די אינדוסטריעלע ענטוויקלונג פון 19טען יאָהרהונדערט . . . . . . . . . . . 315

די דזשענני-מאַשין ז. 317. וואַטט ז. 321. לאָקאָמאָטיוועז ז. 323. פאַבריקאַציאָן פון וואָל ז. 325. די ענטוויקלונג פון פּראָדוקציאָן ז. 327. לאַגע פון די אַרבייטער ז. 331.

די פּאָליטישע געשיכטע פון ענגלאַנד . . . . . . . 334

וועללינגטאָן'ס מיניסטעריום ז. 337. די רעפאָרמע פון פּאַרלאַמענט ז. 339. די פאַבריק-געזעצען ז. 341. די פאָלקס-כאַרטע ז. 342. דער סאָציאַלער כאַראַקטער פון כאַרטיזם ז. 351.

## די געשיכטע פון שפּאַניען און פּאָרטוגאַל.

פיליפּ דער 5טער ז. 360. אויפשטאַנד פון די שפּאַניער ז. 364. דאָן קאַרלאָס, די קאַרליסטען ז. 369, 370. פּאָרטוגאַל'ס האַנדעל ז. 375.

## די געשיכטע פון איטאַליען.

אין 16טען יאָהרהונדערט ז. 377. אין 18טען יאָהרהונדערט ז. 379. דער פּאַפּסט פּיאוס דער 7טער ז. 382, 383. דער אויפשטאַנד ז. 388. דזשוסעפּפּע מאַצציני ז. 390.

זייט

## גריכענלאַנד'ס קאַמף פיר בעפרייאונג.

איפסילאַנטי ז. 393. די שלאַכט ביי נאַוואַרין ז. 399.

## די שפּאַנישע קאָלאָניעס אין צענטראַל- און זיד-אַמעריקאַ.

מעקסיקאַ ז. 405. מאַקסימיליאַן ז. 411. פּערו ז. 415. טשילע ז. 417. אורוגואַי, פּאַראַגואַי ז. 421, 423. בראַזיליען ז. 425.

## די געשיכטע פון פראַנקרייך.

די פּאָליטישע בעגעבענהייטען פון פראַנקרייך ביז דער רעוואָ-לוציאָן פון מאָנאַט יולי . . . . . . . . . 428

ראָיאַליסטישע רעאַקציאָן ז. 429. קאַרל דער 10טער ז. 437. די בור-זשואַזיע געגען דער רעגירונג ז. 440. אָפּשאַפונג פון דער קאָנסטיטו-ציאָן ז. 445. די יולי-רעוואָלוציאָן ז. 447. קאַרל דער 10טער ענט-לויפט נאָך ענגלאַנד ז. 460. די טראָן-בעשטייגונג פון לואיס פיליפּ ז. 461.

די ווירקונג פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן אויף די ני-דערלאַנדען (האָללאַנד) און פּוילען . . . . . . . 466

די ערהייבונג פון בעלגיען ז. 469. פּוילען ז. 471. כלאָפּיצקי ז. 474. ענדע פון פּוילען ז. 477.

די רעגירונג פון לואיס פיליפּ און די אַרבייטער-בעוועגונג . 478

פּאַריזער אונרוהען ז. 481. אַרבייטער-אויפשטאַנד אין ליאָן ז. 481. סענט סימאָן ז. 483. סענט-סימאָניסטען ז. 487. שאַרלעס פוריער און די „פאַלאַנגעס“ ז. 488, 489. פּרודהאָן ז. 493. דער ספּעקולאַציאָנס-פיבער ז. 499. די קאָרופּציאָן ז. 501. לואיס בלאַנקי ז. 503. די פעב-רואַר-רעוואָלוציאָן ז. 509. פאָדערונג פון די אַרבייטער ז. 517. דע-מאָנסטראַציאָנען פון 16טען מערץ ז. 521. שלאַכט פון 23טען יוני ז. 523. לואיס נאַפּאָלעאָן ז. 526.

# די נייעסטע צייט.

פון דער

## פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן

ביז צו דער

## יעצטיגער צייט

.(1913—1789)

# איינלייטונג.

מען בעצייכענט געוועהנליך די נייעסטע פעריאָדע פון דער וועלט־געשיכטע, וועלכע הייבט זיך אָן מיט דער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן, אַלס די רעוואָלוציאָנס־צייט. דערביי נעהמט מען אין בעטראַכט נאָר דאָס פּאָליטישע לעבען, וועלכעס ווירקט אויף דער זיכטבאַרער אויבערפלעך. אָבער די עקאָנאָמישע ענדערונגען אין דעם לעבען פון נאַציאָנען, וועלכע זיינען די הויפּט־אורזאַכען פון וויכטיגע היסטאָרישע ענדערונגען, האָט מען אין גאַנצען איגנאָרירט, אַזוי ווי זיי וואָלטען גאָרניט עקסיסטירט. די פראַנצויזישע רעוואָלוציאָן מיט איהר בלוטיגער ראָלע פון דער הערשענדער מאַכט, מוז ווירקליך האָבען אַ שטאַרקען איינפלוס אויף די דענקונגס־אַרט פון פיעלע מענשען. אָבער ווען מיר זאָלען זאָגאַר ווירקליך אָננעהמען, דאָס די הויפּט־אורזאַך פון דער גרויסער ענדערונג אין דעם לעבען פון די פעלקער אין דער לעצטער צייט זיינען געווען פּאָליטישע מאָמענטען, דאַרפען מיר זיי בעטראַכטען ניט אין דער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן, נאָר אין די קאַמפּען פון דעם ענגלישען פּאַרלאַמענט מיט דער רעגירונג, וועלכע האָבען זיך אָנגעפאַנגען פיעל פריהער פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן. די פראַנצויזען האָבען אָנגעהויבען נאָכהינקען די ענגלענדער ערסט מיט 100 יאָהר שפּעטער. דער גאַנצער פייער מיט דער גאַנצער ענערגיע פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן האָט ניט אויף איין הונדערטעל דעם ווערט געגען דעם שטאַנדהאַפטען לאַנגען שטרייט, וואָס די ענגלענדער האָבען געפיהרט סיסטעמאַטיש יאָהרהונדערטער פיר זייער פרייהייט. די פראַנצויזישע רעוואָלוציאָן האָט געקענט ערוועקען צו זיך רעספּעקט נאָר ביי די פערקנעכטעטע דייטשען.

די פראַנצויזישע רעוואָלוציאָן ווערט ניט נאָר צופיעל איבערשעצט, נאָר זי ווערט אויך פאַלש פערשטאַנען און בעגרינדעט. מען נעהמט געוועהנליך אָן, דאָס די הויפּט־אורזאַך, וואָס האָט אַרויסגערופען די פראַנצויזישע רעוואָלוציאָן, איז געווען די אויפקלערונגס־ליטעראַטור פון פראַנקרייך; דערצו,

מיינט מען, האָט אַלס נעבען־זאַך געהאָלפען דאָס שווענדערישע לעבען פון די הערשענדע קלאַסען. אָבער אין גרונד גענומען איז די גאַנצע אויפקלערונגס־פעריאָדע ניט מעהר ווי דער קריגס־געשריי פון דער זייט פון די בירגער געגען די אונגערעכטיגקייטען פון די פעאָדאַלען. דאָס, וואָס די ענגלישע בירגער האָבען שוין דורכגעפיהרט מיט 100 יאָהר פריהער, האָבען די פראַנצויזען ערסט שפּעטער אָנגעהויבען צו פאָדערן. די פראַנצויזישע בירגער, ווי די ענגלישע, האָבען זיך געפיהלט שטאַרק גענוג אָנצופאַנגען אַ קאַמף געגען די אונגערעכטיגקייטען פון די פעאָדאַלען און ווערען אַליין אַ הערשענדע מאַכט. דער אַבסאָלוטיזם פון לודוויג דעם 14טען איז געווען ווי אַ מין פאָרבערייטונג צו דער מאַכט פון די בירגער, ווייל ער האָט נאָך פריהער געבראָכען די קראַפט פון די פעאָדאַלען. דיזער אַבסאָלוטיזם האָט דורכגעפיהרט די צענטראַליזאַציאָן פון דער פערוואַלטונג, האָט פאָרבערייטעט דעם וועג פון האַנדעל און אינדוסטריע. די פראַנצויזישע בורזשואַזיע (בירגערטום) האָט דערגרייכט איהרע עקאָנאָמישע מאַכט־מיטלען פיעל לייכטער פון דער ענגלישער. לודוויג דער 14טער איז געווען מיט זיין לוקסוס און זיין פערשווענדערישען הויף־לעבען דער מוסטער פיר די דאַמאָלסדיגע קולטור־וועלט. פראַנצויזישער געשמאַק און פראַנצויזישע מאָדעס זיינען געווען הערשענד אין גאַנץ אייראָפּאַ. די פראַנצויזישע פראָדוקטען זיינען זעהר לייכט פערקויפט געוואָרען אויף אַלע אייראָפּעאישע מערק מיט גוטע פרייזען. נאָך מעהר און געשווינטער האָבען די פראַנצויזישע בירגער און סוחרים אָנגעפילט זייערע טאַשען אונטער לודוויג דעם 15טען דורך די אונגעהייערע פערשווענדונג פון פראַנצויזישען הויף און פראַנצויזישען אַדעל. דער בעסערער צושטאַנד פון די בירגער האָט זיי פערשאַפט מאַכט אום צו קענען אַרויס אין שטרייט מיט דעם אַדעל, און דאָס איז געווען די הויפּט־אורזאַך פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן. ניט די אויפקלערונגס־ליטעראַטור האָט בעשאַפען די רעוואָלוציאָן, ניט דער פרייער דענקער זשאַן זשאַק רוססאָ האָט זי בעשאַפען. ווען דער זעלבער רוססאָ וואָלט אַרויס מיט זיינע ווערק 100 יאָהר פריהער, וואָלט ער מיט זיי ניט געהאַט קיין ווירקונג אויף די גייסטער. די פרייע ליטעראַטור האָט ערסט שפּעטער געפונען אַ גוטען באָדען, אויף וועלכען צו ווירקען.

צופיעל קרעדיט גיט מען אויך דער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן דערמיט, וואָס מען רעכענט, דאָס זי האָט אָנגעמאַכט אַ גרויסע וויכטיגע ענדערונג אין דעם לעבען פון די פעלקער. דאָס איז אַ טעות, דאָס איז איבערטריבען. די פעלקער ווערען אין עקאָנאָמישער הינזיכט פערשוואַרצט יעצט

װי פֿריהער. די ענדערונג איז נאָר פֿאָרגעקומען אין דער הערשענדער קלאַס. צום קעניגטום און צום פֿעאָדאַל־אַדעל איז צוגעקומען נאָך אַ הערשענדע קלאַס, די בורזשואַזיע, דאָס בירגערטום. דאָס איז די הױפּט־ענדערונג, װאָס די פֿראַנצױזישע רעװאָלוציאָן האָט אַרײנגעבראַכט אין לעבען פֿון די אײראָפּעאישע פֿעלקער. אין פֿראַנקרײך האָט מען דעם אַדעל אױסגעשלאַכטעט און ער איז דאָרט פֿערשװאונדען אױף אַ געװיסע צײט, אום צו מאַכען פּלאַץ פֿיר דאָס בירגערטום, װאָס האָט דאַמאָלס טריאומפֿירט. אין אַנדערע לענדער איז דער אַדעל געבליבען, נאָר דאָס בירגערטום האָט צוזאַמען מיט איהם אױך בעקומען מאַכט, אָבער אַ װײט שװאַכערע מאַכט פֿון דעם אַדעל. אין דײטשלאַנד איז עס נאָר געבליבען בײם גוטען װילען, אָבער צו אַ קאַמף האָט דאָס בירגערטום ניט געפֿיהלט זיך שטאַרק גענוג, װײל דאָס דײטשע פֿאָלק איז צו פֿיעל דורכגעדרונגען מיט דעם גײסט פֿון קנעכטישקײט.

אָבער פֿון דער מאַכט, װאָס די בירגער האָבען זיך ערװאָרבען, האָבען די אַרבײטער גאָרניט גענאָסען. דיזע זײנען געבליבען אין די קײטען פֿון קנעכטשאַפֿט װי פֿריהער. נאָר די פֿאָרמע פֿון דער אַרבײטער־קנעכטשאַפֿט איז געענדערט געװאָרען: אָנשטאָט דעם, װאָס אונטער די פֿעאָדאַלען, אָדער גוטס־בעזיצער, איז דער קנעכט געװען צוגעבונדען צום גרונד, װעלכען ער האָט בעאַרבײט, איז דער קנעכט בײם בורזשואַ, בײם פֿאַבריקאַנט, געװען בעװעגליך, ער האָט איהם פֿערקױפֿט זײן אַרבײטס־קראַפֿט. די צוגעבונדענע לײבאײגענשאַפֿט האָט פֿיר דעם בורזשואַ ניט געטױגט. אָבער די לױן־שקלאַפֿערײ איז דער ערגסטער סאָרט שקלאַפֿערײ, װײל די אונטעריאָכונג פֿון לױן־שקלאַף אונטער זײן הערר איז די קלעגליכסטע, שמוציגסטע אונטעריאָכונג. דער הערר אַרבײטגעבער איז פֿרײ פֿון אַלע פֿליכטען און דערצו האָט ער אין זײן האַנט דעם ערגסטען, געפֿעהרליכסטען פֿון אַלע בײטשען — דעם בײטש פֿון הונגער. דער שקלאַף פֿון אַלטערטום האָט געפֿאָדערט קאַפּיטאַל, מען האָט דאָך דעם שקלאַף געמוזט קױפֿען; ער האָט געפֿאָדערט, אַז מען זאָל איהם אונטערהאַלטען מיט שפּײז, װאױנונג און קלײדער, פֿערשאַפֿען איהם מעדיצינישע הילף, װען ער איז געװאָרען קראַנק; דער לײבאײגענער פֿון מיטעלאַלטער האָט אױך געפֿאָדערט, אַז מען זאָל אױף איהם אױסגעבען װעלכע עס איז הוצאות. דער לױן־שקלאַף אָבער קאָסט גאָרניט; קײן קאַפּיטאַל לעגט דער הערר אין איהם ניט אַרײן; אונטערהאַלטען איהם מיט שפּײז, װאױנונג און קלײדער איז דער הערר ניט מחויב. דיזער שקלאַף איז צוגעבונדען צו זײן הערר נאָר מיט די באַנדען

פון הונגער, און ווען ער וויל זיך בעפרייען פון איין הערר, מוז ער זיך צו-בינדען מיט די זעלבע באנדען, מיט די באנדען פון הונגער, צו אן אנדער הערר, וועלכער איז ניט בעסער פון דעם פריהערדיגען.

די פאליטישע רעוואלוציאנען האבען דער ארבייטער־קלאס ניט גע-בראכט קיין פרייהייטען, אין געגענטייל, זיי האבען זי געשטויסען אין פורכטבארע שקלאפעריי. עס איז א קנאפער טרויסט, וואס פיעלע רייכע בורזשוא זיינען פון דיזער ארבייטער־קלאס ארויסגעקומען און קומען נאך אויך היינט פון זיי ארויס. בעזונדערס האט די פראנצויזישע רעוואלוציאן קיין גוטעס ניט געטאן דעם ארבייטער. די ארבייטער האבען געגעבען פיר די בורזשוא זייער לעבען און האבען דערפאר גארניט בעקומען. מיר דאר-פען אבער ניט פערגעסען, דאס די מענשהייט אין איהר ענטוויקלונג מאכט ניט קיין שפרונגען, נאר זי געהט לאנגזאם שטופע נאך שטופע אויף דעם לייטער פון פרייהייט. די מאכט, וואס די בורזשואזיע האט ערווארבען, איז נאר א פאר־שטופע צו דער מאכט, וואס די ארבייטער־קלאס וועט נאך געווינען. מיר האבען שוין פריהער ערקלערט, דאס די בירגערליכע רעווא-לוציאנען האבען געוואונען און פערזיגעלט דעם ערסטען זיג, דעם ערסטען טריאומף פון דער ארבייט איבער דעם ברוטאלען שווערד פון די פעאדאלען. די ארבייט האט צום ערסטען מאל ענטוויקעלט איהר מאכט, און דערמיט האט זי בעשאפען דעם באדען פיר די בעפרייאונג פון דער גאנצער ארביי-טער־קלאס. אויך בלויז די אויסזיכט צו זיין ווען עס איז אין שטאנד צו פערווירקליכען דיזע בעפרייאונג פון דער ארבייטענדער מענשהייט איז א גרויסער טריאומף פיר די מענשהייט. די גאנצע ביזהעריגע וועלט־געשיכטע איז אזוי פול מיט שרעקליכען עלענד, מיט הערצרייסענדען יאמער, דאס אהן דיזער האפנונג וואלט אויסגעקומען אין גאנצען צו פערצווייפלען אין דעם מאראלישען געפיהל פון דער מענשהייט. פון דיזען מענשען־יאמער דערמאהנט די געשיכטע זעהר וועניג; די געשיכטע־שרייבער האבען זיך קיינמאל ניט געקימערט וועגען די ליידען פון פאלק. דעריבער, ווען די מאכט פון ארבייט האט געלעגט דעם ערסטען גרונד־שטיין צו בעזיגען די וועלט פון שווערד־מענשען, דארפען מיר עס בעגעגנען מיט גרויס פרייד, ווייל דאס גיט אונז זיכערע האפנונגען, דאס די מאכט פון ארבייט וועט נאך שטייגען העכער און העכער. דעריבער זיינען פיר אונז זעהר וויכטיג די יעניגע פעריאדען פון דער געשיכטע, וועלכע דערצעהלען אונז פון דיזער מאכט־ענטוויקלונג. דיזע פעריאדען זיינען די איינציגע אנצייגער פון קול-טור, ווייל נאר די ארבייט איז קולטור, די מאכט פון שווערד איז דורכ-

אויס אַ פיינד פון קולטור. ווער עס צווייפעלט אין דיזער וואהרהייט זאָל בעטראַכטען דעם וואונדערבאַרען פּאָרטשריט, וואָס די מענשהייט האָט גע־מאַכט זינט דעם ערסטען טריאומף פון דער אַרבייט. אונטער דער הער־שאַפט פון בירגערטום, וואָס דאָס איז איינס און דאָס זעלבע וואָס די הער־שאַפט פון אַרבייט, האָט די מענשהייט געמאַכט אין איינע צעהן יאָהר פיעלע גרעסערע און גליקליכערע פּאָרטשריטען, ווי אונטער דער הערשאַפט פון שווערד־מענשען אין אַ גאַנצען יאָהר־טויזענד. היינט וואָס פיר אַ גליק־ליכע צייט וועט עס זיין פיר די מענשהייט ווען די גוואַלט־מענשען וועלען אין גאַנצען אָפּגעשאַפט ווערען?

ווען מיר ווילען גוט פערשטעהן און וויסען ניט נאָר די פערגאַנגענע געשיכטע פון דער מענשהייט, נאָר אויך איהר צוקונפטיגע, צו וועלכער שטו־פע די מענשהייט מוז קומען אין דער צוקונפט, דאַרפען מיר זיך האַלטען פעסט אָן דעם געשיכטליך־פילאָזאָפישען פּרינציפּ: די אומוואַנדלונג פון דער קלאַסען־קולטור אין אַן אַלגעמיינע קולטור. מיט אויסנאַהמע פון די בינעזער זיינען אַלע קולטור־פעלקער, פון וועלכע די געשיכטע בעריכטעט, בעשטאַנען פון צוויי הויפּט־קלאַסען: דאָס אַרבייטענדע פּאָלק און די פּאַ־ראַזיטען, די הערען. דאָס אַרבייטענדע פּאָלק זיינען די יעניגע, וואָס האָ־בען בעשאַפען די אַלע קולטור־גיטער; די פּאַראַזיטען, די הערען, זיינען די, וועלכע האָבען מיט גוואַלד אָדער מיט בעטרוג צוגענומען פון די אַר־בייטער זייערע קולטור־זאַכען און האָבען געלעבט אויף זייער רעכנונג. דיזע בערויבונג איז אין אָנפאַנג פּאָרגעקומען מיט גוואַלד, מיט דער מאַכט פון שווערד; שפּעטער איז זי געוואָרען אַ מנהג און נאָכדעם אַ געזעץ. און וועיל די זיכערונג פון דער מעגליכקייט צו בערויבען די אַרבייטער פון די פרוכט פון זייער אַרבייט איז געווען געגרינדעט נאָר אויף מאַכט, דעריבער האָבען זיי געלעגט אַזוי פיעל געוויכט אויף צו בעקומען מאַכט־טיטלען.

די פּאַראַזיטען, די הערען, פלעגען זיך אָפּט ניט צופרידען שטעלען מיט דער עקספּלואַטאַציאָן, מיט דער בערויבונג פון זייער אייגענעם פּאָלק, זיי פלעגען זוכען צו אונטערדריקען אויך גאַנצע אַנדערע פעלקער. אַזעל־כע רויבערייען ווערען אין דער וועלט־געשיכטע בעריכטעט זעהר פיעל. עס איז גענוג אָנצוצייגען אויף די בערויבונג פון די ראָמאַנישע פעלקער דורך די גערמאַנישע. מיר געפינען אָבער ניט, דאָס פעלקער זאָלען וועלען אָפּנעהמען לענדער, וועלכע קענען ניט אַרויסברייגנען קיין קולטור־גיטער. קיין איין פּאָלק האָט זיך ניט געגעבען די מיה צו ערווערבען דעם נאָרד־פּאָל אָדער דעם זיד־פּאָל. אַלזאָ, דאָס וואָס מען רופט פּאָליטישעס לעבען

איז נאָר מעגליך דאָרט, וואו עס איז דאָ אַן אַרבייטענדעס פאָלק, וועלכעס שאַפט קולטור־גיטער פון דעם באָדען, וועלכען עס בעזיצט, וואו עס איז פאַראַן וואָס צו רויבען.

ווי מיר האָבען שוין איינינע מאָל פריהער ערקלערט, איז די מאַכט אימער בעשטאַנען אין בעזיצען פיעלע גיטער. די אַרבייט פון יעדען איינ־צעלנעם מענשען איז געווען אונבעדייטענד; די הילף, וואָס דער מענש האָט בעקומען ביי זיין אַרבייט פון די נאַטור־קרעפטען, ווי פון וואַסער, ווינט און לאַסט־טיערען, איז געווען אונבעדייטענד. דעריבער איז די גאַנצע מאַכט געלעגען נאָר אין ערד, אין גרונד; וואָס מעהר גרונד איינער האָט געהאַט, אַלץ מעהר איז געווען זיין מעגליכקייט זאַגאַר דורך ווענינע מענש־ליכע הילף צו פערגרעסערן זיין בעזיצטום און צוזאַמען מיט דעם זיין מאַכט. דאָס איז די אורזאַך, פאַרוואָס אין אַלטערטום און אין מיטעלאַלטער זיינען די הויפט־רייסערייען צווישען קליינע און גרויסע פירסטען געווען צוליב ערד. ענגלאַנד איז די ערסטע, וואָס האָט אָנגעהויבען געברויכען אַ נייע ריזען־קראַפט צו פּראָדוצירען גרויסע אַרבייט, דאָס איז די דאַמף־קראַפט. דאָס האָט מיט אַמאָל אויפגעהויבען די מאַכט פון אַרבייט און האָט זי גע־שטעלט העכער פון דער אַגראַר־מאַכט, פון גרונד־בעזיץ. און אַזוי ווי די גרויס־פּראָדוקציאָן האָט זיך אָנגעהויבען אין ענגלאַנד נאָך דעם פּאַריזער פרידען, אין יאָהר 1763, ווי מיר וועלען עס שפּעטער זעהן, דעריבער איז דיזע פעריאָדע דער אייגענטליכער אָנפאַנג פון אַ נייער ווענדונג אין דער געשיכטע פון די פעלקער, אַ פעריאָדע, אין וועלכער די אַרבייט האָט אָנגע־הויבען צו ווערען אַ וועלט־מאַכט, וואָס האָט אָנגעהויבען איבערצושטייגען די מאַכט פון שווערד. דיזע צייט פערדינט דעריבער בעצייכענט צו ווערען אַלס דער ווענדע־פּונקט פון דער נייעסטער געשיכטע.

די פּראָדוקציאָנס־מאַכט פון די ענגלישע בירגער האָט שנעל איבער־געשטיגען די פעאָדאַל־מאַכט, אָדער די מאַכט פון די גוטס־בעזיצער, וועלכע איז געווען געגרינדעט אויף דער מאַכט פון שווערד. דער קאַמף האָט בע־קומען אַן אַנדער כאַראַקטער און געקראָגען אַן אַנדערען נאָמען — קאָנקו־רענץ. דער שיקזאַל פון פעלקער ווערט יעצט ענטשידען ניט דורך דעם שווערד, ניט אויף'ן שלאַכטפעלד, נאָר אין קאָנקורענץ־קאַמף. די ברוטאַלע קראַפט פון שווערד ווערט שוואַכער און שוואַכער, זיין קראַפט איז אי־בערגעגאַנגען צו דער פּראָדוקציאָנס־קראַפט פון פאָלק, צו זיין פלייס, צו זיין אינטעליגענץ, צו זיין ערפינדונגס־גייסט, צו זיין בילדונג. די שטונ־דע פון דעם אונטערגאַנג פון די געוואַלט־מענשען האָט שוין געשלאָגען.

עס איז וואהר, אַז דאָס בירגערטום איז יעצט פעראייניגט מיט דער הערשענ־דער קלאַס און דריקט דאָס ארבייטער־פאָלק, אָבער מיר דארפען ניט פער־געסען, דאָס דער קאפּיטאַל איז געווען די מאכט, וועלכע האָט דערשטיקט דעם פעאָדאַליזם און האָט געשטעלט אויף זיין פּלאַץ די מאכט פון ארבייט, וועלכע שטייגט אימער העכער און העכער און וועט געוויס פריהער אָדער שפּעטער קומען צו דער שטופע, דאָס זי אַליין וועט הערשען און רעגולירען דעם שיקזאַל פון איינצעלנע מענשען ווי פון גאַנצע פעלקער. דערצו מוז מען אָבער האָבען אַן עכטען דעמאָקראַטישען גייסט, און דערצו איז נאָר מסוגל אַמעריקאַ. אין דיזען לאַנד וועט די ארבייט קומען צו איהר ריכ־טיגער מאכט, און פון דאַנען וועלען איהרע פּרינציפּען רעגירען די ציוויליזירטע וועלט.

איינינע געלעהרטע זיינען איבערצייגט, דאָס די בעדינגונגען פון דער צוקינפטיגער ענטוויקלונג געהען פיר אייראָפּאַ מעהר און מעהר פערלאָרען. די מאַנאָפּאָל פון אינדוסטריע געהט איבער פון אייראָפּאַ צו אַמעריקאַ. אייראָפּאַ איז צו ענג, אַז זי זאָל זיין אין שטאַנד צו טרייבען די גרויס־פּראָדוקציאָן ווי די נייעסטע צייט פאָדערט עס. פּיעל שאַדט און הינדערט דיזער ריכטונג דאָס, וואָס די אייראָפּאַאישע פעלקער האַלטען זיך נאָך שטארק אָן די אַלטע פּאָליטישע אָרדנונגען און פּרינציפּען, וועלכע זיי־נען פיר קיין פאַל ניט צוגעפּאַסט צו גרויס־פּראָדוקציאָן, וועהרענד אַמעריקאַ האָט דיזען אַלטען שימעל פון זיך אין גאַנצען אראָפּגעוואָרפען. דערצו זיינען די נאַטירליכע רייכטימער פון אַמעריקאַ אַ גרויסער און וויכטיגער פונדאַמענט אום צו בויען און ענטוויקלען אויף איהם די גרויס־פּראָדוקציאָן. אין דיזער הינזיכט שטעהט אייראָפּאַ פיעל נידריגער און וויט הינטער פון אַמעריקאַ. די רייכסטע לענדער וועלען צוציהען צו זיך די גרעסטע מענ־שען־מאַסען. אַמעריקאַ קען ערנעהרען די מענשען פיעל ביליגער און בעסער אַלס די אָרימע אויסגעזויגענע אייראָפּאַ. עס וועט נאָך געוויס לאַנג נעה־מען ביז דיזע ענדערונג וועט ווערען אַ פאַקט, אָבער זי מוז קומען. דער שווער־פּונקט פון דער קולטור מוז און וועט זיך אַריבערטראָגען פון אייראָפּאַ נאָך אַמעריקאַ, און דער האַנדעל אין דער צוקונפט וועט פאָרקומען ניט צווישען אייראָפּאַ און אַמעריקאַ, נאָר צווישען אזיען און אַמעריקאַ, ווייל אזיען איז דער נעכסטער רייכסטער וועלט־טייל צו אַמעריקאַ. דער אינ־דישער אָקעאַן וועט איבערשטייגען אין בעדייטונג דעם אַטלאַנטישען.

דיזע אַלע עקאָנאָמישע ענדערונגען אין דער מענשהייט וועלען געוויס קומען מיט דער הילף פון קאָנקורענץ, מיט דער הילף פון קאַפּיטאַל. דא־

מאָלס וועט דער קאַפּיטאַל זיין די זעלבע רעוואָלטירענדע מאַכט, וועלכע האָט בעזיגט די פעאָדאַלען. די עקאָנאָמישע לאַגע וועט אויך העלפען דער ארבייט צו בעפרייען זיך פון די קייטען פון דער בורזשואַזיע (בירגערטום).

די הויפּט־בעדינגונג פון דער בעפרייאונג פון ארבייטער־פאָלק איז די פערבעסערונג פון דעם עקאָנאָמישען צושטאַנד, וועלכען מען קען ערוואַרטען נאָר פון דער גרויס־פּראָדוקציאָן. די אַלע פּראָבעס, וואָס זיינען ביז יעצט געמאַכט געוואָרען צו בעפרייען דאָס ארבייטער־פאָלק דורך אונרוהען און אויפשטאַנדען, האָבען ניט געהאַט קיין ערפאָלג, ווייל אין דער קלאַסען־גע־זעלשאַפט פון די אייראָפּעאישע פעלקער האָט געפעהלט די נעטיגע עקאָנאָ־מישע לאַגע צו דער בעפרייאונג פון דער געקנעכטעטער מאַסע. אייראָפּאַ איז געווען צו אָרים, דער האַנדעל איז געווען צו קליין און אונבעדייטענד צו ברייננגען די מאַסען אויף אַ העכערע שטופע פון קולטור. אין דער לעצ־טער צייט אָבער האָט די גרויס־פּראָדוקציאָן אָנגעהויבען צו שאַפען ווע־גען און מיטלען ווי די גיטער פון דער קולטור זאָלען ווערען צוגענגליך פיר אַלע מענשען, ווען נאָר עס וועלען געבראָכען ווערען די שראַנקען פון דער קלאַסען־געזעלשאַפט. די מאַסען פיהלען שוין דאָס, און דיזעס בעוואוסט־זיין פערשאַפט דער היינטיגער פּראָלעטאַרישער בעוועגונג האָפנונג צו ער־ווערבען פרישע קראַפט צו דעם קאַמף, וועלכער וועט זיי פיהרען צום זיג. אָבער דיזער קאַמף קען אויפגענומען ווערען נאָר אין אַזאַ לאַנד, אין וועל־כען דער עקאָנאָמישער צושטאַנד אין אַלגעמיין געפינט זיך אויף אַ העכערען שטאַנד. דיזעס לאַנד איז אַמעריקאַ. דאָ איז ניטאָ קיין גרענעץ צו דער ענטוויקלונג פון דער מאַכט פון קאַפּיטאַל. נאָר אין עקאָנאָמישען קאַמף קען דער ארבייטער ענטוויקלען זיין מאַכט, זיינע פאָדערונגען און זיינע רעכטען. אין אייראָפּאַ דאַגעגען ווערט די עקאָנאָמישע לאַגע ערגער און גע־דריקטער. דער ארבייטער ווערט מעהר און מעהר פערהונגערט, אָפּגע־שוואַכט און ענטמוטיגט; עס פעהלען איהם צום קאַמף אַלע מיטלען. מיר וועלען נאָך רעדען וועגען דעם אויספיהרליכער ביי אַן אַנדער געלעגענהייט און די זאַך גענויער ערקלערען.

מיט איין וואָרט, די נייע צייט מיט איהר גרויס־פּראָדוקציאָן פערשאַפט דער מענשהייט אַ נייע ענטוויקלונגס־ריכטונג; זי ערעפענט די אויסזיכט אויף די גרעסטע אומענדערונג, אויף די בעפרייאונג פון דעם ארבייטער־פאָלק, אויף די אויפלעזונג פון דער קלאַסען־געזעלשאַפט, אויף די אומ־וואַנדלונג פון דער קלאַסען־קולטור אין אַן אַלגעמיינע קולטור. די אַנגלאָ־זאַקסען (ענגלענדער) האָבען געלעגט דעם גרונד־שטיין צו דיזער נייער פּע־

ריאָדע אין דער געשיכטע. דעם פונדאַמענט האָבען זיי אַפילו געלעגט אין אייראָפּאַ, אָבער אייראָפּאַ איז געווען אַ גוטער טעאַטער פיר די פּאָליטישע רייסעררייען אין אַלטען סטיל. אָבער פיר דעם עקאָנאָמישען קאַמף פון ברייטע מענשען־מאַסען איז אַמעריקאַ דער איינציגער פּלאַץ. דער בעסטער אינטעליגענטסטער מענשען־מאַטעריאַל ווערט טראַנספּאָרטירט פון אייראָ־פּאַ נאָך אַמעריקאַ. די מאַסען מיט זייערע בעסטע קרעפטען ציהען זיך נאָך דעם זונען־ליכט פון דער פרייהייט, און אייראָפּאַ מיט איהרע שקלאַ־פען־קייטען זיינען אַריינגעוואָרפען געוואָרען צווישען אַלטע אייזען.

# דאָס קולטור-לעבען זינט דעם אָנפאַנג פון 18טען יאָהרהונדערט.

## א. די ליטעראַטור.

אין ענגלאַנד האָט אין 18טען יאָהרהונדערט די געבילדעטע קלאַס זיך בעשעפטיגט מעהר מיט פילאָזאָפיע ווי מיט פּאָעזיע. עס זיינען דאָ צו דערמאָהנען זעהר ווענינע, וועלכע האָבען זיך דאָרט בעשעפטיגט מיט פּאָעזיע. קוים איין פּאָעט איז דאָ צו דערמאָהנען, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכענט אין דער וועלט־ליטעראַטור. צו די בעסטע שריפטשטעלער פון יענער צייט, וועלכע האָבען איבערהויפּט געשריבען ראָמאַנען און דראַמאַס, געהערען: סאַמועל ריטשאַרדסאָן (1713—1768), פערפאַסער פון מאָראַליזירענדע פאַמיליען־ראָמאַנען; הענרי פיעלדינג (1707—1754) און בעזונדערס לאָרענס סטערנע (1713—1768). דער לעצטער שילדערט אין זיין ווערק „די סענטימענטאַלע רייזע" די איינדריקען פון דעם מענשען אין פערשיידענע לאַגעס אין לעבען אין אַ זעהר פיהלענדער אַרט. אויך אין זיין „טריסטראַם שאַנדי" איז די הויפּט־אייגענשאַפט דער גוטמוטיגער הומאָר.

דער „פּרעדיגער פון וועקעפיעלד" פון אָליווער גאָלדסמיטה (1728—1774) געהערט צו די ביכער, וואָס ווערען געלעזען אין אַלע צייטען. עס איז אַ ריהרענדער פאַמיליען־ראָמאַן, אין וועלכען עס ווערען געשילדערט ליבליכע פערהעלטניסען און דאָס הויזליכע לעבען פון אַ פּרעדיגער מיט זעהר נאַטירליכע פאַרבען. דאַגעגען זיינען די ערצעהלונגען פון דזשאָנאַטהאַן סוויפט סאַטיריש (1667—1745). אין זיין „גולליווער'ס רייזען אין ליליפּוט" און אין „דער געשיכטע פון אַ טון" ווערען געטאַדעלט אַלע ווידערשפּרוכען און פערקעהרטהייטען פון זיין צייט. „די פיער יאָהרעסצייטען" פון דזשעמס טהאָמסאָן (1700—1748) דריקט אויס דעם גדאַנק, דאָס מיר זעהען אין דער נאַטור דעם אויסדרוק פון אונזער אייגענער שטימונג. דיזעס ווערק האָט געהאַט אין דייטש-

לאַנד א בעגייסטערטע אויפנאַהמע. עדוואַרד יאָנג'ס „נאַכט-געדאַנקען" (1681—1765) זיינען קלאַגען איבער לעבען און טויט אין א זעהר אומעטיגען טאָן פון פאָלקס-דיכטונג.

אָבער דער שאָטלענדער ראָבערט בוירנס (1759—1795) איז דער גרעסטער בריטישער ליריקער פון אַלע צייטען. אין זיינע פּאָעטישע ווערק איז ער געוועזן ווייט פון יעדער אונגעזונדער סענטימענטאַליטעט. ער שילדערט וואהרע געפיהלען פון הארצען ניט געפאַרבט, לעבעדיג און



ראָבערט בוירנס.

ערגרייפענד. אונשטערבליך איז זיין ליד „מיין הערץ איז אין הויך-לאַנד, מיין הערץ איז ניט היר".

זעהר אונבעדייטענד איז די ליטעראַטור פון דייטשלאַנד אין יענער צייט. דער נידריגער צושטאַנד פון לאַנד שפּיגעלט זיך אָפּ אין זיין ליטעראַטור. די שפּראַך איז באַרבאַריש; זי איז פול מיט לאַטיינישע און פראַנצויזישע אויסדריקען. וואָס פרעמד איז געוועזן פיר די ליטעראַטען פון יענער צייט גוט און שען, און וואָס איינענס איז געוועזן פעראַכטעט און פעראַכטעט. דער בעסטער דיכטער פון יענער צייט איז געוועזן אַלברעכט

פאָן האַללער (1707—1777). ער האָט געגלענצט אַלס וויסענשאַפט-ליכער שריפטשטעלער. זיין בעריהמטעסטע פּאָעזיע איז געווען „די אַלפּען", א מאַלערישע שילדערונג פון די אַלפּען-בערג.

קלאָר און שען זיינען די פאַבלען און די פּאָעטישע ערצעהלונגען פון פריעדריך פאָן האַגעדאָרן (1708—1754). דאַגעגען גאָטטשעד מיט זיין וועלט-געשיכטע (1700—1766), ראַבענער (1714—1770) און געללערט (1715—1769) זיינען ניט ווערט דעם פּלאַץ, וואָס זיי פערנעהמען אין דער געשיכטע פון ליטעראַטור אין דייטש-לאַנד.

אין דער צווייטער העלפט פון 18טען יאָהרהונדערט איז פאָרגעקומען אין דער דייטשער ליטעראַטור א גאַנצע רעוואָלוציאָן, וואָס האָט בעשאַפען קלאַסישע ווערק, וועלכע קענען שטעהן אין איין ליניע מיט די בעסטע ווערק פון דער וועלט-ליטעראַטור. עס הערשט יעצט די אַלגעמיינע מיי-נונג פון גאָטהע, דאָס די דייטשע ליטעראַטור האָט אָנגעהויבען שטייגען זעהר הויך זינט פריעדריך דעם גרויסען מיט זיינע וויכטיגע קריגס-טאַטען און זיינע אַנדערע בעריהמטע מעשים. אָבער עס לאָזט זיך ניט גלויבען, דאָס די רעאַקציאָנערע ריכטונג פון דיזען מאָנאַרך, וועלכער איז פיר זיך אַליין געווען א מאַן מיט הויכע נייע אידעען, אָבער אין זיינע בעציהונגען צום פאָלק א וואַהרער דעספּאָט און רעאַקציאָנער, מיט מיליטער-פּאָליטישע אַנזיכטען — דאָס אַזאַ מענש זאָל האָבען א גוטע ווירקונג צו בעשאַפען א פרייע ליטעראַטור. עס איז זעהר פאַלש די בעהויפּטונג, דאָס גראַדע דער האַס און די פעראַכטונג, וואָס פריעדריך דער גרויסער האָט געהאַט צו דער דייטשער ליטעראַטור, זיינען געווען די אורזאַכען, וואָס זי האָט דאַמאָלס אַזוי הויך אָנגעהויבען צו שטייגען.

עס איז זיכער צו גלויבען, דאָס די פראַנצויזישע אויפקלערונגס-ליטע-ראַטור מיט איהרע הויכע אידעען האָט געווירקט אויף די דייטשע קעפּ און האָט געגעבען אַן אַנדער ווענדונג זייערע געדאַנקען, זייערע געפיהלען און צוזאַמען מיט דעם אויך זייער ליטעראַטור. דערצו איז דאַמאָלס פאָרגעקומען א גאַנצע פערענדערונג אין דער סאָציאַלער אַטמאָספערע. עס האָט דאַ-מאָלס אויך אין דייטשלאַנד, ווי אין ענגלאַנד און פראַנקרייך, דער פעאָדאַ-לער גייסט אָנגעהויבען ווערען שוואַכער און האָט אָנגעהויבען מאַכען פּלאַץ דעם בירגערטום. אָבער וואָס וואָלט דאָס אַלעס געהאָלפען, ווען עס זאָלען ניט ערשיינען די ריכטיגע גייסטער? עס איז זיכער, דאָס צו וויכטיגע זאַכען מוז מען האָבען וויכטיגע גייסטער. אָהן גאָטהע און שיללער וואָלט

דייטשלאַנד ניט געהאַט קיין קלאַסישע פּעריאָדע, ווען אויך די סאָציאַלע לאַגע וואָלט געווען גינסטיגער ווי זי איז געווען.

די קלאַסישע פּעריאָדע פון דער דייטשער ליטעראַטור הויבט זיך אָן מיט קלאָפּשטאָק, וועלכער איז געבאָרען געוואָרען אין קוועדלינבורג אין 1724 און איז געשטאָרבען אין 1803. דער דענישער קעניג פריעדריך דער 5טער האָט איהם געגעבען אַ יעהרליכען געהאַלט און ער האָט זיך גע-קענט איבערגעבען אין גאַנצען צו דער דיכט־קונסט. זיין הויפּט־ווערק איז דער „מעססיאַס" (משיח). די ערסטע דריי געזאַנגען האָבען געמאַכט אַ גרויסען אויפרוהר, און דאָס פאָלק האָט מיט אונגעדולד ערוואַרטעט די איב-ריגע געזאַנגען, וועלכע אָבער זיינען ערסט ערשינען מיט 25 יאָהר שפּעטער. 30 יאָהר האָט דיזעס ווערק בעהערשט די דייטשע ליטעראַטור. פיר אונז אָבער איז דאָס ווערק ניט צום לעזען. עס איז צו לאַנג און די בילדער צו



וויעלאַנד.

ערמידענד. דאָס ווערק איז פול מיט רעליגיעזע געפיהלען און געדאַנקען, מיט די זעלבע געפיהלען זיינען אויך פול זיינע אָדען (ליעב־פּאָעזיע) און זיינע ביבלישע דראַמאַס.

אַ פּאָעט פון אַ גאַנץ אַנדערען סאָרט איז געווען מאַרטין וויע-לאַנד (1733—1813). ער האָט אין הויז פון גראַף שטאַדיאָן זיך בע-קאַנט געמאַכט מיט דעם עלעגאַנטען הויף־לעבען פון זיין צייט. דאָס האָט געווירקט, אַז איהם זאָל געפעלען ווערען דאָס פרעהליכע פראַנצויזישע לע-בען, און ער האָט דעריבער געשריבען ראָמאַנען, אין וועלכע ער האָט געפּרע-דיגט די נייע עפּיקורעאישע לעבענס־אַרט פון די פראַנצויזען. זיינע אַנשוי-אונגען אויף דאָס לעבען זיינען געווען איינזייטיג, נאָר פון דעם קרייז מענ-שען, מיט וועלכע ער האָט געהאַט אומגאַנג. דיזער כאַראַקטער דריקט זיך קלאָר אויס אין זיינע שריפטען. די שפּראַך איז זעהר לעבעדיג און אָטעמט

מיט'ן פראַנצויזישען גייסט. פון זיינע ווערק, וואָס מען קען נאָך אין אונזערע טעג אַמאָל לעזען, זיינען „אַבדעריטען" און „אָבעראָן". די איבריגע האָבען ניט פיר אונז קיין ווערט און קיין אינטערעס. זייער פערדינסט אין דער ליטעראַטור בעשטעהט דערין, דאָס זיי האָבען געגעבען דער דייטשער שפּראַך שענקייט און לייכטקייט. וויכטיג איז אויך זיין דייטשע איבערזעצונג פון שעקספּיר, ווייל דערמיט האָט ער בעקאַנט געמאַכט דאָס דייטשע לעזע=פּובליקום מיט די שאַפונגען פון דיזען וועלט=פּאָעט.

מען האָט אָנגעגריפען וויעלאַנד'ס שריפטען צוליב זייער זיטליכער אַנשויאונג. ער זעלבסט אָבער אין זיין לעבען איז געווען אַ מוסטערהאַפט געזיטעטער מענש. אין זיין ווערק „די געטער=געשפּרעכען" און אייניגע אַנדערע צייגט ער אַרויס, דאָס ער איז געווען אַ פריי=גייסט, וועלכער האָט חוזק געמאַכט פון דער קירכע מיט איהר אַבערגלויבען. אָבער זיינע געדאַנקען וועגען זיטען, וועגען אַ לעבען אין לוקסוס און אין שווענדעריי האָבען פיעלע געפונען פיר געפעהרליך פיר דעם מאָראַל=צושטאַנד פון דער יוגענד. דיזע מורא איז ניט אין גאַנצען גרונדלאָז.

אין יענער צייט האָט זיך געבילדעט אַ געזעלשאַפט פון יונגע מענשען, וועלכע זיינען געווען ביטערע געגנער פון וויעלאַנד און פייערדיגע אַנהענגער פון קלאָפּשטאָק. די וויכטיגסטע צווישען זיי זיינען געווען: יאָהאַן היינריך פאָסס, האָלטיע און די גראַפען שטאָלבערג. דיזע געזעלשאַפט איז בעוואוסט אונטער'ן נאָמען „האיינבונד". זייער אָרגאַן איז שפּעטער געוואָרען דער זעהר בעריהמטער „מוזענאַלמאַנאַך". פאָסס (1751—1826) האָט בערייכערט די דייטשע ליטעראַטור מיט דעם מין פּאָעזיע, וואָס איז בעוואוסט מיט'ן נאָמען אידיליע, און האָט געשילדערט מיט עכטער נאַאיוויטעט, וואהרהייט און נאַטור דאָס לאַנד=לעבען פון ניעדער=דייטשלאַנד. האָלטיע (1748—1776) איז געווען אַן אויסגעצייכנעטער ליריקער. נאָהענט צום האיינבונד איז אויך געשטאַנען גאָטטפריעד אויגוסט בירגער (1748—1794), וועלכער איז געווען דער שעפער פון דער דייטשער באַלאַדע; דיזער סאָרט פּאָעזיע האָט אונטער גאָטהע און שיללער דערגרייכט אַ זעהר הויכע שטופע.

פיעל העכער פון די אַלע, וואָס מיר האָבען דאָ אויסגערעכענט, שטעהט גאָטטהאָלד אפרים לעססינג. ער איז געווען איינער פון די גרעסטע איינפלוסרייכע שריפטשטעלער פון 18טען יאָהרהונדערט. ער איז געווען אַ זוהן פון אַ פּרעדיגער און איז געבאָרען געוואָרען אין קאַמענץ אין יאָהר 1729. שוין אין דער שולע האָבען די לעהרער אין איהם

בעמערקט אונגעוועהנליכע פעהיגקייטען. זיין פאָטער האָט געוואָלט, אז ער זאָל שטודירען אין אוניווערזיטעט טהעאָלאָגיע. אָבער ער האָט צו די־זען געגענשטאַנד ניט געהאַט קיין חשק; ער האָט זיך בעסער איבערגעגעבען צו פילאָזאָפיע און צו שענער ליטעראַטור. זיין אומגאַנג איז געווען מיט שוישפּילער און פריינגעזאָנגנע. עס האָט ניט לאַנג גענומען און ער האָט זיך אין גאַנצען ענטזאַגט פון דער טהעאָלאָגיע און האָט אויפגעגעבען די אידעע צו זיין אַ גייסטליכער. ער האָט זיך געווידמעט צום שריפטשטעלער־פאַך. ער האָט געוואַנדערט פון איין אָרט אין אַנדערען און האָט אין דיזען סאָרט לעבען ניט געהאַט קיין רוה. ענדליך האָט ער אין וואָלפענביטטעל בעקומען אַ שטעלע אַלס אַ ביבליאָטהעקאַר. דאָרט האָט ער געהייראַט און האָט בעשלאָסען צו גרינדען אַ פאַמיליע. אָבער צום אונגליק איז איהם אָפּ־געשטאָרבען זיין געליבטע פרוי און זיין איינציגעס קינד, און דאָס האָט איהם וויעדער געטריבען צו אַן אונרוהיגען לעבען. אום צו דערשטיקען דעם שמערץ האָט ער זיך איבערגעגעבען צו נייער ארבייט און צו נייע פּלענער. אָבער זיינע אינערליכע קאַמפּען און שמערצען האָבען איהם פריה געבראַכט דעם טויט. ער איז געשטאָרבען אין ברוינשווייג דעם 15טען פעברואַר 1781, אין אַלטער פון 52 יאָהר.

לעססינג איז געווען אַן אונערמידליכער פאָרשער און האָט געזוכט די וואַהרהייט. ער האָט זיך אַמאָל אויסגעדריקט: „ווען גאָט זאָל האַלטען פערשלאָסען אין זיין רעכטער האַנט אַלע וואַהרהייטען און אין דער לינקער נאָר דאָס שטרעבען צו וואַהרהייט, הגם ער זאָל דערביי בעמערקען, דאָס אין שטרעבען קען מען זיך זעהר אָפט אירען, און ער זאָל מיר זאָגען: קלייב זיך אויס וואָס דו ווילסט בעסער — די וואַהרהייט אָדער דאָס שטרע־בען נאָך וואַהרהייט, וואָלט איך איהם געזאָגט: פאָטער, גיב מיר דאָס שטרעבען נאָך וואַהרהייט; די ריינע וואַהרהייט איז דיינע אַליין". פער־שטאַנד און אורטיילס־קראַפט איז ביי לעססינג'ן געשטאַנען העכער פון אַלע אַנדערע פעהיגקייטען. ער האָט ווייניג געהאַלטען פון דער פאַנטאַזיע. ער אַליין האָט געזאָגט, דאָס ער קען עטוואָס שאַפען נאָר דורך קריטיק. ער האָט קיינמאָל ניט געבעטען פון די גרויסע לייט וועלכע עס איז שטיצע, הגם ער האָט זיך פיעלע מאָל געפונען אין אַ זעהר קריטישען צושטאַנד. ער איז געווען געגען יעדער אָפּהענגיגקייט. ער האָט אויך פערהאַסט יעדע פאַלשע עהרע.

ווי מיר האָבען שוין בעמערקט, איז לעססינג געווען פון זיין נאַטור געניינט צו קריטיק און צו געלעהרזאַמקייט איידער צו דיכט־קונסט. ער

האָט פיעל געשריבען איבער קונסט, טהעאָלאָגיע און פילאָזאָפיע. ער האָט געשריבען זעהר וויכטיגע ווערק איבער עסטהעטיק.

הגם ער איז געווען מעהר דענקער ווי דיכטער, דאָך פערנעהמען זיינע דיכטערישע ווערק א זעהר וויכטיגען אָרט אין דער דייטשער ליטעראַטור. אין זיין פיעסע „מיסס סאַרא סאַמפּסאָן" האָט ער געשאַפען די ערסטע דייטשע פאַמיליען־טראַגעדיע. זיין „מיננא פון בארנהעלם" איז דאָס ערסטע נאַציאָנאַלע לוסט־שפּיל אין דער דייטשער ליטעראַטור. די פּיעסע האָט געמאַכט א ווירקונג מיט איהרע סימפּאַטישע כאַראַקטערען און מיט דער דראַמאַטישער בעהאַנדלונג. קורץ פאַר זיין טויט האָט ער געשריבען די טראַגעדיע „עמיליא גאַלאָטטי" און „נאַטהאַן דער וויזע". אין דיזער מערקווירדיגער דראַמאַ צייגט לעססינג דעם גרויסען אונטערשייד צווישען וואַהרער רעליגיאָזיטעט פון הארצען און לעבען, און צווישען קירכליכער,



לעססינג.

מעכאַנישער רעליגיאָזיטעט. דיזע דראַמאַ איז די שענסטע פרוכט פון לעססינג'ס טהעאָלאָגישע שטרייטיגקייטען, אויסער זיין וויכטיגען ווערק אין דיזער פראַגע „די ערציהונג פון דעם מענשען־געשלעכט".

לעססינג איז געווען א גרויסער מייסטער פון דער אַלטער פאָרמע פון קונסט און איהרע רעגלען. נאָך איהם איז אָבער אויפגעשטאַנען א גאַנצע רייהע פון שריפטשטעלער, וועלכע האָבען געלייקענט אין וועלכע עס איז רעגלען אין דיזער הינזיכט און האָבען רעוואָלטירט געגען צווינגען א שרייבער צו האַלטען זיך אין געוויסע פאָרמעס. דער וואַהרער פּאָעטישער טאַלאַנט און גייסט דאַרף ניט בעאָבאַכטען קיין פאָרמעס, האָבען זיי געלעהרט. דיזע צייט אין דער ליטעראַטור איז בעוואוסט אַלס „די פעריאָדע פון שטורם און דראַנג". אויך אין דער פּאָליטיק האָט זיך בעוועגט. דאָס פאָלק האָט גענומען צו צושטערען די אַלטע געביידעס, וועלכע האָבען עקסיסטירט טוי-

זענדער יאָהרען, און האָבען רעוואָלטירט געגען די אָרדנונגגען פון דער אַלטער צייט, און מען האָט זיך גענומען בויען נייע. דאָס פעאָדאַל־סיסטעם איז אומגעוואָרפען געוואָרען, און אָנשטאָט איהם האָט מען אויפגעבויט אַ בירגערטום, אַ בורזשואַזיע. דער אינדיווידועלער גייסט איז אַרויסגעלאָזען געוואָרען פון זיינע שראַנקען אום צו הערשען אָהן אַ שום בעשרענקונג איבעראַל: אין ליטעראַטור, פּאָליטיק און סאָציאַלען לעבען.

די מעהרסטע רעוואָלוציאָנערע גייסטער פון דיזער „שטורם און דראַנג פעריאָדע", ווי ריינהאָלד לענץ, מאַקסימיליאַן קלינגער, פריעדריך מיללער און דאַניעל שובאַרט, זיינען אונטערגעגאַנגען, אָבער די וואַהרע קרעפטיגע געניאַלע קעמפער זיינען אַרויס זיגער פון דיזען שטרייט. דיזע זיינען געווען די דריי ריזען פון דער דייטשער ליטעראַטור: הערדער, גאָטהע און שיללער.



הערדער.

יאָהאַן גאָטטפריעד הערדער איז געבאָרען געוואָרען אין יאָהר 1744 און איז געשטאָרבען אין 1803. ער האָט איבערגעלעבט אַ זעהר האַרטע און שטרענגע יוגענד, און דאָס האָט איהם פערביטערט זיין גאַנצעס לעבען און האָט איהם געמאַכט זעהר אויפגערעגט און עמפינדליך. ער האָט זיך אַ לאַנגע צייט אויפגעהאַלטען אין פראַנקרייך, נאָכדעם האָט ער זיך צוריקגעקעהרט נאָך דייטשלאַנד און האָט בעקומען אַ שטעלע פון אַ הויף־פרעדיגער, און ענדליך איז ער געוואָרען אויבער־קאָנסיסטאָריאַל־ראַט און סופּעראינטענדענט אין ווייִמאַר. ער איז אויך געווען, ווי לעססינג, אַ זעהר פיעלזייטיגער זשעני און געלעהרטער און האָט אויף פערשיידענע געביטען געשאַפען ווערק, וועלכע האָבען געבראַכט נייע וועגען אין דער ליטעראַטור. זיינע געדיכטען ענטהאַלטען אין זיך אַ צו לעהרהאַפטען כאַראַקטער. דעריבער איז זיין גרויסען זשעני מעהר צו בעמערקען אין זיינע ווי-

סענשאַפטליכע פאָרשונגען. זיין שפּראַך פעראייניגט אַ דיכטער מיט אַ פילאָזאָף.

אין זיינע קריטישע שריפטען, ווי: „פראַגמענטען צור דייטשען ליטעראַטור", „קריטישע וועלדער" און „בלעטטער פאָן דייטשער אַרט אונד קונסט", מאַכט ער אויפמערקזאַם זיינע צייט־גענאָסען אויף די וויכטיגקייט פון דער דייטשער פאָלקס־דיכטונג. ער רעכענט די פאָלקס־דיכטונג פיר אַן אַלגעמיינעס גוט פיר אַלע נאַציאָנען, וועלכעס איז ניט אָפּהענגיג פון דער שטופע פון קולטור, אויף וועלכער דיזע אָדער יענע נאַציאָן שטעהט. הערדער'ס אידעאַל איז געווען די פאָלקס־פּאָעזיע, מיט די נאַטירליכע זינליכע געפיהלען, מיט די וואַהרע ליידען פון פאָלק, וואָס זיינען פאָרגעשטעלט אָהן קונצען און געזוכגען אָהן רעגלען. ער איז געווען אַ פיינד פון יעדער פאָרמע, פון יעדער רעגעל. מיט וואונדערבאַרער פערשטענדניס פון די צייטען און די פעלקער האָט ער בעגריפען די עכט פּאָעטישע שענקייט פון פרעמדע נאַציאָנען. אַלס בעווייז דערפון איז זיין בוך „שטימען דער פעלקער אין ליעדערן", ווי אויך די שפּאַנישע ראָמאַנצען פון „ציד".

דאָס גרעסטע און בעריהמטעסטע ווערק פון הערדער'ן איז „אידעען צור פילאָזאָפיע דער געשיכטע דער מענשהייט". זיינע שריפטען „איבער די אורגעשיכטע דער מענשהייט" קען מען בעטראַכטען נאָר אַלס פאָרשטודיום צו דיזען ווערק. אין דיזען ווערק צייגט ער אַרויס, דאָס זיין הערץ האָט געפיהלט פיעל מעהר ווי פּאַטריאָטיזם און נאַציאָנאַליטעט. אין איהם הערשט דער אידעאַל פון הומאַניטעט (מענשען־ליבע), וועלכער איז דער העכסטער צוועק פון דער מענשליכער נאַטור. מיט גרויס ענטהוזיאַזם און אין ריין פּאָעטישע בילדער און גרויסאַרטיגער שפּראַך שטעלט הערדער דאָס ריין מענשליכע פיעל העכער פון קריסטענטום און נאַציאָנאַליטעט. די הומאַניטעט איז דער העכסטער צוועק פון אַלע רעליגיאָנען. אַלע גלויבענס דאַרפען מאַכען פּלאַץ פיר די הומאַניטעט און אַליין צוריקטרעטען.

הערדער'ס גייסט האָט פיעל געווירקט אויף גאָטהע'ן, הגם זיין פּערזענליכקייט איז גאָטהע'ן געווען אָפּשטויסענד. יאָהאַן וואָלפּגאַנג גאָטהע איז איינער פון די גרעסטע דיכטער פון אַלע צייטען און פון אַלע נאַציאָנען. ער איז געבאָרען געוואָרען דעם 28טען אויגוסט 1749 אין פראַנקפורט אַם מיין. די לעבענס־אַרט פון זיינע עלטערן איז געווען דער גליקליכער מיטעל־וועג צווישען בירגערליכער איינפאַכקייט און אַריסטאָקראַטישען וואוילשטאַנד. גאָטהע'ס פאָטער איז געווען אַ פּריוואַט יוריספּרודענט. ער איז געווען קאַלט, ערנסט און פּעדאַנטיש, אָבער ער

האָט זיך אויך אויסגעצייכענט מיט זיין מוטיגקייט, וואהרהייטס־ליבע און א שטאַרקער ליבע צו בילדונג. אין הויז האָט ער ליב געהאַט גרויס אָרד־נונג און איז געווען שטרענג בעפעהלעריש. ער איז געווען א קאָנטראַסט פון זיין פרוי, וועלכע איז אימער געווען מונטער מיט א וואַרימען הארצען. דיזעביידע כאַראַקטערען פון זיינע עלטערן האָט גאָטהע איבערגענומען, ווי ער דריקט זיך אויס אין זיינעם א געדיכט:

„פאָם פאָטער האָב׳ איך די שטאַטור,
דעס לעבענס ערנסטעס פיהרען;
פאָם מיטטערכען די פראָה־נאַטור
אונד לוסט צום פאַבוליערען״.

די אויסגעצייכענטע ערציהונג, וועלכע גאָטהע האָט ערהאַלטען אין דעם הויז פון זיינע עלטערן, איז געווען א גוטער פונדאַמענט צו זיין ווייטערען שטודיום אין די אוניווערזיטעטען פון לייפּציג און שטראַססבורג. זיין פאָטער האָט איהם בעשטימט צו זיין א יוריסט. אָבער איהם איז עס געווען ניט זעהר געפעלען. ער האָט געפיהלט א בעזונדערע אָפּנייגונג פון לאָגיק און פילאָזאָפיע. די יוריסטען האָבען זיך איהם אויסגעוויזען לאַנג־וויילִיג און אונפּרוכטבאַר. אָבער דערפאַר האָט אויף איהם געמאַכט א טי־פען איינדרוק און ווירקונג זיין בעקאַנטשאַפט מיט הויך־געבילדעטע מענ־שען פון דער ליטעראַרישער וועלט. פון זיי האָט ער זיך דערוואוסט ווי וועניג ווערט עס האָבען אַלע זיינע ביזהעריגע פּאָעטישע פּראָדוקטען. ער האָט זיך דאַן גענומען צו דער רעאַליסטישער ליריק און האָט פון זיך אַליין, פון זיינע אייגענע געפיהלען פון פרייד און לייד, געשאַפען אַן ערהאַבענע לירישע פּאָעזיע.

איבערהויפּט האָט הערדער אין שטראַססבורג געוויזען גאָטהע׳ן דעם ריכטיגען וועג ווי צו פערשטעהן פּאָעזיע און ליטעראַטור. ער האָט איהם קלאָר געמאַכט וואָס עס איז אזוינס פאָלקס־פּאָעזיע, ער האָט איהם געעפענט די אויגען ווי צו פערשטעהן האָמער׳ס גרויסקייט, ער האָט איהם בעקאַנט געמאַכט מיט דעם קעלטישען דיכטער אָססיאַן׳ס לידער. דעריבער האָט גאָטהע שוין אין 1770 דערגרייכט א בעדייטענדע ענטוויקלונגס־שטופע. ער האָט זיך גענומען צו שטודירען שעקספּיר און די דייטשע פערגאַנגענהייט, און דאָס האָט אין איהם ענטוויקעלט די אידעע צו דראַמאַטיזירען דאָס לע־בען פון גאָטץ פון בערליכינגען, און פון דעם זיינען ביי איהם אין די גע־דאַנקען פערטיג געוואָרען די ערסטע שפּראָצונגען צו דער בעריהמטער דיכ־טונג „פאַוסט״.

נאָך דעם, ווי גאָטהע האָט בעקומען זיין טיטעל „דאָקטאָר דער יוריס-פּרודענץ", איז ער אַוועק צו דעם רייכסקאַמער־געריכט אין וועטצלאַר און איז דאָרט אַריינגעטרעטען אַלס פּראַקטיקאַנט. אין יענער צייט האָט גאָטהע פערעפענטליכט צוויי ווערק, וועלכע האָבען געלעגט דעם גרונדשטיין צו זיין גרויסקייט. דיזע ווערק זיינען די דראַמאַ „גאָטץ פון בערליכינגען" און „די ליידען פון דעם יונגען ווערטהער". די ווירקונג פון דיזע ביידע ווערק איז געוועזען אונגעוועהנליך. זיי האָבען איהם באַלד געגעבען דעם ערסטען פּלאַץ צווישען די דייטשע פּאָעטען און שריפטשטעלער. אין „גאָטץ פון בערליכינגען" שטעלט ער פאָר דעם שטאַרקען דראַנג פון דער נייער צייט צו געהן פאָרוועררטס, און אין „ווערטהער'ס ליידען" שילדערט ער דעם קאַמף צווישען דעם האַרצען און די ליידענשאַפטען, די געפיהלען פון האַרצען מיט דעם געזעלשאַפטס־צושטאַנד פון דער רעאַלער וועלט. מיט דיזע ווערק האָט גאָטהע מיט אַ גליקליכער האַנט געפּאַסט די שטימונג פון דער צייט. ער האָט אויסגעדריקט אין אַ לעבעדיגער פאָרמע וואָס עס האָט געפּייניגט זיינע צייט־גענאָסען און וואָס עס האָט זיי געפרעהט, וואָס זיי האָבען געליטען און וואָס זיי האָבען ערוואַרטעט. דער סטיל, אין וועלכען „ווערטהער'ס ליידען" איז געשריבען, האָט איבערגעטראָפען אַלעס, וואָס איז ביז איהם געשריבען געוואָרען אין דייטשער

דער הערצאָג קאַרל אויגוסט האָט איינגעלאַדען גאָטהע'ן צו זיין הויף אין ווייטאַר, און ער האָט איהם אַרויסגעצייגט זיין אמת'ע הייסע פריינד-שאַפט ביז'ן סוף פון זיין לעבען. דאָרט, אין וויימאַר, האָט גאָטהע געפיהרט אַ גליקליכעס רוהיגעס לעבען, אין טאַנץ, יאַגד, קאָמעדיען־שפּיל און ליבע. פון ערנסטער אַרבייט איז דאַמאָלס קיין רייד ניט געוועזען, אויסער איינינע גוטע לירישע גערדיכטען.

אָבער דיזער סאָרט לעבען האָט זיך איהם באַלד צוגעגעסען. ער האָט אָנגעהויבען פיהלען אַ בעדערפניס אומצוקעהרען זיך צו זיך זעלבסט, צו זיין זשעניע. גאָטהע האָט געקענט וואָס פיעלע אַנדערע געשיכטליכע פער-זענליכקייטען האָבען ניט געקענט. ער האָט געקענט לעבען פרעהליך אין דעם געדרענג פון דער געזעלשאַפט און אין דער זעלבער צייט שאַפען אַרום זיך אַ טיפע שטילקייט און איבערגעבען זיך צו זיין אינערער וועלט.

אָבער דאָך האָט גאָטהע געפונען פיר נעטיג אַרויסצורייסען זיך פון דעם ראַשיגען לעבען און האָט אונטערגענומען אַ רייזע נאָך איטאַליען (1786). דיזע רייזע האָט פערשאַפט זיין גייסט נייע קרעפטען. דאָ, אין איטאַליען, האָט ער געענדיגט זיין „עגמאָנט". די קלאָרע, האַרמאָנישע

שענהייט פון דער אַלטער קונסט האָט געגעבען זיין גייסט אַ העללענישען (אַלט־גריכישען) גלאַנץ. דער ריינסטער אויסדרוק פון דיזער נייער קונסט־אַנשויאונג איז זיין „איפגעניע", וועלכע איז ניט נאָר איינע פון זיינע בעסטע ווערק, נאָר אויך די עדעלסטע צירונג פון דער וועלט־ליטעראַטור. כמעט דאָס זעלבע קען מען זאָגען וועגען „טאָרקוואַטאָ טאַססאָ". אין דיזען ווערק



דענקמאָל פון גאָטהע און שיללער אין ווייִמאַר.

איז דער גלאַנץ פון דער שפּראַך גאָרניט נאָכצואהמען. אין דיזער דראַמאַ דריקט אוים דער פּאָעט אונגעוועהנליכע לעבענס־קלוגהייט. אין דיזען ווערק האָט גאָטהע אַריינגעטראָגען זיינע אינערסטע ערפאַהרונגען און זיינע גע־היימע געפיהלען. אויך די „רוימישע עלעגיען" איז די פרוכט פון זיין

רייזע דורך איטאַליען, ווי אויך די גייסטרייכע און זיננפולע „עפּיגראַממע אוים ווענעדיג".

די פערבינדונג, וואָס גאָטהע האָט געשלאָסען מיט שיללער'ן, האָט געהאַט אַ בעדייטענדע ווירקונג אויף דעם ערסטען. מען דערצעהלט, דאָס צווישען דיזע צוויי גרויסע פּאָעטען איז געשלאָסען געוואָרען אַ הערצליכע פריינדשאַפט. עס איז שווער צו גלויבען, דאָס צווישען אַזעלכע צוויי פערשיידענע נאַטורען זאָל קענען עקסיסטירען אַ הערצליכע פריינדשאַפט. גאָטהע איז געווען אַ וועלט־קלוגער מענש, העכער אין פערשטאַנד כמעט פון דער גאַנצער מענשהייט, און דאָך האָט ער געוואוסט צו האַרמאָנירען מיט אַלעמען, צו פרעהען זיך צוזאַמען מיט אַלעמען, אָבער ווען נעטיג זיך צוריקציהען אין זיין אינערע גרויסקייט. שיללער דאַגעגען איז געווען אַן אידעאַליסט, אונפּראַקטיש און אַ מאָראַליסט. אָבער ווי די זאַך זאָל ניט זיין, דורך זיין פערבינדונג מיט שיללער'ן, ווי גאָטהע זעלבסט האָט געזאָגט, האָט ער דערפיהלט אין זיין גייסט אַ נייעם פריהלינג, עס האָט אין איהם אַלעם איבער־אַ־נייס אָנגעהויבען צו שפּראָצען און צו בליהען און ארויסצוברייננגען נייע צווייגען.

אין זיין נייער שאַפונגס־קראַפט, וועלכע האָט זיך אין אַ ערוועקט נאָך זיין פערבינדונג מיט שיללער'ן, האָט ער ארויסגעגעבען זיין בעריהמטען ראָמאַן „ווילהעלם מייסטערס לעהריאַהרע". דיזעס ווערק האָט געלעזט אין דער דייטשער ליטעראַטור צום ערסטען מאָל און אויף אַ קלאַסישער אַרט די אויפגאַבע פון אַ ראָמאַן אַלס עפּאָס פון דער מאָדערנער צייט. צוזאַמען מיט שיללער'ן האָט גאָטהע געשליידערט די „קסעניען" (גאַסט־געשענקען) געגען אַלע פלאַכע קעפּ פון דער טעגליכער ליטעראַטור און האָט בעשאַפען אַ גאַנצע רייהע פון אויסגעצייכענטע באַלאַדען און ראָמאַנצען. אין דער זעלבער צייט האָט ער אויך פערפאַסט „הערמאַנן און דאָראָטהעא". דאָס איז אַ שילדערונג פון קליין־בירגערליכען לעבען פול מיט וואהרער מאָראַל אין אַלע האַנדלונגען פון די העלדען פון דעם ראָמאַן. דאָס ווערק איז אַזוי קונציג און אַזוי אינטערעסאַנט, דאָס מען האָט עס געשטעלט אין איין רייהע מיט האָמער'ס ווערק. אָבער די גאַנצע צייט פון זיין טעטיגקייט האָט ער פון זינען ניט ארויסגעלאָזען זיין ליבלינגס־ווערק „פאוסט". בעזונדערס האָט ער זיך צו איהם צוריקגעקעהרט אין דער לעצטער צייט. אין יאָהר 1808 איז ענדליך ערשינען דער ערסטער טייל פון דיזען בעריהמטען וועלט־ווערק. דאָס איז די גרעסטע פּאָעטישע שאַפונג פון דער דייטשער וועלט. אין דיזען ווערק האָט גאָטהע דערגרייכט זיין העכסטען פונקט פון גרויס-

קיים. די טראַגעדיע „פֿאוסט" בעהאַנדעלט ניט אַ געוויסע טרויעריגע ער־שיינונג אין מענשען'ס לעבען, נאָר זי שטעלט פֿאָר דעם טראַגישען אונלעז־באַרען ווידערשפּרוך, וואָס עקסיסטירט צווישען די אידעאַלע שטרעבונגען פֿון דעם מענשען און די בעגרענצונגען, וואָס די רעאַלע ווירקליכע וועלט שטעלט דעם מענשען אויף יעדען טריט און שריט, וואָס שטערען איהם צו דערגרייכען זיינע אידעאַלע שטרעבונגען. דיזע טיפֿע און ברייטע אידעע איז אויסגעדריקט אין אַ וואונדערבאַר שענער שפּראַך מיט אַן ערהאַבענער פֿאַנטאַזיע און מיט אַזאַ צויבער, דאָס קיין פֿיהלענדעם הערץ קען זיך ניט גענוג אָנזעטיגען מיט דיזען ווערק. זיין מייסטער־ווערק „פֿאוסט" האָט איהם פֿערשאַפֿט זעהר פֿיעלע פֿיינד. איבערהויפּט זיינען די גייסטליכע אַרויס געגען איהם מיט גרויס פֿייער און האָבען געפּרעדיגט אַ קרייץ־צוג געגען דעם היידע (אונגלויביגען), וועלכער האָט זיך ערלויבט אַזוי פֿרעך אַרויסצו־זאָגען זיין פֿאַלשע גלויבענס־לעהרע פֿון פֿאַנטהעאיזם (דאָס די גאַנצע נאַטור מיט דער גאָטהייט זיינען ענג צוזאַמענגעבונדען) און צו פֿערשפּאָטען דעם קריסטליכען קולטוס (געטליכען דינסט).

פֿון דיזער צייט אָן האָט זיך גאָטהע צוריקגעצויגען פֿון דער וועלט און האָט זיך איבערגעגעבן צו נאַטור־פֿאָרשונג און ליטעראַרישען שטודיום. אין יענער צייט זיינען פֿערפֿאַסט געוואָרען זיין „וועסט־אָסטליכער דיוואַן", „די וואהל־פֿערוואַנדטשאַפֿט", „ווילהעלם מייסטערס וואַנדעריאַהרע", „אויס מיינעם לעבען, וואַהרהייט אונד דיכטונג" און פֿיעלע אַנדערע ווערק. דעם 30טען יולי 1830 האָט גאָטהע געענדיגט דעם צווייטען טייל „פֿאוסט". וועגען דיזען טייל זיינען אויסגעשפּראָכען געוואָרען זעהר ווידערשטרייטענדע מיינונגען. עס ענטהאַלט אין זיך טיפֿע געדאַנקען וועגען דער וועלט, וועלכע זיינען אָפֿטמאָל זעהר שווער צו פֿאַסען און צו פֿערשטעהן גרינדליך. צוויי יאָהר שפּעטער איז ער געשטאָרבען. דאָס איז געווען דעם 22טען מערץ פֿון יאָהר 1832.

אַ גאַנץ אַנדער סאָרט פּאָעט איז געווען שיללער. ער איז געווען דער היפּוך פֿון גאָטהע'ן. יאָהאַן כריסטאָף פֿריעדריך שיל־לער איז געבאָרען געוואָרען דעם 10טען נאָוועמבער 1759 אין מאַרבאַך. ער איז ניט געבאָרען געוואָרען אין אַזאַ גליקליכען צושטאַנד ווי גאָטהע. אין זיין יוגענד האָט ער געליטען פֿון דעם דרוק פֿון פֿערהעלטניסען, וועלכע האָבען איהם ניט אַפּגעלאָזען זיין גאַנצען לעבען. אַ גרויסען טייל פֿון זיינע יאָהרען האָט ער געליטען פֿון פֿערשיידענע קראַנקהייטען. אין יאָהר 1773, ווען ער איז אַלט געוואָרען 14 יאָהר, איז ער אַריינגעטרעטען, אַלס אַ זוהן

פון אַן אָפיצער, אין די הערצאָגליכע קאַרלסשולע אין שטוטטגאַרט. דאָרט האָט ער פריהער געשטודירט יוריספּרודענץ און נאָכדעם מעדיצין. אָבער דיזע וויסענשאַפטען האָבען ניט צופרידען געשטעלט זיין גייסט און ער האָט זיך מיט דעם גאַנצען פייער פון זיין זעעלע איבערגעגעבען צום שטודיום פון ליטעראַטור, הגם זי איז דאַמאָלס געווען פערוועהרט. דאָס איז גע־ווען אַ צייט, ווען די מאַכט האָט געדריקט יעדע וואהרהייט, יעדען פרייען געדאַנק. דאַמאָלס האָט שיללער אויפגעשריבען זיין בעריהמטע דראַמאַ „די רויבער”. דאָס איז געווען אַ פּראָטעסט געגען די הערשענדע מיינונגען אין שטאַאַט און אין דער געזעלשאַפט.

שיללער איז דאַמאָלס, ווען ער האָט דיזע דראַמאַ געשריבען, אַלט גע־ווען 19 יאָהר. דיזע דראַמאַ איז געשטעלט געוואָרען צום ערסטען מאָל אויף דער ביהנע אין מאַנהיים, וואו זי האָט געהאַט אַ גרויסען בייפאַל. שיללער איז דאַמאָלס געווען אַ דאָקטאָר אין דער אַרמעע. ווען ער האָט געזעהען, ווי זיין דראַמאַ האָט אויסגענומען ביים פּובליקום, האָט ער זיך ענטזאַגט פון זיין שטעלע אַלס דאָקטאָר און האָט זיך איבערגעגעבען צו ליטעראַטור. ער איז ענטלאָפען פון רעגימענט ביי נאַכט, ווייל ער האָט מורא געהאַט, דאָס דער הערצאָג זאָל איהם ניט בעשטראָפען פיר זיין פער־לאָזען דעם מיליטער־דינסט, און האָט לאַנג געבלאָנדזעט אין דער רהיין־געגענד, ביז ענדליך אַ פרוי פון וואָלצאָגען אין בויערבאַך האָט איהם אויפ־גענומען גאַסטפריינדליך ביי זיך אין הויז. אין דיזער צייט האָט ער פער־פאַסט זיין טראַגעדיע „פיעסקאָ”. דיזע טראַגעדיע איז אָבער ניט גוט אויפ־גענומען געוואָרען פון פּובליקום, און זיין האָפנונג צו ערנעהרען זיך עהר־ליך פון ליטעראַטור איז צושטערט געוואָרען. אין דיזער טראַגעדיע הערשט איבערהויפּט דער גייסט פון פּאָליטישער פרייהייט, וועלכען דער אַמעריקאַ־נישער בירגער־קריג האָט פערברייטעט אין דער וועלט, און דער דיכטער האָט דיזע געדאַנקען פון אונאָפּהענגיגקייט אויפגענומען מיט גרויס ענטהו־זיאַזם און פייער.

אין דער צייט, וואָס ער האָט געלעבט אין בויערבאַך, האָט ער פערפאַסט זיין דראַמאַ „קאַבאַלע (אינטריגע) אונד ליעבע”. הגם דאָס לעזע־פּובליקום האָט אָנערקענט זיין דראַמאַטישען טאַלאַנט, דאָך האָט דיזע דראַמאַ ניט גע־האַט קיין ערפאָלג צוליב די איבערטרייבונגען, וואָס זי ענטהאַלט אין זיך. באַלד נאָכדעם איז שיללער גערופען געוואָרען אין ווייאַר אַלס טהעאַטער־דיכטער פיר אַ געהאַלט פון 200 טהאַלער. ער האָט אָבער דיזע שטעלע

באַלד אויפגעגעבען און איז אַוועק נאָך זאַקסען, וואוהין מען האָט איהם איינגעלאַדען.

אין דיזען אָרט האָט ער געלעבט גליקליכע טעג. די זאָרגען פון אָרים־קייט האָט ער דאָ אַראָפּגעוואָרפען פון זיך, און דאָס האָט זיך געלאָזט הערען אין די מילדערע טענער פון זיין פּאָעזיע. דאָ האָט ער געענדיגט „דאָן קאַר־לאָס", אין וועלכען עס זיגט די הומאַניטעט, אין וועלכען דער עכט־שיללע־רישער טיפּ, מאַרקיז פּאָזא, רעדט אָפען, מיט גרויס פייער פיר פרייהייט און וועלט־בירגערטום געגען דעם הערשענדען דעספּאָטיזם.

נאָכדעם האָט זיך שיללער גענומען צו שטודירען געשיכטע און פילאָ־זאָפיע, און האָט דאַן ענטוויקעלט אין זיך אַ פילאָזאָפיש־עסטהעטישע וועלט־אַנשויאונג. די פרוכט פון דיזען שטודיום איז געווען „די געשיכטע דעם אבבפאַללס דער ניעדערלאַנדע". אין דיזען ווערק זעהען זיך אַרויס זיינע הויכע געזינונגען און זיין בעגייסטערונג פיר דעם קאַמף פיר פרייהייט און רעכט געגען דעספּאָטיזם. דיזעס ווערק האָט געהאַט אויף זיין צייט אַן אונגעהייערע ווירקונג און איז געוואָרען אַזוי אָנערקענט, דאָס מען האָט איהם איינגעלאַדען אַלס פּראָפּעסאָר פון געשיכטע אין דעם אוניווערזיטעט פון יענאַ. באַלד נאָכדעם איז אויך ערשינען זיין „געשיכטע דעם דרייססיג־יעה־ריגען קריעגעס", וועלכע איז אויך אָנגענומען געוואָרען מיט גרויס בייפאַל פיר די וואַרימע און קונסטפולע פאַרשטעלונג, מיט וועלכער זי צייכענט זיך אויס.

אויסער געשיכטע האָט זיך שיללער ערנסט בעשעפטיגט מיט פילאָ־זאָפיע. ער איז געווען אַ שטאַרקער אָנהענגער פון קאַנט'ן, און ער האָט ענטוויקעלט פון זיין פילאָזאָפיע אַ גאַנצע רייהע פון עסטהעטישע בעטראַכ־טונגען, וועלכע האָבען איבערטראָפען זאָגאַר קאַנט'ן זעלבסט. אָבער וויכ־טיגער פון זיינע עסטהעטישע אַרטיקלען זיינען זיינע פילאָזאָפישע געדיכטען, אין וועלכע ער איז דער גרעסטער מייסטער. דיזע געדיכטען צייכנען זיך אויס מיט דער לעבעדיגקייט פון זייער דאַרשטעלונג, מיט דעם קלאַנג און גלאַנץ פון דער שפּראַך, מיט דער שטאַרקקייט און טיפקייט פון געפיהל און מיט דער הויכקייט פון די געדאַנקען. אין יעדען פערז פון דיזע פילאָזאָפישע געדיכטען שיינט אַרויס שיללער'ס זעעלע, וועלכע שטרעבט צו געהן פאָר־ווערטס אין דער אונבעקאַנטער ווייטקייט, אָבער זי בעגעגענט אין איהר שטרעבען איבעראַל הינדערנים דורך קליינליכע פערהעלטניסען, וועלכע מאַ־כען איהר ענג דעם וועג.

צו ענדע פון 18טען יאָהרהונדערט האָט זיך שיללער ווידער גענומען צו דער דראַמאַ, אין וועלכער ער האָט אימער געפונען זיין גרעסטען אינטע-רעס, צו וועלכער זיין זעעלע איז געווען הויפּטזעכליך גענייגט. זיין היס-טאָרישע ארבייט האָט איהם געגעבען דעם וואהרען בעגריף פון דעם כאַ-ראַקטער און גייסט פון וואללענשטיין, און דאָס האָט ארויסגעבראַכט זיין בעריהמטע טרילאָגיע (ד. ה., דראַמאַ, וואָס בעשטעהט פון דריי שטיקער). די דראַמאַ „וואללענשטיין" איז די הויפּט-שאַפונג פון שיללער'ס קונסט. מיט גרויס ערפאָלג שטעלט דער דיכטער פאָר אין דיזער דראַמאַ א נאַציאָ-נאַלען העלד פון דער נייער געשיכטע, וועלכער קעמפט געגען יחוס און געגען הערשער, וואָס האָבען ניט קיין רעכט און קיין פעהיגקייט צו הערשען, און הערשען נאָר צוליב דעם זכות פון זייערע אבות, און ווי דיזער נאַציאָ-נאַלער העלד איז טראַגיש געפאַלען. נאָך דער דראַמאַ „וואללענשטיין" האָט שיללער ארויסגעגעבען זיינע ראָמאַנטישע טראַגעדיעס „מאַריא סטואַרט", „די יונגפרוי פון אָרלעאַנס", „די ברויט פון מעססינאַ" און „ווילהעלם טעלל". די לעצטע טראַגעדיע זיינע איז געווען „ווילהעלם טעלל". ווי שיללער האָט אָנגעהויבען זיין דיכטערישע קאַריערע אַלס בעגייסטערטער אָנזאָגער פון פרייהייט און מענשען-רעכט, אזוי האָט ער זי געענדיגט אין זיין „ווילהעלם טעלל". „ווילהעלם טעלל" וועט פערבלייבען אויף אימער דער ליבלינג פון דער נאַאיווער און ענטהוזיאַסטישער יוגענד. פון דיזער דראַמאַ וועלען די יונגע דורות נאָך לאַנג, לאַנג שעפּען די עדעלסטע בעגייס-טערונג פיר די העכסטע גיטער פון דער מענשהייט.

אין עסטהעטישער הינזיכט זיינען די מיינונגען איבער שיללער'ס ווערק זעהר פערשיידען. שיללער האָט געהאַט זעהר פיעלע פיינד, וועלכע האָבען שטאַרק געטאַדעלט זיינע ווערק. אָבער זאָגאַר זיינע פריינד און פערעהרער גיבען צו, דאָס אין זיינע דראַמאַס פעהלט די אינערע לעבענס-וואהרהייט. אַלע פערזאָנען זיינען אידעאַליסטישע בילדער, וועלכע שטעלען פאָר דיזע אָדער יענע אידעע. איבערהויפּט איז עס צו בעמערקען אין זיינע פרויען-געשטאַלטען. מען האָט בעהויפּטעט, און מיט רעכט, דאָס שיללער האָט נאָך ניט געשאַפען קיין איין איינציגע וואהרע פרויען-געשטאַלט. זיי זיינען נאָר שאָטענהאַפטע פיגורען. עס איז אויך ריכטיג וואָס די קריטיקער זאָגען, דאָס זעהר אָפט טרעפט מען אין שיללער'ס ווערק געדאַנקען, וועלכע זיינען אין גאַנצען פאַלש אָדער זיינען נאָר האַלב אמת, ווערהענד גאָטהע'ס גע-דאַנקען זיינען א רייכער אוצר פון ערפאַהרונג און פון ווירקליכען לעבען. דיזעס איז די אורזאַך, וואָרום נאַטור-וויסענשאַפטליכע הויך-געבילדעטע מע-

נער האָבען קיינמאָל ניט ציטירט שיללער'ן, וועהרענד אַלע ציטירען גאָטהע'ן. שיללער'ן ציטירען נאָר מענשען מיט וועניג לעבענס-ערפאַהרונג, אָהן ריכטיגער מענשען-קענטניס.

אָבער עס זיינען אויך פאַראַן זעהר טיכטיגע קריטיקער און דענקער, וועלכע שטעלען שיללער'ן זעהר הויך, ווי צום ביישפּיל פ. א. לאַנגע. און באמת, ווען מיר זאָלען בעטראַכטען דעם מענשען ווי ער איז אין דער ווירקליכקייט, וועלען מיר באַלד קומען צו דער איבערצייגונג, דאָס עס פעהלט איהם זעהר פיעל צו זיין פאָלקאָמען, ער מוז זיך צופּוצען, פערפיינערן זיך, אום ער זאָל זיין אַן ערהאַבענעס וועזען; ער מוז זיך שאַפען אַן אידעאַל, צו וועלכען ער זאָל שטרעבען. אין שיללער'ס ווערק צייגט ער דעם מענשען דעם אידעאַל, צו וועלכען ער זאָל זיך ערהייבען. זיינע דיכטונגען ערהייבען דעם מענשען צו די ריינע קוועלען, פון וועלכע עס שטראָמען די אַלע זאַכען, וואָס דער מענש האָט אימער גערעכענט פיר הייליג און ערהאַבען. אין דיזער הינזיכט האָבען שיללער'ס ווערק אַן אונענדליך גרויסען ווערט. און באמת זעהען מיר, דאָס שיללער האָט געהאַט מיט זיינע ליטעראַרישע שריפטען אַן אונגעהייערען איינפלוס אויף זיינע לעזער. שערר בעהויפּטעט, דאָס זינט האָמער'ן האָט נאָך קיין דיכטער ניט געהאַט אַזאַ גרויסען איינפלוס אויף די מענשליכע געזעלשאַפט ווי שיללער האָט געהאַט. זיין הונדערט-יעהריגער געדענק-טאָג איז געפייערט געוואָרען אין דייטשלאַנד, ווי אויך אין אַנדערע ציוויליזירטע לענדער, מיט אַזאַ ענטהוזיאַזם און אַזוי גרויסאַרטיג, ווי קיין אַנדערער יום-טוב צום אָנדענקען פון אַ דיכטער.

שיללער האָט אָנגעהויבען צו שרייבען אַ דראַמאַ „דעמעטריוס", אָבער דער טויט האָט איהם פערכאַפּט איידער ער האָט דיזע ווערק געענדיגט. דער טויט האָט איהם פערכאַפּט איידער ער האָט דיזעס ווערק געענדיגט. ער איז געשטאָרבען דעם 9טען מאַי 1805. דער דרוק פון אויסערע אומשטענדען און דער פייער פון זיינע אינערליכע אידעאַלען האָבען פערצעהרט זיינע קרעפטען און ער איז אַוועק פון דער וועלט פאַר דער צייט.

אַ צייט-גענאָסע פון גאָטהע און שיללער איז געוועזען יאָהאַן פּאַול פריעדריך ריכטער, וועלכער איז בעקאַנט אונטער דעם נאָמען זשאַן פּאַול. דיזער האָט געלעבט פון 1763 ביז 1825. הגם ער האָט געהאַט אַ זעהר טרויעריגע יוגענד-צייט, דאָך האָט ער געהאַט אַ זעהר רוהיגען כאַראַקטער און האָט ניט געפיהלט די ביטערע שמערצען פון דער וועלט. זיינע ווערק זיינען פול מיט הומאָר, און זיי האָבען געהאַט אַן אויסערגעוועהנליכען בייפאַל פון דעם לעזענדען פּובליקום, און דאָס האָט איהם פער-

לייכטערט די זאָרגען פון זיין עקסיסטענץ. איבעראַל איז צו בעמערקען אין זיינע ווערק אַ שטרעבונג צו ברייננען די שמערצען פון דער וועלט אין הינ־טערגרונד. דאָך האָט ער געהאַט לעזער נאָר אין זיין צייט. יעצט לעזט איהם קיינער ניט און ער איז נאָר בעקאַנט מיט׳ן נאָמען.

וועגען דער פּאָעטישער ליטעראַטור פון אַנדערע אייראָפּעאישע לענדער אין יענער צייט איז ווייניג פּאַראַן צו זאָגען. אין איטאַליען האָבען די גרויסע קלאַסיקער שוין לאַנג געבראַכט די פאָרמע פון פערזען און די שפּראַך צו אַ זעהר הויכער שטופע. אָבער דער איטאַליענישער פאָלקס־גייסט איז שטאַרק געזונקען. די איטאַליענישע נאַציאָן האָט זיך דאַמאָלס געפונען אונטער אַ זעהר שטאַרקען דרוק. דאָס לאַנד איז געווען צוריסען, און די שפּאַנישע הערשאַפט האָט פערניכטעט יעדען וואונש פון פרייהייט. אויך דאָס פּאַפּסטטום, וועלכעס האָט יאָהרענלאַנג בעשיצט קונסט, ליטעראַטור און וויסענשאַפט, האָט זיך דאַמאָלס גענומען צו די גרויסע גייסטער און האָט זיי בעהאַנדעלט זעהר האַרט. מען האָט זיי אונטערגעוואָרפען אונטער׳ן חרם, פיעלע זיינען פערפאַלען געוואָרען אין די געפענגניסען און נאָך מעהר האָט פערניכטעט די אינקוויזיציאָן, ווייל דאַן איז עס געווען פיר דאָס פּאַפּסט־טום אַ קאַמף פיר זיין עקסיסטענץ, פיר ערהאַלטען זיין הערשאַפט.

פון די שריפטשטעלער פון יענער צייט אין איטאַליען, וועלכע האָבען וועלכען עס איז ליטעראַרישען ווערט, קענען זעהר ווייניג דערמאָהנט ווערען. אַלס טיפּ פון דיזער פעריאָדע קען פערצייכענט ווערען מ א ר י נ י (1569—1625). זיינע לידער זיינען געווען זעהר בעליבט ביים פּובליקום פון יענער צייט, הגם זיי האָבען ניש געהאַט דעם ווערט פון עכטער פּאָעזיע. זיי זיינען אָבער געווען צוגעפּאַסט צום געשמאַק פון יענער צייט, מיט זייער אויסדריי־קען די ווינשען פון דער נידריגער מענשליכער נאַטור. פון די דיכטער פון דער פאָלגענדער צייט איז נאָר בעקאַנט ק אַ ר ל אָ ג אָ ל ד אָ נ י (1707—1793). דיזער שריפטשטעלער האָט געשריבען אונטער דעם איינפלוס פון דעם בעריהמטען פראַנצויזישען שרייבער מאָליער. ער האָט אויך געמאַכט פיר דעם מיטעלפּונקט פון זיינע לוסט־שפּילען דעם כאַראַקטער. און הגם ער איז געווען פיעל אונטער מאָליער אין גייסט און וויסען, איז איהם דאָך געלונגען צו שאַפען אין איטאַליעניש אַ פאָלקסטימליכען כאַראַקטער־לוסט־שפּיל. זיינע ווערק זיינען געוואָרען איבערגעזעצט כמעט אין אַלע שפּראַכען. דער גרינדער פון דער מאָדערנער איטאַליענישער טראַגעדיע איז ו ו י ט־ט אָ ר י אָ ג ר אַ ף פ ו ן אַ ל פ י ע ר י (1749—1813). דער הויפּט־עלעמענט פון זיינע ווערק איז די פרייהייט און איינהייט פון זיין פאָטער-

לאַנד, איטאַליען. זעהר אָפט טרעט אין זיינע ווערק דאָס דיכטערישע אין הינטערגרונד און אין פאָרדערגרונד טרעט אַרויס דער פּאַטריאָטישער גע־פיהל. ער האָט ניט געהאַלטען פון צופּוצען זיינע ווערק מיט בילדער, און די כאַראַקטערען זיינע בעצייכענט מיט זעהר גראָבע שטריכען. ער מאָלט ניט קיין ווייכע געפיהלען. אין אַלגעמיין הערשט אין אַלע זיינע ווערק אַ פינסטערער גייסט פון אונצופרידענהייט.

כמעט דאָס זעלבע קען מען זאָגען וועגען דער שפּאַנישער ליטעראַטור פון יענער צייט. די שטאַאַטען פון דער פּירענאָאישער האַלב־אינזעל זיי־נען געוועזען אַזוי געפאַלען און געזונקען גייסטיג, דאָס עס איז געוועזען אונמעג־ליך צו ערוואַרטען פון זיי עטוואָס וויכטיגעס און ערהאַבענעס אין דער פּאָ־עזיע. לויט דעם וואונש פון קאַרל דעם 2טען איז אין יאָהר 1680 איינגע־פיהרט געוואָרען אין מאַדריד אַן „אוטאָ־דאַ־פע", דאָס הייסט, די פערברע־נונג פון אונגלויביגע אויף שייטער־הויפענס, — אַן איינריכטונג, וואָס בלייבט אַן אייביגער שאַנד־פלעק אויף דעם שפּאַנישען פאָלק. די שייטער־הויפענס האָבען געברענט פון 7 אוהר אין דער פריה ביז 9 אוהר מאָרגענס פון דעם נעכסטען טאָג. דאָס פאָלק איז געוואָרען אַזוי ווייט ווילד און אַזוי ווייט פערבלענדעט, דאָס די אַרבייטער פון מאַדריד פלעגען מיט גרויס ענ־טהוזיאַזם אויפשטעלען די שייטער־הויפענס און זינגען דערביי פרומע היי־ליגע הימנעס. ניט ווייניגער פון 14 שטונדען איז קאַרל דער 2טער געזעסען מיט זיין פרוי אויף אַ הויכען באַלקאָן און האָט צוגעזעהען דעם שוישפּיל און האָט אַליין מיט זיין אייגענער האַנט אונטערגעצונדען דעם שייטער־הוי־פען. צוזאַמען מיט איהם האָבען זיך פיעלע פון די גרעסטע מענער אין שפּאַניען איבערגעגעבען צו דינען דער הייליגער אינקוויזיציאָן. צו דיזער ווילדער שטופע איז געקומען די רעליגיאָן פון ליבע אין שפּאַניען.

די זעלבשטענדיגקייט פון דעם אַלטען קאַסטיליאַנישען גייסט איז גע־בראָכען געוואָרען אונטער דער קנוטע פון דער הערשאַפט פון די גייסטליכע און אונטער דער דעספּאָטיע פון די שפּאַנישע וועלטליכע הערשער. קיין פונק פון אייגענעם, אָריגינעלען גייסט איז ניט צו בעמערקען אין דער שפּאַ־נישער ליטעראַטור פון יענער צייט. אַלעס, וואָס עס איז דאָרט געשאַפען געוואָרען אויף דעם געביט פון ליטעראַטור, איז געוועזען אונטער דעם איינ־פלוס פון פראַנקרייך. מיר קענען ניט אָנצייגען אויף איין בעריהמטען דיכ־טער אין שפּאַניען צו יענער צייט. נאָר איין סאַטירישער ראָמאַן מיט'ן נאָ־מען „די געשיכטע פון דעם בעריהמטען פּרעדיגער קאַמפּאַצאַס", פערפאַסט פון דעם יעזואיט ח אָ ס ע פ ר אַ נ צ י ס ק אָ ד ע א י ס ל אַ

(1703—1781), איז ווערט דערמאָהנט צו ווערען. דיזער ראָמאַן האָט גע-האט א גרויסען ערפאָלג, און צוליב זיין אויסגעצייכענטען וויץ איז ער נאָך אין אונזער צייט אָנערקענט אלס דאָס בעסטע פאָלקסטימליכע ליטעראַרישע ווערק פון דעם 18טען יאָהרהונדערט.

נאָך לודוויג דעם 14טען האָט די שענע ליטעראַטור אין פראַנקרייך קיין וויכטיגעס ניט ארויסגעבראַכט. אָבער דערפאַר איז דאַן אין פראַנק-רייך געשאַפען געוואָרען א ליטעראַטור מיט יענער רעוואָלוציאָנערער שטי-מונג, וועלכע איז אין 1789 געוואָרען א רעוואָלוציאָנערע טאַט. אָבער איי-דער מיר וועלען אויספיהרליך בעהאַנדלען דיזע אַרט ליטעראַטור מוזען מיר פריהער בעקאַנט מאַכען דעם לעזער מיט דער ענגלישער אויפקלערונגס־לי-טעראַטור, ווייל זי האָט געהאַט א גרויסען איינפלוס אויף די פראַנצויזישע שריפטשטעלער פון יענער שטירמישער צייט.

די פוריטאַנישע רעוואָלוציאָן אין ענגלאַנד האָ- געמאַכט א וועג פיר דאָס בירגערטום דערמיט, וואָס זי האָט אונטערגעגראָבען דעם אבסאָלוטיזם, די אליינהערשאַפט פון די קעניגען. פון דאַמאָלס אָן האָט זיך ענטוויקעלט אין ענגלאַנד די ראַדיקאַלע אידעע, דאָס די אַלע גיטער, וואָס די קירכע און דער אַדעל האָבען זיך ערוואָרבען, זיינען איינפאַך רויב און אונגעזעצליך, און דאָס עס איז ניט קיין פערברעכען צו געברויכען געוואַלט אום דיזע אָפּ-צונעהמען פון זיי. די פּרעטענזיע פון די פּוריטאַנער צו דער קירכע איז געווען איבערהויפּט, וואָס זי האָט געהאָלפען דעם אבסאָלוטיזם צו דריקען דאָס פאָלק. אָבער בעזיגען די קירכע האָט מען לויט די בעגריפען פון יע-נער צייט נאָר געקענט מיט טהעאָלאָגישע וואַפען, און דעריבער האָט דער קאַמף מיט דער קירכע געמוזט געפיהרט ווערען נאָר אויף דעם באָדען פון טהעאָלאָגיע און פילאָזאָפיע.

די רעליגיאָן פון אָפענבאַרונג (גלוי שכינה) האָט געמוזט אָפּטרעטען און מאַכען פּלאַץ פיר דעם גלויבען פון פערנונפט. די זיטען־לעהרע האָט פער-לאָרען איהר רעליגיעזען פונדאַמענט, און איז בעגרינדעט געוואָרען אויף די פּרינציפּען פון גערעכטיגקייט און מענשליכקייט. עס איז דאַמאָלס ענט-שטאַנען א גרויסער קאַמף געגען הערשאַפט און קנעכטשאַפט, געגען אונגע-רעכטיגקייטען, וועלכע זיינען מיט דער צייט פערהייליגט געוואָרען צוליב זייער אַלטקייט. אַלעס האָט געמוזט אונטערגעוואָרפען ווערען אונטער דער פייער־פּראָבע פון דער קריטיק און פערשטאַנד, און דאָס, וואָס האָט ניט אויסגעהאַלטען דעם אורטייל פון געזונדען פערשטאַנד, איז שטאַרק בעקעמפט געוואָרען.

דעם הויפט־פונדאמענט צו דיזער אויפקלערונגס־פעריאָדע האָט געלעגט דזשאָהן לאָקקע. ער זעלבסט איז געווען אַ גלויביגער קריסט. זיין פילאָזאָפיע אָבער איז אַנטי־קירכליך. לויט זיין פילאָזאָפיע איז אַלעס, וואָס דער מענש ווייס און ערקענט, נאָר דער רעזולטאַט פון די איינדריקען, וואָס די אויסערליכע וועלט מאַכט אויף זיינע חושים. דיזע אויסערליכע און אינערליכע ערפאַהרונגען זיינען דער פונדאַמענט פון מענשליכען דענקען און וויסען. מיט דיזער אידעע האָט ער צוגענומען דעם באָדען פון אונטער די פיס פון דער טהעאָלאָגיע און זי איז געבליבען הענגען אין דער לופט.

די בעוועגונג, וועלכע לאָקקע האָט אַרויסגערופען, איז געווען אונטער־שטיצט פון אַ גאַנצער רייהע וויכטיגע שריפטשטעלער, וועלכע האָבען גע־האָלפען צו פערברייטען זיינע פריידענקערישע אַזוי־גענאַנטע דעאיסטישע אידעען. דער קירכען־גלויבען איז שטאַרק אָנגעגריפען געוואָרען; איבער־הויפט איז געוואָרען שטאַרק אָנגעגריפען די לעהרע פון דער דריי־איינינגקייט פון גאָט (אמונת השלוש). די הויפט־פיהרער פון דיזע ליטעראַטען זיינען געווען גראַף פון שאַפטעסבורי (1670—1713) און לאָרד באָלינגבראָקע (1672—1751). וועגען דיזען לאָרד זאָגט וואָלטעיר, דאָס ער האָט אין זיך פעראייניגט די קענטנים פון אַן ענגלענדער מיט דער פרייהייט און דעם וויץ פון אַ פראַנצויז. ער האָט געזעהען אין דער רעליגיאָן ניט מעהר ווי אַ בעטרוג פון פריסטער אום צו דערגרייכען דורך איהר פּאָ־ליטישע צוועקען פיר די רעגירונג און היעראַרכישע (פּריסטערליכע) צוועקען פיר די קירכע.

אויף די שולטערן פון באָלינגבראָקע שטעהען די פראַנצויזיש־געביל־דעטע געלעהרטע גיבבאָן און היומע (יום), וועלכע זיינען געווען איניג פערבונדען מיט וואָלטעיר און די גייסטרייכע קרייזען אין פּאַריז.ביידע זיינען געווען געשיכטע־שרייבער. גיבבאָן האָט געשריבען איבער דעם אונטערגאַנג פון דער רוימישער אימפּעריע, און היומע האָט געשריבען איבער ענגלאַנד. ביידע זיינען געווען גרויסע אָנהענגער פון פרייהייט און אויסגעשפּראָכענע געגנער פון דעם היסטאָרישען קריסטענטום. היומע'ס פּרינציפּען זיינען ערסט שפּעטער אָנערקענט געוואָרען. ער האָט געלעהרט, דאָס דער מענש האָט ניט קיין פרייען ווילען, און דאָס, וואָס ער טוט, טוט ער ניט ווייל ער וויל עס טאָן, נאָר ער איז געצוואונגען פון דער אַבסאָלוטער נויטווענדיגקייט עס צו טאָן. היומע האָט אויך בעשטריטען די בעווייזען וועגען דער עקסיסטענץ פון גאָט און וועגען דער אונשטערבליכקייט פון דער

זעעלע. דאָס האָט איבערהויפּט אַרויסגערופען אַ גרויסען שטורם צווישען די טהעאָלאָגען.

איבערהויפּט איז היומע געווען אַן אונערשעפּליכער שאַץ פון וויסען און דענקען. ער איז דער פאָטער פון קאַנט׳ס ענטדעקונג, דאָס צייט, רוים און אורזאַך זיינען נאָר פאָרמעס פון אונזער ערקענטניס־פעהיגקייט אָדער געהירן־טעטיגקייט. היומע האָט אויך געלעהרט פיעלע וויכטיגע זאַכען אין דער נאַציאָנאַל־עקאָנאָמיע. ער האָט געלעהרט, דאָס רענט פון באָדען, אַרבייטס־לוין און קאַפּיטאַל־געווין קאָנטראָלירען ניט די פּרייזען, ווי אַדאַם סמיטה בעווייזט, און דיזע זיינע געדאַנקען וועגען דיזען געגענשטאַנד האָבען געפיהרט צו דער נייער טהעאָריע פון רענט, וועלכע ריקאַרדאָ האָט געגרינדעט.

די רעזולטאַטען, צו וועלכע די ענגלישע דענקער זיינען געקומען, זיינען נאָך עד היום פּרינציפּען, וועלכע די גרויסע דענקער פון דער נייער צייט האַלטען זיך אָן זיי. אָבער לײדער, דאָס וואָס זיי האָבען נאָך דאַמאָלס ערפאָרשט, איז נאָך עד היום ניט געוואָרען אָנערקענט פון אַלע דענקער און פאָרשער. מעהר פון פיער דורות זיינען צושטאָרבען זינט היומע האָט געלעהרט זיינע פּרינציפּען; עס איז געווען אַ צייט פון געוואַלטיגען קאַמף, פון וואונדערבאַרען פאָרטשריט אין די נאַטור־וויסענשאַפטען, אין דער טעכניק. אָבער, ניט אַכטענדיג אויף אַלע פאָרטשריטען, עקסיסטירען נאָך יעצט די אַלע פאָראורטיילען, מיט וועלכע די אויפקלערונג האָט דאַמאָלס געקעמפט. עס איז קלאָר, דאָס דער אַבערגלויבען וועט נאָך עקסיסטירען יאָהרהונדערטער. אין ענגלאַנד און אין פיעלע אַנדערע לענדער האָט זיך שוין אָנגעפאַנגען די הערשאַפט פון דער דעמאָקראַטיע (פון פאָלק), און עס שיינט, דאָס קיין זאַך וועט ניט שטערען איהר ענטוויקלונג, און דאָך לעבט נאָך אַלעס ווי פריהער, אַלעס, וואָס די אויפקלערונג האָט שוין לאַנג בעדאַרפט אַרויסוואַרפען.

די פראַנצויזישע ליטעראַטור שטעהט אין אַ זעהר ענגער פערבינדונג מיט דער ענגלישער. מען זאָל אָבער ניט האָבען אַ טעות צו דענקען, דאָס די פראַנצויזישע האָט צוריק געווירקט אויף די ענגלישע. די פראַנצויזישע ליטעראַטור פון 18טען יאָהרהונדערט איז איבערהויפּט אַן אָפּאָזיציאָן געגען די דאָגמאַס (די עקרי הדת) פון דער קירכע און איהרע צושטענדען, און אויך געגען די צושטענדען פון שטאַאַט. די שטרעבונג פון די שריפטשטעלער פון יענער צייט איז געווען — אַלגעמיינע פאָלקס־בילדונג און די ענדערונג פון פּאָליטישע, קירכליכע און סאָציאַלע פערהעלטניסען. דער קאַמף

געגען דער פערפוילטער געזעלשאַפט איז געוואָרען מעהר און מעהר העפטיג און ערביטערט. איבערהויפּט איז דאָס פאָלק געוואָרען שרעקליך אויפגערייצט אויף דעם אַדעל, ווען דיזער האָט אַראָפּגעוואָרפען פון זיך יעדען שאָטען פון בושה, יעדע שפּור פון אַנשטענדיגקייט. דער קעניגליכער הויף האָט ניט געוואוסט פון קיין שאַנדע, מעטרעסעס (קעבס־פרויען) זיינען געווען די פיהרערינס און האָבען געדריקט דאָס אויסגעזויגטע פאָלק. יעדער ווידערשטאַנד געגען דער רעגירונג האָט ערוועקט נאָר אַן אַלגעמיינע פרייד. קורץ, די רעגירונג איז געשטאַנען אויף אַ ווולקאַן, די רעוואָלוציאָנערע אידעען האָבען איבערשווענט די געזעלשאַפט.

איינער פון די ערסטע רופער צום שטרייט איז געווען דער באַראָן דע מאָנטעסקיע (1755—1689). זיינע „פּערסישע בריף" האָבען



מאָנטעסקיע.

געהאַט אַ ריזיגען איינפלוס אויף זיין צייט. דיזע בריף זיינען אַ גלענצענדע סאַטירע אויף די פערהעלטניסען פון דער קירכע און פון דעם שטאַאַט אין פראַנקרייך. מיט וואונדערבאַרען מוט איז מאָנטעסקיע אַרויס געגען דער קירכע און דעם שטאַאַט און האָט רעקאָמענדירט אַ רעפּובליקאַנישע פאָרמע פון רעגירונג. אָבער נאָך מעהר און גרעסער איז געווען דער ערפאָלג פון זיין ווערק „איבער די אורזאַכען פון דער גרויסקייט פון רוים און פון זיין פאַל". דאָ רעקאָמענדירט ער זעהר געשיקט קאָנסטיטוציאָנעלע אידעען, וועלכע ער האָט אָנגעזאַמעלט אין ענגלאַנד אין די צוויי יאָהר, וואָס ער איז דאָרט געזעסען. די זעלבע אידעען פילען אָן זיין בעריהמטעס ווערק „דער גייסט פון די געזעצען".

דער הויפּט פון די אויפקלערונגס־ליטעראַטען אין יענער צייט איז געווען פראַנסואַ מאַריע אַרועט, וועלכער איז בעוואוסט אונטער'ן נאָמען וואָלטעיר (געב. 21טען נאָוועמבער 1694, געשט. 30טען מאַי 1778). קיין שריפטשטעלער האָט ניט געהאַט אַזאַ גרויסען איינפלוס אין זיין צייט ווי וואָלטעיר. זיין גלענצענדע פעדער האָט ניט געהאַט צו זיך קיין גלייכען. וואָלטעיר איז געווען זעהר פיעלזייטיג געבילדעט, און האָט מיט גרויס גייסט און ליידענשאַפטליכער ענערגיע פערפאָלגט זיינע פלענער. געגען זיינע אָנגרייפער האָט ער זיך פערטיידיגט מיט ערנסט און קראַפט, מיט וויץ, שפּאַס און בייסענדער סאַטירע און גיפטיגער איראָניע. אָבער זיין מאָראַל איז געווען זעהר אָפּשטויסענד. ער איז ניט געווען פריי פון די נידריגסטע און געמיינסטע שוואַכקייטען, ער האָט ניט געהאַט קיין עהרענגעפיהל, און דערצו איז ער געווען אַ שרעקליכער געלט־גייץ און אַ ליגנער. ער איז געווען אַ ליפעראַנט (אַ פּאָדראַדטשיק) פיר די אַרמעע און אַ ספּעקולאַנט אין גיטער, און האָט דערביי געמאַכט אַ גרויסען רייכטום, אַזוי דאָס ער איז געווען אין שטאַנד צו פיהרען אין פּאַריז אַ זעהר רייכעס הויז, וועלכעס איז געוואָרען דער מיטעלפּונקט פון דער פאָרנעהמער וועלט.

אַלס דענקער און פילאָזאָף איז וואָלטעיר ניט אָריגינעל. ער איז ניט העכער מיט זיינע אָנשויאונגען פון די ענגלישע דעאיסטען, און האָט אויך ניט אויפגעשטעלט קיין דורכגעפיהרטעס סיסטעם. אָבער דערפאַר איז ער אַ גלענצענדער געגנער פון דער קירכע און אַלע אַנדערע פערעלטערטע אינסטיטוציאָנען. קיינמאָל האָט אַ גרויסער גייסט ניט געפייערט אַזעלכע טריאומפען ווי וואָלטעיר, ווען ער האָט צוגעצויגען די פערשיידענע אינסטיטוציאָנען צום ריכטער־שטוהל פון זיין קריטיק. פון זיין פייערדיגער קריטיק זיינען פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַש אַלע גרעסטע געביידעס פון די אַלטע אינסטיטוציאָנען; זיין שפּאָטענדער געלעכטער, וואָס ער האָט אויסגעשאָסען אויף די רואינען (חורבות) פון די טעמפּלען פון דומהייט און אַבערגלויבען, האָט אויך ערוועקט שפּאָט און פעראַכטונג אין דער געזעלשאַפט. זאָגאַר אין זאַכען, וואו דער סענטימענט איז געווען געגען וואָלטעיר, האָט ער מיט זיין וויץ אַזוי פערבלענדעט די לעזער און צוהערער, דאָס זיי האָבען איהם געמוזט געבען דעם לאָרבער־קראַנץ פון זיג. זיינע פיינד בעשולדיגען איהם, דאָס ער איז אין זיין קריטיק ניט געווען ערנסט. אָבער דאָס איז פאַלש. וואָלטעיר האָט בעוויזען אין זעהר פיעלע שטעלען, דאָס ער האָט געמיינט ערנסט אויסצוראָטען דאָס קריסטענטום און פערניכטען די קירכע.

אויך זיינע געדיכטען זיינען דורכגעדרונגען מיט'ן גייסט פון סאַטירע; אויך דאָרט ערשיינט ער אַלס אַ קעמפּער פיר אַ נייע וועלט. אין עסטהע־טישער הינזיכט איז דער ווערט פון זיינע געדיכטען ניט זעהר הויך, ווייל זיי זיינען אינערליך ניט וואהר. עס געפינען זיך אין זיי אפילו זעהר פיעלע שענע און עדעלע געדאַנקען, אָבער עס פעהלען זיי וואהרער געפיהל און עמ־פינדונג. נאָר וועניגע פון וואָלטעיר'ס ווערק קענען נאָך היינט געלעזען ווערען. זיין געניאַלסטעס ווערק איז דאָס קאָמישע העלדענגעדיכט „די יונגפרוי פון אָרלעאַנס". דיזעס ווערק איז דער בעסטער שפּיגעל פון די פראַנצויזישע זיטען פון יענער צייט. אין דיזען ווערק איז פערקערפּערט דער גייסט פון יענער פּעריאָדע פון אויפלעזונג און צושטערונג.

צוזאַמען מיט וואָלטעיר'ן האָט געאַרבייט אויף דעם זעלבען געביט זשאַן זשאַק רוססאָ (1712—1778). דיזער שריפטשטעלער איז אין פיעלע בעציהונגען אַ געראַדער געגענזאַץ צו וואָלטעיר'ס נאַטור. זיין ענטהוזיאַזם שטראָמט ניט פון אַ גענִיאַלען גייסט, נאָר פון אַ הייסען האַר־צען, וועלכעס האָט געגליהט פיר דאָס גליק פון דער מענשהייט. רוססאָ איז ניט געוועזען צופרידען מיט צושטערען אַליין; ער האָט געוואָלט אָפּראַמען דעם אַלטען פּאָליטישען, סאָציאַלען און מאָראַלישען שמוץ, אום צו מאַכען פּלאַץ פיר אַ נייע בעסערע אָרדנונג. וואָלטעיר האָט געשטרעבט צו רייכ־טום און האָט אין דיזער הינזיכט געהאַט גרויס ערפאָלג. אָבער רוססאָ האָט ניט געזוכט קיין גליקען אויף דיזען געביט. ער האָט געלעבט ווי אַן עכטער דעמאָקראַט, האָט שטאַרק געהאַלטען פון דער ספּאַרטאַנישער איינפאַכקייט, און איז געשטאָרבען אָרים. ער האָט אפילו פיעל געפּרעדיגט פיר אַ גוטע ערציהונג פון קינדער און האָט פיעל געווירקט אין דיזער בעציהונג, אָבער זיינע אייגענע קינדער האָט ער איבערגעגעבען אין אַ פינדעלהויז. פיעלייכט האָט איהם דערצו געבראַכט זיין אָרימקייט.

באַלד מיט זיין ערסטער אַרבייט האָט רוססאָ ערוואָרבען גרויס כבוד און אַ גרויסען נאָמען. די אַקאַדעמיע אין דיזשאָן האָט אויפגעגעבען אַ פראַגע: אויב די וויעדערהערשטעלונג פון וויסענשאַפט און קונסט האָט גע־האָלפען צו רייניגען די זיטליכקייט? אויף דיזע פראַגע האָט רוססאָ גע־ענטפערט „ניין", און ער האָט אויך גלענצענד בעוויזען זיין בעהויפּטונג, און האָט בעקומען דעם פרייז פיר זיין צופרידענשטעלענדען ענטפער אויף דיזע פראַגע. ער בעשולדיגט אין דער אונזיטליכקייט פון דער צייט די גע־זעלשאַפט. ער לויבט דעם נאַטירליכען צושטאַנד און פערפלוכט דעם טאָג, ווען דער מענש האָט זיך גענומען אין זיין לעבען צו וויסענשאַפט און קונסט.

דער בוים פון וויסענשאַפט (עץ הדעת), זאָגט רוססאָ, האָט געבראַכט דעם מענשען טויט און פערדערבען (כי ביום אכלך ממנו מות תמות).

„וואָס זאָל מען יעצט טאָן?" פרעגט רוססאָ, „זאָל מען צושטערען די געזעלשאַפט, פערניכטען די פּרינציפּען פון מיין און דיין און צוריקקעהרען זיך אין די וועלדער אום צו לעבען מיט די בערען?" ער ווענדט זיך צו די יעניגע, צו וועלכע די הימלישע שטימע איז ניט דערגאַנגען, צו די פערדאָר־בענע הערצער, וועלכע זוכען צו לעבען אַ גוטען טאָג אין דער קורצער צייט



**וואָלטעיר.**

פון זייער עקסיסטענץ, און זאָגט צו זיי: „קעהרט זיך צוריק צו דער אַל־טער אונשולד; דאָס ליגט אין אייער מאַכט צו טאָן. געהט אין די וועל־דער, אום איהר זאָלט פערגעסען אָן די פערברעכענס פון דער נייער צייט, און האָט קיין מורא ניט, דאָס איהר וועט ערנידריגען די מענשהייט, ווען איהר וועט זיך ענטזאַגען פון אייער הולטייסקען לעבען".

דיזע קריטיק פון רוססאָ איז דער געשריי פון אַ טיף פערוואונדעטער זעעלע; בעזונדערס גיריט רוססאָ אויס זיין צאָרן אויף די געזעלשאַפט אין

זיין אָפּהאַנדלונג איבער דעם אורשפּרונג פון דער אונגלייכהייט צווישען מענשען.

„דער ערסטער", זאָגט ער, „וועלכער האָט אַרומגעצאַמט אַ געוויסעם שטיק גרונד און האָט געזאָגט: „דיזעס איז מיין", און האָט געפונען נאַרען, וואָס האָבען איהם דאָס געגלויבט, דיזער איז געוועזען דער וואַהרער גרינדער פון דער בירגערליכער געזעלשאַפט. וויפיעל פערברעכענס, וויפיעל קריג און מערדערייען, וויפיעל עלענד עס וואָלט פערהיט דער מענשהייט ווען אַ מאַן וואָלט דאַמאָלס צובראָכען דעם צאַם, פערשאָטען דעם גראָבען, וואָס צאַמען אַרום דעם פּלאַץ פון ערסטען רויבער און וואָלט צוגערופען זיינע מיטמענשען און זאָגען צו זיי: גלויבט ניט דיזען רויבער, דיזען בעטריגער, איהר זייט אַלע פערלאָרען, ווען איהר וועט איהם גלויבען, ווען איהר וועט פערגעסען, דאָס די פרוכט געהערט צו אַלעמען און די ערד צו קיינעם ניט".

אין דיזע עטליכע ווערטער האָט רוססאָ אַרויסגעזאָגט קלאָר זיין מיינונג וועגען די בעציהונגען צווישען אייגענטום און דער געזעלשאַפט. ער ווייזט גאַנץ קלאָר, ווי דורך דעם בעגריף פון אייגענטום איז געוואָרען פערניכטעט און צושטערט די אורשפּרינגליכע גלייכהייט פון מענשען, ווי דאָס האָט געפיהרט צו אַ שרעקליכען קאַמף צווישען דעם רעכט פון פויסט (ברוטאַלע קראַפט) און דעם רעכט פון בעזיץ (אייגענטום), און ווי די אַלע רייסערייען האָבען געפיהרט דערצו, אַז עס זאָל געגרינדעט ווערען אַ שטאַאַט מיט בעשטימטע געזעצען וועגען מיין און דיין, אָדער וועגען דעם רעכט פון אייגענטום.

הגם דיזע אידעען זיינען געשיכטליך פאַלש, האָבען זיי דאָך געהאַט אַ גוואַלדיגען איינפלוס אויף די גייסטער פון יענער צייט. דיזע אידעען האָבען צוגענומען פון דער הערשענדער קלאַס איהר גאַנצע אויטאָריטעט, ווייל מען האָט אויף זיי געקוקט ווי אויף רויבער, וועלכע האָבען געמאַכט געזעצען אום גערעכט צו מאַכען זייערע רויבערייען און אונגערעכטיגקייטען.

דיזע געדאַנקען ציהען זיך ווי אַ רויטער פאָדים דורך אַלע זיינע ווערק. אין זיין בוך „דער קאָנטראַקט פון דער געזעלשאַפט", וועלכעס איז בעקאַנט אַלס די ביבעל פון דער נייער דעמאָקראַטיע (פאָלקס-הערשאַפט), גיט איבער רוססאָ די הויפּט-הערשאַפט דעם פאָלק זעלבסט. דאָס פאָלק אַליין האָט דאָס רעכט צו פערפאַסען געזעצען, וועלכע עס געפינט פיר גוט און ניצליך, און די מאַכט, וואָס גיט אַכטונג, דאָס די געזעצען זאָלען פּינקטליך אויסגעאיבט ווערען, ווירקט נאָר אין נאָמען פון פאָלק. אָבער ניט פאָלקס-פערטרעטער זאָלען מאַכען געזעצען, נאָר דאָס פאָלק זעלבסט, אין זיינע

פעריאָדישע פערזאַמלונגען פון אַלע בירגער. דעריבער איז רוססאָ געווען אזוי פייערדיג בעגייסטערט פיר די פריי־שטאַאטען און רעפובליקען פון דעם אַלטערטום. אָבער אין דעם ליגט דער געשיכטליכער פעהלער פון רוססאָ. ער האָט ניט בעטראַכט, דאָס די דעמאָקראַטיע פון דער אַלטער וועלט (ביי די גריכען) איז נאָר געווען אַ דעמאָקראַטיע פון אַ הייפעל, אַ קליינע צאָהל פון פרייע בירגער, וועלכע האָט געהאַט אונטער איהר הערשאַפט די גרויסע צאָהל שקלאַפען און אַנדערע רעכטלאָזע מענשען, וועלכע האָבען אויסגע-מאַכט די מעהרהייט.

רוססאָ גיט דעם פאָלק, ווען די הערשאַפט זאָל איבערגעהן אין זיינע הענט, דאָס רעכט איבער די גיטער פון די בירגער, די מיטגלידער פון פאָלק.



זשאַן זשאַק רוססאָ.

ער האָט גע׳חלום׳ט וועגען אַ גלייכהייט פון פערמעגען, און דעריבער האָט ער פאָרגעשלאָגען צו פערפאַסען געזעצען, וועלכע זאָלען מאַכען אונמעגליך דעם געברויך פון לוקסוס־זאַכען, און וועלכע זאָלען מאַכען אונמעגליך פיר איין פערזאָן אָנצוזאַמלען גרויסע רייכטימער. זיין סיסטעם איז אַלזאָ גע-ווען אַ קאָמפּראָמיס צווישען צוויי פערשיידענע געגענזייטיגע סיסטעמען: צווישען קאָמוניזם און אייגענטום. ווי עס שיינט האָט ער געגלויבט, דאָס עס איז מעגליך, ניט אָפּשאַפענדיג דאָס אייגענטום, צו ברייננגען אַלע זאַכען אויף דער שטופע פון גלייכהייט דורך געוויסע געזעצען, איבערהויפּט דורך אַגראַר־געזעצען (וועגען גרונד־אייגענטום).

אין זיין ראָמאַן „עמילע“ קריטיקירט ער שאַרף די ערציהונגס־פאָרמע און די אַרט פון אונטערריכט אין זיין צייט. אויך די רעליגיאָן, ווי זי איז דאַמאָלס געוואָרען געלעהרט און פערשטאַנען, ווערט פון איהם אין דיזען ראָמאַן שטאַרק אָנגעגריפען. זיין אָנגריף האָט אויפגערייצט געגען איהם אַלע קלאַסען פון דער געזעלשאַפט. די קאַטאָליקען, פּראָטעסטאַנטען און זאָגאַר פרייגייסטיגע סאָפיסטען האָבען אויפגעהויבען געגען איהם אַ גוואַלד. דער פראַנצויזישער פּאַרלאַמענט האָט געאָרדענט, אַז מען זאָל דאָס ווערק פערברענען; רוססאָ זעלבסט האָט געמוזט ענטלויפען פון פּאַריז אין זשע-נעווא (שווייץ), אָבער נאָך אייניגע וואַנדערונגען האָט ער זיך דאָך צוריקגע-קעהרט נאָך פראַנקרייך. מען האָט איהם ערלויבט צוריקצוקומען מיט דער בעדינגונג, אַז ער זאָל מעהר ניט שרייבען געגען דער רעליגיאָן און דער רע-גירונג. די לעצטע יאָהרען פון זיין לעבען האָט ער געמוזט פערברייננגען אין טרויעריגער איינזאַמקייט און אונטעטיגקייט.

אָבער נאָך פיעל מעהר ראַדיקאַל זיינען געווען די **ענציקלאָפּע-דיסטען**. דאָס זיינען געווען אַ גאַנצע קלאַס שריפטשטעלער, וועלכע האָבען גענומען אָנטייל אין דער פערפאַסונג און צוזאַמענשטעלונג פון דער בעריהמטער פראַנצויזישער ענציקלאָפּעדיע פון פרייזיניגע אַרטיקלען פול מיט רעוואָלוציאָנערע טענדענצען. די הויפּט־מיטאַרבייטער פון דיזער ענ-ציקלאָפּעדיע זיינען געווען **דידעראָ** (1713—1784) און **ד׳אַלעמ-בערט** (1717—1783). דידעראָ איז געווען אַן ענערגישער פּאָרקעמפּער פון דעם מאָדערנעם מאַטעריאַליזם. נאָך זיין טהעאָריע זיינען זעעלע און גייסט אויך נאָר פּראָדוקטען פון שטאָף, און די בעגריפען פון ווילענס־פריי-הייט (בחירה חפשית), אונשטערבליכקייט און גאָט — זיינען נאָר בילדער, וועלכע די פאַנטאַזיע האָט בעשאַפען.

מעהר מאַטעריאַליסטיש פון אַלע אַנדערע זיינען די ווערק פון **זשו-ליען אָפפרעי דע לאַמעטטריע** (1709—1751) און **דיעטריך פאָן האָלבאך** (1723—1784). דער ערסטער האָט גע-שריבען די בעריהמטע ווערק „דער מענש איז אַ מאַשין“ און „די נאַטור־געשיכטע פון דער זעעלע“. אין דיזע ביידע ווערק דריקט ער אויס יענעם נאַאיווען מאַטעריאַליזם, וועלכער בעטראַכט דאָס גייסטיגע אַלס רעזולטאַט פון בעוועגונג. דער איינציגער צוועק פון דאַזיין (עקסיסטענץ) איז די זינ-ליכע לוסט (דער פערגניגען פון די חושים) — דאָס איז די זיטען־לעהרע פון דיזער פילאָזאָפיע. האָלבאַך האָט געשריבען דאָס בעקאַנטע בוך „דאָס סיסטעם פון דער נאַטור“. דיזעס בוך איז געווען דאָס הויפּט־ווערק פיר די

רעוואָלוציאָנערען. אין דיזען בוך ווערט די מאַטעריע בעטראַכט אַלס דאָס איינציגע ווירקליכע, וועלכע בריינגט אַרויס אַלע פאָרמעס און אייגענשאַפטען פון די זאַכען. די אורזאַכען פון אַלע ערשיינונגען זיינען די אָנציהונגס־קראַפט און די אָפּשויסונגס־קראַפט, וועלכע זיינען אויסגעדריקט אין מענשען אין ליבע און האַס. די טוגענד (גוטע מדות) איז נאָר אַ בעפרידיגונג פון זעלבסט־ליבע.

זעהר שטאַרק רעוואָלוציאָנער איז דער דראַמאַטיקער קאַראָן דע באָמאַרשעי (1732—1799). ער איז דער דיכטער פון דער בעריהמטער „האָכצייט פון פיגאַראָ". אין דיזען ווערק פערשפּאָטעט דער פערפאַסער מיט גלענצענדען גייסט און שאַרפען וויץ די גרויסע העררען פון זיין צייט, וועלכע האָבען אין זייער גאַנצען לעבען נאָר געגעבען זיך די מיה געבאָרען צו ווערען. אין אַ שפּאַסהאַפטען טאָן פאָדערן די פּערזאָנען פון דיזער דראַמאַ פיר מענשען מיט גרויסע גייסטער גלייכע רעכטען מיט יחסנים און רייכע לייט. דאָך איז די געזעלשאַפט געווען אַזוי פערבלענדט, דאָס זיי האָבען אויפגענומען דיזע פאָרשטעלונג מיט גרויס בייפאַל און הילכענדע אַפּלאָדיסמענטען, נאָר ווייל דער וויץ האָט זיי געקיצעלט. זאָגאַר אין הויף איז דיזע דראַמאַ פאָרגעשטעלט געוואָרען און די קעניגין מאַריאַ אַנטואַנעטטע זעלבסט האָט געשפּילט אַ ראָלע אין דיזער פאָרשטעלונג. דאָס איז געווען אין יאָהר 1785 — און עטליכע יאָהר שפּעטער?

די געזעלשאַפט האָט געטאַנצט אויף אַ וואולקאַן. די געזעלשאַפט געלאַכט און האָט ניט געזעהען, ווי פראַנקרייך פאָדערט טיפשניידענדע רעפאָרמעס, ווי דער גייסט פון די בירגער ווערט מעהר און מעהר עמפּערט, ווי די בירגער הויבען זייער קאָפּ העכער און העכער. די העכערע געזעלשאַפט איז געווען צו קורצזיכטיג און האָט ניט געזעהען, וואָס אַלע האָבען דאַמאָלס געזעהען קלאָר, דאָס עס האַלט ביים אויסברעכען אַ שרעקליכער געוויטער און אַ שטורם. די אַריסטאָקראַטיע האָט זיך נאָכגעגעבען אַלערליי פערגניגענס אין דער צייט, ווען די מאַסען אין דרויסען געהען כמעט אונטער פון עלענד. אָבער דער טאָג פון ראַכע איז געקומען, און דאָס פּאַראַזיטישע אַדעל־געזינדעל האָט פערבלוטעט אונטער דעם מעסער פון דער גיליאָטינע.

## ב. די מוזיק.

די קאַטאָלישע קירכען־מוזיק האָט דערלאַנגט איהר העכסטען פּונקט אין פּאַלעסטרינאַ (איטאַליען). אָבער פיעל העכער האָט געשטעלט יאָהאַן

סעבאסטיאן באך די לוטהעראנישע קירכען־מוזיק. באך איז גע־באָרען געוואָרען אין 1685 אין אייזנאַך, און איז געשטאָרבען אין 1750 אין לייפציג. באך איז געווען דער גרעסטער פערטרעטער פון אן ערהאבענעם עדעלען קירכען־סטיל. זיינע ווערק האָבען נאָך היינטיגען טאָג א גרויסען ווערט. זיי צייכנען זיך אויס מיט דער טיפקייט פון סענטימענט, מיט דער פיינהייט פון כאראקטעריסטיק און מיט זיינע מוזיק־שטיקער פיר אָרגעל און קלאַוויר. די לעצטע זיינען אונאיבערטרעפליך. באך'ס ווערק זיינען פיעל מעהר ווי היסטאָרישע דאָקומענטען. זיי האָבען ערסט אין אונזערע צייטען אָנגעפאנגען צו גילטען. מיר קענען מיט רעכט בעהויפטען, דאָס אין 18טען יאָהרהונדערט האָבען איהם פערשטאַנען און געעהרט נאָר די קענער, און אין 19טען יאָהרהונדערט איז ער געבאָרען געוואָרען פיר דאָס פאָלק און איז געוואָרען זיין ליבלינג.

א צייט־גענאָסע פון באך איז געאָרג פריעדריך האָנדעל (1685—1759). דיזער איז אויף דעם געביט פון אָראטאָריאָס דורך די אָריגינאַליטעט פון זיין קראפט און זיין ערהאבענהייט געבליבען א מוסטער, וואָס האָט ניט צו זיך קיין גלייכען. זעהר בעריהמט זיינען זיינע אָפעראָס דורך די פולהייט פון די שענסטע געזענג. איבערהויפט האָט איהם פער־שאפט בעריהמטהייט זיין ווערק „מעססיאָס” (משיח). אין דיזען ווערק שטעלט ער פאָר מיט מוזיקאלישע טענער דאָס לעבען און ליידען פון קריס־טוס אין א זעהר רוהיגער ערהאבענהייט. אין זיינע אַנדערע ווערק איז ער דער בעגייסטערטער אָנזאָגער פון דער פ יהייט, בעלעבט פון דעם גייסט, וואָס האָט געוועהעט אין זיין צווייטער היימאַט, אין דער שטאָלצער און פרייער ענגלאַנד. ריין קירכליכ:ס האָט ער וועניג געשאַפען. דאָך איז עס אימער אַזוי בעדייטענד, דאָס ער מוז בעטראַכט ווערען אַלס דער לעצטער פערטרעטער פון קירכליכער מוזיק. נאָך איהם און באך'ן איז דיזער סאָרט מוזיק געוואָרען פלאַכער און פלאַכער.

נאָך באך'ס טויט איז די דייטשע טאָנקונסט געוואָרען מעהר און מעהר בעהערשענד און איז אַרויס אין פאָרדערגרונד. איבערהויפט האָבען זיך די דייטשע מוזיקער אויסגעצייכענט מיט זייער אינסטרומענטאַלער מוזיק, אָבער אין קונסט־געזאַנג זיינען זיי געשטאַנען צוריק. כריסטאָף ריטטער פאָן גלוק (1714—1787), וועלכער האָט געלעבט אין פאַריז, איז געווען דער ערסטער דייטש, וואָס האָט געגרינדעט די קלאַסישע אָפּעראַ־מוזיק. קינסטלערישע וואהרהייט, גרויסקייט און עדעלקייט פון געזינגונג, ריינע און ערנסטע זעעלען־שענהייט זיינען גלוק'ס מעלות. זיינע מוזיק־דראַמאַס האָ־

בען געהאַט אין פּאַריז אויסצושטעהן אַ האַרטען קאַמף מיט די איטאַליע-נישע אָפּעראַס, וועלכע האָבען דאָרט דאַמאָלס געהערשט, און וועלכע האָבען פערלאָרען מעהר און מעהר אין אינערליכען ווערט. דער וועט־שטרייט האָט זיך געענדיגט מיט אַ פולען זיג פיר גלוק.

דער אייגענטליכער גרינדער פון דער דייטשער אינסטרומענטאַל־מוזיק איז **יאָזעף האַידן** (1732—1809). זיינע גרעסטע און וויכטיגסטע ווערק זיינען „די שאַפּפונג" און „די יאַהרעסצייטען". דיזע ווערק האָט ער



מאָצאַרט.

פערפאַסט ווען ער איז שוין געווען אין הויכען עלטער. פיר דיזע ווערק איז ער בעשאָטען געוואָרען אין ענגלאַנד מיט גאָלד און כבוד. דער גרונד־כאַראַקטער פון זיין מוזיק איז די הערצליכסטע קינדליכע לעבענס־פרייד. האידן האָט געהאַט אַ זעהר גרויסען און דויערהאַפטען איינפלוס אויף די דייטשע מוזיק.

אַ זעהר גרויסען רייכטום פון מוזיקאַלישע שאַפּונגען האָט איבערגעלאָ-זען **וואָלפגאַנג אַמאַדעאוס מאָצאַרט** (1756—1791).

איבערהויפּט איז גרויס די צאָהל פון זיינע ווערק אין פערגלייך מיט זיין קור-צען לעבען. ניט אַכטענדיג דערויף, וואָס ער האָט געלעבט אין דחקות, איז זיין הויכער גייסט און גרויסער זשעני געבליבען אימער קראַפטפול און ליב-ליך. אַלעס איז אינערליך און אויסערליך האַרמאָניש, איבעראַל זיינען די געדאַנקען דורכגעפיהרט קלאָר און בעשטימט, דער טאָנזאַץ איז קונסטרייך, די פאָרמע עדעל און שען. די בעסטע פון זיינע ווערק זיינען: „די ענטפיה-רונג אויס דעם סעראַיל", „פיגאַראָ", „דאָן זשואַן" און „די צויבער-פלאָטע". אין דיזער לעצטער האָט די רוה פון זיין קינסטלערישען בעוואוסטזיין דער-גרייכט די העכסטע שטופע פון פאָלקאָמענהייט. זעהר בעדייטענד זיינען אויך זיינע אָרקעסטער-ווערק. די דריי גרעסטע סימפאָניען זיינען געשרי-בען געוואָרען אין אָנדערטהאַלבען מאָנאַטען.

אָבער העכער פון דיזע אַלע קינסטלער שטעהט **לודוויג וואַן בעעטהאָווען** (1770—1827). ער איז איינער פון די גרעסטע זשע-ניען פון אַלע צייטען און אַלע פעלקער. „בעעטהאָווען האָט ערפילט די אינ-סטרומענטאַלע מוזיק נאָך איהר אידעאַלער און פאָרמאַלער זייט", זאָגט דאָממער, „מען האָט נאָך איהם געפּרובט מאַכען שריט נאָך אַנדערע ריכטונ-גען, אָבער קיינער האָט זיין הויכקייט ניט דערגרייכט". אין זיינע טאָנדיכ-טונגען ערשיינט דער גאַנצער אינהאַלט פון לעבען אַלס אַ כאַראַקטער-גע-מעלדע פון אַן אינדיווידיאום, ווייל ער איז דורכגעגאַנגען דורך זיין אייגענע ליידענשאַפטליכע זעעלע. קיינער פאַר איהם און נאָך איהם האָט ניט אַרויס-געגעבען אַזוי קלאָר וואָס ער האָט געדאַכט, געפיהלט, געליטען, וואָס ער האָט געשטרעבט און וואָס ער האָט דערגרייכט. זיין מוזיקאַלישע שפּראַך איז ער-הויבענד און רייניגענד. און דיזער זשעניע, וואָס האָט ניט צו זיך קיין גליי-כען, האָט געהאַט דעם אונגליקליכען שיקזאַל צו פערלירען זיין געהער (ער איז געוואָרען טויב). עס איז געווען אַ שרעקליכע טראַגעדיע, אַ טראַגעדיע, צו וועלכער עס איז ניטאָ קיין גלייכען אין די טראַגישע געשיכטעס פון דער מענשהייט. דאָך ניט אַכטענדיג אויף זיין טויבקייט האָט ער דאַמאָלס גע-שאַפען זיינע וואונדערבאַרסטע ווערק, איבערהויפּט זיינע סימפאָניען, וועלכע האָבען פאָרגעשטעלט דאָס העכסטע, וואָס די מענשהייט האָט ביז יעצט אַרויסגעבראַכט אין דער טאָנקונסט. אין דיזע זיינע שאַפונגען איז אַלעס גרויסאַרטיג: זיי דריקען אויס דעם קאַמף מיט דער מאַכט פון שיקזאַל, דעם זיג איבער דונקעלע געוואַלטען, די פרייהייט פון קנעכטשאַפט, דעם איבער-גאַנג פון נאַכט צו ליכט.

בעעטהאָווען האָט גוט געוואוסט זיין ווערט, און דעריבער איז ער גע־ווען שטאָלץ מיט זיין אידעאַלער גרויסקייט. ער האָט פון קיינעם ניט גע־זוכט קיין כבוד, דאָס האָט ביי איהם קיין ווערט ניט געהאַט. זיין פּערזענ־ליכער פרייהייטס־געפיהל האָט זיך ניט געדעמיטיגט פאַר דעם גרעסטען מעכטיגסטען הערשער.



בעעטהאָווען.

## ג. ארכיטעקטור, סקולפּטור און מאַלעריי.

איבער די בילדענדע קונסטען פון יענער צייט איז דאָ ווענינ צו זאָגען. דער גרויסער סטיל פון 17טען יאָהרהונדערט איז פערשוואונדען געוואָרען מיט דער מאַיעסטעטישער פּראַכט פון לודוויג דעם 14טען. אָבער די נאַ־

ציאָן און דער הויף זיינען שוין געוואָרען מיד פון דער איינפערמיגקייט פון דעם גלאַנץ, וואָס האָט געהערשט אין הויף. שוין פאַר לודוויג דעם 14טען האָט זיך געבילדעט אַן אָפּאָזיציאָן, און דער הערצאָג פון אָרלעאַנס האָט געבילדעט אין סענט־קלוד אַ פעריין פון פרייע גייסטער, וועלכע זיינען געווען געגנער פון דער שטרענגער עטיקעטע, וואָס איז געווען איינגעפיהרט אין הויף אין ווערסאַיל, און האָבען איינגעפיהרט פרייהייט, אונגעבונדענקייט פון דער שפּראַך און זיטען, און איבערהויפּט זיינען זיי געוואָרען גרויסע געגנער פון דער פערדאָרבענהייט פון די זיטען, וועלכע האָט געהערשט אין הויף אין ווערסאַיל. דער געשמאַק האָט זיך פיעל געענדערט אין ווערסאַיל. די גרויסע צימערן האָבען אָפּגעטראָטען דעם פּלאַץ פיר פערפּוצטע בודואַרען, און דאָס האָט געשטימט מיט די קליינליכערע אידעען און כאַראַקטערען פון די הויפליים. איבעראַל האָט דאָס אַנגענעהמע פערטרעטען דעם פּלאַץ פון גרויסער און ערנסטער שענהייט.

וואָס אָנבעטרעפט די אַרכיטעקטור ספּעציעל, זיינען די גרויסע ווירדיגע פערצירונגען אָפּגעשאַפט געוואָרען, און אָנשטאָט זיי זיינען אַריין אין געברויך אַלערהאַנט האָלץ־זאַכען פון לייכטער און געשמאַקפולער אַרט, אין טויזענדער פערשיידענע פאָרמעס. די צימערן זיינען געוואָרען קלענער, דערפאַר איז די דעקאָראַציאָן געוואָרען פיעלפאַכער. פערשיידענע געמעלדעס האָבען געגעבען די צימערן אַ גרויסאַרטיגען שיין. די גראַדע ליניען זיינען פערשוואונדען, און אָנשטאָט זיי זיינען אַריין אין מאָדע אַלערליי געדרעהטע צאַצקעלאַך און פערצירונגען. דיזער סטיל, וועלכער איז בעוואוסט אונטער'ן נאָמען ראָקקאָקאָ, האָט געהערשט אין דער גאַנצער צייט פון דער רעגירונג פון לודוויג דעם 15טען. דער הויפּט־פערטרעטער פון דיזער ריכטונג איז געווען זשערמען באָפּפראַנד. לערו איז געווען איינער פון די געשיקטעסטע דעקאָראַטאָרען פון זיין צייט.

אין דער צווייטער העלפט פון דיזען יאָהרהונדערט איז געוואָרען אַ רעאַקציאָן געגען דעם ראָקאָקאָ־סטיל. מען האָט אָנגעהויבען צוריקגעהן צום אַלטען, אַנטיקען געשמאַק. איבערהויפּט האָט זיך דיזע ריכטונג בעוויזען ביי דער בויאונג פון עפענטליכע געביידעס. דער פּאַנטהעאָן פון סופפלאָט, די מיליטערישע שולע און דיביידע קאָלאָנאַדעס פון קאָנקאָרדיא־פּלאַץ פון גאַבריעל, ווי אויך די גאַלערעען פון קעניגליכען פּאַלאַץ פון לודוויג, זיינען די מערקווירדיגסטע בנינים פון דיזער עפּאָכע. די קאָלאָנאַדעס פון קאָנקאָרדיא־פּלאַץ געהערען צו די שענסטע אַרכיטעקטור־דענקמעלער פון פראַנקרייך. אָבער דער ראָקאָקאָ־סטיל האָט דאָך גע-

הערשט אין די אינערע דעקאָראַציאָנען די גאַנצע צייט, וואָס לודוויג דער 15טער און זיינע מעטרעסעס האָבען רעגירט.

אויך אין דער סקולפּטור זיינען פאָרגעקומען ענדערונגען. זי איז גע-וועזן שעָן, אָבער ניט קרעפטיג. דאָס זעלבע איז געשעהען מיט דער מאַלער־קונסט. לעמואַן, דער בעריהמטער שעפער פון דעם הערקולעס־פּלאַ-פאָנד אין ווערסאַיל, איז געווען אַ זעהר פיינער היסטאָריע־מאַלער, און וואַטטאָ האָט בעוויזען אין זשאַנר פיעל גייסט און גרויסע שוואונג־קראַפט. אָבער דער ריכטיגער טיפּ פון 18טען יאָהרהונדערט איז פראַנ-סואַ בושער, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכענט מיט זיין לייכטקייט, גראַציע און ציערעריי. אורטיילענדיג נאָך די פאַנטאַסטישע פאַרבען פון זיין הימעל, פון זיינע ביימער און זיין וואַסער קען מען איהם רעכנען נאָר פיר אַ מאַלער פון ציער־געגענשטאַנדען. אָבער וואָס פיר אַ לעבהאַפטיג-קייט, וואָס פיר אַ חן עס צייגען אַרויס זיינע פּאַסטוכשע סצענעס.

עס איז דאַמאָלס געווען די עפּאָכע, ווען די קליין־מאַלעריי מיט די קליינע צימערן האָבען טריאומפירט. עס איז כמעט ניט געווען קיין געלע-גענהייט צו שאַפען גרויסע געמעלדעס. דער לוקסוס און די שלעכטע זיטען, וועלכע האָבען צוטיילט די פּאַלאַצען אין קליינע ווינקעלאַך, האָבען פער-ניכטעט די שענע קונסטען. נאָר ווענעגע האָבען זיך געקענט ענטציקען פון דעם הערשענדען איינפלוס אום צו רופען אין לעבען אַן אַנדער ריכטונג. די איבריגע אייראָפּאַ האָט נאָכגעטאָן דעם פראַנצויזישען געשמאַק. איבער-הויפּט האָבען דערצו געהאָלפען די אויסשטעלונגען, וואָס פלעגען געמאַכט ווערען זעהר אָפט.

מערקווירדיג איז, דאָס אין יענער צייט האָבען געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין אַלע דעקאָראַציאָנען די פּראָדוקטען פון דער כינעזישער קונסט־אינדוסטריע. אין 17טען יאָהרהונדערט זיינען צום ערסטען מאָל אָנגעקומען אין פּאַריז כינעזישע לאַק־אַרבייט. דיזע אַרבייט איז געווען איינגעפּאַסט אין קופּער און אין בראָנז, און איז געווען אַריינגעפּאַסט אין די מערקוויר-דיגע מעבעל פון יענער צייט, און האָבען אַרויסגערופען גרויס בעוואונדערונג. די רייכע וואַזעס פון יענעם אונבעקאַנטען, כמעט פאַבעלהאַפטען לאַנד, זיי-נען געווען שטאַרק געזוכט און מען האָט פיר זיי געצאָהלט זעהר הויכע פּריי-זען. מען איז געווען איבערצייגט, דאָס מען האָט דאָ אַ געשעפט מיט אַר-בייט פון קונסט־אינדוסטריע, וועלכע אייראָפּאַ איז ניט אין שטאַנד נאָכ-צואהמען. צו ענדע פון יענעם יאָהרהונדערט האָט זיך ענטוויקעלט אין פראַנקרייך אַ געשמאַק פיר די געגענשטענדען, וועלכע זיינען געווען אַ מין

נאָכאַהמונג פון דער כינעזישער אַרבייט. דיזער געשמאַק האָט געהערשט אין פראַנקרייך אין דער גאַנצער צייט פון 18טען יאָהרהונדערט, אונטער לודוויג דעם 15טען און נאָכדעם אונטער לודוויג דעם 16טען, איבערהויפּט צווישען דער רייכער קלאַס. אַ צימער פון אַ רייכען מאַן האָט נאָר דאַן געהייסען רייך פערפּוצט און פאָלקאָמען, ווען עס האָט זיך אין איהם געפונען די כינעזישע לאַק-אַרבייט, דער גלאַנץ פון די עמאַליען, די פּראַכט און האַרמאָניע פון די פאַרבען פון ווייטען אָריענט. די רייכע פלעגען אויסגעבען גרויסע סומעס געלט אום זיי זאָלען קענען שטאָלצירען, דאָס זייערע צימערן זיינען פערפּוצט אין געשמאַק פון דעם הימלישען רייך (כינאַ). די טייערע געשיר, אין וועלכע מען האָט דערלאַנגט שפּייז צום טיש פון דער קעניגין מאַריאַ אַנטואַנעטטע און קאַרדינאַל ראָהאַן, זיינען פאַבריצירט געווארען אין כינאַ, און דיזע האָבען זיך גערעכענט פון די גרעסטע רייכטימער און איירָאָפּעאישע אַנטיקען. און דאָך האָט מען גערעכענט די שעפער פון דיזע קונסטווערק אַלס לעכערליכע בעשעפּעניסען, וועלכע האָבען ניט קיין רעכט צוגערעכענט צו ווערען צו דער מענשליכער פאַמיליע. דער זעלבער אורטייל הערשט נאָך עד היום אין איירָאָפּאַ אין בעצוג אויף די כינעזער.

# די געשיכטע פון פראַנקרייך ביז צו די נאַפּאָלעאָנישע קריגען.

## א. לודוויג דער 15טער.

ווען לודוויג דער 14טער איז געשטאָרבען איז זיין מדינה ניט גע-וואָרען קלענער, אָבער עקאָנאָמיש און מאָראַליש איז זי אַרונטער-געזונקען זעהר טיף. דעם דעפיציט איז ניט געווען מיט וואָס צו דעקען, די וואונדען, וואָס דער לאַנגער קריג האָט אָנגעמאַכט, זיינען געווען שרעק-ליך. דאָס פאָלק איז געווען פעראָרימט, די בעפעלקערונג וועניגער, דאָס מיליטער איז נאָר געווען אַ שאָטען קעגען דעם, וואָס עס איז געווען פריהער. אין דער געזעלשאַפט האָט געהערשט אַ גייסט פון אונצופרידענהייט, פון רעוואָלוציאָן, אויף די עקסיסטירענדע אָרדנונגען האָט מען געקוקט מיט פעראַכטונג, די בעאַמטע זיינען געווען פעראַכטעט פון פאָלק. דערצו איז די גאַנצע פאַמיליע פון לודוויג דעם 14טען אויסגעשטאָרבען, און דער טראָן איז געבליבען פיר זיינעם אַן אור=עניקעל, וועלכער איז דאַמאָלס אַלט געווען נאָר 5 יאָהר.

נאָך איידער מען האָט בעערדיגט דעם אַלטען הערשער לודוויג דעם 14טען האָט מען שוין מבטל געווען זיין צוואה און מען האָט איבערגעגע-בען די רעגענטשאַפט צו זיין פּלעמעניק פיליפּ פון אָרלעאַנס, וועלכען ער האָט שרעקליך געהאַסט. הגם פיליפּ איז געווען אַ מאַן מיט אַ הויכען גייסט, האָט ער אָבער בעקומען אַ זעהר שלעכטע ערציהונג אונטער דעם גייסטליכען אַבבע דיובואַ, און ער איז געווען גלייכגילטיג צו אַלע זיט-ליכע פּרינציפּען. הגם ער האָט ניט געגלויבט אין קיין זאַך, האָט ער זיך געוויזען ווי ער פערהייליגט אַלעס, זאָגאָר וואָס עס איז ווערט צו פעראַכ-טען און פערדאַמען. ער און זיינע הויפּלייט האָבען געפיהרט אַן אויסגע-לאַסענעם לעבען. עס פערשטעהט זיך, דאָס אַזאַ סאָרט לעבען האָט געפאָ-דערט גרויסע סומעס געלט און דאָס האָט אויסגעשעפּט אַלע איינקונפטען

פון שטאַאט, וועהרענד דער צושטאַנד פון די פינאַנצען איז שוין אָהן דעם אויך געוועזן שלעכט.

נאָך דעם, ווי דער קריג פיר די שפּאַנישע טראָן־ירושה איז געענדיגט געוואָרען, האָט פראַנקרייך געהאַט אַ לענגערע צייט רוה און פרידען. וואָלט די רעגירונג געווען ערטרעגליך, וואָלטען די נאָכוועהען פון דעם לאַנגען קאַמף לייכט בעזייטיגט געוואָרען. אָנפאַנג האָט זיך די רעגירונג ווירקליך גענומען עטוואָס צו טאָן אום צו פערבעסערן דעם עקאָנאָמישען צושטאַנד פון פאָלק. זי האָט אָנגעהויבען צו פערמינדערן אַ ביסעל די אויסגאַבען, פערקלענערן די שטייערן און צו פערברייטערן מעהר דעם האַנדעל. אָבער דיזע ריכטונג האָט אָנגעהאַלטען נאָר איינינע מאָנאַטען. די רעגירונג האָט זיך גענומען צו פערערגערן די מינצען, האַנדלען מיט'ן פערקויף פון



פיליפּ פון אָרלעאַנס.

עמטער, צו פערקויפען די שטאַאטס־גיטער, צו בעשולדיגען רייכע אייגענטימער אום צו קאָנפיסקירען זייערע רייכטימער. די רעגירונג האָט גע- ברויכט אַלע אונגערעכטע מיטלען אום צו שאַפען געלט און ניט דערלאָזען, דאָס די רעגירונג זאָל באַנקראָטירען. עס האָט אָבער קיין זאַך ניט געהאָלפען. די רעגירונג האָט געפּרובּט צו רעטען זיך דורך ספּעקולאַציאָנען. איבערהויפּט האָט געהאַט אַ שלעכטען סוף איהר פערבינדונג מיט דעם שאָטלענדער לאָא.

דיזער האָט זיך אונטערגענומען צו גרינדען אַ באַנק מיט דער הילף פון דער רעגירונג, מיט דער בעדינגונג, דאָס אַלע איינקונפטען פון דעם לאַנד זאָלען אַריינקומען אין די קאַסע פון דיזער באַנק, און ער האָט זיך פער-

פליכטעט צו בעצאָהלען אַלע שטאַאטס־שולדען און פערשאַפען דעם הויף אַלע זיינע אויסגאַבען. אין יאָהר 1716 האָט לאַא ערהאַלטען די ערלויבניס צו עפנען אַ באַנק מיט אַ קאַפּיטאַל פון 6 מיליאָנען. זיין הויפּט־געדאַנק איז געווען, דאָס ווען די רעגירונג וועט ארײנשיקען אין דיזע באַנק אַלע איהרע איינקונפטען אין באַארעס געלט, ד. ה. אין גאָלד און זילבער, וועט דיזע באַנק זיין אין שטאַנד ארויסצולאָזען קרעדיט־בילעטען (אַסיגנאַציעס) אויף אַ סומע צעהן מאָל מעהר ווי איהר קאַפּיטאַל, ווי עס איז דער פאַל מיט אַ פּריוואַט־באַנק, דאָס זי האָט געוועהנליך אַ קרעדיט ביים פּובליקום אויף צעהן מאָל מעהר ווי עס בעטרעפט איהר גרונד־קאַפּיטאַל. ער האָט אָבער פערזעהן איין זאַך — דאָס די גרויסע מאַסע פון די קרעדיט־בילעטען וועלען דאָך אַלע מוזען קומען צוריק אין באַנק מיט דער פאָדערונג אויסצוצאָהלען זיי אין מזומן מיט גאָלד אָדער זילבער. ער האָט גערעכענט, דאָס מיט דעם פּאַפּיר־געלט וועט ער רייכער מאַכען דאָס לאַנד.

אָנפאַנגס האָט לאַא ווירקליך געהאַט אַן ערפאָלג. דאָס פאָלק האָט בעקומען גרויס צוטרויען צו זיין באַנק און זי איז באַלד פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ שטאַאטס־באַנק. דאַן אָבער האָט די רעגירונג אָנגעהויבען ארויסצוגעבען נאָך מעהר פּאַפּיר־געלט. די שטאַאטס־באַנק האָט אָנגעהויבען צו העלפען דעם האַנדעל און דער אינדוסטריע. עס האָט זיך דאַמאָלס געגרינדעט אַן אַקציע־געזעלשאַפט מיט דעם צוועק צו העלפען פערגרעסערן די קאָלאָניזאַציאָן אין די מיססיססיפּי־לענדער אין אַמעריקאַ, וועלכע האָבען דאַמאָלס געהערט צו פראַנקרייך. דיזעס האָט איבערגעשוועמט דאָס לאַנד מיט אַקציע־פּאַפּירען. אין יאָהר 1719 האָט דיזער שאָטלענדישער באַנקיר איינגעפיהרט אין פראַנקרייך דאָס בערזען־שפּיל, די ספּעקולאַציאָן.

דאָס פאָלק האָט אָנגעהויבען שטאַרק צו ספּעקולירען. מען האָט זיך געשעצט גליקליך, ווען מען האָט געקראָגען אויף דער בערזע וועלכע עס איז אַקציעס, פיר וועלכע מען האָט געצאָהלט מיט גאָלד אָדער זילבער, הגם דיזע האָבען אין גרונד ניט געהאַט קיין זיכערהייט. צו ענדע פון יאָהר 1719 האָבען די אַקציעס געשטיגען אַזוי הויך, דאָס אַן אַקציע, פון וועלכער דער נאָמינאַלער פּרייז איז געווען 500 ליווערס, איז פערקויפט געוואָרען פיר 20,000 ליווערס, ווייל די אַקציעס האָבען פערשפּראָכען צו געבען 12 פּראָצענט ריווח (דיווידענד). די אַקציעס האָבען געהאַלטען אין איין שטייגען, און יעדער, וואָס האָט געהאַנדעלט דערמיט, האָט געמאַכט גרינגע פערדינסטען. אַלע האָבען זיך געשעצט איבערגליקליך. אַלע קלאַססען פון פאָלק

האָבען געגאָסען פון דיזען גליק און רייכטום, איינער מעהר, איינער וועניגער. עס פערשטעהט זיך, דאָס מיט אַזעלכע לייכטע פערדינסטען איז דער לוקסוס געוואַקסען העכער און העכער. די אָפּערא איז אימער געווען גוט בעזוכט. איהר איינגאַהמע, וועלכע איז געוועהנליך געווען נאָר 60,000 ליוורעס, איז געשטיגען אין יאָהר 1720 ביז 740,188 ליוורעס. דאָס גאַנצע פאָלק האָט אויך אויסגעגעבען זעהר פיעל געלט אויף צירונג.

שטאָלץ מיט דיזען ערפאָלג האָט לאַא געוואָלט אויפטאָן פיר דאָט לאַנד אַ נייעס. ער האָט געוואָלט אויפהייבען דעם האַנדעל דורך צאָל-פרייהייט. מיט זיין ראַט האָט דער רעגענט אַרונטערגענומען דעם אָפּצאָהל פון אויל, חלב און קאָרטען און האָט געעפענט די גרענצען פיר געוויסע פרעמדע פּראָדוקטען. עס האָט געשיינט, דאָס פראַנקרייך האָט ערהאַלטען אַ נייעס לעבען. אָבער עס האָט זיך באַלד בעוויזען, דאָס דיזעס איז נאָר געווען אַ חלום פון דריי יאָהר.

אין מיטען פון דיזע גליקען האָט זיך לאַא געלאָזט פערפיהרען איבערצונעהמען אויף זיך די פליכט צו בעצאָהלען די שטאַאטס-שולדען. דאָס האָט געפיהרט דערצו, דאָס ער האָט זיך פערשווינדעלט מיט נייע אַקציעס, מיט אַן אונגעהייַער גרויסער צאָהל קרעדיט-בילעטען, וועלכע האָט דערגרייכט די סומע פון 2,696,400,000 פראַנקס. דערצו האָט דער הויף געשאָטען יעדען טאָג מיט מיליאָנען אויף פוסטע זאַכען, אַזוי דאָס קיין געלט איז ניט געווען אין שטאַנד אויסצוהאַלטען דעם פינאַנציעלען קריזיס, וואָס איז פאָרגעשטאַנען. דאָס פאָלק האָט אָנגעהויבען מורא צו האָבען, דאָס זיינע שטיקלאַך פּאַפּיר האָבען ניט קיין ווערט. מען האָט אָנגעהויבען לויפען אין באַנק אומצובייטען די אַסיגנאַציעס אויף גאָלד אָדער זילבער. עס איז גיך לעדיג געוואָרען אין קאַסע, ווייל אין צירקולאַציאָן זיינען געווען אַסיגנאַציעס אויף מעהר פון 3½ מיליאַרדען פראַנקס. עס איז געוואָרען אַ שרעקליכע פּאַניק.

די באַנק איז געווען געצוואונגען צו פערקלענערן דעם ווערט פון די אַסיגנאַציעס אויף די העלפט. דאָס האָט אָנגעמאַכט אין לאַנד אַ שרעקליכען אויפרוהר, און מען האָט געמוזט דיזע פעראָרדנונג צוריקרופען. אין מאָאנט יולי אָבער האָט די באַנק אין גאַנצען אויפגעהערט צו צאָהלען. דער ווערט פון פּאַפּיר-געלט איז אַזוי אַרונטערגעפאַלען, דאָס מען האָט דערפאַר געקענט בעקומען נאָר אַ צעהנטעל פון דער נאָמינאַל-סומע, און פיר די אַקציעס, וועלכע די באַנק האָט אַרויסגעגעבען אויף די סומע פון 20,000 ליוורעס, האָט מען ניט בעצאָהלט זאָגאר קיין 20 ליוורעס. לאַא

זעלבסט האָט געמוזט ענטלויפען נאָך בריססעל אום צו רעטען זיין לעבען פון דעם אויפגערעגטען פאָלק, און זיין גרויסעס פערמעגען האָט ער איבער-געלאָזען אין פראנקרייך. ער איז נאָכדעם געשטאָרבען אין ווענעציאַ אין גרויס אָרימקייט (1729). דאָס זיינע אַבזיכטען זיינען געווען עהרליכע, פיר קיין פאַל ניט קיין שווינדלערישע, איז אָהן צווייפעל. עס איז אויך קיין צווייפעל ניט, דאָס ער האָט פריהער פון פיעלע אַנדערע געוואוסט און פערשטאַנען די וויכטיגקייט פון קרעדיט. אָבער די מיליאַרדען, וואָס ער האָט געשאַפען, זיינען נאָר געשטאַנען אויף'ן פּאַפּיר, אָבער אין דער ווירק-ליכקייט האָבען זיי ניט עקסיסטירט, און דעריבער איז אַלעס געגאַנגען צו גרונד. דער איינציגער רעזולטאַט פון דיזער גרויסער אונטערנעהמונג און דעם פאַלשען רייכטום איז געווען, וואָס דאָס פאָלק האָט זיך דערווייל צו-געוועהנט צו לוקסוס און גענוס.

דאָס אויסגעלאַסענע לעבען, וואָס דער רעגענט האָט געפיהרט, האָט איהם געבראַכט פריה אין קבר. איינינע מאָנאַטען שפּעטער, נאָך דעם, ווי זיין ערסטער מיניסטער דיובואַ, זיין פריהערדיגער ערציהער, איז געשטאָר-בען, האָט איהם געטראָפען די אַפּאָפּלעקציע אין דעם צימער פון זיין גע-ליבטער (1723). דאַמאָלס האָט לודוויג דער 15טער אַליין איבערגענומען די רעגירונג. אָן דער שפּיץ פון מיניסטעריום האָט ער געשטעלט דעם הער-צאָג פון בורבאָן־קאָנדע און מיט דריי יאָהר שפּעטער — זיין אַל-טען לעהרער פלאָרי, אַ זעהר פערשטענדיגער פרעלאַט (גייסטליכער).

די רעגירונג פון לודוויג דעם 15טען איז נאָר אַ פאָרטזעצונג פון לוד-וויג דעם 14טען. פון די געזעצען, וועלכע ער האָט אַרויסגעגעבען, איז ווערט צו דערמאָהנען דאָס געזעץ פון יאָהר 1762, וועלכעס האָט ערלויבט אַלעמען צו פּראָדוצירען לייוועגט, זאַגאַר אַזעלכע, וועלכע זיינען ניט געווען אין דער קאָרפּאָראַציאָן פון וועבער. דאָס איז געווען זעהר וויכטיג פיר די בויערן, וועלכע האָבען בעקומען דורך דעם אַ נייע בעשעפטיגונג, צו וועלכער די שטאָדטישע צעכען האָבען זיי פריהער ניט צוגעלאָזען. די איבריגע געזע-צען זיינען אַלע געווען פון איין כאַראַקטער — צו אונטערדריקען די פריי-הייט. זיי זיינען געווען פיעל טיראַנישער פון קאָלבערט'ס געזעצען.

אין אַלגעמיין איז דער עקאָנאָמישער צושטאַנד פון לאַנד געווען ניט גלענצענד. הגם די רעגירונג האָט געמאַכט ריזיגע אָפּפער צו העלפען ענט-וויקלען די אינדוסטריע, דאָך זיינען די רעזולטאַטען געווען זעהר שוואַכע, ווייל די פאַבריקאַנטען האָבען זיך אַלץ פערלאָזען אויף די הילף און שטיצע פון דער רעגירונג, און האָבען ניט געהאַט די ענערגיע אַרויפצואַרבייטען זיך

מיט אייגענע קרעפטען. עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט, וואָס קאָל-בערט׳ס ריזיגע אָנשטרענגונג האָט ניט געבראַכט קיין פרוכט.

אָבער קאָלבערט׳ס פּאָליטיק האָט ניט נאָר ניט געבראַכט קיין נוצען, נאָר זי האָט אויך פערשאַפט פיעל שאַדען און אונגליק. די רעגירונג האָט זיך צופיעל געמישט אין אַלע קליינע אינדוסטריעלע אונטערנעהמונגען, האָט געמאַכט איבעראַל נייע בעשרענקונגען און געזעצען, וועלכע האָבען גע-שטערט דעם פרייען גאַנג און די ענטוויקלונג פון דער אינדוסטריע, און דערמיט האָט זי פּאַראַליזירט דעם גאַנצען עסק און האָט איהם געשטערט צו וואַקסען מיט׳ן נאַטירליכען וועג.

עס זיינען אַרויס וויכטיגע שריפטשטעלער מיט פּראָטעסטען און בעזאָנדער קריטיק געגען דעם גאַנצען סיסטעם פון קאָלבערטיזם. איינער



לודוויג דער 15טער.

פון די בעדייטענדסטע שריפטשטעלער, וואָס זיינען אַרויס שאַרף געגען די רעגירונג פיר איהר צופיעל מישען זיך אין די געשעפטס-אַנגעלעגענהייטען פון פאָלק, איז געווען פּ י ע ר ר  ב ו אַ ג י ל ל ע ב ע ר ט (געשט. 1714). דיזער שריפטשטעלער האָט געווידמעט זיין גאַנצעס לעבען דעם איינציגען צוועק, פאַרצושטעלען די שלעכטע זייט פון לודוויג דעם 14טען׳ס רעגירונג און ער האָט זי געשילדערט מיט זעהר שוואַרצע פאַרבען. ער האָט דער ערסטער אַרויסגעצייגט סימפּאַטיע פיר דאָס פאָלק, וועלכע האָט אין 18טען יאָהרהונדערט אָנגעפילט די גאַנצע אַטמאָספערע. בעזונדערס בעריהרט ער די לאַנד-ווירטשאַפט, וועלכע איז געווען אין פראַנקרייך אין אַ זעהר טרויע-

ריגען צושטאַנד. נאָך שאַרפער זיינען די אַנשויאונגען פון דעם מאַרשאַל וואָבאַן אין זיינע אָפּהאַנדלונגען איבער פאָלקס־עקאָנאָמיע. ער זעהט אין דער פרייהייט דעם בעסטען ערפאָלג פון עקאָנאָמישער טעטיגקייט. עס מוזען פערשווינדען אַלע בעשרענקונגען אין האַנדעל און אינדוסטריע. איהם האָט זעהר טיף געריהרט די טרויעריגע לאַגע פון דער אַרבייטער־קלאַס. „דער ציל פון דער רעגירונג דאַרף זיין", זאָגט ער, „צו פערשאַפען וואויל־שטאַנד פיר אַלע קלאַסען פון דער בעפעלקערונג. מען מוז ניט פערגע־סען, דאָס די נידעריגע קלאַס, וועלכע ווערט אַזוי פעראַכטעט און שלעכט בע־האַנדעלט, בילדעט דעם פונדאַמענט פון דער גאַנצער געזעלשאַפט".

אַ היבשע צייט שפּעטער איז אויפגעשטאַנען אַ גרופּע דענקער, וועלכע זיינען געוועזען זעהר פיינדליך צום האַנדעל־סיסטעם אין אַלגעמיין; זיי האָ־בען שאַרף קריטיקירט די פריהערדיגע פּאָליטישע עקאָנאָמיע. דיזע דענ־קער זיינען געוועזען די אַזוי־גענאַנטע „פיזיאָקראַטען", וועלכע מיר האָבען שוין פריהער דערמאָהנט. זיי האָבען בעטראַכט די רעגירונג אַלס אַ צרה, אָהן וועלכער מען קען ניט אויסקומען. דער פּאַרלאַמענט, אָדער די מאַכט, וואָס דאָס פאָלק זעצט, זאָל איבערהויפּט אַכטונג געבען, דאָס די רעגירונג זאָל ניט אָפּנעהמען אָדער פערשמעלערן די רעכטען פון די אינדיווידואומס, פון די איינצעלנע מענשען. די אַרבייט מוז געהיט ווערען פון שטערונגען אָדער בעשרענקונגען, און דער אַרבייטער זאָל אַליין און אין גאַנצען גע־ניסען די פּרוכט פון זיין אַרבייט. יעדער בירגער זאָל האָבען פולעם רעכט אויסצונוצען זיין אַרבייטס־קראַפט וויפיעל ער וויל און קען. קיין מאָנאָ־פּאָל, קיין פּריווילעגיע טאָר ניט געגעבען ווערען צו וועמען עס איז, ווייל דורך דעם ווערט גערויבט די פרייהייט פון פיעלע אַנדערע. די רעגירונגען מוזען געבען יעדען בירגער פולע, אונבעשרענקטע פרייהייט אין האַנדעל און פולע אונבעשרענקטע פרייהייט צו בעוועגען זיך.

ווענען דעם איינזייטיגען ווערט, וואָס די פיזיאָקראַטען האָבען צוגע־שריבען צו דער לאַנד־ווירטשאַפט, האָבען מיר שוין פריהער גערעדט. אָבער דיזע אידעען האָבען יעדענפאַלס קיין בעזונדערען איינפלוס ניט געהאַט. דער פערדינסט פון דיזער שולע בעשטעהט הויפּטזעכליך דערין, וואָס זי האָט געווירקט צו שאַפען פרייהייט פיר די עקאָנאָמישע טעטיגקייט, און אין דעם, וואָס זי האָט אַנגעצייגט אויף די פעהלערן פון דער עקסיסטירענדער רעגירונג. די הויפּט־שטרעבונג פון די פיזיאָקראַטען איז געוועזען צו בעוויי־זען, דאָס יעדער אינדיווידיאום האָט אַ פולעם רעכט צו שטעלען זיך געגען דער רעגירונג, ווען זי וויל שמעלערן זיינע רעכטען. מיט דיזע אידעען האָ־

בען זיי פיעל געהאָלפען צו ענטוויקלען דעם געדאַנק, דאָס די עקסיסטירענדע געזעלשאַפטליכע אָרדנונג מוז פערניכטעט ווערען אום צו מאַכען פּלאַץ פיר אַ נייע אָרגאַניזאַציאָן מיט מעהר גערעכטיגקייט.

די הויפּט-פאָרשטעהער פון דער פיזיאָקראַטישער שולע זיינען געווען: פּ ר אַ נ ס ו אַ ק וו ע ס נ ע י (קענע) (1694—1774) און ז ש אַ ן קלאָד ווינסענט העררר פון גורנעי (1712—1759). דער ערסטער איז געווען דער פערפאַסער פון דעם ווערק „ווירטשאַפטס-גע-מעלדע" מיט דעם בעריהמטען מאָטטאָ: „אָרימע בויערן, אָרימעס רייך, אָרימער קעניג". דאָס איז געווען דער עיקר, וואָס די פיזיאָקראַטען האָבען געוואָלט בעקאַנט מאַכען דער וועלט; די וועלט אָבער האָט עס ניט גוט פערשטאַנען און איז געווען דערצו גלייכגילטיג. זיי האָבען געזוכט צו בע-ווייזען, דאָס די לאַנד-ווירטשאַפט איז די איינציגע קוועלע פון נאַציאָנאַל-רייכטום, און דערביי האָבען זיי געוויזען די וועגען און די מיטלען, ווי דיזער רייכטום זאָל פערטיילט ווערען גלייך צווישען די פערשיידענע קלאַסען פון פאָלק. איינע פון די בעדינגונגען איז, דאָס די רעגירונג זאָל געבען דעם פאָלק פאָלשטענדיגע פרייהייט אין זיינע עקאָנאָמישע שאַפונגען. זיי וויי-זען אויך וואָס פיר אַ שלעכטע פאָלגען עס קומען פון די שטערונגען פון דער נאַטירליכער אָרדנונג.

נאָך אין דער צייט, ווען דער פרידליכער פלאָרי איז געשטאַנען אָן דער שפּיץ פון מיניסטעריום, האָט זיך שוין אָנגעפאַנגען אין הויף די רעגירונג פון די מעטרעסעס. פראַנקרייך האָט אַזאַ אָרדנונג ניט געזעהען ביי זיך אין דער גאַנצער צייט פון איהר געשיכטליכען לעבען. עס האָבען זיך גע-פונען אין הויף מענער ווי בעללעיל, סוביז, דער הערצאָג פון רישעליע און אַנדערע, וועלכע האָבען אָנגעווענדט זייערע קרעפטען צו דערווייטערן דעם קעניג פון זיין פרוי, דער קעניגין, און פערשאַפען איהם פערשיידענע מעט-רעסעס אום צו האָבען דורך זיי אויף איהם און אויף די רעגירונג דעם גע-ווינשטען איינפלוס. אַזוי האָבען זיך אַלע מאָל געביטען די מעטרעסעס ביז ענדליך לענאָרמאַנד ד'עטיאָלעס, שפּעטער בעקאַנט אַלס „מאַרקיזע פון פּאָמ-פּאַדור", האָט געוואוסט ווי צו דערווייטערן אַלע אַנדערע מעטרעסעס, וואָס זיינען איהר געשטאַנען אין וועג, און האָט אַליין בעהערשט דעם קעניג אויף אַ לאַנגע צייט. זי האָט געוואונען דעם גרעסטען איינפלוס איבער'ן קעניג, ווייל זי האָט געוואוסט דורך פערשיידענע אונצעהליגע קליינינקייטען צו מאַכען זיך נעטיג פיר דעם קעניג, און האָט איהם אימער פערשאַפט מיטלען צום צייט-פערטרייב, ווען ער האָט געלאַנגווייל. ווען זי איז שוין געוואָרען

עלטער און איהר שענהייט איז אַרונטער האט זי געפונען אַן אַנדער וועג ווי צו בעהערשען דעם קעניג: זי האט איהם פערשאַפט אַנדערע מעטרעסעס און האט דורך זיי פאַרטגעזעצט אויף איהם איהר איינפלוס.

הגם דער הויף האט איהר אימער געשטערט אין איהרע פּלענער, האט די מארקיזע פון פּאמפּאדור דאָך געוואוסט ווי צו שפּילען איהר ראָלע, אזוי דאס די קעניגין האט זי עמפּפאַנגען און האט זי שפּעטער אויפגענומען צווישען איהרע הויף־דאַמען. דער גאַנצער הויף, וואס האט זיך געפיהלט בעליידיגט צו מוזען זיין אונטערטעניג צו פּאמפּאדור, איז געווען געצוואונגען צו קריכען אויף אלע פיער, אום צו ערווערבען איהר גונסט. פּרינצען זיינען געווען צופרידען ווען זי האט זיי אויפגענומען זיצענדיג און זיך ניט אויפגעשטעלט פאר זיי. נאָר דער פּרינץ פון קאנטי האט זי בעהאַנדעלט קאלט, און דער דאָפין (קרוין־פּרינץ) האט אמאָל אַרויסגעשטעקט דעם צונג בשעת ער האט זי געקוסט אין באַק. אָבער ניט אַכטענדיג אויף איהר גאַנצע מאַכט, אויף איהר רייכטום, אויף אלע שמייכלערייען, וואס זי האט איבעראל בעגעגענט, איז זי דאָך געווען אזוי וועניג גליקליך, ווי די פערשטויסענע קעניגין. זי איז אימער געווען אין שרעק אַריינצופאַלען אין די נעצען, וואס מען האט איהר אונטערגעשטעלט פון אלע זייטען. נאָך מעהר פערצווייפעלט איז זי געוואָרען ווען זי האט בעמערקט, דאס עס קומט אָן אויף איהר די אלטקייט; עס איז איהר זאָגאַר געוואָרען איבערדריסיג די קעניגליכע גונסט. זי האט אמאָל געשריבען: „מיין טרויעריגקייט ווערט אימער שטאַרקער. איך האב מאָמענטען, ווען אלץ איז מיר גלייכגילטיג. מיט דער מאַדאם דע מענטענאָן (די קעניגין) פיהל איך, דאס אין יעדער לאַגע פון לעבען געפינט זיך אַ פירכטערליכע לעערקייט. מיינע ליידען ווערען נאָך גרעסער דערפון, וואס איך מוז אָפּט זיין פרעהליך ווען מיין הארץ איז פול מיט טרויער. איך האב גלענצענדע פּאלאַצען, די טייערסטע קליידער, די שענסטע צירונג אין גאַנץ אייראָפּא, אָבער דאס אלעס האט מיך ניט געמאַכט גליקליך אויף אַ האָאר. איך מוז אָנווענדען אלעס, וואס די קליגסטע קונסט קען געבען, אום צו צושטרייען דעם קעניג'ס שווערמוט. ענדליך אָבער ניצט זיך אלעס אָפּ".

די מאַדאם פּאמפּאדור איז געשטאָרבען אין יאָהר 1764. איהר מאַן, פון וועלכען זי איז ניט געווען געשידען, האט ניט געוואָלט געניסען פון איהר אונגעהייערען רייכטום, וועלכער האט איהם געקאָסט אזוי פיעל שמערץ און טרערען. אַ גאַנצען יאָהר האט געדויערט דער פערקויף פון איהרע רייכטימער פער אויקציאָן.

די מאדאם פאמפאדור און דער מיניסטער בערניס, א קארדי-נאל, האבען געהאט א גרויסען איינפלוס אויף די אויסלענדישע פאליטיק פון פראנקרייך. זיי האבען דורכגעפיהרט דעם בונד צווישען פראנקרייך און עסטרייך; צוליב דעם האט פראנקרייך געמוזט העלפען עסטרייך צו אונטערדריקען פרייסען, און דאס האט געפיהרט דערצו, דאס פראנקרייך האט פערלארען איהר איינפלוס אויף די קאלאניעס, וואס זי האט געהאט אין אמעריקא.

דאס אויסגעלאסענע לעבען פון הויף האט געפיהרט צו פערגרעסערן מעהר און מעהר די שטייערן און די אפגאבען פון פאלק. עס האבען זיך זעהר אפט געביטען די פינאנץ־מיניסטארען; מען האט אלץ געזוכט א מאן, וואס זאל קענען געפינען מיטלען, ווי צו שאפען די אונגעהייערע סומעס, וואס דער הויף האט געהאט נעטיג אויף זיינע פערשווענדערישע אויסגאבען. דער שטאאט האט געהאלטען ביים באנקראטירען. דער עסטרייכישער קריג פיר די ירושה פון טראן האט פערגרעסערט די שולדען פון פראנקרייך אויף 1,192 מיליאנען ליווערס מעהר ווי פריהער. מען האט ניט געקענט געפי-נען קיין מיטלען צו דעקען די אונגעהייערע סומעס, וואס דער 7־יעהריגער קריג האט געקאסט. די קלאגען איבער דעם טרויעריגען צושטאנד פון די פינאנצען זיינען געווען אזוי אלגעמיין, דאס דער קעניג האט פערבא-טען זאגאר צו שרייבען וועגען דעם. עס איז געווען געפעהרליך פיר וועל-כען עס איז בעאמטען צו וועלען וויסען דעם צושטאנד פון די פינאנצען. האט א בעאמטער געפרובט מאכען א פארשלאג צו פערקלענערן די אויס-גאבען, האט ער ארויפגעצויגען אויף זיך דעם צארן פון הויף. האט איינער געראטען איינצופיהרען גלייכע שטייערן פיר אלע קלאסען, זיינען געגען איהם ארויס דער פארלאמענט, די גייסטליכקייט און דער אדעל.

אין דיזען צושטאנד האט זיך געפונען פראנקרייך ווען טעררעי איז אין יאהר 1770 געווארען גענעראל־קאנטראליער איבער די פינאנצען אין לאנד. ער האט זיך גענומען צו גוואלדטעטיגע מיטלען, ניט אכטענדיג אויף וועלכע עס איז געזעצען. ער האט אויפגעהערט צו צאהלען די שולדען פון דער שולדען־קאסע, ער האט פערקלענערט די פענסיאנען, און האט גע-שאפען א שטייער פון געהאלטען. אבער די, וואס האבען גענומען גרויסע געהאלטען, זיינען געווען פריי פון דיזער שטייער, די גאנצע לאסט איז גע-פאלען אויף די בעאמטע, וואס האבען גענומען קליינע געהאלטען. אלע קאפיטאלען, וועלכע האבען בעדארפט אין צייט פון פיער יאהר איינגע-צאהלט ווערען צו וועלכען עס איז שטאנד, קערפערשאפט, שטאדט, גע-

מיינדע, צעך א. אז. וו., זאלען געליפערט ווערען צו דער רעגירונג. טאג־טעגליך זיינען געשאפען געווארען נייע שטייערן מיט נייע געזעצען וועגען שטייער. דערמיט האט ער פערגרעסערט די יעהרליכע איינקונפטען פון לאנד אויף 45 מיליאנען ליוורעס. אבער דאס אלעס האט ניט געהאלפען צו דעקען די געוועהנליכע בעדערפניסען פון הויף און פון שטאאט.

אום צו העלפען זיך האט טעררעי געזוכט צו מאכען אן אנלייהע אין האללאנד. ער האט צוגעזאגט צו צאהלען הויכע צינזען, אבער ער האט ניט יעקענט אפנארען די אויסלענדישע קויפלייט, וועלכע זיינען געווען גוט בע־קאנט מיט דעם טרויעריגען צושטאנד פון די פינאנצען אין פראנקרייך, וואו זאגאר איינפאכע ארבייטער, ווי גלעזער און מויערער, האבען ניט געוואלט ארבייטען אין הויף אין ווערסאיל ביז מען האט זיי בעצאהלט פארויס פיר די ארבייט. ענדליך האט ער בעשלאסען צו מאכען א שטיקעל באנקראט. ער האט ענטזאגט די בעלי חובות פון דער רעגירונג צו צאהלען פראצענט פיר זייער קאפיטאל און האט אויך ארונטערגענומען א טייל פון זייער קא־פיטאל. דיזעס האט בעטראפען 13 מיליאנען צינזען און 26 מיליאנען פון קאפיטאל. צוזאמען מיט דעם פריהערדיגען באנקראט, וואס לאא האט גע־מאכט, האבען די בירגער פערלארען 57 מיליאנען ליוורעס צינזען און מעהר פון 1,000 מיליאנען פון זייער קאפיטאל. נאך דעם חשבון, וועלכען טעררעי האט פארגעלעגט לודוויג דעם 15טען אין יאהר 1774, האבען בעטראפען די אויסגאבען 400 מיליאנען ליווערס און די איינגאהמען 375 מיליאנען, ד. ה. עס איז געווען א דעפיציט פון 25 מיליאנען ליוורעס. דאס איז גע־ווען דער רעזולטאט פון אלע שווערע שטייערן און באנקראטען.

עס פערשטעהט זיך, דאס דיזע ארדנונג האט ארויסגערופען אין פאלק שרעקליכע ערביטערונג און דעם גרעסטען צארן. אבער דיזע ארדנונג איז נאך ניט געווען א טייל אזוי פערהאסט ווי דאס גאנצע סיסטעם פון דער רע־גירונג. אין קיין לאנד פון אייראפא האט ניט געהערשט אזוי פיעל גוואלד־טאט און אונגעזעצליכקייט ווי אין פראנקרייך. די פירסטען האבען ניט געקוקט אויף קיינע געזעצען.

עס האט געהערשט אין פראנקרייך דער פאלשטענדיגער קאפריז פון טראן. דער פארלאמענט האט געהאט דאס רעכט צו מאכען געזעצען, אבער די קרוין האט זיך ניט בעטראכט אלס געבונדען דורך וועלכע עס איז געזע־צען און האט געטאן וואס זי האט געוואלט. דאס איז געווען א סיסטעם פון אן אבסאלוטען הערשער פעראייניגט מיט א דורך און דורך פערפוילטען פעאדאל־אדעל.

**דאָס גאַנצע** לעבען און שאַפען אין פראַנקרייך פון יענער צייט איז געוועזן אונטער דער קאָנטראָל פון דער רעגירונג. עס איז אין ערגעץ ניט געוועזן צו בעמערקען קיין שיין פון זעלבשטענדיגקייט. פון די וויכטיגסטע פראַגען פון אויסלענדישער פּאָליטיק ביז די קלענסטע אַנגעלעגענהייט פון דעם דאָרפישען בירגערמייסטער — אַלעס האָט קאָנטראָלירט די רעגירונג. די גאַנצע פערוואַלטונג פון די פּראָווינצען האָט זיך געפונען אין די הענט פון די אינטענדאַנטען. זיי זיינען געווען וויצע־קעניגען אין פולען זין פון וואָרט. די גובערנאַטאָרען, וועלכע זיינען געווען איבער זיי, האָבען געהאַט אין זייערע הענט נאָר די מיליטערישע מאַכט, אָבער אין פערוואַלטונג האָבען זיי זיך ניט געטאָרט מישען. די גובערנאַטאָרען זיינען געווען פון דעם אַדעל, די אינטענדאַנטען אָבער זיינען גענומען געוואָרען פון דער מיטעלער קלאַס, פון בעאַמטע, וועלכע האָבען זיך אַרויפגעאַרבייט אויף הויכע שטעלעס דורך פליים, געשיקטליכקייט און בלינדע געהאָרזאַמקייט. דיזע האָבען פערוואַלטעט דאָס לאַנד; אין זייערע הענט זיינען געווען די יוסטיץ, די פּאָליציי, די פינאַנצען א. אז. וו.

פון בירגערליכער זעלבסט־הילף און פרייהייט פון דער געמיינדע איז ניט געווען צו בעמערקען קיין שפּור. איבעראַל האָבען זיך געמישט די אינ־טענדאַנטען און געגעבען בעפעהלען. איז אַ קירכע איינגעפאַלען, איז אַ וועג שלעכט געוואָרען, איז אַ בריק צובראָכען געוואָרען, האָט די געמיינדע ניט געהאַט קיין רעכט דיזע גוט צו מאַכען אָהן דער ערלויבנים פון דעם אינטענדאַנט, וועלכער פלעגט זיך אָבער ניט איילען צו געבען דערצו זיין ערלויבנים, וועלכע ער פלעגט מאַנכמאָל אָפּציהען יאָהרען. עס איז קיין וואונדער ניט, וואָס די אינטענדאַנטען זיינען געווען ביים פאָלק אַזוי פער־האַסט. ווען עס האָט אויסגעבראָכען די רעוואָלוציאָן אין יאָהר 1789 איז דער ערסטער אויסגעשריי געווען: „טויט צו די אינטענדאַנטען!"

דיזער דרוק פון דער רעגירונג האָט צושטערט אין פאָלק יעדען געדאַנק פון זעלבסט־הילף און זעלבסט־רעגירונג. דאָס האָט געפיהרט דערצו, אַז דאָס פאָלק האָט געמאַכט די רעגירונג פעראַנטוואָרטליך פיר אַלע אונגליקען, וואָס האָבען פּאַסירט. איז געווען שלעכט די ערנטע, איז שולדיג געווען די רעגירונג; זי האָט בעדאַרפט זאָרגען, דאָס דער אַקערבוי און די פיהצוכט זאָלען שטעהן אויף אַ בעסערער שטופע. איז געפאַלען אַ בהמה, אַן אָקס, אָדער אַ פערד, האָבען די בויערן געפאָדערט פון דעם אינטענדאַנט, אַז ער זאָל זיי אומקעהרען דעם היזק. דאָס זעלבע איז געווען ווען עס האָט אָפּגע־ברענט אַ הויז. די גאַנצע געזעלשאַפט האָט געקוקט אויף די רעגירונג אַלס

אויף א קראפט, וואס קען פערשאפען אלעס, זאגאר רעגען און זון. די רע-גירונג האט זיי געקענט פערשאפען גליק און אונגליק. גראדע ווי הילפלאזע קינדער ערווארטען יעדע שטיצע פון די עלטערן, ווייל זיי זיינען ניט פעהיג צו זארגען פיר זיך.

דער צושטאנד פון די געריכטס-הייזער און פון רעכט אין אלגעמיין איז געווען שרעקליך פערפלאנטערט. דער פארלאמענט האט אליין געהאט דאס רעכט צו מאכען געזעצען. אבער די קעניגליכע ווילקיר (קאפריז) האט זיך ווענינ אדער גארניט געקימערט וועגען זייערע געזעצען. בעזונ-דערס איז געווען פערהאסט ביים פאלק דער „האפט-בריף" (א פאפיר, וואס גיט די מאכט צו ארעסטירען). יעדער, וואס האט געהאט אין הויף א בע-קאנטען, וועלכער האט דארט געהאט א שטיקעל איינפלוס, האט געקענט בעקומען א האפט-בריף, מיט וועלכען ער האט געקענט ארעסטירען וועמען ער האט געוואלט, הגם מען האט איהם ניט געבראכט אין קיין געריכט און מען האט ניט געוואוסט אין וואס ער ווערט בעשולדיגט, און אויב די בע-שולדיגונג האט וועלכען עס איז גרונד.

הגם לודוויג דעם 15טען'ס רעגירונג האט געדויערט זעהר לאנג, דאך קען מען ניט אנצייגען אויף וועלכע עס איז וויכטיגע ענדערונג און רעפארמע, אויסער קליינע, זעהר אונבעדייטענדע ענדערונגען. צבוע'טצטווא אין גלוי-בען, שטרעבונג צו עראבערונגען און אונערזעטליכע לײדענשאפט צו פרוי-ען — דיזעס אלעס איז געווען זיין ציל אין לעבען ביז עס האט געשלאגען זיין לעצטע שטונדע. די הערשאפט פון די מעטרעסעס אין הויף האט ניט אויפגעהערט אויך נאך דעם טויט פון דער מארקיזע דע פאמפאדור. אין געגענטייל, זי איז געווארען נאך ערגער. די גרעפין דיובאררי איז געווען א מיידעל פון נידריגען שטאנד, און איז געווארען גרעפין אום צו קענען זיין דעם קעניג'ס מעטרעסע, און זי האט געשפילט די הויפט-ראלע אין הויף נאך דע פאמפאדור. פרינצען און מיניסטארען האבען אלעס אנגע-ווענדעט אום נושא חן צו זיין ביי איהר. זי איז געווארען דער מיטעלפונקט פון הויף. איהר האט מען געהאט צו פערדאנקען פיר דעם שענדליכען נא-מען, וואס עס האט געקראגען דער אנשטאלט אין דעם הירשען-גארטען. אהין האט מען געבראכט פיעלע מיידלאך, וואס האבען זיך איבערגעגעבען פריי-וויליג צו ערפילען די שענדליכע לוסט פון קעניג. אבער אויסער דעם האט מען נאך אין גאנצען לאנד געזוכט צו פערפיהרען און צוצונעהמען מיידלאך מיט געוואלד און ברייגנען זיי צום קעניג, אום צו רייצען די עקעלהאפטע לײדענשאפטען פון דיזען אפגעלעבטען בעל תאוה.

צוזאַמען מיט די פערשוועגדערייען און הולטייסקע אויפפיהרונגען אין הירשען־גאָרטען זיינען אין דער אַנשטאַלט אויך געווען איינגעפיהרט רעלי־גיעזע איבונגען. דער קעניג זעלבסט האָט געלערנט מיט די שילערינס די פּרינציפּען פון רעליגיאָן. עס איז שווער צו בעגרייפען, ווי אַזוי רעליגיאָ־זיטעט האָט געקענט האַרמאָנירען מיט אַזאַ צולאָזענקייט. דער קעניג האָט אָבער געקענט פעראייניגען אין זיך צוויי עקסטרעמען: הולטייסטוואָ מיט רעליגיאָזיטעט, הייליגקייט מיט אַ שמוציגען לעבען, חרטה אויף זיין שלעכטע רעגירונג און גלייכגילטיגקייט צו אַלעם בייזען, וואָס טוט זיך אין זיין לאַנד.

דעם ביישפּיל פון קעניג האָבען נאָכגעטאָן דער גאַנצער הויף און די גרעסטע פון לאַנד. די פערדאָרבענהייט פון זיטען האָט זיך פערשפּרייט פון אויבען אַראָפּ און האָט מאָראַליש פערפעסטעט דאָס גאַנצע לאַנד. די פרויען האָבען זעלטען געזעהען זייערע מענער צו הויז, זעלטען האָט מען זיי געזעהען אין געזעלשאַפט. דאָס הייראַטען איז נאָר געווען אַ געשעפט, ניט אַ פאַמיליען־פערבאַנד. די מענער האָבען נאָר געוואָלט געניסען, און די ווייבער — עראָבערן. מען האָט די הייראַט לייכט געפונען און לייכט פערלאָזען. אייפערזוכט איז אין גאַנצען אַרויס פון דער מאָדע.

אין יאָהר 1774 איז לודוויג דער 15טער ענדליך געשטאָרבען פון פּאָקען. ער האָט זיך אָנגענומען מיט דיזער קרענק פון אַ מיידעל, וואָס די דיובאררי האָט איהם געבראַכט. דאָס גאַנצע לאַנד האָט זיך געפרייט מיט זיין טויט. דאָס פאָלק האָט פערפאַסט וועגען איהם שפּאָט־לידער.

דעם 11טען מאַי 1774 האָט בעשטיגען דעם טראָן לודוויג דער 16טער. דאָס פאָלק האָט איהם גערופען „דער געוווּנשטער". ער זעלבסט אָבער האָט געזאָגט: „איך פיהל אַזוי ווי די גאַנצע וועלט איז מיר איינגעפאַלען". יע, זיין האַרץ האָט איהם פאָרויסגעזאָגט זיין פינסטערען סוף. לודוויג דער 15טער האָט געזאָגט: „apres moi le deluge" (נאָך מיר מעג זיין אַ מבול), און דאָס איז ווירקליך מקוים געוואָרען אויף לודוויג דעם 16טען. ער איז ווירקליך דערטרונקען געוואָרען אין אַ מבול פון פּאָליטישער און מאָראַלישער פערדאָרבענהייט פון לאַנד.

## ב. די רעגירונג פון לודוויג דעם 16טען ביז צום אויסברוך פון דער רעוואָלוציאָן (1774—1789).

עס איז בעוואוסט, דאָס יעדער רעגירונגס־וועקסעל ערוועקט אין פאָלק האָפנונגען און ווינשען. אָבער עס איז קוים צו געפינען אין דער געשיכטע אַ טראָן־בעשטייגונג, וואָס זאָל בעגריסט ווערען פון פאָלק מיט אַזאַ פרייד

און ענטהוזיאַזם ווי די טראָן-בעשטייגונג פון לודוויג דעם 16טען. און ער איז ווירקליך געווען אַ מענש מיט שטרעבונגען צו טאָן גוטעס, און האָט געהאַט אַ נאַטירליכע אָפּנייגונג פון צו טאָן שלעכטעס און צו זיין אויס-געלאַסען. די שלעכטע, וואָס האָבען אָנגעפילט דעם הויף, זיינען פון דאָרט פעריאָגט געוואָרען; ביים רודער פון דער רעגירונג האָבען זיך געפונען אָרענטליכע מיניסטאָרען. דאָס פאָלק האָט ערוואַרטעט אונבעשרענקטע פרייהייט אין האַנדעל, די אָפּשאַפונג פון די שווערע שטייערן, גלייכע פער-טיילונג פון די אָפּגאַבען, די פערניכטונג פון אַלע בעשרענקונגען אין דער אינדוסטריע און אַנדערע ענדערונגען, און די רעגירונג האָט ביז אַ געוויסען גראַד געזעהען דיזע האָפנונגען צו פערווירקליכען, הגם ניט מיט אַמאָל און ניט אין דעם גראַד, ווי דאָס פאָלק האָט ערוואַרט.

די גאַנצע רעגירונג פון לודוויג דעם 16טען איז אין גרונד גענומען ניט מעהר ווי אַ גאַנצע רייהע פון פּראָבעס צו מאַכען רעפאָרמעס. די רעגירונג האָט ווירקליך מיט'ן גאַנצען הארצען געזוכט אָפּצושאַפען דאָס שלעכטעס, פון וועלכען דאָס לאַנד האָט געליטען. זי איז אָבער ניט געווען גליקליך אויסצוגעפינען די ריכטיגע מיטלען ווי דאָס צו טאָן. איהר האָט אויך גע-פעהלט די פעסטקייט דורכצופיהרען די געפּלאַנטע רעפאָרמעס.

באַלד ווי לודוויג דער 16טער האָט בעשטיגען דעם טראָן האָט ער אָפּ-געשאַפט די צוויי מיניסטאָרען, טעררעי און מאָפּעאָן, וועלכע זיינען געווען ביים פאָלק שרעקליך פערהאַסט פיר זייער שלעכטע רעגירונג, און האָט ער-וועהלט די בעסטע מענער פון די פיזיאָקראַטען, נעמליך: טורגאָט (טורגאָ) און מאַלעסהערבעס (מאַלזערב). טורגאָט האָט זיך שוין ערוואָרבען אַ גרויסען נאָמען אין דער שולע פון די פיזיאָקראַטען מיט זיינע אידעען און פאָרשונגען אין דער נאַציאָנאַל-עקאָנאָמיע. ער איז שוין אויך געווען גוט פּראַקטיצירט אין זיין פאַך. מאַלעסהערבעס איז אויך געווען אַ מאַן מיט אַן עהרענהאַפטען כאַראַקטער און אַ שענעם אונבעפלעקטען נאָמען.

טורגאָט איז ערוועהלט געוואָרען אַלס פינאַנץ-מיניסטער. ער האָט מיט זיך געבראַכט אַ נייעם פּלאַן פון רעפאָרמע. ער האָט פערשפּראָכען: „קיין באַנקראָט, קיין נייע שטייער, קיין אַנלייהען". דאָס גאַנצע שטייער-וועזען האָט געזאָלט רעפאָרמירט ווערען פון גרונד. די פערוואַלטונג אין לאַנד האָט געזאָלט ווערען איבערגעגעבען צום פאָלק זעלבסט, צו די פּראָווינצען, קרייזען און געמיינדעס. ער האָט אין זיין פּראָגראַם געפאָדערט אָפּצושאַפען אַלע פאָרמעס פון פעאָדאַליטעט, די צאָל-טאַריפען אין לאַנד זעלבסט, די

הערשאַפט פון די צעכען און אַלע פּריווילעגיעם. די צילען און פּלענער פון מאַלעסהערבעס זיינען געווען פון אַ פיעל מילדערער נאַטור. ער האָט גע-שטרעבט אויסצורייניגען דעם שמוץ פון דער יוסטיץ, ער האָט געהאַט זיין ציל אָפּצושאַפען די האַפט־בריף און די פּאָלטער (פּייניגונג). ער איז געווען געגען צענזור און האָט געוואָלט איינפיהרען פּרעס־פרייהייט. זיי האָבען געוואָלט דורכפיהרען אָהן גוואַלדטאַטען דאָס, וואָס די רעוואָלוציאָן האָט שפּעטער דורכגעפיהרט. אָבער די פּריווילעגירטע קלאַסען האָבען זיי געשטערט דורכ-צופיהרען זייערע רעפאָרמעס. עס איז געווען נעטיג צו פערניכטען פריהער זייער הערשאַפט און צו מאַכען פּלאַץ דעם דריטען שטאַנד, דעם בירגערטום.

פריהער פון אַלעס האָט טורגאָט געמאַכט פריי דעם געטריידע־האַנדעל. ער האָט אָפּגעשאַפט דאָס געזעץ, לויט וועלכען געטריידע האָט געקענט ווערען אריינגעפיהרט פון איין פּראָווינץ אין די אַנדערע נאָר מיט דער ערלויבניס פון די בעאַמטע. ער האָט פערבאָטען אויפצוקויפען געטריידע און פערקויפען עס מיט העכערע פּרייזען אין אַנדערע פּראָווינצען. דאָס האָט בעזונדערס ערביטערט דעם אדעל געגען טורגאָט'ן און זיי האָבען אין פריהלינג פון יאָהר 1775 אָרגאַניזירט געגען איהם אין פּאַרלאַמענט אַ „מעהל־קריג". זיי האָבען געדונגען באַנדעס, וועלכע האָבען פערניכטעט אַלעס אין געטריידע־געשעפט: דיזע זיינען בעפאַלען געטריידע־טראַנספּאָר-טען, בעקערייען, קאָרן־מאַגאַזינען א. אז. וו. און האָבען זיי פערניכטעט. דערמיט האָבען זיי געוואָלט אויסהונגערן פּאַריז. אָבער טורגאָט האָט אָנ-גענומען ענערגישע מיטלען און האָט דורכגעפיהרט זיין פּלאַן, צו מאַכען דעם געטריידע־האַנדעל פריי, און האָט פערניכטעט אַלע בעשרענקונגען אין דעם.

נאָך אַ רייהע פון קליינע רעפאָרמעס האָט טורגאָט פערלאַנגט פון קע-ניג, אַז ער זאָל אונטערשרייבען 6 עדיקטען, צווישען וועלכע עס איז אויך געווען דער עדיקט וועגען צעכען. דאָס האָט אָנגעמאַכט צווישען זיינע פיינד אַ שרעקליכען שטורם, איבערהויפּט דער עדיקט וועגען אָפּשאַפען צעכען. אין דיזען עדיקט שרייבט דער קעניג פאָלגענדע זעהר וויכטיגע ווערטער: „מיר זיינען שולדיג צו פערשאַפען אַלע אונזערע אונטערטאַנען פולע זיכערהייט צו געניסען זייערע רעכטען. איבערהויפּט זיינען מיר עס שולדיג צו דער קלאַס מענשען, וועלכע האָבען ניט קיין אַנדער אייגענטום אויסער זייער אַרבייט און זייער פּליים, און דעריבער האָבען זיי דאָס רעכט צו שעפּען פון דיזער איינציגער קוועלע אַלעס, וואָס זיי קענען בעקומען. מיט גרויס שמערץ האָבען מיר געזעהען, ווי דיזעס נאַטירליכע רעכט ווערט

פון זיי צוגענומען דורך געוויסע איינארדנונגען און איינריכטונגען, וועלכע זיינען אפילו זעהר אלט, אבער ניט די צייט, ניט די הערשענדע מיינונג פערענטפערן דאס אונרעכט, וואס ווערט געטאן צו דיזער קלאס מענשען".

דיזע ווערטער אויסגעשפראכען פון טראן האבען געהאט אן אונגע-הייערע ווירקונג, און האבען געמאכט א שטארקע אויפרעגונג צווישען די פריווילעגירטע קלאסען. זיי האבען אפילו צוגעגעבען, דאס די צעכען מוזען אפגעשאפט ווערען, אבער די אנדערע עדיקטען האבען זיי בשום אופן ניט געקענט און ניט געוואלט דערלאזען. דער הויף און דער אדעל זיינען גע-ווען געגען די עדיקטען. מען האט זיי אפילו פערמאכט די מיילער און זיי האבען געמוזט שווייגען, אבער ווען טורגאט איז ארויס מיט זיין פראָ-יעקט, אז מען זאל שאפען א פאלקס-פערטרעטונג אהן אן אונטערשייד פון קלאסען, האט זיך אויפגעהויבען געגען איהם אזא שרעקליכער שטורם, דאס דער קעניג האט איהם געמוזט ענטזאגען פון זיין שטעלע, הגם ער האט עס געטאן מיט א שווערען געמיט, געגען זיין ווילען. דער הויף, דער אדעל, די גייסטליכע און דער פארלאמענט זיינען אלע געווען אויסער זיך פון פרייד פון זייער זיג. נאר וועניגע האבען פערשטאנען, דאס דיזער זיג איז זייער אונטערגאנג.

צוזאמען מיט טורגאט'ן איז אויך געפאלען מאלעסהערבעס. זייער פלאץ האט פערנומען קלוני. ער האט זיך אויסגעצייכענט דערמיט, וואס ער האט אפגעשאפט אלע רעפארמעס פון טורגאט. ער האט אבער גאר קיין נייעס ניט געקענט אויפטאן אום צו שאפען וועניגסטענס די נעטיגע טעגליכע אויסגאבען, און מען האט איהם ענטזאגט. דער הויף האט בע-שטימט אלס פינאנץ-מיניסטער דעם בעריהמטען באנקיר פון יענער צייט, נעקקער. מען האט געברויכט א מאן מיט גרויסען קרעדיט, און דאס איז געווען נעקקער. זיין באנק-הויז איז געווען דאס גרעסטע און זיכערסטע אין פאריז, און ער האט געהאט גרויסען קרעדיט אין גאנצען לאנד. ער האט מיט זיין קליינעם פערשטאנד ניט געוואלט וויסען פון די רעפארמעס, וואס טורגאט האט איינגעפיהרט. טורגאט האט גוט פערשטאנען, דאס נאר רא-דיקאלע ענדערונגען קענען רעטען דאס לאנד. נעקקער אבער האט דערפון ניט געוואלט וויסען און האט געזוכט צו פערבעסערן דעם צושטאנד פון די פינאנצען דורך נייע אנלייהען. ער האט עס אויך געקענט דורכפיהרען, ווייל ער האט געהאט אין לאנד גרויסען צוטרויען און ווייל ער איז געווען א געניטער ספעקולאנט אויף דער בערזע. איהם האבען די גרעסטע באנק-

הייזער געטרויט גרויסע סומעס, וועהרענד זיין פאָרגענגער, קלוני'ן, האָבען זיי קיין פעניג ניט געוואָלט טרויען.

אָבער די אַנגלייהען האָבען ניט געקענט ברייננען אמת'ע הילף דעם טרויעריגען צושטאַנד פון די פינאַנצען. זיי האָבען נאָר אָפּגעלעגט דעם באַנקראָט אויף אַ לענגערע צייט. אין צייט פון דריי יאָהר, פון 1777 ביז 1780, האָבען זיך די שולדען פון לאַנד פערמעהרט אויף 500 מיליאָנען ליוור-רעס, אָבער נעקקער האָט ניט געשאַפען קיין נייע איינקונפטען. דאַמאָלס האָט ער שוין אויפגעהערט צו געברויכען דעם געפעהרליכען מיטעל צו שאַ-פען נייע הלוואות. ער איז געקומען צום בעשלוס, דאָס טורגאָט'ס רעפאָר-



לודוויג דער 16טער.

מעס זיינען זעהר נעטיג און וויכטיג. אום דיזע רעפאָרמעס איינצופיהרען האָט ער געפונען פיר נעטיג צו מאַכען בעקאַנט דאָס פאָלק מיט דעם וואַהרען צושטאַנד פון די פינאַנצען אין לאַנד. צו דיזען צוועק האָט ער פערעפענט-ליכט אַ פינאַנץ-רעפּאָרט, אין וועלכען עס איז ערקלערט געוואָרען די לאַגע מיט אַלע איינצעלהייטען. די וועלט האָט דאַמאָלס צום ערסטען מאָל זיך דערוואוסט פון דעם שרעקליכען טרויעריגען צושטאַנד פון פראַנקרייך'ס פינאַנצען און אויך פון דער הויפּט-אורזאַך פון דיזער לאַגע — דאָס דער הויף פערשווענדט אַזעלכע ריזיגע סומעס, וואָס קיינע איינקונפטען זיינען ניט אין שטאַנד צו דעקען. דערמיט האָט נעקקער אָנגעצייגט אויף די

הויפּט־וואונד, וועלכע פאָדערט פריהער פון אַלעם צו ווערען אויסקורירט. דער הויף איז געוואָרען שרעקליך אויפגעבראַכט אויף נעקקער׳ן פיר דיזע טאַט, און ער האָט געמוזט רעזיגנירען. אָבער די גאַנצע וועלט האָט איהם דערפאַר זעהר געאַכטעט, ווייל מען האָט זיך פון זיין רעפּאָרט דערוואוסט די וואהרע אורזאַך פון דער טרויעריגער לאַגע פון די פינאַנצען, און מען איז געקומען צום בעשלוס, דאָס כל זמן דיזער הויף וועט עקסיסטירען קען מען ניט ערוואַרטען קיין גוטעס.

עס זיינען אוועק צוויי יאָהר אָהן וויכטיגע ענדערונגען אין די פינאַנ־צען פון פראַנקרייך. צו ענדע פון יאָהר 1783 איז געשטעלט געוואָרען ביים רודער דאָס מיניסטעריום פון קאַלאָננע. דיזער מאַן איז געוועזען נאָך דעם וואונש פון הויף. ער האָט ניט פערלאַנגט קיין רעפאָרמעס ווי טורגאָט, ער האָט אויך ניט געפּאָדערט קיין פערקלענערונג אין די אויסגאַבען פון הויף ווי נעקקער; ער איז געוועזען פון דער מיינונג, דאָס דער לוקסוס פון הויף איז גאָר אַ טובה פיר דאָס לאַנד, ווייל עס העלפט צו פערברייטערן און פערגרעסערן אין לאַנד דעם האַנדעל און די אינדוסטריע.

דער הויף האָט ווידער דערלעבט גלענצענדע טעג. די רעגירונג האָט פערקויפט דעם אַדעל גיטער פיר 20 מיליאָנען ליוורעס. דיזע סומע איז אָבער ניט אַריינגעקומען אין די שטאַאַטס־קאַסע. אַלע שטייערן זיינען איינגעקאַסירט געוואָרען פיר איינינע יאָהר פאָרויס, אום מען זאָל דערמיט אָפּצאָהלען די צינזען פון די שטאַאַט־שולדען. דיזעס האָט פערשאַפט דעם מיניסטער נייעם קרעדיט און ער האָט געקענט מאַכען נייע אַנלייהען. עס האָבען אָנגעהויבען אַריינקומען פרישע גרויסע סומעס. אָבער נאָך אַלעס איז עס געווען נאָר אַ געפעהרליכער שווינדעל. די קאַסעס זיינען פּלוצלינג געוואָרען לעער ווי פריהער. דער גרויסער בריה, דער מיניסטער, האָט שוין מעהר ניט געפינען קיין מיטעל ווי אָנצופילען צוריק די קאַסעס. זינט נעק־קער איז אַרויס פון מיניסטעריום זיינען די שטאַאַט־שולדען פערגרעסערט געוואָרען אויף 1,200 מיליאָנען ליוורעס. דער יעהרליכער דעפיציט האָט בעטראָפען 30 מיליאָנען ליוורעס. דער שטאַאַט האָט פערלאָרען דעם גאַנ־צען קרעדיט.

צו אַלעם דעם איז די עפענטליכע מיינונג געוועזען זעהר אויפגעבראַכט געגען דעם הויף זינט עס זיינען בעוואוסט געוואָרען די שרעקליכע פער־שווענדונגען און דער לוקסוס דאָרט. צו פערגרעסערן די אויפרעגונג פון פאָלק האָט זיך גראַדע דאַמאָלס געמאַכט דער פּראָצעס וועגען דעם האַלז־באַנד. דער קאַרדינאַל לודוויג פין ראָהאַן, וועלכער האָט געוואָלט ערווערבען

די גונסט פון דער קעניגין, האט איהר געקויפט א האלזבאנד, פיר וועלכען ער האט בעצאהלט 1,400,000 ליוורעס. דורך א הויף־אינטריגע איז די זאך ארויס אין די עפענטליכקייט. עס איז ענטשטאנען א פראצעס. עס פערשטעהט זיך, דאס ראהאן איז געווארען פריי געשפראכען. אבער דאס פאלק האט גוט פערשטאנען וואס דא טוט זיך.

א גרויסען איינפלוס אויף דעם גייסט פון די מאסען אין פראנקרייך האט געהאט דער ערפאלג פון די אמעריקאנישע קאלאניסטען אין דעם קאמף מיט ענגלאנד פיר זייער פרייהייט און אונאפהענגיגקייט. פערדינט דען ניט דאס פראנצויזישע פאלק, וועלכעס שטעהט אן דער שפיץ פון ציוויליזאציאן,



מאריא אנטואנעטטע.

צו זיין אזוי פריי און אונאפהענגיג ווי די קאלאניסטען, וואס זיינען צו־זעעט און צושפרייט אין די אור־וועלדער פון אמעריקא? — דאס פאלק איז געווען איבערצייגט, דאס עס איז געקומען די צייט, אז דער פערפוילטער דעספאטיזם זאל מאכען פלאץ דער רעפובליקאנישער ארדנונג. דאס גאנצע פראנצויזישע פאלק איז געווען בעגייסטערט מיט דעם פרייהייטס־קאמף פון די אמעריקאנער, און האט גענומען א גרויסען אנטייל אין דעם שטרייט צווישען אמעריקא און ענגלאנד. דאס איז ניט געווען דער רעזולטאט פון דעם עהרגייץ פון איינינע אפיצערען, וועלכע האבען געזוכט א צופאל אויס־צוצייכנען זיך, אדער אן אינטריגע פון א מעטרעסע, וואס האט געהעצט

פראַנקרייך געגען ענגלאַנד, ווי איינינגע ווילען עס בעהויפּטען. אויך די אַרמעע און די אָפיצערען, וועלכע האָבען געהאָלפען אַמעריקאַ אין איהר שטרייט, זיינען צוריקגעקומען אהיים מיט גרויס בעגייסטערונג פיר פריי־הייט, און דיזע בעגייסטערונג איז געווען די הויפּט־אורזאַך פון דער האַלטונג פון דער אַרמעע אין דער צייט פון דער רעוואָלוציאָן.

דערוויילע זיינען די שולדען אין פראַנקרייך געוואַקסען מעהר און מעהר. דער אַמעריקאַנישער קריג אַליין האָט געקאָסט פראַנקרייך ניט װעניגער פון 1,052 מיליאָנען ליוורעס. עס איז פיר אַלעמען געוואָרען קלאָר, דאָס פראַנקרייך שטעהט ביים ברעג פון אָפּגרונד. ביינאַהע 111 מיליאָנען ליוו־רעס האָט די רעגירונג געהאַט צו צאָהלען יעדען יאָהר נאָר פּראָצענט פיר די שולדען, וואָס זי האָט אָנגעמאַכט. דער פינאַנץ־מיניסטער קאַלאָננע האָט אַליין געזאָגט: „די שולדען, דער דעפיציט פון יעדען יאָהר זיינען אַזוי גרויס, דאָס עס איז אונמעגליך צו עקסיסטירען ווייטער אין דיזען צושטאַנד. עס מוז געשעהען נאָר עטוואָס אונגעוועהנליכעס אום מען זאָל זיך קענען אויסדרעהען פון דיזער טרויעריגער לאַגע".

קאַלאָננע האָט זיך געוואָרפען אויף אַלע זייטען ווי אַ פערצווייפעלטער. ארויפצולעגען נייע אָפּגאַבען אויף דעם פאָלק איז ניט געווען זאַגאַר צו דענקען, ווייל דאָס פאָלק איז שוין אַזוי אויך געווען שרעקליך אויסגעזויגט. דאָס איינציגע, וואָס איז געבליבען צו טאָן, איז געווען, ארויפצולעגען אַן אָפּצאָהל אויף די גיטער פון דעם אַדעל און פון די גייסטליכע. דעם 22טען פעברואַר 1787 איז בערופען געוואָרען אַ פערזאַמלונג פון די גרויסע אַדעל־ליים אין ווערסאַיל אום צו פערהאַנדלען דאָרט די זאַך. אַזאַ פערזאַמלונג האָט ווערסאַיל ניט געזעהען זינט 150 יאָהר. אָבער די פערזאַמעלטע האָבען ניט געוואָלט הערען פון אַזאַ בעשטייערונג. זיי האָבען ניט געוואָלט ענטזאַ־גען זיך אַליין פריייוויליג פון זייערע פריווילעגיעס, וועלכע האָבען זיי בע־פרייט פון אַלץ אָפּצאָהלונגען. זיי האָבען זיך אפילו שטאַרק דערשראָקען ווען זיי האָבען דערהערט אין וואָס פיר אַן אונגליקליכען צושטאַנד עס געפינען זיך די פינאַנצען פון לאַנד, אָבער אָנשטאָט איינצושטימען צום מיניסטער'ס פאָרשלאַג וועגען ארויפלעגען אַ שטייער אויף די גיטער פון די רייכע, האָבען זיי בעשולדיגט דעם מיניסטער אין אונפעהיגקייט און האָבען געפאָדערט פון קעניג, אַז ער זאָל איהם ענטלאַסען. דער קעניג האָט דיזע פאָדערונג נאָכ־געגעבען און אָנשטאָט קאַלאָננע איז ערוועהלט געוואָרען אַלס מיניסטער איינער פון דער פערזאַמלונג, ב ר י ע נ נ ע, דער ערץ־בישאָף פון סענס און טולוזע. די פערזאַמעלטע האָבען ערקלערט, דאָס זיי זיינען בערייט

איינצושטימען אויף איניגע רעפארמעס, אָבער נאָר דאַן, ווען דער מי־ניסטער וועט זיין אַ שטאַאטסמאַן, וואָס האָט פערדינט זייער פולען צו־טרויען. דאָס איז אייגענטליך געווען נאָר אַ מיטעל צו שיטען דעם פאָלק זאמד אין די אויגען, און צו צייגען, דאָס זיי זיינען ניט אויסען צו בעהאַל־טען זייערע פריווילעגיעס, דאָס זיי זיינען אין גרונד אמת׳ע פריינד פון פאָלק, אָבער זיי ווילען האָבען אַ מאַן, וואָס זיי זאָלען איהם קענען אָנפער־טרויען די הערשאַפט און לייטונג איבער די פינאַנצען פון לאַנד. די הויכע אַדעליגע האָבען אפילו איינגעשטימט צו איניגע קליינע רעפאָרמעס, אָבער ווען אויך בריעננע איז אַרויס מיט דער פאָדערונג צו בעלאַסטען מיט שטיי־ערן די גיטער פון די אַדעליגע און די גייסטליכע, האָבען זיי מיט אַ גרויסער מאַיאָריטעט זיין פלאַן פערוואָרפען. די פערזאַמלונג איז ענטלאַסען גע־וואָרען דעם 25טען מאַי 1787. די הויכע אַדעליגע זיינען געווען שטאָלץ מיט זייער ערפאָלג. זיי האָבען ניט נאָר פערטיידיגט זייערע פריווילעגיעס געגען דעם הויף, נאָר זיי האָבען אויך געוואונען אויף זייער זייט די פאָלקס־מיינונג. די מאַסען איז געפעלען געוואָרען, וואָס די אַדעליגע זיינען אָפען־אַרויס געגען דעם הויף; זיי זיינען אָבער געווען צו קורצזיכטיג צו זעהן, דאָס מיט דיזען ווידערשטאַנד וועט די גאַנצע לאַסט פון די אויסגאַבען פון לאַנד פאַלען נאָר אויף זיי, ווי עס איז געווען דער פאַל ביז יעצט.

בריעננע האָט אָבער זיין פלאַן נאָך ניט אויפגעגעבען. ער האָט איהם אויך ניט געקענט אויפגעבען, ווייל דיזער פלאַן איז געווען דער איינציגער, וואָס האָט געקענט העלפען דעם לאַנד אַרויסצורייסען זיך פון דער טרויערי־גער לאַגע, אין וועלכער עס האָט זיך געפונען צוליב דער שרעקליכער אונ־אָרדנונג, וואָס האָט געהערשט אין די פינאַנצען. אום ער זאָל זיך קענען ווענדען מיט זיין פלאַן צום פאַרלאַמענט האָט ער צוגעטראַכט אַ שלויען מיטעל. ער האָט נעמליך צוגעטראַכט נאָך אַ נייע שטייער, וואָס זאָל פאַלען נאָר אויף די דריטע קלאַס (בירגער און בויערן), וועלכע דער פאַרלאַמענט רעפרעזענטירט, און צוזאַמען מיט דיזער שטייער וועלען זיי שוין קענען פערהאַנדלען די אַנדערע שטייער, וואָס ער האָט געוואָלט אַרויפלעגען אויף די גיטער פון די אַדעליגע און גייסטליכע. דיזע נייע שטייער איז געווען די „שטעמפעל־שטייער", אַ שטייער אויף יעדען דאָקומענט, וואָס די דריטע קלאַס בעקומט פון דער רעגירונג אין געשעפט, אינדוסטריע או. אז. וו. די אַדעליגע אין פאַרלאַמענט האָבען אויפגענומען צו דיסקוטירען נאָר די איין העלפט פון דעם פלאַן, וועגען שטעמפעל־שטייער, און האָבען איהם פער־וואָרפען מיט דעם אויסרייד, דאָס עס איז פיר דאָס פאָלק אַ צו גרויסע

נייע בעלעסטיגונג, און זיי, אַלס גרויסע פאָלקס־פריינד, ווילען דאָס ניט דער־לאָזען. מיט דיזען אופן איז פערוואָרפען געוואָרען דער גאַנצער פּלאַן, און בריעננע איז ווידער געבליבען אין אַ פערלעגענהייט.

די רעגירונג האָט דעם פּאַרלאַמענט צולאָזען, אָבער זי האָט איהם צו־ריקגערופען מיט דער בעדינגונג, אַז ער זאָל אָננעהמען די עדיקטען. זי האָט געפאָדערט פון פּאַרלאַמענט צו מאַכען נייע אַנלייהען, צו פערגרעסערן די שולדען ביז דער סומע פון 440 מיליאָנען ליווערס, אום מען זאָל קענען דעקען די נעטיגע אויסגאַבען. דעם 20טען סעפּטעמבער 1787 האָט שטאַט־געפונען די זיצונג פון פּאַרלאַמענט אום צו פערהאַנדלען דעם פּאָרשלאַג. דיזען מאָל איז דער הערצאָג פון אָרלעאַנס אַרויס אָפען געגען דעם הויף און האָט דעם גאַנצען פּלאַן מיט די פאָדערונגען פון בריעננע פערוואָרפען. דאָס האָט דעם קעניג זעהר שטאַרק אויפגערעגט און ער האָט פערלאָזען די זיצונג.

אום צו נעהמען ראַכע פון פּאַרלאַמענט פיר דיזע האַנדלונג, האָט דער קעניג פערשיקט דעם הערצאָג אויף זיינע גיטער, אַזוי דאָס ער האָט ניט גע־טאָרט אָפּפאָהרען פון זיינע שלעסער, און די וויכטיגסטע מיטגלידער פון פּאַרלאַמענט האָט ער אַריינגעוואָרפען אין געפענגניס. דיזע האַנדלונג פון קעניג האָט אויפגערעגט די עפענטליכע מיינונג. דער פּאַרלאַמענט האָט פּראָטעסטירט און האָט געפאָדערט די בעפרייאונג פון די מיטגלידער. דער פּאַרלאַמענט איז אַרויס אָפען געגען דער רעגירונג, און דעם 27טען אַפּריל 1788 איז ער אַרויס צום פאָלק מיט אַן ערקלערונג איבער די גרונד־געזעצען פון דער פראַנצויזישער מאָנאַרכיע. מיר ווען היר בריינגען איינינע אויס־צוגען פון דיזער ערקלערונג:

„פראַנקרייך איז אַ מאָנאַרכיע, וועלכע ווערט רעגירט פון קעניג לויט געוויסע פעסטגעשטעלטע געזעצען. איינינע פון דיזע געזעצען זיינען גרונד־געזעצען, און שליסען איין:

1) דאָס רעכט פון דער מענליכער אָפּשטאַמונג פון דער קעניגליכער פאַמיליע אויף'ן טראָן.

2) דאָס רעכט פון דער נאַציאָן צו בעווילינען די שטייערן דורך'ן פּאַר־לאַמענט, וואָס ווערט ערוועהלט פון די פערשיידענע שטאַנדען.

3) דאָס געוואוינהייטס־רעכט (געזעצען, וואָס זיינען ענטשטאַנען פון לאַנגע מנהגים) און די בעדינגונגען, אויף וועלכע די פּראָווינצען זיינען גע־וואָרען אַ טייל פון פראַנקרייך.

4) די ניט־אַראָפּזעצבאַרקייט פון ריכטער, דאָס רעכט פון די הויפּען אין יעדער פּראָווינץ צו בעקלערען די בעפעהלען פון קעניג און גוטהייסען זיי אין אַזוי ווייט, ווי זיי זיי שטימען איין מיט די פערפאַסונגען פון דער פּראָווינץ און מיט די גרונד־געזעצען פון דעם שטאַאַט.

5) דאָס רעכט פון יעדען בירגער קיינמאָל און אויף קיין אַרט אוועק־גענומען צו ווערען פון זיין נאַטירליכען ריכטער.

6) דאָס וויכטיגסטע רעכט, אָהן וועלכען אַלע אַנדערע זיינען נוצלאָז: דאָס רעכט קיינמאָל און אויף קיינערליי בעפעהל אַרעסטירט צו ווערען אויסער אום איבערצוגעבען איהם צום געריכט.

דער פּאַרלאַמענט פּראָטעסטירט געגען יעדען אָנגריף אויף דיזע אויס־געשפּראָכענע גרונד־געזעצען, ער ערקלערט איינשטימיג, דאָס ער וועט זיי אימער אָפּהיטען, און אין פּאַל ווען מען זאָל זיי מיט געוואַלד זוכען אָפּצו־שאַפען, וועט ער זיי איבערגעבען פיר זיכערע אויפּפּאַסונג אין די הענט פון קעניג, פון זיין ערהאַבענער פאַמיליע, פון דעם רייך, פון די שטאַנדען פון רייך און פון יעדען פון די פערזאַמעלטע אָדער ניט פערזאַמעלטע שטאַנדען, פון וועלכע עס בעשטעהט די נאַציאָן".

די שפּראַך פון דיזער ערקלערונג דערמאָהנט אָן דעם ענגלישען „ביל פון רעכטען" פון יאָהר 1628. דער פראַנצויזישער פּאַרלאַמענט האָט אויך פּלוצלינג געפונען אָן אונערשראָקענעם מוט, ווייל ער האָט געזעהען הינטער זיך דאָס גאַנצע פאָלק. און אויסער דעם האָט מען געהערט, דאָס דער הויף איז בערייט צו טאָן עטוואָס אונגעוועהנליכעס.

דער קעניג איז בעגאַנגען אַ פערגוואַלטיגונגס־אַקט. ער האָט מיט דריי עדיקטען אָפּגענומען פון פּאַרלאַמענט אַלע פּאָליטישע רעכטען. אָנ־שטאָט דעם פּאַרלאַמענט האָט דער קעניג בעשטימט איינינגע בעפאָלמעכ־טיגטע פערזאָנען, וועלכע זיינען אונטערוואָרפען און פעראַנטוואָרטליך נאָר דעם קעניג. אויך די רעכטען פון די ריכטער זיינען פערשמעלערט געוואָרען און זייער צאָהל איז פערקלענערט געוואָרען. אָבער דאָס האָט אויפגעהויבען אין לאַנד אַ שרעקליכען שטורם. די פּאַרלאַמענטען פון אַלע פּראָווינצען האָבען איינשטימיג פּראָטעסטירט געגען דער פערלעצונג פון די גרונד־געזע־צען פון לאַנד, און האָבען ערקלערט, דאָס זיי אָנערקענען ניט די מאַכט און די רעכטען פון די לייט, וואָס דער קעניג האָט ערוועהלט אָנשטאָט דעם פּאַר־לאַמענט. די פּראָווינץ ברעטאַני' האָט געשיקט צום קעניג אַ פּראָטעסט־דעפּוטאַציאָן, אָבער ער האָט געהייסען זי אַריינזעצען אין דער באַס־טיליע (פעסטונג אין פּאַריז). דאָס פאָלק האָט געשיקט נאָך מעהר פּראָ־

טעסט=דעפוטאציאנען און שטארקערע. אין פיעלע פראווינצען האבען אויס-געבראכען אונרוהען, וועלכע זיינען געווארען נאך מעהר געפעהרליך צוליב דעם הונגער, וואס האט דאמאלס אויסגעבראכען אין לאנד. דאס מיליטער איז געווען אויף דער זייט פון פאלק. די אפיצערען זעלבסט האבען אנגע-רעדט די ארמעע צו זיין אונגעהארזאם.

בריעננע האט זיך געפונען אין א זעהר קריטישער לאגע. ער האט בע-שלאסען צו מאכען א פאלקס=פערזאמלונג. אבער ער האט נעטיג געהאט געלט ביז דער פאלקס=פערזאמלונג, ווייל די געפאהר פון באנקראט איז שוין געווען אונטער'ן נאז. ער האט געוואלט אויסצאהלען די צינזען פון די שטאאט=שולדען מיט 2 פינפטעל אין פאפיר=געלט. עס האט זיך אנגעהוי-בען א נייער שטורם. בריעננע האט געמוזט רעזיגנירען (24טען אויגוסט 1788). דאס פאלק איז פון זיין פאל געווען העכסט צופרידען און האט געברענט זיין בילד אין עפענטליכע פלעצער אלס א צייכען פון האס און פעראכטונג.

## ג. די קלאסען פון דער אלטער פראנקרייך.

די בעפעלקערונג פון פראנקרייך האט זינט דעם מיטען פון 18טען יאהרהונדערט געשטיגען אין צאהל העכער און העכער. זי איז אפגעשאצט געווארען אין יאהר

| | |
|---|---|
| 1754 פון דעם עלטערען מיראבא אויף | 18,000,000 |
| 1772 פון ביפפאן | 21,627,000 |
| 1772 פון עקספיללי | 22,014,000 |
| 1785 פון נעקקער | 24,000,000 |
| 1791 פון דער נאציאנאל=פערזאמלונג | 26,363,000 |

אויף איין קוואדראט=מייל זיינען געזעסען דורכשניטליך

| | | |
|---|---|---|
| אין יאהר 1789 | 916 | מענשען |
| אין יאהר 1791 | 996 | " |
| נאך שפעטערע בערעכנונגען | 1,100—1,020 | " |
| אין קארסיקא אויף א קוואדראט=מייל | 375 | " |
| אין אנגומעי | 743 | " |
| אין איל דע פראנס און ליאננעי | 1,500 | " |
| אין פלאנדערן | 2,000 | " |

אויף'ן לאנד האבען זיך געפונען 3½ מאל מעהר מענשען ווי אין די שטעדט. דריי גרויסע שטעדט האבען יעדע געהאט איבער 100,000 איינ-

וואוינער, נעמליך: ליאָן, מאַרסעיל און פּאַריז. פון דיזע שטעדט האָט פּאַריז געשפּילט די וויכטיגסטע ראָלע.

מיר געפינען פיר נעטיג צו בעטראַכטען נעהענטער די פערשיידענע קלאַסען פון דיזער בעפעלקערונג.

צווישען דער גאַנצער בעפעלקערונג האָבען זיך געפונען פון די צוויי פּריווילעגירטע קלאַסען, פון דעם אדעל און פון די גייסטליכע, נאָר 270,000 פּערזאָן, די איבריגע זיינען אַלע געווען פון דער דריטער קלאַס. די ערסטע קלאַס איז בעשטאַנען פון גייסטליכע, וועלכע האָבען געצעהלט עטוואָס מעהר פון 71,000 פּערזאָן; אונטער זיי זיינען געווען 23,000 מאָנאַכען און 37,000 נאָנעס (מאָנאַשקעס). די גיטער פון די גייסטליכע זיינען געווען זעהר גרויס און האָבען געהאַט גרויסע איינקונפטען. די גייסטליכע האָבען געהאַט אין זייערע הענט אַ פינפטעל פון דער גאַנצער ערד אין פראַנקרייך. די יעהרליכע רענט פון דיזען אייגענטום האָט בעטראָפען 100 מיליאָנען פראַנק. דערצו קומט נאָך דער מעשר פון די גייסטליכע, וואָס האָט בע-טראָפען יעהרליך איבער 123 מיליאָנען. פון אָפּגאַבען זיינען זיי געווען פריי, זיי פלעגען נאָר געבען דער רעגירונג אַלס פרייווילינעס געשענק איין מאָל אין 5 יאָהר 16 מיליאָנען פראַנק.

דער הויפּט=רייכטום איז געווען נאָר אין די הענט פון העכערע גייסט-ליכע, ערץ=בישאָפען און בישאָפען. די איבריגע זיינען געווען זעהר אָרים און האָבען געפיהרט אַ זעהר נויטבעדערפטיגעס לעבען. אַזוי, צום ביי-שפּיל, האָט אַ פּרעדיגער געהאַט איינקונפט קוים 500 ליווערס אַ יאָהר, ווער-רענד די 131 בישאָפען און ערץ=בישאָפען פון פראַנקרייך האָבען צוזאַמען געהאַט פון זייערע שטעלעס אַ יעהרליכע הכנסה פון מעהר ווי 14,000,000 ליווערס, ד. ה. דורכשניטליך איבער 100,000 ליווערס יעדערער. די הויכע גייסטליכע האָבען זעלטען פערבראַכט אויף זייערע שטעלעס, מעהרסטענס פלעגען זיי לעבען אין הויף אָדער אין אַריסטאָקראַטישע קרייזען. דער קאַר-דינאַל פירסט פון ראָהאַן, דער בישאָף פון שטראַססבורג און איינער פון די גלענצענדסטע פּרעלאַטען (הויכע קירכען=בעאַמטע) פון פראַנקרייך, האָט געפיהרט אויף זיין פאַמיליען=שלאָס אין צאַבערן אַ קעניגליכען הויף. ער האָט געהאַט אַ שטאַל מיט 180 פערד און אַן אָפענעס הויז פיר די גאַנצע פּראָווינץ. אָפטמאָל פלעגט ער האָבען ניט ווייניגער ווי 200 געסט, דאַרונ-טער אויך דאַמען פון קעניגליכען הויף. זיין הכנסה איז געווען איבער אַ מיליאָן ליווערס. די הויכע גייסטליכע זיינען גאָרניט געווען קריסטליך גע-

זאגען. זיי זיינען בעקאנט געווען מיט די ווערק פון וואלטעיר, רוססא או. ד. גל. זיי זיינען געווען מעהר פילאזאפען ווי קריסטען.

וואס פיר א גרויסער אונטערשייד עס איז געווען צווישען די צוויי קלא-סען גייסטליכע! די קלענערע גייסטליכע האבען מעהרסטענס געליטען הונ-גער, זיי פלעגען זיך זעהר אפט שפייזען נאר מיט לינזען און ארבעס, זייערע הייזלאך האבען זיי קוים געשיצט פון רעגען און קעלט, די טירען און די פענסטער זיינען זעלטען געווען אין א צושטאנד, אז מען זאל זיי קענען צושליסען; די צימערן זיינען געווען אזוי נידריג, דאס א מאן האט אין זיי קוים געקענט שטעלען זיך גלייך; און דאך האט דער ארימער פארער (אונ-טערער גייסטליכער) געמוזט אפגעבען פון זיינע 500 פראנק, וואס ער האט בעקומען געהאלט פיר א גאנצעס יאהר, גאנצע 100 פראנק אלס פריייוילי-גען געשענק פיר די רעגירונג, און דער נאך מעהר ארימער וויקאר, וועלכער האט אין גאנצען ערהאלטען 250 פראנק א יאהר, האט געמוזט אפגעבען 22 פראנק פיר דעם זעלבען צוועק. דער פארער האט גארניט געהאט קיין געשעפטען מיט'ן בישאף, וועלכער פלעגט איין מאל אין עטליכע יאהר בע-זוכען דעם ארימען דארף מיט'ן ארימען פארער. דער בישאף פלעגט קומען צו פאהרען אין דארף מיט זיין בעגולדעטער קארעטע געשפאנט מיט פיער טייערע פערד, און האט זיך גארניט אינטערעסירט מיט דעם צושטאנד פון די בויערן מיט זייער ארימען פארער. אין דער צייט פון דער רעוואלוציאן זיינען די פארער צוגעשטאנען צו דער דריטער קלאס און געשאפען מיט זייערע שטימען א מעהרהייט און א זיג פיר דיזע קלאס.

די צאהל פון די מיטגלידער פון אדעל איז געווען לערך 130,000, אדער לערך 26,000 פאמיליעס. א טייל פון זיי האבען געפיהרט זייער יחוס פון די אלטע אריסטאקראטישע פאמיליעס, און א טייל האבען געשטאמט פון בעאמטע אדער רייכע לייט, וואס דער קעניג האט זיי דערהויבען צום אדעל־שטאנד. דיזע לעצטע האבען זיך גערעכענט צום ריכטיגען אדעל נאר דאן, ווען זיי האבען געקענט בעווייזען, דאס ווייניגסטענס פיער דורות פון זיי זיינען שוין געווען אין אדעל־שטאנד.

דער אדעל האט בעזעסען דעם גרעסטען פערמעגען אין לאנד. דיזער שטאנד האט געהאט פיעלע פריווילעגיעס, וועלכע זיינען געווען דעם פאלק אונערטרעגליך. אזוי צ. ב. איז דאס יאגד־רעכט פון דעם אדעל אין פיעלע ערטער געגאנגען אזוי ווייט, דאס די בויערן האבען אין געוויסע צייטען גע-מוזט אויפגעבען אלע פעלד־ארבייטען, ניט אקערן, ניט זעען, ניט יעטען, זאגאר ניט קומען אין פעלד, אום ניט צו פערטרייבען די רעבהיהנער (קורא-

פּאַטקעס), אויף וועלכע דער אַדעל האָט געמאַכט זיין יאַגד. די פיעלע פליכטען, וואָס די בויערן האָבען געהאַט געגען דעם אַדעל, זיינען פיר דיזע אָרימע קלאַס געווען זעהר דריקענד. דער בויער האָט געמוזט צאָהלען פיר דאָס שטיקעל ערד, וואָס ער האָט בעאַרבייט, פערשיידענע שטייערן: לעהן־צינז, גרונד־צינז, פרוכט־אָפּגאַבען, געלט־אָפּגאַבען או. אַנד. אויסער דעם האָבען די לאַנד־בעזיצער געמוזט צאָהלען צו די גוטס־הערען פערשיידענע שוץ־שטייערן, סטאַדע־שטייער, אָפּצאָהל פיר פערקויפען עטוואָס פון זייערע פּראָדוקטען. דעם גוטס־הערר האָט געהערט די אָפּצאָהל פון מערק און ירידים, ער אַליין האָט געהאַט דאָס רעכט אויף יאַגד אין די וועלדער און צו האָבען טויבען־הייזער. די בויערן האָבען ניט געטאָרט האָבען קיין אייגענע באַק־אויווענס, אָדער באַקען אין פרעמדע אויווענס, אויסער די, וואָס דער גוטס־בעזיצער האָט איינגעריכטעט פיר דעם גאַנצען דאָרף; דאָס זעלבע איז געווען מיט מיהלען און ויין־קעלטערן. האָט אַן אַנדערער געוואָלט אויסבויען אַן אייגענע מיהל, מאַכען אַן אייגענעם אויווען אָדער אַ קעלטער, האָט עס דער גוטס־בעזיצער אונטערדריקט מיט גוואַלד.

דער גוטס־בעזיצער האָט נאָר געהאַט רעכטען, אָבער קיין פליכטען; אַלע זיינען איהם געווען שולדיג, ער אָבער איז קיינעם ניט געווען שולדיג. דיזער צושטאַנד האָט ערוועקט אין פראַנקרייך אַ שרעקליכען האַס צו די גוטס־הערען. די לאַגע פון דעם בויער, צוליב די אויסזויגער די גוטס־בעזיצער, איז געווען אַזוי טרויעריג, דאָס ער האָט גאָרניט געהאַט וואָס צו פערלירען אין גרעסטען אונגליק; און דעריבער, ווען עס האָט זיך געטראָפען, דאָס אַ בליץ האָט פערברענט זיין האָב און גוטס, אָדער ווען אַ פעסט האָט פערניכטעט זיינע פיה, איז ער געווען האַלב־פרעהליך, ווייל דער גוטס־הערר, זיין בלוט־זויגער, וועט דערפון ליידען מעהר שאָדען ווי ער, דער אָרימער בויער. אַזוי איז געווען אין פראַנקרייך די לאַגע פון דעם בויער.

נאָר אין נאָרד־וועסט פון פראַנקרייך, נעמליך: אין דער זידליכער נאָר־מאַנדיע, אין ברעטאַני' און וואַנדעע, איז די שטעלונג פון דעם אַדעל געווען אַ ביסעל אַנדערס. היר איז דער גוטס־בעזיצער ניט געווען דורכאויס אַן אויסזויגער; היר האָט ער אָפט געצייגט פיר זיין בויער פאָטערליכע זאָרג. דער פעאָדאַל־הערר האָט היר געלעבט אין זיין שלאָס ווי אין מיטעלאַלטער, און זיין אַרט לעבען האָט זיך וועניג אונטערשיידט פון דעם בויער'ס לעבען. דער פעאָדאַל־הערר האָט נאָר בעסער געגעסען און געטרונקען פון דעם בויער. ער האָט ניט פערשווענדעט קיין געלט אויף הולטייסטווא, ער האָט ניט גע־מאַכט קיין שולדען, ווייל ער האָט ניט געדאַרפט צופיעל. צווישען בויער

און גוטס=בעזיצער האט זיך געמערקט א פאמיליען=פריינדשאפט. זעהר אפט פלעגט דער גוטס=בעזיצער פערברייננגען מיט זיין בויער, רעדען מיט איהם וועגען זיינע געשעפטען און זיין צושטאנד און איבער זיינע פיה. ער פלעגט נעהמען אנטייל אין זיין גליק און אונגליק און פלעגט אנטייל נעהמען אין זיינע שמחות. דא פלעגט זיך דער בויער זעהר אפט מוטיג שלאגען פיר זיין הערר, אויף וועלכען ער האט געקוקט ווי אויף א פאטריארך, וועלכער זארגט זיך וועגען דעם וואוילשטאנד פון זיינע לייט.

אויסער דיזע אויסנאהמען זיינען אין פראנקרייך איבעראל געווען די פערהעלטניסען צווישען דעם הערר און זיינע בויערן שרעקליך פיינדליך. דער אדעל איז געווען ווי א היישעריק, וועלכער האט אלעס אויפגעפרעסען און פערניכטעט. ער, דער אדעל, האט בוכשטעבליך גארניט געטאן, ער האט נאר פערשלונגען אונגעהייערע סומעס, וועלכע ער האט געקראגען פון דער ארבייט און דעם שוויים פון זיינע אונטערטאנען. פריהער פון אלעם פלעגען די הערען פערשאפען זיך אין דער רעגירונג שטעלעס, וועלכע האבען זיי געגעבען די מעגליכקייט אויסצופרעסען דאס פאלק. מען האט געבען נייע עמטער, אפט זעהר לעכערליכע, נאר מיט דעם צוועק צו פערזארגען אן אדעלמאן מיט א גוטען געהאלט. בעזונדערס איז עס געווען דער פאל מיט די עמטער אין הויף. דיזע שטעלעס האבען ניט געפאדערט קיין בעזונדער וויסען, פעהיגקייט, ארבייט, און די בעאמטע פלעגען גוט בעצאהלט ווערען. עס זיינען געווען איבער 15,000 הויף=בעאמטע, און זייער יעהרליכער געהאלט האט בעטראפען איבער 40 מיליאנען ליווריס, אדער אויף היינטיגעס געלט הונדערט מיליאנען פראנק. א צעהנטעל פון דער גאנצער הכנסה פון דעם לאנד האבען פערשלונגען דיזע לעדיג=געהער.

אויך אין גאנצען לאנד איז געווען א מאסע שטעלעס, וועלכע זיינען איבערהויפט געווען בעשטימט פיר דעם אדעל, וועלכער האט אויפגעפרעסען כמעט די גאנצע איינקונפטען פון לאנד. אום ניט צו זיין לאנגווייליג וועלען מיר געבען נאר א ביישפיל פון דער ארמעע. די בעאמטע אין דער ארמעע האבען צוגענומען 46 מיליאנען ליווריס א יאהר, וועהרענד פיר די גאנצע ארמעע צו איהר אונטערהאלטונג איז געווען בעשטימט נאר 44 מיליאנען ליווריס.

אבער דיזע אלע גרויסע איינקונפטען פון דער גרויסער אריסטאקראטיע זיינען זיי געווען ווייניג דורכצוקומען אין זייער פערשווענדערישען, הולטייסקען לעבען. זיי האבען נאך געזוכט צו בעקומען פון קעניג געשענקען, און דיזער האט געגעבען; דאס הייסט ניט ער האט געגעבען, נאר ער האט

געמאַכט דאָס אָרימע פאָלק צו געבען. אין פערלויף פון 15 יאָהר, פון 1774 ביז 1789, האָט דער שטאַאט אויסגעצאָהלט מתנות צו די אַריסטאָקראַטישע לעדיג־געהער 288 מיליאָנען ליוורעס. די קעניגליכע פאַמיליע אַליין האָט צוגענומען 80 מיליאָנען ליוורעס, יעדער פון דעם קעניג'ס ביידע ברידער האָט ערהאַלטען צו 14 מיליאָנען ליוורעס. די פאַמיליע פּאָליניאַק, וועלכע איז געווען בעזונדערס בעליבט ביי דער קעניגין מאַריע אַנטואַנעטטע, האָט צוגענומען מתנות אויף 700,000 ליוורעס. דער הערצאָג פון פּאָליניאַק האָט נאָך דערצו בעקומען אַ יעהרליכע רענט אויף דאָס גאַנצע לעבען פון 120,000 ליוורעס און אַ מתנה פון צעהן מאָל אַזוי פיעל אום צו קויפען אַ רייכעס גוט. דאָס האָט מען אַלץ געשונדען די הויט פון אָרימען פאָלק, אום די אַריסטאָקראַטיע זאָל האָבען מיט וואָס צו הולטייעווען.

איבערהויפּט האָט געהערשט אין קעניגליכען הויף די פערדאָרבענהייט פון די זיטען. דער אַדעל, וועלכער האָט פּרעטענדירט צו זיין „אויפגע־קלערט", האָט געשפּאָטעט איבער אַלעם הייליגע. פיר דעם אַדעל איז די הייראַט, די ריינהייט פון דער פאַמיליע, געווען נאָר אַ נאַרישע צערעמאָניע.

פיעל עהרליכער און געזיטעטער איז געווען דער אַדעל, וואָס איז גע־ווען ווייט פון הויף, דער אַדעל, וועלכער האָט געלעבט נאָך דער אַרט און וויזע ווי עס האָבען געלעבט די גוטס־בעזיצער אין די פריהערדיגע יאָהרען. דיזער אַדעל האָט געקוקט מיט פעראַכטונג אויף די זיטענלאָזיגקייט פון דעם הויף. עס איז צווישען די ביידע סאָרטען אַדעל געווען אַ טיפער ריס און אַ פיינדשאַפט, און ווען עס האָט אויסגעבראָכען די רעוואָלוציאָן זיינען דיזע געווען אויף דער זייט פון די רעוואָלטירענדע.

אָבער עס איז געווען נאָך אַ גרעסערע אורזאַך צום האַס צווישען די ביידע סאָרטען אַדעל. פיר די הויפלייט און די בעאַמטע איז געווען נעטיג די אַבסאָלוטע מאַכט פון קעניג. דיזע האָט זיי געגעבען די מעגליכקייט אויסצוזויגען דעם לעצטען טראָפּען בלוט פון אָרימען בויער, און דעריבער האָט דער בויער ניט געהאַט די מעגליכקייט צו זיין פּינקטליך אין זיינע פּליכטען און אָפּגאַבען צו זיין גוטס־בעזיצער; די רעכטען, וואָס דער אַדעל האָט געהאַט אין דער פעאָדאַל־צייט, האָט דער קעניגליכער אַבסאָלוטיזם פון זיי צוגענומען. אָבער דיזע הערדען האָבען זיך ניט געקענט אַרונטער־לאָזען צו דער שטופע פון לאַקייען, אויף וועלכער די הויף־בעאַמטע זיינען געשטאַנען. זיי האָבען זיך געפיהלט, ווי אין דער צייט פון מיטעלאַלטער, אַלס גלייכע יחסנים מיט'ן קעניג. דער אונטערשייד צווישען זיי און דעם קעניג איז נאָר געווען, דאָס דער קעניג איז געווען דער גרעסטער גוטס־בע־

זיצער, ער איז געווען דער ערסטער אונטער גלייכע; ער האָט ניט געקענט מאַכען אין שטאאט קיין ענדערונגען, ווען ער האָט ניט געהאט דערויף זייער צושטימונג. יעצט אָבער האָט מען זיי אין גאַנצען איגנאָרירט, זאָגאר ווען מען האָט אָנגעהויבען פון זיי פאָדערן אָפּגאַבען, האָט מען ביי זיי אויך ניט געפרעגט אויף וואָס מען זאָל געברויכען דיזע נייע סומעס. זיי האָבען אָנגעהויבען צו פאָדערן, אַז דער הויף זאָל פערקלענערן זיינע אויסגאַבען, מען זאָל מאַכען אָרדנונג אין דער פינאַנץ־פערוואַלטונג, עס זאָל זיין פון פאָלק א קאָנטראָלירענדע מאַכט איבער אַלעס, וואָס די רעגירונג טוט.

מיר זעהען קלאָר, דאָס דער אַדעל איז דאַמאָלס געווען צושפּאָלטען אויף צוויי לאַגערן, אָדער פּאַרטייען. די איינע, דער הויף־אַדעל און די העכערע בעאַמטע, האָט געשטיצט דעם אַבסאָלוטיזם, די קעניגליכע מאַכט, און די אַנדערע, דער קלענערער אַדעל, איבערהויפּט אין די פּראָווינצען, וואָס זיינען ניט געווען ענטוויקעלט אין האַנדעל און אינדוסטריע, האָט געשטרעבט צו א פאָלקס־רעגירונג, אָדער וועניגסטענס צו אַ רעגירונג, וואָס זאָל זיין רע־פּרעזענטירט און ווערען קאָנטראָלירט פון פאָרשטעהער פון פאָלק.

אָבער אין איין זאַך האָבען די ביידע קלאַסען פון אַדעל געשטימט, און דאָס איז — אין דעם האַס צו דער דריטער קלאַס, צום פאָלק אין אַלגע־מיין. ביידע פּאַרטייען האָבען שרעקליך געהאַסט דעם דריטען שטאַנד פיר זיין חוצפה צו ווערען זאָגען אַ דעה און מישען זיך אין רעגירונגס־אַנגעלע־גענהייטען, פיר זייערע פּראָטעסטען געגען די פּריווילעגיעס פון דעם אַדעל, און אין אַלגעמיין געגען רעכטען, וואָס דער אַדעל האָט בירושה פון זיינע עלטערן. יע, דיזעס איז געווען דאָס איינציגע, אין וואָס ביידע פּאַרטייען האָבען געשטימט. אָבער אין אַלע אַנדערע הינזיכטען איז דער אַדעל, ווי אויך דער קלערוס (די גייסטליכע), געווען צושפּאָלטען ביים אויסברוך פון דער רעוואָלוציאָן. די לאַנד־יונקערס זיינען געווען געגען אַן אַבסאָלוטער הערשאַפט פון דעם קעניג און האָבען געפאָדערט פינאַנץ־רעפאָרמעס. דער אַנדערער טייל פון אַדעל, דער הויף־אַדעל מיט דער ביוראָקראַטיע, זיינען געווען געגען רעפאָרמע אין פינאַנץ־אַנגעלעגענהייטען, ווייל אין דעם האָבען זיי געזעהען פיר זיך אַ נידערלאַגע. די אומשטענדען אָבער האָבען אַרויסגערו־פען נאָך אַ קלאַס אָדער פּאַרטיי, וואָס איז געווען געגען דער עקסיסטירענדער אָרדנונג אין דער רעגירונג. דאָס זיינען געווען מענשען, וואָס האָבען ניט געהאַט קיין מיטלען אַרויפצואַרבייטען זיך אויף וועלכען עס איז געביט; דאָס איז געווען דער טייל פון אַדעל, וועלכער איז געווען פינאַנציעל רואי־נירט. דער קירכען־דינסט איז זיי געווען פערשטעלט, דער הויף האָט זיי

געהאסט. צו זיי זיינען צוגעשטאנען עלעמענטען, וועלכע זיינען געווען שרעקליך אויפגעבראכט אויף די אויסגעלאסענהייטען און פערשווענדערייען פון הויף־אדעל, און האבען באמת בעדויערט די טרויעריגע לאגע פון פאלק. צו דיזע לעצטע עלעמענטען האבען געהערט נאר די אינטעליגענטעסטע מיט־גלידער פון דער אריסטאקראטיע, די כאראקטער־פעסטע און אונערשראקענע פון זיי, וועלכע האבען זיך געשטעלט אויף דער זייט פון דער דריטער קלאס.

צו דער דריטער קלאס האבען געהערט די יעניגע, וועלכע האבען ניט געהערט צו דיביידע פריווילעגירטע קלאסען (אדעל און קלערוס). צו דיזער קלאס האבען נעמליך געהערט: קאפיטאליסטען, האנטווערקער, בויערן און פראלעטאריער. אבער אויך אין דיזער קלאס איז געווען א שפאלטונג, ווייל ניט אלע פון זיי האבען געהאט די זעלבע צילען און די זעלבע אינטערעסען.

מיט דעם אדעל איז געווען ענג פערקניפט די הויכע פינאנץ־וועלט. ערסטענס האט דער אדעל געהאט אין זיינע הענט א גרויסע מאסע פעאדאל־גיטער, צווישען וועלכע עס זיינען געווען פיעלע, וואס זיינען געווען ביי זיי פער'משכון'ט פון די רואינירטע אדעללייט. ווען מען זאל אפשאפען דאס פעא־דאל־סיסטעם וואלטען זיי מוזען באנקראטירען. די רעפארמע אויף'ן פינאנץ־געביט וואלט אפגענומען פון די פאכטער, וואס קויפען אפ די רעגירונגס־איינקונפטען, זייערע גרויסע פערדינסטען, ווייל דיזע פאכטער פלעגען איינ־נעהמען פון פאלק צוויי מאל מעהר ווי פיעל זיי האבען איינגעצאהלט דער רעגירונג פיר די שטייער. מען דארף ניט פערגעסען, דאס דיזע פאכטער זיינען אויך געווען די קאפיטאליסטען, וואס האבען אימער געבארגט געלט דער רעגירונג, און א נייע רעפארמע אין די פינאנצען וואלט זיי געוויס גע־פיהרט צו א באנקראט.

אבער די מיטעלע און קליינע בירגער זיינען געווען די שטארקסטע געגנער פון אבסאלוטיזם און דעספאטיזם. די פראנצויזישע האנדעלס־אינ־טערעסען מיט אויסלאנד זיינען געווען זעהר אונגליקליך. כמעט אלע מלחמות פון 18טען יאהרהונדערט האבען זיך געענדיגט זעהר שלעכט פיר די האנדעלס־בעדינגונגען און מיט פערלוסט פון זעהר טייערע קאלאניעס. מיר האבען שוין פריהער געזעהען, וואס פיר שווערינקייטען די רעגירונג האט געמאכט דעם האנדעל אין לאנד גופא. די פיעלע אפצאהלונגען פון די סחורות, וואס מען האט געפיהרט פון איין שטאדט אין די אנדערע אין לאנד זעלבסט, האט דעם האנדעל פאראליזירט. עס וועט זיין גענוג צו ברייננען איין ביישפיל פון דעם ווייז־האנדעל. דער פרייז פון וויין, וואס מען האט געפיהרט פון ארלעאננעס, איז געווארען 20 מאל טייערער ווען ער איז אנ־

געקומען אין נאָרמאַנדיע, צוליב די פערשיידענע אָפּצאָהלונגען, וועלכע ער איז געווען אונטערוואָרפען אויף זיין רייזע דורך פערשיידענע שטעדט. אי־בערהויפּט איז דער וויין־האַנדעל געווען בעלאַסטעט מיט אָפּצאָהלונגען, הגם דאָס איז געווען איינער פון די וויכטיגסטע צווייגען פון האַנדעל אין פראַנק־רייך. די וויין־הענדלער אין באָרדאָ האָבען געהאַט דאָס רעכט צו פערוועה־רען פערקויפען אין זייער געגענד יעדען וויין פון טרויבען, וואָס זיינען ניט געוואַקסען אויף זייער געביט. דער רעזולטאַט דערפון איז געווען, דאָס די וויינען פון די פּראָטעסטאַנטישע לאַנדשאַפטען: לאַנגעדאָק, פּעריגאָרד, אַזשענואַ און קערסי האָבען ניט געהאַט קיין אָפּזאַץ, ווייל די סחורה האָט געמוזט דורכגעהן דורך באָרדאָ.

אָבער דאָס איז ניט דער איינציגער ביישפּיל. דאָס זעלבע איז געווען אין טויזענד אַנדערע פעלען, און ניט נאָר אין האַנדעל נאָר אויך אין אינ־דוסטריע. אויך די אינדוסטריע איז געווען געבונדען, אַזוי דאָס זי האָט זיך ניט געקענט פריי בעוועגען און ענטוויקלען. מיר האָבען שוין פריהער גע־זעהען, ווי יעדע קלענסטע פאַבריקאַציאָנס־ארבייט איז געווען בעשרענקט מיט פיעלע קליינע, מאַנכמאָל זעהר נאַרישע, אָבער אימער שטערענדע גע־זעצען און פאָרשריפטען. פון דער צייט אָן, וואָס קאָלבערט האָט זיך גע־נומען, לויט דעם וואונש פון קעניג, צו ברייננגען די אינדוסטריע אין אַ בלי־הענדען צושטאַנד, איז פראַנקרייך געוואָרען אַ לאַנד פון געזעצען וועגען פאַבריקאַציאָן. מיר וועלען אויך אין דעם ברייננגען נאָר איין ביישפּיל פון טויזענד. דאָס געזעץ האָט פאָרגעשריבען ווי לאַנג, ווי דיק און ווי ברייט יעדעם שטיק טוך מוז זיין, און ווען דער פאַבריקאַנט האָט געמאַכט לענגער פון דער מאָס, ווי עס איז פאָרגעשריבען פון געזעץ, האָט דער רעגירונגס־אינספּעקטאָר בעדאַרפט אָפּשניידען די איבריגע לענג און עס אָפּגעבען צו אַן אָרימאַן. דער פאַבריקאַנט האָט נאָך אויסער דעם געקענט בעשטראָפט ווערען מיט אַרויפזעצען איהם אויף אַ שאַנד־קלאָץ. אַזעלכע טיכער, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרען ניט לויט געזעץ, האָט מען אָפטמאָל זאָגאַר פער־ברענט. אונז קומט היינט פאָר אונפערשטענדליך אַזאַ סאָרט אַריינמישען זיך פון דער רעגירונג אין אַזעלכע קלייניגקייטען פון פאַבריק־ארבייט. דיזע קלייניגקייטען האָבען דערשטיקט, האָבען פערניכטעט יעדען פונק פון ענט־וויקלונג אין פאַבריקאַציאָן.

אין דער ערסטער צייט, ווען מען האָט אָנגעהויבען איינפיהרען אין פראַנקרייך די אינדוסטריע, זיינען געווען נעטיג געוויסע געזעצען, און זיי האָבען דאַן ווירקליך געבראַכט נוצען. אָבער די רעגירונג איז געגאַנגען צו

ווייט מיט איהר אריינמישען זיך אין די פּריוואַט־געשעפטען פון די פאַברי־קאַנטען און האָבען זיי נאָכדעם צו פיעל געדריקט. די פאַבריקאַנטען האָבען אַזוי שטאַרק געפיהלט דעם דרוק און דעם שאָדען פון אַזעלכע געזעצען, דאָס זיי האָבען אָנגעהויבען שרייען צוזאַמען מיט די איבריגע אונצופרידענע רעוואָלוציאָנערען: „פרייהייט און גלייכהייט!" דיזע צוויי ווערטער האָבען אויסער זייער אידעאַלען זין אויך געהאַט אַ פּראַקטישען, זיי זיינען געווען אַ לעבענס־פראַגע פיר דעם האַנדעל און בעזונדערס פיר די ענטוויק־לונג פון דער אינדוסטריע.

אין די שטעדט זיינען די האַנטווערקער נאָך געווען אונטער דעם שטרענגען צוואַנג פון די צעכען. דיזע האָבען מאָנאָפּאָליזירט די ארבייט און האָבען זי צענטראַליזירט אין איינינע הענט. דאָס רעכט צו ארבייטען איז אויך געוואָרען אַ ירושה־זאַך, ווי דאָס רעכט פון אדעל. מען האָט קיין נייע ארבייטער ניט צוגעלאָזען. דער ארבייטער האָט גע'ירש'ענט דאָס רעכט צו זיין אַן ארבייטער פון זיין פאָטער, און קיין נייעם האָט מען פיר קיין פאַל ניט געוואָלט אריינגעהמען. נאָר די דערפער אָדער שטעדטלאַך, וואָס האָבען זיך געבילדעט פון דערפער, זיינען געווען פריי פון דער מכה פון צעך־רעכט.

אין דיזע פרייערע פּראָווינצען האָבען די קאַפּיטאַליסטען געגרינדעט זייערע פאַבריקען, ווייל היר האָבען זיי געפונען גענוג הענט, וואָס האָבען זיי געוואָלט העלפען אין זייערע אונטערנעהמונגען צו ענטוויקלען אַ געווי־סען צווייג פון אינדוסטריע, וואָס זיי האָבען אין קיין פאַל ניט געקענט דערגרייכען אין די ערטער, וואו עס האָבען געהערשט די צעכען. אין דיזע ערטער האָט זיך באַלד ענטוויקעלט די קלאַס פון לוין־ארבייטער. די פאָר־שטעדט פון פּאַריז, סט. אַנטואַן און דיו־טעמפּל, האָבען געהערט צו די פרייע פּראָווינצען, וואו די צעכען האָבען ניט געהאַט קיין שליטה. אונטער די לוין־ארבייטער האָט זיך אויך געפונען אַ גרויסער לומפּען־פּראָלעטאַריאַט, וועלכער האָט אָנגעפילט די גרויסע שטעדט און בעזונדערס פּאַריז. אין יענער צייט איז געווען אין פראַנקרייך אַ צוואַנציגסטעל פון גאַנצען פאָלק בעטלער; אין פּאַריז זיינען זיי געווען אַזוי פיעל, דאָס זיי האָבען דאָרט אויסגעמאַכט אַ זעקסטעל פון דער בעפעלקערונג. עס פערשטעהט זיך, דאָס דיזע גרויסע מאַסע בעטלער זיינען געווען פול מיט ביטערען האַס צו יעדען, וואָס האָט מיטלען צום לעבען: צום בירגער, צום בעאַמטען און צום גייסט־ליכען. אָט דיזע אַלע האָבען גאָרניט געהאַט וואָס אָנצואַוועררען, זיי זיינען געווען די הויפּט־טרעגער פון דער רעוואָלוציאָן, זיי האָבען זיך ניט געשראָ־

קען זאָגאר איינצוטרעטען אין א שטרייט מיט דער ארמעע. אויסער דיזער מאסע פּראָלעטאריער האָט די רעוואָלוציאָן געהאט סימפּאטיזירער אויך אין די בויערן און די קליינע בירגער, וועלכע זיינען אויך געווען גרייט צו שטי-צען זי מיט אַלע מעגליכקייטען.

אָבער דיזע פערשיידענע עלעמענטען: בויערן, פּראָלעטאריער און קליין־בירגער, זיינען אין די פּראָווינצען געווען צו פיעל פערשפּרייט, ווייט איינער פון אנדערען, ניט פעראייניגט און צו ווייט פון פּאריז, פון צענטער פון פּאָליטישע בעוועגונגען. זיי האָבען זיך ניט געקענט פעראייניגען אין דעם נעטיגען מאָמענט צו ארבייטען צוזאמען אום צו געבען א שטארקען פּלוצלינגען שטוים דער פערהאסטער רעגירונג און דער הערשענדער קלאס, איבערהויפּט דעם הויף.

דער צענטער פון דער רעוואָלוציאָן זיינען דעריבער געווען, ווי מיר האָבען עס פריהער בעמערקט, די פאָרשטעדט פון פּאריז מיט דער גרויסער מאסע לוין־ארבייטער און פּראָלעטאריער. צו דיזער גרויסער מאסע האָבען זיך אויך אָנגעבונדען די בויערן, וועלכע זיינען דאמאָלס געווען א גרויסע צאָהל. דיזע זיינען ניט געווען קיין פּראָלעטאריער, ווייל זיי האָבען דאך גע-האט גענוג מיטלען אום ניט צו שטארבען פון הונגער, אָבער זיי האָבען ניט געהאט גענוג פיר אַלעם נעטיגע צום לעבען. שוין פריהער איז נעקקער געווען אונצופרידען און איז געווען געגען דעם, וואָס דאָס לאנד ווערט צו-ברעקעלט אויף צו קליינע שטיקלאך, אזוי דאָס קיינער פון די בויערן קען ניט אויסארבייטען גענוג אויף חיונה. טורגאָט האָט פּראָטעסטירט געגען דער אָרדנונג, דאָס ווען א בויער שטארבט, ווערט זיין שטיקעל גרונד צו-טיילט צווישען אַלע זיינע יורשים, אזוי דאָס קיין איינער פון זיי האָט ניט גענוג אום צו קענען עקסיסטירען פון זיין ערד־ארבייט.

פיעלע בויערן האָבען זיך בעשעפטיגט מיט פּאכטען אנדערע פעלדער זיי צו בעארבייטען. אָבער די בעדינגונגען פון פּאכט זיינען געווען זעהר דריקענדע. דער בויער האָט געמוזט געבען דעם גוטס־בעזיצער די העלפט פון דער תבואה, וואָס ער האָט בעקומען פון דער ערד. פון דיזער העלפט האָט ער געמוזט געבען דער רעגירונג אַלע שווערע אָפּצאָהלונגען, אזוי דאָס עס איז איהם ניט געבליבען גענוג אום צו קענען עקסיסטירען, און דער גוטס־בעזיצער איז זעהר אָפט געווען געצוואונגען אויסצוהעלפען איהם, דעם פּאכטער, אום ער זאָל ניט אויפגעבען דעם פּאכט.

די לאַגע פון די בויערן איז געווען יאָמערליך. זייערע הייזלאך זיינען געווען געמאכט פון געקנעטענעם לעהם און בעדעקט מיט שטרוי. קיין

פענסטער האָבען זייערע וואוינונגען ניט געהאַט. אָנשטאָט פענסטער איז געווען אין דאַך אַ לאָך, פון וועלכער עס פלעגט אַרויסגעהן דער רויך. קיין פּאָדלאָגע (דילען) האָבען זיי ניט געהאַט, די נאַקעטע ערד איז געווען די פּאָדלאָגע. די קליידונג איז בעשטאַנען פון אַלטע לייווענטענע שמאַטעס סיי ווינטער סיי זומער. זייערע שיך זיינען געווען הילצערנע. פלייש פלע־גען זיי עסען זעהר זעלטען, זיי פלעגען זיך נעהרען מיט האָבער, רעטשקע, קאַשטאַנעס און זויער־מילך. זייער פּיה איז בעשטאַנען פון אַ קוה מיט אַן עלענדען פערד. דער רעזולטאַט פון אַזאַ עלענדען צושטאַנד איז געווען, דאָס דער אַקערבוי איז געשטאַנען אויף אַ זעהר נידריגער שטופע. די פעל־דער פלעגען בעזעעט ווערען נאָר איין מאָל אין צוויי יאָהר. פון אַן איי־זערנעם פלוג (סאָכע) האָבען זיי ניט געוואוסט, זיי פלעגען מיט העלצער אָדער בלויז מיט די הענט אויפגראָבען די ערד פון פעלד, וועלכע פלעגט זעהר ווייניג געמיסטיגט ווערען, און דעריבער פלעגען זעהר אָפט זיין ניט קיין געראָטענע יאָהרען, אין וועלכע דאָס פאָלק האָט געליטען הונגער, און די שוואַכע בויערן פלעגען דאַמאָלס פאַלען טויט ווי פליגען. די פּאָקען־עפּידעמיע האָט דאָרט קיינמאָל ניט אויפגעהערט און פלעגט אויך אַוועק־לעגען אַ גרויסע צאָהל בויערן.

פיעלע בויערן האָבען פערלאָזען זייערע פעלדער, וועלכע האָבען זיי כמעט גאָרניט געגעבען, און זיינען געוואָרען בעטלער אָדער רויבער. עס פערשטעהט זיך, דאָס די רעגירונג האָט דיזע עלענדע שטאַרק בעשטראָפט, אָבער דאָס האָט זיי ניט אָפּגעהאַלטען פון פאָרטצוזעצען זייערע רויבערייען אָדער צו בעטלען. אין יאָהר 1750 איז אַ פערטעל פון דעם גאַנצען אַקער־באָדען געשטאַנען ניט בעאַרבייט. פאַר דער רעוואָלוציאָן איז געשטאַנען אַ דריטעל ניט בעאַרבייט.

עס פערשטעהט זיך, דאָס דער שיקזאַל פון די לייבאייגענע איז געווען נאָך פיעל ערגער. זיי זיינען דאַמאָלס געווען אין פראַנקרייך איבער אַנ־דערטהאַלבען מיליאָנען. זייער גאַנצעס לעבען איז געווען אַ סומע פון עלענד, פערצווייפלונג און ערביטערונג. וואָלטעיר האָט איבערגעגעבען זיי־ערע קלאָגען, ווי ער האָט זיי געהערט פון די לייבאייגענע זעלבסט, מיט פאָל־גענדע ווערטער: „מיר זיינען שקלאַפען צוזאַמען מיט אונזערע גיטער. שטאַרבט איינער פון אונז, נעהמען צו וואָס עס בלייבט פון איהם ניט די פערוואַנדטע, די קרובים, נאָר די מאָנאַכען נעהמען עס צו. מיר מוזען זעהר אָפט בעטלען ביי דער טיר פון דעם הויז, וואָס מיר האָבען אַליין אויס־געבויט מיט אונזערע אייגענע הענט, מיט אונזער שווייס און בלוט. קיין

הילף אין צייט פון נויט, אין צייט פון קראנקהייט; קיין מעדיצין, קיין דאקטאר גיט מען אונז ניט ווען מיר ברויכען איהם זעהר נעטיג. דע־ריבער ווען מיר זיינען קראנק וויל קיין קויפמאן אונז ניט בארגען עטליכע עלען לייוועגט, קיין פליישער (קצב) וויל אונז ניט בארגען א פונט פלייש. מיר שטארבען פערלאזען פון אלע מענשען, ווי א ווילדעס טיער אין וואלד; מיר נעהמען מיט זיך אין קבר נאר דאס בעוואוסטזיין, דאס מיר האבען געלאזען אונזערע קינדער אין שקלאפעריי און אין גרעסטען עלענד. ווען א פרעמדער, וועלכער איז ניט בעקאנט מיט די היגע צושטענדען, קומט און בעזעצט זיך היר און פערבלייבט איין יאהר מיט איין טאג ווערט ער פער־וואנדעלט אין א לייבאייגענעם און א שקלאף פון די מאנאכען פון סט. קלאד, און פון יעצט אן, ווען דיזער אונגליקליכער האט ערווארבען וועלכעס עס איז אייגענטום אין אן אנדערען לאנד, געהערט עס ניט צו איהם, נאר צו זיינע הערן, די מאנאכען. ווען א מיידעל, וואס האט געהייראט איהר חתן, האט די ערסטע נאכט נאך דער הייראט ניט געשלאפען אין הויז פון איהר פאטער, נאר אין דעם הויז פון איהר מאן, פערלירט זי דאס רעכט צו ירש׳ענען איהר פאטער, און די ירושה פאלט אריין אין די הענט פון די מאנאכען, וועלכע זויגען אויס אונזער בלוט ביי אונזער לעבען און ציהען אראפ פון אונז די הויט נאך אונזער טויט".

ביי דיזער קלעגליכער לאגע האבען די בויערן גארניט געהאט וואס צו פערלירען, און דעריבער זיינען זיי שטענדיג געווען דורכגעדרונגען מיט׳ן גייסט פון רעוואלוציאן און עמפערונג. אין זייער פערצווייפלונג האבען זיי אנגעהויבען צו שטעלען זיך ענטקעגען יעדען בעאמטען, וואס איז צו זיי גע־קומען עטוואס פאדערן. זיי האבען אנגעפאנגען צו פעראייניגען זיך אין בע־וואפענטע באנדעס און צו נעהמען מיט גוואלד וואס זיי האבען בעדארפט און געוואלט. אבער דאס זיינען נאר געווען איינצעלנע פעלען. דער שטורם, וואס די מאסען האבען געמאכט אויף דער באסטיליע, האט געדינט אלס פונק, וואס האט אויפגעפלאקערט אין די גרויסע מאסען פון פאלק ווי א העלישער פייער. די אומשטענדען האבען דערצו פיעל געהאלפען. דיזען יאהר איז געווען אין לאנד א שרעקליכער הונגער, דער ווינטער איז געווען אן אונגעוועהנליך קאלטער, דערצו זיינען גראדע דאמאלס אויסגעקומען די אלגעמיינע וואהלען — דאס אלעס האט אויפגערעגט די געמיטער אויף׳ן העכסטען גראד. די בויערן, איבערהויפט די לייבאייגענע, האבען זיך גע־נומען מיט פייער און מארד צו פערניכטען די אלטע ארדנונג פון דעם פער־פלוכטען פעאדאל־סיסטעם.

די אָרימע מאַסען זיינען אַרויס מיט גרויס ערביטערונג און שרעקליכען האַס געגען דעם הערשענדען סיסטעם. עס האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ בלוטי-גער שטרייט צווישען צוויי פערשיידענע מעכטען, צווישען צוויי געזעלשאַפ-טען — אַ שטרייט, וועלכער האָט זיך געענדיגט מיט דעם זיג פון קאַפּיטאַל, פון דער בורזשואַזיע, איבער דעם אַדעל און דעם פעאָדאַל-סיסטעם.

## ד. די נאַציאָנאַל-פערזאַמלונג און איהר פערפאַסונג.

די ערקלערונג, וואָס דער פאַרלאַמענט האָט אַרויסגעגעבען וועגען די רעכטען פון פאָלק, איז אָנגענומען געוואָרען מיט גרויס פרייד און ענטהו-זיאַזם. און דאָך איז עס אין גרונד געווען ניט מעהר ווי אַ פאַלשער שיין, וואָרים פון דיזער ערקלערונג זיינען נאָר די פּריווילעגירטע קלאַסען, דער אַדעל און די גייסטליכע, געצוואונגען געוואָרען צו צאָהלען שטייערן. ווען די רעגירונג האָט זיך אַרומגעזעהען און זיך איבערצייגט, דאָס פון אָרימען פאָלק קען מען שוין מעהר ניט זויגען, האָט זי זיך גענומען צום אַדעל און צו דער קירכע. פון וואַהרע רעכטען פיר דאָס פאָלק איז אין דיזער ערקלע-רונג פון פאַרלאַמענט גאָר קיין רייד ניט געווען. נאָך דיזער ערקלערונג האָבען זיך דיזעביידע הערשענדע קלאַסען, דער אַדעל און דער קלערוס, פעראייניגט אום צו שטרייטען געגען דעם קעניגטום. עס האָט זיך אָנגע-הויבען אַן אויפשטאַנד פון דיזע צוויי פּריווילעגירטע קלאַסען, וועלכע זיינען דאַמאָלס געווען אַזוי קורצזיכטיג, דאָס זיי האָבען ניט געזעהען, אַז זיי גרייטען זעלבסט פאָר זייער אונטערגאַנג, ווייל די רעגירונג איז אימער גע-ווען זייער שטיצע.

דער טראָן איז געווען צו שוואָך צו שטרייטען מיט די פעראייניגטע קרעפטען פון אַלע דריי שטאַנדען: אַדעל, קלערוס און בירגערטום. דער קעניג האָט נאָך בריעננע'ס פאַל וויעדער אייגעלאַדען נעקקער'ן צו שטעהן אָן דער שפּיץ פון די מיניסטאָרען. דאָס פאָלק איז געווען מיט נעקקער'ס איינטריט אין מיניסטעריום העכסט צופרידען. נעקקער אָבער האָט אַנדערש ניט געוואָלט אָננעהמען די שטעלע ביז דער קעניג וועט איהם ניט געבען די מאַכט איינצוברופען אַ גענעראַל-פערזאַמלונג פון אַלע שטאַנדען. ער איז געווען אין דער פעסטער איבערצייגונג, דאָס דורך דיזע גענעראַל-פערזאַמ-לונג פון גאַנצען פאָלק וועט איהם געלינגען ברייננען אין לאַנד די געווינשטע אָרדנונג. ער האָט ניט געזעהען, דאָס די בערופונג פון דער פערזאַמלונג אין דיזען מאָמענט בעדייטעט אַרויסצורופען אַ רעוואָלוציאָן. ער האָט זיך זאָ-גאַר ניט פאָרבערייטעט מיט געוויסע מאַסרעגלען ווי צו האַלטען דיזע קער-

פערשאפט אין דיזען מאמענט אין ארדנונג. ער האט צופיעל געהאפט און גערעכענט אויף זיין מאכט און זיין פאפולאריטעט ביים פאלק.

נעקקער האט גערעכענט, דאס דיזע גענעראל־פערזאמלונג וועט זיך אויפפיהרען ווי די גענעראל־פערזאמלונג, וואס איז פארגעקומען אין יאהר 1614, ווען דאס פאלק האט שטעהענדיג אויף די קני געבעטען, אז מען זאל אננעהמען פון איהם ביטשריפטען וועגען אייניגע פערלייכטערונגען. יעצט איז די פרעסע ארוים מיט א ליידענשאפטליכען מוט פיר די רעכטען פון פאלק. א מבול פון בראשורען האבען פערפלייצט דאס לאנד, אלע פערזאמלונגס־פלעצער זיינען געווען פול מיט מענשען פון דער מאסע און מען האט דעבאטירט און זיך געהיצט מיט פרייע פאליטישע דיסקוסיאנען. די רעגירונג האט געשוויגען. נעקקער איז זאגאר געווען צופרידען פון דעם, וואס די פרעסע האט געהעצט די מאסען געגען די פריווילעגירטע קלאסען, וועלכע זיינען אימער געווען די שטיצע פון דעם מאנארכישען סיסטעם.

עס זיינען דאמאלס ערשינען קרוב צו 3,000 פערשיידענע בראשורען וועגען דעם פאליטישען צושטאנד פון פאלק און וועגען דעם, וואס דאס פאלק האט יעצט צו פאדערן. די בעסטע פון די אלע בראשורען איז געווען די בראשורע פון סיעיעס וועגען דעם דריטען שטאנד. אין דיזער בראשורע האט ער מיט אן אונגעוועהנליכער קלארהייט אויסגעדריקט די אידעען, וועלכע האבען דאמאלס בעוועגט דאס פאלק; ער האט אלעס אויסגעשפראכען מיט א זעלטענער שארפקייט און בעשטימטהייט. דער פערפאסער פון דיזער בראשורע האט דערלעבט דעם טריאומף, דאס די פראגראם, וואס ער האט פארגעשלאגען, איז אנגענומען געווארען פון דער רעגירונג און פון די פערשיידענע שטאנדען. סיעיעס איז געווען פון דעם קלערוס, ער איז אבער געווען א פיעלפאכער געלעהרטער און איז געווען א בעגייסטערטער אנהענגער פון דער פרייזיניגער פאליטישער שולע. אין בילדונג און קענטניסען האט מען איהם געשטעלט גלייך מיט מאנטעסקיע, אויסער דעם איז ער געווען א זעלטענער רעדנער. ער איז געווען א קינסטלער צו גרופירען אין זיינע רעדעס די פאליטישע געדאנקען און אויסצודריקען זיי מיט זעלטענע איבערצייגענדע זאצען. ער איז געווען א בעגייסטערטער מיטארבייטער אין אלע פערפאסונגען (קאנסטיטוציאנען), וואס זיינען אנגענומען געווארען אין פראנקרייך פון 1789 ביז 1799.

דער ערסטער ערפאלג פון סיעיעס'עס בראשורע איז געווען, וואס דאס פאלק האט בעקומען דאס רעכט צו שיקען אין דער פעריזאמלונג אזוי פיעל דעפוטאטען ווי פיעל די ביידע פריווילעגירטע קלאסען, דער אדעל און דער

קלערוס, צוזאמען; דאס הייסט, פון די 1,000 דעפוטאטען, וואס האבען בע-דארפט ערוועהלט ווערען אין דער פערזאמלונג, האבען די ביידע ערסטע קלאסען געהאט דאס רעכט צו ערוועהלען צוזאמען נאר 500 און די דריטע קלאס אליין 500.

די ערעפנונג פון דער פערזאמלונג איז געוועזען דעם 4טען מאי. זי איז ערעפענט געוואָרען מיט א קירכליכער צערעמאָניע. די רעגירונג האט געהאנדעלט זעהר ניט טאקטיש, וואס זי האט זיך געהאלטען אָן דער אלטער פערשימעלטער מאָדע צו בעזעצען די דעפוטירטע פון דער דריטער קלאס הינטער די דעפוטירטע פון די צוויי פריווילעגירטע קלאסען. צום גליק האט דער בישאָף פון נאנסי געהאלטען א פעסט-רעדע, וועלכע איז אייגענט-ליך געוועזען א מין פראָגראם פיר די פערזאמלונג, און אין דיזער רעדע האט ער ערנסט גערעדט וועגען פרייהייט, גלייכהייט און מענשען-רעכטען, און זי האט געמאכט אויף די דעפוטאטען א גוטען איינדרוק, און האט אָפּגע-שוואכט דעם שלעכטען איינדרוק, וואס די רעגירונג האט געמאכט מיט איהר אונטאקטישער צוטיילונג פון די זיצען פיר די דעפוטאטען.

דעם 5טען מאי האבען געהאלטען רעדעס: דער קעניג, דער מיניסטער פון קעניגליכען זיגעל און דער פינאנץ-מיניסטער. אין זייערע רעדעס האָ-בען זיי אויסגעזאָגט ווי וויים די רעגירונג איז הילפלאָז און ראטלאָז. די אלע רעדנער האבען זיך בעקלאָגט אויף דעם אונרוהיגען צושטאנד פון דעם גייסט פון פאָלק. „אלע מוחות זיינען צוהיצט", האבען די רעדנער אויס-געשריען, „אלע ווילען אויפשטעלען עפּעס נייעס, די עפענטליכע מיינונג איז ניט אין אָרדנונג, מען מוז זוכען קלוגע מיטלען און פעראייניגען זיך אום ניט לאָזען אזוי ווייטער געהן". אָבער קיינער פון די רעדנער האט ניט פאָרגעשלאָגען א פּראָגראם, ווי צו פערבעסערן די לאגע פון פאָלק און צו בערוהיגען די געמיטער. די רעגירונג האט איבערגעלאָזען דאס צולע-כערטע שטאאט-שיף צו דער פערזאמלונג, און די דעפוטאטען האבען גע-פאסט מוט און האבען ארייגעכאפּט דעם רודער אין זייערע הענט, און גאנץ פראנקרייך, ווי אויך גאנץ אייראָפּא, האט יעצט געקוקט אויף זיי מיט דער גרעסטער שפּאנונג.

פון די רעדעס, וואס די רעגירונג האט געהאלטען, האט זיך דער דריי-טער שטאנד איבערצייגט, דאס די רעגירונג דענקט גאָרניט און וויל גאָרניט וויסען פון די אלע גערעכטע פאָדערונגען פון פאָלק, נאָר זי האט אין זינען איין זאך — ווי צו בעפרייען זיך פון דער געלט-ענגשאפט. די דעפוטאטען פון דריטען שטאנד האבען בעשלאָסען צו האלטען זיך פעסט ביי דער פּאָ-

דערונג פון זייערע רעכטען. זייער ערסטע פאָדערונג איז געווען, דאָס די אָפּשטימונג וועגען די פראַגען, וואָס וועלען פערהאַנדעלט ווערען אין דער גענעראַל־פערזאַמלונג, זאָל זיין לויט דער מעהרצאָהל פון די דעפּוטאַטען. די רעגירונג מיט די צוויי פּריווילעגירטע שטאַנדען האָבען געפאָדערט, דאָס די אָפּשטימונג זאָל זיין לויט דער צאָהל פון די שטאַנדען, און האָבען מיט שטאָלץ אָפּגעזאָגט די פאָדערונג פון דעם דריטען שטאַנד. דאָס וואָלט גע־הייסען, אַז די זאַך פון פאָלק איז פערלאָרען, ווייל די פּריווילעגירטע זיינען צוויי שטאַנדען און די ניט־פּריווילעגירטע נאָר איין שטאַנד. עס פער־שטעהט זיך, דאָס די ביידע פּריווילעגירטע וואָלטען געשטימט צוזאַמען געגען די פאָדערונגען פון דעם דריטען שטאַנד. דיזע אָבער האָבען גע׳־טענה׳ט, דאָס אַזוי ווי אַלע דעפּוטאַטען זיצען אין איין זאַל און זיינען ניט צוטיילט אין דריי זאַלען, יעדער שטאַנד אין אַ בעזונדערען זאַל, זיינען זיי אַלע גלייך און דאַרפען שטימען צוזאַמען. און אויסער דעם, וואָס האָבען זיי געוואונען מיט דעם, וואָס זייער צאָהל איז אַזוי ווי די צאָהל פון די ביידע אַנדערע שטאַנדען, ווען מען רעכענט זיך ניט מיט דער מעהרהייט פון די שטימען. „דאָ, אין דיזען זאַל", האָבען די דעפּוטאַטען פון דריטען שטאַנד גע׳טענה׳ט, „זיינען מיר ניט פאָרשטעהער פון שטאַנדען, נאָר פאָר־שטעהער פון פאָלק".

זעקס וואָכען זיינען אַוועקגעגאַנגען אין דעבאַטירען וועגען דיזער פראַגע. זעקס טייערע וואָכען זיינען אַוועקגעגאַנגען אין נוצלאָזע דיספּו־טען, וועהרענד דאָס פאָלק האָט מיט אונגעדולד ערוואַרט און געהאָפט צו הערען פון דער גענעראַל־פערזאַמלונג גוטע רעזולטאַטען. דער צושטאַנד איז געוואָרען אונערטרעגליך. די דעפּוטאַטען פון דריטען שטאַנד האָבען בעשלאָסען צו טאָן אַ גוואַלדטאַט אום צו מאַכען אַ סוף צו דיזער לאַגע. זיי זיינען געווען זיכער, אַז דאָס פאָלק וועט שטעהן אויף זייער זייט, ווען זיי וועלען צייגען מוט צו טאָן עטוואָס וויכטיגעס.

אין דיזער שווערער צייט איז דער קלערוס (די גייסטליכע קלאַס) אַרי־בער צו דער דריטער קלאַס און האָט זיך ענטזאַגט צו שטימען צוזאַמען מיט דעם אַדעל. איבערהויפּט איז עס געווען די אונטערע קלאַס פון די גייסט־ליכע, וועלכע זיינען איבערגעגאַנגען צום פאָלק. און באמת, וואָס פיר גע־מיינזאַמע אינטערעסען האָט געהאַט דער אונטערער גייסטליכער מיט דעם בישאָף, וואָס האָט געלעבט ווי אַ פירסט? יעצט, דעם 17טען יוני 1789, האָט דער דריטער שטאַנד געוואַגט צו מאַכען אַ וויכטיגען ענטשיידענ־דען שריט. ער האָט ערקלערט, דאָס פון יעצט אָן וועט די גענעראַל־פער־

זאמלונג טראָגען דעם נאָמען „נאַציאָנאַל-פערזאמלונג”. ביי דיזער געלע-גענהייט האָט מיראבאָ געהאַלטען איינע פון זיינע גלענצענדע רעדעס. נאָך דעם, ווי ער האָט שאַרף קריטיקירט די האַלטונג פון דעם אדעל צום פאָלק, האָט ער ערקלערט, ווי עס בעדאַרף צו זיין די אויפפיהרונג פון די אדעליגע, וועלכע ווילען פערדינען דעם טיטעל „פערטרעטער פון פראַנצויזישען פאָלק”, און ווי אזוי זיי קענען זיך מאַכען א נאָמען אַלס וואהרע בעשיצער פון פראַנקרייך.

דיזער בעשלוס פון דער דריטער קלאַס, צו פערוואַנדלען די גענעראַל-פערזאמלונג אין א נאַציאָנאַל-פערזאמלונג, האָט א וועלט-געשיכטליכע בע-דייטונג, ווייל דאָס איז געווען דער אייגענטליכער אָנפאַנג פון דער רעוואָ-לוציאָן. באַלד נאָך דעם האָט די פערזאמלונג אַרויסגעגעבען נאָך אַן ער-קלערונג, לויט וועלכער די בעוויליגונג פון אַרויפלעגען שטייערן אויף דאָס פאָלק געהערט צו דער נאַציאָנאַל-פערזאמלונג און קיינער אויסער איהר האָט ניט דאָס רעכט עס צו טאָן. זי האָט ווייטער פּראָקלאַמירט, דאָס די נאַציאָנאַל-פערזאמלונג זאָל ווייטער אַרבייטען אונגעשטערט ביז איהר וועט געלינגען צו רעפאָרמירען פראַנקרייך און שטעלען זי אויף א נייעם פונ-דאַמענט.

גאַנץ פראַנקרייך איז געווען בעגייסטערט מיט דער פּראָקלאַמאַציאָן פון דער נאַציאָנאַל-פערזאמלונג. דער ענטהוזיאַזם פון פאָלק איז ניט געווען צו בעשרייבען. די רעגירונג האָט ניט געוואוסט, וואָס פיר א זייט זי זאָל אָננעהמען: די זייט פון די פּריווילעגירטע קלאַסען, אָדער די זייט פון דער דריטער קלאַס. מיט דריי טעג שפּעטער האָט דער קעניג בעשלאָסען צו שטעלען זיך אויף דער זייט פון די פּריווילעגירטע — פון אדעל און פון די גייסטליכע.

דעם 20טען יוני האָט מען ערוואַרטעט דעם אָפיציעלען איבערגאַנג פון די אונטערע גייסטליכע צו דעם דריטען שטאַנד. דער הויף אָבער האָט אָנ-געווענדעט אַלע מיטלען דיזעס ניט צו דערלאָזען. 9 אוהר אין דער פריה, ווען די דעפּוטירטע זיינען געקומען צום פערזאמלונגס-פּלאַץ, האָבען זיי איהם געפונען פערשלאָסען און אַרומגערינגעלט מיט סאָלדאַטען. דער פּרע-זידענט פון דער נאַציאָנאַל-פערזאמלונג, דער בעריהמטער אַסטראָנאָם באַיללי, האָט שטאַרק פּראָטעסטירט געגען אזא שענדליכער טאַט פון דעס-פּאָטיזם. די אויפרעגונג און דער לאַרם זיינען געוואַקסען פון מינוט צו מינוט. אַלע דעפּוטירטע האָבען בעשלאָסען צו טאָן דאָס אויסערסטע, וואָס מען קען טאָן. זיי האָבען געמאַכט א פּלאַן, דאָס זיי זאָלען זיך צוזאמענ-

קלייבען אונטער די פענסטער פון דעם קעניגליכען שלאָס מארלי און דאָרט אָפּהאַלטען זייער זיצונג. איינער האָט אויפגעגעבען א פּלאַן, אז מען זאָל אָפּהאַלטען די זיצונג אין באַל־הויז. דער פּלאַן איז געפעלען געוואָרען, און אַלע דעפּוטאַטען זיינען אוועק אהין צו האַלטען זייער פערזאמלונג און די בעראַטונגען.

דער פּרעזידענט באיללי איז געגאַנגען אַן דער שפּיץ און די אַנדערע דעפּוטאַטען זיינען געגאַנגען נאָך איהם. א גרויסע מאַסע מענשען האָט זיי בעגלייט צו דעם אָרט, וואוהין זיי זיינען געגאַנגען, מיט גרויס ענטהוזיאַזם. זאָגאַר סאָלדאַטען זיינען צוגעשטאַנען צו דער פּראָצעסיאָן אום צו דינען אַלס וואַך. נאָך א קורצער בעראַטונג האָבען זיי געפּאַסט א בעשלוס, וועלכען זיי האָבען געשוואָרען הייליג צו ערפילען, דאָס זיי זאָלען זייער ארבייט ניט אויפגעבען און אָפּהאַלטען פערזאמלונגען ווען עס וועט נאָר זיין נעטיג, ביז זיי וועלען ענדיגען די פערפאַסונג (קאָנסטיטוציאָן) פון לאַנד, ביז זיי וועלען מאכען אין דער פערוואַלטונג פון לאַנד נייע אָרדנונגען, ביז זיי וועלען אוועקשטעלען אַלעס אויף א זיכערען גרונד. נאָר איין איינציגער דעפּוטאַט איז געווען א פייגלינג און האָט מורא געהאַט צו געבען די שבועה. א מבול פון בעשולדיגונגען האָט מען אויסגעגאָסען אויף דיזען דעפּוטאַט, אָבער דאָס האָט אויף איהם ניט געווירקט. ער איז געבליבען ביי זיינס און האָט ניט אָנגענומען די שבועה, וואָס די איבריגע דעפּוטאַטען האָבען אָנגענומען. אין דער צייט, וואָס די דעפּוטאַטען האָבען אָפּגעהאַלטען זייער פערזאמלונג אין באַל־הויז, האָט גראַדע שרעקליך געדונערט און געבליצט, אזוי ווי עס וואָלט אָנגעזאָגט, דאָס די אַלטע געזעלשאַפט איז יעצט אין געפאַהר אונטערצוגעהן.

צוויי טעג נאָך דעם האָט דאָס פאָלק געהאַט א צווייטען טריאומף. אין דער קירכע פון לודוויג דעם הייליגען האָט זיך די מעהרצאָהל פון די גייסטליכע פעראייניגט מיט די בירגער מיט גרויס פּאַטריאָטישער בעגייסטערונג. דאָס איז געווען א פּאָרשפּיל צו דער זיצונג, וואָס דער קעניג האָט בעשטימט אויף דעם 23טען יוני. א שטאַרקע וואַך האָט ארומגערינגעלט דעם זאַל, אין וועלכען די שטאַנדען האָבען זיך פערזאמעלט. דער איינטריט אין זאַל איז געווען ערלויבט נאָר פיר די דעפּוטאַטען. דער קעניג לודוויג דער 16טער איז ערשינען אין דער פערזאמלונג מיט גרויס גלאַנץ, אָבער דאָס פאָלק, ד. ה. די דעפּוטאַטען, האָבען איהם בעגריסט זעהר קאַלט. זיין רעדע האָט נאָר פערגרעסערט די אונצופרידענהייט פון דער נאציאָנאַל־פערזאמלונג.

מיט א דעספּאָטישען טאָן האָט ער קאַסירט אַלע בעשלוסען פון דער פערזאַמלונג, האָט פערשטאַרקט די פריהערדיגע אָרדנונג, ד. ה. די צוטיי-לונג פון פאָלק אויף דריי שטאַנדען: צוויי העכערע, פּריווילעגירטע — אַדעל און גייסטליכע — און א דריטען, נידריגען שטאַנד, מיט קיין רעכטען, און האָט נאָר ערלויבט איינינגע רעפאָרמעס מיט געוויסע בעגרענצונגען. נאָך דיזער רעדע האָט ער געהייסען די דעפּוטאַטען, אַז זיי זאָלען זיך פער-נאַנדערגעהן.

דער אַדעל און די גייסטליכע, ד. ה. די הויכע גייסטליכע, האָבען גע-פאָלגט און זיינען זיך צוגאַנגען. די דעפּוטאַטען פון דריטען שטאַנד האָבען זיך ניט גערירט פון אָרט. דער צערעמאָניען-מייסטער, מאַרקיז פון דראָ-



מיראַבאָ.

ברעזע, איז צוגעגאַנגען צום פּרעזידענט פון דער פערזאַמלונג און האָט איהם געפרעגט, אויב ער האָט געהערט דעם בעפעהל פון קעניג. באַיללי האָט געענטפערט, דאָס ער קען ניט אויפגעבען די זיצונג, איידער ער האָט זיך בעראַטען מיט די דעפּוטאַטען פון פאָלק. און ער האָט זיך באַלד גע-ווענדט צו זיי מיט די ווערטער: „איך גלויב, דאָס די נאַציאָנאַל-פערזאַמלונג ברויכט ניט אָנצונעהמען קיין בעפעהלען". דאַמאָלס האָט מיראַבאָ זיך אויפגעשטעלט און מיט גרויס פייער געזאָגט:

„מיינע הערען! איך גלויב, אַז דאָס, וואָס איהר האָט יעצט גע-הערט, וועט פיהרען דאָס פאָטערלאַנד צום גליק. וואָס פיר א בעליידיגענ-דער בעפעהל דאָס איז! מיט וואַפען, מיט בעליידיגונגען וויל מען אונז

מאכען גליקליך? און ווער האט דיזען געבאט געגעבען? דער, וועמען איהר, איהר האט געגעבען די פולמאכט! ווער שרייבט אייך פאר געזעצען ווי אן אונבעשרענקטער הערשער? דער, וועמען איהר, איהר האט געגעבען פולמאכט; דער, וועלכער דארף פון אונז אננעהמען געזעצען, ניט אונז געבען געזעצען! 25 מיליאנען פראנצויזען ערווארטען גליק פון אונזערע געזעצען, וועלכע מיר זיינען בעפולמעכטיגט פון דער גאנצער נאציאן ארויס־צוגעבען; נאר דיזע געזעצען וועלען פון אלעמען אנגענומען ווערען! אבער מען נעהמט פון אונז צו זאגאר די פרייהייט צו בראטען זיך וואס צו טאן אום צו פערבעסערן אונזער לאגע. מיט סאלדאטען האט מען ארומגערינגעלט דאס הויז, וואו די ערוועהלטע פון פאלק, וועלכע רעפרעזענטירען דאס גאנצע פאלק, האבען זיך פערזאמעלט. ווער איז דער פיינד פון פאלק? איך פאדער פון אייך, אז איהר זאלט געדענקען אייער שבועה: איהר זאלט פון דאנען ניט אוועקגעהן ביז איהר וועט ענדיגען די נייע געזעצען, די קאנסטיטוציאן פיר דאס פאלק, וועלכעס האט אייך בעקליידט מיט דער געזעצגעבענדער מאכט! איך פאדער, אז איהר זאלט צייגען, דאס איהר זייט ווירדיגע פארשטעהער פון פאלק און איהר טוט זיין ווילען, ווי עס האט פון אייך פערלאנגט!"

ווען דער צערעמאניען־מייסטער האט געזעהען, דאס די פערזאמלונג וויל ניט פערנאנדערגעהן, האט ער זיי דערמאהנט, אז דאס איז דער בעפעהל פון דעם קעניג. דאן האט איהם מיראבא געענטפערט מיט א דונערנדער שטימע: „זאגט אייער הערר (דעם קעניג), דאס מיר זיינען דא פערזאמעלט אויף דעם בעפעהל פון פאלק, און איהר קענט אונז פון דיזען ארט ניט פערטרייבען, סיידען מיט דער מאכט פון אייערע באיאנעטען". דערצו האט סיעיעס צוגעגעבען: „איהר זייט היינט דאס זעלבע, וואס איהר זייט געווען נעכטען, לאזט אונז פארטזעצען אונזערע בעראטונגען".

מיט גרויסער ווירדע און שטארקער ענטשלאסענהייט האט די פערזאמלונג געגומען פארטזעצען איהרע פערהאנדלונגען. דער טאג האט בעוויזען קלאר, דאס דער קעניגליכער טראן איז אין גרויס געפאהר. די נאציאנאל־פערזאמלונג האט שוין פריהער געהאט אין איהרע הענט די מאראלישע מאכט, יעצט האט זי ארייננעכאפט אויף די געזעצגעבענדע מאכט. אויף'ן הויף האט דאס פאלק יעצט געקוקט ווי אויף זיין שרעקליכען געגנער, און דעריבער איז יעצט געווען די איינציגע אויפגאבע פון פאלק ווי צו מאכען דעם הויף אונשעדליך.

די דעפוטאטען האבען איינשטימיג ערקלערט און האבען בעשלאסען פעסטצוהאלטען זיך אן די בעשלוסען, וועלכע זיי האבען געפאסט ביז יעצט. מיראבא האט געמאכט א פארשלאג, דאס די פערזאמלונג זאל אנערקענען דאס געזעץ, לויט וועלכען יעדע פערזאן פון די דעפוטאטען זאל זיין געזיכערט פון וועלכען עס איז אנגריף, און ווער עס וועט זיך ערלויבען צו טאן זיי עטוואס בעזעס וועט גערעכענט ווערען אלס א פעררעטהער פון דער גאנצער נאציאן, און ער וועט בעשולדיגט ווערען אין א פערברעכען, פיר וועלכען ער וועט בעשטראפט ווערען מיט'ן טויט. אין פערלויף פון איינינגע טעג נאך דיזער ערקלערונג זיינען בעגאנגען געווארען איינינגע איבערטרעטונגען פון דיזען געזעץ פון דער נאציאנאל=פערזאמלונג. דער הויף איז ניט געווען זיכער מיט'ן אדעל, דאס ער איז אויף זיין זייט. די דעפוטאטען האבען געזעהען אויף זייער זייט פיעלע פון גרויסען און אלטען אדעל, איבערהויפט האט זיך געמעהרט די צאהל פון אדעל צווישען דעם דריטען שטאנד נאך דעם קריג פון די אמעריקאנער פיר זייער אונאפהענגיגקייט. די מאנארכיע האט אנגעווארען איהר גאנצע אויטאריטעט. דורך גאנץ פראנקרייך איז געגאנגען א שטורמדיגע בעוועגונג, וועלכע די נאציאנאל=פערזאמלונג האט מעהר ניט געקענט קאנטראלירען, און וועלכע האט געצוואונגען די דעפוטאטען פארטצוזעצען דעם וועג, וואס זיי האבען אנגעפאנגען צו געהן אויף איהם. עס זיינען אנגעקומען צו דער נאציאנאל=פערזאמלונג פיעלע הונדערטער אדרעסען, אין וועלכע מען האט אנגעפרעגט, אויב עס איז נעטיג פיר דאס פאלק צו קומען אין ווערסאיל (וואו עס זיינען געווען די פערזאמלונגען), אום צו בעשיצען זיי געגען וועלכען עס איז אנגריף. דער הויף האט יעצט געהאט נאר איין מיטעל און איין שטיצע, און דאס איז געווען די ארמעע. אבער באלד האט זיך דער הויף איבערצייגט, דאס דיזע שטיצע איז ניט זיכער. דער סאלדאט האט געהאסט דעם אפיצער ווי א מאן פון פאלק האט געהאסט יעדען פריווילעגירטען. עס האבען זיך אנגעהויבען אין דער ארמעע זעהר אפטע ווידערשטאנדען, און דאס האט געצייגט, ווי ניט זיכער מען איז מיט דער ארמעע. ווען עס זיינען ארעסטירט געווארען איינינגע בונטאוושטשיקעס אין דער ארמעע איז דאס גאנצע פאלק געקומען בעוואפענט צום געפענגנים און האט זיי בעפרייט.

די רעגירונג האט דאמאלס בעשלאסען צו טאן א זעהר געפעהרליכען שריט, נעמליך: זי האט פערשאפט טרופען פון דייטשלאנד, שווייץ און אנדערע לענדער אום צו בעשיצען פאריז אין פאל פון אן אויפשטאנד. מען

האָט אָבער געזעהען קלאָר, דאָס דיזע אויסלענדישע טרופּען זיינען בערופען געוואָרען ניט נאָר צו בעשיצען די פּערזאָן פון קעניג, נאָר אויך צו אונטער־דריקען די נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג. מיראבאָ האָט געמאַכט אין דער פערזאַמ־לונג אַ פאָרשלאָג, אַז מען זאָל שרייבען צום קעניג אַן אַדרעס און בעטען איהם, דאָס ער זאָל די טרופּען צוריקשיקען. דער פאָרשלאָג איז אָנגענומען געוואָרען. מען האָט געשיקט דעם אַדרעס צום קעניג, אָבער ער האָט זיך ענטזאָגט צו ערפילען דעם וואונש פון דער נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג.

די רעאַקציאָנערען אין הויף האָבען אויפגעגעבען אַ פּלאַן, אַז מען זאָל אָפּשאַפען נעקקער׳ס רעגירונג און מען זאָל בעשטימען אַ דיקטאַטאָר (אונבעשרענקטען הערשער), אום צו בעמעכטיגען זיך איבער די מאַסע אין פּאַריז און אין ווערסאַיל און נידערשלאָגען די געגנער פון דער רעגי־רונג. דיזער פּלאַן האָט געזאָלט ווערען דורכגעפיהרט דעם 11טען יולי, אָבער די גרויסע מאַסע פון די פּראָלעטאַריער, וואָס האָבען דאַמאָלס בע־הערשט פּאַריז, האָט זיך גלייך דערוואוסט פון דיזען געהיימען פּלאַן. די גאַסען פון פּאַריז זיינען פּלוצלינג פול געוואָרען מיט טרופּען פון די פּראָ־לעטאַריער און פון דער דריטער קלאַס. אין פערשיידענע ערטער זיינען אין איין אויגענבליק אויפגעשטעלט געוואָרען פּלאַטפאָרמעס, פון וועלכע פאָלקס־רעדנער האָבען ערקלערט דעם פאָלק, וואָס עס שטעהט פאָר און וואָס עס איז דאָ צו טאָן. איבערהויפּט זיינען געהאַלטען געוואָרען זעהר פייערדיגע רעדעס אין פּאַלעי־ראָיאַל.

אַרום 3 אוהר נאָכמיטטאָג איז אין פּאַלעי־ראָיאַל אַרויף אויף אַ טיש אַ יונגער מאַן מיט אַ פּיסטאָלעט אין האַנט און האָט אויסגעשריען: „ברי־דער! מען האָט נעכטען נעקקער׳ן פערטריבען פון הויף, מען גרייט זיך היינט צו מאַכען פיר די בירגער, די פריינד פון פאָטערלאַנד, אַ נייע באַרטהאָלאָ־מעאוס־נאַכט. נעהמט זיך צו די וואַפען, בירגער! מאַכט אייך גרינע קאָקאַרדעס, אַלס קאָליר פון האָפנונג; נעהמט זיך צו די וואַפען!" דיזער איז געוועזען קאַמילע דעסמולינס (דעמולען), אַ מאַן מיט גייסט, וועלכער האָט בעזעסען אַ שטאַרקע רעדנער־קראַפט. יעדער האָט גענומען פון זיין האַנט אַ גרינע קאָקאַרדע, און ווער עס האָט ניט געהאַט קיין באַנד האָט אַריינגעשטעקט אין זיין הוט גרינע בלעטער. דאָס פאָלק האָט זיך שטאַרק פאָרבערייטעט צום שטרייט דעם 11טען יולי. דעם 12טען יולי זיינען אָנגעקומען די טרופּען אום צו בערוהיגען די שטאָדט. עס זיינען אפילו פאָרגעקומען אָפטע צוזאַמענשטויסען צווישען די טרופּען און דעם פאָלק, צוזאַמענשטויסען מיט שוואַכע בלוט־פערגיסונגען, אָבער צו קיין

ערנסטען שטרייט איז עס ניט געקומען. עס האט זיך בעוויזען, דאס די רעאקציאנערען האבען מורא געהאט צו טרייבען די זאך צו ווייט. דאס פאלק האט געמאכט גרויסע דעמאנסטראציאנען צו עהרע פון נעקקער'ן און דעם הערצאג פון ארלעאנס. איין אבענד איז די אויפרעגונג געוואקסען שטארקער. עס זיינען ארוים גרויסע ארבייטער־מאסען, וועלכע זיינען גע־קומען אנצוגרייפען די קעניגליכע צאל־הייזער, און האבען אנגעהויבען צו מאכען איין שטאדט שרפות.

דעם 13טען יולי אין דער פריה האבען אלע גלאקען אנגעהויבען צו שטורמען און דאס פאלק איז געשווינד ארוים פון די וואוינונגען און האט זיך פערזאמעלט אין די גאסען. אייניגע דעפוטאטען האבען געמאכט א פארשלאג, אז מען זאל באלד ארגאניזירען א בעוואפענטען זעלבסט־שוץ פון די בירגער, און דיזער זעלבסט־שוץ זאל בעשטעהן פון 50,000 מאן. וויל עס זיינען אבער ניט געווען קיין פערטיגע געוועהר פיר אזוי פיעלע מענשען, האט די פערזאמלונג געארדענט, אז מען זאל פארלויפיג צוגרייטען 50,000 פיקעס. דיזעס האט ניט גענומען פיעל צייט. די נאציאנאל־פער־זאמלונג האט ערקלערט, דאס זי וועט בלייבען אין איהר אמט אויף אן אונ־בעשטימטע צייט, און האט געפאדערט, דאס די פרעמדע סאלדאטען זאלען אוועק צוריק צו זייערע לענדער. אין פערלויף פון טאג האבען זיך די ביר־גער גוט ארגאניזירט, אזוי דאס זיי זיינען שוין ניט געווען שוצלאז. זיי האבען שוין געהאט א וואפען־מאכט, מיט וועלכער די רעגירונג האט זיך געדארפט רעכנען. עס האט זיך צווישען זיי אויך אנגעהויבען א קלאסען־פראגע. איין טייל פון די בירגער האט געוואלט לאזען די פראלעטאריער אונבעוואפענט, אבער די ארבייטער זיינען געווען קלוג גענוג און פארזיכטיג און האבען זיך אליין בעזארגט מיט וואפען אין די פארשטעדט. דארט זיינען זיי בעפאלען די ארסענאלען און האבען גענומען פיר זיך געוועהר ווי פיעל זיי האבען געהאט נעטיג. זיי האבען געשאפען א נאציאנאל־גווארדיע מיט אייגענער מאכט.

דער בעריהמטער היסטארישער 14טער יולי 1789 האט זיך אנגעהויבען דערמיט, וואס מאסען פון פאלק האבען זיך געלאזען צום אינוואלידען־הויז אום צו בעזארגען זיך פון דארט מיט וואפען. די עטליכע אינוואלידען, וואס זיינען דארט געשטאנען אויף דער וואך, האבען באלד איינגעזעהען, דאס זייער ווידערשטאנד וועט נאר פערשאפען אומזיסטע בלוט־פערגיסונג, וויל די מאסע איז געווען זעהר גרויס, האבען זיי זיך ניט געשטעלט געגען די אנגרייפער און דיזע האבען אונגעשטערט גענומען וואס זיי האבען גע־

וואַלט. דרייסיג טויזענד לייט פון דער מאַסע האָבען זיך בעוואָפענט און האָבען דערצו אויך פערכאַפּט אייניגע קאַנאָנען. יעצט איז דאָס פאָלק גע־ווען פערטיג צום שטרייט. אויך די אַרבייטער פון די פאָרשטעדט סט. אַנ־טואַן און סט. מאַרסאָ האָבען זיך פעראייניגט מיט'ן פאָלק און זיינען אַלע געווען פערטיג צו מאַכען אַן אָנגריף. אָבער וואוהין זאָל מען געהן, און וואָס זאָל מען אָנגרייפען פריהער? אייניגע האָבען געראַטען צו געהן אויף ווערסאַיל, אַנדערע מען זאָל אָנגרייפען די פרעמדע טרופּען. פּלוצלינג האָט איינער אויסגעשריען: „צו דער באַסטיליע!" דיזעס וואָרט האָט אָנגע־צונדען אַלע הערצער. פון אַלע גאַסען האָט זיך געהערט איין קול: „צו דער



שטורם אויף די באַסטיליע.

באַסטיליע!" און די גאַנצע מאַסע האָט זיך ווי איין מענש געלאָזען צו דיזער פערהאַסטער פעסטונג.

דיזע קליינע פעסטונג מיט 8 געוואַלטיגע טורמס איז געווען אַרומגע־רינגעלט מיט אַ טיפען גראָבען און בעוואַכט פון 82 אינוואַלידען און 33 שווייצער. עס איז געווען פון פאָלק אַ זעהר געוואַגטע אונטערנעהמונג צו וועלען נעהמען דיזע פעסטונג. עס האָט אָנפאַנגס אויסגעוויזען אַן אונמעג־ליכקייט זי איינצונעהמען. איבערהויפּט האָבען זיך פיעלע געשראָקען פאַר

די קאַנאָנען. אָבער דער האַס צו דיזער פעסטונג פון דעספּאָטיזם איז גע־וועזן אַזוי גרויס, דאָס קיין זאַך האָט זיי ניט אָפּגעשראָקען, און אַלע האָבען מיט איין קול אויסגעשריען: „מיר מוזען נעהמען די באַסטיליע!" דאָס פאָלק האָט מיט גרויס שטורם גענומען די ערסטע צוג־בריק און איז צוגע־קומען צום טויער. דאַן האָט דער גובערנאַטאָר פון דער פעסטונג דעלאָ־נעי געהייסען שיסען פון די האַרמאַטען. דאָס פאָלק האָט דערביי פער־לאָרען פיעלע מענשען און האָט אויף אַ קורצע ווײַלע צוריקגעטראָטען. אָבער דאָס פאָלק האָט זיך גענומען מיט גרויס היץ צו שטורמען די פעס־טונג, ניט קוקענדיג אויף קיין געפאַהר. פיער שטונדען נאַכאַנאַנד האָט דאָס פאָלק געשטורמט אָהן אויפהער. באַלד איז געקומען די גוואַרדיע, די טרייע פערבינדעטע פון פאָלק, און האָט געבראַכט מיט זיך קאַנאָנען, און האָט אָנגעפאַנגען צו שטורמען די פעסטונג. דער קאָמאַנדאַנט האָט זיך באַלד אונטערגעגעבען.

אום 5 אוהר נאָכמיטטאָג איז שוין די באַסטיליע געווען גענומען. די מאַסען זיינען אַריין אין די פעסטונג. זיי האָבען אָבער די איינוואוינער פון דער פעסטונג ניט געטאָן קיין שלעכטעס. זיי האָבען נאָר ערמאָרדעט דעם גובערנאַטאָר און דעם קאָמאַנדאַנט, אַלס ראַכע פיר די אָפּפער, וואָס זיינען געפאַלען צוליב זיי פון פאָלק. מיט איינינע טעג שפּעטער האָט מען דעם גאַנצען שלאָס צושטערט, און אויף זיין אָרט האָט מען אויפגעשטעלט אַ פערגניגונגס־אָרט. דאַן האָט דאָס פאָלק ערוועהלט אַ נייעם גרויסען ראַט פון פערטרעטער פון 60 סעקציאָנען, און אַ נייעם געמיינדע־ראַט פון 30 מיטגלידער. באַיללי איז ערוועהלט געוואָרען אַלס בירגערמייסטער פון פּאַריז, און לאַפאַיעטט איז ערוועהלט געוואָרען אַלס קאָמאַנדאַנט פון דער נאַציאָנאַל־גוואַרדיע.

דער ערפאָלג, וואָס דאָס פאָלק האָט געהאַט דעם 14טען יולי אין פּאַ־ריז, איז באַלד בעקאַנט געוואָרען אין גאַנצען לאַנד און האָט געמאַכט אַי־בעראַל אַ גרויסע ווירקונג. דאָס פעאָדאַל־סיסטעם איז מיט איין קלאַפּ נידערגעשלאָגען געוואָרען. די גוטס־בעזיצער האָבען אָנגעהויבען צו לויפען פון לאַנד אין גרויסע מאַסען. די בויערן האָבען זיך ערוואָרבען וואַפען, האָבען מיט שטורם גענומען די שלעסער און האָבען געברענט די מאָנאַס־טירען. יעדע נאַכט האָט מען געזעהען ברענענדיג אַן אַנדער שלאָס, וואָס האָט געצייגט, דאָס עס איז אָנגעקומען אַ נייע צייט. דאָס לאַנד־פאָלק האָט זיך גענומען אָפּרעכנען מיט זיינע בעדריקער, וועלכע האָבען עס ערנידריגט און געזויגען זיין בלוט אין פערלויף פון פיעלע יאָהרהונדערטער. די דאַקו־

מענטען, וועלכע האָבען געגעבען דער אַריסטאָקראַטיע דאָס רעכט צו פער-שקלאַפען דאָס פאָלק און צו בערויבען עס, זיינען דורך די בויערן פערברענט געוואָרען. אין אַלע שטעדט פון לאַנד האָבען זיך די בירגער אָרגאַניזירט נאָך דעם מוסטער פון דער הויפּטשטאָדט, פּאַריז. זיי האָבען אויך געשאַ-פען נאַציאָנאַל-גוואַרדיעס צו זייער פערטיידיגונג.

עס איז יעצט געבליבען צו נעהמען זיך אָפּצושאַפען די פּריווילעגיעס און צו פערפאַסען נייע געזעצען, וועלכע זאָלען שטימען מיט דעם נייעם גייסט וועגען די רעכטען פון פאָלק. אָנפאַנגס האָט עס אויסגעוויזען, דאָס די נאַציאָנאַל-פערזאַמלונג איז דערצו ניט פעהיג. אָבער ענדליך, נאָך אַ 14-טעגיגער פערהאַנדלונג, איז אָנגענומען געוואָרען די אידעע פון לאַ-פאַיעטט — מען זאָל אָנפאַנגען די נייע געזעצגעבונג מיט דער איינלייטונג איבער די ערקלערונג פון אַלגעמיינע מענשליכע רעכטען.

אין אַ קלאָרער און שענער פאָרמע האָט די פערזאַמלונג געפאַסט אַלע נייע דעמאָקראַטישע און ליבעראַלע אידעען, לויט וועלכע די הערשאַפט גע-הערט צום פאָלק זעלבסט און אַלע זיינען גלייך בערעכטיגט צו אַלעס, און דערמיט האָבען זיי פערניכטעט אַלע פאָררעכטען פון איין קלאַס איבער אַן אַנדערער. דיזער בעריהמטער היסטאָרישער דאָקומענט לויטעט ווי פאָלגט:

1) אַלע מענשען ווערען געבאָרען גלייך מיט אַלע רעכטען און פריי, און אַזוי בלייבען זיי זייער גאַנצען לעבען.

2) דער צוועק פון יעדער בירגערליכער פערבינדונג איז צו ערהאַלטען די נאַטירליכע רעכטען פון מענשען, וועלכע זיינען: פרייהייט, אייגענטום, זיכערהייט און ווידערשטאַנד געגען אונטערדריקונג.

3) די אויבערהערשאַפט געהערט צום פאָלק זעלבסט. קיין קערפּער-שאַפט און קיין איינציגער מענש קען ניט האָבען אַן אייגענע ספּעציעלע מאַכט, וואָס איז איהם ניט געגעבען געוואָרען פון פאָלק, וועלכעס קען עס צו יעדער צייט ווען נעטיג צוריקנעהמען פון איהם.

4) די פרייהייט בעשטעהט דערין, דאָס מען מעג טאָן אַלעס, וואָס עס ברענגט ניט קיין שאָדען אַן אַנדערען. די איינצעלהייטען פון דיזען פונקט מוזען בעשטימט ווערען דורך דאָס געזעץ.

5) דאָס געזעץ קען נאָר פערבאָטען צו טאָן דאָס, וואָס קען שאַדען דער געזעלשאַפט. וואָס דאָס געזעץ האָט ניט פערבאָטען, מעג יעדער טאָן, און קיינער מוז ניט טאָן דאָס, וואָס דאָס געזעץ פאָדערט ניט פון איהם.

6) דאָס געזעץ דריקט אויס דעם ווילען פון פאָלק. אַלע בירגער אין שטאַאַט האָבען דאָס רעכט צו נעהמען אָנטייל אין דער פערפאַסונג פון די

געזעצען, אַליין אָדער דורך זייערע פערטרעטער. דער שוץ אָדער די שטראָף, וואָס דאָס געזעץ גיט, מוז זיין גלייך פיר אַלעמען. אַלע בירגער האָבען גלייכע רעכטען צו בעקליידען עמטער, אָהן קיין שום אונטערשייד אויסער אין טאַלענט און עהרליכקייט.

7) קיינער טאָר ניט ארעסטירט ווערען, אויסער אין פאַל ווען דאָס געזעץ פאָדערט עס. ווער עס פערלאַנגט, אַז מען זאָל ארעסטירען אימיצען אונגעזעצליך, ווער עס אַרעסטירט אָדער הייסט איינעם אַרעסטירען אונגעזעצליך, זאָל דערפאַר בעשטראָפט ווערען. אָבער ווען אַ בירגער דאַרף אַרעסטירט ווערען געזעצליך, מוז ער זיין געהאָרזאַם און ניט צייגען קיין ווידערשטאַנד, ווען ניט וועט ער דאַפיר בעשטראָפט ווערען.

8) מען קען בעשטראָפט ווערען פיר אַ פערברעכען נאָר דאַן, ווען די שטראָף איז בעשטימט געוואָרען פון דעם געזעץ איידער דאָס פערברעכען איז בעגאַנגען געוואָרען.

9) יעדער מוז בעטראַכט ווערען אונשולדיג כל זמן זיין שולד איז ניט בעוויזען געוואָרען. און דעריבער, ווען עס איז אַמאָל נעטיג צו אַרעסטירען איינעם איידער זיין שולד איז בעוויזען געוואָרען, אום צו פערזיכערן זיך, דאָס ער וועט ניט ענטלויפען פון גערעכטיגקייט, איז פערבאָטען צו בענוצען אוננעטיגע שטרענגקייט.

10) קיינער טאָר ניט בעאונרוהיגט ווערען צוליב זיינע מיינונגען אָדער צוליב זיין רעליגיאָן, סיידען זיינע מיינונגען אָדער זיין רעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע שטערען די געזעצען פון לאַנד.

11) די פרייע מיטטיילונג פון געדאַנקען און מיינונגען איז איינס פון די וויכטיגסטע רעכטען פון דעם מענשען. דעריבער קען יעדער שטאַאַטס-בירגער פריי רעדען, שרייבען, דרוקען, נאָר ער טאָר ניט מיסברויכען דיזע פרייהייט צו טאָן אַזעלכעס, וואָס איז געגען דעם געזעץ און קען שאַדען אַן אַנדערען.

12) אום צו בעשיצען די רעכטען פון מענשען און שטאַאַטס-בירגער מוז זיין איינגעריכטעט אַן עפענטליכע מאַכט. דיזע מאַכט ווערט איינגעפיהרט לטובת הכלל, ניט פיר בעזונדערע נוצען פון די, וועלכע זיינען אָנפערטרויט מיט דיזער מאַכט.

13) אום אויפצוהאַלטען דיזע עפענטליכע מאַכט מוז מען האָבען געוויסע מיטלען, געוויסע סומעס געלט. דיזע מיטלען דאַרפען שאַפען די בירגער, יעדער לויט זיין פערמעגען און זיינע מאַטעריעלע איינקונפטען.

14) די בירגער האָבען דאָס רעכט זעלבסט אָדער דורך זייערע פערטרעטער צו נעהמען אָנטייל אין דער בעשטימונג, ווי פיעל געלט דאָס לאַנד פאָדערט פיר אויסגאַבען אום אויפצוהאַלטען די נעטיגע אָרדנונג, ווי אויך אַכטונג צו געבען אויב די געלטען ווערען ריכטיג פערברויכט אויף וואָס זיי זיינען בעשטימט געוואָרען, און פעסטצוזעצען די פערטיילונג און די זאַמלונג פון די שטייערן.

15) די געזעלשאַפט האָט דאָס רעכט צו פאָדערן פון יעדען עפענטליכען בעאַמטען רעכענשאַפט פון זיין טעטיגקייט.

16) אַ געזעלשאַפט, אין וועלכער די רעכטען זיינען ניט געזיכערט, און עס איז ניט פעסטגעזעצט ווען די געזעלשאַפט האָט דאָס רעכט אָפּצונעהמען די פולמאַכט פון די בעפולמעכטיגטע, האָט ניט קיין קאָנסטיטוציאָן.

17) דאָס אייגענטום איז אַ הייליגעס רעכט. קיינער טאָר ניט פון דיזען רעכט בערויבט ווערען, אויסער אין פאַל ווען די עפענטליכע נויט פאָדערט עס.

אין אָבענד פון דעם זעלבען טאָג האָט אויף דער הערצאָג פון נאַאיללעס גערעדט וועגען אָפּשאַפען די לאַסטען פון דער מיטעלאַלטערליכער פעאָדאַל־אָרדנונג. דער אַדעל איז געקומען צו דער איבערצייגונג, דאָס עס איז שוין געקומען די צייט, ווען זיי זאָלען מיט'ן גוטען ווילען אַליין ענטזאַגען זיך פון זייערע פּריווילעגיעס, ווייל זיי האָבען זיי שוין ניט געקענט האַלטען. דעריבער מאַכען אַנדערע אַ פאָרוואורף דער נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג, דאָס זי איז אָנגעגאַנגען מיט איהרע רעפאָרמעס צו לאַנגזאַם. ווען זי וואָלט גלייך אָפּגעשאַפט די פּריווילעגיעס־דאָקומענטען פון די לאַנדס־הערען (גוטס־בעזיצער), וואָלט דאָס פאָלק ניט געברענט זייערע שלעסער. האָט דען די נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג געוואָלט געבען איהרע נייע געזעצען פיר אַ פערוויסטעטע פראַנקרייך?

דיזער מאָמענט איז געווען זעהר גינסטיג פיר אַלערליי פּריוויליגע אָפּפער. די אויפרעגונג האָט געוואַקסען פון שטונדע צו שטונדע. די שטאַנדען האָבען אַליין פרייוויליג זיך ענטזאַגט פון די פאָררעכטען און פּריווילעגיעס, וואָס זיי האָבען געהאַט פון פריהער. דער גייסט פון מענשען־רעכטען, פון גלייכהייט, האָט דורכגעדרונגען אַלע הערצער און אַלע גייסטער. עס זיינען לייכט אָפּגעשאַפט געוואָרען די גוטס־געריכטבאַרקייט, די פערקויפונג פון עמטער, די שטייער־פרייהייט און אונגלייכע בעשטייערונג; עס זיינען אָפּגעשאַפט געוואָרען די אָפּצאָהלונגען פיר כאָר־קליידער ביי גייסטליכע, די אַננאַטען פון רוימישען הויף (דאָס רעכט פון פּאַפּסט

צו נעהמען א שטייער פון דעם געהאַלט פון ערסטען יאָהר פון א נייעם גייסטליכען), דער גרעסטער טייל פון די קירכען־הכנסות און אונפּערדינטע פּענסיאָנען. דער אַלגעמיינער ענטהוזיאַזם איז געווען אַזוי גרויס, דאָס פיעלע האָבען בעדויערט וואָס זיי האָבען ניט מעהר וואָס אָפּצוגעבען. אַלע האָבען עס בעטראַכט אַלס א גרויסען וואונדער, דאָס יעצט איז אין איין נאַכט אָפּגעשאַפט געוואָרען אַלעס, וואָס האָט פערביטערט דאָס לעבען פון פראַנצויזישען פאָלק אַזוי פיעלע דורות.

אַזוי האָט די נאַכט פון 4טען אויגוסט געמאַכט א סוף מיט דעם פעאָדאַל־סיסטעם. די גאַנצע געשטאַלט פון דעם קעניגרייך איז מיט איין מאָל פערענדערט געוואָרען. עס איז זעלטען צו טרעפען אין דער געשיכטע, דאָס א רעוואָלוציאָן זאָל אָנגעהן אַזוי ראַש און זאָל דערגרייכען אַזעלכע גרויסע און וויכטיגע רעזולטאַטען אין אַזא קורצער צייט. דער ווילען פון פאָלק האָט בעזיגט אַלעס און האָט טריאומפירט. דאָס קעניגטום האָט אין גאַנצען פערלאָרען זיין מאָראַלישע און מאַטעריעלע מאַכט. די נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג, וועלכע האָט נידערגעריסען די אַלטע פאָרמע פון דער רעגירונג, האָט יעצט געהאַט אויף זיך די אויפגאַבע: צו אויפבויען, צו שאַפען א נייע פאָרמע, געגרינדעט אויף די פּרינציפּען פון מענשליכקייט, פרייהייט און גלייכהייט.

דיזער אויפגערעגטער צושטאַנד פון די געמיטער פון פאָלק האָט זיך ניט בערוהיגט אין דער גאַנצער צייט פון 4טען אויגוסט ביז ענדע סעפּטעמבער. עס איז עפּעס געלעגען אַן אונערטרעגליכער דרוק אויף די געמיטער פון פאָלק. יעדער האָט געפיהלט, דאָס עס מוז עפּעס קומען א געוואַלטזאַמער אויסברוך. די רעגירונג האָט ניט געוואוסט וואָס זי זאָל טאָן. זי איז ניט געווען בכח עטוואָס צו טאָן. איבערהויפּט איז זי געווען געדריקט פון מאַנגעל אין געלט. עס איז פאָרגעשטאַנען דער רעגירונג צו באַנקראָטירען. דאָס וואָלט רואינירט דאָס גאַנצע לאַנד. מיראַבאָ האָט געהאַלטען אין דער נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג א גלענצענדע רעדע צו בעוועגען די דעפּוטאַטען צו מאַכען אַן אַנלייהע פון 400,000,000 ליווערעס, אום צו פערמיידען דעם באַנקראָט. אָבער ליידער זיינען די דעפּוטאַטען זעלבסט געווען ווייט פון א בעזאָנענער האַנדלונג. פיעלע פון זיי האָט געפעהלט די פעהיגקייט פון שטאַאַטס־לייט צו בעטראַכטען א זאַך רוהיג. דעם פאָלק אָבער האָט עס געבראַכט ווייניג נוצען. די מאַסע פון פּאַריזער פּראָלעטאַריאַט האָט אָנגעהויבען מעהר און מעהר אָנטייל נעהמען אין פּאָליטיק, און האָט זיך פערשאַפט אייגענע פיהרער פון די נידריגע שיכטען. דיזע

האָבען אָנגעווענדעט אַלע מעגליכקייטען צו געווינען די נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג אויף זייער זייט. דער הויף און די נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג האָבען ביידע פיעל פערלאָרען אין זייער איינפלוס אויף די מאַסען.

דער שטורם צווישען די אַרבייטער־מאַסען איז געווען שרעקליך. ער איז אַרויסגערופען געוואָרען דורך דעם הערשענדען יקרות און הונגער. דער שטאַאַט האָט זיך געפונען געצוואונגען צו פערשאַפען פיר די אַרבייטער ביליגעם ברויט, ווי אויך צו פערשאַפען פיר זיי אַרבייט. אָבער די הילף איז געווען זעהר אַ שוואַכע. די נויט און דער עלענד זיינען געוואַקסען מעהר און מעהר.

דערווייל האָט דער קעניג געמאַכט אַ שריט, וועלכער האָט געגאָסען אויל אויף'ן פייער. ער האָט זיך ענטזאַגט צו בעשטעטיגען די מענשען־רעכטען, וואָס די נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג האָט אויסגעאַרבייט. דערצו האָבען די גוואַרדיע־אָפיצערען געמאַכט אַ באַנקעט, אויף וועלכען זיי האָבען אויסגעדריקט זייער סימפּאַטיע צום הויף און זייער אַנטיפּאַטיע צום פאָלק. מען האָט איבערגעגעבען דעם פאָלק, דאָס די גוואַרדיע־אָפיצערען האָבען זיך גוט צו'שכור'ט און האָבען שטאַרק בעליידיגט די נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג און האָבען זי זאָגאַר אָנגעגריפען; דאָס זיי האָבען ווידער אָנגעטאָן די ווייסע קאָקאַרדעס, און די נאַציאָנאַלע קאָקאַרדעס פון די דריי פאַרבען: בלוי־ווייס־רויט, האָבען זיי געטראָטען מיט זייערע פיס. די רעוואָלוציאָנערע פּרעסע איז געוואָרען אויסער זיך. „וועהרענד אין פּאַריז הערשט הונגער", האָבען די צייטונגען געשריבען, „איז מען זיך אין הויף משמח מיט אַלערליי הולטייסטוואָס און שכרות, און מען געהט אָפען אַרויס געגען דאָס פאָלק". און דאָס איז ווירקליך געווען ניט איבערטריבען.

דיזע הוליאַנקעס אין קעניגליכען הויף זיינען ווירקליך געווען אַ פּאַטש אין פּנים דער הונגעריגער מאַסע. די אויפרעגונג האָט געוואַקסען אָהן אויפהער. עס האָט געפעהלט אַ קלייניגקייט אום עס זאָל אַרויספּלאַצען אַן עקספּלאָזיאָן. דעם 3טען און 4טען אָקטאָבער האָט דאָס פאָלק שטאַרק געשטורמט אין די גאַסען פון פּאַריז. די נאַציאָנאַל־גוואַרדיע, וועלכע איז געווען געגען דער בעזיצלאָזער מאַסע, האָט זיי דאַמאָלס צוטריבען. דעם 5טען אָקטאָבער האָבען זיך די מאַסען פערזאַמעלט נאָך אין אַ גרעסערער צאָהל, און דאַמאָלס איז זיי שוין געווען אונמעגליך איינצוהאַלטען. פרויען אין גרויסע מאַסען זיינען געלאָפען צום שטאָדט־הויז און האָבען געשריען: „ברויט, ברויט!" דאָ האָבען אייניגע אויסגעשריען: „געהט נאָך ווער־סאַיל!" און די מאַסע האָט זיך באַלד אַ לאָז געטאָן אַהין.

אָן דער שפּיץ פון דער מאַסע אַלס פיהרער איז געווען אַ געוויסער מ א י ל ל א ר ד. טויזענדער האָבען געשטראָמט פון אַלע זייטען נאָך ווער-סאַיל. אין פראָנט זיינען געגאַנגען פרויען, נאָך זיי די געזעמלען פון פּאַ-לעי־ראָיאַל, וועלכע זיינען געווען אונטערגעהעצט פון הערצאָג פון אָרלע-אַנס, הינטער זיי די פּראָלעטאַריער פון די פּאָרשטעדט, און גאָר הינטען לאַפּאַיעטט מיט דער נאַציאָנאַל־גוואַרדיע. לאַפּאַיעטט האָט אייגענטליך ניט געוואָלט אָנטייל נעהמען אין דיזען שטורמישען צוג, אָבער זיינע אָפּי-צערען האָבען איהם שטאַרק געבעטען און נאָך אייניגע שטונדען פון דים-קוטירען מיט זיי האָט ער נאָכגעגעבען. „גענעראַל”, האָבען זיי צו איהם געזאָגט, „מיר געהען ניט אום צו געברויכען אונזערע וואַפען געגען פרויען, נאָר אום צו ברייננען די מאַסע צו אָרדנונג. מיר ווילען ברייננען דעם קעניג צו אונז אין פּאַריז, אום מיר זאָלען זיין זיכער געגען זיינע אַבזיכטען”. לאַ-פּאַיעטט האָט ענדליך איינגעשטימט אָנטייל צו נעהמען אין דיזען צוג נאָך דעם, ווי דער געמיינדע־ראַט האָט איהם געגעבען אַ בעפעהל צו געהן מיט דעם צוג אום צו האַלטען אָרדנונג און רוה. אויף'ן וועג נאָך ווערסאַיל האָט די בעריהמטע שענע רעוואָלוציאָנערין ט ה ע ר א ָ א נ י ע ד ע מ ע-ר י ק ו ר ט געהאַלטען פאַר די מאַסען פייערדיגע רעדעס.

די נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג איז דאַמאָלס געווען זעהר ערביטערט איבער די הוליאַנקעס, וואָס די אָפּיצערען האָבען פעראַנשטאַלטעט אין הויף, און האָט פערלאַנגט פון קעניג, אַז ער זאָל בעשטעטיגען די מענשען־רעכטען, וואָס זי (די נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג) האָט אָנגענומען. זיי זיינען געווען ער-שטוינט, ווען עס איז פּלוצלינג פאַר זיי ערשינען מאַיללאַרד מיט אַ דעפּו-טאַציאָן פון פרויען און האָט פערלאַנגט פון פּרעזידענט מוניער, אַז ער זאָל זיי פאָרשטעלען דעם קעניג. דער פּרעזידענט האָט זייער וואונש ערפילט. דער קעניג האָט פערשפּראָכען צו טאָן אַלעס, וואָס מען פערלאַנגט פון איהם. די פרוי, וואָס האָט בעדאַרפט עטוואָס זאָגען דעם קעניג אין נאָמען פון דער דעפּוטאַציאָן, האָט פון אויפרעגונג מעהר ניט געקענט זאָגען ווי דאָס וואָרט „ברויט”. דער קעניג איז פון דער גאַנצער סצענע געווען גע-ריהרט און איז געפאַלען אויף'ן האַלז פון דער שפּרעכערין. די דעפּוטאַציאָן איז אויך געווען געריהרט און איז אַוועק צוריק. אָבער די מאַסען, וואָס זיינען געשטאַנען דרויסען, זיינען ניט געווען צופרידען מיט דיזען רעזול-טאַט, זיי האָבען געוואָלט איבערטראַנספּאָרטירען דעם הויף אין פּאַריז אום זיי זאָלען האָבען דעם קעניג אין זייערע הענט. עס איז געוואָרען אַ שרעק-

ליבער טומעל, און די מאַסע האָט אָנגעגריפען די קעניגליכע לייב־גוואַרדיע. לאַפאַיעטט האָט זיך געגעבען אַלע מיה צו בערוהיגען די מאַסע, און ענדליך איז עס איהם געלונגען.

אָבער דעם צווייטען טאָג גאַנץ פריה האָט זיך ווידער אָנגעפאַנגען אַ שטאַרקער טומעל. דורך אַ טויער, וועלכער איז צופעליג געבליבען אָפען, האָט זיך דאָס פאָלק אַריינגעבראָכען אין שלאָס מיט׳ן צוועק צו פערכאַפּען דעם קעניג. די מאַסע איז גלייך אַריין מיט שטורם אין דאָס צימער פון דער קעניגין. האַלב אָנגעקליידט איז די קעניגין מאַריע אַנטואַנעטטע



דער צוג פון פּאַריזער פרויען נאָך ווערסאַיל.

אַריינגעלאָפען צו איהר מאַן, און דאָרט איז עס געלונגען לאַפאַיעטט׳ן, וועלכער איז געווען ביים פאָלק זעהר בעליבט, די מאַסע צו בערוהיגען. די קעניגליכע פאַמיליע האָט זיך פערבערייטעט אויף דאָס ערגסטע. זי האָט געזעהען, דאָס זי מוז נאָכגעבען דעם וואונש פון דער אויפגערעגטער מאַסע, און געהן מיט איהר נאָך פּאַריז. דער קעניג איז אַרויס אויף׳ן באַלקאָן און האָט דער מאַסע ערקלערט, דאָס ער גיט נאָך איהר וואונש. לאַפאַיעטט האָט ווידער אָפּגעשפּילט אַ סצענע, דורך וועלכע עס איז איהם ווידער געלונגען צו בערוהיגען די מאַסע. ער האָט געקוסט די האַנט פון דער קע-

ניגין און האָט צוגעשפּיליעט אַ גוואַרדיע־אָפיצער די קאָקאַרדע פון דריי פאַרבען, דאָס עמבלעם פון פאָלק. דאָס האָט געהאַט אויף דאָס פאָלק אַ בערוהיגענדע ווירקונג. דער קעניג איז געגאַנגען מיט די מאַסען נאָך פּאַריז בעגלייט פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע. דער בירגער־מייסטער פון פּאַריז האָט אפילו אין אַ פאַלשער רעדע בערוהיגט דעם קעניג און האָט איהם גע־וואָלט נאַרען וועגען זיין לאַגע, אָבער דער קעניג האָט גוט פערשטאַנען, וואָס איהם שטעהט פאָר צו איבערלעבען אין דעם אַלטען שלאָס פון די טו־אילעריען, וואוהין ער איז אַריינגעפאָהרען. באַלד נאָכדעם איז אויך די נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג אַריבער פון ווערסאַיל נאָך פּאַריז. פון יעצט אָן איז זי געשטאַנען אונטער דעם שוץ פון דער פּאַריזער בעפעלקערונג און איז געווען געזיכערט, דאָס דער שטאַאַט קען איהר יעצט גאָרניט טאָן.

די נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג האָט זיך יעצט ערנסט גענומען דורכצו־פיהרען איהר אויפגאַבע — צו אָרגאַניזירען די נייע פראַנקרייך לויט די פּרינציפּען, וואָס זי האָט אָנגענומען דעם 10טען אויגוסט, וועלכע זיינען געגרינדעט אויף דעם פונדאַמענט פון מענשען־רעכטען. די רעוואָלוציאָ־נערע שטימונג און די ראַדיקאַלע געזינונג געגען דעם הויף איז ־דערווייל געוואָרען אַ ביסעל שוואַכער. דאָס פאָלק האָט אָנגעהויבען שטאַרק מורא האָבען פאַר די פּראָלעטאַריער, וועלכע האָבען אָנגעהויבען צו דענקען וועגען פערטיילען דאָס אייגענטום גלייך צווישען אַלעמען. אין דער נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג האָבען זיך געבילדעט דריי פּאַרטייען. די מעהרסטע אין צאָהל אונטער זיי איז געווען די דעמאָקראַטיש־קאָנסטיטוציאָנעלע פּאַרטיי, וועלכע האָט זיך געשטיצט אויף דעם בירגערטום און אויף דעם לאַנד־פאָלק (די בויערן), און ווייל זי איז געווען די מעהרהייט האָט זי אַרויפגעלעגט איהר שטעמפּעל אויף די גאַנצע נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג, ד. ה. די פערזאַמלונג האָט מעהרסטענס אָנגענומען איהרע בעשלוסען. אַ גרויסען איינפלוס האָט אויך געהאַט די מאָנאַרכיסטישע פּאַרטיי, וועלכע האָט געוואָלט, דאָס די אַלטע אָרדנונג זאָל בלייבען הערשען אין לאַנד. דיזע פּאַרטיי איז געזעסען צו דער רעכטער זייט פון פּרעזידענט, וועהרענד די פּאַרטיי, וואָס מיר האָבען פריהער דערמאָהנט, איז געזעסען אין צענטער. אין דער לינקער זייט פון פּרעזידענט איז געזעסען די קלענסטע פּאַרטיי, די אַבסאָלוט־דעמאָקראַטישע, וועלכע האָט זיך געשטיצט אויף די מאַסע פון די בעזיצלאָזע און אַרבייטער. דיזע פּאַרטיי האָט געטראָגען דעם נאָמען „דער באַרג", ווייל איהרע ערטער זיינען געווען די העכסטע. אָבער הגם זי איז געווען קליין אין צאָהל, האָ־בען זיך אין איהר געפונען מענער, וועלכע האָבען שפּעטער געשפּילט אַ

גרויסע ראָלע אין דעם שיקזאַל פון פראַנקרייך, ווי פּעיטאָן און ראָבעס-פּיערר.

די עפענטליכע פּרעסע האָט דאַמאָלס בעקומען גרויסען מוט און איז ארויס מיט אַן ענטשלאָסענער, ראַדיקאַלער אַגיטאַציאָן. עס איז געוואָרען קלאָר, דאָס די איבערטראַנספּאָרטירונג פון הויף און פון דער נאַציאָנאַל-פערזאַמלונג פון ווערסאַיל אין פּאַריז איז געווען דער בעסטער מיטעל צו פערשאַפען דעם ריכטיגען ווילען פון פאָלק דעם וואהרען איינפלוס. די אַלטע פּרעס-פּאָליציי האָט אויסגעהויכט איהר לעצטען אָטעם. צום ערס-טען מאָל האָט די פּרעסע בעקומען די ריכטיגע, וואהרע פרייהייט. פאַר דער רעוואָלוציאָן זיינען ערשינען אין פראַנקרייך זעהר ווענינע פּעריאָדישע בלעטער, אָבער זינט דער רעוואָלוציאָן איז פראַנקרייך און בעזונדערס פּאַריז געוואָרען איבערשווענמט מיט אַלערליי צייטונגען. איבערהויפּט זיינען געווען זעהר פערשפּרייט די דעמאָקראַטישע אָרגאַנען, ווי: „די רעוואָלוציאָנען פון פּאַריז", „די רעוואָלוציאָנען פון פלאַנדערן און בראַבאַנט", ארויסגעגעבען פון קאַמיללע דעסמולינס, דער „פּער דושעסנע" (דושען) פון העבערט און ענדליך דער „פּאָלקס-פריינד" פון מאַראַט. דיזע אַלע אָרגאַנען האָבען בע-קעמפּט דעם הויף און דאָס גאַנצע אַלטע פערשימעלטע פעאָדאַל-סיסטעם. אַ גליהענדער האַס האָט געשפּראָכען פון יעדער צייל פון דיזע צייטונגען געגען די פּריווילעגירטע. דער לאַנג פערשטיקטער געשריי פון די געקריוו-דעטע און בערויבטע איז אַרויס ווי אַ פּירכטערליכער דונער.

איבערהויפּט איז מאַראַט אַרויס אַלס פייערדיגער אַדוואָקאַט פיר די הונגערנדע מאַסע. זיינע ווערטער זיינען געווען אַ שרעקליכעס געריכט פיר אַלע פּריווילעגירטע קלאַסען. ער האָט זיך געמוזט בעהאַלטען אין קעלערן בעת ער האָט געשריבען זיינע פייערדיגע אַרטיקלען. ער האָט ניט דורכ-געלאָזען קיין זאַך, וואָס ער זאָל ניט צוגלידערן מיט זיין שאַרפער בייסענ-דער קריטיק. מיט זיין מעכטיגער האַנט האָט ער צושטערט אַלע אָפּגעטער פון דעם פערפוילטען אַלטען סיסטעם. „שטעלט אויף אַ קריגס-טריבון (ריכטער)", שרייבט ער אין איין נומער פון זיין צייטונג, „גיט איהם פול-מאַכט צו טאָן וואָס ער וויל נאָר אויף דריי טעג, אונטערוואַרפט אייך אַליין אונטער זיין געוואַלט, אום ער זאָל קענען פערניכטען אַלע די, וואָס שטעהען אייך אין וועג זינט 15 מאָנאַטען און לאָזען ניט דורכפיהרען אין דער רעגי-רונג די רעפאָרמעס, וועלכע זיינען אין שטאַנד צו בענייען פראַנקרייך און פערשאַפען די אָרימע קלאַסען אַ בעקוועמליכעס לעבען. אָבער פריהער פון אַלעס פליהט נאָך סט. קלוד, ברייגגט אין אייערע מויערן דעם קעניג און

דעם דאָפין (טראָן־פאָלגער), ארעסטירט די עסטרייכערין (די קעניגין מאריע אנטואנעטטע, די טאָכטער פון מאריא טהערעזיא), נעהמט געפאנגען איהר שוואָגער, דעם גענעראל, און שמידט אין קייטען די מיניסטאָרען". מיט אזעלכע און עהנליכע שארפע דבורים זיינען געווען פול אלע נומערן פון זיין צייטונג.

אן עהנליכע ראָלע האָבען אויך געשפּילט די קלובען. דאָס זיינען גע־ווען פעראיינען, אין וועלכע מענשען מיט גלייכע פּאָליטישע אידעען האָבען זיך פערזאמעלט אונטער איין פּאַהן. אין דיזע קלובען האָבען די דעפּוטא־טען פון דער נאציאָנאל־פערזאמלונג געזוכט הילף פון גלייכגעזינטע דורכ־צופיהרען זייערע פּראָיעקטען, דאָ האָבען זיי געזוכט צוזאמענצוקומען נע־הענטער מיט'ן פאָלק. מעהר פּאָפּולער פון אלע אנדערע איז געווען דער ברעטאָנישער קלוב, וועלכער איז שפּעטער בעקאנט געוואָרען אונטער'ן נאָמען „יאקאָבינער". אנפאנגס האָבען צו דיזען קלוב געהערט אלע, וואָס זיינען געווען געזאָנען דעמאָקראטיש־קאָנסטיטוציאָנעל, אָבער אין קורצען האָט אין איהם געקראָגען די אויבערהאנט די אבסאָלוט־דעמאָקראטישע פּראָלעטא־רישע ריכטונג. דיזער קלוב פלעגט האלטען זיינע זיצונגען נאָך אלע פּאר־לאמענטארישע רעגלען און פאָרמאליטעטען אין דעם זאל פון דעם דאָמיני־קאנער קלויסטער סט. יאקאָב, פון וואנען ער האָט ערהאלטען זיין וועלטגע־שיכטליכען נאָמען „יאקאָבינער". אין דיזען קלוב האָט זיך באלד פעראיי־ניגט די טעטיגקייט פון דער גאנצער פּאריזער בעפעלקערונג. דער קלוב האָט אין א קורצער צייט געגרינדעט אָפּטיילונגען אין אלע שטעדט פון לאנד, און האָט דערמיט געקראָגען א זעהר גרויסע מאכט. ווען די יאקאָבינער האָבען עס געפונען פיר נעטיג, האָבען זיי לייכט געמאכט אין לאנד גרויסע דעמאָנסטראציאָנען און שטורמס. פּאריז איז געווען דער צענטער פון אלע צווייגען און אָפּטיילונגען פון די יאקאָבינער, און פון דאָרט זיינען געשיקט געוואָרען פעראָרדנונגען צו אלע אָפּטיילונגען, וועלכע האָבען אלעס פּינקט־ליך ערפילט און צום מאָמענט. מיט דיזען אופן איז דער יאקאָבינער קלוב געוואָרען מיט דער צייט א געגען־פּארלאמענט, און באלד אויך א געגען־רע־גירונג. די מאכט פון דער נאציאָנאל־פערזאמלונג איז אין קורצען איבער־געגאנגען צו די יאקאָבינער. די פּראָלעטאריער האָבען איבערגעשטיגען די בירגער. עס איז געווען קלאָר צו זעהן, דאָס די דעמאָקראטישע לינקע ווע־לען אין קורצען האָבען די אויבערמאכט איבער די קאָנסטיטוציאָנעלע אין דער נאציאָנאל־פערזאמלונג.

און באמת האָט די נייע פערפאַסונג (קאָנסטיטוציאָן) ניט געקענט צו-פרידען שטעלען די פראַנצויזישע מאַסע, ווייל זי האָט נאָר געשיצט די אינטערעסען פון די בירגער געגען דעם אדעל, די רעכטען און דער צושטאַנד פון די פראָלעטאַריער זיינען דאָרט איגנאָרירט געוואָרען. דיזע פראַנצוי-זישע פערפאַסונג איז געוואָרען דער מוסטער פון אַלע אַנדערע קאָנסטי-טוציאָנען פון גאַנץ אייראָפּאַ ביז דער לעצטער צייט. אין אַלע קאָנסטי-טוציאָנען לעזען מיר די זעלבע פּונקטען ווי אין דער פראַנצויזישער קאָנ-סטיטוציאָן פון יאָהר 1789—1790.

די קעניגליכע גיטער זיינען פון איהם צוגענומען געוואָרען און זיינען פערערבענט געוואָרען אַלס שטאַאַטס־גיטער. דעם קעניג האָט מען בע-שטימט 40 מיליאָנען ליווערס אַ יאָהר צו אונטערהאַלטען דעם הויף. מיט דיזער אָרדנונג איז פראַנקרייך געוואָרען אַ קאָנסטיטוציאָנעלעס קעניגרייך, אַנשטאַט דעם, וואָס פריהער איז זי געווען אַן אבסאָלוטעס קעניגרייך. פיעל וויכטיגער איז געווען וואָס מען האָט אָפּגענומען די גיטער פון די גייסט-ליכע. אַלע קירכען־גיטער זיינען ערקלערט געוואָרען אַלס נאַציאָנאַל־איי-גענטום, דאַגעגען איז די אונטערהאַלטונג פון געטליכען דינסט געוואָרען די זאַך פון דער רעגירונג. די פינאַנץ־רעפאָרמע האָט גערעטעט פראַנקרייך פון באַנקראָט. דאָס לאַנד איז פּלוצלינג מיט איין מאָל רייך געוואָרען און איז געוואָרען אין שטאַנד צו בעצאָהלען איהרע שולדען. אָבער ווען מען וואָלט פערקויפען אַלע גיטער מיט איין מאָל וואָלטען זיי פערלאָרען זעהר פיעל אין זייער ווערט; דעריבער איז בעשלאָסען געוואָרען, דאָס די רעגירונג זאָל ארויסלאָזען געלט־פּאַפּירען (אַסיגנאַציעס) אין ווערט פון 400 מיליאָנען ליווערס, וועלכע זאָלען אויסגעצאָהלט ווערען אין פערלויף פון 6 יאָהר פון דעם פערקויף פון די נאַציאָנאַל־גיטער פיר דיזע סומע.

דעם 12טען נאָוועמבער 1789 האָט די נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג אָפּגע-שאַפט די אַלטע אָרדנונג פון צוטיילען פראַנקרייך אויף פּראָווינצען און האָט געמאַכט אַ נייע איינטיילונג אין 83 דעפּאַרטעמענטען, אַלע מיט דער זעלבער פאָרמע פון רעגירונג, און מיט דיזען אופן איז די רעגירונג און רע-גולירונג פון גאַנצען לאַנד געוואָרען פיעל לייכטער. דאָס וואַהל־געזעץ איז געווען צוגעפּאַסט צו דיזער איינטיילונג. אָבער אין דיזער הינזיכט איז די קאָנסטיטוציאָן ניט געבליבען טריי צו איהר הויפּט־פּרינציפּ פון גלייכע רעכטען פיר יעדען. ניט אַלע פראַנצויזישע בירגער האָבען בעקומען וואַהל-רעכט, נאָר יענע, וועלכע האָבען געצאָהלט שטייער ווענינסטענס 3 פראַנק

א יאהר. די שטייער־צאהלער האבען זיך גערופען „אקטיווע־בירגער", און די, וואס האבען ניט געצאהלט קיין שטייער, האבען געהאט דעם נאמען „פאסיווע־בירגער". די וואהל איז ניט געווען א דירעקטע, דאס פאלק האט נאר אויסגעקליבען וואהל־מענער, און יענע האבען ערוועהלט די בעאמטע. די וואהל־מענער האבען געמוזט בעזיצען אייגענטום ניט וועניגער פון 150 פראנק. א מיטגליד פיר דעם פארלאמענט האט געקענט זיין יעדער, זאגאר אזעלכער, וואס האט ניט געהאט קיין אייגענטום, נאר ער האט געדארפט אלט זיין ניט וועניגער פון 25 יאהר.

ווי נאר מען איז בעפרייט געווארען פון די אלטע געזעצען פון דעם פעאדאל־סיסטעם, איז באלד אריין אין קראפט דאס רעכט פון בעזיץ. די לעהרע פון מענשען־רעכט איז נאר געווען א פראזע, עס איז נאר געווען מענשען־רעכט פיר די, וואס האבען וועלכעס עס איז אייגענטום. עס איז געבליבען א הערשענדע קלאס ווי פריהער, נאר מיט דיזען אונטערשייד, דאס פריהער האט געהערשט דער אדעל, און יעצט הערשט דער בירגער, וועלכער האט אייגענטום. אנשטאט דעם, וואס פריהער איז די געזעלשאפט געווען איינגעטיילט אין הערען און קנעכט, איז זי יעצט געווארען איינגעטיילט אין בורזשואזיע (בירגער מיט קאפיטאל) און אין לוין־שקלאפען (ארבייטער). געגען דעם האבען שטארק געקעמפט די דעמאקראטישע לינקע אין דער נאציאנאל־פערזאמלונג, זיי האבען אבער גארניט אויסגעפיהרט, ווייל זיי זיינען דארט געווען א מינאריטעט. קאמיללע דעסמולינס האט אין א גלענצענדער רעדע בעוויזען, ווי פאלש עס איז דער נאמען „אקטיווע־בירגער", ווי עס הייסט איינער, וואס צאהלט שטייער, און דער נאמען „פאסיווע־בירגער", ווי עס הייסט א בויער, וואס קען ניט צאהלען קיין 3 פראנק א יאהר, הגם ער איז אין גרונד מעהר אקטיוו פון דעם שטייער־צאהלער.

די פערוואלטונג איז געווען איינפארמיג אין אלע דעפארטעמענטען. אין יעדען דעפארטעמענט איז געווען א פערוואלטונגס־ראט פון 36 מיטגלידער און א דירעקטאריום פון 5 מיטגלידער, וועלכע האבען בעדארפט דורכפיהרען די בעשלוסען פון דעם ראט. יעדער דעפארטעמענט איז געווען איינגעטיילט אין דיסטריקטען, און די דיסטריקטען זיינען ווידער געווען איינגעטיילט אין קאנטאנען. יעדער דיסטריקט האט אויך געהאט זיין ראט און זיין דירעקטאריום, זיי זיינען אבער געווען אפהענגיג און אונטערווארפען אונטער דער מאכט פון די בעאמטע פון די דעפארטעמענטען. די קאנטאנען זיינען ניט געווען קיין פערוואלטונגס־אפטיילונגען, נאר וואהל־אפטיילונגען. די פערוואלטונג פון יעדער געמיינדע איז געווען אנפערטרויט

צו א ראט און א מוניציפאליטעט. די צאהל פון די מיטגלידער פון דיזען ראט און מוניציפאליטעט איז געווען אפהענגיג פון דער צאהל פון די מיט־גלידער פון דער געמיינדע. די מוניציפאל־בעאמטע האט ערוועהלט דאס פאלק זעלבסט, נאר די מוניציפאליטעט האט געקענט פאדערן די בעוואפענטע מאכט, ווען זי האט עס געפונען פיר נעטיג. מיט דיזער ארדנונג איז דאס פאלק געווארען צום ערסטען מאל דער העכסטער הערשער אין לאנד. די בירגער אליין האבען ערוועהלט זייערע בעאמטע און האבען איינגעריכטעט זייער פערוואלטונג. דער מאנארך האט ניט געהאט קיין דעה און קיין איינ־פלוס אויף דיזע אלע בעאמטע פון פאלק. דאס קעניגטום, וואס איז גע־שטאנען אן ז׳ער שפיץ פון דער רעגירונג, איז געווען א מין לוקסוס, אן איב־ריגע, ניט נעטיגע זאך.

אויך אין דעם פערפלאנטערטען אלטען געריכטס־וועזען האט די נא־ציאנאל־פערזאמלונג געמאכט זעהר וויכטיגע רעפארמעס און האט עס גרינד־ליך אויסגעבעסערט. עס איז איינגעריכטעט געווארען אן איינפאכעס קלא־רעס געריכט־סיסטעם. אין קרימינאל־זאכען איז אנגענומען געווארען דאס סיסטעם פון געשווארענע (זשורי), וועלכעס הערשט עד היום אין אלע לענ־דער פון אייראפא. די פון פאלק ערוועהלטע געשווארענע ריכטער האבען דאס רעכט צו זאגען זייער מיינונג, אויב דער אנגעקלאגטער איז שולדיג אדער ניט, אזוי דאס נאר דאס פאלק זעלבסט האט דאס רעכט צו אורטיילען איבער דעם לעבען און טויט פון די מיטבירגער.

דערווייל איז אנגעקומען דער יאהרצייט פון דעם באסטיליע־שטורם. דער פאריזער געמיינדע־ראט האט געמאכט א פארשלאג, דאס דיזער טאג זאל בעשטימט ווערען אלס א גרויסער נאציאנאלער יום־טוב. אין דיזען טאג זאל זיך דאס גאנצע פאלק פערברידערן און פייערן דעם שטורץ פון דעם אבסאלוטיזם. די פארבערייטונגען צו דיזען יום־טוב זיינען געווען גרויס־ארטיגע. אויף׳ן מארס־פעלד האט מען בעשטימט דעם פעסט־פלאץ פיר 400,000 פערזאן. עס האט אבער אויסגעוויזען, דאס די ארבייט וועט ניט פערטיג ווערען צום בעשטימטען טאג. דאמאלס האבען זיך 300,000 מענער און פרויען גענומען צו העלפען ענדיגען די ארבייט צו דער צייט. צווישען דיזער מאסע זיינען אויך געווען גרויסארטיגע דאמען, וועלכע האבען געאר־בייט ווי איינפאכע ארבייטער מיט העק און שופלען. ביי דער ארבייט הא־בען אלע געזונגען די מארסעיליעזע, וועלכע איז שוין געווען בעקאנט אין גאנץ פראנקרייך. הגם עס האט שטארק גערעגענט, זיינען דאך אלע גע־

בליבען ביי דער ארבייט. אין 7 טעג איז די ריזיגע ארבייט פערטיג גע-וואָרען.

אום 7 אוהר מאָרגענס האָט זיך אָנגעפאנגען דער אונגעהייערער צוג פון פאריז. אויף דעם מארס-פעלד זיינען געווען איינגעריכטעט גראָז-טרעפּ, איינע העכער פון דער אנדערער, אויף וועלכע עס זיינען געזעסען 400,000 צושויער. אין דער מיט איז געשטאנען אן אלטאר, געבויט אין אנטיקען סטיל, ארום איהם איז געזעסען דער קעניג מיט זיין פאמיליע אין א האלבען צירקעל, און די נאציאָנאל-פערזאמלונג און די מוניציפּאליטעט זיינען גע-שטאנען. די בעאמטע פון די דעפּארטעמענטען, די דעפּוטירטע פון דער ארמעע און די נאציאָנאל-גווארדיע זיינען געשטאנען אונטער זייערע פלאגען.

נאָך דעם געטליכען דינסט, וואָס איז אָפּגעהאלטען געוואָרען מיט גרויס גלאנץ, איז ארויסגעטרעטען לאפאיעטט אום צו שווערען עפענטליך טריי-הייט צו דער נייער קאָנסטיטוציאָן. צוויי גרענאדירען האָבען איהם ארויפ-געטראָגען אויף'ן אלטאר, פון וועלכען ער האָט בעדארפט פיהרען דאָס פאָלק צו דער שבועה צו האלטען טריי די קאָנסטיטוציאָן. דאָס פאָלק האָט אין דער צייט, וואָס די גרענאדירען האָבען געטראָגען לאפאיעטט'ן צום אלטאר, מיט גרויס פרייד-שטורם ארויסגעצייגט זייער צופרידענהייט. „מיר שווע-רען", האָט לאפאיעטט אָנגעהויבען מיט א הויכער שטימע, „צו זיין אימער טריי דער נאציאָן, דעם געזעץ און דעם קעניג, צו שטיצען און צו האלטען מיט אלע קרעפטען די פערפאסונג, וועלכע די נאציאָנאל-פערזאמלונג האָט אויסגעארבייט און דער קעניג האָט בעשטעטיגט און אָנגענומען, און צו בלייבען פערבונדען מיט אלע פּראָנצויזען ווי ברידער". דערביי האָט די ארטילעריע געדונערט מיט איהר שיסעריי, מוזיק האָט געשפּילט, און די גרויסע מאסע פון 400,000 מענשען האָט אין איין קול אויסגעשריען: „איך שווער עס!" נאָכדעם איז ארויס דער קעניג און האָט געשוואָרען „פעסט-צוהאלטען די פערפאסונג". אויך די קעניגין, וועלכע איז אין דיזען מאָ-מענט געוואָרען בעגייסטערט, האָט אויפגעהויבען מיט איהרע הענט איהר קינד, דעם טראָן-פאָלגער, און האָט אויסגעשריען: „היר איז מיין זוהן, איך און ער טיילען גלייכע געזינונגען!" דאָס פאָלק האָט בעגעגענט דיזע ווער-טער מיט גרויס פרייד-שטורם און איז געווען מיט פולען צוטרויען צום קעניג און דער קעניג האָט געגלויבט אין דער טרייהייט פון פאָלק. נאָך דער צע-רעמאָניע האָט זיך דאָס פאָלק שטארק משמח געווען מיט דיזען יום-טוב און מען האָט זיך געלאָזען וואוילגעהן. דער מאָמענט איז געווען א גוואלדיגער.

דאָס פאָלק האָט געפיהלט, דאָס דער מיטעלאַלטער איז געשטירצט אין גאַנ-צען און אַז עס האָט אַריינגעטרעטען פיר איהם אַ נייע צייט.

אָבער עס האָבען זיך אויך געפונען אייניגע, וואָס האָבען געקוקט אויף דיזע שמחה מיט גאַנץ אַנדערע אויגען. די דעמאָקראַטישע פּרעסע, אי-בערהויפּט מאַראַט און דעסמולינס, האָבען געקוקט און גערעדט וועגען דיזער שמחה מיט פעראַכטונג. זיי האָבען געשאָטען מיט פייער אויף דעם געצען-דינסט, וואָס מען האָט געצייגט צום קעניג און צו לאַפאַיעטט׳ן.

עס האָט זיך אָנגעהויבען אַרויסצייגען אַ געגענזאַץ צווישען די בעזו-צענדע קלאַסען פון בירגערטום און די אַרבייטער-פּראָלעטאַריער. עס איז געוואָרען קלאָר, דאָס די בורזשואַזיע מיינט ניט ערנסט אָפּצושאַפען אַלע אונטערשיידען צווישען מענשען. זיי האָבען נאָר געוואָלט אָפּשאַפען די אַלטע שטאַנדען, און גרינדען אויף זייער אָרט נייע. דאָס האָט קלאָר בעווי-זען דער פאַקט, דאָס די נאַציאָנאַל-פערזאַמלונג האָט אָנגעהויבען צו אונ-טערדריקען די אַרבייטער-פערבאַנדען. די זעלבע דעפּוטאַטען, וועלכע האָבען מיט הייליגער בעגייסטערונג אָנגענומען די ערקלערונג פון מענשען-רעכטען, האָבען געשטערט די אַרבייטער צו פעראייניגען זיך אום מיט אַלגעמיינע קרעפטען אויסצוקעמפען פיר זייער אַרבייט אַ העכערען לוין. דער אַרבייט-געבער האָט געמעגט בעשטימען פיר די אַרבייט אַ הונגער-לוין, און דער אַרבייטער האָט ניט געהאַט דאָס רעכט צו שטרייטען געגען דעם אום זיין לאַגע צו פערבעסערן. אין דיזען גייסט זיינען געמאַכט געוואָרען די געזע-צען פון דער נאַציאָנאַל-פערזאַמלונג.

די פּראָלעטאַריער-אַרבייטער האָבען פּראָטעסטירט געגען דער אונטער-דריקונג פון זייערע יוניאָנס, אָבער אומזיסט. מען האָט זייערע פּראָטעסטען ניט געשענקט קיין אויפמערקזאַמקייט. 340 אַרבייטער פון דער קירכע סט. זשענעוויעוו (זשענעוויעוו) האָבען געשריבען צו מאַראַט׳ן פאָלגענדען בריף:

„צום פריינד פון פאָלק!

„געליבטער פּראָפעט, וואַהרער פערטיידיגער פון געדריקטע! ערלויבט אונז, אַרבייטער, צו ענטדעקען פאַר אייך, וואָס פיר אַ שרעקליכעס אונ-רעכט עס בעגעהען געגען אונז, אַרבייטער, די מויערער-מייסטער, וועלכע טרייבען אונז צו פערצווייפלונג און אויפשטאַנד. דיזע נידערטרעכטיגע ברואים, וועלכע זיינען אַליין שרעקליך פויל עטוואָס צו טאָן, און לעבען נאָר פון דעם שווייס פון די אַרבייטער, וואָס זיי פערשלינגען, און ברייגגען ניט דעם פאָלק קיין נוצען, דיזע פייגלינגען האָבען זיך דעם 12טען, 13טען און 14טען יולי, ווען עס איז פאָרגעקומען די גרויסע רעוואָלוציאָן, בעהאַלטען

אין די קעלערן; נאָר נאָך דעם, ווי זיי האָבען געזעהען, דאָס די אַרבייטער אַליין, די קלאַס, וואָס האָט ניט קיין שום אייגענטום, האָבען דורכגעפיהרט די רעוואָלוציאָן, זיינען זיי אַרויסגעקראָכען פון די לעכער און האָבען אונז אָנגעהויבען צו בעהאַנדלען אַלס רויבער, און האָבען צוגענומען פיר זיך די בעסטע פּלעצער און שטעלעס אין דער רעגירונג. יעצט פיהלען זיי זיך גע־נוג שטאַרק אום צו אונטעריאָכען אונז. זיי דריקען און שטיקען אונז אָהן שום רחמנות און האָבען ניט דערביי קיין געוויסענסביסען...

„זיי זיינען זעהר רייך און דאָך זיינען זיי שמוציגע קאַרגע בעשעפּע־ניסען. זיי זוכען מיטלען ווי אַרונטערצושניידען אונזער טעגליכען לוין, וועלכער איז דורך די אָנשטרענגונג פון אונזער פערוואַלטונג בעשטימט גע־וואָרען 48 סו *). זיי ווילען גאָרניט וויסען, דאָס מיר אַרבייטען אין גאַנצען יאָהר ניט מעהר פון 6 מאָנאַטען, אַזוי דאָס דורכשניטליך בעקומען מיר נאָר 24 סו אַ טאָג צום לעבען. פון דיזער אָרימער בעלוינונג דאַרפען מיר זיך בעזאָרגען מיט וואוינונג, נאַהרונג, קליידונג פיר זיך און אונזערע קינדער און פרויען. און אויף דער עלטער, ווען אונזערע קרעפטען פערלאָזען אונז און מיר זיינען שוין ניט אין שטאַנד צו אַרבייטען, מוזען מיר אָנקומען צו בעטעל־ברויט, וועהרענד אונזערע אויסזויגער וואוינען ווי די פירסטען אין פּאַלאַצען, טרינקען די טייערסטע וויינען, פאָהרען אין טייערע קאַרעטען, און פערגעסען אָן אונז אין גאַנצען; זיי וויסען ניט און ווילען ניט וויסען אין וואָס פיר אַן עלענד מיר לעבען. זעהר אָפט טרעפט, דאָס ווען אַן אַר־בייטער איז פערוואונדעט אָדער גע'הרג'עט געוואָרען אין מיטען טאָג, ווילען זיי ניט בעצאָהלען דער אָרימער אונגליקליכער פאַמיליע זאָגאַר פיר דעם האַלבען טאָג, וואָס דער אַרבייטער האָט געאַרבייט. פיר זיי זיינען ווענינ אַלע רייכטימער, וואָס זיי מאַכען פון דעם אַרבייטער'ס שוויים און בלוט, זיי מאַכען נאָך געזעצען, וועלכע זאָלען אונז צווינגען צו שטאַרבען פון הונגער".

דיזען ענערגישען פּראָטעסט האָט מאַראַט פערעפענטליכט אין זיין „פּאָלקספריינד" דעם 12טען יוני 1791. ניט אַכטענדיג אויף דיזען פּראָ־טעסט האָט די נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג אָנגענומען דעם 14טען—17טען יוני אַ געזעץ, וועלכעס פערוועהרט די אַרבייטער צו מאַכען פעראיינען אָדער אָנ־פיהרען סטרייקען מיט דעם צוועק צו העכערן די פרייזען פון זייער לוין. פיר די איבערטרעטונג פון דיזען געזעץ זאָלען די אַרבייטער בעשטראָפט

*) אַ סו איז אַזוי פיעל ווי אַ סענט אין אַמעריקאַנישען געלט.

ווערען מיט געלט־שטראָפען אָדער געפּענגניס. די בורזשואזיע האָט גע־שפּיגען אין געזיכט די פּרינציפּען פון מענשען־רעכט, וועלכע זיי האָבען אַזוי פייערליך פּראָקלאַמירט. עס איז געוואָרען קלאָר, דאָס די וועגען פון דעם בירגערטום זיינען גאַנץ פערשיידען פון די וועגען פון די אַרבייטער.

אָבער די נויט צווישען די אַרבייטער איז געוואָרען אַזוי גרויס, דאָס די נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג האָט געפונען פיר נעטיג צו אַסיגנירען דער רע־גירונג 15,000,000 פראַנק צו גרינדען פאַבריקען אום צו פערשאַפען אַרבייט פיר די מאַסען פּראָלעטאַריער. אין דיזע פאַבריקען האָבען געפונען אַרבייט ניט נאָר פאַריזער, נאָר אויך אַרבייטער פון דער פּראָווינץ. דיזע פאַבריקען זיינען געוואָרען די גרעסטע פערזאַמלונגס־פּונקטען פון דער רעוואָלוציאָן. פון דיזע ערטער זיינען אַרויסגעקומען יענע גרויסע מאַסען, וועלכע האָבען אין די אויפשטאַנדען פון די יאָהרען 1792, 1793 און 1795 געשפּילט אַזאַ גרויסע ראָלע. מיט שפּאָט האָט מען דיזע אַרבייטער גערופען „סאַנסקו־לאָטען” (ד. ה. אָהן הויזען), אָבער זיי האָבען אָנגעיאָגט אויף די בירגער אַ גרויסען שרעק מיט זייערע דעמאָנסטראַציאָנען, אין וועלכע עס האָט זיך בולט אַרויסגעצייגט דער שרעקליכער עלענד פון דער אַרבייטער־קלאַס.

דער אַדעל און דער הויף האָבען פון זייער זייט ניט אויפגעהערט צו אַרביימען צו דערשטיקען די רעוואָלוציאָן און צו פערניכטען די קאָנסטי־טוציאָן. מען האָט אין גאַנצען פערגעסען וואָס מען האָט געשוואָרען אויף׳ן מאַרס־פעלד און מען האָט אָנגעהויבען צו שמידען פּלענער, ווי אייינצופיה־רען צוריק די אַלטע אָרדנונג פון דעם פעאָדאַל־סיסטעם און דעם קעניגליכען אַבסאָלוטיזם. ווייל אָבער דער הויף און דער אַדעל האָבען געוואוסט, דאָס אין פראַנקרייך איז זייער מאַכט געבראָכען, האָבען זיי זיך געווענדעט נאָך הילף אין אויסלאַנד. פיעלע פון דעם אַדעל האָבען אויסגעוואַנדערט פון פראַנקרייך אום נאָכדעם מיט וואַפען אין האַנט, מיט הילף פון אויסלענדישע טרופּען אייינצופיהרען צוריק די אַלטע אָרדנונג און געזעצען; עס האָבען זיך פיעלע בעזעצט אין די גרענעץ־שטעדט פון אויסלאַנד, און האָבען פון דאָרט אָנגעהאַלטען פערבינדונגען מיט׳ן פּאַטערלאַנד, האָבען געפיהרט אַלערליי אינ־טריגען און האָבען בעאונרוהיגט דאָס לאַנד מיט קינסטליכע אויפשטאַנדען. מען האָט אויפגעפּאָדערט אַלע מאָנאַרכען פון אייראָפּאַ צו העלפען דעם קע־ניגטום אין פראַנקרייך און צו בעשיצען עס געגען דער רעוואָלוציאָן.

אויך די פּריסטער זיינען אַרויסגעטראָטען פיינדליך געגען דער נייער אָרדנונג אין פראַנקרייך. זיי זיינען געווען שטאַרק אויפגעבראַכט אויף די נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג דערפאַר, וואָס זי האָט פון זיי צוגענומען זייערע גי־

טער. זיי זיינען אַרויס אָפען געגען דער נייער אָרדנונג. זיי האָבען געזוכט צו איבערצייגען דאָס פאָלק, דאָס די רעוואָלוציאָן איז געגען רעליגיאָן. דער-מיט האָבען זיי געווירקט אויף די בויערן און האָבען זיי געהעצט צום אויפ-שטאַנד, הגם דיזע האָבען פיר זיך געהאַט פון דער רעוואָלוציאָן די גרעסטע נוצען.

דער הויף האָט געזוכט שטיצע ביי מיראַבאָ. דיזער גרויסער טאַלענט-פולער מאַן האָט גענומען כאַבאַר און האָט אָנגעהויבען צו אַרבייטען פיר דעם הויף געגען דער נייער קאָנסטיטוציאָן. ער האָט אויסגעאַרבייט אַ נייע פערפאַסונג, לויט וועלכער די קעניגליכע מאַכט האָט בעדאַרפט ווערען פיעל שטאַרקער. אָבער מיראַבאָ איז געשטאָרבען איידער עס איז איהם געלונגען דורכצופיהרען זיין פּלאַן אין דער נאַציאָנאַל-פערזאַמלונג. ער איז געשטאָר-בען פון אויסגעלאַסענעם פערקעהר מיט פרויען און פון צופיעל אָנשטרענ-גונג. דעם 2טען אַפּריל 1791 איז דיזער טאַלענטפולער מאַן געשטאָרבען, און זיין טויט איז געווען באמת אַ נאַציאָנאַלער טרויער.

דאַמאָלס האָט דער קעניג בעשלאָסען אַרויסצוגעהן אויף אַן אָפענעם קאַמף. ער האָט פריהער פון אַלעם געוואָלט פערזיכערן זיך געגען וועלכען עס איז אָנגריף פון פאָלק אין פּאַריז. ער האָט אויסגעאַרבייט אַ זעהר גוטען פּלאַן, ער האָט איהם אָבער ניט פּינקטליך דורכגעפיהרט. ער האָט נעמליך בעשלאָסען צו ענטלויפען און בעזעצען זיך אין מאָנטמעדי, נעבען דעם לוק-סעמבורגער גרענעץ. דאָרט איז געשטאַנען אַ טרייע אַרמעע אונטער דער קאָמאַנדע פון בואיללע. אין פערשיידענע ערטער אויף דיזען וועג זיינען צושטעלט געוואָרען טרופּען אין זיכערע פּאָסטען צו בעשיצען דעם קעניג אויף זיין רייזע. אָבער דער קעניג האָט מיט זיין אונפּערצייהליכער נאַכ-לעסיגקייט אַליין צושטערט זיין פּלאַן. צוליב אַ קליינינגקייט, צוליב די רעכ-טען פון אַ הויף-דאַמע איז די רייזע ניט געמאַכט געוואָרען צו דער אָפּגע-רעדטער צייט און האָט פערשפּעטיגט אויף גאַנצע 24 שטונדען. אויסער דעם האָט מען פערלאָרען פיעל צייט צו זוכען אַ שוך-קנעפּעל, וואָס דער קע-ניג האָט פערלאָרען. צו אַלעם דעם איז דער רייזע-וואָגען געווען אונגעוועהנ-ליך גרויס און האָט ערוועקט פערדאַכט. דאָס איז געווען איבערהויפּט גע-פעהרליך אין אַ צייט, ווען פיעלע האָבען אויסגעוואַנדערט פון לאַנד, און די אויסוואַנדערער זיינען געווען פון דעם סאָרט, וואָס דאָס פאָלק האָט גערע-כענט פיר זייערע אונפריינד.

דעם 20טען יוני אין אָבענד האָט זיך דער קעניג מיט דער קעניגין אין פערשטעלטע קליידער דורכגעגנב'עט דורך די נאַציאָנאַל-גוואַרדיע, הגם לאַ-

פאיעטט האט ערנסט געטאן זיין פליכט ניט צו געבען דעם קעניג די מעג־ליכקייט צו ענטלויפען. דאס, וואס דער קעניג האט זיך צופיעל פערזאמט און איז ניט ארויס אין דער בעשטימטער צייט, האט פערניכטעט אלע פלע־נער און פארבערייטונגען פון בואיללע. דאך איז דעם קעניג געלונגען צו קומען אין מענעהאולד. דא האט ער געלעגט אן א זייט אלע פארזיכטיג־קייטען. ער האט זיך דא ערלויבט ארויסצוגעהן פון וואגען, האט זיך בע־וויזען אין גאס און האט גערעדט מיט מענשען, וואס זיינען געשטאנען ארום איהם.

דא האט איהם דערקענט דער פאסטמייסטער דרועט נאך זיין בילד אויף די אסיגנאציעס. דרועט איז געווען א בעגייסטערטער יאקאבי־נער. ער האט געוואגט און האט דעם קעניג ארעסטירט. ער איז געלאפען פארויס פון דער קעניגליכער קארעטע ביז ווארעננעס. דארט האט ער אויפ־געוועקט די בעאמטע אין מיטען נאכט; און ווי דער קעניג איז ארויף אויף'ן בריק, האט מען איהם פערשטעלט דעם וועג, און אין נאמען פון בירגער־מייסטער האט מען איהם ערקלערט, דאס ער קען ניט פארטזעצען זיין רייזע. אלזא איז זיין ענטלויפען ניט געלונגען. דער קעניג האט זיך געמוזט צו־ריקקעהרען אין פאריז.

דאס פאלק האט אויפגענומען די קעניגליכע פאמיליע, ווען זי איז גע־בראכט געווארען צוריק אין פאריז, מיט א טויטען־שטילקייט. קיין פיפס האט מען פון קיינעם ניט געהערט. מען האט אריינגעפיהרט די פאמיליע אין די טואילעריען, וואו מען האט זיי זעהר שטארק בעוואכט. דיזער צופאל האט פלוצלינג בעשאפען א רעפובליקאנישע שטרעמונג. די נאציאנאל־פער־זאמלונג און די יאקאבינער האבען אנגעהויבען שטארק אנגרייפען דעם קעניג. די ראדיקאלע פארטיי האט איהם געוואלט ברייננגען צום געריכט און מאכען א פראצעס. אבער די געמעסיגטע האבען ניט דערלאזען מאכען א פראצעס, ווייל זיין אפרייזע איז דאך ניט געווען געגען וועלכען עס איז געזעץ, און ער האט דאך אויך דאס רעכט צו זיין פריי. די פערזאמלונג האט איהם ווידער איבערגעגעבען די געוואלט, און די דעפוטאטען פון דער נאציאנאל־פערזאמלונג האבען זיך גענומען פארטצוזעצען זייער ארבייט.

דאס פאלק איז אבער מיט דיזען צושטאנד געווען אונצופרידען. רא־בעספיערר האט פערפאסט א שטורם־אדרעס, וועלכער האט געדונערט געגען דעם, וואס דער קעניג האט געבראכען די שבועה, וואס ער האט געגעבען ביים אלטאר אויף'ן מארס־פעלד. דיזען אדרעס האבען אונטערגעשריבען טויזענדער פון דער מאסע. עס האבען זיך אנגעהויבען צו הערען געשרייען:

„פערטרייבט די בורבאָנען *), צוטרייבט די נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג!" לאַ־פאיעטט איז אַרויס מיט דער נאַציאָנאַל־גוואַרדיע איינצושטילען די מהומה, אָבער דאָס פאָלק האָט איהם בעגעגענט מיט שטיינער. די נאַציאָנאַל־גוואַרדיע האָט געשאָסען אויף'ן פאָלק. פיעלע זיינען געפאַלען טויט און נאָך מעהר זיינען געוואָרען פערוואונדעט. דאָס איז געווען די לעצטע העל־דענטאַט פון לאפאיעטט'ן. ער האָט צוזאַמען מיט'ן פרעזידענט פון דער נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג, באַיללי, געמוזט אַרונטער, זיי זיינען שוין מעהר ניט געשטאַנען אָן דער שפּיץ פון דער מוניציפּאַליטעט.

דעם 3טען סעפּטעמבער 1791 האָט די נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג געענ־דיגט די פערפאַסונג פון דער קאָנסטיטוציאָן. די אַבסאָלוטע שטאַאַטס־פאָרמע איז פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ האַלב דעמאָקראַטיש־קאָנסטיטו־ציאָנעלע. דאָס רעכט צו מאַכען געזעצען איז איבערגעגעבען געוואָרען צו דער נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג. דער קעניג האָט געהאַט צו רעגירען דורך זיינע פעראַנטוואָרטליכע מיניסטאָרען. ער האָט געהאַט דאָס רעכט צו וועט־טירען (ניט אָננעהמען) אַ געזעץ, וועלכעס איז איהם ניט געפעלען. אָבער ווען עס איז אָפּגעשטימט געוואָרען נאָך צוויי מאָל דורך די געזעצגעבער, האָט זיין וועטאָ מעהר ניט געהאַט קיין מאַכט. דער קעניג איז געבליבען אויך אויף ווייטער דער אויבער־קאָמאַנדיר איבער דאָס מיליטער, אָבער די ערקלערונג פון קריג אָדער שליסונג פון פרידען האָט געמוזט האָבען די צו־שטימונג פון דער נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג. דעם 13טען סעפּטעמבער האָט אויך דער קעניג בעשטעטיגט די פערפאַסונג און האָט זי אָנגענומען. דערביי האָט ער בעמערקט, דאָס הגם ער איז ניט זיכער וועגען דעם נוצען און די טובה, וואָס איינינע בעשטימונגען וועלען ברייננען דעם פאָלק, אָבער ער וויל יעצט אָננעהמען אַלעס ווי עס איז, און וועט וואַרטען צו זעהן, וואָס די פּראַקטיק און די צייט וועלען וועגען דעם זאָגען. דעם 14טען סעפּטעמבער האָט דער קעניג געשוואָרען אין דער נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג צו ערפילען ריכ־טיג אַלע פאָדערונגען פון דער קאָנסטיטוציאָן, און דעם 30טען איז די נאַ־ציאָנאַל־פערזאַמלונג אויפגעלעזט געוואָרען, ווייל זי האָט שוין איהר אויפ־גאַבע געענדיגט. דערביי האָט ראָבעספּיערר געמאַכט אַ פאָרשלאַג, דאָס קיי־נער פון די מיטגלידער פון דיזער נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג זאָל ניט ערוועהלט ווערען צו דער נעכסטער נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג. ער האָט פאָרויסגעזעהען,

*) די קעניגליכע פאַמיליע איז געווען פון דער משפחה בורבאָנען.

דאָס די צוקונפט וועט געהערען צו די דעמאָקראַטען, ד. ה. דעם רעכטלאָזען פאָלק.

די קאָנסטיטוציאָן פון יאָהר 1791 איז געווען דאָס ווערק פון דעם מי-טעלען שטאַנד, און איז געווען געווידמעט הויפּטזעכליך צו זיינע אינטערעסען. די גלייכבערעכטיגונג פון אַלע מענשען איז געוואָרען פערוואנדעלט אין א גלייכבערעכטיגונג פון הער בורזשואזיע (בירגער), אדעל און גייסטליכע. דאָס הייסט, אַז דער דריטער שטאַנד איז אַריין צווישען די הערשענדע. די ביר-גער האָבען ערהאַלטען די פרייהייט, דורך וועלכע זיי האָבען בעקומען די מעגליכקייט צו ווערען א וועלט-מאַכט. די מאַסען האָבען אַפילו אויך עט-וואָס געגאָסען פון דער צושטערונג פון דעם פעאָדאַליזם, אָבער קיין גרויסע גליקען האָט זיי די פערפאַסונג ניט פערשפּראָכען, און זיי האָבען דיזע ניט געקענט ערוואַרטען. די הונגער-קנוטע האָט אויך ביי דיזער נייער פערפאַ-סונג געשוועבט איבער זיי ווי פריהער. די שענע ווערטער פון דער פערפאַ-סונג זיינען געבליבען אין בעצוג אויף די פּראָלעטאַריער נאָר פוסטע פראַזען, ווייל די פערפאַסונג איז געווען פול מיט אויסנאַהמס-בעשטימונגען געגען זיי.

## ה. די געזעצגעבענדע פערזאַמלונג.

ענדע סעפּטעמבער 1791 האָט זיך פערזאַמעלט די ניי-ערוועהלטע נאַ-ציאָנאַל-פערזאַמלונג, וועלכע האָט זיך ערקלערט אַלס א געזעצגעבענדע מאַכט. דיזע פערזאַמלונג איז בעשטאַנען פון 745 מיטגלידער. די מעהרסטע פון זיי זיינען געווען מענשען, וואָס זייערע נעמען זיינען געווען אונבעקאַנט. אין דיזער פערזאַמלונג איז ניט געווען אַזא פּאַרטיי-גרופּירונג, ווי אין דער פריהערדיגער. די, וואָס זיינען פריהער געזעסען רעכטס צום פּרעזידענט (די ראָיאַליסטען), זיינען אין גאַנצען פערשוואונדען, און אָנשטאָט זיי האָט פערנומען דיזע ערטער די דעמאָקראַטיש-קאָנסטיטוציאָנעלע פּאַרטיי, וועלכע האָט פריהער פערנומען דעם צענטער, ד. ה., דאָס די פריהערדיגע רעוואָלוציאָנערען האָבען זיך יעצט גערעכענט פיר קאָנסערוואַטיווע. דאָס פאָלק האָט אויף זיי געקוקט אַלס אויף אַריסטאָקראַטען און רעאַקציאָנערען; און באמת האָבען זיי פערטראָטען די מאָדערנע אַריסטאָקראַטיע, די בור-זשואַזיע. די אַלע אַנדערע פּלעצער האָבען פערנומען די ריכטיגע דעמאָ-קראַטען. דיזע אַלע זיינען געווען יונגע פייערדיגע מענער מיט גרויס בע-גייסטערונג פיר די נייע פערפאַסונג.

עס פערשטעהט זיך, דאָס אויך צווישען דיזע דעמאָקראַטען זיינען גע-ווען פערשיידענע כאַראַקטערען מיט פערשיידענע געזינונגען. אין צענטער

זיינען געזעסען די מעסיגע, וועלכע זיינען בעוואוסט אין דער געשיכטע אונטער דעם נאָמען „זשיראָנדיסטען“, ווייל די וויכטיגסטע מענער פון זיי זיינען געווען ערוועהלט פון דער פּראָווינץ זשיראָנדע. זייער הויפּט-וואָרט איז געווען „פרייהייט“. זיי האָבען אָבער קיין וואהרען בעגריף ניט פערבונדען מיט דיזען וואָרט. זיי האָבען גע'חלום'ט וועגען אַ פּאָליטישען צושטאַנד, אין וועלכען עס וועט נאָר הערשען דער גייסט: די פילאָזאָפען וועלען זיין קעניגען, און די קעניגען וועלען זיין פילאָזאָפען. לויט ווי זיי האָבען זיך פאָרגעשטעלט דעם גאַנג פון דער פּאָליטישער ענטוויקלונג דאַרף מען די מאָנאַרכיע אַזוי איינריכטען און אויסבילדען, דאָס זי זאָל זיך אַליין מעהר און מעהר ערהויבען, דאָס זי זאָל ענדליך אַליין אויסבילדען אַ דעמאָקראַטיע. זיי האָבען געגלויבט, דאָס אין אַ געוויסען טאָג וועלען די מענשען זיך לעגען שלאָפען אַלס מאָנאַרכיסטען, און ווען זיי וועלען אויפשטעהן דעם נעכסטען מאָרגען, וועלען זיי געפינען אַ פאַרטיגע אידעאַלע רעפּובליק, און עס וועט פערגעסען ווערען וואָס פריעדריך דער גרויסער האָט געזאָגט, דאָס „די גאַנצע מענשהייט איז אַ פערשאָלטענע ראַסע“.

די זשיראָנדיסטען האָט געפעהלט אַ קלאָרער בליק אויף דעם ווירקליכען צושטאַנד פון זאכען; זיי זיינען אָבער דערפאַר געווען אויסגעצייכענטע אַגיטאַטאָרען, און האָבען בעזעסען אַ גליהענדע רעדנער-קראַפט. זייער פּאָליטישער קאָפּ איז געווען ב ר י ס ס אָ ט, אַ פעהיגער שריפטשטעלער, וועלכער האָט מיט גרויס פייער און גייסט געפאָכטען פיר די אַמעריקאַנישע פרייהייט אין אַמעריקאַ, און ווען עס האָט אויסגעבראָכען די רעוואָלוציאָן אין פראַנקרייך איז ער געלאָפען צוריק אין זיין פאָטערלאַנד אום צו נעהמען אין איהר אַ וואַרימען אַנטייל.

די לינקע פון דער פערזאַמלונג זיינען געווען די ראַדיקאַלע רעפּובליקאַנער, וועלכע האָבען זיך גערופען „די יאַקאָבינער“. דיזע זיינען ניט געווען צופרידען מיט דער קאָנסטיטוציאָן פון דער בורזשואַזיע, און האָבען געוואָלט גרינדען אַ דעמאָקראַטישע רעפּובליק מיט אַלגעמיינעם שטימרעכט, מיט אַבסאָלוטער גלייכהייט און פרייהייט פיר אַלעמען, אָהן וועלכער עס איז אויסנאַהמע. די רעדנער פון די יאַקאָבינער זיינען געווען פיעל שוואַכער פון די רעדנער פון די זשיראָנדיסטען, אָבער דערפאַר האָט דיזע פּאַרטיי געהאַט הינטער זיך די גאַנצע פאָלקס-מאַסע. איבערהויפּט האָט זיך דיזע פּאַרטיי געשטיצט אויף דעם יאַקאָבינער-קלוב, וועלכער איז געוואָרען די הויפּט-מאַשין פון דער רעפּובליקאַנישער בעוועגונג. דעם גרעסטען בעהערשענדען איינפלוס אויף דיזע פּאַרטיי האָט געהאַט ר אָ ב ע ס פּ י ע ר ר. די

גאַנצע מענגע איז געהאַנגען אָן איהם מיט אונגלויבליכער פערעהרונג. זיי האָבען איהם גערופען „דער אונבעשטעכליכער" (אַ מענש, וואָס נעהמט ניט קיין כאַבאַר). ער איז געוואָרען אַזוי בעליבט אין פאָלק, דאָס זיינע אָנ-הענגער האָבען געטראָגען די זעלבע קליידער, וועלכע ער האָט געטראָגען. (ער האָט שטענדיג געטראָגען אַ בלויען פראַק, אַ געלע וועסט און געלע הויזען.)

די לינקע זיינען געווען פערבונדען דירעקט מיט דעם פאָלק דורך די „קאָרדעליערען", וועלכע זיינען געווען אַ צווייג־קלוב פון די יאַקאָבינער. דיזער צווייג־קלוב איז געווען דער זאַמעלפּונקט פון אַלע ענערגישע און שטירמישע מענער, וועלכע האָבען פריהער פון אַלעם געוואָלט נידערשלאָגען די פיינד פון דער רעוואָלוציאָן. אין דיזען צווייג־קלוב האָט איבערהויפּט געגלאַנצט דער נאָמען ד אַ נ ט אָ ן, אַ זעלטענער רעדנער מיט אַ גוואַל-דיגען איינפלוס אויף די מאַסען.

דער גייסט פון דער נייער נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג האָט זיך ארויסגע-צייגט באַלד אין דער ערסטער זיצונג. עס איז בעשלאָסען געוואָרען אָפּ-צושאַפען דעם טיטעל „מאַיעסטעט" פון קעניג, און דער שטוהל פון קעניג אין דער נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג זאָל זיין גלייך מיט דעם שטוהל פון פרע-זידענט פון דער פערזאַמלונג. דיזער בעשלוס איז דעם נעכסטען טאָג אָפּ-גערופען געוואָרען, אָבער ער האָט קלאָר בעוויזען וואָס פיר אַ שטימונג די רעוואָלוציאָנערען האָבען געהאַט.

באַלד אין די ערסטע טעג פון דער נייער נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג איז אָנגעקומען אַ שרעקליכע נאַכריכט פון אווינאָן. היר האָט די רעוואָלוציאָ-נערע פּאַרטיי בעזיגט די פּאַפּסטליכע און האָט בעשלאָסען צו פעראייניגען זיך מיט פראַנקרייך. דערפון איז אַרויס אַ שטאַרקער בירגער־קריג, אין וועלכען איינער פון די הויפּטער פון דער מוניציפּאַליטעט, ל ע ס ק ו י ע ר, איז ערמאָרדעט געוואָרען מיט באַרבאַרישער גרויזאַמקייט. איינינע הונ-דערט סאָלדאַטען פון דער אַרמעע פון אווינאָן זיינען געקומען רעטען לעס-קויער'ן, אָבער זיי זיינען געקומען צו שפּעט. די סאָלדאַטען האָבען צו-טריבען די טרופּען פון פּאַפּסט און האָבען ערמאָרדעט וועמען זיי האָבען געכאַפּט: מענער, פרויען, יונג און אַלט. 110 אונגליקליכע, צווישען וועלכע עס זיינען געווען 32 פרויען און 8 קינדער, זיינען אריינגעוואָרפען געוואָרען אין אַ ברונען, וועלכער איז געווען בעוואוסט אונטער'ן נאָמען „די אייז-העהל", און נאָך דעם, ווי מען האָט זיי אריינגעוואָרפען אין דיזען ברונען, האָט מען זיי בעגאָסען מיט הייסע וואַסער.

די פערזאַמלונג האָט באַלד געשיקט אַ גענעראַל נאָך אַוויניאָן אום צו אַרעסטירען די הויפּט־שולדיגע פון דעם בלוט־באָד און איינצושטילען די אונרוהען.

כמעט אין דער זעלבער צייט האָט די פערזאַמלונג ערהאַלטען אַ נאַכ־ריכט, דאָס אין סט. דאָמינגאָ האָט געטראָפען נאָך אַן ערגערע קאַטאַסטראָפע. אויף די אַמעריקאַנישע אינזלען איז דער האַנדעל פון די פראַנצויזישע קאָ־לאָניסטען אַזוי אויפגעוואַקסען, דאָס זיי האָבען געשיקט זייערע פּראָדוקטען נאָך אייראָפּאַ אין דעם ווערט פון 200 מיליאָנען ליווערס. דער האַנדעל מיט פראַנקרייך האָט געגעבען אַרבייט פיר 600 שיפען פון דעם מוטערלאַנד; דיזע האָבען טראַנספּאָרטירט איבער 200,000 טאָן משא. דער צוקער־ראָהר האָט בעדעקט אַלע פּלאַכע ערטער אין סט. דאָמינגאָ, און די קאַפע־בוימער האָבען בעדעקט אַלע בערגלאָך. דאָרט זיינען געווען די שענסטע פּלאַנצונגען אין דער וועלט. אָבער דיזען ריזיגען רייכטום האָבען פּראָדו־צירט נאָר די שקלאַפען, די נעגערן, מיט זייער שווייס און בלוט. די אַר־בייטער, וואָס האָבען דאָס אַלעס געשאַפען, זיינען געווען דורך באַרבאַרישע אונבאַרמהערציגע געזעצען געבונדען צו דער אַרבייט און צום באָדען, וועל־כען זיי זיינען געווען געצוואונגען צו בעאַרבייטען. אָבער דיזעס סיסטעם פון הימעלשרייענדער אונגערעכטיגקייט און אונגלייכהייט איז געוואָרען אונ־מעגליך אָנצוהאַלטען, ווייל די אידעען פון גלייכהייט און גערעכטיגקייט האָבען דורך די רעוואָלוציאָן זיך געמאַכט אַ וועג ווייט און ברייט אין דער וועלט.

די אַרבייטער, איבערהויפּט די שוואַרצע (נעגערן) און רויטע (אינ־דיאַנער) אויף סט. דאָמינגאָ, האָבען געמאַכט אַן אויפשטאַנד. זיי האָבען געשאַפען אַ פערזאַמלונג צו פערפערטיגען אַ פערפאַסונג (1790) און האָ־בען בעשטימט, דאָס ווען פראַנקרייך וועט אָננעהמען די בעשלוסען פון איהר נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג, זאָלען זיי אויך זיין גילטיג פיר די קאָלאָניעס. דערמיט האָבען זיי זיך ענטזאַגט פון דער אויבערהערשאַפט פון פראַנקרייך. די קאָנסטיטוציאָן־מאַכער אין פראַנקרייך האָבען בעשלאָסען, דאָס די קאָ־לירטע, וואָס שטאַמען פון פרייע עלטערן, זאָלען צוגעלאָזען ווערען אין די קאָלאָניאַל־פערזאַמלונגען, אָבער די ניט־פרייע זאָלען ניט צוגעלאָזען ווערען צו דער נאַציאָנאַלער געזעצגעבענדער פערזאַמלונג. די שקלאַפען האָבען זיך געפונען זעהר געטוישט אין זייערע האָפנונגען.

דאָס האָט אַרויסגערופען צווישען זיי אַ שרעקליכע בעוועגונג. דעם 22טען אויגוסט 1791 האָבען די שוואַרצע פון דעם נאָרדליכען טייל פון

דער אינזעל זיך פערזאַמעלט אין אַ זעהר שטירמישער נאַכט. דעם אַנ-דערען מאָרגען איז די גאַנצע עבענע (פּלאַכעס לאַנד) געשטאַנען אין פלאַ-מען. 600 צוקער- און קאַפע-פּלאַנטאַציאָנען זיינען פערניכטעט געוואָרען פון פייער. די הערען מיט זייערע פאַמיליעס זיינען ערמאָרדעט געוואָרען, אויסער די, וואָס האָבען זיך בעצייטענס גערעטעט און זיינען אנטלאָפען אין שטאָדט אָדער צום ים. דאַמאָלס האָבען זיך אויך די ווייסע בעוואַ-פענט און האָבען גענומען אויסראָטען די קאָלירטע דורך הענגען און אַנ-דערע מיתות משונות. לאַנג האָט געדויערט דער קאַמף ביז די פערזאַמלונג אין די קאָלאָניעס האָט ענדליך געגעבען צו אַלע פרייע איינוואוינער פּאָלי-טישע רעכטען. די געזעצגעבענדע מאַכט אין פראַנקרייך האָט בעשטעטיגט דיזען בעשלוס פון דער קאָלאָניאַלער פערזאַמלונג. עס איז שוין אָבער גע-ווען צו שפּעט. די שקלאַפען, וועלכע זיינען געווען אויסגעשלאָסען פון אַלע רעכטען, האָבען אַליין זיך גענומען פרייהייט. עס איז געוואָרען אַ שרעקלי-כער אויפשטאַנד מיט אַ גאַנץ לאַנגער רייהע פון גרוילטאַטען און בלוט-פער-גיסונגען, וועלכע האָבען געשטירצט די בעסטע פון די פראַנצויזישע קאָ-לאָניעס. אין איינינע מאָנאַטען האָט פראַנקרייך געהאַט שאָדען פון דיזען אויפשטאַנד איבער זעקס הונדערט מיליאָנען ליווערס.

די געזעצגעבענדע פערזאַמלונג האָט געהאַט צו לעזען צוויי שווערע פראַגען. די ערסטע איז געווען די פראַגע פון אויסוואַנדערונג, וועלכע האָט אָנגעהויבען פאָרקומען אין גרויסע מאַסען, און די צווייטע איז געווען די פראַגע: וואָס זאָל מען טאָן מיט די פּריסטער, וואָס ווילען ניט שווערען קיין טרייהייט צו דער נייער קאָנסטיטוציאָן. שוין אין יאָהר 1790 האָבען די אויסגעוואַנדערטע אונטערהאַנדעלט מיט די אייראָפּעאישע מעכטען, אַז זיי זאָלען זיך אַריינמישען אין די פראַנצויזישע פערהעלטניסען. די גע-זעצגעבענדע מאַכט האָט דאַמאָלס געפּאַסט אַ געזעץ, לויט וועלכען די אויס-געוואַנדערטע, וואָס וועלען זיך ניט צוריקקעהרען אין פראַנקרייך ביז דעם קומענדען ניי-יאָהר, זאָלען ווערען בעטראַכט אַלס פערשווערער געגען פאָ-טערלאַנד און זאָלען בעשטראָפט ווערען מיט'ן טויט, און זייערע גיטער זאָלען קאָנפיסקירט ווערען, אָבער די רעכטען פון זייערע פרויען און קינדער, וועלכע האָבען ניט אויסגעוואַנדערט, זאָלען ניט אָנגעגריפען ווערען.

דער קעניג האָט געלעגט אויף דיזען בעשלוס זיין וועטאָ, און האָט דער-מיט פערגרעסערט דעם אונטרוי, וואָס דאָס פאָלק האָט שוין צו איהם גע-האַט פון פריהער. עס איז אויך געקומען צו אַ שטאַרקער שפּאַלטונג מיט די גייסטליכע, וועלכע האָבען ניט געוואָלט שווערען טרייהייט צו דער קאָנ-

סטיטוציאָן, ווייל דיזע, האָבען זיי געזאָגט, איז געגען רעליגיאָן; אָבער אין גרונד האָט זיי פערדראָסען, וואָס מען האָט פון זיי צוגענומען דעם פעטען ביסען, די גיטער. אין אייניגע דעפּאַרטעמענטען האָבען זיי זאָגאַר אויפגעהעצט דאָס פאָלק צו אַן אויפשטאַנד. די דעפּוטאַטען האָבען איינגעזעהען, דאָס זיי טאָרען עס מעהר ניט דולדען, ווייל דאָס קען רואינירען אַלעס, וואָס דאָס פאָלק האָט אויפגעבויט ביז יעצט מיט גרויס מיה. אונטער א שטירמישען בייפאַל פון דער גאַנצער פערזאַמלונג האָט דער בעריהמטער רעדנער איסנארד געהאַלטען דעם 14טען נאָוועמבער א פייערדיגע רעדע, אין וועלכער ער האָט אונטער אַנדערע שאַרפע און געניאַלע געדאַנקען געזאָגט אויף פאָלגענדעס:

„די רעליגיאָן מוז ווערען בעטראַכט אַלס איינע פון די ווערקצייג, מיט וועלכע מען קען טאָן זעהר פיעל שאַדען, פיעל מעהר ווי מיט אַלע אַנדערע מיטלען, און דעריבער מוז מען זיך בעגעהן זעהר שטרענג מיט די לייט, וועלכע ווילען זיך בעדינען מיט דער רעליגיאָן צו זייערע אייגענע צוועקען. איך געפין, דאָס עס איז דאָ נאָר איין מיטעל, ווי מען זאָל זיך פערזיכערן געגען דיזע שעדליכע מענשען, און דיזער מיטעל איז — ארויסטרייבען זיי פון פאָטערלאַנד. זעהט איהר ניט, דאָס מען מוז די פּריסטער דערוויי־טערן פון פאָלק, וועלכעם זיי פערפיהרען אין שלעכטען וועג מיט זייער צבוע׳יאַצטוואָ? דער אָרט פון דיזע שעדליכע קרעציגע איז אין די לאַ־זאַרעטען (האָספּיטעלער) פון איטאַליען, אין רוים! ווייסט איהר ניט, דאָס איין איינציגער פּריסטער קען אייך אָנטאָן פיעל מעהר שאַדען ווי אַלע פיינד? דער פּריסטער בלייבט קיינמאָל ניט אויף׳ן האַלבען וועג. הערט ער אויף צו זיין טוגענדהאַפט און מאָראַליש איז ער דער ערגסטער פערברעכער פון דער מענשהייט". נאָך דיזע ווערטער געהט אין זיין רעדע א לאַנגע רייהע פון אָנגריפען אויף די גייסטליכע.

„איהר האָט אַליין געזעהען", האָט ער פאָרטגעזעצט זיין רעדע, „וואָס פיר אונגליקען עס זיינען ניט לאַנג געשעהען אין בראַבאַנט. גלויבט איהר, דאָס א רעוואָלוציאָן, וואָס האָט אַרויסגעריסען דעם סצעפּטער פון דער האַנט פון א דעספּאָט, וואָס האָט אַרונטערגעשליידערט דעם אַדעל און די אַריסטאָקראַטיע פון זייער הויכען שטאַנד, וואָס האָט אַרונטערגעריסען פון אַזוי פיעלע גייסטליכע זייערע היט און זייערע קרוינען — דאָס אַזאַ רעוואָלוציאָן זאָל גאָרניט האָבען קיין פיינד? איך געפין, דאָס אין גרויסע וויכטיגע היסטאָרישע מאָמענטען מוז מען זיין גרייט אויף גרויסע ענטשליסונגען, און צופיעל פאָרזיכטיגקייט איז נאָר א שוואַכקייט. מען מוז דעם פוילען

גליך אָפּשניידען אום צו רעטען דעם גאַנצען קערפּער. מיין שטרעבען איז — דאָס אַלגעמיינע גליק!"

די מעהרהייט פון די דעפּוטאַטען זיינען אפילו ניט געווען איינפער־שטאַנען מיט זיין מיטעל — אַרויסצוטרייבען די גייסטליכע פון לאַנד, אָבער דער בעשלוס איז דאָך געווען זעהר שטרענג און האַרט. די פּריסטער, וועלכע האָבען זיך ענטזאַגט צו שווערען טרייהייט צו דער נייער קאָנסטיטוציאָן, זאָלען פערלירען זייער פּענסיאָן און אַרויסגעשיקט ווערען פון לאַנד. די יעניגע גייסטליכע, וואָס וועלען העצען דאָס פאָלק צו אַן אויפשטאַנד, זאָלען אַריינגעוואָרפען ווערען אויף אַ גאַנצעס יאָהר אין געפענגניס. דער קעניג האָט אויך דיזען בעשלוס פערוואָרפען און דער האַס פון פאָלק צו איהם איז געוואַקסען נאָך מעהר. אַלע האָבען געגלויבט, דאָס עס איז אונמעגליך צו שאַפען פרידען צווישען פאָלק און קעניג. געגען די עקשנות פון קעניג איז געבליבען נאָר איין ראַדיקאַלער מיטעל.

די פערזאַמלונג האָט אָנגעהויבען צו פערפאָלגען די מיניסטאָרען, עס זיינען אַריינגעבראַכט געוואָרען געגען זיי קלאַגען איינע נאָך דער אַנדערער, אַזוי דאָס די מיניסטאָרען האָבען איינער נאָך דעם אַנדערען געמוזט אַרויס־טרעטען פון קאַבינעט, און דער קעניג איז געווען געצוואונגען צו ערוועה־לען מיניסטאָרען פון די זשיראָנדיסטען. ד י ו מ ו ר י ע ז איז געוואָרען מיניסטער פון אויסערן, ר אָ ל אַ נ ד פון אינערן און ק ל אַ ו י ע ר איז געוואָרען פינאַנץ־מיניסטער.

אין יענער צייט זיינען די אומשטענדען אין אויסלאַנד געוואָרען זעהר ערנסט און געפעהרליך. זינט דער אונגליקליכער ענטלויפונג פון קעניג האָבען זיך געפונען ביי דער גרענעץ איבער 60,000 עמיגראַנטען, וועלכע זיינען געווען גרייט אַריינצוקומען אין פראַנקרייך מיט וואַפען אין די הענט אום צוריקצוברינגען די אַלטע אָרדנונג. דער קייזער לעאָפּאָלד, דער קור־פירסט פון זאַקסען און דער קעניג פון פּרייסען האָבען זיך פערזאַמעלט אין פ י ל ל נ י ט ץ און האָבען דאָרט בעשלאָסען צו העלפען מיט פעראייניגטע קרעפטען דעם פראַנצויזישען קעניג לודוויג דעם 16טען צו בעפעסטיגען די מאָנאַרכיע און אָפּשאַפען די קאָנסטיטוציאָן. איבערהויפט האָט די רוסישע קייזערין יעקאַטערינאַ די גרויסע פערשפּראָכען צו העלפען די פראַנצויזישע עמיגראַנטען געגען די רעוואָלוציאָנערען. אויך דער קעניג פון שוועדען, גוסטאַוו דער 3טער, וועלכער האָט אין זיין אייגענעם לאַנד געבראָכען די מאַכט פון אַדעל דורך אַ רעוואָלוציאָן, האָט געוואָלט זיין אַ חיל־פיהרער פון

די פראנצויזישע עמיגראנטען און די פערבינדעטע מעכטען אום צו העלפען די פראנצויזישע אריסטאקראטען אין זייער שטרייט מיט'ן פאלק.

אונטער דיזע אומשטענדען האט די פערזאמלונג זיך געפונען געצוואונגען ארויסצוגעהן אין קריג מיט זייערע פיינד. בריססאט האט געהאלטען א פייערדיגע רעדע און האט געפאדערט קריגס-ערקלערונג. דאס פאלק איז געווען בעגייסטערט פיר קריג, זאגאר פרויען האבען פערלאנגט וואפען אום צו געהן אין שטרייט. דעם 20טען אפריל 1792 האט אויך דער קעניג ענדליך נאכגעגעבען. ער האט געגעבען זיין הסכמה געגען זיין ווילען, און האט זיך דערביי שטארק געשראקען פאר די פאלגען אין דער צוקונפט, אבער ער האט מסכים געווען, דאס דער קריג זאל זיך אנפאנגען.

פראנקרייך איז ניט געווען גוט פארבערייט צום קריג. זי האט אפילו געהאט דריי ארמעען אונטער דער קאמאנדע פון די דריי בעריהמטע גענעראלען: לוקנער, ראשאמבא און לאפאיעטט; דיזע דריי ארמעען האבען זיך אלע גרופירט ארום די גרענצען. צוזאמען זיינען אלע דריי ארמעען בעשטאנען פון 75,000 מאן, הגם מען האט גערעכענט, דאס עס וועלען צוזאמענקומען 150,000 מאן. דערצו האט נאך געפעהלט קריגס-מאטעריאל, און איבערהויפט האט געפעהלט דער ארמעע א גוטע דיסציפלין. באמת איז אויך עסטרייך געווען שלעכט בעוואפענט. דער קאמף האט זיך אנגעפאנגען דערמיט, וואס די פראנצויזען האבען אנגעגריפען די נידערלאנדען. אבער די ערסטע אונטערנעהמונג איז געווען א זעהר ניט געלונגענע. נאר לאפאיעטט'ס מוט האט געבראכט די ארמעע צוריק צום זעלבסט-פערטרויען. דערווייל האבען אנגעהויבען קומען נייע מחנות פראנצויזען צו פערטיידיגען דאס פאטערלאנד, ווייל דאס פאלק האט איינגעזעהען, אין וואס פיר א געפאהר פראנקרייך געפינט זיך. די נייע קריגער זיינען אפילו געווען שלעכט בעוואפענט, שלעכט געשפייזט און שלעכט געפיהרט, אבער זיי זיינען אלע געווען בעגייסטערט פיר פרייהייט און ברידערליכקייט, זיי זיינען געווען גרייט צו געבען דאס בלוט פון זייער הארץ אום דיזע אידעאלען צו פערווירקליכען. דיזער פייער, דיזער גייסט האט זיי באלד פערשאפט דעם זיג איבער דעם שטאלצען, הויכמוטיגען פיינד. זיי האבען באלד געצייגט פראבעס פון זייער העלדענמוט, וועלכער האט אין קורצען ארויסגערופען אין גאנץ אייראפא בעוואונדערונג און שרעק.

באלד ווי דער קריג האט אויסגעבראכען האט פרייסען געשיקט הילף צו עסטרייך; אויך סארדיניען און העססען האבען זיך פעראייניגט מיט דער שווארצער רעאקציאן. דער הערצאג פון ברוינשוויג, וועלכער האט בע-

קומען דעם אויבער־בעפעהל איבער דער אַרמעע פון די פעראייניגטע מעכ־טען, איז אַריין מיט שטאָלץ אין פראַנקרייך מיט אַ מאַכט פון 200,000 מאַן. ער האָט אָהן שוועריגקייט איינגענומען די פעסטונגען לאָנגוויו און ווערדון און האָט געגומען געהן געגען פאַריז. אין דער זעלבער צייט האָט דער פירסט פון האָהענלאָהע געמאַרשירט געגען טהיאָנוויללע, קלערוואוא געגען סטענעי און דער הערצאָג אַלבערט פון זאַקסען איז געגאַנגען אויף די פראַנ־צויזישע פלאַנדערן.

נאָך איידער דער קריג האָט אויסגעבראָכען האָבען די פעראייניגטע מעכטען אַרויסגעלאָזען אַ מאַניפעסט, וועלכער האָט שטאַרק בעליידיגט די געפיהלען פון פראַנצויזישען פאָלק. דער קעניג פון פרייסען האָט ערקלערט, דאָס דער צוועק פון זיין שטרייט איז צו דערשטיקען דעם שווינדעל־גייסט, וועלכען פראַנקרייך וויל פערברייטען אין דער וועלט, און צו העלפען בע־פעסטיגען ווידער די מאָנאַרכיע אין פראַנקרייך. דער הערצאָג פון ברוינ־שווייג, דער אויבער־הערר פון דער אַרמעע פון די פעראייניגטע מעכטען, האָט אָנגערופען דאָס פראַנצויזישע פאָלק „אַ באַנדע מיאַטעזשניקעס". ער האָט זיך אויסגעדריקט, דאָס ער איז ניט אַרויס אין קריג מיט מיאַטעזש־ניקעס, נאָר ער פאָדערט פון זיי אונטערוואַרפונג און בערייאונג (חרטה) פיר זייערע נידערטרעכטיגקייטען. ער האָט אָנגעזאָגט, דאָס ער וועט שטרענג בעשטראָפען די נאַציאָנאַל־גוואַרדיע, וועלכע וועט זיך שטעלען ענטקעגען צו פערטיידיגען זיך. ער האָט אָנגעזאָגט, דאָס ער וועט בעשטראָ־פען אַלע בעאַמטע פיר יעדע אונאָרדנונג, וואָס וועט פאָרקומען אין לאַנד, און די פאַריזער האָט ער געמאַכט פעראַנטוואָרטליך פיר אַלעס, וואָס וועט געטאָן ווערען געגען די זיכערהייט פון דער פערזאָן פון קעניג. ער האָט אָנגעזאָגט, דאָס פיר די קלענסטע שלעכטע בעהאַנדלונג, וואָס וועט געטאָן ווערען צום קעניג, וועט ער שטאַרק בעשטראָפען: ער וועט צושטע־רען די גאַנצע מדינה און וועט פערניכטען דאָס גאַנצע פראַנצויזישע פאָלק.

עס איז געווען אַן אונגעהערטע בעליידיגונג פיר אַ גאַנצעם פאָלק. גאַנץ פראַנקרייך איז געווען שרעקליך אויפגערעגט פון דיזער פרעכהייט. דערצו האָט נאָך געריהרט דאָס פאָלק די נידערלאַגע, וואָס די אַרמעע האָט געליטען באַלד אין אָנפאַנג. מען האָט אָנגעהויבען צו שרייען, דאָס די גאַנצע געשיכטע שמעקט מיט פעררעט. און באמת, ווי די פיינדליכע טרו־פען האָבען אָנגעהויבען צו קומען נעהענטער, האָט דער קעניג געצייגט מעהר מוט און שטאַרקקייט. זיין לייב־גוואַרדיע האָט ער פערמעהרט ביז 6,000, וועהרענד לויט דער קאָנסטיטוציאָן האָט ער געמעגט האָבען ניט מעהר ווי

1,800 מאן. דאמאלס איז די פערזאמלונג געקומען אויף'ן גליקליכען גע-דאנק צו שאפען א גרויסע מיליטער-מאכט בשכנות פון קעניג אום איינצו-שרעקען איהם און צו בעפעסטיגען זייער אייגענע שטעלע.

די פאריזער פארשטעדט האבען מיט דיזען פלאן איינגעשטימט. די פערזאמלונג האט בעשלאסען צו פייערן דעם יאהרצייט פון דער שטורמונג פון דער באסטיליע און צו פערזאמלען אין פאריז פון די פראווינצען 20,000 מאן אום צו בעשיצען זיך אין פאל פון נויט, ווייל די נאציאנאל-גווארדיע איז פיר דיזען צוועק געווען צו ווענינ. אבער דער קעניג האט געלעגט זיין וועטא אויף דיזען בעשלוס. דאס פאלק איז געווארען איבער-א-נייעס שטארק אויפגערעגט. דאס פאלק האט געגעבען דעם קעניג א צונאמען „הערר וועטא" און דער קעניגין — „מאדאם וועטא". די פערזאמלונג האט זיך פאר דעם קעניג'ס וועטא ניט דערשראקען. זי האט בעשלאסען צו מאכען א שארפע דעמאנסטראציאן אום דורך דעם צו צווינגען דעם קעניג צוריקצו-ציהען זיין וועטא. דעם 21טען יוני אין דער פריה איז ארויס א צוג פון 40,000 מאן פון דעם פלאץ פון דער באסטיליע און איז צוגעקומען צו דער פערזאמלונג און האט דערלאנגט א ביטשריפט, אז מען זאל צוריקגעבען דעם מיניסטער, וואס מען האט ניט לאנג ענטזאגט פון דער שטעלע, דעם זעלבען פאסט. די לייט, וואס האבען דערלאנגט די ביטשריפט, איז ערלויבט גע-ווארען דורכצוגעהן דורך דעם זאל פון דער זיצונג. דורכגעהענדיג דורך דעם זאל האבען זיי געזונגען רעוואלוציאנערע לידער. דיזע סצענע האט געדויערט 5 שטונדען. נאך דיזער סצענע איז די מאסע ערשינען פאר די טואילעריען (דער שלאס, וואו דער קעניג איז געזעסען). דא האט די מאסע געוואלט ארייננשפארען זיך אין שלאס. די טויערן זיינען אבער געווען פערשלאסען. די מאסע האט געוואלט אויפברעכען די טויערן מיט העק. דאן האט דער קעניג געעפענט די טויערן און האט ארייגעלאזען די מאסע אין שלאס. ווילד האט זיך די מאסע אריינגעווארפען אין זאל, וואו דער קעניג איז גע-זעסען. דאן האבען אלע מיט איין קול אויסגעשריען: „נידער מיט דעם הערר וועטא! צום טייפעל מיט דעם וועטא!" דער טומעל האט געדויערט פולע 3 שטונדען. דער קעניג האט אנגענומען דיזע בעליידיגענדע בעהאנד-לונג מיט וואונדערבארער קאלטבלוטיגקייט. ער האט אויך ניט געצייגט קיין ווידערשטאנד ווען זיי האבען איהם אנגעטאן אויף'ן קאפ א יאקאבינער מיץ. דאס זעלבע האבען געטאן די פיש-ווייבער מיט דער קעניגין.

אבער דיזע דעמאנסטראציאן האט ניט געווירקט. דער קעניג האט זיין וועטא ניט צוריקגעצויגען. די האנדלונג פון דער מאסע האט געמאכט

אַ שרעקליכען איינדרוק אין פּאַריז און אין דער פּראָווינץ. עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ שטאַרקער שטורם צו גונסטען פון קעניגטום און דער אַלטער אָרדנונג. זעהר פיעלע מענשען זיינען געווען שטאַרק אויפגערעגט איבער די עקעלהאַפטע סצענעס פון יענעם טאָג, ווען דער קעניג און די קעניגין זיינען אַזוי ברוטאַל בעליידיגט געוואָרען פון אַ שכור'ער מאַסע, און אין גאַנץ פּאַריז האָבען זיך ניט געפונען קיין 200 מענשען, וועלכע זאָלען האָבען דעם מוט צו בעשיצען דעם קעניג און די קעניגין פון אַזאַ ברוטאַלער מאַסע אין אַן עת צרה.

דיזער סקאַנדאַל האָט אין גאַנצען געענדערט די עפענטליכע מיינונג צו גונסטען פון קעניגטום. דאַמאָלס איז געווען אַ זעהר גינסטיגער מאָמענט צו רעטען די מאָנאַרכיע. לאַפאַיעטט און פיעלע אַנדערע גלייכגעזינטע האָבען פערדאַמט די קלוב־הערשאַפט, און האָבען גוט פערשטאַנען, ווי נאָהענט דאָס פאָלק איז צום אָפּגרונד. אין די קרייזען פון די גרעסערע פּאַריזער בירגער האָט זיך אויפגעהויבען אַ שטאַרקער פּראָטעסט געגען דער געזעץ־־ פערלעצונג פון דעם 21טען יוני, וועלכע האָט אָפּגענומען ביים קעניג זיין רעכט צו וועטירען. עס זיינען באַלד געשאַפען געוואָרען אויף דעם פּראָטעסט 20,000 אונטערשריפטען. אין דער פערזאַמלונג זעלבסט איז אַ יאַקאָבינער אַרויסגעטראָטען געגען די יאַקאָבינער און זייער ברוטאַלער האַנדלונג. דעלפאָ, אַ הייסער יאַקאָבינער, האָט זיך עפענטליך ענטזאַגט פון דעם יאַקאָבינער־קלוב און האָט געפאָדערט די פערניכטונג פון די 200 אונגעהייער ווילדע און ברוטאַלע געזעלשאַפטען, וועלכע זיינען געווען פערשפּרייט איבער גאַנץ פראַנקרייך אַלס צווייגען פון דעם פּאַריזער יאַקאָבינער קלוב, וועלכער האָט פערפעסטעט דאָס גאַנצע לאַנד מיט באַרבאַרישער עמפּערונג.

לאַפאַיעטט האָט ניט געקענט רוהען אין זיין לאַגער אין באַוועי נאָך יענער אָפּשייליכער סצענע. ער האָט ניט געשריבען קיין בריף, נאָר ער איז אַליין געקומען אין פּאַריז אין דער בעגלייטונג פון אַן אַדיוטאַנט. אָבער דאָס איז ניט געווען גענוג. ער האָט בעדאַרפט קומען ניט אַליין, ווען ער האָט געוואָלט פערניכטען די יאַקאָבינער. ער האָט זיך אָבער גערעכענט פיר אַ גאַנצע אַרמעע.

דערווייל זיינען אָנגעקומען פון שלאַכטפעלד נייע אונגליקליכע ידיעות. די לאַגע פון פראַנקרייך איז געווען אַ געפעהרליכע. דאָס גאַנצע ווערק פון דער רעוואָלוציאָן איז געווען אין געפאַהר פערניכטעט צו ווערען דורך דעם קריג מיט די אויסלענדישע מעכטען און דורך די געגען־רעוואָלוציאָן פון

הויף. די פערזאמלונג האט זיך גענומען צו ארבייטען מיט גרויס ענערגיע. דעם 4טען יולי האט זי ערקלערט דאס פאטערלאנד אין גרויס געפאהר. זי האט געפאדערט, דאס אלע געריכטס־בעאמטע זאלען אימער זיין פערזאמעלט, דאס די גאנצע נאציאנאל־גווארדיע זאל צוזאמענגערופען ווערען, און דאס די בירגער זאלען אפגעבען אלעס, וואס זיי האבען פון וואפען און שיס־מאטעריאל.

דאס האט ארויסגערופען אין פאלק גרויס בעגייסטערונג. טויזענדער האבען זיך איינגעשריבען אין דער פאלקס־ארמעע. אין דיזע טעג איז פערפאסט געווארען דאס בעריהמטע אין דער וועלט־געשיכטע געוואלטיגע רעוואלוציאנס־ליד, וועלכעס איז בעקאנט אונטער'ן נאמען „די מארסעילעזע".

דער אינזשעניער־אפיצער רוזשעט דע ל'איסלע האט פערפאסט דאס ליד אין שטראסבורג אין איין נאכט. אנפאנגס איז עס אנגענומען געווארען פון איינינע הונדערט בעגייסטערטע פאטריאטען, וועלכע האבען זי געזונגען מיט גרויס התלהבות. אבער באלד איז זי פערשפרייט געווארען איבער גאנץ פראנקרייך און האט געמאכט ענטהוזיאסטיש אלע מאסען, וועלכע האבען זי געזונגען מיט גרויס פייער בעת זיי האבען מארשירט צום פייער פון שלאכט.

ניט אכטענדיג אויף דיזען אונרוהיגען צושטאנד פון פאלק, האט דער קעניג געהאלטען זיך ביי זיינע אידעען און האט ניט געוואלט נאכגעבען. ער האט זאגאר געמאכט נאך א זעהר געפעהרליכען שריט. ער האט נעמליך ארונטערגעזעצט דעם קאמאנדיר פון דער נאציאנאל־גווארדיע, פ ע ט י א ן, פון זיין אמט דערפאר, וואס ער האט ניט פערהינדערט דעם טומעל און סקאנדאל פון דעם 20טען יוני. דאס פאלק אבער האט ניט געוואלט דערלאזען צו בעשטראפען זייער בעאמטען. אין אלע גאסען זיינען גלאפען גרויסע מאסען און האבען געשריען: „פעטיאן אדער דעם טויט!" עס זיינען געמאכט געווארען פארשלאגען אין גאנצען ארונטערצוזעצען דעם קעניג. דער האס פון פאלק צום קעניג האט דערגרייכט די העכסטע שטופע. עס איז געווען קלאר פיר יעדען צו זעהן, אז דאס שיף פון דער מאנארכיע מוז אונטערגעהן אין דעם שטירמישען ים פון דער רעוואלוציאן.

דער 10טער אויגוסט 1792 איז געווען דער טאג, אין וועלכען דער טראן איז געשטירצט געווארען. דאס פאלק האט זיך דאמאלס נוקם געווען אן דעם קעניג פיר די אלע גרוילטאטען און בעדריקונגען, וואס עס האט געליטען פון די קעניגען אין פערלויף פון איינינע יאהרהונדערטער. אבער דאס איז געווען ניט בלויז ראכע, עס האט זיי אויך די נויט געטריבען דערצו.

דאָס אַריינמישען זיך פון פרעמדע מעכטען אין די אַנגעלעגענהייטען פון פראַנקרייך האָט געוואָלט צושטערן און פערניכטען אַלעס, וואָס דאָס פאָלק האָט געוואונען מיט דער רעוואָלוציאָן, און דער טראָן זעלבסט איז געווען מיט די פיינד פון פאָלק, מיט די אויסלענדישע מעכטען. עס האָט זיך גע-הערט, דאָס דער הויף האָט אין פערבינדונג מיט די אויסגעוואַנדערטע און די אויסלענדישע מעכטען בעשלאָסען צו בעפאַלען די נאַציאָנאַל-פערזאַמלונג און צו פערניכטען אַלעס, וואָס די רעוואָלוציאָן האָט געשאַפען. פאַריז האָט זיך געפונען אין אַ גרויסער געפאַהר. מען האָט יעדען מאָמענט ערוואַרט, דאָס דער קעניג וועט אָפען אַרויס מיט זיין מיליטערישער מאַכט געגען דעם פאָלק. די אויסלענדישע מעכטען זיינען ביי די גרענצען געווען פיעל שטאַר-קער פון די פראַנצויזישע אַרמעען, וועלכע זיינען געווען קאָמאַנדירט פון גע-נעראַלען, וואָס דאָס פאָלק איז ניט געווען איבערצייגט אין זייער טרייהייט צו דער קאָנסטיטוציאָן. אָבער די עראָבערונגען פון דער רעוואָלוציאָן זיי-נען שוין געווען אַזוי שטאַרק, דאָס זיי זיינען געווען אין שטאַנד צו רעטען די שטאָדט פאַריז אין דיזען קריטישען מאָמענט.

אין די ערסטע טעג פון אויגוסט האָט מען אָפען פערהאַנדעלט וועגען אַרונטערזעצען דעם קעניג. כמעט יעדען פיהמאָרגען האָט מען אויף די ווענט פון גאָרטען פון דעם שלאָס, וואו דער קעניג איז געזעסען (טואילעריען-גאָרטען), אָנגעקלעפּט אַ פּאַפּיר מיט די פאָלגענדע ווערטער: „דער צאָרן פון פאָלק הענגט אויף אַ באַנד, אָבער די קרוין הענגט אויף אַ פאָדים”. פון פערשיידענע סעקציאָנען אין דער הויפּטשטאָדט האָבען אָנגעהויבען אָנצו-קומען אַלע טאָג אַדרעסען צו דער נאַציאָנאַל-פערזאַמלונג מיט העפטיגע פאָ-דערונגען אַראָפּצוזעצען דעם קעניג.

די הויפּט-פיהרער פון דער וואַהרער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, פון די יאַקאָבּיניש-געזינטע אַרבּייטער, ווי ראָבעספּיערר, דאַנטאָן, מאַראַט און דעס-מולינס, האָבען אויסגעאַרבּייט אַ פּלאַן צו מאַכען אַן ערנסטען שטורם-אָנ-גריף אויף דאָס קעניגטום און איין מאָל פיר אַלע מאָל שטירצען די מאָ-נאַרכיע. מען האָט אייַנגעזאַמעלט די נעטיגע שטרייט-קרעפטען, מען האָט צוטיילט די ראָלעס און ערוועהלט אָנפיהרער. דער קעניג האָט געוואוסט פון אַלעס, וואָס דאָ געהט פאָר. ער האָט געמאַכט פּאָרבּערייטונגען צו פער-טיידיגען זיך, אָבער די אויסזיכטען אויף אַן ערפאָלג זיינען געווען זעהר שוואַך. די פערטיידיגונגס-מיטלען פון קעניג זיינען געווען 200 אַדעללייט, אַ שווייצער-רעגימענט פון 950 מאַן, 950 רייטער פון דער זשאַנדאַרמעריע

און 3,000 מאַן פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע. אָבער אויף דיזע האָט ער ניט געקענט פעסט רעכנען, ווייל ער איז מיט זיי ניט געווען זיכער.

די נאַכט צום 10טען אויגוסט האָבען די גלאָקען אין פּאַריז אָנגעהויבען קלינגען אויף שטורם. מען האָט אָנגעהויבען שפּילען דעם גענעראַל־מאַרש, און די מאַסען פון פאָלק האָבען זיך אָנגעהויבען צו זאַמלען. אין אַלע גאַסען האָט זיך געהערט די מאַרסעילעזע, דאָס בעריהמטע רעוואָלוציאָנס־ליד, וועל־כעס האָט יעדען בעגייסטערט. די אַלטע קאָמונע אין שטאָדט־הויז איז גע־שטירצט געוואָרען, און אָנשטאָט איהר האָט מען באַלד ערוועהלט ענערגישע רעוואָלוציאָנערען. דער נייער געמיינדע־ראַט האָט געשיקט רופען צו זיך אום 5 אוהר אין דער פריה דעם קאָמאַנדיר פון די טרופּען אין קעניגליכען שלאָס. מ א נ ד א ט, אַזוי האָט געהייסען דער קאָמאַנדיר, איז געגאַנגען צו דער קאָמונע. דער געמיינדע־ראַט אָבער האָט זיך דערוואוסט, דאָס מאַנ־דאַט האָט געגעבען אַ בעפעהל, אַז מען זאָל הינטען אָנגרייפען די אויפ־שטעהענדע מאַסען. דער פּרעזידענט פון דער קאָמונע, ה ו ג ע נ י ן, האָט געהייסען אַרעסטירען מאַנדאַט'ן, אָבער ווען ער איז אַרויף אויף די טרעפּ פון דער קאָמונע האָט איהם איינער אויפ'ן אָרט דערשאָסען.

ווען דער קעניג האָט זיך דערוואוסט, דאָס מאַנדאַט איז טויט, האָט ער אַליין גענומען מוסטירען זיינע טרופּען. אָבער פון זיי אַלע האָבען איהם נאָר צוויי באַטאַליאָנען פון דער נאַציאָנאַל־גוואַרדיע פערשפּראָכען טריי־הייט און צו קעמפען פיר איהם. די איבריגע האָבען אויסגעשריען: „לעבען זאָל די נאַציאָן! נידער מיט דעם וועטאָ!" דער קעניג איז אַוועק צוריק אין הויז בלאַס און ציטערנד. ער האָט באַלד געזעהען, דאָס זיין זאַך איז פערלאָרען.

דערוויילע זיינען אָנגעקומען די אַרבייטער־באַטאַליאָנען. דער קעניג איז געווען פערלאָרען. נאָר די קעניגין איז געבליבען קאַלטבלוטיג און בע־זאָנען. זי איז געווען ענטשלאָסען צו ערוואַרטען דעם פיינד און צו ווערען בעגראָבען אונטער די חורבות פון שלאָס. דער קעניג אָבער האָט נאָך גע־רעכענט, דאָס ער וועט קריגען עטוואָס הילף פון דער נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג. ער איז אַוועק אַהין. אויף דעם וועג האָט ער געהאַט אויסצושטעהן פיעלע בעליידיגונגען פון דער צוואַווילדעוועטער מאַסע, וועלכע האָט איהם נאָכגע־שריען: „נידער מיט די טיראַנען!" אַ יונגער רייך־געקליידעטער מאַן האָט אויפגעהויבען זיין פויסט געגען דער קעניגין'ס געזיכט און האָט אויסגע־שריען: „שענדליכע אַנטואַנעטטע! דו האָסט געוואָלט באָדען דיינע עסט־רייכער אין אונזער בלוט; דו וועסט עס אָבער בעצאָהלען מיט דיין קאָפּ!"

ווען דער קעניג איז געקומען אין דער נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג האָט ער גע־זאָגט: „מיינע הערבען! איך בין געקומען אַהער אום צו פערהיטען אַ גרוי־סען פערברעכען, און איך גלויב, דאָס אין ערגעץ אַנדערש קען איך ניט זיין אַזוי זיכער, ווי צווישען אייך". דערויף האָט איהם דער פּאָרזיצענדער גע־ענטפערט: „סיר! זי קענען רעכנען אויף די פעסטקייט פון דער נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג, וועלכע האָט געשוואָרען צו שיצען און שטיצען די רעכטען פון פאָלק און די קאָנסטיטוציאָנעלע בעאַמטע".

אין דיזען אויגענבליק האָט מען דערהערט אַ קראַך פון אַ שיסעריי אין קעניגליכען שלאָס (טואילעריען). די שווייצער האָבען מערדעריש געפּיי־ערט אין די מאַסען, וועלכע זיינען צולאָפען מיט גרוים שרעק. אָבער די מאַרסעילער און ברעטאָנער זיינען באַלד צוריקגעקומען און האָבען אַרומ־גערינגעלט די שווייצער. זיי האָבען זיך אָבער געהאַלטען מוטיג ביז עס איז אָנגעקומען אַ בעפעהל אויפהערען צו פייערן. די שווייצער האָבען אָפּ־געטראָטען, און דאַמאָלס איז די מאַסע ווילד און מיט גרוים שטורם אַריין אין שלאָס. זיי האָבען ערמאָרדעט די שווייצער ביז איין מאַן, אויך די לאַ־קייען און די אַדעללייט זיינען נידערגעשלאָגען געוואָרען פון דער פערבי־טערטער מאַסע. די צואווילדעוועטע מאַסע האָט צושטערט אין שלאָס דעם רייכען לוקסוס און אַלע צייכענס פון דער בורבאָנישער מאַכט. אָבער גע־רויבט האָבען זיי גאָרניט. אין געגענטייל, זיי זעלבסט האָבען געהאַנגען אייניגע, וועלכע האָבען זיך ערלויבט צו גנב'ענען אין דעם טומעל. די רע־וואָלוציאָנערען האָבען ניט געוואָלט האָבען צו טאָן מיט די אויסוואורפען פון פאָלק; רויבען און גנב'ענען — דאָס איז געווען די כאַראַקטעריסטיק פון אַדעל און פון די פעלד־הערען, אָבער די וואַהרע פאָלקס־פריינד האָבען זיך קיינמאָל ניט בעפלעקט מיט אַזעלכע שמוציגע פערברעכענס.

די זשיראָנדיסטען האָבען געפּרובט בערוהיגען די מאַסען און מאַכען זיי געהאָרזאַם צו דער רעגירונג, אָבער דער געמיינדע־ראַט האָט בעשלאָסען צו בענוצען זיך מיט דער אויפגערעגטער מאַסע אום איין מאָל פיר אַלע מאָל צו מאַכען אַן ענדע צו דער מאָנאַרכיע. אַ דעפּוטאַציאָן האָט פערלאַנגט, אַז מען זאָל דעם קעניג אַרונטערזעצען. די פאָדערונג איז געווען אין אַזאַ טאָן, דאָס די פערזאַמלונג האָט ניט געהאַט דעם מוט צו ענטזאַגען. נאָך אַ קור־צער בעראַטונג מיט דער פערזאַמלונג איז דער פּאָרזיצענדער אַרויף אויף די רעדנער־ביהנע און האָט געמאַכט פאָלגענדע ערקלערונג:

„די נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג, זעהענדיג אין וואָס פיר אַ געפאַהר דאָס פאָטערלאַנד געפינט זיך יעצט; דאָס די געזעצגעבענדע מאַכט איז פער־

פליכטעט צו זוכען און צו געברויכען אלע מיטלען אום צו רעטען דאס פא־
טער לאנד; דאס דיזע געפאהר פון פאטערלאנד נעהמט זיך הויפטזעכליך
דערפון, וואס דאס פאלק האט פערלארען דעם צוטרויען צום קעניג לודוויג
דעם 16טען, ווייל אין זיין נאמען געהט אן א קריג געגען די פערפאסונג
און געגען די אונאפהענגיגקייט פון דער נאציאן; דאס פון פערשיידענע
טיילען פון לאנד קומען אן פאדערונגען אפצונעהמען ביי דיזען מאנארך די
מאכט, וואס דאס פאלק האט איהם געגעבען; דאס די נאציאנאל־פערזאמ־
לונג געפינט נים, דאס זי האט דאס רעכט דאס צו טאן, ווייל צו אזא טאט
איז בערעכטיגט נאר דאס גאנצע פאלק; דעריבער האט די נאציאנאל־פער־
זאמלונג בעשלאסען איינצולאדען דאס פראנצויזישע פאלק צו בילדען א
נאציאנאל־קאנווענט (צוזאמענקונפט). א בעזונדער קאמיסיאן וועט אויס־
ארבייטען א פלאן ווי און ווען עס זאל זיין די וואהלען פיר דיזען נאציא־
נאל־קאנווענט. דער קעניג איז דערוויל ענטזאגט פון זיין אמט ביז דער
נאציאנאל־קאנווענט וועט אויסגעפינען מיטלען און רעגלען, וועלכע זאלען
זיין אין שטאנד צו זיכערן די פרייהייט און גלייכהייט פון יעדער פערזאן.
די זעלבע קאמיסיאן זאל אין דעם זעלבען טאג מאכען א פארשלאג וועגען
בילדען א נייעם מיניסטעריום, וועגען פערשאפען א נייעם ערציהער פיר
דעם קעניגליכען פרינץ, וועגען דער סומע, וואס די קעניגליכע פאמיליע זאל
בעקומען צו איהר אונטערהאלט, אנשטאט די 42,000,000 ליוורעס א יאהר,
וועלכע זי פלעגט קריגען ביז יעצט. דער קעניג און זיין פאמיליע בלייבען
אין דער געביידע פון דער געזעצגעבענדער פערזאמלונג ביז מען וועט ווידער
שאפען רוה אין פאריז. דאס דעפארטעמענט וועט זיי נאך היינט איינריכ־
טען א וואוינונג אין לוקסעמבורג, און זיי וועלען געשטעלט ווערען אונטער
דעם שוץ פון דעם געזעץ און די בירגער. יעדער עפענטליכער בעאמטער,
יעדער סאלדאט, אונטער־אפיצער, אפיצער, יעדער גענעראל פון דער ארמעע,
וואס וועט אין דיזע טעג, ביז די ארדנונג אין לאנד וועט זיין געשאפען און
געזיכערט, פערלאזען זיין פאסט, וועט ערקלערט ווערען אלס פעררעטער
פון פאטערלאנד".

דער קעניג מיט זיין פאמיליע האבען געהערט דיזען בעשלוס פון דער
געזעצגעבענדער פערזאמלונג; ער האט בעוויזען א זעלטענע גלייכגילטיגקייט
צו דער שאנדע און דעמיטיגונג, וועלכע מען האט איהם צוגעטיילט אין יע־
נעם טאג. ער האט זאגאר געהאט א גוטען אפעטיט צום עסען אין דיזע
וועלט־בעוועגענדע מאמענטען. הגם די געזעצגעבענדע פערזאמלונג האט
פיר איהם בעשטימט א פאלאץ אין לוקסעמבורג, דאך האט דער אלמעכטי־

גער געמיינדע־ראט איהם ערקלערט אלס געפאנגענעם און האט איהם גע-האלטען אין טעמפעל אונטער שלאס און ריגעל.

דאס, וואס עס איז געשעהען אין פאריז דעם 10טען אויגוסט, האט מען אויפגענומען אין אלע דעפארטעמענטען פון לאנד אלס א גערעכטע זאך, און קיינער האט געגען דעם ניט פראטעסטירט. אלע זיינען געווען איבערצייגט, דאס די פערזאמלונג האט לויט די אומשטענדען גוט געהאנ-דעלט. נאר דאס מיליטער און די קאמאנדירען, וואס זיינען געשטאנען ביי דער גרענעץ, זיינען אנפאנגס געווען דאגעגען. אבער עס האט ניט לאנג גענומען און די גענעראלען דיומוריעז, ארטהור, לוקנער און אנדערע האבען געגעבען זייער שבועה צו פאלגען און בעשיצען דיזע ארדנונג. נאר לאפא-יעטט האט געהאט דעם מוט צו ענטזאגען זיך אנצונעהמען די נייע בעשלו-סען. ער האט אויפגעפאדערט זיינע סאלדאטען צו געבען נאך א מאל א נייע שבועה צו זיין טריי דער פערפאסונג און הערשטעלען דעם קאנסטי-טוציאנעלען טראן, און האט זיך פארבערייטעט צו מארשירען צוזאמען מיט פראנקרייך׳ס פיינד געגען פאריז. די פערזאמלונג האט באלד ארויסגע-לאזען געגען איהם אן אנקלאגע־דעקרעט און האט איהם בעשולדיגט אלס פעררעטער פון פאטערלאנד. דאמאלס איז די גאנצע ארמעע אפגעפאלען פון איהם. ער האט זיך געמוזט רעטען און איז צוזאמען מיט׳ן גענעראל־שטאב ענטלאפען נאך אויסלאנד. ער איז אריינגעפאלען צו די עסטרייכער, וועלכע האבען איהם געהאלטען געפאנגען 5 יאהר אלס א רעוואלוציאנער, הגם ער האט זיך ארויסגעשטעלט צו גונסטען פון קעניג און איז צוליב דעם ערקלערט געווארען אלס פערעטער פון פאטערלאנד. דעם בעפעהל איבער דער פראנצויזישער ארמעע האט ערהאלטען דיומוריעז.

די זיגער פון דעם 10טען אויגוסט זיינען געווען די ארבייטער און די פראלעטאריער. זיי האבען שוין פריהער געבראכט פיר די רעוואלוציאן גרויסע אפפער: זיי האבען געשיצט די נאציאנאל־פערזאמלונג געגען די אנגריפען פון הויף, זיי האבען דעם 14טען יולי 1789 ערא̈בערט די באס-טיליע, זיי האבען גענומען געפאנגען דעם קעניג אין ווערסאיל און גע-בראכט נאך פאריז. אבער דיזעס האבען זיי נאר געטאן אלס בונד־חברים פון דער בורזשואזיע. אבער וואס מעהר זיי האבען אנטייל גענומען אין דער רעוואלוציאן אלץ מעהר איז געשטיגען זייער מאכט. וואס גרעסער עס איז געווען די געפאהר פיר די רעוואלוציאן אלץ מעהר און מעהר האבען זיך די ארבייטער און די פראלעטאריער אריינגעווארפען אין דעם שטראם צו שיצען די רעוואלוציאן. זיי אליין זיינען ארוים מיט זייערע ראדיקאלע

פאָדערונגען און זיינען ניט געבליבען אין זייערע פאָדערונגען אויף'ן האַל-בען וועג, ווערענד די בורזשואַזיע האָט זיך געצייגט אַלס פייגלינג און האָט ניט געהאַט די מאַכט און דעם מוט צו ברייננגען די רעוואָלוציאָן ביז איהר געווינשטען ציל.

יעצט, ווען די געפאַהר האָט דערגרייכט די העכסטע שטופע, ווען די פערבינדעטע מאָנאַרכען האָבען אריינגעדרונגען אין לאַנד, האָבען נאָר די פּראָלעטאַריער געררעטעט די רעוואָלוציאָן. זיי האָבען געוואונען אויף זייער זייט דעם יאַקאָבינער-קלוב, וועלכער איז געווען דער מעכטיגסטער איבער גאַנץ פראַנקרייך; זיי האָבען געוואונען די קאָמונע פון פּאַריז, און דערמיט האָבען זיי אריינגעכאַפּט אין זייערע הענט אַלע אונגעהייערע מאַכט-מיטלען פון דיזער שטאָדט. איבערהויפּט האָבען זיי געהאַט צו פערדאַנקען זייער ערפאָלג צו זייער אונערשראָקענעם מוט. ניט די זשיראָנדיסטען מיט זייער צו פיעל בעזאָנענהייט און שרעקעדיגקייט האָבען געשיצט די פערפאַסונג און די רעוואָלוציאָן, נאָר דאָס האָבען געטאָן די פּראָלעטאַריער מיט זייער פעסטער ענטשלאָסענהייט. עס האָט ניט קיין זין צו בעשולדיגען די פּראָלעטאַריער פיר זייערע מאָרדטאַטען מיט דער גיליאָטינע (די מאַשין, וואָס איז ערפונדען געוואָרען צו הינריכטען די געגנער פון דער רעוואָלוציאָן). אין יענער צייט, ווען אויף יעדען טריט און שריט, פון אַלע זייטען, האָט זיי געדראָהט די געפאַהר צו פערניכטען אַלעס, וואָס זיי האָבען ערוואָרבען מיט זייער בלוט, האָבען זיי אַנדערס ניט געקענט טאָן ווי צו געברויכען אַ קריגס-געריכט מיט די שטרענגסטע מיטלען אום זעלבסט ניט צו פאַלען און פער-לירען אַלעס. זיי זיינען געווען געצוואונגען יעדען שיין, יעדע מעגליכקייט פון אַ פערראַט צו פערהיטען און דערשטיקען מיט'ן בלוט פון דעם פער-דעכטיגטען.

נאָך דעם, ווי דער טראָן איז געשטירצט געוואָרען, האָט זיך אָנגעהויבען אַ פיבערהאַפטע טעטיגקייט. אַלע פריהערדיגע מיניסטאָרען זיינען געשטעלט געוואָרען אונטער קלאַגען און זיינען אַרונטערגעזעצט געוואָרען פון זייערע שטעלעס, און אָנשטאָט זיי האָט מען בעשטימט נייע מיניסטאָרען, אונטער וועלכע עס איז אויך געווען ד אַ נ ט אָ ן. עס איז בעשלאָסען געוואָרען, דאָס אַלע גיטער פון די אויסגעוואַנדערטע זאָלען פערקויפט ווערען אין קליי-נע טיילען, אום צו געווינען דאָס פאָלק פיר די רעוואָלוציאָן. די גייסטליכע, וואָס האָבען ניט געוואָלט שווערען טרייהייט צו דער קאָנסטיטוציאָן, זיינען בעשטראָפט געוואָרען מיט 10 יאָהר געפענגניס אָדער זיינען אַרויסגעטריבען געוואָרען פון לאַנד. די צייטונגען, וואָס זיינען געווען פיינדליך צו דער רע-

וואָלוציאָן, זיינען פערוועהרט געוואָרען צו ערשיינען. זייערע דרוקעריייען זיינען איבערגעגעבען געוואָרען צו די אָנהענגער פון דער רעוואָלוציאָן, און דיזע האָט מען געשטיצט מיט געלט. שטימרעכט צו וועהלען מיטגלידער צום נייעם קאָנווענט האָט געהאַט יעדער פראַנצויז, וואָס איז נאָר אַלט גע- וועזען 25 יאָהר, איז געזעסען אַ יאָהר אויף דעם אָרט, וואו ער האָט געוואָלט געבען זיין שטימע, און האָט זיך ערנעהרט פון זיין אַרבייט.

אויך אויסערליך האָט דאָס לאַנד בעקומען אַן אַנדער געשטאַלט. הגם דאָס לאַנד איז נאָך ניט ערקלערט געוואָרען אַלס אַ רעפּובליק, האָט מען דאָך דערוויילע אָפּגעשאַפט אַלעס, וואָס האָט געטראָגען דעם סימן פון אַ קע- ניגטום. אַלע סטאַטועס און דענקמעלער פון די קעניגען זיינען אומגעוואָר- פען געוואָרען. אַלעס, וואָס האָט אויף זיך געטראָגען דעם שטעמפּעל פון מאָנאַרכיע, איז פערניכטעט געוואָרען. די בילדער אין קעניגליכען שלאָס האָט מען געקרויינט מיט רויטע מיצען. די נעמען פון פיעלע גאַסען זיינען געענדערט געוואָרען. די אַרבייטער־מאַסען אין די פאָרשטעדט האָבען אַזוי ווייט געטריבען זייער האַס צו די הערשענדע קלאַסען, דאָס זיי האָבען צו- שמעטערט זאָגאַר די ביוסטען פון די רעוואָלוציאָנס־העלדען פון יאָהר 1789, ווי נעקקער'ס, באַיללי'ס און לאַפאַיעטט'ס. זיי האָבען גוט פערשטאַנען, דאָס יענע רעוואָלוציאָנערען זיינען נאָר געוועזען קעמפּפער פיר דאָס בירגער- טום, אָבער פאַר דער הערשאַפט פון די פּראָלעטאַריער האָבען זיי זיך גע- שראָקען.

יעצט האָט זיך אָנגעפאַנגען די שרעקליכע רעגירונג, וואָס איז אין דער וועלטגעשיכטע פערשריבען מיט בלוט; די רעגירונג, וועלכע ווערט אָנגע- גריפען פון אַלע זייטען מיט שרעקליכען האַס. אָבער גאַנץ אַנדערס ערשיינט די זאַך פיר דעם בעאָבאַכטער, וועלכער פערשטעהט, דאָס דער איבערמענש- ליכער ריזען־קאַמף פון די אַרבייטער געגען דעם אונגעהייערען פיינד, וואָס האָט זיי געדריקט פיעלע יאָהרהונדערטער, האָט אַנדערס ניט געקענט גע- פיהרט ווערען. די פּראָלעטאַריער האָבען פריהער אַריינגעכאַפּט אין זייערע הענט דעם געמיינדע־ראַט; דורך איהם האָבען זיי בעהערשט פּאַריז, דורך פּאַריז האָבען זיי בעהערשט די נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג, און דורך דיזע — גאַנץ פראַנקרייך. זיי האָבען אָבער באַלד פערשטאַנען, דאָס דיזע שטעלונג איז פיר זיי נאָך ניט גענוג. ווי עס האָבען פערשטאַנען די זאַך דאַנטאָן און מאַראַט, האָט דער צושטאַנד געפאָדערט איינצוריכטען אין לאַנד אַ דיקטאַ- טור. די פיינד פון דער רעפּובליק האָבען געמוזט געמאַכט ווערען אונשעד- ליך. זיי האָבען אויך פערשטאַנען, דאָס זיי קענען ניט אָנפערטרויען די




די אומוואַרפונג פון דער סטאַטוע פון לודוויג דעם 14טען אויף דעם וואַנדאָם־פּלאַץ.

דיקטאַטור צו דער נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג, זיי האָבען עס נאָר געקענט פער-טרויען דעם געמיינדע־ראַט, וועלכער איז בעשטאַנען פון לויטער פּראָ-לעטאַריער.

די ערסטע זאַך, וואָס זיי האָבען געטאָן, איז געוועזן איבערצונעהמען אין זייערע הענט די פּאָליציי. די פרידענס־ריכטער זיינען מיט אַמאָל אַרונטערגעזעצט געוואָרען אין גאַנצען לאַנד, ווייל מען האָט זיי חושד גע-וועזן, דאָס זיי זיינען ראָיאַליסטען, ד. ה. טריי צו אַ מאָנאַרכיע. יעדער גע-מיינדע־ראַט האָט בעקומען דאָס רעכט און די מאַכט צו פעראורטיילען וועל-כען עס איז פערדעכטיגטען אין אונטרייהייט צו דער רעפּובליק. יעדער בעאַמטער פון דער געמיינדע האָט געהאַט דאָס רעכט צו אַרעסטירען דעם יעניגען, אויף וועמען עס איז געוועזן דער קלענסטער חשד, דאָס ער איז אַ ראָיאַליסט. צו דער זעלבער צייט האָט די קאָמונע געפאָדערט, אז מען זאָל גרינדען אַ געריכטס־הויף, וואו מען זאָל משפּט'ן אַלע פערשווערער פון דעם 10טען אויגוסט, און ניט נאָר די, וואָס זיינען געוועזן דערביי, נאָר אויך די, וואָס זיינען דערביי ניט געוועזן, אָבער זיי האָבען געקענט זיין דערביי. די דעפּוטאַטען פון נאַציאָנאַל־קאָנווענט האָבען זיך ניט גע-איילט דורכצופיהרען דיזע פאָדערונג. זיי האָבען אָבער באַלד בעקומען זעהר שטרענגע פאָדערונגען פון שטאָדט־הויז. „אַלס בירגער", האָט געזאָגט אַ מיטגליד פון געמיינדע־ראַט, „אַלס בעאַמטער פון פאָלק, זאָג איך אייך, דאָס היינט ביי נאַכט אום 12 אוהר וועט די שטורם־גלאָק רופען דאָס פאָלק צום גענעראַל־מאַרש. דאָס פאָלק איז צו מיד, עס מוז נעהמען ראַכע. עס שטעהט פאָר אַ גרויסע געפאַהר, ווען דאָס פאָלק וועט זיך אַליין פערשאַפען זיין רעכט". אַן אַנדער מיטגליד פון געמיינדע־ראַט האָט געזאָגט: „ווען אין פערלויף פון 2 אָדער 3 שטונדען וועט ניט איינגעאָרדענט ווערען דאָס געשוואָרענע געריכט מיט זיין געשוואָרענעם דירעקטאָר אָן דער שפּיץ, וועט קומען איבער פּאַריז אַ גרויסער שרעקליכער אונגליק".

די דערשראָקענע נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג האָט נאָכגעגעבען. דעם 17טען און 18טען אויגוסט איז געגרינדעט געוואָרען דאָס ערסטע רעוואָלוציאָנס-טריבונאַל. דער געמיינדע־ראַט האָט שוין פריהער צוגעגרייט אַ זיכערהייטס-קאָמיסיאָן, וועלכער עס איז איבערגעגעבען געוואָרען די מאַכט גוט אַכטונג צו געבען אויף די בירגער, אויפצונעהמען אַנצייגען (מסירות) און צו מאַכען אַרעסטען. מיט גרוים פייער האָט זיך באַלד אָנגעהויבען די פערפאָלגונג פון די פערדעכטיגטע. פּאַריז איז געוועזן ווי אין אַ בעלאַגערונגס־צושטאַנד. אַלע טויערן זיינען געוואָרען פערשפּאַרט, און אַ גרויסע מחנה פון בעאַמטע

האָט אָנגעהויבען צו זוכען אין די הייזער און מאַכען ארעסטען. עס איז ווירקליך געווען א זעהר טרויעריגע ערשיינונג צו פערשפּרייטען אין א גאַנ־צען פאָלק א סיסטעם פון שפּיאָנסטוואָ און מסירות, און פיעלע געפינען עס באמת פיר א גרויס אונרעכט און רעכנען עס פיר א גרויסען שאנדפלעק אויף די רעוואָלוציאָנערען פון יענער צייט. אָבער מען דארף ניט זיין צו איינזייטיג אין דיזען אורטייל; מען דארף ניט פערגעסען, דאָס דער מאָ־מענט איז געווען אזעלכער, אין וועלכען די רעוואָלוציאָן האָט געפיהרט א טויט־קאמף מיט דעם אלטען סיסטעם, מיט דער מאָנארכיע. אלע געפענג־ניסען זיינען באלד געוואָרען פול מיט רעאקציאָנערען. מען האָט זיי באלד געבראכט פאר דעם שרעקליכען רעוואָלוציאָנס־טריבונאל; מען האָט באלד ארויסגעגעבען טויט־אורטיילען געגען פיעלע פון די ארעסטירטע, וואָס זיינען געפאלען אונטער דער פירכטערליכער מאשין, וועלכע איז בעוואוסט אונטער דעם נאָמען „גיליאָטינע".

דערווייל האבען אָנגעהויבען אָנקומען פון די גרענצען זעהר שלעכטע ידיעות. דער פיינד האָט בעלאגערט לאָנגווי און טהיאָנוויל. די עסט־רייכער און די פרייסען האבען געהאט אן ארמעע פון גוט־דיסציפּלינירטע און גוט־געמוסטירטע סאָלדאטען, און געגען זיי איז געשטאנען א קליינע, שוואכע, שלעכט־בעוואפענטע פראנצויזישע ארמעע. פון וועגדעע איז געקומען א ידיעה, דאָס עס האָט זיך דאָרט אויפגעהויבען א געגען־רעוואָ־לוציאָן. די רעוואָלוציאָנערען האבען דעריבער ענטוויקעלט אן אונגעוועהנ־ליכע טעטיגקייט. זיי האָבען געוואָלט שיקען פון פּאריז צו דער גרענעץ געגען דעם פיינד אלע, וואָס זיינען פעהיג צו טראָגען וואפען. זיי האָבען עס אָבער ניט געקענט דורכפיהרען, ווייל אין פּאריז זיינען זיי געווען אין געפאהר בעפאלען צו ווערען פון די קעניגליכע אָנהענגער.

די פרייסען האָבען שוין געגומען מארשירען נאָך ווערדון. ווען דיזע פעסטונג זאָל פאלען, ווערט פיר זיי אָפען דער וועג נאָך פּאריז. דאָס פאָלק האָט געפיהלט, דאָס נאָר א שרעקליכע גוואלדטאַט מוז געטאָן ווערען אין דיזען מאָמענט; נאָר א גוואלדטאַט קען רעטען פראנקרייך פון דער דראָ־הענדער געפאהר. אין אלע גאסען האָבען זיך געהערט געשרייען: „נידער מיט די קעניגליכע!" דער רעכטער מאן דורכצופיהרען דיזע גוואלדטאַט איז געווען ד א נ ט א ן.

דאנטאָן איז זעהר פיעל פערליימדעט געוואָרען פון די געשיכטע־שריי־בער. אָבער אן אונפּארטייאישע קריטיק מוז היינט צוגעבען, דאָס ער איז געווען אן איבערגעגעבענער זוהן, אן אונאייגענניציגער ברודער און א טרייער,

ליבענדער מאַן צו זיין פרוי. ער האָט קיינמאָל ניט געהערט צו דעם סאָרט מענשען, וועלכע טראָגען דעם נאָמען „פוילער", „אונוויסענדער", „ווינקעל־אדוואָקאט", ווי מען רופט איהם געוועהנליך. יעדענפאַלס איז עס נידער־טרעכטיג צו בעטראַכטען איהם אַלס אַ צוויי־זייטיגען פערמאַסקירטען מענשען. עס איז ניטאָ גענגען איהם קיין בעוויז, דאָס ער איז געווען אַ כּאַבאַר־ניק, ווי מען האָט איהם דאַמאָהלס בעשולדיגט. מען האָט איהם גערופען „דער מיראַבאָ פון די אונטערסטע קלאַסען", און דיזען נאָמען האָט ער כשר פערדינט. ער איז געווען פון דער נאַטור רייך און וואונדערבאַר בעגאַבט, זיין קערפּער איז געווען ווי פון אַ ריז, זיין שטימע איז געווען גוואַלטיג. מיט זיינע פלאַמענדע בליקען און מיט זיין רעדנער־קראַפט האָט ער פאַלשטענדיג בעהערשט די מאַסען. זיין דרייסטקייט איז געווען צו שטוינען; זיין מוט איז געווען אונגעוועהנליך, די מורא פון טויט האָט ער ניט געפיהלט. קיין זאַך האָט איהם ניט אָפּגעשראָקען. צו אַלעם דעם קען מען איהם בשום אופן ניט בעשולדיגען אין גרויזאַמקייט. אין געגענטייל, קיינער קען ניט צווייפלען אין זיין גוטהערציגקייט. ער האָט זאָגאַר געגעבען איינינע פ.ן זיינע געגנער די מעגליכקייט צו ענטלויפען פון געפענגנים.

די רעוואָלוציאָנערען האָבען זיך גענומען מיט גרויס ענערגיע דורכצו־פיהרען און פעסטצושטעלען זייער זאַך. זיי האָבען צוזאַמענגעשטעלט אַן אַרמעע פון 40,000 מאַן צו העלפען דיומוריעז'ן אין זיין שטרייט מיט דעם אויסלענדישען פיינד. אין דער זעלבער צייט האָט דאַנטאָן, אַלס יוסטיץ־מיניסטער, צוזאַמען מיט דער קאָמונע בעשלאָסען צו געבען די ראָיאַליסטען אַזאַ קלאַפּ, דאָס זיי זאָלען שוין ניט האָבען מעהר קיין מעגליכקייט צוריק־צוגעווינען זייער פריהערדיגע קראַפט. צוערסט האָט מען אַרעסטירט איי־ניגע הונדערט פּריסטער, וועלכע האָבען זיך ענטזאָגט צו שווערען טריי־הייט דער נייער פערפאַסונג. דאַן האָט די זיכערהייטס־קאָמיסיאָן פאָרגע־נומען צו מאַכען אַן אַלגעמיינע אונטערזוכונג אין אַלע הייזער, אום מען זאָל אויסגעפינען אַלע פערדעכטיגע, אָפּנעהמען פון זיי די געוועהר און אַרעסטירען זיי. עס איז בעשטימט געוואָרען אַ שטונדע, אין וועלכער יע־דער האָט געמוזט זיין ביי זיך אין הויז און קיינער האָט ניט געטאָרט פער־שליסען די טירען. אַנדערע האָבען געוואָלט ענטלויפען פון שטאָדט, אָבער די טויערן זיינען געווען פערשלאָסען. עס איז קיינעם ניט געלונגען ער־גען־וואו צו בעהאַלטען זיך, ווייל מען האָט געזוכט איבעראַל: אין די קע־לערן, אין די קוימענס או. אז. וו. עס זיינען אַרעסטירט געוואָרען איינינע טויזענד פערדעכטיגטע פּערזאָנען. עס איז געווען אונמעגליך צו פערשלי־

סען אלע ארעסטאנטען אין די געפענגניסען, מען האט געמוזט איינשליסען פיעלע פון זיי אין די קירכען און מאנאסטירען. דעם 31טען אויגוסט האט טאלליען, דער רעדנער פון די פאריזער שטאדט־בעאמטע, ערקלערט פאר דער נאציאנאל־פערזאמלונג, דאס אלע פעררעטער, פערשווערער און די אונרוהיגע פריסטער זיינען ארעסטירט, און אין פערלויף פון איניגע טעג וועט מען ענדליך פטור ווערען פון די פיינד פון פרייהייט.

דעם 2טען סעפטעמבער, צווישען 2 און 3 אוהר נאך מיטטאג, האבען זיך אנגעהויבען די שרעקליכע שחיטות. פריהער פון אלעמען האט מען ערמארדעט די פריסטער, וועלכע האבען ניט געוואלט שווערען טרייהייט דער נייער פערפאסונג. דיזע זיינען געווען איבער הונדערט אין צאהל. די משפטים איבער די איבריגע געפאנגענע זיינען געמאכט געווארען אין די געפענגניסען זעלבסט. איינער פון די אנפיהרער פון דער רעוואלוציאן האט געפיהרט די פראצעסען, און די מאסע פון פאלק האט געהערט די פערהאנד־לונגען און די פראגען און אנטווארטען פון דעם בעשולדיגטען און האט געגעבען איהר אורטייל: שולדיג אדער ניט שולדיג. איבערהויפט איז בע־קאנט דער משפט פון פאלק אין דער אבטיי (מאנאסטיר), וואו מאיללארד, וועלכער האט געפיהרט דעם צוג נאך ווערסאיל, איז געווען דער ריכטער. ער איז דארט געזעסען מיט א הוילען שווערד און האט אויסגערופען די גע־פאנגענע לויט דער ליסט פון אונטערזוכונג, וועלכע דער יוסטיץ־מיניסטער האט צוגעשיקט. די ארעסטירטע זיינען איינציגווייז געבראכט געווארען צום ריכטער. אויב איינער איז געפונען געווארען ניט שולדיג, האט מאיל־לארד אויפגעהויבען דעם שפיץ פון זיין שווערד אין דער הויך, און דער געפאנגענער איז באלד בעפרייט געווארען. אין פאל אבער, ווען ער איז ערקלערט געווארען שולדיג, האט מאיללארד אראפגעלאזען דעם שווערד צו דער ערד און האט געזאגט: „ברייננגט דיזען העהר נאך קאבלענץ". אבער ביים ארויסגאנג איז ער אויף'ן ארט צוהאקט געווארען אין שטיקער פון די תלינים, וואס זיינען געשטאנען אין דרויסען און האבען דורסטיג געווארט אויף זייער אפפער.

פיער טעג און פיער נעכט האבען געדויערט דיזע שרעקליכע שחיטות, פיר וועלכע די תלינים האבען בעקומען פון דער שטאדט־קאסע זעהר גוט בעצאהלט. דיזע גרויזאמע טאט פון דער צואווילדעוועטער, צווישעטער מאסע איז זעהר שווער צו פערענטפערן; דער תירוץ: „די נויט האט זיי דערצו געבראכט", קען דיזע בארבארישע האנדלונג ניט פערגלעטען. וואס עס זאל ניט זיין — איז עס ניט מענשליך. אוגגעפעהר 1,000 מענשען

זיינען דאַמאָלס ערמאָרדעט געוואָרען אונטער דיזען סאָרט יוסטיץ פון דעם ווילדען המון. אונטער דיזע 1,000 פּערזאָן זיינען אויך געווען זעהר וויכ-טיגע מענשען, ווי דער הערצאָג פון בריססאַק און די פּירסטין פון לאַמבאַלל, אויף וועלכע זיי האָבען ניט געפונען קיין אַנדער פערברעכען ווי דאָס, וואָס זי איז געווען זעהר בעפריינדעט מיט דער קעניגין. איהר קאָפּ האָט מען ארויפגעשטעקט אויף אַ פּיקע און מען האָט זי געטראָגען צום קעניג אין טעמפּעל, וואו ער איז געווען ארעסטירט. די קעניגין האָט גע'חלש'ט, דער-זעהענדיג דיזען באַרבאַרישען טויט פון איהר געליבטער פריינדין. אויף דעם קערפּער פון דיזער אונגליקליכער פירסטין האָט די מאַסע בעגאַנגען אַזעלכע אָפּשייליכקייטען, וועלכע עס איז אַ שאַנדע צו בעשרייבען.

די ראַדיקאַלע דעמאָקראַטיע האָט זיך גערעטעט. קיין מענשליכע מאַכט און געוואַלט איז ניט געווען אין שטאַנד אָפּצוהאַלטען דאָס פּאָלק פון די גרוילטאַטען, וועלכע עס האָט געפונען פיר נעטיג צו טאָן אין דיזען מאָמענט פון געפאַהר, אום צו רעטען דאָס פאָטערלאַנד. דאַנטאָן זעלבסט האָט געשריבען צו די קאָמונעס (שטאָדט־געמיינדעס) פון די דעפּאַרטע-מענטען אַ צירקולאַר, אין וועלכען מיר לעזען פאָלגענדע ווערטער:

„די קאָמונע פון פּאַריז לאָזט אייך וויסען, דאָס די פּרייסען געהען אויף פּאַריז. איהר זאָלט צום שנעלסטען מיטטיילען אייערע ברידער אין אַלע דעפּאַרטעמענטען, דאָס אַ טייל פון די ווילדע פערשווערער, פיינד פון דער נייער פערפאַסונג, וועלכע זיינען געווען ארעסטירט, זיינען געטויט גע-וואָרען פון פאָלק. דיזע האַנדלונג איז אָנערקענט געוואָרען פיר נויטווענ-דיג, אום אָפּצושרעקען די פעררעטער, וואָס געפינען זיך אין אונזערע מויערן, אַז זיי זאָלען ניט טאָן קיין בייזעס צו אונזערע פרויען און קינדער, ווען דאָס פאָלק וועט מוזען אַרויס געגען דעם פיינד. אָהן צווייפעל וועלען אויך אַנדערע דעפּאַרטעמענטען געברויכען דעם זעלבען נויטווענדיגען מי-טעל אום צו ברייננגען דאָס פאָלק אין זיכערהייט, און דאַן וועלען אויך אַלע פּראָווינצען, ווי די פּאַריזער, קענען זאָגען: „יעצט קענען מיר מאַרשירען געגען דעם פיינד רוהיג, וויל מיר ווייסען, דאָס מיר האָבען ניט געלאָזען הינטער זיך קיין פיינד, וועלכע זאָלען ערמאָרדען אונזערע ווייבער און קינדער".

די בלוט־באָד פון סעפּטעמבער האָט געהאַט אַן אונגעהייערע ווירקונג. עס האָט זיך ארויסגעצייגט, ווי ריכטיג דאַנטאָן און מאַראַט האָבען פער-שטאַנען דעם צושטאַנד, ווען זיי האָבען בעשלאָסען צו געברויכען דיזע געוואַלד־מיטלען. אָבער נאָך אַלעמען, וואָס בעדייטעט דיזע צאָהל אָפּפער,

וועלכע עס האָט געפאָדערט די זיכערהייט פון פאָלק, געגען די מאַסען אָפּפער, וואָס די הערשענדע קלאַסען האָבען געבראַכט פון אָרימען פאָלק אין נאָמען פון דער רעליגיאָן און זיכערהייט פון פאָטערלאַנד? דיזע ווע-רען געצעהלט אין מיליאָנען. די פיינד פון דער רעוואָלוציאָן האָבען געצי-טערט. יעצט זיינען די רעוואָלוציאָנערען מיט א רוהיגען הארצען און מיט גרויס ענטהוזיאַזם געגאַנגען אין שטרייט מיט דעם אויסלענדישען פיינד, און מיט גרויס פרייד זיינען זיי געווען גרייט צו אָפּפערן זייער לעבען פיר דאָס פאָלק און פיר דאָס פאָטערלאַנד.

דעם 2טען סעפּטעמבער האָבען די פערבינדעטע מעכטען איינגענומען ווערדון. יעצט איז פיר זיי געווען אָפען דער וועג נאָך פּאַריז. דיומוריעז האָט ערהאַלטען דעם אויפטראַג צו פערשטעלען דעם וועג, אום דער פיינד זאָל ניט קענען געהן ווייטער. אָבער זיינע סאָלדאַטען זיינען געווען מוט-לאָז, און ווי זיי האָבען נאָר דערזעהען איניגע פּרייסישע הוזאַרען זיינען זיי באַלד צולאָפען. זיי האָבען געמאַכט זייער לאַגער אויף דעם ווינטמיה-לען=באַרג, און די פערבינדעטע האָבען זיך בעפעסטיגט אויף די הויכע ער-טער פון לאַ לונע. דער הערצאָג פון ברוינשווייג האָט בעשלאָסען צו שטור-מען דעם לאַגער פון די פראַנצויזען. די פראַנצויזען האָבען אָנפאַנגס אָנ-געהויבען צוריקטרעטען. דאַן האָט זיך אויפגעשטעלט דער גענעראַל קעל-לערמאַן, האָט אַרויפגעטאָן זיין הוט אויף דעם שפּיץ פון זיין שווערד און האָט אויסגעשריען מיט א הויכער שטימע: „לעבען זאָל די נאַציאָן!" דיזע ווערטער האָבען אַלעמען בעגייסטערט. אַלע האָבען זיך מיט גרויס ענטהוזיאַזם געוואָרפען אין פייער אויף'ן שונא און האָבען צוריקגעשטויסען די פּרייסען צו זייער פריהערדיגען אָרט.

מיט איניגע טעג שפּעטער האָבען זיך די פערבינדעטע מעכטען צוריק-געקעהרט צום רהיין. די פראַנצויזען זיינען געווען אויסער זיך פון פרייד. פון דאַמאָלס אָן האָבען די פראַנצויזישע סאָלדאַטען אָנגעהויבען צו צייגען וואונדער. דער גרויסער דייטשער פּאָעט גאָטהע האָט גראָד אָנטייל גענו-מען אין יענער שלאַכט און האָט געזאָגט צו די דייטשע אָפיצערען: „פון היר און פון יעצט הויבט זיך אָן א נייע עפּאָכע אין דער וועלטגעשיכטע, און איהר קענט זאָגען, דאָס איהר זייט געווען דערביי".

## ז. דער נאַציאָנאַל־קאָנווענט.

אין די לעצטע טעג פון איהר עקסיסטענץ האָט די נאַציאָנאַל=פער-זאַמלונג פערלאָרען איהר גאַנצע מאַכט. זי איז נאָר געווען א ווערקצייג

אין די הענט פון דעם געמיינדע־ראַט. איהר פּלאַץ האָט פערנומען דער קאָנ-וועגט. דיזער קאָנוועגט האָט געהאַט אַלס זיין אויפגאַבע פעסטצושטעלען די אויבערמאַכט פון פאָלק אויף אַ דעמאָקראַטישען פונדאַמענט. דעם 20טען סעפּטעמבער איז דער קאָנוועגט צוזאַמענגעשטעלט געוואָרען און דעם 21טען האָט ער אָנגעהויבען זיינע בעראַטונגען. די מיטגלידער פון קאָנוועגט זיי-נען כמעט אַלע געווען יאַקאָבינער. עס זיינען וויעדער ערוועהלט געוואָרען די גרעסטע פיינד פון קעניגטום אין דער געזעצגעבענדער פערזאַמלונג. נע-בען זיי זיינען געזעסען פיעלע מיטגלידער פון פּאַריזער מוניציפּאַליטעט, ווי ראָבעספּיער, דאַנטאָן, מאַראַט, דעסמולינס און אַנדערע. דאָס איז געווען דער אינטערעסאַנטעסטער און גרויסאַרטיגסטער פּאַרלאַמענט, וואָס די געשיכטע האָט ביז יענער צייט געזעהען.

אין דער רעכטער זייט פון דער פערזאַמלונג זיינען געזעסען די זשי-ראָנדיסטען; זיי זיינען געוואָרען איבערצייגטע רעפּובליקאַנער, אָבער נאָר בירגערליכע רעפּובליקאַנער. פון די אַרבייטער האָבען זיי ניט געוואָלט ווי-סען. זיי זיינען געווען די רעפּרעזענטאַנטען פון עהרליכען בירגערטום, וועלכע זיינען געווען אַ שטאַרקע מאַכט אין וועסט און אין זיד פון פראַנק-רייך. זיי האָבען געדענקט, דאָס די מאַסען, וואָס האָבען ניט קיין אייגענ-טום, קענען ניט נעהמען קיין גרויסען אָנטייל אין דער רעגירונג, און זיי דאַרפען זיין צופרידען מיט דעם, וואָס מען וועט זיי געבען. דיזע פּאַרטיי, די זשיראָנדיסטען, האָט ניט געהאַט קיין שטיצע אין דער געזעלשאַפט, און דעריבער איז זי גיך געשטירצט געוואָרען.

אין דער לינקער זייט זיינען געזעסען די יאַקאָבינער. זייערע ערטער זיינען געווען העכער פון די אַנדערע און דעריבער האָבען זיי זיך גערופען „דער באַרג". זייער אידעאַל איז געווען: אַ דעמאָקראַטישע רעפּובליק מיט ווירקליכער פרייהייט און גלייכהייט פיר אַלע קלאַסען פון דער געזעל-שאַפט. די אַלע באַרג־מענער זיינען געווען בעגייסטערט מיט אויפּאָפּפערונג פיר זייער אידעאַל. זיי האָבען פיר קיין זאַך ניט געהאַט קיין מורא, זיי האָבען געזוכט צו צושטערען אַלעס, וואָס איז זיי געשטאַנען אין וועג. פיר זיי איז געווען ווענינ וואָס מען האָט שוין אָפּגעשאַפט דאָס פעאָדאַל־סיס-טעם; זיי האָבען שוין דערזעהען גרויסע פעהלערן אויך אין דער נייער קאַ-פּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, ווי צ. ב. ספּעקולאַציאָן און וואוכער, וועלכע האָבען געמוזט אָפּגעשאַפט ווערען. זייער הויפּט־שטיצע זיינען געווען די פּאַריזער אַרבייטער. די לינקע האָבען אויך בעהערשט דעם געמיינדע־ראַט, וועלכער איז געוואָרען די גרעסטע אויטאָריטעט אין לאַנד.

אין דער ערסטער זיצונג זיינען נאָך די פּאַרטייען געווען איניג. דער גאַנצער קאָנווענט האָט איינשטימיג בעשלאָסען אָפּצושאַפען דאָס קעניג-טום, אָבער באַלד אויף'ן 2טען טאָג האָט זיך אָנגעצונדען אַ גרויסער קאַמף צוליב דעם, וואָס די זשיראָנדיסטען האָבען זיך אויסגעדריקט זעהר העפטיג געגען די עקזעקוטיווע האַנדלונגען אין די סעפּטעמבער-טעג. עס איז בע-שלאָסען געוואָרען פאָרצולעגען אַ געזעץ געגען די אורהעבער פון די מאָרד-טאַטען, און מען זאָל צוזאַמענשטעלען אַן אַרמעע, אַ קאָנווענט-אַרמעע, פון אַלע 83 דעפּאַרטעמענטען. אָבער די באַרג-פּאַרטיי האָט דיזען בעשלוס שטאַרק אָנגעגריפען. די זשיראָנדיסטען האָבען בעשולדיגט ראָבעספּיערר, דאַנטאָן און מאַראַט, דאָס זיי שטרעבען אַריינצוכאַפּען אין זייערע הענט די אַליין-הערשאַפט. פריהער זיינען אַרויס ראָבעספּיערר און דאַנטאָן צו ענטפערן אויף דיזער בעשולדיגונג, נאָכדעם איז עס געלונגען אויך מאַ-ראַט'ן ערשיינען צום וואָרט. אָבער זיין פירכטערליכע ערשיינונג האָט אי-בער-אַ-נייעם ערוועקט געגען איהם דעם גאַנצען האַס פון דער פערזאַמלונג. פון אַלע זייטען האָט מען אָנגעהויבען צו שרייען: „אַרונטער, אַרונטער מיט איהם!" ער האָט אָנגעהויבען זיין רעדע מיט די ווערטער „איך האָב אין דיזער פערזאַמלונג פיעלע פּערזענליכע פיינד!" מען האָט איהם באַלד אי-בערגעשלאָגען מיט די ווערטער „מיר אַלע! מיר אַלע!" דאַן האָט מאַראַט אַרויסגענומען פון זיין קעשענע אַ פּיסטאָלעט און האָט געזאָגט, דאָס ער וועט זיך אַריינשיסען אַ קויל אין קאָפּ, ווען מען וועט מאַכען געגען איהם דיזע קלאָגע. דאַן איז דער קאָנווענט איבערגעגאַנגען צו דער אָרדנונג פון טאָג.

אויך געגען ראָבעספּיערר איז מען אַרויס מיט האַרטע קלאָגען. אי-בערהויפּט האָט געשטורמט געגען איהם לואוועט. ער האָט אויפגעוויזען, ווי ראָבעספּיערר האָט זיך דעם 10טען אויגוסט בעהאַלטען און נאָכדעם האָט ער בעהערשט דעם געמיינדע-ראַט. נאָכדעם איז לואוועט אַריבער אין זיין רעדע צו דער שחיטה פון 2טען סעפּטעמבער. „די רעוואָלוציאָן פון 10טען אויגוסט געהערט אַלעמען, אָבער די שחיטות פון 2טען סעפּטעמ-בער געהערט נאָר אייך, אייך אַליין!" האָט ער געשריען אָנצייגענדיג מיט'ן פינגער אויף די באַרג-פּאַרטיי. „האָט איהר זיך דען אַליין ניט בעריהמט דערמיט? אונז האָט איהר גערופען מיט פעראַכטונג די פּ אַ ט ר י אָ-ט ע ן פ ו ן 10 ט ע ן א ו י ג ו ס ט, אָבער זיך האָט איהר מיט שטאָלץ הויכגעשטעלט און זיך בעטיטעלט מיט'ן נאָמען די פּ אַ ט ר י אָ-ט ע ן פ ו ן 2 ט ע ן ס ע פּ ט ע מ ב ע ר. אָ, דיזער שענדליכער

נאָמען זאָל בלייבען ביי אַייך אַלס אייביגע שאַנדע. דיזע פאַלשע פריינד פון פאָלק האָבען בעפלעקט דעם נאָמען פון פאָלק מיט שאַנדע און בלוט פון דער הריגה פון 2טען סעפטעמבער!"

נאָכדעם איז לואוועט צוריקגעקומען אין זיין רעדע אויף ראָבעספּיערר, און האָט געבראַכט אַ גאַנצע רייהע פון פאַקטען, אין וועלכע ער האָט איהם בעשולדיגט, און יעדען מאָל האָט ער אויסגעשריען: „ראָבעספּיערר, איך קלאָג אַייך אָן!" בלאַס און ציטערנד איז ראָבעספּיערר אַרויף אויף די רעדנער־ביהנע און האָט געבעטען ביי דער פערזאַמלונג, אַז זי זאָל איהם געבען 8 טעג צייט פאָרצובערייטען זיך פיר זיין פערטיידיגונג. נאָך דיזער צייט האָט זיך זיין לאַגע אין גאַנצען געענדערט. ער האָט געוואונען די יאַקאָבינער אויף זיין זייט. ער איז אַראָפּ פון דער ביהנע נאָך זיין פערטיידיגונג מיט אַ גרויסען טריאומף. זאָגאַר זיינע געגנער האָבען איינגעשטימט צוריקצורופען געגען איהם די אָנקלאַגע.

די זשיראָנדיסטען האָבען דאַן פערלאָרען יעדען ווערט. זייערע געגנער, די מענער פון באַרג, האָבען געוואוסט, ווי אויסצונוצען דיזע לאַגע פיר זיך. זיי האָבען נאָר אויסגעקוקט אויף אַ געלעגענהייט אָנצוגרייפען די זשיראָנדיסטען און צו צושמעטערן זיי. צו דיזען צוועק האָבען זיי געמאַכט, דאָס עס זאָל אַרויפגעבראַכט ווערען אויף די טאַגעס־אָרדנונג די ענטשיידונג איבער דעם שיקזאָל פון קעניג. די הויפּט־טענה זייערע איז געוועזן, דאָס אַ קעניג, וואָס איז אַראָפּגעזעצט געוואָרען פון טראָן, איז פיר אַ דעמאָקראַטישע רעגירונג זעהר געפעהרליך, און דעריבער דאַרף איין מאָל פיר אַלע מאָל געלעזט ווערען, וואָס עס איז יעצט צו טאָן.

צווישען די פאָלקס־מאַסען האָט זיך שוין לאַנג געהערט אַ שטימע, אַז דער קעניג מוז פעראורטיילט ווערען. אַלע ראַדיקאַלע קלובס האָבען איהם ניט אויפגעהערט צו שימפען. דערצו האָט מען נאָך דעם 10טען אויגוסט געפונען אַקטען, וועלכע האָבען בעוויזען קלאָר, דאָס דער קעניג האָט געטאָן פערשיידענע זאַכען און האָט געמאַכט אַלערליי אינטריגעס אום צו פערניכטען די קאָנסטיטוציאָן. דיזע ענטדעקונג האָט ערוועקט אין פאָלק געגען איהם נאָך מעהר ערביטערונג. שוין דעם 6טען נאָוועמבער האָט וואַלאַזע, אַ דעפּוטאַט פון די זשיראָנדיסטען, געמאַכט אַן אָנגריף אויף'ן קעניג. אָבער די זשיראָנדיסטען האָבען אימער געטאָן נאָר אַ האַלבע זאַך: זיי האָבען געוואָלט האַלטען דעם קעניג צווישען טראָן און עשאַפאָט. זיי האָבען געוואָלט משפּט'ן דעם קעניג, זיי זיינען אָבער פערציטערט געוואָרען ווען זיי האָבען געהערט, דאָס די באַרג־פּאַרטיי וויל זיין טויט. די יאַקאָ-

בינער האָבען אין געגענטייל קלאָר און אָפען געזאָגט וואָס זיי ווילען. זיי האָבען ניט געלייקענט, דאָס די פעראורטיילונג פון דעם קעניג צום טויט איז ניט געזעצליך, זי איז געגען דער פערפאסונג, און דאָך האָבען זיי עס געפאָדערט. דעם 5טען דעצעמבער האָט ראָבעספּיערר פריי געזאָגט: „די פערזאמלונג איז אראָפּ פון וועג; זי פערהאנדעלט גאָרניט די ריכטיגע פראגע; די פערזאמלונג האָט גאָרניט פאר זיך צו פיהרען א פּראָצעס. לודוויג איז ניט קיין אָנגעקלאָגטער און איהר זייט ניט זיינע ריכטער. איהר זייט נאָר שטאאטסמענער און פערטרעטער פון פאָלק. איהר דארפט ניט ארויסגעבען אייער פּסק־דין פיר אָדער געגען א מענשען, נאָר איהר מוזט טאָן א זאַך אום צו פערהיטען דאָס פאָלק פון א געפאהר, וואָס עס שטעהט איהם פאָר: לודוויג מוז שטארבען אום די רעפּובליק זאָל בלייבען לעבען!"

ווען די זשיראָנדיסטען האָבען דערהערט דיזע ווערטער האָבען זיי זיך זעהר דערשראָקען. זיי האָבען געזעהען, דאָס די הינריכטונג פון קעניג וועט זיי פערניכטען. זיי האָבען דאן גענומען געהן ריקווערטס, אָבער די בארג־פּארטיי איז געווען פיעל שטארקער פון זיי. זיי זיינען ניט געווען אין שטאנד צו צוברעכען די יאקאָבינער.

אין אָבענד פון 10טען דעצעמבער האָט דער דעפּוטאט לינדעט געמאכט אַן אָנקלאגע געגען לודוויג קאפּעט (אזוי האָט מען שוין גערופען דעם קעניג זינט א לענגערער צייט, ווייל קאפּעט איז געווען זיין פאמיליע־נאָמען), און דעם 11טען איז דער מאָנארך ערשינען פאר דעם קאָנווענט צו הערען די קלאגע און פערטיידיגען זיך. ווען לודוויג איז אריינגעקומען אין זאל פון דער פערזאמלונג, האָט דער פּרעזידענט פון דער פערזאמלונג, באררערע, געזאָגט צו איהם: „לודוויג, דאָס פראנצויזישע פאָלק קלאָגט אייך אָן, הערט די בעווייזען און די פאקטען. איהר קענט זיך זעצען". מען האָט איהם פאָרגעלעזען דעם בעשולדיגונגס־אקט, און דער קעניג איז אויפגעפאָדערט געוואָרען צו ענטפערן אויף יעדען פּונקט בעזונדער. ער האָט עס געטאָן מיט גרויס רוהיגקייט און ווירדע; אָבער ער האָט באלד בעגאנגען א נארישקייט — ער האָט אָפּגעלייקענט זיינע אייגענהענטיגע בריף. דערמיט האָט ער שטארק ערביטערט געגען זיך דעם קאָנווענט, וועלכער האָט איהם פון יעצט אָן אָפּגעשיידט פון זיין פאמיליע.

דעם 26טען דעצעמבער איז דער קעניג ווידער ערשינען פאר דעם קאָנווענט מיט זיינע אדוואָקאטען. די פערטיידיגער אדוואָקאטען זיינען געווען: דער גרייז־גרויער טראָנשעט, מאלעזהערבעס און דער יונגער מאַן דעזעזעס. די רעדע פון דיזען לעצטען איז געווען זעהר

ניט קיין געלונגענע. ווען מען זאָל זי בעטראַכטען פון יוריסטישען שטאַנד-פּונקט איז זי געווען זעהר מייסטערהאַפט, אָבער זי האָט אויף'ן קאָנווענט ניט געהאַט קיין ווירקונג צוליב איהר קאַלטקייט און טרוקענקייט. זעהר זעלטען האָט זיך דער רעדנער אַ ביסעל בעגייסטערט און גערעדט שאַרף און וואַרם. ער האָט ניט בערעכענט, דאָס היר האָט ער בעדאַרפט ווירקען אויף די פּאָליטישע גייסטער פון דער פערזאַמלונג. דער איינדרוק איז גע-ווען זעהר שוואַך.

מען האָט דעם קעניג אַוועקגעפיהרט צוריק אין טעמפּעל. יעצט האָ-בען זיך אָנגעהויבען די פערהאַנדלונגען אויף דאָס ניי. די זשיראָנדיסטען זיינען אין דיזע פערהאַנדלונגען געווען זעהר שוואַך. זיי האָבען מורא גע-



דער פערהער פון לודוויג דעם 16טען.

האַט פאַר אַ טויט-אורטייל און האָבען אויך ניט געקענט שטימען פיר בע-פרייאונג; האָבען זיי אויפגעגעבען אַ פּלאַן, אַז מען זאָל די זאַך איבערגע-בען צום פאָלק און דאָס פאָלק זאָל בעשליסען וואָס צו טאָן און ווי צו האַנדלען. אָבער דיזער פּלאַן איז צושטערט געוואָרען פון דער באַרג-פּאַר-טיי. גאַנץ פּאַריז איז געקומען אין אַ העפטיגע בעוועגונג. איבעראַל זיי-נען פאָרגעקומען לאַרמדיגע דעמאָנסטראַציאָנען. די טריבונען זיינען גע-ווען בעלאַגערט מיט אַ געדיכטער פאָלקס-מאַסע. די שרעקענס-הערשאַפט האָט זיך ווידער אָנגעהויבען. איינינע דעפּוטאַטען, וואָס זיינען געווען ניט זעהר בעליבט ביים פאָלק, זיינען שטאַרק בעליידיגט געוואָרען. די גע-

ריכטס־הייזער פון די רעוואָלוציאָנערען האָבען ווידער אָנגעפאַנגען זייער שרעקליכע טעטיגקייט, מען האָט ווידער אָנגעפאַנגען צו זוכען אין די הייזער, און עס האָט זיך פאָרויסגעזעהען אַ נייע שחיטה.

דעם 14טען יאַנואַר האָט זיך אָנגעפאַנגען די לעצטע בעראַטונג, וועלכע האָט געמוזט לעזען דיזע הארבע אונגליקליכע פראַגע, וועלכע איז בעשטאַנען פון דריי פונקטען:

1) איז לודוויג שולדיג אין אַ פערשווערונג געגען די פרייהייט פון דער נאַציאָן און אין אַן אָנגריף אויף די זיכערהייט פון שטאַאט?

2) זאָל דער אורטייל, ווי ער וועט זיין, אונטערוואָרפען ווערען אונטער דער שטימונג און בעשטעטיגונג פון פאָלק?

3) וואָס זאָל זיין די שטראָף?

אין דעם 1טען פונקט זיינען אַלע דעפּוטאַטען פון קאָנווענט געווען איינשטימיג. אַלע האָבען איהם ערקלערט שולדיג. איבער דעם 2טען פונקט זיינען די מיינונגען געווען פערשיידען. פון 720 מיטגלידער פון קאָנווענט האָבען 423 געשטימט מיט „ניין", 281 מיט „יע", 11 האָבען געשטעלט בעדינגונגען און 5 האָבען גאָר ניט געשטימט. דער פּלאַן פון די זשיראָנדיסטען איז דורכגעפאַלען. די אָפּשטימונג וועגען דער שטראָף איז געווען אַ שטירמישע. ביים אריינגאַנג אין זיץ־זאַל פון קאָנווענט האָבען גרויסע פאָלקסמאַסען בעגעגענט די דעפּוטאַטען און האָבען אויס־געדריקט זייער צאָרן און האַס געגען די, וואָס מען האָט געהאַט אויף זיי אַ חשד, דאָס זיי געהערען צו דער קעניגליכער פּאַרטיי. מען האָט אָנגעפאַנ־גען אויסצורופען די נעמען פון די דעפּוטאַטען פון קאָנווענט אום זיי זאָלען געבען זייערע שטימען וועגען דיזער פראַגע. 24 שטונדען האָט געדויערט די אויסרופונג פון די נעמען. די אָפּשטימונג איז געווען אָפען. יעדער דע־פּוטאַט האָט געמוזט ערקלערען זיין שטימע מיט איינ'גע ווערטער. עס איז געווען אונמעגליך צו האַלטען די מאַסען אין אָרדנונג. דאָס שרייען און די אַפּלאָדיסמענטען פון די מאַסען ביי יעדער שטימע איז געווען אונ־מעגליך איבערצוטראָגען. די גלאָק פון פרעזידענט איז צובראָכען געוואָרען פון צופיעל אַרבייטען מיט איהר. דער רעזולטאַט איז געווען—טויט־אורטייל. די אַבסאָלוטע מעהרהייט, 561 שטימען, פיר טויט גלייך, 46 פיר הינריכ־טונג, אָבער מיט אַ צייט שפּעטער; 286 פיר געפענגניס אָדער פערשיקונג, 2 פיר גאַלעערען־שטראָף (קאַטאָרגע) און 26 פיר טויט־שטראָף, אָבער פרי־הער זאָל מען בעהאַנדלען די פראַגע וועגען אָפּלעגען אויף שפּעטער.

די פערטיידיגער האָבען מיטגעטיילט דעם קעניג דעם אורטייל. ער האָט מיט זעלטענער רוהיגקייט געהערט די שרעקליכע נאַכריכט, אויף וועלכע ער האָט זיך שוין פריהער גערוכט. מאַלעזהערבעס האָט זיך מיט הייסע טרערען געוואָרפען צום קעניג'ס פיס. דער קעניג האָט איהם אויפגעהויבען און האָט איהם אַרומגעאַרמט. מאַלעזהערבעס האָט איהם געזאָגט, דאָס עס איז נאָך דאָ אַ שטיקעל האָפנונג צו רעטען איהם, ווייל פיעלע האָבען געשוואָרען אַרויסצורייסען איהם מיט גוואַלד פון די הענט פון די תלינים. „דאַנקט זיי פיר זייער טרייהייט צו מיר", האָט דער קעניג געזאָגט, „אָבער זאָגט זיי, דאָס איך וועל זיי קיינמאָל ניט פערצייהען, ווען זאַגאַר איין טראָפּען בלוט וועט צוליב מיר פערגאָסען ווערען".



די הינריכטונג פון לודוויג דעם 16טען.

דער קעניג האָט ערהאַלטען די ערלויבניס צו פערברייננגען די לעצטע מינוטען פון זיין לעבען מיט זיין פאַמיליע, און צו פערברייננגען אייניגע מינוטען מיט אַ פּריסטער. די סצענע פון זיין אָפּשייד פון זיין פאַמיליע איז געווען אַ זעהר הערץ־רייסענדע. ער איז צוריקגעבראַכט געוואָרען אין טעמפּעל. מען האָט אָנגענומען די גרעסטע פאָרזיכטס־מיטלען. איבער 60,000 בעוואָפענטע סאָלדאַטען זיינען צושטעלט געוואָרען אויף פערשיידענע פּלעצער, גאַסען און בריקען. מיט פעסטע טריט האָט לודוויג בע-

שטיגען דעם עשאפאט. ער האט זיך געווענדט צום פובליקום מיט א הויכער קלארער שטימע: „איך בין ניט שולדיג אין קיין פערברעכען, אין וועלכען מען בעשולדיגט מיר, איך פערצייהע מיינע שונאים און בעט גאט, דאס פיר מיין בלוט זאל פראנקרייך ניט בעשטראפט ווערען...” דאן האט סאנטערר אויסגעשריען מיט גרוים כעס: „איך האב אייך אהער גערופען ניט צו האלטען רעדעס, נאר צו שטארבען!” די טרומייטען האבען פערהילכט די לופט און קיינער האט מעהר ניט געהערט וואס דער קעניג האט נאך עטוואס גערעדט. די הענקערס האבען איהם באלד ארויפגעצויגען אויפ'ן בלאק און דער קאפ איז באלד ארונטערגעפאלען. די מענגע האט דאמאלס אויסגעשריען: „לעבען זאל די רעפובליק!” פיעלע האבען איינגעטונקט זייערע טאשען-טיכער אין דעם בלוט אלס צייכען, דאס די טיראניי איז געשטירצט (21טען יאנואר 1793).

די יאקאבינער און די בארג-פארטיי האבען טריאומפירט. די זשירנאדיסטען האבען יעצט געקעמפט אהן שום ערפאלג מיט זייערע פיינד, מיט די מענער פון בארג. ווער עס איז ניט געגאנגען אויפ'ן וועג פון דער דעמאקראטיע האט געמוזט דעם וועג אפטרעטען, אדער ער האט געמוזט אונטערגעהן. לודוויג'ס טויט האט פערשטארקט די שנאה צווישען די פארטייען ביז דעם העכסטען גראד, און האט אויך פערמעהרט אין אויסלאנד די שונאים פון דער רעוואלוציאן. גאנץ אייראפא איז יעצט געווען געגען די רעפובליקאנער. די בארג-פארטיי, וועלכע האט געזיגט דורך טערראר (שרעקענס-הערשאפט), האט געגלויבט אויך יעצט אויפצוהאלטען זייער מאכט דורך טעררער. זיי האבען געטריבען די זאך ביז אויף דאס אויסערסטע. די פיינד פון דער רעוואלוציאן האבען זיי געהאלטען אין מורא, און דאס פאלק האבען זיי בעגייסטערט מיט די אידעאלען פון פרייהייט, גלייכהייט און ברידערליכקייט. עס איז געווען דאנטאן'ס פלאן צו טאן אזוי אין דיזען קריטישען מאמענט, און דאס איז ווירקליך געווען דער איינציגער קלוגער פלאן פיר יענע צייט.

ווען די אייראפעאישע מעכטען האבען דערהערט וועגען לודוויג'ס טויט, האבען זיי זיך גלייך פעראייניגט געגען פראנקרייך. אויך ענגלאנד האט זיך אנגעשלאסען צו פראנקרייך'ס שונאים. צו דיזען פערבאנד זיינען באלד צוגעשטאנען אויך שפאניען, פארטוגאל, רוים און נעאפעל.

דער שטרייט צווישען פראנקרייך און די אייראפעאישע מעכטען האט זיך איינגענטליך שוין אנגעהויבען פריהער, ווי מיר האבען עס שוין פריהער דערצעהלט. דעם ערסטען שטרייט, וואס די פראנצויזען האבען געפיהרט

געגען בעלגיען אונטער דער קאָמאַנדע פון גענעראַל דיומוריעז, האָבען זיי געוואונען. דיזער שטרייט איז פאָרגעקומען דעם 6טען נאָוועמבער 1792 ביי זשעמאַפּפּעס. דאָס איז געווען דער ערסטער זיג, וואָס די רעוואָלוציאָנס-אַרמעע האָט געוואונען אין פרייען פעלד. דיזער זיג איז בעזונדערס ווערט צו בעוואונדערן, ווייל די סאָלדאַטען האָבען ניט געהאַט ניט קיין געלט און ניט קיין ברויט. נאָך דעם, ווי דיומוריעז האָט בעזיגט בעלגיען, האָט ער זיך אריינגעריסען אין האָללאַנד אום דאָ זיך פעסטצוזעצען. אָבער דאָ האָבען די פראַנצויזען געהאַט אַ שרעקליכע נידערלאַגע ביי נעערווינדען (18טען מערץ 1793).

די פאָלגען פון דיזער נידערלאַגע זיינען געווען אונערוואַרטעט. דיומוריעז האָט געגלויבט, דאָס דער קאָנווענט וועט איהם ניט פערצייהען דעם גרויסען פערלוסט, וואָס ער האָט געהאַט, און אין פערצווייפלונג האָט ער בעשלאָסען צו ווערען אַ פעררעטער. ער האָט אויפגעפאָדערט זיינע טרופּען, אַז זיי זאָלען צוריק אויפשטעלען די מאָנאַרכיע אין פראַנקרייך, אָבער די סאָלדאַטען האָבען איהם ניט געוואָלט פאָלגען. ער האָט זיך געמוזט רעטען און איז ענטלאָפען אין אויסלאַנד. דער קאָנווענט האָט איהם בערויבט פון אַלע זיינע רעכטען, זיינע גיטער זיינען קאָנפיסקירט געוואָרען, און מען האָט פערשפּראָכען צו געבען 300,000 פראַנק צו דעם יעניגען, וואָס וועט ברייננגען זיין קאָפּ. ער האָט זיך געוואַלגערט אין פערשיידענע לענדער און איז געשטאָרבען אין 30 יאָהר אַרום אין לאָנדאָן, פערגעסען פון דער גאַנ-צער וועלט.

די ערפאָלגען, וואָס די רעוואָלוציאָנס-אַרמעע האָט געהאַט אין אָנ-פאַנג, זיינען פערלאָרען געגאַנגען. עס האָט אויסגעוויזען, דאָס פראַנקרייך וועט בעזיגט ווערען פון די אייראָפּעאישע פערבינדעטע מעכטען.

די געפאַהר פון אויסלאַנד האָט געטריבען די פראַנצויזען אָנצונעהמען ענערגישע מיטלען. די, וואָס זיינען געשטאַנען אָן דער שפּיץ פון דער רע-וואָלוציאָן, האָבען געפונען פיר נעטיג צו לאָזען בלוטען נאָך אַ מאָל די קע-ניגליכע אָנהענגער. פריהער האָבען געמוזט בעזייטיגט ווערען די זשיראָנ-דיסטען. די יאַקאָבינער האָבען זיי שוין פריהער אָנגעקלאָגט אין הויף-פעררא‏ַט, ווען זיי האָבען אַרויסגעצייגט זייער מיינונג וועגען דער הינריכ-טונג פון קעניג. אָבער זיי האָבען אין קאָנווענט געהאַט די מעהרהייט, דע-ריבער איז דיזע בעשולדיגונג פיר זיי ניט געווען געפעהרליך. אָבער נאָך אַלעם דעם זיינען זיי ניט געווען אין שטאַנד צו שטעלען זיך אָן דער שפּיץ פון דער רעגירונג, ווייל זיי האָבען נאָר געקענט מאַכען קלאַגען געגען זיי-

ערע געגנער, אבער זיי זיינען ניט געווען אין שטאנד צו שאפען א מיטעל, וואס זאל זיי געבען מאכט איבער אנדערע מיטגלידער. זייער איינציגע ווירקליך וויכטיגע טאט איז געווען דער פלאן פון דער פערפאסונג.

דער קאמף צווישען די זשיראנדיסטען און דער בארג־פארטיי איז ניט געווען נאר א פאליטישער, ער איז אויך געווארען א סאציאלער. דער קריג צווישען די צוויי פארטייען איז געווען דער קריג צווישען די פראלעטאריער און די רייכע. דער נייער כאראקטער פון דעם קאמף איז געווארען אלע מאל מעהר און מעהר דייטליך. דער קאמף איז איבערהויפט געווארען דייטליך אין אנפאנג פון יאהר 1793. נאך דעם, ווי עס איז געלונגען די ארבייטער אריינצוכאפען אין זייערע הענט די פאליטישע מאכט, האבען זיי אנגעהויבען צו שמידען פלענער צו רעפארמירען אויף די סאציאלע ארדנונג פון דער געזעלשאפט, ווי עס איז פיר זיי בעסער.

אלע דעמאקראטישע זשורנאלען זיינען געווען פול מיט ארטיקלען, אין וועלכע מען האט אנגעהויבען צו בעפאלען שטארק דאס בירגערטום, וועלכעס מען האט אנגעהויבען צו בעטראכטען אלס א נייע דעספאטישע אריסטאקראטיע. מען האט אנגעהויבען פארשלאגען, אז מען זאל צווינגען די רייכע צו מאכען אנלייהען און אליין צאהלען די קריג־שטייערן. מען האט שוין זאגאר פראקלאמירט „גלייכהייט פון פערמעגען". די „כראניק פון פאריז" האט געשריבען אין אן ארטיקעל פאלגענדע ווערטער: „מען קען די גלייכהייט פון פערמעגען ניט דערגרייכען דורך געוואלט, מען מוז זי דערגרייכען דורך געזעץ. צו דיזען צוועק מוז מען מאכען פיר א פליכט דיזע 2 פונקטען: 1) צו בעווירקען די מעגליכע גלייכמעסיגע טיילונג פון פערמעגען; 2) צו שאפען געזעצען אום אויפצוהאלטען דיזע גלייכהייט אויף שטענדיג, און צו פערהיטען צוקינפטיגע אונגלייכהייט. דער געזעצגעבער וועט מוזען שאפען געזעצען, וועלכע זאלען גענוי בעשטימען די סומע פון רייכטום, וואס איז ערלויבט יעדען איינצעלנעם בירגער צו בעזיצען; אדער מען זאל מאכען געזעצען, דאס ווען איינער האט מעהר ווי פיעל ער קען געברויכען זאל עס איבערגעהן און געהערען צו דער געזעלשאפט פיר דעם געברויך פון די, וואס נעטיגען זיך אין דעם".

באלד אבער האט די אידעע פון גלייכהייט אין אייגענטום אנגענומען א געפעהרליכען כאראקטער. דעם 25טען פעברואר 1793 האט מאראט גערעטען: מען זאל בערויבען די קראמען און אויפהענגען די פראצענטניקעס. עס זיינען בערויבט געווארען איבער 1,200 קראמען. דעם 9טען מערץ איז דער קאנווענט געוועזן געצוואונגען מבטל צו זיין אלע חובות, וואס די פרא-

לעטאַריער זיינען שולדיג צו די רייכע, און צו בעלאַסטען די רייכע מיט א קריג־שטייער.

אין מיטען פון דיזען סאָציאַלען קאַמף האָט אויך אויסגעבראָכען דער קאַמף צווישען די יאַקאָבינער און די זשיראָנדיסטען. וועהרענד דיזע לעצטע האָבען זיך בעשעפטיגט מיט פּאָליטישע קלייניגקייטען, האָט דאַנטאָן פערלאַנגט פון קאָנווענט צו שאַפען א דיקטאַטור אום צוזאַמענצופאַסען די נאַציאָנאַלע קראַפט געגען די פערבינדעטע מעכטען פון אויסלאַנד. צוזאַמען מיט דיזער דיקטאַטור זאָל ערנאַנט ווערען א רעוואָלוציאָנס־געריכט, מיט דער בעשטימונג, אַז דיזעם געריכט זאָל זיין אונאָפּהענגיג פון קאָנוועגט און פריי פון אַלע געזעצליכע פאָרמעס, אָהן געשוואָרענע, אָהן פאָדערונגען פון פאַקטישע בעוויזען, נאָר לויט דער מיינונג פון די ריכטער, וועלכע זאָלען האָבען דאָס רעכט צו אורטיילען איבער דאָס לעבען און טויט פון פּאָליטישע פערברעכער.

דעם 10טען מערץ זיינען דיזע בעשלוסען דורכגעגאַנגען. די זשיראָנדיסטען, וועלכע זיינען געווען געגען דיזער פולמאַכט, ווייל דאָס האָט זיי אין גאַנצען פערניכטעט, האָבען געהאַסט דאַנטאָן'ען נאָך מעהר ווי אימער. דאָס איז געווען דער האַס פון א בירגער געגען א פּראָלעטאַריער. באַלד איז דער האַס אַרויס אָפען. מען האָט געשיקט דאַנטאָן'ען נאָך בעלגיען, און ווען מען האָט ערהאַלטען אין פּאַריז די נאַכריכט, דאָס דיומוריעז איז געוואָרען א פעררעטער, האָט מען אויך געגען דאַנטאָן'ען געמאַכט בעשולדיגונגען, אַז ער איז א פעררעטער.

ווען דאַנטאָן האָט זיך דערוואוסט וועגען דיזער בעשולדיגונג איז ער ווי א ווילדער טיגער אַרויף אויף די טריבונע און האָט אָנגעהויבען צו שטורמען געגען די זשיראָנדיסטען מיט פאָלגענדע ווערטער: „די זעלבע לייט, וואָס האָבען געוואָלט, דאָס דער טיראַן זאָל זיך רעטען פון שווערד פון געזעץ, די זעלבע לייט האָבען היינט די אונפערשעמטהייט אויפצוטרעטען געגען מיר אַלס מיינע אָנקלעגער". דער קורצער פרידען צווישען איהם און די זשיראָנדיסטען איז צושטערט געוואָרען. די נעכסטע וואָכען האָבען געבראַכט דעם קאַמף צווישען דער באַרג־פּאַרטיי און די זשיראָנדיסטען צו אַן ענטשיידונג. דער קאַמף צווישען דער באַרג־פּאַרטיי און די זשיראָנדיסטען איז געווען דער אָפענער פויסט־קאַמף צווישען די בירגער און פּראָלעטאַריער.

די מענער פון דער באַרג־פּאַרטיי זיינען אַרויס מיט שאַרפע ווערטער געגען דער בירגערליכער הערשאַפט. מען האָט אָנגענומען פערשיידענע

מאסרעגלען, וועלכע האבען טיף איינגעשניטען אין די אינטערעסען פון דער בורזשואזיע און האבען בעשיצט די אינטערעסען פון די בעזיצלאזע. אויף דעם פארשלאג פון דער קאמונע איז אין די טעג פון 19טען ביז דעם 24טען מערץ בעשלאסען געווארען צו גרינדען א נייע אונטערשטיצונגס־ארגאניזאציאן פון שטאאט, וועלכע זאל בעזארגען ארבייטסלאזע ארבייטער מיט ארבייט, זאל גרינדען האספיטעלער פיר ארימע קראנקע און א היים פיר אלטע און שוואכע, וויזען־הייזער (בתי יתומים) פיר הילפלאזע יתומים, און אויסער דעם פערשאפען אונטערשטיצונג אין נויט אין פעלען, וואס מען קען ניט פארויסזעהן. די געמיינדע־לענדערייען זאלען אין גאנצען איבערגעגעבען ווערען צוריק צו די געמיינדעס. דערביי אבער האט מען געמאכט א פעהלער מיט דעם, וואס מען האט ניט קאנצענטרירט די געמיינדע־ערד, אום די ארבייט אויף די פעלדער זאל געטאן ווערען דורך אלעמען פיר אלעמען, נאר מען האט זי צוברעקעלט אויף קליינע שטיקלאך, און מען האט זי צוטיילט צווישען די ארימע, וועלכע האבען א זעהר קליינע איינקונפט — ניט מעהר פון 100 פראנק.

אין קאנווענט האט מען שוין שטארק אנגעהויבען צו פערהאנדלען קאמוניסטישע געזעצען. דעם 21טען אפריל האט ראבעספיערר פארגעלעזען זיין ערקלערונג וועגען מענשען־רעכטען. אייגענטום האט ער ערקלערט אלס דאס רעכט פון יעדען בירגער צו בענוצען זיך מיט דעם דאזיגען טייל פון די גיטער פון לאנד, וועלכע דאס געזעץ האט איהם גאראנטירט. דאס געזעץ האט דאס רעכט אריינצומישען זיך און אנגרייפען דאס בירגערליכע אייגענטום. ראבעספיערר האט ווייטער ערקלערט, אז דאס אייגענטום טאר ניט שטערען און שאדען די זיכערהייט, פרייהייט, עקסיסטענץ און אייגענטום פון אן אנדערען. דיזער פרינציפ האט געמאכט ציטערן אלע פערטיידיגער פון בירגערליכען אייגענטום, ווייל מיט דיזען פרינציפ וועט מען קענען מיט'ן געזעץ אפנעהמען דאס אייגענטום פון איין בירגער און איבערגעבען עס צו אנדערע בעזיצלאזע ארימע. ענדליך האט ער פארגעשלאגען גרונדזעצען וועגען רעכטען אויף ארבייט און אונטערשטיצונג.

„די געזעלשאפט", האט ער געזאגט, „איז מחויב צו זארגען וועגען דעם אונטערהאלט פון אלע איהרע מיטגלידער. די, וואס קענען און זיינען אין שטאנד צו ארבייטען, מוז די געזעלשאפט פערזארגען מיט ארבייט, און די, וואס קענען ניט, זאל זי פערזארגען מיט אלע בעדערפניסען, וואס דאס לעבען פאדערט. דער רייכער איז מחויב צו אונטערשטיצען דעם ארימען; און דאס געזעץ מוז בעשטימען די ארט און וויזע, ווי דאס זאל געטאן ווע-

רען". דיזע ערקלערונג פון ראָבעספיערר וועגען מענשען-רעכטען איז איינ-שטימיג אָנגענומען געוואָרען פון אַלע יאַקאָבינער. מאַראַט האָט באַלד גע-מאַכט אַ פאָרשלאַג, אַז מען זאָל צונעהמען פון די רייכע זייער אייגענטום און פערטיילען עס צווישען די אָרימע. דאַנטאָן האָט פערלאַנגט, דאָס דער קאָנוועגט זאָל צווינגען די רייכע צו לייהען דער רעגירונג גרויסע סומעס געלט, פיר וועלכע מען זאָל אָרגאַניזירען און אויפהאַלטען צוויי גרויסע אר-מעען פון די פּראָלעטאַריער, אום דאָס לאַנד זאָל זיין אין שטאַנד צו בע-שיצען זיך געגען די אויסלענדישע פיינד.

אזוי זיינען געמאַכט געוואָרען אין קאָנוועגט פערשיידענע אָנגריפען אויף די בירגערליכע געזעלשאַפט. צום ערסטען מאָל אין דער געשיכטע



ראָבעספיערר.

האָבען די לוין-ארבייטער אָנגעפאַנגען צו פאָדערן זייערע רעכטען אין פּאַר-לאַמענט. עס זיינען אַפילו ארוים געגען זיי טיכטיגע רעדנער. דער גלענ-צענדער רעדנער ווערניאָד האָט שטאַרק פּראָטעסטירט געגען די יעניגע, וואָס ווילען איינפיהרען אין פראַנקרייך די ארט און פאָרמע פון די אַלטע רע-פּובליקען. דעם 8טען מאי 1793 האָט ער געזאָגט: „רוססאָ, מאָנטעסקיע און אַלע מענער, וואָס האָבען געשריבען איבער די רעגירונגס-פאָרמעס, זאָ-גען אונז, דאָס די גלייכהייט פון דער דעמאָקראַטיע ענדיגט זיך דאָרט, וואו דער לוקסוס פאַנגט זיך אָן, ד. ה. וואו לוקסוס עקסיסטירט קען ניט זיין קיין גלייכהייט, ווייל די רעפּובליקען קענען זיך נאָר האַלטען ווען דאָס

פאָלק איז ערצויגען מאָראַליש, אָבער דורך רייכטום ווערט די מאָראַל און די טוגענד פערדאָרבען".

„גלויבט איהר, דאָס די אָרדנונג פון די אַלטע גריכישע רעפּובליקען, וועלען קענען זיין צוגעפּאַסט אָהן אַ שום ענדערונג צו פראַנקרייך? ווילט איהר מאַכען פון פראַנקרייך אַן אָרימע קריגערישע רעפּובליק ווי ספּאַרטאַ איז אַמאָל געווען?"

„אויב איהר ווילט דיזעס, טוט דאָס זעלבע, וואָס ליקורג האָט געטאָן. צוטיילט דאָס לאַנד גלייך צווישען אַלע בירגער. וואַרפט אַרויס פון גע-ברויך גאָלד און זילבער, פערברענט אַלע אַסיגנאַציעס און אַנדערע ווערט-פּאַפּירען, פערניכטעט דעם לוקסוס און בעשטימט אַלס די הויפּט-בעשעפ-טיגונג פון פאָלק — קאַמף און קריג. פערניכטעט די אינדוסטריע, פער-ניכטעט יעדע האַנט-אַרבייט און אויך דעם אַקערבוי, בעפרייט די אַלע יעניגע, וועלכע איהר גיט דעם טיטעל בירגער, פון אַלע אָפּצאָהלונגען און שטייער, און זאָלען אַנדערע, וואָס זיינען נאָך אייער מיינונג און אייערע געזעצען ניט ווערט צו טראָגען דעם טיטעל בירגער, צאָהלען פיר אייך אַלע שטייערן און טראָגען אויף זייערע שולטערן די לאַסט פון די נעטיגע אויס-גאַבען פיר דאָס לאַנד. זאָלען פרעמדע פיהרען אייער האַנדעל, זאָלען הע-לאָטען (שקלאַפען ביי די גריכען) בעאַרבייטען אייערע פעלדער, און מאַכט אייער עקסיסטענץ פאָלשטענדיג אָפּהענגיג פון שקלאַפען".

„ספּאַרטאַ האָט קלאָר בעוויזען, דאָס די גלייכהייט צווישען די ביר-גער האָט אַרויסגערופען אונגלייכהייט צווישען מענשען; דאָס די געזעצען, וועלכע האָבען איינינגע הונדערט יאָהר פערשאַפט די ספּאַרטאַנער גלייכע פרייהייט, האָבען אין דער זעלבער צייט אונטערדריקט די אַלע אַנדערע שטעדט אין לאַקאָניען און האָבען פערשקלאַפט די העלאָטען. עס איז קיין צווייפעל ניט, דאָס ליקורג זעלבסט, וועלכער האָט בעשאַפען די אָרדנונג פיר אַ קליינע צאָהל בירגער פון ספּאַרטאַ, וועלכע איז קיינמאָל ניט געווען העכער פון 10,000 מאַן, וואָלט גערעכענט פיר אַ גרויסען אונזין צופּאַסען די זעלבע איינריכטונג צו אַ רעפּובליק מיט 24,000,000 מענשען, ווי פראַנק-רייך איז יעצט. עס איז קיין צווייפעל ניט, דאָס נאָר דער פערזוך איינצו-פיהרען אַזאַ מין גלייכהייט וועט ערוועקען אַ שרעקליכען בירגער-קריג, וועל-כער וועט זיך טיף איינשניידען אין אַלע טיילען פון דער רעפּובליק, און אַלע אונזערע פערטיידיגונגס-מיטלען וועלען זיך אין אַ קורצער צייט אויס-שעפּען, דאָס נאָר דער טויט, וואָס פערגלייכט פון אייביג אַן אַלעס, וועט ענדליך אויך אויסגלייכען די פערשיידענע שטופען פון דער געזעלשאַפט".

אָבער דיזע ווערטער, וועלכע ענטהאַלטען אין זיך אַ שטיק וואהרהייט, האָבען ניט געהאַט קיין ווירקונג. די טעאָריען פון ראָבעספּיערר, די סיס־טעמען פון סאַן זשוסט און די אַגיטאַציאָנס־רעדען פון מאַראַט האָבען אי־בערגעוואויגען אַלעס. זשוסט האָט געגרינדעט זיין סיסטעם אויף דעם פּרינציפּ און אידעאַל פון פּלאַטאָן וועגען גלייכהייט. ער האָט פּאָרגעשלאָגען צו צוטיילען דאָס לאַנד, אַזוי דאָס יעדער איינער זאָל האָבען אַ געוויסען טייל ערד אַלס אייגענטום, און ער האָט אויסער דעם פערלאַנגט, אַז מען זאָל צוטיילען די נאַציאָנאַל־גיטער צווישען אָרימע. ער האָט אָנערקענט דעם פּרינציפּ פון ירושה, נאָר אין גלייכער ליניע, ד. ה. פון עלטערן צו קינ־דער, אָבער ניט צו זייטיגע קרובים. די שפּאַלטונג צווישען די אַרבייטער און די בירגער איז געוואָרען ברייטער און טיפער. עס איז גאָרניט צו דענ־קען וועגען געפינען אַ מיטעל זיי אויסצוגלייכען. איין פּאַרטיי האָט געמוזט בעזיגט ווערען, און דיזע פּאַרטיי האָבען געמוזט זיין די זשיראָנדיסטען, ווייל דיזע פּאַרטיי האָט פערלאָרען אין פּאָלק דעם פעסטען באָדען, וועה־רענד די באַרג־פּאַרטיי האָט געהאַט אויף איהר זייט די צאָהלרייכע אַר־בייטער־קלאַס.

עס איז געווען אונמעגליך צו ערוואַרטען צווישען דיביידע פּאַרטייען אַ וואַפען־שטילשטאַנד. דעם 10טען אַפּריל האָט ראָבעספּיערר אויפגעהוי־בען אַ קלאַגע געגען די זשיראָנדיסטען. ער האָט זיי בעשולדיגט, דאָס זיי זיינען ראָיאַליסטען און האָבען פערבינדונגען מיט דעם פעררעטער פון פּאָ־טערלאַנד, דיומוריעז, און מיט אַלע אַנדערע פיינד פון פראַנקרייך. אָבער די זשיראָנדיסטען האָבען דיזע בעשולדיגונג צוריקגעוויזען. זיי האָבען אָבער בעשלאָסען זיך נוקם צו זיין אָן דער באַרג־פּאַרטיי. זיי האָבען פער־האַפטעט מאַראַט'ן, ווייל ער האָט אָנגערעדט די בירגער אַרויסצוגעהען מיט וואַפען געגען דעם קאָנווענט. עס האָט אויסגעוויזען, דאָס די זשיראָנדיס־טען האָבען געזיגט. אָבער דער סוף איז געווען אַנדערש. דיזער זיג האָט געפיהרט צו זייער מפּלה. דאָס רעוואָלוציאָנס־געריכט האָט מאַראַט'ן פריי־געשפּראָכען פון דער בעשולדיגונג. די מאַסען, וואָס זיינען געשטאַנען דרויסען פון געריכט, האָבען איהם בעשאָטען מיט בלומען, ווען ער איז אַרויס פריי פון געריכטס־הויז, און האָבען איהם געטראָגען אויף די הענט איבער די גאַסען ביז זיי האָבען איהם געבראַכט צום קאָנווענט. דער גאַנ־צער צוג איז דורכגעגאַנגען דורך דעם זאַל, וואו די פערזאַמלונג איז געזע־סען, און מאַראַט האָט געהאַלטען אַ פייערדיגע רעדע געגען זיינע פיינד.

דער גאַנצער פּראָצעס איז נאָר געווען אַ פאָרשפּיל צום שטורץ פון די זשיראָנדיסטען. דיזע לעצטע האָבען אפילו מיט אַלע קרעפטען זיך גע-וועהרט געגען אַלע אָנגריפען, וואָס מען האָט געמאַכט אויף זיי, אָבער אין גרונד איז זייער לאַגע געווען זעהר שוואַך, זייער צושטאַנד האָט פערלאָרען דעם פעסטען באָדען. אין ווענדעע האָט זיך דערווייל געמאַכט אַ געגען-רעוואָלוציאָן. דער קאָנווענט האָט געפונען פיר נעטיג צו נעהמען שטרענגע מיטלען און צו בעשטראָפען הארט די בונטאָוושטשיקעס. די זשיראָנ-דיסטען זיינען געווען געגען צו-שטרענגע מיטלען. דאָס האָט אַרויפגע-צויגען אויף זיי אַ חשד, דאָס זיי זיינען פיינד פון דער רעוואָלוציאָן, און דאָס האָט געפיהרט די פּאַרטיי צום אונטערגאַנג. זיי האָבען דערמיט בע-וויזען, דאָס די אינטערעסען פון זייער פּאַרטיי שטעהט ביי זיי העכער פון די אינטערעסען פון דער רעפּובליק. פּאַריז איז געווען געגען די זשיראָנ-דיסטען שטאַרק ערביטערט, און האָט געדראָהעט אין גאַנצען צו פערניכטען דיזע פּאַרטיי.

דער קאָנווענט זעלבסט האָט געזעהען, אַז דאָס פּאָלק איז געגען איהם שטאַרק אויפגערעגט. עס האָבען אָנגעהויבען אַריינקומען געגען איהם שטיר-מישע אַדרעסען פון פּאָלק. דעם 10טען אַפּריל איז אַריין אַן אַדרעס, וועל-כער האָט אָפען געפאָדערט, אַז מען זאָל אויסשליסען פון קאָנווענט די יע-ניגע מיטגלידער, אויף וועלכע דאָס פּאָלק האָט אַ חשד, דאָס זיי זיינען ניט גאַנץ איבערגעגעבען צו דער רעפּובליק, ד. ה. די זשיראָנדיסטען. דעם 15טען אַפּריל האָט די פּאַריזער קאָמונע געשיקט צום קאָנווענט אַן אַדרעס, אין וועלכען זי האָט אויסדריקליך בעשולדיגט די זשיראָנדיסטען אין הויך-פעררעט און אין אָנטייל אין דיומוריעז׳עס סקאַנדאַל, און זי, די קאָמונע, האָט דערביי פערלאַנגט, אַז דער קאָנווענט זאָל גלייך אויסשליסען פון די זשיראָנדיסטען 22 מיטגלידער, וועמעס נעמען זי האָט אָנגעגעבען. די זשי-ראָנדיסטען אָבער האָבען ניט געטאָן קיין וויכטיגע זאַך אום צו שטילען דעם צאָרן פון די מאַסען. זיי האָבען נאָר געהאַלטען שענע רעדעס, און דערמיט אַליין האָבען זיי גערעכענט פעסטצושטעלען זייער זאַך און אָנצו-האַלטען זייער שטאַנד.

דערווייל האָבען די פאָרשטעדט פון פּאַריז געמאַכט גרויסע דעמאָנ-סטראַציאָנען אום מען זאָל בעשטימען אַ געוויסען פּרייז אויף ברויט, ווייל דער יקרות אויף ברויט איז געוואָרען זעהר גרויס. דערצו האָט מען געפאָ-דערט מיט צוואַנג אַן אַנלייהע פון די פּאַריזער רייכע לייט. אָבער דאָס בירגערטום האָט זיך ענטזאָגט נאָכצוקומען דיזע פאָדערונג.

אין דיזען קריטישען מאָמענט האָבען די זשיראָנדיסטען בעשלאָסען צו מאַכען אַן ענטשיידענדען שריט. זיי האָבען בעשלאָסען צו געבען דעם קאָנוועגט מעהר מאַכט געגען דער קאָמונע און די מאַסען. צו דיזען צוועק האָט גוּאַדעט געמאַכט דעם 18טען מאַי פאָלגענדען פאָרשלאַג:

1) אַלע רעגירונגס-אַנשטאַלטען אין פּאַריז זאָלען אומגעביטען ווערען. אַנשטאָט דעם שטאָדט-ראַט זאָלען דערוויילע רעגירען די פאָרשטעהער פון די סעקציאָנען.

2) די מענער, וואָס ווערען פערטרעטען די שטעלע פון קאָנוועגט, זאָלען זיך אין קורצען פערזאַמלען אין בורזשעס, אָבער זיי זאָלען ניט אָפּ-האַלטען קיין בעראַטונג ביז דער קאָנוועגט וועט ערקלערט ווערען אַלס אויפ-געלעזט געזעצליך און אָפּיציעל.

געגען דיזען פאָרשלאַג זיינען אויפגעהויבען געוואָרען אייניגע שטאַרקע פּראָטעסטען. באַררערע האָט געמאַכט אַ קאָמפּראָמיס (פּשרה): מען זאָל פּאָרלויפיג ערוועהלען אַ קאָמיסיאָן פון 12 מענשען, וועלכע זאָלען ערנסט רעווידירען די האַנדלונגען פון פּאַריזער געמיינדע-ראַט, זיי זאָלען אויסגעפינען די פערשווערונגען געגען דער פרייהייט און אַרעסטירען די שולדיגע. דיזער בעשלוס איז געווען פיר די זשיראָנדיסטען אַ זיג. די קאָמיסיאָן פון 12 מענער האָט בעשלאָסען צו שטירצען די געריכטס-הייזער און רעגירונגס-אַנשטאַלטען פון די רעוואָלוציאָנערען און אַרונטערצווזעצען די בעאַמטע, וואָס האָבען געהערט צו דער יאַקאָבינער פּאַרטיי. דורך דיזע קאָמיסיאָן פון 12 איז געלונגען די זשיראָנדיסטען צו אַרעסטירען אייניגע פון זייערע געגנער, וועלכע זיי האָבען געהאַסט צום שטאַרקסטען. דיזע מאַסרעגעל האָט שרעקליך ערביטערט די יאַקאָבינער, וועלכע האָבען בע-שלאָסען צו טאָן אַלעם מעגליכעס אום צו שטירצען די זשיראָנדיסטען.

פון דעם 26טען מאַי אָן האָבען די יאַקאָבינער אָנגעהויבען צו מאַכען אָפטע דעמאָנסטראַציאָנען. די מאַסען האָבען געצוואונגען דעם קאָנוועגט אָפּצושאַפען די קאָמיסיאָן פון 12 און צו לאָזען פריי די אַרעסטירטע פון די יאַקאָבינער. אָבער באַלד האָט דער קאָנוועגט זיין בעשלוס צוריקגערו-פען. די יאַקאָבינער זיינען געוואָרען נאָך מעהר ערביטערט. עס האָבען זיך פעראייניגט די פיהרער פון פאָלק, ווי ראָבעספּיערר, דאַנטאָן, מאַראַט און אַנדערע, און האָבען געמאַכט אין פאָלק אַ געפעהרליכע בעוועגונג. דעם 31טען מאַי האָבען די מאַסען ענדליך געצוואונגען דעם קאָנוועגט אָפּצו-שאַפען די קאָמיסיאָן פון 12; אָבער די יאַקאָבינער זיינען דערמיט נאָך **ניט**

געווען צופרידען: זייער ציל איז געווען צו אַרעסטירען די 22 זשיראָנדיס-טען, וואָס זיינען געווען ערוועהלט צום קאָנווענט.

דעם 2טען יוני איז דאָס פאָלק אין פּאַריז ווידער אַרויסגעטרעטען נעגען דעם קאָנווענט. הונדערט טויזענד סאָלדאַטען מיט 60 האַרמאַטען זיינען געווען אונטער דער קאָמאַנדע פון הענריאָט און האָבען געמאַרשירט צום פּלאַץ פון קאָנווענט. פיעלע פון די דעפּוטאַטען פון די זשיראָנדיס-טען זיינען גאָרניט געקומען צו דער זיצונג. ווען די פערהאַנדלונגען האָבען זיך אָנגעפאַנגען איז אַרויף אויף די רעדנער-ביהנע לאַנזשואינעי און האָט מיט גרויס פייער געזאָגט: „איך פערלאַנג דאָס וואָרט איבער דעם גענע-ראַל-מאַרש, וועלכער ווערט געשלאָגען דורך גאַנץ פּאַריז". מען האָט איהם אָבער גלייך אונטערבראָכען און מען האָט אָנגעהויבען צו שרייען: „אַרונ-טער! אַרונטער! ער וויל בירגער-קריג, ער וויל געגען-רעוואָלוציאָן, ער פער-ליימדעט פּאַריז, ער בעשמוצט דאָס פאָלק!" אָבער ניט קוקענדיג אויף די געשרייען פון באַרג האָט דער רעדנער פאָרטגעזעצט צו צייגען די פּלענער פון געמיינדע-ראַט און פון די אָנפיהרער פון פאָלק און האָט געזאָגט:

„איהר קלאָגט אונז אָן, דאָס מיר פערליימדען פּאַריז! פּאַריז איז ריין, פּאַריז איז גוט, פּאַריז איז אונטערדריקט פון טיראַנען, וועלכע ווילען בלוט און הערשאַפט!" צוליב דיזע ווערטער האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ שרעקלי-כער טומעל. איינינע דעפּוטאַטען פון באַרג זיינען צוגעלאָפען צו דער ביה-נע אום דעם רעדנער אַרונטערצוואַרפען. אָבער ער האָט זיך שטאַרק אָנ-געהאַלטען און האָט מיט גרויס מוט אויסגעשריען: „איך פערלאַנג, אַז מען זאָל אָפּשאַפען אַלע רעוואָלוציאָנערע רעגירונגס-אַנשטאַלטען; איך פערלאַנג, דאָס אַלעס, וואָס זיי האָבען געטאָן אין די לעצטע 3 טעג, זאָל ערקלערט ווע-רען פיר נול; איך פערלאַנג, דאָס די יעניגע, וואָס ווילען זיך אָנאייגנען אַ געזעצגעבענדע מאַכט, זאָלען ערקלערט ווערען אויסער'ן געזעץ (ד. ה. יע-דער קען מיט זיי האַנדלען ווי ער וויל)". אָבער נאָך איידער ער האָט גע-ענדיגט די רעדע זיינען געקומען איינינע פון די רעוואָלוציאָנערען און האָ-בען געפאָדערט, אַז מען זאָל איהם אַרעסטירען.

דער קאָנווענט האָט ניט געאַכטעט אויף דיזע פאָדערונג און האָט זיך גענומען צו דער טאַגעס-אָרדנונג. דאָס האָט אָנגעמאַכט אין זאַל אַ גרויסען טומעל. מען האָט אָנגעהויבען צו שרייען: „נעהמט זיך צו די וואַפען!" דאָן האָט איינער פון באַרג אויסגעשריען: „רעטעט דאָס פאָלק! רעטעט אייערע מיטגלידער, און ערלויבט, אַז מען זאָל זיי אויף אַ קורצע ווײַלע אַרעסטירען!" „ניין!" האָבען געענטפערט די רעכטע און אויך אַ טייל

פון דער לינקער, „מיר וועלען אלע טיילען זייער שיקזאַל, זאָל מען אונז אַלעמען אַרעסטירען!" דערווייל איז איינער פון בארג (לאַקרואַ איז געווען זיין נאָמען) אריינגעלאָפען אין זאַל, איז אַרויף אויף די רעדנער-ביהנע און האָט מיט גרויס אויפרעגונג דערצעהלט, דאָס מען האָט איהם נאָר-וואָס שרעקליך בעהאַנדעלט ביי דער טיר פון זאַל, דאָס מען האָט איהם ניט געלאָזען אַרויסגעהן, און דאָס דער גאַנצער קאָנווענט איז יעצט ניט פריי.

דער קאָנווענט איז געוואָרען שרעקליך אויפגערעגט. זאָגאַר אַ גרויסער טייל פון דער באַרג-פּאַרטיי איז געווען געגען הענריאָט און זיינע טרופּען, וועלכע האָבען אַזוי בעליידיגענד בעהאַנדעלט די מיטגלידער פון דעם קאָנווענט. דאַנטאָן האָט אויסגעשריען: „מען מוז זיך נוקם זיין פיר די בעליידיגונג פון דעם קאָנווענט, וועלכער רעפּרעזענטירט די נאַציאָנאַל-מאַיעסטעט!" דער קאָנווענט האָט אויפגעגעבען זיין זיצונג און האָט אָנגעהויבען אַרויסצומאַרשירען פון זאַל מיט'ן פּרעזידענט הערואָלט דע סעשעללעס אָן דער שפּיץ. עס איז פיר זיי געווען אָפען נאָר איין אויסגאַנג, אויף קאַרוססעל-פּלאַץ. היר האָט דער קאָנווענט געפונען הענריאָט'ן רייטענדיג אויף אַ פערד מיט אַ געצויגענעם שווערד אין האַנט. „וואָס פערלאַנגט דאָס פאָלק?" האָט דער פּרעזידענט פון קאָנווענט געפרעגט, „דער קאָנווענט בעשעפטיגט זיך נאָר מיט זיין גליק". „דאָס פאָלק איז יעצט אויפגעשטאַנען ניט צו הערען רעדעס, נאָר עס פערלאַנגט, אַז מען זאָל איהם אַרויסגעבען די 24 שולדיגע פון די דעפּוטאַטען", האָט הענריאָט געענטפערט, „כל זמן איהר וועט ניט נאָכגעבען דיזע פאָדערונג פון פאָלק, קענט איהר ניט אַרויסגעהן פון זאַל". דער פּרעזידענט האָט אויפגעפאָדערט די טרופּען צו אַרעסטירען זייער קאָמאַנדאַנט אַלס אַ רעבעל (מיאַטעזשניק), אָבער הענריאָט האָט באַלד אויסגעשריען: „קאַנאָנען-שיסער, נעהמט זיך צו אייערע קאַנאָנען!"

מען האָט באַלד אָנגעשטעלט געגען דעם קאָנווענט צוויי קאַנאָנען. די דעפּוטאַטען האָבען זיך דערשראָקען און זיינען צוריק אריין אין זאַל. יעצט האָט קיינער ניט גערעדט קיין איין וואָרט געגען דער פערהאַפטונג פון די אייניגע בעשולדיגטע מיטגלידער. דאַמאָלס איז מאַראַט אַרויס אַלס דיקטאַטאָר און האָט אויסגערעכענט אייניגע פון די זשיראָנדיסטען, וועלכע זיינען סיי-ווי ניט געווען פעהיג צו זיין פערטרעטער פון אַ פאָלק, און האָט פאָרגעשלאָגען, אַז מען זאָל אָנשטאָט זיי ערוועהלען אַנדערע. אָבער די געשטריכענע דעפּוטאַטען זאָלען בעקומען נאָר הויז-אַרעסט, און זאָלען זיין אונטער'ן שוץ פון פאָלק. די מאַסע איז מיט דיזען בעשלום געווען צופרידען

און איז צוגאַנגען. דאָס איז געווען דער אונטערגאַנג פון דער פּאַרטיי פון די זשיראָנדיסטען (2טען יוני 1793).

יעצט האָט זיך אָנגעהויבען אַ נייע עפּאָכע — אַן עפּאָכע פון שרעקענס-הערשאַפט. פראַנקרייך איז נאָך קיינמאָל, זינט זי עקסיסטירט, ניט געווען אין אַזאַ שרעקליכער לאַגע, ווי זי איז געווען אין דיזער צייט. דער קריג מיט די אויסלענדישע מעכטען איז געווען פיר פראַנקרייך זעהר ניט גינסטיג. די פערבינדעטע מעכטען האָבען שוין אין יולי געהאַט איינגענומען קאָנדע און וואַלענסיעננעס. דערצו האָט אין פראַנקרייך אויסגעבראָכען אַ בירגער-קריג. די בורזשואַזיע האָט זיך אויפגעהויבען מיט גרויס פייער און האַס געגען דער הערשאַפט פון די פּראָלעטאַריער. די מעהרסטע פון די זידליכע און נאָרדליכע דעפּאַרטעמענטען האָבען פּראָטעסטירט געגען די בעשלוסען פון דעם קאָנווענט. אין די גרעסטע שטעדט, וועלכע זיינען געווען די הויפּט-שטיצע פון דער פּאַריזער רעוואָלוציאָן, האָט מען אָפּגעשאַפט די בעאַמטע פון דער יאַקאָבינער פּאַרטיי און מען האָט זייערע שטעלעס איבערגעגעבען צו זשיראָנדיסטען. דער האַס פון די בירגער צו די יאַקאָבינער איז געווען אַזוי גרויס, דאָס טולאָן האָט זיך בעסער אונטערגעגעבען אונטער ענגלאַנד, איידער צו זיין אונטער דער הערשאַפט פון דער בארג-פּאַרטיי; דאָ זיינען די בויערן וועניג געווען געדריקט, און זיינען דעריבער געווען טריי צו די גוטס-בעזיצער; דאָ זיינען די גייסטליכע ניט געווען ביי זיך אַזוי גרויס און האָבען געלעבט צוזאַמען מיט'ן בויער. די רעפאָרמעס פון דער רעוואָלוציאָן זיינען דאָ דעריבער אויפגענומען געוואָרען מיט גרויס ערביטערונג. דאָ האָבען זיי ניט פערשטאַנען, דאָס מען וויל אָפּשאַפען די פּריווילעגיעס פון די פעאָדאַלען. נאָך מעהר אויפגעבראַכט זיינען זיי געוואָרען דערפאַר, וואָס מען וויל פעריאָגען די פּריסטער, וועלכע ווילען ניט געבען די זינדיגע שבועה, און דערפאַר, וואָס מען וויל פון זיי צונעהמען זייערע זיהן און אַריינברייננגען זיי אין די אַרמעע פון קעניגס-מערדער. מיט זעלטענער בעגייסטערונג האָבען די בויערן אין וואַנדעע געמאַכט אַן אויפשטאַנד. זייער געגען-רעוואָלוציאָן איז געוואָרען זעהר געפעהרליך פיר די פּראָלעטאַריער אין פּאַריז.

די בארג-פּאַרטיי האָט בעשלאָסען צו טאָן אַלעס מעגליכעס, אום צו רעטען די רעוואָלוציאָן פון איהרע פיינד. זיי האָבען זיך ניט געשראָקען פאַר קיינע אויסערגעוועהנליכע מיטלען. זיי האָבען גוט פערשטאַנען, דאָס יעצט קען מען ניט מאַכען קיין אָרדנונג און אָנהאַלטען זי מיט געזעצען,

מען מוז יעצט געברויכען אַן אייזערנע האַנט נאָך דעם פּרינציפּ פון זעלבסט־פערטיידיגונג.

דעם 8טען יוני 1793 האָט ראָבעספּיערר געהאַלטען אַ רעדע, אין וועלכער ער האָט געזאָגט צו די פערזאַמעלטע מיטגלידער פון קאָנווענט פאָלגענדעס: „נאַרט זיך ניט, דאָס פאַטערלאַנד קען שוין מעהר ניט אויסהאַלטען די אונאָרדנונגען, וועלכע הערשען אין לאַנד. דרויסען זיינען מיר אַרומגערינגעלט מיט פיינדליכע אַרמעען; ביי אונזערע אייגענע טרופּען קענען מיר יעדען אויגענבליק ערוואַרטען אַ נייעם פעררעטער; דער פייער פון אויפשטאַנד איז אין לאַנד נאָך ניט פערלאָשען אין גאַנצען. זעהט און קוקט זיך צו צו אונזערע אינערע צושטענדען: מאַרסעיל איז בערייט צו אַ געגען־רעוואָלוציאָן; אויך באָרדאָ איז בערייט צו געהן אויף דיזען וועג; אין ליאָן טונקען די אַריסטאָקראַטען זייערע שווערדען אין דעם בלוט פון די בעסטע בירגער. מען מוז דיזען קאַמף פערניכטען. דער זעלבער צושטאַנד מוז אויך אָנקומען אין פּאַריז. ווען דאָס פאָלק וועט בעצייטענס ניט נעהמען קיין מיטלען צו פערהינדערן עס, וועט אין גיכען אויך פּאַריז שווימען אין בלוט".

ראָבעספּיערר איז געשטעלט געוואָרען אַן דער שפּיץ פון דער פאָלקס־בעוועגונג, ווייל ער האָט בעסער פון פיעלע אַנדערע געפּאַסט צו זיין דער אָנפיהרער פון פאָלק אין דיזער אונרוהיגער צייט. ער איז געווען זעהר געשיקט און אונגעוועהנליך טעטיג אין זיינע פּלענער ווי אויפצוהאַלטען די רעוואָלוציאָן און ווי צו בעזיגען איהרע געגנער. ער האָט געוואוסט יעדען שוואַכען פּונקט פון זיינע פיינד, און האָט געוואוסט ווי צו בענוצען זיך מיט'ן מאָמענט, ווען ער האָט געהאַט די מעגליכקייט צו געבען זיי אַ שטאַרקען שטויס אַז זיי זאָלען פאַלען. ער האָט זעהר קלוג און מיט גרויס טאַקט צוזאַמענגעשטעלט אַ נייע פערפאַסונג (קאָנסטיטוציאָן), אין וועלכער די באַרג־פּאַרטיי וועט ווייזען, ווי זי מיינט איינצוריכטען די רעפּובליק, ווען פראַנקרייך וועט זיך בעפרייען פון אויסערען און פון אינערען קריג. די נייע פערפאַסונג, ווי זי איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרען פון ראָבעספּיערר, זאָל ענטוואַפענען די פיינד און זאָל מיט בעגייסטערונג ערפילען די אבסאָלוטע דעמאָקראַטיע. און ער האָט ווירקליך זיין צוועק דערגרייכט. ווען עס איז בעקאַנט געוואָרען זיין אונטערנעהמונג האָבען זיך באַלד פיעלע דעפּאַרטעמענטען ווידער געשטעלט אויף דער זייט פון קאָנווענט. די פּראָווינצען האָבען יעצט פערשטאַנען, דאָס די בעשולדיגונג, וואָס מען האָט געמאַכט געגען די באַרג־פּאַרטיי, דאָס זי וויל אַריינכאַפּען די מאַכט אין

איהרע הענט, איז געווען פאַלש. די מאַסען זיינען פון זיין פערפאַסונג איינפאַך בעגייסטערט געוואָרען. ווען עס האָבען אין יאָהר 1795 אויסגע־בראָכען גרויסע אויפשטאַנדען, האָבען די ארבייטער פון סט. אַנטואן אָנגע־שריבען מיט קרייד אויף זייערע היט: „ברויט און די פערפאַסונג פון יאָהר 93".

הגם דער פּלאַן פון דער נייער פערפאַסונג האָט נאָך ניט פערזיכערט די פּראָלעטאַריער מיט ברויט און זייער עקסיסטענץ, האָט ער זיי אָבער פערזיכערט מיט פּאָליטישער גלייכהייט אין אַזאַ גראַד, אין וועלכען זי האָט נאָך אין קיין אָרט ניט עקסיסטירט. לויט דיזער פערפאַסונג האָט דאָס פאָלק בעקומען אונבעשרענקטעם רעכט צו העלפען זיך זעלבסט געגען יעדער בעשרענקונג פון זיינע רעכטען און געגען יעדער אונטערדריקונג, און האָט פאָלשטענדיג פערניכטעט דעם פּרינציפּ פון אבסאָלוטער רעגי־רונגס־געוואַלט און די לעהרע, אַז דאָס פאָלק מוז זיין אבסאָלוט אונטערטע־ניג, געהאָרזאַם און פּאַסיוו (געדולדיג). הגם דער פּלאַן פון דיזער פערפאַ־סונג איז ניט אָנגענומען געוואָרען, ווייל די מעהרהייט פון קאָנווענט האָט ערקלערט, דאָס אין אַזאַ אונרוהיגער צייט מיט אַזעלכע געפעהרליכע קאַמ־פען איז אונמעגליך צו רעגירען מיט אַזאַ דעמאָקראַטיע, — בלייבט דאָך דער פּלאַן אַן אייביגער מאָנומענט פיר די דעמאָקראַטישע שטרעבונגען פון יענער צייט. דיזער פּלאַן וועט אימער פערנעהמען אַן עהרען־פּלאַץ אין דער געשיכטע פון דער אייראָפּעאישער דעמאָקראַטיע. דער ערסטער טייל פון דיזען דאָקומענט, אין וועלכען ראָבעספּיערר האָט געטאָן זיין בעסטעס, לויטעט ווי פאָלגט:

„ערקלערונג פון די רעכטען פון אַ מענשען און פון אַ בירגער.

„דאָס פראַנצויזישע פאָלק איז איבערצייגט, דאָס דער גרעסטער אונ־גליק אין דער וועלט צווישען מענשען איז, וואָס די רעגירער האָבען פערגע־סען אָדער האָבען ניט געוואָלט וויסען פון די נאַטירליכע מענשען־רעכטען. און דעריבער האָט דאָס פראַנצויזישע פאָלק בעשלאָסען צו ערקלערען אָפען און פייערליך די נאַטירליכע רעכטען פון מענשען, אום די בירגער זאָלען קיינמאָל זיך ניט לאָזען פערנארען דורך די טיראַנען, וועלכע זוכען זיי צו אונטערדריקען און ערנידריגען. דורך דיזע פערפאַסונג וועט דאָס פאָלק אימער האָבען פאַר זיינע אויגען זיינע רעכטען און זיין פרייהייט, די רעגי־רונג וועט וויסען איהרע פּליכטען, און דער געזעצגעבער וועט וויסען דעם געגענשטאַנד, וועלכען ער מוז האָבען פאַר זיינע אויגען, ווען ער געהט מאַכען געזעצען פיר דאָס פאָלק.

ארטיקעל 1. דער ציל פון דער געזעלשאפט איז דאס אלגעמיינע גליק. די רעגירונג איז געמאכט געווארען, אז זי זאל אפהיטען און אכטונג געבען, דאס יעדער מענש זאל געניסען זיינע נאטירליכע רעכטען און זי זאל ניט דערלאזען, דאס אימיצער זאל ווענען עס איז בערויבען פון זיינע רעכטען.

ארט. 2. דיזע רעכטען זיינען: גלייכהייט, פרייהייט, זיכערהייט, און אייגענטום.

ארט. 3. אלע מענשען זיינען גלייך דורך די נאטור און פאר דעם געזעץ.

ארט. 4. דאס געזעץ איז דער פרייער אויסדרוק פון דעם אלגעמיינעם ווילען. עס דארף שיצען אלעמען גלייך, און דארף בעשטראפען אלע פער־ברעכער גלייך. דאס געזעץ קען נאר הייסען טאן וואס עס איז גערעכט און ניצליך פיר די געזעלשאפט, עס קען נאר פערבאטען וואס עס איז שעד־ליך דער געזעלשאפט.

ארט. 5. אלע בירגער קענען צוגעלאזען ווערען צו אלע עמטער. א פרייעס פאלק קען אין זינען האבען ביי די וואהלען נאר די טוגענד (די גוטע מעשים, די מאראל) און די פעהיגקייט פון דער פערזאן, וואס דארף ערוועהלט ווערען צו אן אמט.

ארט. 6. די פרייהייט איז דאס רעכט פון יעדען מענשען צו טאן אלעס, וואס שאדט ניט אן אנדערען. דער הויפט־פרינציפ פון פרייהייט איז: טו ניט צו קיין אנדערען דאס, וואס דו וואלסט ניט וועלען, אז מען זאל דיר טאן.

ארט. 7. מען קען קיינעם ניט פערוועהרען אדער שטערען צו פער־עפענטליכען זיינע געדאנקען און מיינונגען פאר דער געזעלשאפט אדער פאר דער וועלט, דורך די פרעסע אדער מיט אן אנדער אופן. מען קען ניט רויבען פון קיינעם דאס רעכט צו פערזאמלען זיך פרידליך; מען קען קיי־נעם ניט פערוועהרען צו היטען זיין רעליגיאן.

עס איז אייגענטליך גאר איבריג צו רעדען וועגען אזעלכע נאטירליכע רעכטען פון מענשען, אבער מען מוז דאס בעווארענען, ווייל דער דעספא־טיזם האט אימער בערויבט די בירגער פון דיזע רעכטען.

ארט. 8. די זיכערהייט בעשטעהט אין דעם, דאס די געזעלשאפט מוז געבען שוץ יעדען איינעם פון איהרע מיטגלידער צו היטען זיין פערזאן, זיינע רעכטען און זיין אייגענטום.

ארט. 9. דאס געזעץ מוז שיצען די פערזענליכע פרייהייט פון יעדען איינעם געגען דער אונטערדריקונג פון דער רעגירונג.

אַרט. 10. קיין מענש זאָל ניט ווערען אַרעסטירט אָדער אָנגעקלאָגט אויסער אין פעלען, ווען דאָס געזעץ פאָדערט עס. יעדער בירגער, וועלכער ווערט גערופען אָדער אַרעסטירט דורך די אויטאָריטעט פון געזעץ, מוז גע-האָרכען אויגענבליקליך. יעדער ווידערשטאַנד אין דיזער הינזיכט איז אַ פערברעכען און מוז בעשטראָפט ווערען.

אַרט. 11. יעדער אַקט, וואָס ווערט געטאָן געגען אַ מענשען ניט נאָך די פאָדערונגען און פאָרמעס פון דעם געזעץ, איז אַ טיראַניי און אַן אונגע-רעכטע טאַט. ווען מען וויל אַזאַ אונגערעכטע טאַט אויספיהרען מיט גע-וואַלט, האָט דער אָנגעגריפענער דאָס רעכט צו געברויכען געוואַלט אום צו פערטיידיגען זיך געגען אַזאַ גוואַלדטאַט.

אַרט. 12. ווער עס רייצט אָן מענשען צו טאָן זאַכען געגען דעם גע-זעץ, אָדער ער פאָדערט עס, אָדער ער נעהמט אַליין אין דעם אַן אַנטייל, פיהרט עס אויס אָדער לאָזט עס אויספיהרען, דער מוז בעשטראָפט ווערען פיר אַזאַ פערברעכען.

אַרט. 13. יעדער מענש מוז בעטראַכט ווערען אַלס אונשולדיג, כל זמן זיין שולד איז ניט בעוויזען געוואָרען. דעריבער איז שטרענג פערבאָטען צו געברויכען וועלכע עס איז האַרטע מיטלען, ווען די אומשטענדען פאָדערן לויט געזעץ אימיצען צו פערהאַפטען אום צו פערזיכערן זיך מיט זיין פער-זאָן, דאָס ער זאָל ניט ענטלויפען פון דער גערעכטיגקייט. ווער עס זאָל זיך ערלויבען צו האַנדלען ניט ווי דיזער אַרטיקעל פאָדערט, זאָל שטרענג בע-שטראָפט ווערען דורך דאָס געזעץ.

אַרט. 14. קיינער זאָל ניט ווערען פעראורטיילט אָדער בעשטראָפט איידער מען האָט אויסגעהערט, וואָס ער האָט צו זאָגען אין זיין פערטיידי-גונג. קיין האַנדלונג קען ניט בעשטראָפט ווערען ווען זי איז געגען אַ גע-זעץ, וואָס איז געמאַכט געוואָרען שפּעטער ווי די האַנדלונג איז געשעהען.

אַרט. 15. דאָס געזעץ קען בעשטימען שטראָפען פיר אַ פערברעכען נאָר דאַן, ווען די שטראָפען זיינען ווירקליך נויטווענדיג. די שטראָפען מו-זען זיין פּראָפּאָרציאָנעל צום פערברעכען; זיי מוזען אויך זיין ניצליך פיר די געזעלשאַפט.

אַרט. 16. דאָס אייגענטומס־רעכט גיט יעדען בירגער דאָס רעכט צו געניסען די פרוכט פון זיין אַרבייט און צו טאָן דערמיט וואָס ער וויל.

אַרט. 17. מען קען ניט פערוועהרען די בירגער צו בעשעפטיגען זיך מיט וועלכע עס איז אַרבייט, האַנדעל אָדער אינדוסטריע.

ארט. 18. יעדער מענש קען פערקויפען זיין ארבייט, זיין צייט, ער קען אָבער ניט פערקויפען זיין פערזאָן, און קיינער האָט אויך ניט דאָס רעכט צו קויפען זיין פערזאָן. דאָס געזעץ אָנערקענט ניט קיין ארט בעדי-נערשאַפט פון איינעם צום אַנדערען, אויסער פון אַן ארבייטער און אַרבייט-געבער פיר געוויסע בעלוינונג, וועלכע דריקט אויס די דאנקבארקייט פון דעם אַרבייט-געבער.

ארט. 19. אויך קען מען ניט אָפּנעהמען פון אַ מענשען דעם קלענסטען טייל פון זיין אייגענטום, אויסער אין פאַל, ווען די עפענטליכע נויט צווינגט דערצו, אָבער אויך דאַן מוז ער בעקומען בעצאָהלט פיר דאָס אייגענטום, וואָס מען נעהמט פון איהם צו.

ארט. 20. מען קען פאָדערן פון אַ בירגער נאָר אַזעלכע אָפּגאַבען, וואָס זיינען בעשטימט פיר אַלגעמיינע נוצען. אַלע בירגער האָבען דאָס רעכט צו זיין אָנוועזענד און צו נעהמען אַן אָנטייל ביי דער בעשטימונג פון שטייער און אָפּגאַבען און צו פאָדערן רעכענשאַפט אויף וואָס די שטייער-געלטען זיינען פערברויכט געוואָרען.

ארט. 21. די עפענטליכע אונטערשטיצונג איז אַ הייליגע פליכט. די געזעלשאַפט מוז די אונגליקליכע בירגער אונטערשטיצען: זי מוז זיי פער-שאַפען ארבייט, און צו די, וואָס זיינען אונפעהיג צו ארבייטען, מוז זי פער-שאַפען די נעטיגע מיטלען צום לעבען.

ארט. 22. אַלע מוזען זאָרגען וועגען אונטערריכט (שול-בילדונג). די געזעלשאַפט מוז אָנווענדען איהר גאַנצע מאַכט צו ענטוויקלען די יונגע קינ-דער גייסטיג און מאָראַליש, אום צו מאַכען זיי ניצליך פיר זיי זעלבסט און פיר די געזעלשאַפט.

ארט. 23. די געזעלשאַפט מוז שטרעבען צו זיכערן יעדען דעם גענוס פון זיינע רעכטען. דיזע פליכט ליגט אויף די אויבער-הערשאַפט פון דער נאַציאָן.

ארט. 24. דאָס געזעץ זאָל בעשטימען די גרענצען פון דער עפענט-ליכער טעטיגקייט פון די בעאַמטע און מוז אויך זיכער שטעלען זייער פער-אַנטוואָרטליכקייט.

ארט. 25. די אויבער-מאַכט פון דער רעגירונג געהערט צום פאָלק. זי קען ניט צוטיילט ווערען, זי קען ניט איבערגעהן אָדער איבערגעגעבען ווערען צו אַן אַנדערען.

ארט. 26. קיין טייל פון פאָלק קען ניט טאָן דאָס, וואָס דאָס גאַנצע פאָלק האָט די מאַכט צו טאָן, אָבער יעדע אָפּטיילונג פון דער פערטרעטענ-

דער-פּערזאַמלונג האָט דאָס רעכט אויסצודריקען איהר ווילען מיט פולער פרייהייט.

אַרט. 27. יעדע פּערזאָן, וועלכע וועט וועלען אָנאייגנען זיך די העכסטע מאַכט פון פאָלק, זאָל אויגענבליקליך בעשטימט ווערען פון די פרייע מענער צום טויט.

אַרט. 28. אַ פאָלק האָט צו יעדער צייט דאָס רעכט זיין פערפאַסונג דורכצוזעהן, צו רעפאָרמירען און צו ענדערן. איין דור קען ניט בינדען די קומענדע דורות פעסטצוהאַלטען זיך אָן די געזעצען, וואָס ער האָט פערפאַסט.

אַרט. 29. די בירגער האָבען דאָס גלייכע רעכט צו פערזאַמלען זיך צו שאַפען געזעצען, און צו ערנענען דעפּוטאַטען און פערטרעטער.

אַרט. 30. די עפענטליכע אַמט-טעטיגקייט איז פאָריבערגעהענד; זי מוז בעטראַכט ווערען אַלס אַ פליכט, אָבער ניט אַלס אַ בעלוינונג אָדער אַלס אַן אונטערשייד.

אַרט. 31. ווען אַ פאָלקס-פערטרעטער בעגעהט אַ פערברעכען, מוז ער בעשטראָפט ווערען גלייך ווי אַן אַנדער בירגער. קיינער האָט ניט דאָס רעכט צוצושרייבען זיך אונפעראַנטוואָרטליכקייט אין געגענזאַץ צו אַלע אַנדערע בירגער.

אַרט. 32. דאָס רעכט צו דערלאַנגען ביטשריפטען צו די ערוועהלטע פון פאָלק טאָר פיר קיין פאַל ניט בעשרענקט ווערען.

אַרט. 33. דער ווידערשטאַנד געגען אונטערדריקונג איז אויך אַ מענשען-רעכט, וועלכעס קען ניט און דאַרף ניט אין קיין פאַל בעשטראָפט ווערען.

אַרט. 34. ווען מען דריקט איינעם פון דער געזעלשאַפט איז עס גלייך, ווי מען זאָל אונטערדריקען די גאַנצע געזעלשאַפט, און עס איז אַן אונטערדריקונג פון יעדען גליד בעזונדער ווען מען דריקט דעם גאַנצען קערפּער.

אַרט. 35. ווען די רעגירונג טוט עטוואָס געגען די רעכטען פון פאָלק, האָט דאָס פאָלק דאָס הייליגע רעכט צו מאַכען אַן אויפשטאַנד. צו געברויכען דיזעס רעכט איז די הייליגסטע פליכט פון יעדען איינעם".

מיט דיזער פערפאַסונג בעקומט דאָס פאָלק אַלערליי מאַכט: די גאַנצע דעה אין דעם פערטיילען און בעשטימען די העכסטע עמטער, אַלגעמיינעס שטימרעכט, דאָס רעכט צו מאַכען פערזאַמלונגען ווען און וואו עס וויל, ניט אָנפרעגענדיג ביי וועלכען עס איז בעאַמטען; דאָס רעכט צו ערוועהלען פערטרעטער און צו קאָנטראָלירען זייער אויפפיהרונג. דיזע קאָנסטיטוציאָן

פון יאָהר 1793 איז געווען די פאָלקאָמענסטע הערשאַפט פון דער פאָלקס־מאַסע. אָבער די ראַדיקאַלען זיינען מיט איהר נאָך ניט געווען צופרידען. „אין דיזער קאָנסטיטוציאָן פעהלט די פערזיכערונג פון ברויט צו די יעניגע, וועלכע האָבען עס ניט, עס פעהלט די אָפשאַפונג פון אָרימקייט און בעטלען!" האָט שאַבאָט אויסגעשריען. מען האָט געפאָדערט נייע קאָנפיסקאַציאָנען, נייע טערראָריסטישע מאַסרעגלען; מען האָט געמאַכט אַ צוואַנגס־אַנלייהע פון די רייכע, מען האָט אַרויסגעגעבען אַ שטרענגען דעקרעט געגען די וואוכערניקעס, און אַ געזעץ וועגען די אַסיגנאַציעס, וואָס צירקולירען אין פאָלק פון דער קעניגליכער צייט.

ווי מיר האָבען שוין פריהער געזאָגט, האָט מען מיט דער נייער פערפאַסונג נאָך ניט געקענט רעגירען. די בארג־פאַרטיי האָט געפאָדערט אַ



מאַראַט.

דיקטאַטור (אַ צייטווייליגע אונבעשרענקטע הערשאַפט). ווען זיי זיינען שוין געווען נאָהענט צו זייער ציל האָט זיך געמאַכט אַזאַ מין צופאַל, וועלכער האָט געגעבען דעם צושטאַנד גאָר אַן אַנדער ווענדונג. דעם 13טען יולי האָט שאַרלאָטטע קאָרדעי, אַ יונגע שענע דאַמע פון אַדעל, 25 יאָהר אַלט, ערמאָרדעט מאַראַט׳ן ווען ער איז געזעסען אין וואַנע. דיזע מאָרדטאַט האָט אויפגערודערט גאַנץ פאַריז. מאַראַט איז געווען פעררעכענט פיר אַ גרויסען פאָלקס־פריינד, און זיינע פערעהרער האָבען איהם בעערדיגט מיט גרויס פאַראַד. ער איז געפאַלען אַלס אָפּפער פון דעם האַס פון די זשיראָנדיסטען.

דער טויט פון מאַראַט׳ן האָט געוויזען קלאָר די יאַקאָבינער, וואָס זיי האָבען צו ערוואַרטען פון די זשיראָנדיסטען. זיי האָבען אָנגעהויבען נעהמען ענערגישע מאַסרעגלען. זיי האָבען אַרויסגעגעבען אַ בעפעהל, דאָס אַלע פראַנצויזען אין אַלטער פון 18 ביז 25 יאָהר זאָלען ווערען בעוואַפענט. אין אַ קורצער צייט האָט די רעפּובליק געהאַט 14 אַרמעען פון 1,200,000 פּערזאָן. דעם 5טען סעפּטעמבער האָט דער קאָנווענט אָנגעהויבען צו געברויכען גוואַלדטאַט. עס איז דאַן געגרינדעט געוואָרען אַ רעוואָלוציאָנס-אַרמעע פון 6,000 מאַן אינפאַנטעריע (פוס-סאָלדאַטען) און 1,200 קאַנאָניערען (האַרמאַטען-שיסער). דער צוועק פון דיזער אַרמעע איז געווען — אויסצוראָטען, פערניכטען אַלע פערשווערער געגען דער רעוואָלוציאָן און צו העלפען דורכפיהרען די געזעצען פון די רעוואָלוציאָנערען. צוזאַמען מיט דער גרינדונג פון דער אַרמעע איז אויך רעאָרגאַניזירט געוואָרען דאָס רעוואָלוציאָנס-געריכט, וועלכעס האָט געהאַט זיינע ריכטער איבערהויפּט פון ראָבעספּיערר׳ס אָנהענגער.

דעם 17טען סעפּטעמבער 1793 איז פערעפענטליכט געוואָרען דאָס שרעקליכע געזעץ, דאָס יעדער, וואָס איז נאָר פערדעכטיגט צו זיין געגען דער רעוואָלוציאָן, זאָל היינגעריכטעט ווערען דורך די גיליאָטינע. פערדעכטיג האָט מען גערעכענט ניט נאָר די, וואָס זיינען בעקאַנט געווען אַלס פיינד פון פרייהייט, נאָר אויך אַלע פון אַלטען אַדעל מיט זייערע קרובים און די אויסגעוואַנדערטע. פערדעכטיג זיינען אויך געווען די יעניגע, וואָס האָבען ניט געקענט בעווייזען פון וואָס זיי ערנעהרען זיך, ווי אויך די דאָזיגע בעאַמטע, וועלכע דער קאָנווענט האָט ענטזאַגט פון זייערע שטעלעס. אויף דיזע גרינדען האָט די גוואַלד-הערשאַפט אָנגעהויבען צו אַרבייטען.

פריהער פון אַלץ האָט זיך דער קאָנווענט גענומען מיט גרויס ענערגיע צו דערשטיקען אין לאַנד אַלע אויפשטאַנדען פון דער געגען-רעוואָלוציאָן. מאַרסעיל איז איינגענומען געוואָרען און איניגע הונדערט פערזאָנען זיינען היינגעריכטעט געוואָרען. די שטאָדט האָט פערלאָרען איהר נאָמען. אַנשטאָט „מאַרסעיל" האָט מען זי אָנגערופען „די געמיינדע אָהן אַ נאָמען". נאָך מאַרסעיל איז איינגענומען געוואָרען ליאָן. דאָרט האָבען זיך געפונען זעהר פיעלע ראָיאַליסטען (קעניגליכע אָנהענגער). די ראַכע, וואָס די רעוואָלוציאָנערען האָבען גענומען פון ליאָן, איז געווען שרעקליך. דער קאָנווענט האָט בעשלאָסען:

„צו שיקען אַ קאָמיסיאָן פון 5 דעפּוטאַטען פון קאָנוועגט נאָך ליאָן, צו פערהאַפטען דאָרט די יעניגע, וואָס האָבען געברויכט וואַפען געגען דער

רעוואָלוציאָן און גלייך הינריכטען זיי. אַלע איינוואוינער פון דער שטאָדט זאָלען אָפּגעבען זייערע וואפען, אויסער די, וועלכע האָבען זיך ניט בעטייליגט אין אויפשטאַנד. די שטאָדט ליאָן ווערט צושטערט. עס בלייבען נאָר די הייזער פון די אָרימע, שולען, האָספּיטעלער, פאַבריקען, ווערק-שטאַטען און רעגירונגס-געביידעס. די שטאָדט זאָל מעהר ניט טראָגען דעם נאָמען „ליאָן", נאָר „די בעפרייטע געמיינדע". אויף די חורבות פון דער צושטערטער שטאָדט זאָל מען אויפשטעלען אַ מאָנומענט מיט דער אויפשריפט: „ליאָן איז געווען געגען פרייהייט, דערפאַר עקסיסטירט שוין ניט מעהר ליאָן". הגם די דעפּוטירטע (די קאָמיסיאָן) האָבען דיזע פאָדערונג ניט ערפילט פּינקטליך, דאָך איז דער חורבן פון דער שטאָדט ליאָן געווען אַ שרעקליכער. די איינוואוינער זיינען דערשאָסען געוואָרען דורך האַרמאַטען און גאַנצע גאַסען זיינען צושטערט געוואָרען.

אויך ווענדעע איז בעזיגט געוואָרען פון דעם קאָנווענט. אונטער די טיכטיגע גענעראַלען וועסטערמאַן, קלעבער און מאַרסאָ האָט די וועסט-אַרמעע פון די רעוואָלוציאָנערען פערניכטעט די בויערן, וואָס האָבען געמאַכט אַן אויפשטאַנד געגען דער רעוואָלוציאָן, ביי שאָלעט (15טען אָקטאָבער 1793). ניט ווייניגער פון 30,000 מענשען האָבען אויסגעוואַנדערט נאָך ברעטאַני', וואו זיי האָבען גערעכענט אויף ענגלישע הילף. אָבער זיי זיינען כמעט אַלע פערניכטעט געוואָרען, נאָר אַ קליינע צאָהל פון זיי האָט זיך גערעטעט. די רעוואָלוציאָנערען האָבען בעשלאָסען צו פערניכטען די ווענדעער אין גאַנצען, ווייל זיי האָבען געזעהען, דאָס די ווענדעער זיינען נאָר פערמאַטערט, אָבער ניט אונטערוואָרפען. 16 לאַגערן האָבען אַרומגערינגעלט דעם גאַנצען געביט און האָבען פערניכטעט די גאַנצע געגענד מיט פייער און שווערד.

האַנט אין האַנט מיט דיזע שרעקענס-געריכטען איז געגאַנגען די טעטיגקייט פון דעם פּאַריזער רעוואָלוציאָנס-טריבונאַל. ער האָט אָנגעהויבען מיט אַ פּראָצעס געגען דער קעניגין און די זשיראָנדיסטען. דעם 14טען אָקטאָבער האָט די קעניגין מאַריאַ אַנטואַנעטטע, וועלכע דאָס פאָלק האָט דאַמאָלס גערופען איינפאַך „די אלמנה קאַפּעט", געמוזט ערשיינען פאַר דעם רעוואָלוציאָנס-טריבונאַל. די פערהאַנדלונגען האָבען געדויערט 3 טעג און 3 נעכט. זי האָט זיך פערטיידיגט מיט גרויס מוט און מיט פיעל גייסט. אָבער דאָס געריכט האָט זי פעראורטיילט צום טויט פיר איהרע אינטריגעס, ווי אויך פיר איהר האַס געגען פאָלק און איהר הויכמוט (גאוה). זי האָט גע-



מאַריאַ אַנטואַנעטטע ווערט געפיהרט פון דעם רעוואָלוציאָנס־
געריכט.

הערט איהר אורטייל רוהיג און איז אַרויף אויף דעם עשאַפאָט מיט פעסטע טריט, אונערשראָקען.

דעם 31טען אָקטאָבער זיינען אויף די 21 זשיראָנדיסטען הינגעריכטעט געוואָרען. זיי האָבען שוין געוואוסט פון פריהער, דאָס מען וועט זיי ניט פּראָצעסירען, נאָר מען וועט זיי הינריכטען אָהן אַ שום פּראָצעס. זיי האָבען געהאַלטען גלענצענדע רעדעס פול מיט וויץ און שפּאָט. די יאַקאָבינער האָבען זיך געפונען מאָראַליש צוגעדריקט, און זיי האָבען דעם גאַנצען פּראָצעס געמאַכט קורץ. די זשיראָנדיסטען האָבען איבערגעטראָגען די הינריכטונג גאַנץ קאַלטבלוטיג. זיי האָבען זיך אומגעאַרמט ביים עשאַפאָט און האָבען זאָגאַר געזונגען פרייהייטס־לידער. אויף דער שיקזאַל פון די ענטלאָפענע זשיראָנדיסטען איז געוועזן זעהר טרויעריג. איינינגע האָבען זיך אַליין גענומען דאָס לעבען. דעם 8טען נאָוועמבער איז אויך מאַדאַם ראָלאַנד הינגעריכטעט געוואָרען.

אָבער דאָס איז נאָר געוועזן דער אָנפאַנג פון טעררדאָר. דער שווערד און די גילליאָטינע האָבען געאַרבייט פירכטערליך אין פּאַריז און אין גאַנצען לאַנד. אין יעדער שטאָדט איז געוועזן איינגעריכטעט אַ רעוואָלוציאָנס־געריכט מיט אַן אונבעשרענקטער מאַכט, און איהם צו הילף איז געשטאַנען גרייט אַ רעוואָלוציאָנס־אַרמעע, וועלכע האָט געהאָלפען אויספיהרען זיינע בעפעהלען. די מענשליכקייט מוז זיך שעמען מיט אַזעלכע בלוט־טאַטען, אָבער זיי זיינען געוועזן אַבסאָלוט נעטיג.

אויף גענגען דעם אויסערען פיינד, גענגען די פערבינדעטע מעכטען, האָבען די רעוואָלוציאָנערען געקעמפּט מיט גרויס ערפאָלג. זינט דעם פעררעאַט פון דיומוריעז האָבען די רעוואָלוציאָנערען פערלאָרען יעדען צוטרויען צו די גענעראַלען, און זיי האָבען אַרויסגעגעבען צו אַלע פעלדהעררען אַ בעפעהל, דאָס זיי מוזען זיגען, און פיר יעדע נידערלאַגע וועלען די פעלדהעררען הינגעריכטעט ווערען. דאָס האָט ווירקליך פיעל געווירקט, אָבער מעהר פון אַלעם האָט געהאָלפען צו זייער ערפאָלג אין דעם שטרייט מיט די אויסלענדישע מעכטען דער מיליטערישער זשעניע פון דעם פעלדהערר קאַרנאָט. דיזער מערקווירדיגער רעפּובליקאַנער האָט געברויכט אַ גאַנץ נייע אַרט קריגס־פיהרונג. אַנשטאַט דער אַלטער ליניע־טאַקטיק האָט ער איינגעפיהרט די צושטרייטע פעכטונג, און ער האָט מיט דער נייער מעטאָדע געהאַט גרויס ערפאָלג. מען האָט איהם אַ נאָמען געגעבען „דער אָרגאַניזאַטאָר פון זיג".

די פערבינדעטע מעכטען זיינען אַלזאָ צוריקגעשטויסען געוואָרען פון דער נאָרד־גרענעץ. אויסער דער בעגייסטערונג פון די פראַנצויזען האָבען נאָך געהאָלפען צו דער נידערלאַגע פון די מעכטען די רייסערייען צווישען זיי זעלבסט. אָנשטאָט צו געהן מיט אַלגעמיינע קרעפטען געגען פּאַריז, האָבען גאָר די ענגלענדער געגומען זיך איינצונעהמען דינקירכען (דונקירק), ווייל דאָס איז געווען וויכטיג פיר איהרע אייגענע אינטערעסען; דער הער־צאָג פון קאָבורג האָט בעלאַגערט מאָבאָזש. דער רעזולטאַט איז געווען, דאָסביידע אַרמעען זיינען געשלאָגען געוואָרען פון די רעפּובליקאַנער: די ענגלענדער ביי האָנדסשאָאָטען (18טען סעפּטעמבער) און די עסט־רייכער ביי וואַטטיני (28טען—30טען נאָוועמבער). אויך ביים אויבער־רהיין האָט זיך די לאַגע פון די פערבינדעטע מעכטען געענדערט צו ערגער. עס זיינען אַרויסגעקומען רייסערייען צווישען פּרייסען און עסט־רייך צוליב דער עראָבערונג פון עלזאַס. דערמיט האָבען זיך בענוצט די פראַנצויזען און האָבען געהאַט אַ גרויסען זיג אונטער זייערע נייע גענע־ראַלען האָשע און פּישעגרו. דער קאָנווענט האָט אָנגעזאָגט: „לאַנדאַו (אַ פעסטונג ביים אויבער־רהיין) אָדער דער טויט”. דאָס איז געווען וואָס די רעפּובליקאַנישע אַרמעע האָט געהאַט צו וועהלען. די רעפּובליקאַנער האָבען געפאָכטען טאָג און נאַכט ביז זיי האָבען ענדליך געזיגט. אַ צווייטע נידערלאַגע פון די פעראייניגטע מעכטען האָט געמאַכט דעם אונגליק פאָלשטענדיג. דער רעסט פון די אַרמעען האָט געמוזט צוריק אַריבער־געהן דעם רהיין, און דער הערצאָג פון ברוינשווייג האָט געמוזט רעזיגנירען פון זיין שטעלע אַלס אויבער־קאָמאַנדיר.

אַזוי איז די באַרג־פּאַרטיי אַרויס אַלס זיגערין פון אַלע געפאַהרען. זי האָט געזיגט געגען די אויסלענדישע מעכטען און האָט איינגעשטילט דעם בירגער־קריג אין לאַנד גופא. אמת, דאָס לאַנד איז געשוואומען אין בלוט, אָבער די בלוט־פערגיסונג האָט געפיהרט צו אַ צוועק.

אָבער די פּראָלעטאַריער האָבען זיך ניט בענוגענט מיט זייער זיג איבער די זשיראָנדיסטען און די אַלטע קעניגליכע פּאַרטיי. זיי האָבען געוואָלט אין גאַנצען פערניכטען דעם פונדאַמענט פון דער אַלטער געזעל־שאַפט. מען האָט געשטרעבט צו בעזייטיגען די גאַנצע פערגאַנגענהייט, אום עס זאָל זיך אָנהויבען אַ גאַנץ נייע צייט. עס איז אָפּגעשאַפט געוואָ־רען דער קריסטליכער קאַלענדער און עס איז איינגעפיהרט געוואָרען אַ נייע צייט־רעכנונג, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבען מיט דער גרינדונג פון דער פראַנצויזישער רעפּובליק. דאָס ערסטע יאָהר האָט זיך גערעכענט פון דעם

22טען סעפּטעמבער 1792. דאָס יאָהר איז געווען אייגגעטיילט אין 12 מאָנאַטען, יעדער מאָנאַט האָט געהאַט 30 טעג. די נעמען פון די מאָנאַטען זיינען געווען: ווענדעמיעיר (מאָנאַט פון וויין-טרויבען זאַמלונג), פון דעם 22טען סעפּטעמבער ביז דעם 22טען אָקטאָבער; ברומעיר (נעבעל), פון דעם 22טען אָקטאָבער ביז דעם 22טען נאָוועמבער; דאַן וויינטער: פרימעיר



קאַרנאָט.

(פראָסט), ניוואָז (שנעע), פּלוּביאָז (רעגען), ווענטאָז (ווינט), זשערמינאַל (שפּראָצונג), פלאָרעאַל (בליהונג), פּרעיריאַל (לאָנקע), מעססידאָר (שניט-צייט), טהערמידאָר (היץ), פרוקטידאָר (פרוכט). יעדער מאָנאַט איז געווען איינגעטיילט ניט אין וואָכען, נאָר אין דעקאַדען (צעהנדליגען פון טעג); דער לעצטער טאָג פון יעדער דעקאַדע איז געווען בעשטימט אַלס טאָג פון

רוה. די שאַלט־טעג (ד. ה. די איבריגע 5 טעג פון יאָהר, ווייל אין אַ יאָהר זיינען פאַראַן 365 טעג, און 12 מאָנאַטען צו 30 טעג זיינען דאָך נאָר 360 טעג) זיינען געווען נאַציאָנאַלע פעסט־טעג, וועלכע זיינען געווען געהייליגט: 1) צום גייסט, 2) צו דער אַרבייט, 3) צו מעשים טובים, 4) דער בעלוינונג, און דער 5טער טאָג איז געווען געווידמעט צו דער עפענטליכער מיינונג. אין דעם לעצטען פייערטאָג, אין דעם פייערטאָג פון דער עפענטליכער מיינונג, האָט יעדער געמאָגט אַרויסזאָגען אָפען זיין מיינונג וועגען יעדען, און איז פיר קיין אויסערונג ניט בעשטראָפט געוואָרען.

די אָפּשאַפונג פון דעם קריסטליכען קאַלענדער האָט אַרויסגערופען אַ שטאַרקען פּראָטעסט פון די גייסטליכע, וועלכע האָבען עס גערעכענט אַלס אַן אָנגריף אויף די קירכע. אָבער די יאַקאָבינער האָבען זיך ניט בעשרענקט מיט דיזען אָנגריף, נאָר זיי האָבען נאָך אָנגעגריפען די רעליגיאָן אין פיעלע אַנדערע זאַכען, מעהר וויכטיגע. די הויפּט־פערטרעטער פון דיזער שטרעמונג זיינען געווען אַ נ אַ ר ק אַ ז י ס ק ל אָ אַ ט ץ און ה ע ב ע ר ט. די גרופּע יאַקאָבינער, וואָס האָבען געהערט צו דיזער ריכטונג, האָבען זיך גערופען ה ע ב ע ר ט י ס ט ע ן.

דעם 18טען אָקטאָבער האָט דער געמיינדע־ראַט אָפּגעשאַפט אַלע קירכליכע צערעמאָניעס. עס זיינען פערבאָטען געוואָרען פּראָצעסיאָנען און וואַהלפאַרטען (פאָהרען אויף הייליגע ערטער); עס זיינען בעזייטיגט געוואָרען אַלע הייליגע בילדער און רעליקוויען (רעסטלאַך פון הייליגע זאַכען). אין דיזער הינזיכט האָבען פיעלע פון די דעפּאַרטעמענטען נאָכגעטאָן דעם ביישפּיל פון פּאַריז. עס פערשטעהט זיך, דאָס ביי פיעלע מענשען האָט דער רעליגיעזער געפיהל זעהר געליטען פון דיזע נייערונגען. די יאַקאָבינער האָבען זיך זעהר אָפט ערלויבט צו שענדען אָפען אַזעלכע זאַכען, וואָס זיינען זינט טויזענדער יאָהרען געווען פערהייליגט. אַזוי צ. ב. האָט מען גענומען די הייליגע קליידער פון אַ קירכע און די הייליגע געשיר און מען האָט דערמיט בעפּוצט גנבים אָדער אויסגעלאַסענע פרויען. די פאָרמע פון געטליכען דינסט איז געווען גאַנץ פערשיידען פון דער פריהערדיגער פאָרמע. דער נייער קולט איז געווען געווידמעט צו דער פערנונפט (שכל). די שונאים פון דעם נייעם קולט האָבען אַפילו אויסגעטראַכט משונה'דיגע ליגענס וועגען דעם, דאָס דער קולט צו דער פערנונפט איז פערבונדען מיט פיעל הולטייסטוואָ; אָבער דאָס איז געווען אַ געמיינער ליגען.

אָבער ניט די גאַנצע באַרג־פּאַרטיי איז געווען איינשטימיג מיט די העבערטיסטען. אַ גרויסער טייל פון זיי, מיט דאַנטאָן'ען אין דער שפּיץ,

זיינען ניט געווען אזוי ראַדיקאַל, און האָבען געבילדעט אין דיזער הינזיכט אַ מיטעלע קלאַס. אויך ראָבעספּיערר האָט געהערט צו דיזער מיטעלער קלאַס, וועלכע האָט געהאַט אַ גרויסען איינפלוס אויף די מאַסען און אויך אויף'ן קאָנוועט. דיזע קלאַס האָט געהאַט פיעל רעספּעקט פיר די אָנשויאונגען און פילאָזאָפישע אידעאַלען פון רוססאָ. דיזע אַכטונג איז געווען אַזוי גרויס, דאָס אין אַלע רעגירונגס־אַנשטאַלטען איז אויף'ן ביוראָ געלעגען אָפען רוססאָ'ס ווערק ווי די ביבעל אונטער די קריסטליכע רעגירונגען. ראָבעספּיערר איז אַפילו געווען גענוג טאָלעראַנט אַנצוזעהן רוהיג דעם קולט פון די הערבערטיסטען, אָבער אין גרונד איז ער געווען דורכגעדרונגען מיט דער מיינונג, דאָס ווען אַ געבילדעטער קען אויסקומען אָהן רעליגיאָן, איז זי אָבער נויטווענדיג פיר די מאַסען. פיר דאָס פאָלק איז זעהר ניצליך און גוט דער גלויבען, דאָס עס עקסיסטירט אין דער וועלט אַ מאַכט, וואָס בעלוינט פיר מעשים טובים און בעשטראָפט פיר מעשים רעים. „ווען עס זאָל זאָגאַר ניט עקסיסטירען אַ גאָט, וואָלט מען איהם מוזען ערפינדען“.

אויסער דער רעליגיאָנס־פראַגע איז די באַרג־פּאַרטיי געווען געשפּאָלטען אין פּאָליטישע אַנזיכטען. די ראַדיקאַלען האָבען געוואָלט פאָרטזעצען דעם טעררער און האַלטען די גיללאָטינע בעשעפטיגט אָהן אויפהער, אָבער די מעסיגע מיט דאַנטאָן'ען אָן דער שפּיץ האָבען שטאַרק פּראָטעסטירט געגען דיזער ריכטונג. זאָגאַר די אורהעבער פון סעפּטעמבער־מאָרד האָבען יעצט געשריען: „מילדקייט און גנאָד!“ דעסמולינס, דיזער בעגייסטערטער פערטיידיגער פון דער רעוואָלוציאָן, האָט ארויסגעגעבען אַ בלאַט מיט'ן נאָמען „דער אַלטער קאָרדעליער“ *), אין וועלכען ער האָט מיט פיעל גייסט און מוט אָנגעגריפען די רעוואָלוציאָנערע רעגירונג. מיט זיין גלענצענדער פעדער האָט ער אויסגעמאָלט אַ שרעקליכעס בילד פון די ליידען פון אונשולדיגע מענשען אונטער דער טיראַנניי פון דער רעגירונג פון פרייהייט, ברידערליכקייט און זיכערהייט. ער האָט פערגליכען די צייט פון דער רעפּובליקאַנישער רעגירונג אין פראַנקרייך מיט דער טיראַנישער רעגירונג אין רוים אין דער צייט פון דעם טיראַנישען הערשער נעראָ (נירון קיסר), וועלכער האָט אויך אַלעמען פערדעכטיגט. „אונטער נעראָ'ן האָבען די קרובים פון די פיעלע אָפּפער, וואָס ער האָט הינגעריכטעט, געמוזט דערפאַר בריינ-

*) נאָך אַ פּאָליטישען פאָלקס־קלוב, וואָס האָט געטראָגען דעם נאָמען „קאָרדעליערען“.

גען צו די געטער אַ דאַנק־אָפּפּער. די קלענסטע מינע פון טרויער איז געווען פערדעכטיגט. איז איינער געווען בעליבט ביים פאָלק — איז ער געווען פערדעכטיג אלס אַ קאָנקורענט צום קיסר. איז איינער ענטלאָפען פון פאָלק און איז געזעסען ביי זיך אין הויז — איז ער געווען פערדעכטיג, ווייל ער האָט געקענט מיט זיין אָפּגעזונדערטען לעבען צוציהען צו זיך די אויפמערקזאמקייט פון פאָלק. איז איינער געווען אָרים — איז ער געווען פערדעכטיג, ווייל דער וואָס האָט גאָרניט וואָס צו פערלירען איז זעהר אָפט אַ גרויסער אונטערנעהמער. איז איינער געווען מעלאַנכאָליש, טרויעריג — איז געווען אַ פערדאַכט, דאָס ער טרויערט ווייל די עפענטליכע אַנגעלעגענהייטען שטעהען צו גוט. האָט זיך אַ בירגער געלאָזט וואויל געהן און האָט אויסגעגעבען געלט אויף אַ בעסערעס לעבען — איז ער געווען אין פערדאַכט, דאָס ער פרייט זיך וואָס דעם פירסט געהט ניט גוט אין זיין געזונדהייט. האָט זיך אימיצער אויפגעפיהרט שטרענג מאָראַליש — איז ער געווען אין פערדאַכט, דאָס ער טוט עס אום צו דינען מיט זיין לעבען אלס אַ פאָרוואורף נעגען הויף, וואָס פיהרט אַן אונמאָראַלישעס לעבען. איז איינער געווען אַ פילאָזאָף, אַ דיכטער אָדער אַ רעדנער — איז ער געווען אין פערדאַכט, דאָס ער וויל זיך ערווערבען אַ נאָמען, וואָס זאָל איבערשטייגען דעם קיסר׳ס. האָט זיך איינער אויסגעצייכענט מיט זיין טאַלאַנט אלס גוטער פעלדהערר— איז ער געוואָרען פערדעכטיג און מען האָט איהם באלד געמוזט מאַכען אונשעדליך. אזוי האָט דער טיראַן פון דער אלטער וועלט, נעראָ, פערניכטעט טויזענדער לעבענס, און אזוי האָט די רעוואָלוציאָנערע רעגירונג פערניכטעט איבער צוויי מיליאָן בירגער, צום גרעסטען טייל נאָר דערפאַר, ווייל זיי זיינען געווען פערדעכטיג״.

עס האָט זיך געבילדעט אַ שפּאַלטונג אין דער באַרג־פּאַרטיי זעלבסט. דעסמולינס האָט פערלאַנגט פון דער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג אַן אַמנעסטיע (בעגנאַדיגונג) אום צו ענדיגען אין לאַנד די רעוואָלוציאָן און ברייננען צוריק פרידען. עס האָט אויסגעוויזען, דאָס עס נעהמט שוין אַן ענדע פון טעררער. אָבער ראָבעספּיערר איז דאַמאָלס אַרויס מיט אַ פייערדיגער רעדע נעגען די מעסיגע ווי אויך נעגען די צו־ראַדיקאַלע פון דער באַרג־פּאַרטיי, און האָט ביידע גרופּען בעשולדיגט, דאָס זיי ווילען שטירצען די רעפּובליק. עס איז געוואָרען אַ שטאַרקע מחלוקה און שפּאַלטונג, וועלכע האָט זיך געענדיגט דערמיט, דאָס אין מערץ 1794 איז ראָבעספּיערר׳ן געלונגען צו אַרעסטירען זיינע ביידע געגנער־פּאַרטייען — די ראַדיקאַלע הערבערטיסטען און די מעסיגע מיט זייער פיהרער דאַנטאָן. עס איז געווען אַ גרויסער

ריסק, ווייל דאַנטאָן איז געווען ביי די מאַסען פון פאָלק זעהר בעליבט. אָבער ער איז שוין געווען זעהר מיד פון דער רעוואָלוציאָן און האָט ניט געוואָלט מאַכען אַ פערזוך, אַז מען זאָל איהם בעפרייען מיט גוואַלד, הגם זיין אַרעסט האָט אַרויסגערופען אין פאָלק שרעקליכע אונרוהען און אַ שטאַרקע אַלגעמיינע בעוועגונג. מען האָט געפרעגט מיט שרעק: וואָס פיר אַ שרעקליכען פערברעכען האָבען בעגאַנגען די פערטרעטער פון פאָלק, וואָס מען האָט זיי פערהאַפטעט? און ווען אַ מאַן ווי דאַנטאָן וועט הינגעריכטעט ווערען דורך די גילליאָטינע, ווער קען שוין זיין זיכער מיט זיין לעבען?

די אָנגעקלאָגטע זיינען ערשינען פאַר דעם רעוואָלוציאָנס-טריבונאַל מוטיג און האָבען זיך געהאַלטען שטאָלץ. אָהן שום פורכט איז דאַנטאָן



דאַנטאָן.

אַרויף, אַזוי דאָס זאָגאַר די ריכטער האָבען געציטערט. לויט דער פאָרמע האָבען איהם די ריכטער געפרעגט זיין נאָמען, ווי אַלט ער איז און וואו ער וואוינט. דערויף האָט ער געענטפערט: „איך בין דאַנטאָן, געגוג בעקאַנט אין דער רעוואָלוציאָן, 35 יאָהר אַלט, מיין וואוינונג וועט באַלד זיין „דאָס ניכטס" (ד. ה. אין קבר), אָבער מיין נאָמען וועט לעבען אין פאַנטהעאָן (דער טעמפעל, וואָס איז געהייליגט צו אַלע אונשטערבליכע) פון דער געשיכטע". די ריכטער זיינען געווען פערצווייפעלט און האָבען ניט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט די אָנגעקלאָגטע. ראָבעספיערר האָט געמוזט אויסאיבען אויף זיי אַ גרויסען דרוק אום זיי זאָלען די אָנגעקלאָגטע פערורטיילען. צום לעצטען מאָל האָט מען געהערט דאַנטאָן'ס פורכטבאַרע שטימע, ווי ער

האט אויסגעשריען: „מען אפפערט אונז צוליב דעם עהרגייץ פון אייניגע אונפערשעמטע רויבער. אבער זיי וועלען ניט לאנג געניסען די פרוכט פון זייער פערברעכערישען זיג, איך וועל שלעפען ראבעספיערר'ן מיט מיר... ראבעספיערר וועט געהן נאך מיר!" דעם 5טען אפריל 1794 זיינען די דאנטאניסטען הינגעריכטעט געווארען נאך דעם, ווי די קעפ פון די העבערטיסטען זיינען געפאלען פון דער גיללאטינע. זיי זיינען געשטארבען מיט גרויס מוט. די ביידע מענער, דאנטאן און דעסמולינס, וועלכע האבען אריינגעבלאזען אין דער רעוואלוציאן פיעל מוט און בעגייסטערונג, זיינען יעצט אליין פון איהר פערשלונגען געווארען, ווייל זיי האבען צו פריה אנגעהויבען צו אגיטירען פיר מענשליכקייט און מעסיגונג. נאך זיי האט א היבשע צייט קיינער זיך ניט ערלויבט צו זאגען א ווארט געגען דער דיקטאטור פון דעם טערראר.

נאך דעם פאל פון די העבערטיסטען און דאנטאניסטען איז ראבעספיערר געבליבען דער ערסטער און מעכטיגסטער מאן אין דער רעפובליק. צוזאמען מיט זיין פריינד סאן זשוסט האט ער בעהערשט דעם קאנווענט, און ער האט געהאט אויסער דעם קאנווענט גרויסע שטיצע, ווייל ער האט פערשטאנען צו בעשטימען זיינע אנהענגער אויף אלע וויכטיגע שטעלעס, איבערהויפט אין רעוואלוציאנס-טריבונאל.

אין קיין צייט האט ניט געהערשט אין פראנקרייך אזא טערראר, ווי אין די 4 מאנאטען באלד נאך דעם שטורץ פון די דאנטאניסטען. טאג טעגליך זיינען פארגעקומען שרעקליכע שחיטות. יעדען טאג זיינען הינגעריכטעט געווארען מאסען מענשען פון די רייהען, וואס זיינען געווען פערדעכטיג, דאס זיי זיינען געגען דער דיקטאטור פון טערראר. יעדערער, וואס האט געהאט א שטיקעל נאמען, האט געמוזט פאלען אונטער דער גיללאטינע, און ווען אלע מעהר אדער וועניגער בעריהמטע מענשען זיינען שוין פערניכטעט געווארען, האט מען אנגעהויבען פערניכטען אויך מענשען, וואס האבען ניט געהאט קיין נאמען. פיעלע ארימע און אונבעקאנטע זיינען דאמאלס געפאלען אונטער דער גיללאטינע. דעם 2טען דעצעמבער זיינען געפאלען אונטער דער גיללאטינע צוויי שוסטער דערפאר, וואס זיי האבען צוגעשטעלט צו דער ארמעע שלעכטע שיך. דעם 7טען יאנואר 1495 איז הינגעריכטעט געווארען א פרוי דערפאר, וואס זי האט געזאמעלט אבאנעמענטען אויף א בלאט, וואס איז קעניגליך געזאנען. מיט איין ווארט: אין יענער צייט איז אין פראנקרייך קיינער ניט געווען זיכער מיט'ן לעבען.

דער רעוואָלוציאָנס־טריבונאַל האָט ניט געוואוסט קיין גרענעץ צו זיינע מאָרדטאַטען. זאָגאַר שטילע געלעהרטע האָט ער געזוכט צו פערניכטען. דעם 8טען מאַי 1794 איז הינגעריכטעט געוואָרען דער בעריהמטער כעמי-קער לאַוואַזיער. ער האָט געבעטען, אַז מען זאָל איהם געבען 4 וואָכען צייט, אום ער זאָל קענען ענדיגען אַ וויכטיגע כעמישע ענטדעקונג, וועלכע ער האָט געהאַלטען אין מיטען, און מען האָט איהם געענטפערט: „מיר דאַרפען ניט האָבען קיין געלעהרטע!“ אין עטליכע טעג (פון 10טען יוני ביז 17טען יולי 1794) זיינען אין פּאַריז אַליין הינגעריכטעט געוואָרען 1,285 פּערזאָן. עס זיינען געוועזען טעג, אין וועלכע עס זיינען געוואָרען פעראורטיילט און הינגעריכטעט איבער 80 פּערזאָן. זאָגאַר די פּראָלעטאַריער האָבען געקוקט מיט פעראַכטונג אויף דעם רעוואָלוציאָנס־טריבונאַל, ווייל מען האָט יעצט אָנגעהויבען צו שלעפּען אַפּפער צו דער גילליאָטינע פון זיי זעלבסט. עס האָט געשיינט, דאָס מאָרדען איז געוואָרען אַן און פיר זיך אַליין אַ צוועק. קיינער האָט ניט געקענט גלויבען, דאָס מען מוז מאָרדען אָרימע לייט אום אָפּצושרעקען די אויסערע פיינד. ווען מען האָט שפּעטער אויפגעפאָדערט די אַרבייטער פון די פאָרשטעדט פון פּאַריז צו העלפען ראָבעספּיערר'ן, וועלכען מען האָט אָנגעפאַנגען צו דריקען, האָבען זיי געענטפערט מיט איראָניע: „מיר שטאַרבען פון הונגער און איהר ווילט אונז ערנעהרען מיט הינריכטונגען!“

עס איז אונמעגליך אויסצורעכנען אַלע איינצעלהייטען פון יענע שרעקליכע טעג. מיר וועלען היר געבען נאָר איין ביישפּיל פון אַ מערדערישער טאַט. קאַררי ער האָט אַרויסגעגעבען אין נאַנטעס אַן אַמנעסטיע (בעגנאַדיגונג) פיר די יעניגע, וואָס האָבען גענומען אַן אָנטייל אין דער געגען־רעוואָלוציאָן פון וואַנדעע, אויב זיי וועלען אַנידערלעגען די וואַפען. 800 האָבען געגלויבט זיין וואָרט און האָבען איבערגעגעבען זייערע וואַפען. דיזע זיינען באַלד אַלע אויף'ן אָרט געשאָסען געוואָרען. ווען אַ מוטער איז פעראורטיילט געוואָרען צו"שטאַרבען האָט מען צוזאַמען מיט איהר אויך ערמאָרדעט איהרע קינדער, ווייל ווען זיי וועלען אויסוואַקסען וועלען זיי פּיליכט וועלען נעהמען ראַכע פיר דעם טויט פון זייער מוטער. קאַרריער האָט געהייסען צוזאַמענבינדען מענער מיט פרויען און דערטרונקען זיי, און דאָס האָבען די טעררעריסטען גערופען אַלס אַ וויץ „די רעפּובליקאַנישע האָכצייטען“. די גילליאָטינע האָט ניט געקענט אויספיהרען אַלע אורטיילען פון די ריכטער, און מען האָט צוגעטראַכט אַ מיטעל, ווי אַוועקצושיקען אויף יענער וועלט מיט אַמאָל גרויסע טראַנספּאָרטען פון פעראורטיילטע:

מען האָט אויסגעבויט שיפען, וועלכע זיינען אריינקומענדיג אין וואסער צופאלען, און די פעראורטיילטע אָפּפער, וואָס האָבען זיך געפונען אין זיי, זיינען אַלע מיט איין מאָל דערטרונקען געוואָרען. איין מאָל זיינען דער-טרונקען געוואָרען אין אזא שיף 90 פריסטער מיט אמאָל. מען בעהויפטעט, דאָס אין נאנטעס אַליין זיינען הינגעריכטעט געוואָרען איבער 4,000 מענ-שען, אָבער דאָס איז אָהן צווייפעל איבערטריבען.

אין דער צייט, וואָס פראנקרייך האָט געזיפצט אונטער דער הערשאפט פון טעררָאר, ווען דער טויטען־וואגען איז געלאָפען אָהן אויפהער דורך די גאסען פון פאריז און אנדערע שטעדט אין לאנד, האָט ראָבעספּיערר און זיין פריינד סט. זשוסט געטראכט צו פערווירקליכען זייער אידעאל: צו גרינדען א נייעם שטאאט אויף א פונדאמענט פון טוגענד און מאָראל. די אלע מערדערייען, הריגות און שחיטות האָבען נאָך זייער מיינונג בעדארפט האָבען די ווירקונג איבערצובילדען און צו רעפאָרמירען מאראליש דאָס פראנצויזישע פאָלק. די אלע רציחות האָבען לויט זיי געמוזט פיהרען דאָס פאָלק צום וואהרען גליק.

ראָבעספּיערר האָט אָנגעהויבען דורכצופיהרען זיין פּלאן מיט א רע-ליגיעזער רעפאָרמע אין געזעלשאפטליכען לעבען פון פראנקרייך.

דער קנעכטישער קאָנווענט האָט ווידער געמוזט אָנערקענען, לויט דער פאָדערונג פון דעם דעספּאָטישען דיקטאטאָר ראָבעספּיערר, די עקסיס-טענץ פון א העכסטען וועזען און די אונשטערבליכקייט פון דער זעעלע. ער האָט ניט געפיהלט, ווי נאריש עס איז צו לעזען אזעלכע פראגען דורך אן אָפּשטימונג און א מעהרהייטס־בעשלוס. אום דיזען בעשלוס עפענטליך בע-קאַנט צו מאכען האָט ער בעפוילען צו פייערן דעם 10טען יוני אלס א יום טוב צו עהרע פון דעם העכסטען וועזען (גאָט), און צו פעראנשטאלטען א פייערליכען צוג (א מארש). אלע האָבען דאָס בעטראכט פיר א גרויסע נארישקייט פון ראָבעספּיערר'ן. דאָס איז געווען א נארישע פוסטע קאָ-מעדיע, וועלכע האָט איהם פערשאפט נאָך מעהר געגנער ווי ער האָט געהאט פריהער. פיעלע פון די מיטגלידער פון קאָנווענט האָבען הויך אויסגע-שריען דאָס וואָרט „טיראן!"

אין דעם טאָג פון יום טוב צו עהרע פון דעם העכסטען וועזען האָט ראָבעספּיערר ארויסגעגעבען א שרעקליכעס, אונערהערטעס געזעץ, נעמליך: דאָס דער רעוואָלוציאָנס־טריבונאל ברויכט גאָרניט קיין בעווייזען אום אי-מיצען צו פעראורטיילען. אן איבערצייגונג אַליין איז דאפיר גענוג. דיזעס געזעץ איז געווען איינפאך געצילט אויף זיינע געגנער, די פיינד פון זיין

דיקטאַטור. דיזעם געזעץ האָט אָנגעוואָרפען אַ שרעק זאָגאַר אויף די טער-ראָריסטען. קיינער האָט זיך יעצט ניט געפיהלט זיכער. עס איז פיר אַלע-מען געוואָרען קלאָר, דאָס ראָבעספּיערר האָט ניט אין זינען וועלכע עס איז אידעאַלען, נאָר ער וויל ווערען אַן אַליין־הערשער, אַ דעספּאָט.

זיינע געגנער האָבען שוין צוגעגרייט געגען איהם אַן אָנקלאַגע. ער האָט גוט פערשטאַנען וואָס דאָ טוט זיך און ער האָט בעשלאָסען צו מאַכען אַן אָנגריף אויף זיינע פיינד. דעם 8טען טהערמידאָר (26טען יולי 1794) האָט ער זיך אין אַ רעדע בעקלאָגט איבער די בעשולדיגונגען, וואָס מען מאַכט געגען איהם, און ער האָט געפאָדערט, אַז מען זאָל אויסרייניגען פון קאָנ-ווענט זיינע געגנער. אָבער די רעדע האָט גאָרניט געווירקט, זיין מאַכט איז געלעהמט געוואָרען. מען האָט איהם ווידער שטאַרק אָנגעגריפען. עס האָט זיך געגען איהם אויסגעגאָסען אַ מבול פון אַנקלאַגען, און ער האָט זיך פערלאָרען.

זיינע געגנער האָבען פערשטאַנען, דאָס יעצט איז דער גינסטיגער מאָ-מענט צו בעזייטיגען דיזען פערהאַסטען טיראַן. זיי האָבען פערשטאַנען, דאָס זיי טאָרען יעצט ניט פערלירען קיין מאָמענט אום צו זיין זיכער מיט זייער זיג. אין דער נאַכט פון 9טען טהערמידאָר האָבען זיינע פיינד אויס-געאַרבייט אַ פּלאַן, ווי זיי זאָלען דערגרייכען זייער ציל. אַלע מיטגלידער פון קאָנווענט האָבען זיך פערבונדען געגען דעם דיקטאַטאָר און האָבען זיך בעזאָרגט מיט דער הילף פון דער נאַציאָנאַל־גוואַרדיע פון דער פּאַריזער מיטעל־קלאַס.

אום 11 אוהר פאָרמיטטאָג האָט זיך אָנגעהויבען די בערימהמטע זיצונג פון קאָנווענט פון 9טען טהערמידאָר (27טען יולי 1794). פריהער האָט מען אָפּגעפערטיגט אייניגע ניט וויכטיגע אַנגעלעגענהייטען. קיינער האָט זיך ניט געאיילט, ווייל מען האָט געוואוסט, דאָס דער געפעהרליכער קאַמף איז זעהר אַ וויכטיגער. ענדליך איז סט. זשוסט ארויף אויף די ביהנע מיט אַ לאַנגען צעטעל פון פערשיידענע אָנקלאַגעס. אָבער באַלד ווי ער האָט אָנגעפאַנגען האָט איהם טאַלליען אונטערבראָכען: „צו וואָס", האָט דיזער געזאָגט, „טויגען די אייביגע אָנקלאַגען איבער דיזעם און איבער יע-נעם? איך פערלאַנג, דאָס דער שלייער זאָל ענדליך אין גאַנצען צוריסען ווערען!" סט. זשוסט האָט מעהר ניט געקענט רעדען, ער איז געשטאַנען בלאַס ווי אַ טויטער. אָנשטאָט איהם האָט גערעדט טאַלליען. ער איז אָנגעפאַלען אויף ראָבעספּיערר׳ן און האָט איהם בעשולדיגט אין הייכע-ליי (צבוע׳יאַצטוואָ) און אין מאַכען אונגערעכטע קלאַגען געגען מענשען.

מיט א שרעקליכען צארן איז ראבעספיערר ארויפגעלאפען אויף די רעד-נער־ביהנע אום זיך צו פערטיידיגען, אבער מען האט איהם ניט געלא-זען רעדען. פון אלע זייטען האט מען אויף איהם געשריען און געדונערט מיט קולות. „טיראן! טיראן! דו האסט ניט דאס ווארט!" האט דער פרע-זידענט געשריען. עס איז געווארען א שרעקליכער טומעל. ראבעספיערר האט זיך געווענדט צו זיינע געטרייע פריינד, אבער אומזיסט, קיינער פון זיי איז איהם ניט געקומען צו הילף. ער האט זיך אנגעהאלטען אן דעם געלענדער (די שטאכעטען) פו דער ביהנע און האט מיט א פערקרימטען גע-זיכט געווארט ביז עס וועט ווערען שטילער אום ער זאל קענען עטוואס זא-גען, אבער אומזיסט. מיט זיינע לעצטע קרעפטען האט ער אויסגעשריען: „פרעזידענט פון מערדער, ווערסטו מיר געבען דאס ווארט? צום לעצטען מאל?" אומזיסט. ער איז ווי א שכור ווי עס איז צוגעגאנגען צו זיין פלאץ. דאן איז ארוים א דעפוטאט מיט דער פאדערונג, אז מען זאל רא-בעספיערר'ן פערהאפטען. אלע האבען געגעבען זייער צושטימונג. מען האט באלד אפגעפיהרט אין געפענגניס ראבעספיערר'ן, סט. זשוסט'ן און אייניגע אנדערע פון זיין קליקע. „אונגליקליכער", האט איינער פון דאנ-טאן'ס פריינד געזאגט צו איהם, ווען מען האט איהם פארבייגעפיהרט צו ארעסטירען, „דאנטאן'ס בלוט וועט דיך דערשטיקען".

ראבעספיערר וואלט זיך נאך געקענט רעטען, ווען ער וואלט געהאנ-דעלט ראש, ווייל דער שטאדט־ראט האט געהאלטען זיין זייט און איז גע-ווען געגען דעם קאנווענט. הענריאט, דער פיהרער פון דער נאציאנאל־רע-וואלוציאנערער ארמעע, איז שוין געווע גרייט צו געברויכען געגען דעם קאנווענט די קאנאנען. מען האט אנגעהויבען צו קלינגען מיט דער שטורם־גלאק, מען האט געשיקט שלוחים צו די יאקאבינער און מען האט גערופען די מאסען צום אויפשטאנד. מען האט בעפרייט די געפאנגענע און מען האט זיי מיט גרוים טריאומף געבראכט צום שטאדט־הויז. אבער ראבעס-פיערר האט שוין פערלארען זיין מוט, זיין ענטשלאסענהייט. ער איז גע-זעסען ווי געלעהמט און האט געוויינט איבער דעם פעררראט, וואס דא איז געשעהען. אויך די פראלעטאריער זיינען שוין יעצט ניט געווען אזוי בע-גייסטערט ווי פריהער. די מעהרסטע סעקציאנען זיינען יעצט געווען געגען ראבעספיערר'ן. די מאסע, וואס איז צוזאמענגעלאפען מיט וואפען, איז זיך רוהיג לאנגזאם צוגאנגען, ווייל די גאנצע זאך האט איהר ווייניג אינ-טערעסירט, און קיינער האט איהר ניט געגעבען קיין בעפעהל עטוואס צו טאן, און די רעוואלוציאנערע נאציאנאל־גווארדיע, וועלכע הענריאט האט גע-

פיהרט געגען דעם קאָנוועגט, האָט איהם ניט געוואָלט פּאָלגען צו שיסען אויף'ן קאָנוועגט. אונגעשטעקט, אָהן אַ שום געפאַהר, איז דער קאָנוועגט געקומען צום שטאָדט־הויז. דער זשאַנדאַר מעדאַ איז אַריין אין צימער אָן דער שפּיץ פון אייניגע סאָלדאַטען, און האָט אויסגעשריען צו ראָבעס־פּיערר'ן: „גיב זיך איבער, מערדער!" און האָט איהם אַריינגעשאָסען אַ קויל אין מאָרדע.

קיין פּראָצעס, קיין געריכט־פאָרמאַליטעטען האָט די הינריכטונג פון ראָבעספּיערר ניט געפאָדערט, ווייל דער קאָנוועגט האָט ערקלערט די געפאַנ־גענע אויסער געזעץ (ד. ה. דאָס יעדער קען טאָן מיט זיי וואָס ער וויל). דעם טאָג נאָכדעם, דעם 28טען יולי 1794, האָט מען געבראַכט די פער־האַפטעטע צום ריכט־פּלאַץ. די גאַסען זיינען געוועזן פול מיט מענשען; אַלע געזיכטער האָבען געצייגט פריידע, ווייל די מענער פון טעררער זיינען געוועזן ביים פאָלק שרעקליך פערהאַסט. אויף'ן עשאַפאָט האָט דער תליון אַרונטערגעריסען דעם באַנדאַזש פון ראָבעספּיערר'ס מאָרדע. דערביי האָט דער פערוואונדעטער געטאָן אַזאַ געשריי, דאָס מען האָט געהערט אויף'ן גאַנצען פּלאַץ. ווען זיין קאָפּ איז אַרונטערגעפאַלען פון דער גיליאָטינע האָט די מאַסע עטליכע מינוטען געפּאַטשט בראַוואָ. די גיליאָטינע האָט אויך אין די נעכסטע טעג געאַרבייט אויסצוראָטען די מענער פון טעררער.

אין דער צייט, וואָס פראַנקרייך האָט אין לאַנד זעלבסט געבלוטעט פון די טעררערויסטען, האָט זיך ביי די גרענצען, וואו די אַרמעע האָט געשטרי־טען מיט די אויסלענדישע מעכטען, ענטוויקעלט אַ גלענצענדע יוגענד. דאָרט האָט די רעוואָלוציאָן אַרויסגערופען בעגייסטערטע קרעפטען פיר פרייהייט, און די אייראָפּעאישע פירסטען האָבען געציטערט אויף זייערע טראָנען פאַר דער פּראָפּאַגאַנדאַ פון דער פראַנצויזישער בעגייסטערטער יו־גענד. דער פעלדצוג פון 1794 איז געוועזן פיעל גלענצענדער פון די פרי־הערדיגע. פּרייסען האָט געפיהרט דעם קריג אָהן חשק, הגם ענגלאַנד האָט געגעבען די נעטיגע הוצאות אויף'ן קריג. עסטרייך האָט אפילו אָנגעווענדט ביים קריג אַלע איהרע קרעפטען, אָבער זי האָט קיין ערפאָלג ניט געהאַט. דער פיינד איז געוועזן שטאַרקער.

דער הויפּט־אָרט פון קריג איז געוועזן אין נאָרד, דאָרט האָט דער קיי־זער פראַנץ פערזענליך קאָמאַנדירט. דער פּרינץ קאָבורג האָט אפילו צוריק־געטריבען די פראַנצויזען איבער די סאַמבּרע און האָט ערבערט די פעס־טונג לאַנדרעסי, אָבער דערמיט האָט זיך געענדיגט דאָס גליק פון די עסטרייכער. קאַרנאָט האָט ענטוויקעלט זיין ריזיגען פּלאַן ווידער אָפּ־

צונעהמען די פערלאָרענע פעסטונגען. פּישעגרו האָט זיך געוואָרפען מיט זיין הויפּט־מאַכט אויף וועסט־פלאַנדערן, האָט אָפּגענומען מענין און קורטרעי, און אין דער זעלבער צייט האָט שאַרבאָנניער גענומען זיך צו שאַרלערואַ. נאָך אַ רייהע פון בלוטיגע מלחמות און נאָך דער עראָבערונג כון איפּערן דורך מאָראָ איז פלאַנדערן געפאַלען אין די הענט פון די פראַנצויזען. אָבער ביי דער סאַמברע איז די געפאַהר געווען נאָך שטאַרקער. איינינע מאָהל זיינען די פראַנצויזען אַריבערגעגאַנגען דעם טייך און האָבען פערטריבען די עסטרייכער, און ענדליך האָבען זיי געהאַט ביי פלאָרוס אַ פאָלשטענדיגען זיג (26טען יוני). די פראַנצויזען האָבען געהאַט נאָך איינינע נצחונות, און ענדליך האָט זיך די נאָרד־אַרמעע פעראייניגט מיט דער אַרמעע פון די אַרדעננען און זיינען אַריין אין בריססעל (25טען יוני). בעלגיען איז ווידער איינגענומען געוואָרען. די עסטרייכישע הויפּט־אַרמעע האָט געמוזט צוריקטרעטען, וויל זשורדאַן האָט זי פערתּאָלגט. פּישעגרו איז געגאַנגען זיגרייך נאָך האָללאַנד און האָט געטריבען צוריק די ענגלענדער.

דער רעזולטאַט פיר די פראַנצויזען איז געווען זעהר אַ גלענצענדער. קיין פרעמדער סאָלדאַט איז שוין מעהר ניט געשטאַנען אויף'ן פראַנצויזישען באָדען. די פערבינדעטע מעכטען זיינען געווען בעדעקט מיט שמאַך און שאַנדע. אָן דער שפּיץ פון די פראַנצויזישע רעפּובליקאַנישע אַרמעען זיינען געשטאַנען נאָר געבאָרענע סאָלדאַטען. די רעפּובליקאַנישע אַרמעע האָט דאַמאָלס בעוויזען, וואָס פיר גרויסע טאַלאַנטען עס געפינען זיך אין פאָלק, טאַלאַנטען, וועלכע נאָר די דעמאָקראַטישע רעגירונגס־פאָרמע קען אַרויסרופען פון זייער טיפען שלאָף צו גרויסע טאַטען. די גענעראַלען זיינען כמעט אַלע געווען פון דער אָרימסטער קלאַס אין פאָלק, און דאָך זיינען זיי געווען זעהר פעהיגע און איינינע זאָגאַר זשעניאַלע מענשען, וועלכע זיינען געווען פיעל טיכטיגערע סטראַטעגיקער און קריגס־העלדען ווי די בעסטע גענעראַלען, וואָס דאָס מיליטערישע פראַנקרייך האָט געהאַט און אַרויסגעבראַכט זינט יאָהרהונדערטער. דער זשעניע ווערט מעהרסטענס געבאָרען דאָרט, וואו עס הערשען פרייע קרעפטען, ניט דאָרט, וואו די געזעלשאַפט לעבט אין לוקסוס און אין פוילקייט.

דיזער גליקליכער ערפאָלג פון די פראַנצויזישע וואַפען געגען אויסלאַנד איז דער שליסעל צו פערשטעהן דעם שטורץ פון ראָבעספּיערר. מען רעכענט געוועהנליך, דאָס די היגריכטונג פון דיזען טיראַנישען דיקטאַטאָר האָט געגעבען דער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן אַן אַנדער ווענדונג. און

דאָס איז ווירקליך אַזוי, ווייל מיט איהם האָט געזונקען די מאַכט פון די פּראָלעטאַריער, און דאָס בירגערטום אָדער בורזשואַזיע האָט ווידער אויפ־געהויבען דעם קאָפּ און האָט זיך געשטעלט אין פאָרדערגרונד. דער טער־ראָריזם, די גיליאָטינע, די איינציגע מיטלען פון די פּראָלעטאַריער, האָבען זייער ארבייט אָפּגעטאָן און האָבען שוין מעהר גאָרנישט געקענט טאָן, ווייל עס האָבען זיי דערצו געפעהלט די בעדינגונגען. דער טערראָר איז געווען נעטיג כל זמן די רעוואָלוציאָן איז געווען אין געפאַהר צו ווערען אונטער־דריקט פון אינוועניגסטע און אויסערליכע פיינד. אָבער „דער זיג געגען די מעכטען", ווי ראָבעספּיער זעלבסט האָט בעמערקט, „האָט בעוואַפענט דעם עהרגייץ, האָט איינגעשלעפערט דעם פּאַטריאָטיזם, און האָט מיט זיינע אייגענע גלענצענדע הענט געגראָבען דעם קבר פון דער רעוואָלוציאָן".

אַזוי באַלד, ווי דער אויסערער פיינד איז געוואָרען אונגעפעהרליך, האָט דער טערראָר געמוזט נעהמען אַן ענדע. אָבער דערמיט איז די לאַגע פון די פּראָלעטאַריער געוואָרען האָפנונגסלאָז. זעהר ריכטיג זאָגט קאַוטסקי: „די פערהעלטניסען האָבען געגעבען די פּראָלעטאַריער די מאַכט אין די הענט, אָבער ניט די מעגליכקייט צו שאַפען דויערנדע אינסטיטוציאָנען פיר זייערע אייגענע נוצען. זיי האָבען זיך ניט געוואָלט אונטערוואַרפען דעם עלענד, וואָס דער קריג און די קאַפּיטאַליסטישע ווירטשאַפט האָבען אויף זיי געבראַכט, דאַרום האָבען זיי בעשלאָסען דעם טערראָר. זיי האָבען דורך איהם געזוכט צו פערניכטען אַלע ספּעקולאַנטען, בערזען־הענדלער, וואוכערניקעס און אַנדערע רויבער אויף דעם געביט פון האַנדעל. אָבער זיי זיינען דערמיט ניט געקומען צום ציל. דיזע רויבעריי איז ווי אַ הידראַ (פאַבעלהאַפטע שלאַנג), וואָס מעהר קעפּ מען האַקט איהר אָפּ, אַלץ מעהר קעפּ וואַקסען איהר אָפּ. זיי האָבען געדאַרפט פאָרטזעצען דעם טערראָר ביז זיי זאָלען דאָך מאַכען אַן ענדע צו די אַלע רויבערייען, און צו גרינדען זייער צושטאַנד אויף אַן אַנדער פונדאַמענט.

אָבער נאָך דעם, ווי דער זיג פון דער פראַנצויזישער אַרמעע האָט גע־שטעלט זיכער די רעפּובליק, האָט דער טערראָר אויפגעהערט צו זיין אַ נויטווענדיגקייט צו רעטען די רעוואָלוציאָן. מען האָט איהם יעצט געפונען אַלס אונערטרעגליך, ווייל ער האָט געשטערט די עקאָנאָמישע ענטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט. די געגנער פון די פּראָלעטאַריער האָבען באַלד וויע־דער אויפגעהויבען די קעפּ און האָבען ווידער בעקומען מאַכט, וועהרענד די אַרבייטער זיינען געוואָרען שוואַכער, טיילס פון די שטענדיגע קאַמפען און טיילס דורך דעזערטירען. וואָס מעהר די אַרמעע האָט זיך אויסגעצייי־

בענט מיט נצחונות, אלס מעהר און מעהר האבען די פראלעטאריער פער־לארען אין מאכט און אנזעהן. צוזאמען מיט דער ארמעע האט זיך אויך אויפגעהויבען די בורזשואזיע, און די לומפען־פראלעטאריער זיינען געווען געצוואונגען אריינצוטרעטען צו זיי אין דינסט.

„זיי האבען פערלארען איין פאזיציאן נאך דער אנדערער, ביז זיי האבען ענדליך פערלארען יעדע בעדייטונג".

באלד נאך דעם, ווי ראבעספיערר איז געפאלען האט מען ראש אנגעהויבען אפצושאפען טעררארר. עס איז פלוצלינג געווארען אין דער פאליטיק א גרויסע ענדערונג, אן ענדערונג, וועלכע מען האט מיט אייניגע טעג פריהער גאר ניט געקענט ערווארטען. דאס געזעץ פון דעם 10טען יוני, וועלכעס האט געגעבען די טעררארריסטען פולע מאכט צו טאן וואס זיי ווילען, איז אפגעשאפט געווארען, און די ראדיקאלע מיטגלידער פון דעם רעוואלוציאנס־טריבונאל זיינען בעזייטיגט געווארען. עס האט ניט לאנג געדויערט און די בורזשואזיע האט אנגעהויבען צו נעהמען א גרויסען אנטייל אין פאליטישען לעבען. פריהער האבען די פראלעטאריער דורך זייערע דעמאנסטראציאנען און שטורם־פעטיציאנען (ביטשריפטען) געטריבען און געצוואונגען די דעפוטאטען צו אימער מעהר און מעהר ראדיקאלערע געזעצען, יעצט האט זיך דאס רעדעל איבערגעדרעהט. פון אלע טיילען פון לאנד האבען אנגעהויבען אנקומען צום קאנווענט אדרעסען וועגען אפשאפען דעם טעררארר. מען האט זאגאר אנגעפאנגען צו פאדערן ראכע פיר די בלוט־פערגיסונג, וואס דאס פאלק האט געליטען פון די ראדיקאלען, און שוין געגען דער וויעדערהאלונג פון די שרעקען. די מעסיגע אין קאנווענט האבען אימער בעקומען מעהר רעכט און האבען אנגעהויבען צו געהן אויף א נייעם וועג.

עס האט זיך אנגעהויבען א רעאקציאן. דעם 16טען אקטאבער איז ארויס א געזעץ געגען די געהיימע געזעלשאפטען. דיזעס געזעץ האט פערבאטען יעדע פערבינדונג אדער בריף־וועקסעל צווישען זיי. עס איז פערבאטען געווארען פעראיינען צו שרייבען פעטיציאנען (ביטעס), עס איז נאר געווען ערלויבט איינצעלנע פערזאנען זאלען עס טאן. מיט דיזען פערבאט האט מען געבונדען די יאקאבינער די הענט אונטערצונעהמען עטוואס וויכטיגעס. די יאקאבינער האבען געגען דיזע בעשרענקונגען ניט געוויזען קיין ווידערשטאנד. זיי האבען געוואלט א לאנגע צייט פערהאלטען זיך רוהיג אום צו געווינען צוריק דעם צוטרויען פון פאלק. אזוי מעכטיג איז געווארען אין פאלק די ענדערונג.

דאָס גאַנצע אויסזעהן פון פּאַריז איז געוואָרען אַנדערש. אַנשטאַט וואָס פריהער האָט געשוויבעלט און געגריבעלט אין די גאַסען אַ לומפּען־מאַסע, האָבען זיך יעצט בעוויזען מאַסען שענע פרעהליכע געזיכטער, די גאָלדענע יוגענד פון דער רייכער אָדער מיטעלער בירגער־קלאַס. זייער קליידונג האָט זיך אויסגעצייכענט מיט אַ ראָק וויט אויסגעשניטען ביים האַלז און וויט אויסגעשניטענע שיך. אויך איז זייער האָאָר געווען אייגענאַרטיג פריזירט. זיי זיינען געגאַנגען בעוואַפענט מיט קורצע שטעקענס, וועלכע זיינען געווען געפילט מיט בליי. זיי אַלע זיינען געווען שרעקליכע פיינד פון דער רעוואָלוציאָן און בעזונדערס פון די יאַקאָבינער.

דיזע „גאָלדענע יוגענד“, וועלכע די סאַנסקולאָטען *) האָבען מיט שפּאָט אַנגערופען די „מוסקאַט־העלדען“, האָט באַלד בעהערשט אַלע קאַפע־הייזער, טהעאַטערן און גאַסען. יעצט האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ יענע קלאַס פון פאָלק, וועלכע איז פריהער געווען געדריקט און בערויבט. עס האָבען אַנגעפאַנגען צירקולירען אין פאָלק נייע לידער מיט אַ נייעם אינהאַלט, לידער, וועלכע האָבען ערמונטערט דאָס פאָלק צו נעהמען ראַכע פון זיינע בעדריקער, די גרינדער פון טערראָר.

דאָס זיינען געווען גאָר אַנדערע טענער, גאַנץ פערשיידען פון דער מאַרסעילעזע. איבערהויפּט איז געווען זעהר בולט אין דיזע לידער אַ שרעקליכער האַס צו די יאַקאָבינער. די פאָדערונגען פון דיזען ראַכע־קאָרפּוס זיינען געוואָרען אַלץ העכער און דרייסטער. עס איז געקומען אַזוי וויט, דאָס זיי האָבען ניט געהאַט קיין מורא צו צושטערען דעם יאַקאָבינער־קלוב (9טען נאָוועמבער 1794). מיט גרויס לאַרם האָט זיך די גאָלדענע יוגענד געוואָרפען אויף'ן קלוב, האָט געוואָרפען ברוק־שטיינער אין די פערזאַמלונג און האָט אָנגעגריפען די יאַקאָבינער מיט קנוטען און שווערדען. די יאַקאָבינער מיט זייערע ווייבער און קינדער האָבען געענטפערט מיט געוועהר, אָבער זיי זיינען געווען צו שוואַך געגען דער גאָלדענער יוגענד און האָבען זיך געמוזט צוריקציהען. 8 טעג האָט אַנגעהאַלטען אין פּאַריז די שמחה איבער די נידערלאַגע פון די יאַקאָבינער. די פרייד האָט געשטיגען נאָך העכער ווען דער קאָנווענט האָט אין גאַנצען געשלאָסען דעם קלוב.

*) די „הויזען־לאָזע“ — דער צונאָמען פון די פּראָלעטאַריער רעוואָלוציאָנערען.

די רעוואָלוציאָנערע דעמאָקראַטיע האָט פערלאָרען איהר שטיצע און דעם מיטעלפּונקט פון איהר מאַכט. די אַרבייטער פון די פאָרשטעדט האָבען געקוקט אויף דיזע ענדערונג גלייכגילטיג און האָבען ניט גענומען קיין אַנטייל צו ענדערן דעם צושטאַנד. און באמת, וואָס האָבען זיי געהאַט בעסערעס, ווען דער טערראָר האָט געהערשט? איז דען זייער מאַטעריעלע לאַגע געוואָרען בעסער? זיי האָבען געליטען פון אָרימקייט ווי פריהער. די אַרבייטער האָבען אויך ניט פערגעסען, דאָס די יאַקאָבינער האָבען געשטירצט די קאָמונע, אָדער האָבען געהאָלפען צו שטירצען זי.

יעצט האָט אָנגעהויבען צו אַרבייטען אין לאַנד די שוואַרצע רעאַקציאָן. זי האָט קודם כל אָפּגעשאַפט דאָס געזעץ, וואָס האָט בעשטימט אַ מאַקסימום-פרייז אויף לעבענס-מיטלען. דער רעוואָלוציאָנס-טריבונאַל איז אין גאַנצען רעפאָרמירט געוואָרען. די 73 זשיראָנדיסטען, וועלכע זיינען אויסגעשלאָסען געוואָרען פון קאָנווענט דערפאַר, וואָס זיי זיינען געווען איין האַנט מיט די 22 דעפּוטאַטען פון די זשיראָנדיסטען, וואָס זיינען בערויבט געוואָרען פון זייערע רעכטען און אַרויסגעטריבען געוואָרען פון קאָנווענט, — זיינען געקומען צוריק אויף זייערע פּלעצער. מיט דיזע זשיראָנדיסטען האָט די רעאַקציאָן בעקומען אין קאָנווענט אַ גרויסע שטיצע. מיט זייער רעדענס-קראַפט, מיט זייער טאַלאַנט און מיט זייער ערביטערונג געגען די יאַקאָבינער האָבען זיי געגעבען דעם לעצטען קלאַפּ צו דער פערהאַסטער פּאַרטיי פון טערראָר. מיט פערדאָפּעלטע קראַפט און ענערגיע האָבען זיך די רעאַקציאָנערען יעצט גענומען צו פערניכטען די יאַקאָבינער און די טערראָריסטען. עס זיינען אָנגעקלאָגט געוואָרען דריי פערהאַסטע טערראָריסטען: קאַררי ער, לעבאָן און פוקיער-טינוויללע, וועלכע זיינען גלייך פעראורטיילט געוואָרען. די ביוסטען פון מאַראַט, וואָס זיינען געשטאַנען אין די גאַסען און אין די קאַפע-הייזער בעפּוצט מיט לאָרבער-קראַנצען, זיינען פערניכטעט געוואָרען. דער האַס געגען איהם איז געווען אַזוי גרויס, דאָס מען האָט אויסגעגראָבען זיינע ביינער פון פּאַנטהעאָן און אַריינגעוואָרפען אין אַ מיסט-גרוב. פון די אָנהענגער פון דער רעוואָלוציאָן האָט מען געפאָדערט, אַז זיי זאָלען וועניגסטענס אָפּגעבען זייערע וואַפען. קורץ, מען האָט געזוכט צו פערניכטען אַלעס, וואָס דער טערראָר האָט בעשאַפען.

אָבער די שטאַרקע רעאַקציאָן, וועלכע האָט געאַרבייט צו ראַשיג, האָט אַרויסגערופען נייע אונאָרדנונגען און פערפּלאָנטערנישען. דערצו איז נאָך צוגעקומען, וואָס דאָס פאָלק איז געוואָרען שטאַרק אויפגעבראַכט אויף די

טהערמידאָריאַנער (אַזוי האָט מען גערופֿען די געגנער פֿון ראָבעספּיערר), ווייל אין זייער צייט האָט זיך שטאַרק ענטוויקעלט שווינדעל-ספּעקולאַציאָן און וואוכער. אין יאָהר 1793 איז געווען אַרויס אַ געזעץ, וועלכעס האָט בעשטימט דעם מאַקסימום-פּרייז פֿיר לעבענסמיטלען. די קאָמונע האָט ווי ווייט זי האָט געקענט פֿערזאָרגט די אָרימע קלאַס מיט ביליגען ברויט. צו דיזען צוועק האָט זי געמאַכט אַ ספּעציעלע קליינע שטייער. אָבער די טהערמידאָריאַנער האָבען ווידער געעפֿענט טיר און טויער פֿיר די ספּעקולאַנטען. „האַנדעלס-פֿרייהייט און אָפּשאַפֿונג פֿון דעם מאַקסימום פֿון פּרייזען אויף לעבענסמיטלען" — דאָס איז געווען די ערסטע פֿאָדערונג פֿון דער בורזשואַזיע. די בערזע, דער טעמפּעל פֿון קאַפּיטאַל, איז ווידער געעפֿענט געוואָרען; דאָס מאַקסימום איז אָפּגעשאַפֿט געוואָרען.

פֿריהער האָט מען געאָפּפֿערט די בורזשואַזיע פֿיר דעם וואוילשטאַנד פֿון די מאַסען. יעצט איז עס געוואָרען אומגעקעהרט — מען האָט גע-אָפּפֿערט די מאַסען צוליב דער בורזשואַזיע. די ענדערונג איז געוואָרען אַ גאָלד-קוועלע פֿיר די הענדלער און אַן עלענד פֿיר די פּראָלעטאַריער.

דערצו איז צוגעקומען אַ נייע צרה — די אַסיגנאַציעס האָבען אָנגע-הויבען שטאַרק פֿאַלען אין זייער ווערט. וואָרים באַלד ווי די בורזשואַזיע איז געקומען צום רודער פֿון דער רעגירונג האָט זיך אָנגעהויבען אַ שטאַר-קער שווינדעל מיט די אַסיגנאַציעס. ביז דעם שטורץ פֿון ראָבעספּיערר'ן איז די אויסגאַבע פֿון אַסיגנאַציעס געווען פֿיעל-וועניג בעשרענקט. לויט אַ שפּעטערען בעריכט זיינען אַסיגנאַציעס געווען

| | | |
|---|---|---|
| אונטער דער קאָנסטיטואירענדער פֿערזאַמלונג | 2,437,656,618 | פֿראַנקס |
| אונטער דער געזעצגעבענדער פֿערזאַמלונג | 1,315,400,000 | " |
| אונטער דער הערשאַפֿט פֿון קאָנווענט | 1,021,727,000 | " |
| פֿון 1טען מאַי 1793 ביז 26טען אָקטאָבער 1795 | 10,349,639,000 | " |
| בסך הכל זיינען געווען אַסיגנאַציעס אויף | 15,124,422,618 | פֿראַנקס |

פֿון דיזע ציפֿערן זעהט מען קלאָר, דאָס אונטער די פֿריהערדיגע הער-שאַפֿטען איז די צאָהל אַסיגנאַציעס געווען אַ נאָרמאַלע. מען האָט ניט אַרויסגעגעבען קיין אַסיגנאַציעס פֿיר מעהר ווי העלפֿט פֿון דעם קאַפּיטאַל, וואָס האָט גאַראַנטירט די אויסצאָהלונג און צוריק-איינקאַסירונג פֿון די אַסיג-נאַציעס. פֿון די 10,349,639,000 פֿראַנקס, וואָס זיינען אַרויסגעגעבען גע-וואָרען פֿון 1טען מאַי 1793 ביז דעם 26טען אָקטאָבער 1795, האָבען די יאַ-קאָבינער אַרויסגעגעבען נאָר 3 מיליאַרדען אַסיגנאַציעס, די איבריגע מעהר

פון 7 מיליארדען האבען ארויסגעגעבען די טהערמידאריאנער. דאס ווייזט קלאר, אז די ראדיקאלען האבען געטאן זייער בעסטעס אום אונטערצוהאל־טען און שטיצען דעם נאציאנאל־קרעדיט.

א גאנץ אנדער סיסטעם שטעלט אונז פאר די הערשאפט פון די טהער־מידאריאנער. מען האט נאר געוואלט האבען צו טאן מיט דעם באנקיר און דעם ספעקולאנט. עס האבען זיך אנגעפאנגען גרויסע אונגעהייערע אויס־גאבען. אין איין טאג האט מען פערפערטיגט 5,150,000,000 פראנקס. שפעטער, אין פערלויף פון אונגעפעהר 3 יאהר, האבען די טהערמידאריאנער ארויסגעלאזען אסיגנאציעס אויף א סומע קרוב צו 30 מיליארדען פראנקס. דאס האט געמוזט פיהרען דאס לאנד צו באנקראט. דער רעזולטאט דערפון איז געווען, דאס די אסיגנאציעס זיינען שטארק געפאלען אין פרייז: מען האט אנגעהויבען צו צאהלען פיר זיי נאר 33 פראצענט, נאכדעם 19 פרא־צענט, און שפעטער, נאך דעם, ווי מען האט אפגעשאפט דעם מאקסימום־פרייז פון שפייז — נאר 17 פראצענט.

צום מעהרסטען האבען דערפון געליטען די פראלעטאריער. זייער נויט האט צוליב דעם שטארק געשטיגען. צום אונגליק איז נאך דער ווינטער געווען זעהר א שטרענגער. פיעלע פון זיי זיינען פשוט צושטארבען פון הונגער. דער קאנווענט האט זיך אפילו געגעבען אלע מיה צו בעזארגען פא־ריז מיט לעבענסמיטלען, אבער זיי האבען קוים געקענט אויספיהרען אריינ־צובריינגען אין שטאדט יעדען טאג 1,500 זעק מעהל, וועלכע האבען קוים געקענט פערשאפען יעדען איינוואוינער א פונט ברויט א טאג. דאס פאלק איז צוליב דיזע פערצווייפעלטע אומשטענדען געווען שרעקליך ער־ביטערט. דאס פאלק האט מיט גרויס בעדויערן דערמאהנט די צייט פון טעררא, ווען עס האט געהאט די ממשלה אין זיינע הענט, און האט געהאט וועניגסטענס ברויט צו עסען צו זאט, און האט אויך געהאט מעהר געלעגנ־הייט צו פערדינען.

דער הונגער האט ווידער געטריבען די ארבייטער צו מאכען אן אויפ־שטאנד. אין אנפאנג מערץ האבען זיך איבער־א־ניים אנגעהויבען פערזאמ־לונגען אין די גאסען, אבער די קנוטע פון דער גאלדענער יוגענד האט זיי גיך צוזאגט. דעם 21טען מערץ איז עס געקומען צו א גרעסערער דעמאנ־סטראציאן. אין דיזער צייט האט זיך אנגעהויבען דער פראצעס געגען די יאקאבינער: בילאנד־ווארעננעס, קאללאט און בארערע. די ארבייטער האבען געפאדערט זייער בעפרייאונג. זיי זיינען געקומען פון די פארשטעדט צום קאנווענט און האבען געפאדערט 3 זאכען: די בעפרייאונג פון די דריי

פערהאַפטעטע, ברויט און די קאָנסטיטוציאָן פון יאָהר 1793. ווען די בירגער האָבען זיך דערוואוסט, דאָס דער קאָנוועגט איז אין געפאַהר, זיינען באַלד צוזאַמענגעקומען 5,000 פון זיי מיט דער גאָלדענער יוגענד. עס איז געקומען צו אַ געשלעג, וועלכע האָט זיך געענדיגט דערמיט, דאָס די אַרבייטער פון די פאָרשטעדט זיינען צוטריבען געוואָרען.

דער אויפשטאַנד איז אַלזאָ געווען אַ דורכפאַל. דער רעזולטאַט דערפון איז נאָר געווען, וואָס די דעמאָקראַטישע פאַרטיי אין קאָנוועגט האָט דערפון געהאַט איהר פאָלשטענדיגע נידערלאַגע. נאָך פיעל ערגער און טרויעריגער איז געווען דער סוף פון דעם אויפשטאַנד אין די ערסטע טעג פון מאָנאַט פרעיריאַל (דער מאָנאַט פון 22טען מאַי ביז 22טען יוני) פון דעם 3טען יאָהר פון דער רעפובליק. אין אָנפאַנג מאָנאַט מאַי האָט מען אָנגעהויבען אַרויסצוגעבען אין די פאָרשטעדט צו די אַרבייטער נאָר אַ האַלבען פונט ברויט אַ טאָג, אָנשטאָט וואָס פריהער האָט מען זיי געגעבען אַ גאַנצען פונט פיר יעדע פערזאָן. אַנדערע גרויסע אָרימעלייט האָבען דערצו נאָך בעקומען אַ הייפעל רייז. דאָס פאָלק איז געוואָרען שטאַרק ערביטערט. מיט דיזער ערביטערונג האָבען זיך בענוצט די יאַקאָבינער און האָבען אָנגעהויבען צו אַגיטירען. מען האָט נאָך אַמאָל געוואָלט געניסען די פרוכט פון דער רעוואָלוציאָן. דעם 20טען מאַי 1795 האָבען די גלאָקען אין די פאָרשטעדט צוזאַמענגערופען די מאַסען, וועלכע האָבען זיך געלאָזען געהן מיט ווייבער און קינדער אין פאַריז צום קאָנוועגט, פון וועלכען זיי האָבען געפאָדערט די פערפאַסונג פון 1793, מען זאָל צאָהלען פיר די אַסיגנאַציעס זייער נאָמינעלען פרייז.

ווען מען האָט דערהערט, וואָס עס טוט זיך ביים קאָנוועגט, זיינען פיעלע פון די בירגער און די גאָלדענע יוגענד געקומען איהם צו הילף. אָבער עס איז שוין געווען אַ ביסעל צו שפעט. דער קאָנוועגט האָט מוטיג בעשלאָסען, דאָס די קאָמונע פון פאַריז איז פעראַנטוואָרטליך פיר אַלעס, וואָס וועט געטאָן ווערען צו די דעפוטירטע, און די הויפט־אָנפיהרער פון אויפשטאַנד זיינען אויסער געזעץ. אָבער אין דעם מאָמענט האָט דאָס ווייניג גענוצט. די טריבונען זיינען געוואָרען פול מיט פרויען, וועלכע האָבען געפאָדערט ברויט. דער פרעזידענט פון קאָנוועגט האָט געוואָלט אַיינשטילען דעם לאַרם פון דער מאַסע אום איהר עטוואָס צו ערקלערען, אָבער זיין מיה איז געווען אומזיסט. מען האָט געמוזט צויאָגען די פרויען פון די טריבונען מיט בייטשען. דאַמאָלס האָבען די מאַסען אַיינגעבראָכען די טויערן און טירען און זיינען אַריין אין זאַל פון קאָנוועגט. דער דעפוטאַט פעראַנד האָט

זיך געשטעלט געגען די מאַסען און האָט זיי געוואָלט בערוהיגען, אָבער זיי זיינען איהם בעפאַלען און מען האָט איהם אין איין אויגענבליק אַרונטערגע-נומען זיין קאָפּ און אויפגעהויבען אויף אַ שפּיז. עס איז געוואָרען אַ שרעק-ליכער טומעל. דער פּרעזידענט בואססי ד'אַנגלאַס איז געזעסען אויף זיין שטוהל אַ בלאַסער, אָבער מיט מוט. ער האָט געגעבען אַ בעפעהל צו אַ הוי-כען מיליטער-בעאַמטען צו ברייננגען מיליטערישע הילף. ווען ער האָט דער-זעהען דעם קאָפּ פון דעם ערמאָרדעטען דעפּוטאַט אויף'ן שפּיץ פון אַ שפּיז האָט ער געמיינט, אַז דאָס איז דער קאָפּ פון דעם הויכען אָפּיצער, וואָס ער האָט געשיקט נאָך מיליטער, און דאָס ער איז געפאַלען אַלס אָפּפער פיר ערפילען זיין פליכט, און ער האָט איהם צו עהרע אַראָפּגענומען דעם הוט און האָט זיך אויפגעשטעלט. עס איז געווען אונמעגליך צו פערהאַנדלען עטוואָס אין קאָנווענט. איינינע דעפּוטאַטען זיינען צולאָפען, און די, וואָס זיינען פערבליבען, האָבען נאָכגעגעבען די פאָדערונגען פון דער מאַסע. אָבער די אַרבייטער האָבען געהאַט אַ גרויסען טעות ווען זיי האָבען גע-דענקט, דאָס זיי האָבען בעזיגט דעם רעאַקציאָנערען קאָנווענט, ווייל הינטער דעם קאָנווענט איז געשטאַנען אַ גרויסער טייל פון די בעוואָפּענטע בירגער.

ארום האַלבע נאַכט איז אָנגעקומען מיליטער. עס איז געוואָרען אַ שרעקליכער קאַמף. מען האָט ווי עס איז אָפּגערייניגט דעם זאַל פון קאָנ-ווענט פון דער מאַסע. די בעשלוסען, וואָס די דעפּוטאַטען האָבען געמאַכט צו די אַרבייטער מיט איינינע שטונדען צוריק, זיינען בטל געוואָרען, און מען האָט אַרעסטירט איינינע יאַקאָבינער, וועלכע האָבען אָרגאַניזירט דעם אויפ-שטאַנד.

דער קאָנווענט האָט בעשלאָסען אָפּצונעהמען די וואַפען פון די אַר-בייטער אין די פאָרשטעדט. „מען טאָר ניט לאָזען קיין וואַפען אין די הענט פון די מערדער, בלוט-זויפער, רויבער און אַגענטען פון דער טיראַניי פון דעם 9טען נאָוועמבער", אַזוי האָט געלויטעט דער בעשלוס פון דעם קאָנווענט.

דיזע שפּראַך האָט שטאַרק בעליידיגט די געפיהלען פון די אַרבייטער. דעם 21טען מאַי איז די מאַסע אַרבייטער ווידער אַרויס געגען דעם קאָנווענט. די מאַסע איז געווען אַזוי גרויס, דאָס זי איז געווען זיכער מיט איהר זיג. די פערזאַמעלטע דעפּוטאַטען האָבען דאַמאַלס בעשלאָסען צו געווינען די מאַסען מיט גוטע ווערטער און פערשפּרעכונגען. דער קאָנווענט האָט זיי צוגעזאָגט צו בעזאָרגען זיי מיט לעבענסמיטלען, און זיי זיינען דערמיט גע-ווען צופרידען. יעצט האָבען זיי שוין מעהר ניט פערלאַנגט ווי ברויט. דער פּאָליטישער קאַמף האָט זיך שוין צוגעגעסען. זיי האָבען זיך אָבער גע-

נאַרט, ווען זיי האָבען געמיינט, דאָס זיי האָבען דעם קאַמף געוואונען. זייער פריהערדיגע מאַכט איז שוין פערשוואונדען. מען דאַרף ניט פערגעסען, דאָס פּאַריז האָט איהרע בעסטע קרעפטען שוין לאַנג אַוועקגעגעבען פיר די אַר־מעע. אין דעם איין מאָנאַט סעפּטעמבער פון 1792 זיינען אַריינגעטרעטען אין דער אַרמעע 50,000 וואָלונטירען (פרייוויליגע), וועלכע זיינען כמעט אַלע געווען פון דער אַרבייטער־קלאַס. אין דער צייט, וואָס דיזע האָבען געשטרי־טען און פערגאָסען זייער בלוט פיר די רעפּובליק, האָט מען אין דער היים, אין פראַנקרייך, כמעט אין גאַנצען פערניכטעט זייער פּאַרטיי.

אָבער דער קאָנווענט האָט גאָר ניט געטראַכט צו ערפילען זיין פער־שפּרעכען. זיין ערסטער ענטפער איז געווען אַרויסצורופען אייניגע טוי־זענד סאָלדאַטען פון דער נאָרד־אַרמעע און מיט אייזערנער געוואַלט דער־שטיקען דעם אויפשטאַנד. די בונטאָוושטשיקעס זיינען פעראורטיילט גע־וואָרען פון אַ קריגס־געריכט און די פאָרשטעהרס האָט מען ענטוואָפענט. זעקס דעמאָקראַטען פון דער באַרג־פּאַרטיי זיינען פעראורטיילט געוואָרען צום טויט. פון דיזע זעקס האָבען דריי זיך אַליין גענומען דאָס לעבען, און די איבריגע האָבען פערלאָרען זייער לעבען אונטער דער גיללאָטינע.

די אַרבייטער האָבען אַלעס פערלאָרען: זייערע דעמאָקראַטישע אָנ־פיהרער, זייערע קלובס און זייערע בעאַמטע. זייער איינפלוס אויף די רע־גירונג איז פערניכטעט געוואָרען. די בורזשואזיע האָט זיך אָנגעאייגענט די פריהערדיגע רעכטען פון די פּעאָדאַלען. זי האָט ערוואָרבען איהר הערשאַפט דורך אַ טערראָר, וועלכער איז געווען פיעל ברוטאַלער פון דעם טערראָר פון די רעוואָלוציאָנערען. עס וואָלט פערנומען צו פיעל פּלאַץ און עס וואָלט דעם לעזער צו פיעל ערמידען צו לעזען די אַלע גרוילטאַטען, מיט וועלכע די רעאַקציאָן האָט בעפלעקט איהרע הענט. מען האָט זאָגאַר ניט געקוקט אויף וועלכע עס איז געריכטליכע פאָרמע, זאָגאַר פון יוצא וועגען. עס איז געווען אַ איינפאַכע יאַגד אויף יאַקאָבינער ווי אויף ווילדע חיות; מען האָט געשניטען רעכטס און לינקס, אָהן אַ שום פערהער, אָהן ריכטער. מען האָט אין טאַראַסקאָן אַרויפגעבראַכט פיעלע אָפּפער אויף אַ הויכען טורם, און פון דאָרט האָט מען זיי אַרונטערגעשליידערט אין דעם טייך רהאָנע. אָבער דאָס איז נאָך געווען פון די מילדעסטע הריגות, וואָס מען האָט בעגאַנגען געגען די יאַקאָבינער.

די נאַכריכט פון ראָבעספּיערר׳ס פאַל האָט אויף די אַרמעע ניט געמאַכט קיין איינדרוק. זי איז געבליבען טריי דעם קאָנווענט. די אַרמעע האָט אויך שפּעטער ניט אויפגעהערט צו זיין געהאָרזאַם דעם קאָנווענט. באַלד נאַכ־

דעם האָט פּישעגרו אונטערגענומען אַ פעלד־צוג נאָך האָללאַנד, וועלכער האָט זיך בעוויזען זעהר גלענצענד. אין מיטען ווינטער האָט ער אָנגעגריפען די פעראייניגטע פּראָווינצען. די ענגלישע אַרמעע איז געווען הילפלאָז, און האָט זיך געשעצט גליקליך ווען איהר איז געלונגען צו לויפען צו דער דייטשער גרענעץ. די פּאַרטיי אין האָללאַנד, וועלכע איז געווען פיינדליך צום שטאַטהאַלטער, האָט אונטערשטיטצט די פראַנצויזישע אַרמעע, וועלכע האָט זי אויפגערופען צו פרייהייט. די בעריהמטע האָללענדישע שטעדט: לייַדען, אַמסטערדאַם, אוטרעכט און האַאג, זיינען איינגענומען געוואָרען. דער שטאַטהאַלטער איז ענטלאָפען נאָך ענגלאַנד. זיין מאַכט איז אָפּגעשאַפט געוואָרען. די פערזאַמעלטע גענעראַל־שטאַאטען האָבען עפענטליך ערקלערט די מענשענרעכטען און די אויבערהערשאַפט פון פאָלק. מען האָט אָפּגעשאַפט די קלאַסען און יעדען אונטערשייד אין רעכטען. אַלע האָבען בעקומען גלייכע רעכטען. די געזעצגעבענדע מאַכט איז איבערגעגעבען געוואָרען צו פערטרעטער (ערוועהלטע) פון פאָלק, און זי איז געווען צוטיילט אין צוויי קאַמערן. די עקזעקוטיוו־מאַכט איז געוואָרען אָנפערטרויט צו אַ דירעקטאָריום פון 5 פּערזאָן.

דעם 16טען מאַי 1795 האָט די נייע באַטאַווישע רעפּובליק (האָללאַנד) געשלאָסען פרידען מיט פראַנקרייך. לויט דיזען פרידען האָט פראַנקרייך בעקומען האָללענדישע פלאַנדערן, מאַסטריכט, ווענלאָאָ צוזאַמען מיט די געביטען, וועלכע זיינען פערבונדען מיט איהר. די שיפפאַהרט אויף'ן רהיין, אויף דער שעלדע און דער מאַאַס זיינען געווען פריי פירביידע נאַציאָנען. אַלזאָ האָט דער קריג מיט די פערבינדעטע מעכטען גענומען אַ גאַנץ אַנדערע ווענדונג. דער זיג פון די פראַנצויזען האָט אָפּגעריסען פון ענגלאַנד אַ שטאַרקע שטיצע, וועהרענד פראַנקרייך האָט דורך די באַטאַווישע רעפּובליק בעקומען רייכע מיטלען פאָרטצוזעצען די מלחמה. דער זיג האָט נאָך געהאַט אַן אַנדער ווירקונג, נעמליך: דאַס פּרייסען האָט ארויסגעטרעטען פון דעם בונד, ווייל זי איז געווען געדראָהעט פון האָללאַנד און פון רהיין, און אויסערדעם איז זי געווען צופיעל בעשעפטיגט מיט די פּוילישע אַנגעלעגענהייטען. אין דעם פרידען, וואָס איז געשלאָסען געוואָרען צווישען פראַנקרייך און פּרייסען דעם 5טען אַפּריל 1795, האָט פּרייסען אָפּגעטרעטען צו פראַנקרייך די בעזיצונגען, וואָס זי האָט געהאַט אויף דעם לינקען ברעג פון רהיין. באַלד נאָכדעם איז אויך געשלאָסען געוואָרען פרידען מיט שפּאַניען. דער שפּאַנישער קאַבינעט האָט אָנערקענט די פראַנצויזישע רעפּובליק. די ביידע אַרמעען, וואָס פראַנקרייך האָט געהאַט ביי די פּירע-

נאָען (נעבען שפּאַניען), האָבען אַוועקגעמאַרשירט צו די אַלפּען, און האָבען זיך פעראייניגט מיט דער אַרמעע, וואָס איז דאָרט געשטאַנען.

נאָך דעם, ווי די טהערמידאָריאַנער און די זשיראָנדיסטען האָבען אי־בעראַל געזיגט אין לאַנד זעלבסט און אין אויסלאַנד געגען די פעראייניגטע מעכטען, האָבען זיי געגלויבט, דאָס יעצט איז געקומען די רעכטע צייט איינצושטילען די רעוואָלוציאָן און געבען דער געזעלשאַפט אַ פּאַסענדע פערפאַסונג. דאַמאָלס האָבען זיך די ראָיאַליסטען ווידער אָנגעהויבען צו בעוועגען. די רעכטע אין קאָנווענט האָבען ערקלערט אָפען, דאָס זיי זיינען געגען דעם, אַז מען זאָל צוריק איינפיהרען אַ מאָנאַרכיע. עס איז יעצט שווער צו אורטיילען, וואָס פיר אַ ריכטונג די פּאָליטיק וואָלט דאַמאָלס גע־נומען, ווען דער קליינער לודוויג דער 17טער וואָלט דאַמאָלס ניט געשטאָר־בען. די אַנדערע בורבאָנישע פּרינצען האָבען ניט געהאַט קיין גוטע אויס־זיכטען אויף'ן טראָן. דער גראַף פון פּראָווענס האָט זיך אפילו גערופען לודוויג דער 18טער, און זיין ברודער דער גראַף פון אַרטואַ האָט געמאַכט פון ענגלאַנד אַ שטאַרקען אָנגריף אויף פראַנקרייך, אַן אָנגריף, אין וועלכען די אויסגעוואַנדערטע האָבען איהם פיעל געהאָלפען, און ער האָט איינגע־נומען די פעסטונג פּ ע נ ט ה י ע ו ו ר ע; אויך די ווענדעער אויף דעם רעכטען ברעג פון דער לואַר האָבען ווידער געמאַכט אַן אויפשטאַנד געגען דער רעפּובליק, און אויך פון אויבער־רהיין האָט דער פּרינץ קאָנדע גע־פּרובט מאַכען אַן אָנגריף אויף פראַנקרייך מיט דער הילף פון די עמי־גראַנטען.

אָבער דער יונגער גענעראַל ה אָ ש האָט צוטריבען די אַלע פיינדליכע אַרמעען. ער האָט אויך באַלד אָפּגענומען צוריק די פעסטונג פּענטהיעוורע. איבער 2,000 זיינען געפאַלען פון די אָנגרייפער אין דער שלאַכט, און אונ־געפעהר אַזוי פיעל האָבען זיך געראַטעט אין די שיפען; און די איבריגע האָבען זיך געמוזט אונטערגעבען. מען רעכענט, דאָס אין דיזער שלאַכט האָבען די רעפּובליקאַנער אָפּגענומען פון פיינד איבער 2 מיליאַרדען רויב. די געפאַנגענע עמיגראַנטען זיינען פון אַ קריגס־געריכט פעראורטיילט גע־וואָרען צום טויט, און זיי זיינען אַלע דערשאָסען געוואָרען.

די קעניגליכע פּאַרטיי איז אַלזאָ בעזיגט געוואָרען. וואָס זאָל מען אָבער יעצט ווייטער טאָן? ביי דער הערשענדער בורזשואַזיע איז דאַ־מאָלס ניט געוועזען קיין צווייפעל, דאָס מען מוז מאַכען אַן ענדע צו דעם רעוואָלוציאָנערען צושטאַנד אין פראַנקרייך. צו דיזען צוועק האָט דער קאָנווענט צוזאַמענגעשטעלט אַ נייע קאָנסטיטוציאָן, וועלכע דער פּרעזידענט

פֿון קאָנווענט בואססי ד'אַנגלאַס האָט פֿערפֿאַסט און האָט פֿאָרגעלעגט דעם קאָנווענט. „ענדליך", האָט ער געזאָגט אין זיין רעדע, „זיינען מיר געקומען צום גליקליכען צייט־פּונקט, ווען מיר הערען אויף צו זיין גלאַדיאַטאָרען (שווערד־קעמפֿער) פֿון פֿרייהייט, און מיר זיינען יעצט אין דער לאַגע צו זיין די וואַהרע גרינדער פֿון פֿרייהייט. איך זעה שוין ניט מעהר אין דיזער פֿערזאַמלונג די ווילדע נאַטורען, וועלכע האָבען בעפֿלעקט די פֿרייהייט מיט בלוט פֿון אונשולדיגע בירגער; די געוועלבען פֿון דיזען טעמפּעל קלינגען שוין מעהר ניט אָפּ פֿון זייערע ווילדע געשרייען, ווען זיי האָבען גערופֿען צו בלוט־פֿערגיסונגען; מען הערט שוין ניט מעהר זייערע טיראַנישע פֿאָרשלאַגען!"

ווייטער אין זיין רעדע האָט זיך דער פֿערפֿאַסער פֿון דער נייער קאָנסטיטוציאָן זעהר שאַרף אויסגעדריקט געגען דער קאָנסטיטוציאָן פֿון יאָהר 1793. אין אַלגעמיין איז די נייע קאָנסטיטוציאָן געווען זעהר רעאַקציאָנער. לויט דיזער קאָנסטיטוציאָן דאַרפֿען זיין די וואַהלען אינדירעקטע (ניט גלייך פֿון פֿאָלק). שטימרעכט און אָנטייל אין דער רעגירונג זאָלען האָבען נאָר די, וואָס האָבען וועלכעס עס איז פֿערמעגען. די רעגירונג אָדער דער פּאַרלאַמענט זאָל בעשטעהן פֿון 2 קאַמערן. די פֿאָלקס־פֿערטרעטער זאָלען יעצט בעשטעהן פֿון 2 קערפּערשאַפֿטען: פֿון אַ ראַט פֿון 500 און פֿון אַ ראַט פֿון אַלטע (סענאַט). די מיטגלידער פֿון דעם ראַט פֿון 500 מוזען זיין ניט אינגער פֿון 30 יאָהר, זיי מוזען וואוינען אין לאַנד ניט וועניגער ווי 10 יאָהר און האָבען אַ געוויסען פֿערמעגען. אין דעם ראַט פֿון די אַלטע זיינען צוגעלאָזען געוואָרען פּערזאָנען ניט וועניגער פֿון 40 יאָהר אַלט, וואָס זיינען ניט וועניגער ווי 15 יאָהר אין לאַנד. די עקזעקוטיוו־מאַכט איז איבערגעגעבען געוואָרען צו אַ דירעקטאָריום פֿון 5 מענער.

דער קאָנווענט האָט גוט פֿערשטאַנען, דאָס איהם וועט זיין שווער דורכצופֿיהרען, אַז די פֿערפֿאַסונג זאָל אָנגענומען ווערען, ווייל עס וועלען זיך נאָך געווים געפֿינען געגנער אין די פּאַרטייען געגען איהם. דאַרום האָט ער בעשלאָסען, דאָס צוויי דריטעל פֿון זיינע יעצטיגע מיטגלידער מוזען ערוועהלט ווערען צום נייעם קאָנווענט, און ווען די וועהלער וועלען אויסוועהלען וועניגער, האָט דער יעצטיגער קאָנווענט דאָס רעכט אַליין צו בעשטימען אָהן וואַהלען די איבריגע ביז צוויי דריטעל, ניט פֿרעגענדיג דאָס פֿאָלק. דערמיט האָט דער קאָנווענט אָנגעגריפֿען די פֿרייהייט פֿון די וואַהל־רעכטען. דיזע פֿאָדערונג פֿון קאָנווענט האָט אַרויסגערופֿען אַ שטאַרקע אָפּאָזיציאָן. מעהר פֿון אַלעמען האָבען געגען דעם פּראָטעסטירט די ראָ-

יאַליסטען. זיי האָבען געהאָפט, דאָס דורך די וואַהלען וועט זיי געלונגען צו האָבען אין קאָנווענט אַ מאַיאָריטעט, און דורך דעם וועלען זיי האָבען די מעגליכקייט אויפצושטעלען צוריק אַ מאָנאַרכיע אין לאַנד, און יעצט זעהען זיי, דאָס זייער האָפנונג איז פערלאָרען.

די ראָיאַליסטען האָבען בעשלאָסען צו מאַכען אַ בעוואַפענטען אויפשטאַנד. די סעקציאָנען האָבען זיך ערהויבען, און ניט מעהר די יאַקאָבינער, ניט מעהר די פּראָלעטאַריער, נאָר די רייכע און אָנגעזעהענע בירגער זיינען יעצט אויפגעשטאַנען געגען דעם קאָנווענט און האָבען אויפגעהויבען געגען איהם דאָס מיליטער אָדער די לאַנד־מיליץ. אָן דער שפּיץ פון דעם אויפשטאַנד איז געשטאַנען די סעקציאָן פון לעפּעללעטיער מיט 40,000 בעוואַפענטע. דער קאָמאַנדיר פון דיזער אַרמעע איז געווען דער גענעראַל דאַניקאַן. דער קאָנווענט האָט אַרויסגערופען איינינגע טויזענד ליניען־סאָלדאַטען און האָט זאָגאַר אַיינגעלאַדען צו הילף אַרבייטער פון די פאָרשטעדט. יעצט זיינען די ברוטאַלע יאַקאָבינער און די פּראָלעטאַריער ווידער געוואָרען גוט גענוג, אום צו פערגיסען זייער בלוט פיר די רעפּובליק געגען זייערע ביטערע פיינד, די ראָיאַליסטען. פון די יאַקאָבינער און די פּראָלעטאַריער פון די פאָרשטעדט האָט דער קאָנווענט אויפגעשטעלט אַ „באַטאַליאָן פון די פּאַטריאָטען פון יאָהר 1789”, וועלכע האָבען ווירקליך מוטיג געשטריטען פיר דעם קאָנווענט. די אויבער־קאָמאַנדע איבער די קריגס־מאַכט האָט דער קאָנווענט איבערגעגעבען צו נאַפּאָלעאָן באָנאַפּאַרטע, וועלכער איז ערהויבען געוואָרען צום ראַנג פון בריגאַדיר־גענעראַל פיר די טאַטען, וואָס ער האָט בעוויזען ביי טולאָן. אָבער אין דער צייט, ווען דער טעררער איז געשטירצט געוואָרען, האָט ער געקראָגען אויף זיך אַ חשד און איז אַרונטערגעזעצט געוואָרען פון זיין שטעלע. יעצט האָט איהם דער קאָנווענט איבער־אַ־נייס איבערגעגעבען די קאָמאַנדע איבער דער אַרמעע.

נאַפּאָלעאָן האָט קאַלטבלוטיג אָנגענומען דיזע שטעלע מיט דעם בעפעהל צו שטרייטען געגען די ראָיאַליסטען. ער האָט גוט געוואוסט, דאָס איהם שטעהט יעצט פאָר צו פערגיסען בלוט פון אייגענע בירגער. די ראָיאַליסטען וואָלטען געוואונען דעם זיג, ווייל דער קאָנווענט האָט אין גאַנצען געהאַט 6,000 מאַן, וועהרענד די ראָיאַליסטען האָבען געהאַט 40,000 מאַן. אָבער צווישען די לעצטע האָט געפעהלט איבעראיינשטימונג. דעם 5טען אָקטאָבער פון יאָהר 1795 אום 4 אוהר האָט זיך אָנגעהויבען דער גאַסען־קאַמף. נאַפּאָלעאָן האָט מיט האַרמאַטען־שיסען פריהער אָפּגעריינינגט דעם

פלאץ ארום דעם טואילעריען־שלאס, וואו דער קאנוועגט האט געהאלטען זיינע זיצונגען, און נאכדעם האט ער צוטריבען די פאלקס־מיליץ, וועלכע איז פון זיינע שיסערייען צולאפען. 2,000 מאן פון דער פאלקס־מיליץ זיינען געפאלען אין יענעם טאג. אויף'ן 2טען טאג האט מען ענטוואפענט די סעקציאן פאלקס־מיליץ פון לעפעללעטיער, און דערמיט האט זיך דער ווידערשטאנד געענדיגט. ארעסטען און היגריכטונגען האבען אין גאנצען בעפעסטיגט דעם זיג פון דעם קאנוועגט און דער רעפובליקאנער פארטיי.

נאכדעם האט דער קאנוועגט איינגעפיהרט זיין פלאן. ער האט ערוועהלט צוויי דריטעל פון זיינע מיטגלידער צום נייעם קאנוועגט, און פון זיי און פון דעם לעצטען דריטעל, וואס דאס פאלק האט ערוועהלט לויט דער נייער פערפאסונג, האט ער געבילדעט דעם ראט פון די אלטע און דעם ראט פון די 500 און האט בעשטימט 5 דירעקטארען. דיזע זיינען בעשטימט געווארען פון די מיטגלידער פון קאנוועגט, וועלכע האבען געשטימט פיר לודוויג דעם 16טען'ס טויט. דעם 25טען אקטאבער 1795 האט דער קאנוועגט ערקלערט זיינע זיצונגען געענדיגט אויף אימער, און די ארדנונג פון דער רעגירונג איז איבערגעגעבען געווארען צו די נייע ראטען און צום דירעקטאריום. די מיטגלידער פון קאנוועגט זיינען צוגאנגען אונטער דעם געשריי: „לעבען זאל די רעפובליק!"

## 3. דאס דירעקטאריום.

די נייע רעגירונג האט זיך אין סאמע אנפאנג געפונען אין א זעהר שווערער לאגע. עס האט איהר געפעהלט געלט און מעהר פון געלט האט איהר געפעהלט דער צוטרויען פון פאלק. די נייע רעגירונג האט אפילו פערשפראכען צו ענדיגען דעם בירגער־קריג, צו שיצען דעם שטאאט געגען אויסלענדישע שונאים, צו ברייגגען די פארטייען אין לאנד צום פרידען און צו פערשאפען דעם מסחר קרעדיט. אבער קיינער האט זייערע פערשפרעכונגען ניט געטרויט. דערצו זיינען ערוועהלט געווארען אין דעם דירעקטאריום מענשען, וואס האבען ניט געפאסט צו דיזער הויכער שטעלע, און צוליב דעם אליין האט דאס פאלק ניט געהאט צו זיי קיין צוטרויען. דער איינציגער טיכטיגער מאן צווישען זיי איז געווען קארנאט. ער איז געווען א דעמאקראט אין פולען זין פון ווארט.

אין א שרעקליכען צושטאנד איז געקומען דאס דירעקטאריום צוליב דעם טרויעריגען צושטאנד פון די פינאנצען. די נייע רעגירונג האט זיך געוואלט העלפען אין איהר נויט דורך א געצוואונגענע אנלייהע פון די רייכע.

זי האָט אָבער בעגעגענט גרויסע שטערונגען און האָט איהר פּלאַן ענדליך גע-מוזט אויפגעבען. מען האָט ווידער אָנגעהויבען צו פערמעהרען די אסיגנא-ציעס אום אויסצוהעלפען זיך ווי עס איז אין נויט. אין די ערסטע 5 מאָנאַטען פון דער הערשאַפט פון דעם דירעקטאָריום זיינען ארויסגעגעבען געוואָרען אסיגנאציעס אויף א סומע פון ניט וועניגער ווי 30 ביליאָן, 456 מיליאָן, 990 טויזענד פראנק; דאָס איז 2 מאָל מעהר וויפיעל די רעוואָלוציאָנערע רעגירונג האָט ארויסגעגעבען אין א משך פון 72 מאָנאַטען. עס איז גע-ווען א זעהר נארישער שווינדעל. די רעגירונג זעלבסט האָט געהאַט גרויס אנגסט פון דער גאַנצער געשיכטע. די אסיגנאציעס זיינען אזוי שטאַרק



פערטיידיגונג פון קאָנווענט דורך נאַפּאָלעאָן.

געפאַלען אין פרייז, דאָס פיר איין פראַנק אין מעטאל האָט מען געגעבען 200 פראַנק אסיגנאציעס. די רעגירונג האָט ניט געוואוסט ווי צו העלפען זיך. ענדליך האָט זי זיך ענטשלאָסען אויף א פערצווייפעלטען שריט — צו פאבריצירען נייעס פאַפּיר-געלט.

צו דיזען צוועק האָט מען געמוזט פעסטשטעלען דעם ווערט פון די נאציאָנאל-גיטער. ווי מיר האָבען שוין פריהער געזעהען, זיינען די נאציאָ-נאל-גיטער דאמאָלס בעשטאַנען פון די גיטער, וואָס די רעגירונג האָט אָפּ-גענומען פון די קירכען און מאָנאַסטירען, פון די גיטער, וואָס די רעגירונג

האָט קאָנפיסקירט פון די עמיגראַנטען, וואָס זיינען אנטלאָפען נאָך אויס־לאַנד, און פון די פריהערדיגע געמיינדע־גיטער. דיזע אַלע גיטער צוזאַמען האָבען אויסגעמאַכט די העלפט פון דער גאַנצער פראַנצויזישער מדינה. איין טייל פון די גיטער, וואָס די רעגירונג האָט צוגענומען פון די קירכען און מאָנאַסטירען, זיינען שוין לאַנג פערקויפט געוואָרען אין די יאָהרען 1790 און 1791. די פעטע ביסענס פון דיזע גיטער זיינען פערקויפט גע־וואָרען צו פערשיידענע געזעלשאַפטען: פראַנצויזישע, ענגלישע, האָללענ־דישע, און צו רייכע בויערן, וועלכע האָבען ביים פערקויף איינגעצאָהלט נאָר פון 12 ביז 20 פראָצענט, און דאָס איבריגע האָבען זיי זעהר שלעכט גע־צאָהלט מיט דעם תירוץ, דאָס די רעוואָלוציאָן האָט פערזונגליקט דאָס לאַנד און זיי זיינען ניט אין שטאַנד צו צאָהלען ווי זיי האָבען זיך פערפליכטעט. דאָס זעלבע איז אויך געשעהען מיט די קאָנפיסקירטע גיטער פון די אַדע־ליגע עמיגראַנטען. פון מקיים זיין די הבטחה, אז מען זאָל דיזע אַלע גיטער צוטיילען צווישען די אָרימע אין פאָלק, איז גאָר קיין רייד ניט געווען.

ווען די טהערמידאָריאַנער זיינען געוואָרען די רעגירער אין לאַנד האָ־בען די נאַציאָנאַל־גיטער נאָך אַלץ געוואָרט אויף בעזיצער. עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ ווילדע ספּעקולאַציאָן אויף גיטער. מען האָט פעראַנשטאַל־טעט אַ לאָטעריע אום צו ערווערבען נאַציאָנאַל־גיטער. אין יענער צייט איז אַרויס דער דעפּוטאַט באַראַילליאָן מיט אַ דונערנדען פּראָטעסט געגען דער צוטיילונג פון די קאָמונאַל־גיטער, הגם מען האָט דיזע פיעלע מאָל פער־שפּראָכען; ער האָט געשריען, דאָס מען בערויבט די נאַציאָן, און האָט פערלאַנגט אָפּצושאַפען דאָס צוטיילונגס־געזעץ און אויפהערען צוטיילען די קאָמונאַל־גיטער אום צו בערייכערן די רייכע נאָך מעהר דורך פערמעהרען די אַסיגנאַציעס, וואָס זיינען גאַראַנטירט מיט די נאַציאָנאַל־גיטער. זיין פאָדערונג איז אָפּגעלעגט געוואָרען אויף אַן אַנדער צייט. אָבער די צייט האָט דאָך געמוזט קומען.

איידער דער קאָנווענט איז אויפגעלעזט געוואָרען האָט ער געפאַסט אַ בעשלוס זיכער צו שטעלען די לייט, וואָס האָבען זיך ערוואָרבען נאַציאָנאַל־גיטער. די גנבים, וואָס האָבען די נאַציאָנאַל־גיטער גע׳גנב׳עט, האָבען אָנ־געהויבען מורא צו האָבען, דאָס זייערע גנבות וועלען מיט דער צייט אויפ־געדעקט ווערען. מאַנכע האָבען אויסגעשווינדעלט שטיקער לאַנד פיר אַ דרייסיגטעל פון זייער ריכטיגען ווערט.

ווען דאָס דירעקטאָריום האָט איבערגענומען די רעגירונג, זיינען נאָך פיעלע גיטער, וואָס זיינען אָפּגענומען געוואָרען פון די קירכען, ניט געווען פערקויפט. פון די קאָנפיסקירטע גיטער פון די רייכע אדעללייט, וואָס האָבען פערלאָזען דאָס פאָטערלאַנד, איז נאָך ניט פערקויפט געוואָרען אפילו קיין צעהנטעל. אויך די קאָנפיסקירטע קירכען־גיטער אין דער ערשטער (?) בעלגיען זיינען נאָך געשטאַנען אונבעריהרט. דיזע אַלע נאַציאָנאַל־גיטער האָבען געהאַט דעם ווערט פון לערך 7 מיליארדען. קיין וואונדער ניט, דאָס די דירעקטאָרען און די דעפּוטאַטען זיינען געווען ארומגערינגעלט מיט פער־שיידענע באַנקירען, פּאָדראַטשיקעס און אַנדערע ספּעקולאַנטען פון דער בורזשואזיע, וועלכע האָבען געוואָלט איינשלינגען דיזען נאַציאָנאַלען רייכ־טום.

די דירעקטאָריאַל־רעגירונג האָט אָפּגעלעגט דעם פערקויף פון דיזע גיטער אויף 6 מאָנאַטען. מען האָט געהאָפט, דאָס די נייע רעגירונג וועט אָננעהמען געוויסע פּאָרזיכטס־רעגלען ווי צו פערהיטען זיך פון גנבות און פאַלשען ביי די קינפטיגע פערקויפען. אָבער די אידעע פון דיזען אָפּלעגען איז גראָדע געווען אַ הינטערפּיסעל פון די גנבים זעלבסט, וועלכע האָבען זיך געוואָלט בענוצען מיט דעם נידריגען ווערט פון די אסיגנאַציעס. וואָס האָבען דיזע רויבער געטאָן? זיי האָבען אויפגעקויפט אַלע אַלטע אסיג־נאַציעס, צאָהלענדיג פיר 300 פראַנק אסיגנאַציעס נאָר איין פראַנק מעטאַל־געלט. מיט דער רעגירונג האָבען זיי אָפּגעמאַכט, דאָס זיי וועלען ארויסלאָזען נייע אסיגנאַציעס, וועלכע זאָלען זיין גאַראַנטירט מיט די נאַ־ציאָנאַל־גיטער, און זאָלען ווערען אויסגעצאָהלט לויט זייער נאָמינאַל־ווערט. פיר די אַלטע אסיגנאַציעס זאָל די רעגירונג יעצט אויסצאָהלען נאָר איין פראַנק פיר 30 פראַנק פון די אַלטע אסיגנאַציעס. און אזוי ווי זיי האָבען אויפגעקויפט אַלע אַלטע אסיגנאַציעס צו 300 פראַנק פיר איין פראַנק, איז אויסגעקומען, דאָס זיי האָבען בעצאָהלט פיר די נאַציאָנאַל־גי־טער נאָר איין צעהנטעל פון זייער ריכטיגען ווערט.

דיזער געזעצליכער רויב פון די נאַציאָנאַל־גיטער, דיזע ווילדע שווינ־דעל־ספּעקולאַציאָן, דיזער שענדליכער וואוכער האָט שרעקליך אויפגערייצט די גייסטער פון די אידעאַלע מענער, וועלכע האָבען ערוואַרט פון דער רע־וואָלוציאָן אַ וואָהרען גליקליכען צושטאַנד פיר דאָס אָרימע, בעדריקטע פאָלק. זיי האָבען געטרוימט, דאָס די רעוואָלוציאָן וועט ברייננגען דעם פאָלק גלייכ־הייט און גערעכטיגקייט, און וואָס זעהען זיי אין דער ווירקליכקייט? דער זעלבער אונגליק אין אַ נייעם מאַנטעל. אָנשטאָט דעם, וואָס פריהער

האָט געדריקט און בערויבט דאָס אָרימע פאָלק דער פּריווילעגירטער אַדעל, וואָס האָט געהערשט איבער'ן פאָלק צוליב זיין יחוס, זיין געבורט, דריקט און בערויבט עס יעצט די בורזשואַזיע, וועלכע הערשט איבער'ן פאָלק צוליב זיין בעזיץ, צוליב זיין רייכטום. דיזע אידעאַליסטען האָבען בעשלאָסען ווידער אַרויסצורופען די רעוואָלוציאָן. דאַמאָלס איז געוואָרען די פערשווערונג פון די „גלייכע". אָן דער שפּיץ פון דיזער פערשווערונג איז געשטאַנען **גראַקקוס באַבאָף**.

באַבאָף איז געבאָרען געוואָרען דעם 23טען נאָוועמבער 1760 אין סט. קענטין. ווען ער איז עלטער געוואָרען האָט ער זיך געווידמעט צום פּאָליטישען לעבען. נאָך ראָבעספּיערר'ס שטורץ האָט ער שטאַרק אָנגעגריפען די טהערמידאָריאַנער, און איז דערפאַר פערהאַפטעט געוואָרען. אין געפענגניס איז ער צוזאַמענגעקומען מיט אַ סך יאַקאָבינער. דאָ האָט ער ענטוויקעלט זיינע אידעען וועגען אַ נייער אָרדנונג אין אייגענטום און האָט געפּרעדיגט, דאָס מען מוז געברויכען געוואַלט אום מען זאָל קענען איינאָרדנען אַ „געזעלשאַפט פון גלייכע". זיין לעהרע איז אָנגענומען געוואָרען מיט גרויס ענטהוזיאַזם פון פיעלע ראַדיקאַלע דעמאָקראַטען. ווען דער קאָנווענט איז אויפגעלעזט געוואָרען האָט מען אַלע יאַקאָבינער בעגנאַדיגט, און דאַמאָלס איז באַבאָף בעפרייט געוואָרען. דאַן האָט ער מיט גרויס פייער אָנגעהויבען צו פערברייטערן זיין פּראָגראַם, אַז דאָס קינפטיגע גליק פון דער געזעלשאַפט בעשטעהט נאָר אין דעם, דאָס מען זאָל אויסגלייכען אַלע מענשען אין דער געזעלשאַפט אין פערמעגען און אין אַרבייט.

מען האָט געגרינדעט אַ צענטראַל־ביוראָ, אָן דער שפּיץ פון וועלכער עס זיינען געשטאַנען: באַבאָף, בואָנאַראָטטי, אַנטאָנעללע און סילוועין מאַרעשאַל. די „גלייכע" האָבען אויך געגרינדעט אַ פעראיין, וועלכער איז געוואָרען אַ שולע פון אַ געהיימער געזעלשאַפט, צו ווירקען אויף די מאַסען און צו פערהילען די פּלענער פון דער פערשווערונג. דיזער פעראיין האָט אָנגעהויבען מאַכען שטאַרקע אָנגריפען אויף די אויסגעוואַנדערטע אַדעללייט, אויף די פּריסטער, אויף די בערזע־ספּעקולאַנטען, די בלוט־זויגער פון פּאָלק, אויף אַלע באַנקירען. זיי האָבען אויך געפּרעדיגט אָפּצושאַפען דעם אונטערשייד פון נאַציאָנען, עס זאָל נאָר זיין איין מענשהייט, און אָפּצושאַפען די אַסיגנאַציעס. אין דער זעלבער צייט האָט באַבאָף פּראָפּאַגאַנדירט אין זיין צייטונג „דער פּאָלקס־פריינד" מיט גרויס ענערגיע זיינע אידעען.

דיזער געהיימער פעראיין, וועלכער האָט געהייסען „דער קלוב פון פּאַנטהעאָן", איז באַלד געשלאָסען געוואָרען פון דירעקטאָריום. דאַן האָט זיך געגרינדעט אַ געהיימער קאָמיטעט אום דורכצופיהרען זייערע פּלענער דורך געוואַלט. די פערשווערונג איז אָרגאַניזירט געוואָרען מיט אונגעוועהנליכער ענערגיע. עס זיינען בעשטימט געוואָרען אַגענטען, וועלכע זאָלען אַרבייטען צווישען פּאָלק און דער אַרמעע צו געווינען אַלעמען אויף דער זייט פון די „גלייכע". אַגיטאַטאָרען האָבען ענערגיש געאַרבייט אין אַלע



באַבאָף.

קאַפּע־הייזער און עפענטליכע פּלעצער, און האָבען שטאַרק געווירקט אויף'ן פּאָלק; און אין דער זעלבער צייט האָט מען צוגעגרייט פיר דאָס פּאָלק אַ פּרינציפּען־ערקלערונג, וועלכע האָט גערעדט מיט אַ פייערדיגער בעגייסטערונג וועגען קאָמוניזם, און איז איינער פון די אינטערעסאַנטעסטע דאָקומענטען פון די באַבאָפיסטען, הגם ער איז ניט פערעפענטליכט געוואָרען. היר איז אַ קאָפּיע פון דיזען מערקווירדיגען דאָקומענט:

„מאַניפעסט פון די גלייכע.

„די ווירקליכע גלייכהייט איז דער לעצטער
ציל פון דער סאָציאַלער קונסט".

(קאָנדאָרסעט.)

פאָלק פון פראַנקרייך!

15 הונדערט יאָהר האָסטו בסדר געלעבט אין שקלאַפעריי און אין אונגליק. עס איז אין גאַנצען קוים 6 יאָהר זינט דו האָסט אָפּגעצויגען דעם אָטעם און האָסט אָנגעהויבען צו האָפען אויף אונאָפּהענגיגקייט, וואויל־שטאַנד און גלייכהייט.

די גלייכהייט איז דער ערסטער וואונש פון דער נאַטור, די ערסטע בע־דירפניס פון מענשען, און איז דער הויפּט־מיטעל, וואָס בינדט און פער־אייניגט מענשען אין אַ געזעלשאַפט. פאָלק פון פראַנקרייך! דו ביזט אין דיזער הינזיכט ניט בעסער פון אַנדערע נאַציאָנען, וועלכע וואקסען אויף דער אונגליקליכער וועלט. אימער און איבעראַל איז די מעהרהייט פון די מענשען געווען אַ שפּילצייג אין די הענט פון אייניגע געשיקטע מענשען־פרעסער, און די אונגליקליכע האָבען געמוזט טאָן אַלעס, וואָס עס האָט גע־פאָדערט דער עהרגייץ פון דיזע מענשען־פרעסער, — אַלעס, וואָס זייער טיראַנישע האַרץ האָט געגלוסט. אימער און איבעראַל האָט מען די מענ־שען איינגעוויגט און פערשלעפערט מיט שענע ווערטער, אָבער אין דער אמת האָבען זיי קיינמאָל ניט געקראָגען, וואָס מען האָט זיי פערשפּראָכען מיט דיזע שענע ווערטער. פון אונגעדענקליכע צייטען אָן ווידערהאָלט מען אונז מיט פאַלשקייט: „די מענשען זיינען גלייך", און דאָך דריקט די אונ־גלייכהייט פון אייביג אָן די מענשהייט. די גלייכהייט איז אימער נאָר געווען אַ שענעם פאַנטאַסטישעס וואָרט אין די שריפטען פון די פאַלשע גע־זעצגעבער, אין דער פּראַקטיק האָט זיך קיינער פון דער געדריקטער מענש־הייט מיט דעם ניט בענוצט. יעצט, ווען מען האָט אָנגעפאַנגען שטאַרק פאָדערן די גלייכהייט, ענטפערט מען אונז: „שווייגט, איהר עלענדע! די אמת'ע גלייכהייט איז נאָר אַ חלום, בענוגענט זיך מיט דער גלייכהייט, וואָס איהר האָט; איהר זייט אַלע גלייך פאַר דעם געזעץ! וואָס ווילט איהר נאָך מעהר?"

וואָס ווילען מיר נאָך מעהר? — הערט, געזעצגעבער, רעגירער, רייכע אייגענטימער, הערט, וואָס מיר ווילען! מיר זיינען אַלע גלייך, דאָס איז קיין צווייפעל ניט; נאָר אַ משוגע'נער, וואָס קען זאָגען אויף ליכט — עס איז פינסטער, קען זאָגען אַנדערס.

אַלזאָ פערלאַנגען מיר ווירקליך צו לעבען און צו שטאַרבען גלייך, ווי מיר זיינען געבאָרען געוואָרען גלייך; מיר ווילען די ווירקליכע גלייכהייט אָדער דעם טויט. אָט דיזעס ווילען מיר, און דאָס זאָגען מיר אייך שארף און אָפען.

און איהר זאָלט וויסען, דאָס מיר וועלען דיזע ווירקליכע גלייכהייט האָבען. עס מעג קאָסטען וואָס עס וויל. וועה וועט זיין צו די יעניגע, וואָס וועלען שטעהן צווישען אונז און דיזער ווירקליכער גלייכהייט, און וועלען אונז שטערען צו דערגרייכען דיזע ווירקליכע גלייכהייט.

די פראַנצויזישע רעוואָלוציאָן איז נאָר דער פאָרלויפער פון אַן אַנדערער, פיעל גרעסערער און ערהאַבענערער רעוואָלוציאָן, וועלכע וועט זיין די לעצטע!

דאָס פראַנצויזישע פאָלק האָט בעוויזען, דאָס עס קען זיך אָפּרעכנען מיט אייגענע און מיט פרעמדע קעניגען און מיט פריסטער; דאָס פאָלק וועט זיך אויך אָפּרעכנען מיט די נייע טיראַנען, מיט די נייע פאָליטישע טיראַנען, וועלכע האָבען פערנומען די שטעלעס פון די אַלטע טיראַנען.

איהר פרעגט, וואָס נאָך פיר גלייכהייט פערלאַנגען מיר, ווען מיר האָבען שוין די גלייכהייט פאַר דעם געזעץ? מיר ווילען, אויסער דער גלייכהייט פאַר דעם געזעץ, אויך די גלייכהייט אין אונזער לעבען, די גלייכהייט אונטער דעם דאך פון אונזערע הייזער. פיר דיזע עכטע גלייכהייט זיינען מיר בערייט צו שטאַרבען, צו שטרייטען ביז דעם לעצטען טראָפּען בלוט.

געזעצגעבער און רעגירער! איהר בעזיצט אזוי וועניג פערשטאַנד, ווי וועניג עהרליכקייט איהר האָט אין זיך. רייכע אייגענטימער, וועלכע האָבען רייכטום, אָבער ניט קיין האַרץ, רעדט זיך ניט איין, דאָס מיר פערלאַנגען ווידער דאָס אַגראַרישע געזעץ — מען זאָל יעדען פון אונז איינטיילען אַ שטיקעל ערד; דאָס האָבען פערלאַנגט איניגע סאָלדאַטען, וועלכע האָבען בעסער ניט פערשטאַנען. מיר פערלאַנגען עטוואָס פיעל ערהאַבענערעס, וויכטיגערעס און מעהר גערעכטעס. מיר פערלאַנגען: פערטיילונג פון אַלע גיטער. קיין פריוואַט-אייגענטום זאָל מעהר ניט עקסיסטירען אין ערד. די ערד געהערט צו קיינעם ניט, אָבער איהר פרוכט געהערט צו אַלעמען. מיר ווילען אַלע גלייך געניסען די פרוכט, וואָס די ערד גיט אַרויס.

מיר ערקלערען אייך אָפען, דאָס מיר ווילען און וועלען מעהר ניט ליידען. די גרויסע מעהרהייט וועט מעהר ניט אַרבייטען מיט איהר שוויים און בלוט פיר איניגע איינצעלנע מיוחסים, — אַליין צו ליידען אום צו פערשאַפען זיי אַלע פערגניגענס.

מיר האָבען לאַנג, צו לאַנג געדולדעט, דאָס איבער 20 מיליאָנען מענשען זאָלען ארבייטען צו פערשאַפען אַלע לוקסוסען פיר אַ מינאָריטעט פון וועניגער ווי אַ מיליאָן מענשען.

צו דיזען סקאַנדאַלעזען צושטאַנד מוז נעהמען אַן ענדע! די מענשהייט מוז אויפהערען צו גלויבען אין די מעגליכקייט פון אַזאַ אוננאַטירליכען, אוננאָרמאַלען צושטאַנד. עס מוז ענדליך פערשווינדען די פערברעכערישע אונגלייכהייט צווישען רייכע און אָרימע, עס זאָל מעהר ניט עקסיסטירען הויך און נידריג, הערר און קנעכט, רעגירער און אונטערטאַנען.

קיין אונטערשייד צווישען מענשען זאָל מעהר ניט זיין, אויסער דעם נאַטירליכען אונטערשייד: פערשיידענהייט פון געשלעכטער, מענער און פרויען, און פערשיידענהייט אין יאָהרען, אַלט און יונג. עס מוז איינגעפיהרט ווערען פיר אַלעמען אַ גלייכע ערציהונג, גלייכע שפּייזען. די נאַטור האָט געגעבען איין זון, אַ גלייכע לופט פיר אַלעמען, ווארום זאָלען ניט אַלע גלייך געניסען פון אַלע אַנדערע זאַכען, וואָס די נאַטור גיט ארויס און וואָס איז נעטיג פיר דעם מענשען'ס לעבען?

מיר זיינען זיכער, דאָס אונזערע פיינד וועלען פיר דיזע גערעכטע פאָדערונג אונז אָנרופען „מערדער, רויבער!" פאָלק פון פראַנקרייך! מיר וועלען ניט פערלירען קיין צייט צו ענטפערן זיי דערויף, דיר אָבער פערזיכערן מיר, דאָס אונזער הייליגע אונטערנעהמונג האָט ניט קיין אַנדער ציל, ווי צו מאַכען אַן ענדע צום עלענד פון פאָלק.

אַזאַ פּלאַן ווי אונזערער האָט נאָך קיינער ניט פאָרגעשלאָגען. זעהר וועניג קלוגע און בעגייסטערטע מענשען האָבען וועגען דעם געשפּראָכען מיט אַ ציטערנדער שטימע. אָבער קיינער פון זיי האָט ניט געהאַט דעם מוט ארויסצוזאָגען די פולע וואהרהייט.

יעצט איז געקומען די צייט פיר גרויסע אונטערנעהמונגען. די ליידען האָבען דערגרייכט זייער העכסטען פונקט און האָבען זיך פערברייטעט איבער דער גאַנצער וועלט. צו לאַנג הערשט אונטער דעם נאָמען „פּאָליטיק" אַ כאַאָס (אונאָרדנונג). עס איז שוין צייט, דאָס אַלעס זאָל זיך צוריקקעהרען צו זיין ריכטיגען פּלאַץ, צו זיין נאַטירליכער אָרדנונג. עס איז שוין צייט. דאָס אַלע אָנהענגער פון גערעכטיגקייט זאָלען זיך צוהערען צו דער שטימע פון גלייכהייט און זאָלען זיך אָרגאַניזירען. עס איז געקומען דער אויגענבליק צו גרינדען אַ רעפּובליק פון גלייכע. עס איז געקומען דער טאָג, אין וועלכען די רויבער זאָלען אָפּגעבען וואָס זיי האָבען אָנגערויבט ביי די מאַסען. די פאַמיליעס, וואָס לעבען אין עלענד, קומט, זעצט זיך צום אַלגע-

מיינעם טיש, וועלכען די נאַטור האָט אָנגעגרייט פיר אַלע איהרע קינדער גלייך.

פאָלק פון פראַנקרייך! דער גרעסטער און ריינסטער כבוד איז אָנגע-גרייט פיר דיך. דיר איז בעשערט צו ווייזען דער וועלט דיזען גרויסאַרטי-גען שוישפיל. דיר וועלען נאָכדעם נאָכטאָן אַלע אַנדערע פעלקער פון דער וועלט.

עס איז זיכער, דאָס אַלע געוואוינהייטען, אַלע פאָראורטיילען, וועלען זיך געבען די מיה צו שטעלען דער נייער רעפובליק אַלערליי הינדערניסען אין איהר וועג, אום זי זאָל ניט קענען דערגרייכען איהר היילינען צוועק. די אָרגאַניזאַציאָן פון דער ווירקליכער גלייכהייט, וועלכע איז די איינציגע, וואָס קען צופרידען שטעלען אַלע בעדירפניסען פון די מענשען, אַזוי דאָס קיינער וועט דערפון גאָרניט ליידען, ווייל זי פאָדערט ניט קיין אָפּפער, וועט געוויס אין אָנפאַנג פיעלע מענשען ניט געפעלען. די עגאָאיסטען, די עהר-גייציגע וועלען ציטערן פון כעס; די יעניגע, וואָס בעזיצען אונגערעכטען רייכטום, וועלען שרייען וועגען אונגערעכטיגקייט, וואָס מען טוט זיי; עס פערשטעהט זיך, דאָס זיי וועלען ביי דער אָרגאַניזאַציאָן פון דער נייער רע-פובליק פון די גלייכע פערלירען פיעל פון זייערע געניסען און פערגניגענס, זייער בעזונדערען אינדיווידועלען וואוילשטאַנד; זיי וועט עס שטאַרק אָנ-גרייפען, ווייל זייערע געפיהלען זיינען אימער געווען טעמפּ און פערהאַר-טעוועט געגען די ליידען פון זייערע מיטמענשען; די אַבסאָלוטע געוואַלט און אַלע איהרע העלפער וועלען מוזען געגען זייער ווילען בייגען דעם קאָפּ פאַר דעם סיסטעם פון ווירקליכער גלייכהייט. אָבער וואָס פיר אַ ווערט, וואָס פיר אַ מאַכט האָבען איינינע טויזענד אונצופרידענע, וואָס קענען זיי טאָן געגען דער מאַסע גליקליכע, וואָס דאָס נייע סיסטעם פון דער רעפובליק פון די גלייכע וועט שאַפען? די גלייכע פון דעם נייעם סיסטעם וועלען זיין איבערראַשט צו זעהן זיך אין דער גליקליכער לאַגע, צו וועלכער זיי האָבען אַזוי לאַנג געשטרעבט, וועהרענד זיי האָבען זי אימער געקענט אַזוי לייכט דערגרייכען!

אַ טאָג נאָך דיזער גליקליכער רעוואָלוציאָן וועלען זיי מיט פערוואונ-דערונג צו זיך אַליין זאָגען: דאָס אַלגעמיינע גליק איז דאָך געווען אַזוי לייכט צו האָבען, מיר האָבען דאָך נאָר געברויכט צו וועלען, וואָרום האָבען מיר עס פריהער ניט געוואָלט? וואָרום האָט מען עס אונז געדאַרפט זאָ-גען? וואָרום האָבען מיר עס פריהער ניט פערשטאַנען, דאָס כל זמן עס

איז דאָ אין דער וועלט איין איינציגער מענש, וועלכער איז רייכער פון אַלע אַנדערע מיטמענשען, וועלכער איז מעכטיגער פון אַלע אַנדערע, פעהלט צווישען די מענשען דאָס גלייכגעוויכט, און דאַן מוז הערשען אויף דער ערד פערברעכען און אונגליק.

פאָלק פון פראַנקרייך! אין וואָס ועסטו אַלזאָ דערקענען די גוטקייט פון אַ נייער פערפאַסונג? עס פערשטעהט זיך, דאָס נאָר די יעניגע פערפאַסונג, וואָס וועט זיין געגרינדעט אויף פאָלשטענדיגער גלייכהייט, נאָר אַזאַ וועט צופרידען שטעלען די ווינשען פון אַלעמען.

די אַריסטאָקראַטישע פערפאַסונגען פון די יאָהרען 1791 און 1795 האָבען געמאַכט דיינע קייטען שטאַרקער. די פערפאַסונג פון יאָהר 1793 איז ווירקליך געווען אַ גרויסער שריט צו דער ווירקליכער גלייכהייט. מען איז נאָך קיינמאָל ניט געקומען אַזוי נאָהענט צו דער ווירקליכער גלייכהייט ווי מיט דער פערפאַסונג פון יאָהר 1793. אָבער אויך זי האָט נאָך ניט בעריהרט דעם וואהרען צוועק, דעם ענד־ציל; זי איז נאָך ניט געקומען צום אַלגעמיינעם גליק, הגם זי האָט פייערליך און אָפען פראָקלאַמירט דיזען גרויסען פרינציפּ.

פאָלק פון פראַנקרייך! עפען דיינע אויגען און דיין הארץ צום פאָלשטענדיגען גליק! ערקען און פראָקלאַמיר די רעפּובליק פון די גלייכע!"

דיזער מאַניפעסט איז ניט פערעפענטליכט געוואָרען, ווייל דאָס געהיים־קאָמיטע איז ניט געווען איינפערשטאַנען מיט אייניגע פונקטען פון איהם. אָבער דערפאַר האָבען זיי אַרויסגעלאָזען זעהר פיעלע בראָשורען און האָבען פּובליצירט זעהר פיעלע אַרטיקלען אין צייטונגען און זשורנאַלען און האָבען בעקאַנט געמאַכט דאָס פּובליקום מיט דיזער אידעע פון גלייכהייט. די מאַסען זיינען געווען זעהר גינסטיג געשטימט צו דיזער אידעע. זעהר פיעלע מענשען פון דער באַרג־פּאַרטיי האָבען זיך אַנגעשלאָסען אָן דער נייער פּאַרטיי פון די גלייכע. אויך אין דער אַרמעע האָבען זיך געפונען פיעלע אָנהענגער. די רעגירונג האָט אָנגעהויבען צו געברויכען זעהר שטרענגע מיטלען צו דערשטיקען דיזע אידעע, אָבער, ווי עס איז אימער דער פאַל, דער דרוק פון דער רעגירונג האָט נאָר געהאָלפען צו פערשטאַרקען די בעוועגונג און די פּראָפּאַגאַנדאַ. אין אַ קורצער צייט האָבען די גלייכע בעקומען איבער 17,000 אָנהענגער, אויסער די אַרבייטער, וועלכע זיינען אימער געווען גרייט צום קאַמפּ. עס איז אויסגעאַרבייט געוואָרען אַ פּלאַן ווי צו בענוצען זיך מיט דער מאַכט פון אַזוי פיעלע אָנהענגער.

עס איז אָפּגערעדט געוואָרען, דאָס ווען די שטורם=גלאָק מיט די טרומייטען וועלען אָנהויבען קלינגען און טרומייטערן, זאָלען די אָנהענגער זיך באַלד בעוואַפנען און צוזאַמענקומען אויף אַ געוויסען פּלאַץ און שטעלען זיך אונטער דער קאָמאַנדע פון די פאָלקס=גענעראַלען, וועלכע וועלען טראָגען אין זייערע היט דריי=פאַרביגע בענדער אַלס צייכען. די ערסטע אַרבייט, וואָס דיזע מיליטערישע מאַכט וועט דאַרפען טאָן, וועט זיין, אַריינצוכאַפּען אין זייערע הענט די אַלע עפענטליכע אינסטיטוציאָנען: דאָס ראַט=הויז, די שאַצקאַמער (קאַזנאַטשייסטוואָ), די פּאָסט, די מיניסטעריום=געביידעס און אַלע מאַגאַזינען, אין וועלכע עס געפינען זיך לעבענס=מיטלען אָדער געוועהר. די ביידע ראַט=קערפּערשאַפטען: דער ראַט פון 500 און דער ראַט פון די אַלטע (סענאַט), ווי אויך דאָס דירעקטאָריום, זאָלען אויפגעלעזט ווערען, און דער אורטייל איבער זיי זאָל אויסגעשפּראָכען ווערען פון פאָלק. אַלע לעבענס=מיטלען זאָלען צוטיילט ווערען דעם פאָלק אומזיסט אין עפענטליכע פּלעצער; די גיטער פון די אויסגעוואַנדערטע און פון די פיינד פון פאָלק זאָלען גלייך צוטיילט ווערען צו די אָרימע פערטיידיגער פון פאָטערלאַנד.

אַלעס איז געווען גוט פאָרבערייטעט. אָבער דאָ האָט זיך אַריינגע'גנב'עט אין די פערזאַמלונגען אַ פעררעטער, אַן אָפיצער מיט'ן נאָמען ג ר י - ז ע ל, און האָט ענטדעקט דעם דירעקטאָריום דעם גאַנצען פּלאַן פון דער פערשווערונג. דעם 10טען מאַי 1795 זיינען באַבאָף און בואָנאַראָטטי אַרעסטירט געוואָרען. אַלע זייערע געהיימע פּאַפּירען זיינען אַריינגעפאַלען אין די הענט פון דער פּאָליציי. מען האָט אַרעסטירט זעהר פיעלע פון די פערשוואָרענע. דער פּראָצעס האָט זיך געצויגען זעהר לאַנג. פון די אַרעסטירטע האָט קיינער ניט אַרויסגעגעבען זיינע חברים. ווען דער פּאָליציי=מיניסטער האָט איין מאָל געפרעגט באַבאָף'ן וועגען זיינע מיטשולדיגע און וועגען זייערע אַבזיכטען, האָט ער געענטפערט: „איך בין דורכאויס איבערצייגט, דאָס די יעצטיגע רעגירונג איז טיראַניש, און איך בין געווען בערייט צו טאָן אַלעס אום זי צו שטירצען. איך האָב מיך פערבונדען מיט אַלע דעמאָקראַטען פון דער רעפּובליק, אָבער איך וועל ניט איינעם פון זיי אַרויסגעבען. איך וועל אויך ניט אַרויסגעבען די איינצעלהייטען פון די מיטלען, וואָס זיינען געברויכט געוואָרען אום דורכצופיהרען אונזער זאַך".

צו ענדע פון פעברואַר 1797 איז אין ווענדאָם פאָרגעקומען דער פּראָצעס פאַר די ריכטער. באַבאָף און דאַרטהע זיינען פעראורטיילט געוואָרען

צום טויט; בואנאראטטי מיט 6 אנדערע זיינען פערטריבען געווארען פון לאנד. בואנאראטטי איז אין יאהר 1830 צוריקגעקומען נאך פראנקרייך. ער האט פארטגעזעצט זיין טעטיגקייט אין געהיים. שפעטער האט בלאנקי ווייטער געטריבען די אידעע דורך געהיימע געזעלשאפטען ביז דער נייעס-טער צייט, אבער יעצט האט דיזע אידעע בעקומען אן אנדער געשטאלט.

באבאף'ס טעאריע פון גלייכהייט בעשטעהט דעריןן, דאס די גאנצע נאציאן איז דער אייגענטימער פון אלע גיטער אין לאנד. יעדער פון די בירגער איז פערפליכטעט צו א ניצליכער ארבייט. יעדער מוז אריינטרעטען אין וועלכע עס איז ארבייט-שולע, אונטער דער השגחה פון אן ערוועהלטען בעאמטען. די ארבייט, וואס די שולען גיבען ארויס, מוז געליפערט ווערען אין שטאאטס-לאגערן אדער געמיינדע-מאגאזינען. פון דארט בעקומט יעדער בירגער וויפיעל ער האט נעטיג פיר זיין געברויך. קיין געלט זאל ניט גע-מאכט ווערען אין לאנד. די געשעפטען מיט אויסלאנד דארף פיה'ען נאר די רעגירונג אליין. איבערהויפט אבער האבען יענע קאמוניסטען געפרעדיגט אן אגרארישען קאמוניזם, ד. ה., דאס די ערד זאל געהערען צום גאנצען פאלק און ניט צו איינצעלנע.

די אנהענגער פון באבאף'ן האבען געהאט זעהר וועניג אויסזיכטען, דאס זיי זאלען קענען פערווירקליכען זייער אידעאל, ווייל די בויערן, אויף וועלכע די באבאפיסטען האבען גערעכענט, אז זיי וועלען זיין זייערע אנהענגער, זיינען געווען ווייט פון איינצושטימען מיט דיזען פלאן. אין געגענטייל, זיי זיינען געווען אויסגעשפראכענע געגנער צו דיזען פלאן. און די פראלעטאריער, די ארבייטער, האט דען באבאף גקענט אויף זיי רעכטען, אז זיי זאלען שטיצען זיין אונטערנעהמונג? מען קען מיט זיכער-הייט ענטפערן, דאס אויך אויף זיי האט ער גארניט געקענט רעכנען. זיי האבען בעוויזען, דאס זיי בעציהען זיך גלייכגילטיג צו אלע פאליטישע בע-וועגונגען, וואס קומע פאר אין לאנד. זיי האבען געקוקט גלייכגילטיג אויף די האנדלונגען פון די טהערמידאריאנער, וועלכע האבען געדריקט און אנ-געגריפען אלע פארטייען, און ווען מען האט געשלאסען די רעוואלוציאנערע קלובס איינעם נאך דעם אנדערען האבען זיי מיט קיין פינגער ניט א ריהר געטאן צו טאן עטוואס געגען די אלע האנדלונגען פון דער הערשענדער פארטיי. די פערהעלטניסען האבען זיך זינט דאמאלס אויף א האאר ניט געבעסערט און ניט געענדערט אין דעם זין פון די דעמאקראטען. אהן צווייפעל זיינען דאמאלס געווען אונצופרידענע, אבער אונצופרידענהייט

מאַכט נאָך ניט קיין רעוואָלוציאָן. עס האָבען געפעהלט די מאַסען, וואָס זיינען פעהיג צו קעמפּען, די מאַסען, וואָס זיינען געווען פעהיג צו שטורמען די באַסטיליע, די טואילעריען. און וואָרום האָבען יעצט געפעהלט דיזע מאַסען, וואו זיינען זיי אַהינגעקומען? זיי זיינען אַלע געווען אין דעם מיליטער, אין פעלדצוג געגען די פערבינדעטע אויסלענדישע מעכטען; דאָרט זיינען פיעלע פון זיי געפאַלען אויף'ן שלאַכטפעלד, פיעלע זיינען נאָך געווען פערבונדען אין שטרייט מיט די ווענדעער, פיעלע זיינען געווען אין די קאָרפּוסען פון דער איטאַליענישער אַרמעע, אָן דער שפּיץ פון וועלכער עס איז געשטאַנען נאַפּאָלעאָן באָנאַפּאַרטע. מיט איין וואָרט, זייער ענערגיע איז געווען געריכטעט געגען דעם אויסלענדישען פיינד און אין לאַנד איז זי כמעט אין גאַנצען פערשוואונדען געוואָרען.

און דעריבער איז גלייך פון אָנהויב געווען די אונטערנעהמונג פון באַ-באָף און די איבריגע „גלייכע" אַ פאַנטאַסטישע אונטערנעהמונג, אָהן אַ שום יסוד. דאָך האָבען די פּראָלעטאַריער געגנוג אורזאַך צו אַכטען דעם אָנ-דענקען פון די „גלייכע", ווייל זיי זיינען געווען די ענערגישע פאָרקעמפּער פון זייער (פון די פּראָלעטאַריער) בעפרייאונג, זייערע אַבזיכטען זיינען אָהן אַ שום צווייפעל געווען זעהר ערהאַבען, מען קען ניט קיינעם פון זיי חושד זיין אין וועלכען עס איז עגאָאיזם (אייגעננוץ); זייערע שריפטען זיינען בעגייסטערט מיט ליבע צו גערעכטיגקייט, און אָטעמען מיט אַ פייער פון בעגייסטערונג, און דעריבער וועלען זיי אייביג לעבען אין די הערצער פון די אונגליקליכע אונטערדריקטע פּראָלעטאַרישע מאַסען.

די פערשיידענע פּלענער ווי צו ענדערן די געזעלשאַפט און צו פערבעסערן דעם צושטאַנד פון דער אָרימער קלאַס האָבען זיך געענדיגט מיט גאָרניט. מיראַבאָ האָט בעטראַכט דאָס אייגענטום נאָר אַלס אַ שאַפונג פון דער גע-זעלשאַפט. ראָבעספּיערר האָט געפּלאַנעוועט אַ פּראָגרעסיווע שטייער אום צו פערבעסערן דעם צושטאַנד פון די אָרימע; סעינט זשוסט האָט געוואָלט אָפּשאַפען דאָס ערב-רעכט אין דער זייטען-ליניע, אום די רייכע ירושות זאָלען אָנקומען צוריק צו דער געזעלשאַפט, און דורך דעם פערבעסערן דעם צושטאַנד פון די פּראָלעטאַריער, און באַבאָף האָט פערלאַנגט איינפאַך אויס-צוגלייכען די אונגלייכהייט פון בעזיץ, דעם קאָמוניזם.

מיט דער פערניכטונג פון דער באַבאָפיסטישער בעוועגונג איז די גאַנצע פּראָלעטאַרישע בעוועגונג דערשטיקט געוואָרען. עס האָט אויסגעוויזען, דאָס מיט באַבאָף'ס טויט איז די גאַנצע קאָמוניסטישע אידעע פערלאָרען

געגאַנגען. אָבער דער געדאַנק צו פערבעסערן די לאַגע פון די אַרביי-
טער איז ניט אויפגעגעבען געוואָרען, ער האָט נאָר גענומען אַן אַנ-
דער ריכטונג. די אידעע, וואָס בעצויבערט יעצט אַלע פריינד פון פאָלק,
איבערהויפּט פון דער אַרבייטער-קלאַס, איז — צו אָרגאַניזירען די אַרביי-
טער און די אַרבייט. דיזע אידעע איז געוועזען כמעט דער הויפּט-גרונד פון
דער רעוואָלוציאָן פון דעם יאָהר 1848.

# די געשיכטע פון פראַנקרייך ביז צום זויענער קאָנגרעס.

## א. די אויסערע פּאָליטיק אונטער דעם דירעקטאָריום.

די הויפּט־שוועריגקייט פון דער דירעקטאָריאַל־רעגירונג אויסער דער רואינירטער לאַגע פון די פינאַנצען איז געווען אין די אויסלענדישע פערהעלטניסען. ביז צום הערבסט פון יאָהר 1795 האָט געהערשט א וואפען־שטילשטאַנד. פּרייסען איז אין גאַנצען ארויסגעטרעטען פון בונד און עסטרייך האָט זיך לאַנג אָפּגעהאַלטען פון קריג, ווייל עס האָבען איהר דערצו געפעהלט די מיטלען, און זי האָט זיך ווידער אריינגעצויגען אין קריג ערסט דאַן, ווען זי האָט בעקומען סובסידיום (געלט־שטיצע).

אין אָנפאַנג סעפּטעמבער זיינען די פראַנצויזען ווידער אריבער דעם רהיין אום פּאָרטצוזעצען דעם שטרייט. דער גענעראַל זשורדאַן איז ביי דיססעלדאָרף אריבער דעם רהיין, האָט פערטריבען די עסטרייכער צוריק איבער'ן מאַין און האָט בעלאַגערט מאַינץ. אין דער זעלבער צייט האָט פּישעגרו ערָאבערט מאַננהיים און באַלד נאָכדעם האָט זיך אויך דיססעלדאָרף אונטערגעגעבען אָהן שום ווידערשטאַנד, גלייך ווי זשורדאַן האָט עס געפּאָדערט. דיזע אַלע מפּלות פון די קליינע דייטשע שטאַאטען האָבען געבראַכט עסטרייך אין די גרעסטע געפאַהר, ווייל יעצט איז געווען פיר די פראַנצויזען זעהר לייכט אָפּצונעהמען אַלע עסטרייכישע מאַגאַזינען.

ענדליך איז אָנגעלאָפען דער עסטרייכישער גענעראַל וואורמזער מיט דער אַרמעע פון אויבער־רהיין און האָט ערָאבערט פּישעגרו מיט זיין פעסטען לאַגער ביי מאַננהיים, און קלערפעיט האָט ביי האָכסט זיך געוואָרפען אויף זשורדאַן און האָט פון איהם צוריק אָפּגענומען דעם גאַנצען געביט ביז דיססעלדאָרף. די פראַנצויזישע אַרמעע איז נאָך דיזער נידערלאַגע געלאָפען צוריק, אָבער די בויערן האָבען פיעלע פון זיי פערניכטעט, אום צו נעהמען ראַכע פיר די ליידען, וואָס די פראַנצויזען האָבען זיי פערשאַפט, ווען זיי זיינען

אנגעפאלען אויף דיזע געגענדען. באלד האט קלערפעיט זיך ענטשלאסען צו א צווייטען שטרייט מיט די פראנצויזען. ער האט געשטורמט דעם פעסטען לאגער פון די פראנצויזען ביי מאינץ און האט אפגעשניטען פי- שעגרו פון דער ארמעע ביי מאננהיים, אזוי דאס דיזע פעסטונג האט זיך געמוזט אונטערגעבען (22טען נאוועמבער 1795).

דאן האט קארנאט געמאכט א נייעם פלאן ווי אנצופיהרען די מלחמה; ער האט געארדענט צו פיהרען די מלחמה מיט'ן פיינד ניט ביי די גרענצען נאר אין לאנד גופא פון פיינד, און מיט איין מאל אין דייטשלאנד און אין איטאליען, און די ביידע ארמעען זאלען זוכען צו מאכען זיך א וועג נאך וויען. צו דיזען צוועק זיינען צוזאמענגעשטעלט געווארען 5 ארמעען, וועלכע זיינען געשטאנען אין א לאנגער ליניע פון גענוא ביז צו דער נארד־זעע. אין צפון־זייט זיינען געשטאנען זשורדאן און מארא, יעדערער מיט 77 טויזענד מאן אונטער זיין קאמאנדע. אין זיד איז געשטאנען באנאפארטע מיט אן ארמע פון 40—50 טויזענד מאן. נאך דעם פלאן פון קארנאט האט דער אויסצאת געזאלט געמאכט ווערען אונערוואַרטעט.

אין אנפאנג פון מאנאט יוני איז זשורדאן וויעדער אריבער דעם רהיין אום צו פערטרייבען צוריק די עסטרייכער. אבער דער ערץ־הערצאג קארל האט איהם געשלאגען; דערפאר איז עס געלונגען דעם אנדערען פראנצוי- זישען גענעראל מארא אריינצודרינגען אין שוואבען. ער האט איינגענומען דאס גאנצע לאנד ביז צו דעם טייך לעך, ער איז זאגאר אריבער דיזען טייך און האט אריינגעדרונגען אין באיערן און האט זיך מעהר און מעהר צוגע- רוקט צו דער איטאליענישער ארמעע.

יעצט האט דער ערץ־הערצאג קארל געענדערט דעם פלאן פון זיין פעלד־צוג. ער האט צוזאמענגעצויגען אלע עסטרייכישע טרופען אום אנצו- גרייפען די פראנצויזישע ארמעען יעדע בעזונדער, כל זמן זיי האבען זיך נאך ניט פעראייניגט. דיזעס איז איהם ווירקליך געלונגען אין דער צוויי- טער העלפט פון אויגוסט. דעם 22טען און 24טען אויגוסט האט ער אזוי צוקלאפט די פראנצויזישע ארמעע אונטער דער קאמאנדע פון זשורדאן, דאס דיזער איז געווען געצוואונגען צוריקצוטרעטען איבער דעם טייך לאהן. היר אבער איז ער נאך א מאל געשלאגען געווארען פון דעם ערץ־הערצאג קארל, אזוי דאס ער האט געמוזט ענטלויפען ביז דיססעלדארף. די מפלה פון זשורדאן האט אויך געבראכט מארא'ן אין געפאהר. דיזער גענעראל האט שוין געשלאסען פרידען מיט די זיד־דייטשע שטאאטען אויף בעדינ- גונגען, וואס א זיגער מאכט געוועהנליך מיט די בעזיגטע. אבער יעצט האט

ער דערזעהען, דאָס זיינע פערבינדונגען מיט דעם רהיין זיינען אָפּגעשניטען און דער פיינד איז איהם נאָהענט אין רוקען. ער האָט זיך געמוזט צוריק-ציהען. דיזער ריקצוג האָט פערשאַפט דעם גענעראַל מאָראָ גרויס עהרע, ווייל ער איז געמאַכט געוואָרען אין דער צייט און מיט גרויס טאַלאַנט און פאָרזיכטיגקייט.

דער קריגס־פּלאַן פון די פראַנצויזען איז איין טייל פון דער אַרמעע גאָרניט געלונגען. עס איז געבליבען פיר באָנאַפּאַרטע'ן אַליין, אָהן הילף פון אַן אַנדערען טייל פון דער אַרמעע, צו לעזען די שווערע אויפגאַבע. און ער האָט זי ווירקליך אַליין געלעזט, ניט צו פערדאַנקען זיין זשעניע, נאָר כמעט אויף אַ וואונדערבאַרען אופן. די הצלחה האָט איהם געשפּילט.

נאַפּאָלעאָן באָנאַפּאַרטע איז געבאָרען געוואָרען אין קאָרסיקאַ אין יאָהר 1769. אין דער קריג־שולע פון בריעננע האָט ער געקראָגען אַ זעהר טיכ-טיגע מאַטהעמאַטישע פאָרבילדונג. זיינע אונגעוועהנליכע פעהיגקייטען האָבען באַלד צוגעצויגען צו זיך די אויפמערקזאַמקייט פון זיינע לעהרער. אָבער איבערהויפּט האָבען אַלע בעוואונדערט די ריזיגע קראַפט פון זיין ענערגיע. קאַלטבלוטיג האָט ער בעשלאָסען אַליין צו מאַכען זיין וועג, ניט רעכנענדיג און ניט ערוואַרטענדיג פון בלינדען שיקזאַל וועלכע עס איז אונגעוועהנליכע גליקען. די מענשען, וואָס האָבען איהם געקענט נאָ-הענט, האָבען צוגעגעבען, דאָס אין זיין פערזאָן איז געווען עטוואָס אונ-געוועהנליכעס, אַ מין טייפליש־צווינגענדע מאַכט, וועלכע מאַכט יעדען צו ערפילען זיין וואונש. דיזעס האָבען צוגעגעבען זאָגאַר זיינע פיינד. דיזע קראַפט איז ניט געלעגען אין זיין אויסערער ערשיינונג, נאָר אין דעם בע-וואוסטזיין, וועלכעס האָט זיך אויסגעדריקט אין אַלע זיינע ווערטער און אין אַלע זיינע מעשים, דאָס ער איז בערופען צו בעהערשען די מענשען. דער געשיכטע־שרייבער הייססער זאָגט אין זיין כאַראַקטעריסטיק פון נאַפּאָ-לעאָן'ען פאָלגענדעס: „מיר טרעפען אין דער וועלטגעשיכטע זעהר ווייניג מענשען ווי נאַפּאָלעאָן, וועלכער איז אומגעגאַנגען מיט אַ פעסטען בעוואוסט-זיין, דאָס זיין אויפגאַבע איז צו בעהערשען די מענשען. ער האָט שטאַרק געגלויבט, דאָס דיזעס איז דער ענד־ציל פון זיין לעבען, און דיזעס וועט און מוז דערגרייכט ווערען אום יעדען פרייז, און קיין זאַך אין דער וועלט וועט ניט זיין אין שטאַנד עס צו פערהינדערן.

„דיזעס האָט מען שוין דאַמאָלס אין אָנפאַנג פון זיין קאַריערע בע-מערקט אין זיין האַלטונג און אין זיינע אויסערונגען. עס טרעפען אין דער וועלט מענשען, וואָס האַלטען זיך פיר זשעניען, אָבער די וועלט גלויבט זיי

ניט. ביי נאַפּאָלעאָן'ען איז עס ניט געווען דער פאַל. די מענשען האָבען ווירקליך געגלויבט, דאָס ער איז אַ זשעניע, ווי ער האָט זעלבסט געדענקט וועגען זיך. מיר זיינען געוועהנט צו בעטראַכטען נאַפּאָלעאָן'ען אַלס אַ דעספּאָט, וועלכער האָט געדריקט מיט זיין אייזערנער האַנט אָהן שום רחמנות. אין אָנפאַנג אָבער איז ער געווען אַ גאַנץ אַנדער מענש. דאָס עדעלע אין זיין נאַטור איז נאָך ניט געווען אונטערדריקט פון זיין שרעקליכען עגאָאיזם, עס איז נאָך דאַמאָלס אין איהם ניט געווען צו בעמערקען די שרעקליכע מענשען-פעראַכטונג, וועלכע ער האָט אַרויסגעצייגט אין די שפּעטערע יאָהרען פון זיין לעבען. ער איז נאָך דאַמאָלס געווען אַ זעהר ליבליכער מענש מיט זעהר ווייכע געפיהלען.

„מיר האָבען פון איהם ביישפּילען פון גרויסמוט, עדעלזין און ווירקליכער פריינדשאַפט. מאַרמאָנט פערזיכערט, דאָס עס איז ניט געווען אַ זאַך, וואָס מען האָט ניט געוואָלט טאָן פון זיינעט וועגען מיט'ן גרעסטען פערגניגען, קיין זאַך איז פיר אימעצען ניט געווען שווער צו טאָן אין זיין געגענוואַרט. ער האָט איינפאַך אַלעמען בעצויבערט מיט זיין געגענוואַרט. ער האָט מיט זיין צויבערקראַפט געמאַכט, דאָס זאָגאַר גאַנץ בעדייטענדע מענשען זיינען איהם געוואָרען געהאָרזאַם אָהן אַ שום צוואַנג, נאָר מיט אַ פרייוויליגען וואונש איהם צופרידען צו שטעלען. עס האָבען איהם אַרומגערינגעלט די פעהיגסטע קעפּ פון זיין צייט. אָבער דאָס אַלעס איז אין גרונד נאָר געווען אַ מיטעל צו געווינען מענשען-הערצער, אַ מיטעל צו בעהערשען אַלעמען און יעדען. דאָס אַלעס איז נאָר געווען אַ וואָפע צו דערגרייכען זיין ציל, און דיזער ציל איז געווען — צו הערשען. דיזער עגאָאיזם, דיזע לוסט צו הערשען האָט זיך אָנגעהויבען אַרויסצואווייזען נאָך פיעל פריהער איידער ער האָט דערגרייכט זיין ציל. אָבער ביי אַלעם דעם איז ער געווען פעהיג צו דערגרונטעווען דעם עיקר פון אַלע פראַגען, צו ערפאַסען דעם לעבענס-נערוו פון אַלע זאַכען, ווי אַן אמת'ער זשעניע קען עס נאָר פערשטעהן.

„דיזע וואונדערבאַרע נאַטור איז יעצט געווען אין פולען בליהען פון איהר קראַפט. נאַפּאָלעאָן איז דאַמאָלס אַלט געווען ניט מעהר פון 27 יאָהר. דיזער אַלטער האָט ביי אַ זיד-לענדער פיעל מעהר בעדייטונג ווי ביי אַ מאַן, וואָס איז געבאָרען געוואָרען אין אַ נאָרדליכען קלימאַט".

געגען דעם מיליטער, וואָס איז געווען אונטער נאַפּאָלעאָן'ס קאָמאַנדע אין איטאַליען, זיינען געשטאַנען טרופּען פון די עסטרייכער און פּיעמאָנטעזען אונגעפעהר 60,000 מאַן. נאַפּאָלעאָן'ס פּלאַן איז געווען צו בעפאַלען די

עסטרייכער פלוצלינג און צווינגען זיי אָפּצוטרעטען צו אָסט, אַזוי דאָס די פיעמאָנטעזען זאָלען מוזען אָננעהמען אַ שטעלונג פון פערטיידיגונג. דער פיהרער פון די פערבינדעטע איז געווען דער גענעראַל באָליאָ, וועלכער איז געווען בעוואוסט אַלס קריגס־העלד פון ערסטען גראַד. ענדע מערץ איז נאַפּאָלעאָן געקומען צו זיין אַרמעע. ער האָט זי געפונען אין אַ זעהר טרויעריגען צושטאַנד. עס האָבען זיי געפעהלט קליידער, שיך און לעבענסמיטלען. נאַפּאָלעאָן האָט זיך געווענדט צו זיי מיט פאָלגענדע ווערטער: **„איהר זייט נא-**



נאַפּאָלעאָן באָנאַפּאַרטע.

קעט, איהר האָט ניט וואָס צו עסען, די פראַנצויזישע רעגירונג איז אייך שולדיג זעהר פיעל, זי קען אייך אָבער יעצט גאָרניט געבען. אייער געדולד, אייער מוט, וועלכע איהר האָט געצייגט צווישען דיזע בערג, זיינען בעוואונדערונגס־ווירדיג, אָבער זיי שאַפען אייך ניט קיין עהרע, און קיין שטראַהל פון גלאַנץ קען אויף אייך דערפון ניט אָפּשטראַהלען. איך וויל אייך פיהרען אין די פרוכטבאַרסטע לענדער פון דער וועלט. איהר וועט איינגעהמען רייכע שטעדט, איהר וועט בעהערשען פראַכטפולע לאַנדשאַפ-

טען. דאָרטען וועט איהר געפינען אַלעס: עהרע, בעריהמטהייט און רייכ-טום. סאָלדאַטען פון דער איטאַליענישער אַרמעע, זאָלען אייך יעצט פעהלען מוט און פעסטקייט?"

אין דיזער רעדע דערמאָהנט ניט נאַפּאָלעאָן וועגען פרייהייט, וועגען דער פראַנצויזישער רעפּובליק, וועגען וועלכע מען פלעגט פריהער אַלץ שלאָ-גען די סאָלדאַטען אין קאָפּ. ער האָט זיי פערשפּראָכען: עהרע, בעריהמט-הייט און רייכטימער; דאָס איז געווען די פּראָגראַמע פון זיין קינפטיגען קייזעררייך, מיט דיזען פּראָגראַם האָט ער געזוכט צו בעגייסטערן די סאָל-דאַטען.

די פראַנצויזישע אַרמעע איז געשטאַנען צווישען סאַוואָנאַ און מאָנ-טענאָטטע; דער פיינד איז געשטאַנען אויף די אַפּענניגען-בערג. אָנפאַנגס איז עס געלונגען איין אָפּטיילונג פון דער עסטרייכישער אַרמעע צו בעפאַלען די פראַנצויזען, וואָס זיינען געווען אונטער דער קאָמאַנדע פון גענעראַל טשערוואָני ביי וואַלטרי, און האָבען איהם געצוואונגען אָפּצוטרעטען צוריק ביז סאַוואָנאַ. אָבער דאָס גליק האָט זיך זעהר גיך געענדיגט. נאָך דעם ערס-טען זיג ביי מאָנטענאָטטע האָט נאַפּאָלעאָן אָנגעהויבען צו בעזיגען די עסט-רייכישע אַרמעע כסדר אָהן אַן אויפהער. באַליאָ האָט פערלאָרען איינינגע טויזענד אין טויטע און איבער 10,000 געפאַנגענע, און איז געווען גע-צוואונגען צוריקצוציהען זיך אין לאָמבאַרדיע.

נאַפּאָלעאָן האָט איהם פּאָרטגעזעצט צו פערפאָלגען און האָט איהם געשלאָגען אין פיעלע ערטער: ביי טשעוואַ און מאָנדאָווי, און איז צוגעקומען ניט ווייט פון טורין. דער איטאַליענישער קעניג האָט אָנגע-הויבען שטאַרק ציטערן פאַר נאַפּאָלעאָן'ען און האָט געבעטען אַ וואַפען-שטילשטאַנד. נאַפּאָלעאָן איז מרוצה געווען אויף דעם, ווען דער קעניג האָט איהם איבערגעגעבען די פעסטונגען קאָני, טשעוואַ און טאָרטאָנאַ. דער יונגער העלד האָט אין 14 טעג, פון 11טען ביז דעם 28טען אַפּריל, דער-גרייכט דאָס, וואָס דער נאַציאָנאַל-קאָנווענט האָט ניט געקענט דערגרייכען אין גאַנצע 3 יאָהר. נאָכדעם איז אין פּאַריז געשלאָסען געוואָרען אַ שלום, לויט וועלכען דער איטאַליענישער קעניג האָט אָפּגעטרעטען צו די פראַנ-צויזען: סאַוואָיען, ניצצאַ און טענדאַ, אויסער דעם האָט ער איבערגעגעבען צו די פראַנצויזישע טרופּען די פּיעמאָנטעזישע פעסטונגען ביז עס וועט גע-שלאָסען ווערען אַן אַלגעמיינער פרידען.

יעצט האָט זיך נאַפּאָלעאָן געוואָרפען מיט דער גאַנצער מאַכט אַ די עסטרייכישע טרופּען, וועלכע זיינען געשטאַנען הינטער דעם טייך פּאָ

אין איטאליען. די פראנצויזען זיינען אריבער דעם טיך. די עסטרייכער זיינען געשלאגען געווארען ביי פאמביא און האבען צוריקגעטרעטען, אבער דער זיגער האט זיי נאכגעיאגט. אויף דער בריק ביי לאדי איז פאר-געקומען א בלוטיגער שטרייט (10טען מאי). דער טאג איז געוועזן פיר די פראנצויזישע ארמעע זעהר א שרעקליכער, אבער נאפאלעאן האט געזיגט און איז אריבער די בריק און האט דערפאר געוואונען דאס גאנצע לאמבאר-דישע לאנד. עס האבען זיך אונטערגעגעבען קרעמאנא און פאוויא, און נא-פאלעאן איז מיט גרויס טריאומף אריין אין מאילאנד (מילאנא).

נאכדעם האבען אויך פארמא און מאדענא געשלאסען פרידען. דער פאפסט און נעאפעל האבען געמוזט בעצאהלען שווערעס געלט פיר נייטרא-ליטעט. פארמא האט געמוזט בעצאהלען 2,000,000 אין מזומן און נאך א מאל אזוי פיעל אויסצאהלען ביסלאכווייז; אויסער דעם האט זי געמוזט אפגעבען פון איהרע בילדער-גאלערייען 20 טייערע בילדער, וועלכע דער זי-גער וועט וועלען. דער פאפסט האט געמוזט געבען צו פראנקרייך 21 מי-ליאנען, 100 בילדער און סטאטועס און 500 האנטשריפטען פון דער וואטי-קאנישער ביבליאטהעק. די לאמבארדיש-עסטרייכישע לענדער האבען גע-מוזט צאהלען 20,000,000 קאנטריבוציאן. אויך ווענעציא האט געמוזט געבען געלט. דאס דירעקטאריום האט דאמאלס אנגעהויבען אנצופילען די לעערע פראנצויזישע קאסע. אויסער דעם האט דער קריג זיך אליין בע-צאהלט זיינע הוצאות, אזוי דאס פראנקרייך האט ניט געהאט צו טראגען די לאסט פון דעם קריג און די פינאנצען זיינען בעדייטענד בעסער געווארען.

באליא האט געמוזט מיט דעם רעסט פון זיין ארמעע אפטרעטען אין טיראל. נאפאלעאן איז איהם נאכגעלאפען און אין א קורצער צייט האט אין גאנץ לאמבארדיע, אויסער מאנטוא, געוועהט די דריי-פארביגע פראנצוי-זישע פאהן. באנאפארטע האט ניט געקענט פארטזעצען זיין מארשרוט ביז ער האט איינגענומען מאנטוא, וועלכע האט געשטערט זיין פלאן צו געהן אויף ווין. די עסטרייכער האבען געמאכט א גרויסען פעהלער און האבען אפגערופען זייער ארמעע פון דייטשלאנד, וועלכע האט געהאלטען ביי פער-ניכטען די נארד-פראנצויזישע ארמעע, און האבען זי געשיקט צו הילף צו מאנטוא. אבער ווי נאר דער גענעראל וואורמזער איז אנגעקומען צום מינ-טשיא (א טיך, וואס פאלט אריין אין דעם גרויסען טיך פא), איז איהם נאפאלעאן פלוצלינג בעפאלען און האט צוקלאפט זיין גאנצע ארמעע, וועלכע איז בעשטאנען פון 25,000 מאן, און האט זיך צוריקגעקעהרט צו דער בעלאגערונג פון מאנטוא (אויגוסט).

נאָך דער ערסטער מפּלה האָט וואורמזער געפאָדערט פרישע מיליטערישע מאַכט אום אויסצוהעלפען מאַנטוא. אָבער נאַפּאָלעאָן האָט איהם ווידער געשלאָגען. עסטרייך האָט געשיקט אַ נייע אַרמעע אונטער אַלווינצי. די שלאַכט מיט דיזע טרופּען איז געווען אַ זעהר בלוטיגע. זי האָט געדויערט 3 טעג, פון 15טען ביז דעם 17טען נאָוועמבער, און נאַפּאָלעאָן איז ווידער אַרויס דער זיגער. עס זיינען אפילו צוגעקומען צו אַלווינצי'ס אַרמעע זעהר פיעלע וואָלונטירען (פרייוויליגע), אָבער אויך דיזע זיינען צוקלאַפּט געוואָרען ביי ריוואָלי (14טען—16טען יאַנואַר 1797). דעם 2טען פעברואַר האָט זיך ענדליך די פעסטונג מאַנטוא אונטערגעגעבען. גענעראַל וואורמזער האָט זיך שטאַרק אָנגעשטרענגט צו רעטען דיזע וויכטיגע פעסטונג. דער רעזולטאַט פון דיזער אָנשטרענגונג איז געווען, דאָס די פראַנצויזען האָבען פערכאַפּט 500 קאַנאָנען און האָבען געפאַנגען 12,000 עסטרייכישע סאָלדאַטען. דערמיט איז גאַנץ אויבער-איטאַליען איבערגעגאַנגען צו די פראַנצויזען און די עסטרייכישע מיליטערישע מאַכט איז געוואָרען זעהר אָפּגעשוואַכט. די האַבסבורגער האָבען שוין מעהר ניט געקענט דענקען צו פיהרען מיט די פראַנצויזען אַ דאָפּעלטען קריג, אין איטאַליען און ביים רהיין. יעצט האָט באָנאַפּאַרטע אונגעשטערט פאָרטגעזעצט זיין מאַרשרוט און ענדע מערץ איז ער שוין געווען אין שטייערמאַרק.

הגם די לאַגע פון נאַפּאָלעאָן'ען האָט אויסגעוויזען צו זיין זעהר גלענצענד, איז זי אָבער אין גרונד געווען ווייט פון גליקליך. ניט אַכטענדיג דערויף, וואָס נאַפּאָלעאָן איז געווען נאָהענט צו ווין, ניט מעהר ווי 46 שטונדען ווייט, און דער הויף און די גרויסע לייט זיינען אַנטלאָפען פון שטאָדט און דאָס פאָלק איז געווען אין גרויס שרעק, — ניט אַכטענדיג אויף אַלעם דעם איז די לאַגע פון דעם בעזיגער געווען זעהר אַן ערנסטע. דאָס פאָלק האָט געשטורמט; אַלעס, וואָס איז געווען אין שטאַנד צו טראָגען וואַפען, האָט גענומען וואַפען אין די הענט און איז געווען ענטשלאָסען צו שטרייטען מיט'ן פיינד ווי פערצווייפעלטע. נאַפּאָלעאָן האָט דערפאַר מורא געהאַט, און נאָך מעהר האָט ער זיך געשראָקען פאַר דעם, וואָס ער איז געווען אָפּגעשניטען פון דער רהיין-אַרמעע, און דאָס דירעקטאָריום האָט איהם אויך ניט געקענט העלפען, און דאַרום האָט ער בעשלאָסען אָנצופאַנגען אונטערהאַנדלונגען. דיזע אונטערהאַנדלונגען האָבען געפיהרט דערצו, דאָס דעם 18טען אַפּריל איז געשלאָסען געוואָרען אַ וואַפען-שטילשטאַנד ביי לעאָבען. עסטרייך האָט אָפּגעטרעטען צו פראַנקרייך בעלגיען און די איטאַליענישע לענדער ביז צום טייך אָגליאָ, דאַגעגען האָט ווענעציאַ בעקומען דאָס לאַנד

ביז צו דעם טייך פּאָ און דעם אַדריאַטישען מעער, ווי אויך איסטריען און דאַלמאַציען. דערמיט האָט נאַפּאָלעאָן געענדיגט דעם זעקס־יעהריגען קריג אויף אַזאַ־בע בעדינגונגען, וואָס דאָס דירעקטאָריום האָט קיינמאָל ניט ער־וואַרטעט, און דער נאָמען נאַפּאָלעאָן איז בעדעקט געוואָרען מיט גרויסען רוהם.

אין דער זעלבער צייט אָבער האָט זיך די לאַגע פון דעם דירעקטאָריום פיעל געענדערט צום ערגערען. די נייע רעגירונג (דאָס דירעקטאָריום) איז ניט געשטאַנען פון אָנהויב אָן אויף אַ פעסטען גרונד; זי האָט קיינמאָל ניט געהאַט קיין שטאַרקע פּאַרטיי, אויף וועלכער זי האָט זיך געקענט שטיצען. אין געגענטייל, אין גאַנצען פאָלק האָט געהערשט אַ שטימונג פון אונצו־פרידענהייט מיט דער נייער רעגירונג. עס האָבען זיך שטאַרק אָנגעפאַנגען פאָרצובערייטען אין פאָלק ראָיאַליסטישע געזינונגען. הגם די רעגירונג האָט געברויכט ביי די וואַהלען אַלערליי קונצען, דאָך איז ערוועהלט געוואָרען צום פּאַרלאַמענט אַ גרויסע צאָהל ראָיאַליסטען, און זאָגאַר די ניט־ראָיאַ־ליסטען זיינען אויך געווען פיינדליך געזאָנען צו דער רעפּובליק. מיט איין וואָרט — די נייע ערגענצונגס־וואַהלען פון יאָהר 1797 זיינען געווען פיר די רעגירונג אַ פאָלשטענדיגע נידערלאַגע. די זיכערע מעהרהייט האָט גע־מוזט אַרויס פון קאָנווענט, און זייער פּלאַץ האָבען פערנומען פיינד פון דער דירעקטאָריאַל־רעגירונג. דער נייער קאָנווענט האָט שוין מעהר ניט גע־חלום׳ט וועגען פרייהייט און ברידערליכקייט, זיינע פּרינציפּען זיינען גע־ווען: מעסיגקייט, גערעכטיגקייט און פרידען.

דער גענעראַל פּישעגרו איז ערוועהלט געוואָרען אַלס פּרעזידענט אין דעם ראַט פון 500. דיזע וואַהל האָט געצייגט, דאָס יעצט געהט אַריין אין קראַפט די פּאַרטיי, וועלכע וויל לעבען אין פרידען מיט אויסלאַנד. אַלס דירעקטאָר איז ערוועהלט געוואָרען באַרטהעלעמי, הגם עס איז ניט געווען קיין סוד, דאָס ער האָט געהערט צו דער ראָיאַליסטישער אָפּאָ־זיציאָן. די קעניגליכע זיינען יעצט אָפען אַרויס מיט זייערע פּלענער געגען דער רעוואָלוציאָן. דער ראַט פון 500 האָט אָפען ערקלערט, דאָס ער איז גענייגט צו אַ מאָנאַרכיע. און אַזוי האָבען די געגנער פון דירעקטאָריום מעהר און מעהר אַרויסגעוויזען זייער אונצופרידענהייט מיט דער נייער רעגירונג. דער קלוב פון קלישי איז געווען דער מיטעלפּונקט, וואו עס האָבען זיך פערזאַמעלט אַלע אונצופרידענע מיט דער יעצטיגער רעגירונג. דיזער קלוב איז געוואָרען אַ מאַכט, ווי די יאַקאָבינער אין דער צייט פון דער רעוואָלוציאָן.

אין זומער פון יאָהר 1797 איז די שפּאַנונג געוואָרען אַזוי שטאַרק, דאָס מען האָט אָפען אָנגעהויבען צו רעדען וועגען אַן איבערקעהרעניס אין דער רעגירונג. דאָס דירעקטאָריום האָט זיך געשטיצט אויף די אַרמעען, ווייל דאָרט האָבען זיך געפונען די בעסטע רעפּובליקאַנער, וועלכע האָבען פערגאָסען זייער בלוט פיר די רעוואָלוציאָן. און באמת זיינען די אַרמעען געווען אין גאַנצען איבערגעגעבען צום דירעקטאָריום. זיי האָבען געשיקט צו די ראַטען אַדרעסען, אין וועלכע זיי האָבען דיזע בעשולדיגט אין פערראַט געגען לאַנד און פאָלק. דעם 14טען יולי האָט נאַפּאָלעאָן אַרויסגעגעבען צו זיינע טרופּען אַ בעפעהל, אין וועלכען ער האָט געזאָגט: „בערג שיידען אונז אָפּ פון פראַנקרייך; אָבער איהר וועט איבערגעהן די בערג מיט די פליגלען פון אַן אָדלער ווען עס וועט זיין נעטיג אונטערצוהאַלטען די קאָנסטיטוציאָן, צו בעשיצען די פרייהייט און צו שטיצען די רעגירונג און די רעפּובליקאַנער. סאָלדאַטען! אין דעם אויגענבליק, וואָס די ראָיאַליסטען וועלען אַרויסטרעטען, האָט געשלאָגען זייער לעצטע שטונדע!"

דאָס דירעקטאָריום האָט געאָרדענט, אַז איינינע רעגימענטען זאָלען קומען נאָהענט פון פּאַריז און שטעהן דאָרט, אום אין פאַל פון אַן אויפשטאַנד אין פּאַריז זאָלען זיי זיין גרייט צו דערשטיקען איהם גלייך אין אָנפאַנג. איבער דער פּאַריזער מיליטער־דיוויזיאָן האָט דאָס דירעקטאָריום בעשטימט אַלס קאָמאַנדיר דעם ברוטאַלען אָ ז ש ע ר אָ. די ראָיאַליסטען האָבען פערשטאַנען די אַבזיכט פון דעם דירעקטאָריום און זיי האָבען אָנגעהויבען צו מאַכען פּלענער, וואָס זאָלען שטערען די אַבזיכטען פון דער רעגירונג. זיי האָבען געפאָדערט פון דעם דירעקטאָריום צוריקצושיקען די אַרמעע, ווייל עס איז געגען דער קאָנסטיטוציאָן צו האַלטען אַן אַרמעע נאָהענט פון פּאַריז, און איינריכטען צוריק אין גאַנץ פראַנקרייך די נאַציאָנאַל־גוואַרדיע.

אָבער דאָס דירעקטאָריום האָט ניט געגעבען די ראָיאַליסטען קיין צייט דורכצופיהרען זייערע בעשלוסען. אין דער נאַכט פון דעם 17טען אויף דעם 18טען פרוקטידאָר (פון דעם 3טען אויף דעם 4טען סעפּטעמבער) זיינען די טרופּען אונטער דער קאָמאַנדע פון אָזשעראָ אַריין אין פּאַריז, האָבען בעזעצט אַלע צוגאַנגען צו די טואילעריען (דער שלאָס, וואו עס איז געזעסען דאָס דירעקטאָריום). אין דער פריה זיינען געקומען צו דער גוואַרדיע פון געזעצגעבענדען קאָרפּוס 800 מאַן, וועלכע זיינען געשטאַנען אונטער דעם בעפעהל פון ר אַ מ ע ל. אָבער דיזע גוואַרדיע האָט ניט געוואָלט פאָלגען די בעפעהלען פון איהר קאָמאַנדיר. מיט דעם אויסרוף „לעבען זאָל אָזשע-

ראָ ! לעבען זאָל דאָס דירעקטאָריום !" האָבען זיי ארונטערגעלאָזען די וואַ-פען. די סאָלדאַטען פון דער אַרמעע זיינען אַריין אין די זיצונגס־זאַאַלען, האָבען אַרעסטירט די זאַאַל־אינספעקטאָרען, וואָס די ראָיאַליסטען האָבען דאָרט אַנידערגעזעצט. דאַן האָט מען אין פערשיידענע טיילען פון פּאַריז אַרעסטירט אייניגע דעפּוטאַטען, אויף וועלכע עס איז געווען אַ שטיקעל חשד, דאָס זיי זיינען ראָיאַליסטען, ווי אויך די ראָיאַליסטישע שריפטשטע-לער, צוריקגעקעהרטע פּריסטער און עמיגראַנטען. עס זיינען אַרעסטירט געוואָרען 41 מיטגלידער פון דעם ראַט פון די 500 און 11 פון דעם ראַט פון די אַלטע, ווי אויך די דירעקטאָרען באַרטהעלעמי און באַרראַס. די וואַהלען פון 48 דעפּאַרטעמענטען זיינען ערקלערט געוואָרען ניט גילטיג. די ערטער פון די מיטגלידער, וואָס זיינען אַרויסגעשטויסען געוואָרען, האָט דאָס דירעקטאָריום אַליין בעזעצט מיט פּערזאָנען, ווי עס איז איהם געפע-לען, און מען האָט ניט געפאָדערט פיר זיי קיין וואַהלען. אויך פערוואַל-טונגס־שטעלעס אין די פּראָווינצען האָט דאָס דירעקטאָריום איבערגעגעבען צו פּערזאָנען פון זיין פּאַרטיי.

אַזוי איז אין פערלויף פון אייניגע שטונדען געוואָרען אַ גאַנצע איבער-קעהרעניס. ווען די פּאַריזער איינוואוינער האָבען ערוואַכט דעם 18טען פרוקטידאָר (4טען סעפּטעמבער) האָבען זיי דורך די געדרוקטע פּלאַקאַטען ערפאַהרען וועגען דער איבערקעהרעניס, וואָס איז פּאָרגעקומען אין דער רעגירונג אין דער פערגאַנגענער נאַכט, און וואָס דאָס דירעקטאָריום איז יעצט ענטשלאָסען צו טאָן. פּיעלע האָבען פאָרויסגעזעהען, דאָס דיזער צו-שטאַנד, וועלכער איז געגרינדעט ניט אויף רעכט נאָר אויף געוואַלט, מוז זיך ענדיגען מיט אַ מיליטערישער דיקטאַטור.

דעם 18טען פרוקטידאָר האָט דאָס דירעקטאָריום צוריק אַריינגעבראַכט אין קראַפט די אָרדנונגען און די געזעצען פון דער צייט פון דער רעוואָלו-ציאָן, נאָר אין אַ ביסעל אַ מילדערער פאָרמע. מען האָט צוריקגערופען די געזעצען, וועלכע זיינען אַרויסגעגעבען געוואָרען צו גונסטען פון די עמיגראַנ-טען און די פּריסטער. עס איז בעשטימט געוואָרען אַ טויט־שטראָף פיר די עמיגראַנטען און פּריסטער, וועלכע וועלען פערבלייבען לענגער ווי די צייט, וואָס מען האָט זיי געגעבען אויף צו פערלאָזען דאָס לאַנד. אויף וועמען מען האָט געהאַט אַ חשד, דאָס ער איז אַ ראָיאַליסט, דעם האָט מען אַרויסגעשיקט פון לאַנד. די איבריגע מיטגלידער פון דער בורבאָנישער פאַ-מיליע (די פריהערדיגע קעניגליכע פאַמיליע אין פראַנקרייך) האָט מען אַרויסגעשיקט אין שפּאַניען. די רעגירונג איז יעצט געשטאַנען אויף דעם

שפּיץ פון איהר מאַכט. איהרע אינערע פיינד האָט זי דערשטיקט, און די אויסערע זיינען בעזיגט און בעטען זיך ביי פראַנקרייך צו שליסען מיט זיי פרידען.

אין עסטרייך האָבען זיך נאָך דעם פרידען פון לעאָבען אפילו אָנגע-הויבען צו הערען שטימען צו בענייען דעם קריג נאָך דעם, ווי מען האָט זיך אָפּגערוהט נאָך דעם וואפען־שטילשטאַנד. די קריגס־פּאַרטיי אין עסטרייך האָט געהאַט געוויסע גרינדען פּאַרטצוזעצען וויטער דעם קריג. ער-סטענס איז די איטאַליענישע אַרמעע פון די פראַנצויזען געווען אָפּגע-שניטען פון דער רהיין־אַרמעע; צווייטענס, זיינען געוואָרען אין פראַנק-רייך אינערליכע פּאָליטישע אונרוהען און איבערקעהרעניסען; דריטענס האָט די ראָיאַליסטישע פּאַרטיי איבער־אַ־ניים אָנגעהויבען אַרויפצו-געהן אויף די ביהנע. אָבער ווען עסטרייך האָט דערהערט, דאָס די פראַנ-צויזען זיינען אַריין אין ווענעציאַ, האָבען איינגעריכטעט אַ דעמאָקראַטישע רעפּובליק אין גענוא און האָבען אָנגעהויבען עהנליכע פּאַרבערייטונגען אויך אין קירכענשטאַאַט, אין דעם רייך פון פּאַפּסט, דאָס די רעגירונג אין פראַנק-רייך שטעהט פעסט, האָט זי ווידער אויפגענומען די אונטערהאַנדלונגען וועגען פרידען מיט פראַנקרייך. נאַפּאָלעאָן האָט די לאַגע גוט פערשטאַנען און האָט זיך ניט געוואָלט אַריינלאָזען אין נייע קריגס־פּלענער. מיט דעם עסטרייכישען אונטערהענדלער, גראַף ק אָ ב ע נ צ ל, אַ דיפּלאָמאַט פון דער אַלטער שולע, איז נאַפּאָלעאָן גיך פערטיג געוואָרען. ווען דער גראַף האָט אָנגעהויבען צו פערלאַנגען צו פיעל איז נאַפּאָלעאָן כלומר'סט אַרויס פון געדולד, האָט געכאַפּט אַ טייערען סערוויז (קרעדענץ), האָט איהם אַ וואָרף געטאָן אויף דער ערד און האָט מיט צאָרן געזאָגט צום גראַף: „גוט, דער וואפען־שטילשטאַנד איז געענדיגט און קריג איז ווידער ערקלערט. אָבער זייט וויסען, דאָס איך וועל צורייסען אייער רייך אין אַזוי פיעל שטי-קער ווי פיעל שערבלאַך עס וואַלגערן זיך דאָ אַרום אונז”. דאָס האָט גע-ווירקט, און דעם 17טען אָקטאָבער 1797 איז ענדליך געשלאָסען געוואָרען פרידען אין ק אַ מ פּ אָ פּ אָ ר מ י אָ. לויט דיזען פרידען האָט עסטרייך ער-האַלטען די שטאָדט ווענעציאַ מיט די לאַגונען, אויך איינינע לאַנד־שטריכען ביים אַדריאַטישען מעער דערפאַר, וואָס זי האָט אָפּגעטרעטען בעלגיען צו פראַנקרייך און מאַילאַנד צו דער ניי־געגרינדעטער צים־אַלפּינישער רעפּוב-ליק (רעפּובליק אויף דיזער זייט פון די אַלפּען).

דער פרידען פון קאַמפּאָ פּאָרמיאָ איז געווען פיר פראַנקרייך זעהר גוט; ער האָט בעסער ניט געקענט זיין. יעצט איז נאָר געבליבען צו בעזיגען

איין פיינד, אמת אַ זעהר געפעהרליכער, אָבער דאָך נאָר איינער. דאָס איז געווען ענגלאַנד. אַ בריף פון נאַפּאָלעאָן׳ען כאַראַקטעריזירט דיזע לאַגע ריכטיג: „זיינט יאָהרהונדערטער איז נאָך קיינמאָל ניט געשלאָסען געוואָרען קיין גלענצענדערער פרידען ווי דער יעצטיגער, וואָס מיר האָבען געשלאָסען. ענגלאַנד האָט געוואָלט גרינדען אַ נייעם בונד; דער קריג, וועלכער האָט געשיינט צו זיין נאַציאָנאַל און פאָלקסטימליך בעת דער פיינד איז געשטאַנען ביי אונזערע גרענצען, איז יעצט דעם פאָלק פרעמד, און ער ווערט פערוואַנדעלט אין אַ קריג פון דער רעגירונג, וועלכען, ווי עס ווייזט יעצט אויס, מיר האָבען בעדאַרפט פערלירען. אָבער וואָס זאָל מען נאָך מעהר פערלאַנגען? די ציס־אַלפּינישע רעפּובליק איז די בעסטע מיליטערישע גרענעץ פיר פראַנקרייך אין אייראָפּאַ, דער רהיין און מאַינץ געהערען צו פראַנקרייך, אין מזרח האָבען מיר די אויסגעצייכענטע פעסטע קאָרפו און אַנדערע אינזלען, וואָס וויל מען מעהר? וויל מען צוברעקלען אונזערע קרעפטען, אום ענגלאַנד זאָל צונעהמען אונזערע קאָלאָניעס, ווי זי האָט צוגענומען פון שפּאַניען און האָללאַנד, און זי, ענגלאַנד, זאָל נאָך מעהרער שטערען צו ענטוויקלען אונזער פלאָטע און אונזער האַנדעל?

„די עסטרייכער שמידען אפילו פערשיידענע פּלענער צו שאַדען אונז, אָבער זיי זיינען צו נאַריש אום צו זיין אין שטאַנד צו ווערען אונז געפעהרליך. דאָס ענגלישע פאָלק דאַגעגען איז אונטערנעהמענד און טעטיג. מיר מוזען די ענגלישע מאָנאַרכיע צוברעקלען, אָדער, ווען ניט, וועלען מיר מוזען צופאַלען אויף שטיקער. דער יעצטיגער אויגענבליק עפענט פיר אונז אַ שענע שפּיל. לאָמיר פעראייניגען אַלע אונזערע קרעפטען און פערשאַפען אַ שטאַרקע, מעכטיגע פלאָטע און צושטערען ענגלאַנד. ווען דאָס איז געטאָן, דאַן וועט אייראָפּאַ ליגען צו אונזערע פיס״.

ווי מיר האָבען פריהער געזעהען, האָט דאָס דירעקטאָריום ניט געהאַט קיין אַנדער שטיצע אויסער דער אַרמעע. קיין פינאַנץ־מיטלען זיינען ניט געווען, קיין גרויסע מעכטיגע פּאַרטיי האָט די רעגירונג ניט געהאַט, און זי וואָלט געמוזט גיך פאַלען, ווען ניט דער קריג, וואָס האָט איהר פערשאַפט די גרויסע געלט־מיטלען מיט דעם גלענצענדען רוהם. דאָס בירגערטום איז געווען שרעקליך אויפגעבראַכט אויף די רעגירונג, ווייל זי האָט איינגעפיהרט געוויסע אָפּגאַבען און האָט די רענטיערס געריכטעט צו גרונד. דאָס דירעקטאָריום האָט געמוזט האָבען די אַרמעע אויף זיין זייט, און דעריבער איז עס געווען געצוואונגען צו פיהרען ווייטער קריג.



באָנאַפּאַרטע'ס פרידענס־אונטערהאַנדלונגען אין קאַמפּאָ פאָרמיאָ.

עס איז ניט געווען קיין צווייפעל, דאָס דער נייער פיינד, אויף וועמען פראַנקרייך האָט יעצט בעדאַרפט אָנפאַלען, איז געווען ענגלאַנד, ווייל דיזעס לאַנד איז געווען דער געפעהרליכסטער שונא פון דער פראַנצויזישער רעפּובליק. אָבער עס איז געווען אונמעגליך צו בעזיגען ענגלאַנד אויף'ן ים, ווייל זי איז שוין דאַמאָלס געווען די גרעסטע ים־מאַכט. דעריבער איז געווען דער איינציגער פּלאַן אָנצוגרייפען ענגלאַנד אין איהרע קאָלאָניעס. דיזען געדאַנק האָט נאַפּאָלעאָן שוין לאַנג געהאַט, און דעריבער האָט ער בעוואויגען דאָס דירעקטאָריום אויפצוגעבען דעם פּלאַן פון אָנגרייפען די ענגלענדער אין זייער לאַנד, און צו שיקען בעסער א פלאָטע אום צו שטערען איהר האַנדעל מיט אָסט־אינדיען. דיזער פּלאַן איז דעם דירעקטאָריום שטאַרק געפעלען געוואָרען, ווייל נאַפּאָלעאָן איז שוין געוואָרען פיר די רעגירונג זעהר געפעהרליך דורך דעם נאָמען, וואָס ער האָט זיך געמאַכט, און דורך זיין קלוגע האַלטונג. זיי האָבען געהאַט א שטאַרקע אינטערעסע צו האַלטען איהם ווייט פון פּאַריז. און נאַפּאָלעאָן זעלבסט האָט זיך געוואָלט מאַכען נאָך מעהר בעריהמט. נאָך זייענדיג אין איטאַליען האָט זיך אין איהם ערוועקט דער וואונש צו ווייזען גבורות אין אָריענט און איבערשטייגען מיט זיינע נצחונות זאָגאַר יוליוס צאָזאַר און אַלכסנדר מוקדון. ער האָט גוט געוואוסט, דאָס די גאַנצע נוצען פון דיזער אונטערנעהמונג וועט ער געניסען. ער האָט אַלזאָ שוין לאַנג געטראַכט צו גרינדען א וועלט־הערשאַפט ווי צאָזאַר און אַלכסנדר דער גרויסער. אָבער אום אזא ציל צו דערגרייכען מוז מען האָבען אַן אַרמעע, וואָס זאָל זיין איבערגעגעבען דעם קאָמאַנדיר מיט לייב און זעלע. אזא אַרמעע קען געשאַפען ווערען נאָר דורך אַן אונטערנעהמונג, וועלכע זאָל בערוישען די גאַנצע וועלט. דאָ האָבען שוין די אינטערעסען פון פראַנקרייך ניט געשפּילט קיין ראָלע; דאָ האָט זיך געהאַנדעלט אום די אַמביציאָן פון א וועלט־ערָאבערער.

די ענגלישע פלאָטע אָבער איז געווען זעהר מעכטיג אין מיטלענדישען מעער. נאַפּאָלעאָן'ס פּלאַן געגען ענגלאַנד האָט נאָר געקענט געלינגען דורך כיטראָסט. מען האָט אָנגעהויבען מאַכען פּאָרבערייטונגען כלומר'סט צו בעפאַלען ענגלאַנד אָדער אירלאַנד. פון דעם וואהרען פּלאַן, צו בעפאַלען אינדיען און צו פּאַראַליזירען מיט דיזער אונטערנעהמונג דעם ענגלישען האַנדעל, האָט קיינער ניט געוואוסט, זאָגאַר דער קריגס־מיניסטער. נאָר דער פלאָטען־מיניסטער פון פראַנקרייך האָט געוואוסט פון דיזען סוד; ווייל ווען די ענגלענדער וואָלטען געוואוסט פון דיזען פּלאַן, וואָלטען זיי איהם צושטערט גלייך פון אָנפאַנג.

ענגלאַנד האָט אָפּגערופען איהר פלאָטע פון דעם מיטלענדישען מעער און האָט זי קאָנצענטרירט ארום די בריטישע אינזלען צו פערטיידיגען זיי. דאָס איז פיר נאַפּאָלעאָן׳ען געוועזען זעהר נעטיג. ער איז פלוצלינג אָנגעקומען אין טולאָן און האָט איבערגענומען די קאָמאַנדע איבער אַן אַרמעע פון 40,000 מאַן, וועלכע איז דאָרט געשטאַנען און איז געוועזען בעוואוסט אונטער׳ן נאָמען „דער לינקער פליגעל פון דער אַרמעע פון ענגלאַנד״. מיט דיזער אַרמעע האָט ער זיך געגומען שווימען אין אַ פלאָטע, וועלכע איז בעשטאַנען פון 350 טראַנספּאָרט־שיפען, 13 ליניען־שיפען, 8 פרעגאַטען און אייניגע קליינע שיפען, איבער׳ן מיטלענדיטען מעער.

דורך אַ גאַנצע רייהע פון אונגעווערנליך גליקליכע צופעלען איז איהם געלונגען קומען צו דער אינזעל מאַלטאַ. אויף דיזער אינזעל האָט שוין ענגלאַנד לאַנג געהאַט אַן אויג איינצונעהמען זי, אָבער זי האָט עס ביז דאַן נאָך ניט געטאָן. דיזע אינזעל איז געוועזען בעזעצט מיט אַ ריטער־שאַפט, וועלכער איז געוועזען בעוואוסט אַלס דער יאָהאַניטער־אָרדען און אַלס אַ שטאַרקע קריגערישע מאַכט. עס האָט אין גאַנצען גענומען נאָר 2 טעג און נאַפּאָלעאָן האָט איינגענומען די בעריהמטע פעסטונג פון דיזער אינזעל „לאַ וואַלעטטע״ (12טען יולי 1798). באַלד נאָכדעם האָט ער איינגענומען די גאַנצע אינזעל און האָט פערכאַפּט 1,200 קאַנאָנען מיט אַנדערען קריגס־מאַטעריאַל, לעבענסמיטלען פיר 6 חדשים, 6 קריג־שיפען און אייניגע מי־ליאָנען אין גאָלד און זילבער.

זעקס טעג נאָך דיזער שנעלער ערָאָבערונג איז נאַפּאָלעאָן אַוועקגע־שוואומען מיט זיין פלאָטע נאָך עגיפּטען און איז אָנגעקומען אַהין דעם 1טען יולי. ער האָט גלייך בעלאַגערט אַלעקסאַנדריען, וועלכע ער האָט אָהן שום שוועריגקייט איינגענומען מיט אַלע איהרע פעסטונגען. פון דאַנען איז ער גלייך אַוועק נאָך קאַירָא, און די פלאָטע האָט ער געלאָזען שטעהן אויף׳ן אַנקער ביי אַבוקיר. די פראַנצויזען האָבען אָנגעגריפען עגיפּטען און האָבען זאָגאַר ניט געפונען פיר נעטיג צו ערקלערען קריג, ווי עס איז דער מנהג. דעם 21טען יולי איז נאַפּאָלעאָן אָנגעקומען מיט זיין אַרמעע אין די עבענע (פלאַכע שטרעקע) נעבען קאַירָא, נאָך דעם, ווי ער האָט מיט גרויס ערפאָלג דורכמאַרשירט די ברענענדע וויסטע, וועלכע טיילט אָפּ קאַירָא פון אַלעקסאַנדריען, און האָט זיך אָפּגעשטעלט נעבען די ריזיגע שטיינערנע מאָנומענטען און פּיראַמידען. דאָרט אין דער עבענע האָט ער געפונען אַ גרויסע אַרמעע פון גלענצענדע רייטער פון די מאַמעלוקען, די הערשענדע קריגער־קאַסטע.

נאַפּאָלעאָן האָט פאָרמירט זיין אַרמעע אין גרויסע פיער־עקיגע גרופּען און האָט זיי געפיהרט געגען די מאַמעלוקען. נאַפּאָלעאָן האָט געהאַלטען פאַר זיינע סאָלדאַטען אַ פייערדיגע רעדע און האָט זיי בעגייסטערט אויף'ן העכסטען גראַד. „סאָלדאַטען", האָט ער צו זיי געזאָגט, „בעטראַכט, דאָס פון די שפּיצען פון דיזע פּיראַמידען קוקען אויף אַייך אַרונטער 40 יאָהרהונדערטער!" באַלד זיינען אַרויס געגען זיי מיט גרויס שטורם די מאַמעלוקען, אָבער די פראַנצויזישע פיער־עקען זיינען געבליבען פעסט, און די מאַמעלוקען האָבען ניט געהאַט קיין ערפאָלג. עס איז פאָרגעקומען אַ פירכטערליכע שלאַכט, אין וועלכער די מאַמעלוקען האָבען פיעל פערלאָרען און האָבען פערלאָזען דאָס שלאַכטפעלד אין גרויס שרעק און זיינען צולאָפען אין גרויס אונאָרדנונג. דער רויב, וואָס די פראַנצויזען האָבען פערכאַפּט יענעם טאָג פון די מאַמעלוקען, איז געווען אַן אונגעהייערער. אַ טאָג נאָכדעם איז נאַפּאָלעאָן אַריין אין קאַירא און האָט אָפּגעשאַפט אַלע רעגירונגס־אַנשטאַלטען מיט זייערע בעאַמטע און האָט איינגעריכטעט נייע אָרדנונגען און געזעצט נייע בעאַמטע. נאַפּאָלעאָן האָט שוין געבויט נייע פּלענער וועגען ווייטערע ערָאָבערונגען. פּלוצלינג האָט ער דערהערט, דאָס דער ענגלישער אַדמיראַל נעלסאָן האָט געלאַנדעט ביי דעם עגיפּטישען ברעג. ווען נעלסאָן האָט דערזעהען די פראַנצויזישע פלאָטע אין אַבוקיר האָט ער זי באַלד אַטאַקירט (1טען אויגוסט). דער קאַמף האָט זיך אָנגעפאַנגען שפּעט פאַר נאַכט. הגם די פראַנצויזען האָבען געקעמפּט מוטיג ווי לייבען, דאָך איז דער זיג געווען אויף דער זייט פון די ענגלענדער, וועלכע האָבען שוין גענומען 5 פראַנצויזישע שיפען. אָבער דאָס איז נאָך ניט געווען אַלעס. פּלוצלינג איז דאָס אַדמיראַל־שיף „אָריענט" מיט 120 קאַנאָנען און 1,000 פראַנצויזען אויפגעהויבען געוואָרען אין דער לופט און איז געגאַנגען צו גרונד. נאָר 2 ליניען־שיפען און 2 פרעגאַטען האָבען זיך געראַטעט און זיינען ענטלאָפען. איבער 5,000 פראַנצויזען זיינען געפאַלען אין דיזער שלאַכט און אַזוי פיעלע זיינען גענומען געוואָרען אין פּלען.

די נאַכריכט פון דיזער נידערלאַגע האָט געמאַכט אויף נאַפּאָלעאָן'ען אַ שרעקליכען איינדרוק. דאָס האָט בעדייטעט, אַז ער איז אין גאַנצען אָפּגעשניטען פון פראַנקרייך. זיין לאַגע אין עגיפּטען איז געווען מעהר ווי שוואַך. דאָס לאַנד איז ניט געווען געוועהנט צו דער נייער פראַנצויזישער אַרט רעגירונג. די אָריענטאַלישע איינוואוינער האָבען געהאַט פיעל מעהר נייגונג צו דער ערגסטער דעספּאָטיע איידער צו דער אַרט רעגירונג פון דער פרייער פראַנקרייך. די פאַנאַטישע מאַהמעדאַנער אין קאַירא האָבען

באַלד געמאַכט אַן אויפשטאַנד. נאַפּאָלעאָן׳ס לאַגע איז געווען אַ פּער-צווייפעלטע. דערצו האָט נאָך פּאַסירט אַן אַנדער אונגליק — דער גענעראַל דעזעי איז גענומען געוואָרען געפאַנגען אין אויבער־עגיפּטען.

דער איינציגער מיטעל פיר די פראַנצויזען צו קענען זיך האַלטען אין עגיפּטען איז געווען, אַז מען זאָל עראָבערן סיריען. דאָס האָט נאַפּאָלעאָן אויך געטאָן. אין פעברואַר 1799 איז ער אַוועק מיט 12,000 מאַן נאָך סיריען. דאָרט האָט ער געהאַט ערפאָלג. די טערקען האָבען אויף יעדען שריט און טריט געליטען נידערלאַגעס און האָבען געמוזט צוריקטרעטען. ער האָט באַלד איינגענומען גאַזאַ (עזה) און יפו. דאָ האָט ער בעהאַנדעלט די בע-זעצונג פון דער פעסטונג זעהר גרויזאַם. כמעט אַלע איינוואוינער זיינען ערמאָרדעט געוואָרען. נאָכדעם איז ער גיזאַנגען צו דער פעסטונג ס ט. ז ש א ן ד ׳ א ק ר. דאָ האָט זיך אָבער פערזאַמעלט די טערקישע הויפּט-מאַכט, און דאָ האָט צו זיין וואַפען־גליק אין אָריענט געמוזט נעהמען אַן ענדע. דער ענגלישער ס י ד נ ע י ס מ י ט ה , וועלכער האָט געפיהרט די ענג-לישע פלאָטילאַ (קליינע פלאָטע), האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין די פעסטונג און האָט געפיהרט די פערטיידיגונג. צוויי מאָנאַטען האָט נאַפּאָלעאָן בע-לאַגערט דיזע פעסטונג. איהם האָט זיך ניט געגלויבט, דאָס דיזע אונבע-דייטענדע שטאָדט זאָל קענען ביישטעהן געגען זיינע אָנגריפען. אכט מאָל האָט ער געשטורמט די פעסטונג, אָבער אָהן ערפאָלג. ער האָט זיך געמוזט צוריקציהען.

דעם 14טען יולי 1799 איז ער ווידער געקומען אין קאַירא נאָך דעם, ווי ער האָט געליטען פערשיידענע גרויסע פערלוסטען. זיין אַרמעע האָט זיך געפונען אין אַ זעהר טרויעריגען צושטאַנד. ניט קוקענדיג דערויף האָט ער בעשלאָסען צו מאַכען אַ נייעם אָנגריף אויף די טערקישע טרופּען, וואָס האָבען געלאַנדעט נעבען אַבוקיר. דעם 25טען יולי זיינען די טערקען אין גאַנצען געשלאָגען געוואָרען. מיט דיזען זיג האָט נאַפּאָלעאָן צוריק בע-לעבט זיין רוהם אַלס פעלדהערר און האָט די סאָלדאַטען ווידער בעגייס-טערט. אָבער ער האָט ניט געקענט רוהען. ער האָט בעקומען פון פראַנק-רייך ידיעות, וועלכע האָבען איהם איבערצייגט, דאָס יעצט איז די צייט, אַז ער זאָל זיין אין פראַנקרייך, ווייל יעצט איז דער גינסטיגער מאָמענט, דאָס ער זאָל דערגרייכען דעם ציל, צו וועלכען ער שטרעבט. וואָרים יעצט האָט זיך געהאַנדעלט אין פראַנקרייך וועגען הערשטעלען איבער־אַ־נייס אַ מאָנאַרכיע. דאָס דירעקטאָריום האָט פערלאָרען זיין מאַכט אין גאַנץ פראַנק-רייך. נאַפּאָלעאָן האָט בעשלאָסען איבערצולאָזען זיינע העלדישע טרופּען

אין עגיפּטען, און אַליין איז ער מיט זיינע בעסטע גענעראַלען אַוועק צוריק נאָך פראַנקרייך (22טען אויגוסט 1799). דעם 9טען אָקטאָבער איז ער גליקליך אָנגעקומען אין פראַנקרייך, אונבעמערקט פון די ענגלישע שיפען אין מיטלענדישען ים, וועלכע האָבען איהם שטאַרק געוואָלט פאַנגען. גאַנץ פראַנקרייך איז געווען אין גרויס שמחה פון זיין אָנקומען, מען האָט אין איהם געזעהען דעם רעטער פון דעם גרויסען קריזיס, אין וועלכען דאָס לאַנד האָט זיך געפונען.

אויסער נאַפּאָלעאָן'ס אונטערנעהמונג מיט עגיפּטען, האָט די רעפּובליק געפונען פיר נעטיג אָנצופאַנגען קריג מיט די לענדער, וואָס גרענצען זיך מיט פראַנקרייך דאָס דירעקטאָריום איז געקומען צום שלום, דאָס פראַנקרייך, אַלס רעפּובליק, קען ניט זיין זיכער און רוהיג אין איהרע פּאָליטישע בעציהונגען, כל זמן זי וועט ניט זיין אַרומגערינגעלט ביי איהרע גרענצען מיט אַ וואַנט פון טעכטער-רעפּובליקען. צו דיזען צוועק זיינען שוין פריהער געגרינדעט געוואָרען די באַטאַווישע און צים-אַלפּינישע רעפּובליק. יעצט האָט דאָס דירעקטאָריום בעשלאָסען צו גרינדען ביי די גרענצען פון פראַנקרייך נאָך אַ רעפּובליק — אַ רוימישע און העלוועטישע (שווייצאַרישע).

מען האָט ניט לאַנג בעדאַרפט זוכען אַן אורזאַך אָנצופאַנגען אַ קריג. דערצו זיינען די אינערע פערהעלטניסען פון רוים און פון דער שווייץ געווען זעהר גינסטיג פיר די פראַנצויזען. די אורזאַך צום קריג האָט געגעבען דער צופאַל, וואָס דער פראַנצויזישער גענעראַל ד י ו פ אָ ט איז ערמאָרדעט געוואָר־ען אין רוים אין דער צייט, וואָס דאָרט איז פאָרגעקימען אַן אויפשטאַנד. דער פראַנצויזישער גענעראַל בערטהיער איז באַלד נאָכדעם אַריין אין רוים און האָט דאָרט איינגעריכטעט אַ רעפּובליק (18טען פעברואַר 1798). דער פּאַפּסט האָט געמוזט פערלאָזען די אייביגע קירכען-שטאָדט, און דער גענעראַל מאַססענאַ האָט דאָרט בעגאַנגען אַזעלכע שרעקליכע גוואַלדטאַטען, דאָס זיינע אייגענע אָפיצערען האָבען עפענטליך ערקלערט, דאָס זיי האָבען ניט גענומען קיין אָנטייל אין די אַלע גנבות און רויבערייען, וואָס דער גענעראַל האָט בעגאַנגען אין דער נייע-געגרינדעטער רעפּובליק, אין רוים.

אין דער שווייץ איז די שטאָדט בערן געוואָרען דער הויפּט-קוואַרטיר פיר אַלע אויסגעוואַנדערטע פון פראַנקרייך, און פון דאַנען האָבען זיי געשאַדעט און געשטערט דער פראַנצויזישער רעפּובליק מיט אַלעם, וואָס זיי האָבען געקענט. צוליב דעם האָט זיך פראַנקרייך ערלויבט צו בעגעהן אייניגע גוואַלדטעטיגקייטען געגען דער שווייץ. **די וואַאַדטלענדער**

(וואאדט איז א קאנטאן אין דער שווייץ) זיינען געווען זעהר אויפגערעגט פיר די שלעכטע בעהאנדלונגען, וואס זיי האבען געליטען פון די בערנער אריסטאקראטען, און האבען גערופען צו הילף די פראנצויזען. מען האט אפילו פריהער געהאט אייניגע דיפלאמאטיש: אונטערהאנדלונגען, אבער דיזע האבען צו גארניט געפיהרט און דער קריג האט אויסגעבראכען. זעקס טעג נאך דעם, ווי די דיפלאמאטישע אונטערהאנדלונגען האבען זיך געענדיגט, האבען זיך די פראנצויזען אריינגעריסען אין בערן (6טען מערץ 1798), הגם די שווייצער האבען געגען זיי געקעמפט ווי לייבען. דעם 11טען אפריל האבען די פראנצויזען ערקלערט די נייע העלוועטישע רעפובליק, וועלכע איז געווען איינגעריכטעט נאך דעם נייעם פראנצויזישען סטיל: די אויבערהערשאפט האט געהערט צום פאלק, וועלכעס האט רעגירט דורך זיינע דעמאקראטישע פערטרעטער; אונבעשרענקטע געוויסענס=פרייהייט, אפשאפונג פון אלע סארטען טיטלען: גראף, מארקיז, באראן או. ד. גל. קיינער האט ניט צוליב זיין געבורט מעהר רעכטען פון אן אנדערען. אזוי האבען די פראנצויזען ארויסגעראמט פיעל מיסט פון דער אלטער שווייצארישער רעפובליק און האבען זי געשטעלט אויף נייע יסודות.

די מעהרהייט פון די שווייצאריער איז מיט דיזע ענדערונגען געווען צופרידען. אבער אייניגע קאנטאנען האבען די נייע ארדנונג ניט געוואלט אננעהמען און האבען געמאכט אן אויפשטאנד. איבערהויפט האבען געגען דעם רעוואלטירט די גייסטליכע, וועלכע האבען איינגערעדט דעם פאלק, דאס די גאנצע ארבייט פון דער פראנצויזישער רעוואלוציאן איז די ארבייט פון דעם שטן, דעם אנטי=קריסט. עס האט אויסגעבראכען א נייער הארטנעקיגער קריג, אין וועלכען די שווייצאריער האבען געוויזען גרויסע גבורות, ווי אין די אלטע צייטען. אבער עס האט זיי ניט געהאלפען. די פראנצויזען האבען געזיגט. אבער די ראכע, וואס די פראנצויזען האבען גענומען פון די בעזיגטע, איז געווען שרעקליך און העסליך. זיי האבען דורך מארד און פייער פערוואנדעלט די בליהענדע טאלען אין וויסטען; זיי האבען בעלאסטעט די בעזיגטע מיט א שווערער קאנטריבוציאן, זיי האבען פון זיי צוגענומען זייערע מאגאזינען און זייערע קאסען. פון בערן אליין האבען זיי צוגעקומען 60 מיליאנען פראנקס. אבער וויכטיגער פון אלעם איז געווען פיר פראנקרייך, דאס מיט דעם זיג איבער די שווייץ האבען זיי ערהאלטען דעם שליסעל צו א פעלד=צוג נאך זיד=דייטשלאנד.

אין זומער פון יאהר 1798 האט זיך געגרינדעט א צווייטע קאאליציאן (פערבינדונג) געגען פראנקרייך. איבערהויפט איז דערין געווען ענגלאנד

זעהר טעטיג. זי האט געטאן וואס זי האט געקענט אום צו שטאנד צו ברייגגען א גרויסען מעכטיגען בונד. זי האט געגעבען צו פערשטעהן די פערבינדעטע מעכטען, דאס א ריכטיגער, פעסטער פרידען קען מעגליך זיין אין אייראפא נאר דאמאלס, ווען די פראנצויזישע רעפובליק זאל פערניכטעט ווערען, און כל זמן די אייראפעאישע מעכטען וועלען ניט בעזיגען די פראנצויזישע רעפובליק איז ניט צו רעכנען אויף פערבעסערן דעם צושטאנד פון האנדעל און אינדוסטריע אין אייראפא. די הויפט־מעכטען פון דער קאאליציאן זיינען געווען (אויסער ענגלאנד): רוסלאנד און עסטרייך. אין רוסלאנד איז דער צאר פ א ו ו ע ל געווען ענטשלאסען מיט לייב און זעלע זיך אנצונעהמען פיר די דינאסטיען. אויך דער פאפסט און דער קעניג פון נעאפעל זיינען צוגעשטאנען צו דעם בונד. יעדער פון די פערבינדעטע האט אפילו געהאט בעזונדערע אייגענע אינטערעסען, און עס וואלט פון דעם גאנצען בונד גארניט געווארען, נאר די אינערע רייסערייען אין פראנקרייך האבען עס געמאכט מעגליך, אז דיזער בונד זאל האבען א צייטווייליגען טריאומף.

דער קריג, וואס די פערבינדעטע מעכטען האבען געפיהרט געגען פראנקרייך פון 1798—1799, איז געווען דער וויכטיגסטער פון אלע קריגען, וואס זיי האבען געהאט מיט פראנקרייך. פון די פערבינדעטע איז צום אלערערסטען ארויס נעאפעל געגען פראנקרייך; זי איז ארויס אליין, ניט אפרעדענדיג מיט די אנדערע מעכטען, פון וועלכע זי האט געקענט פאדערן הילף. דער רעזולטאט דערפון איז געווען, דאס נעאפעל האט געהאט א נידערלאגע. אנפאנגס איז אפילו די נעאפאליטאנישע ארמעע גליקליך געקומען ביז רוים און האט גלייך געבראכט די בלוטיגע רעאקציאן אין די שטאדט פון זיבען בערג (רוים), אבער באלד האט זי געכאפט פון די פראנצויזישע טרופען א שרעקליכע מפלה. דעם 13טען דעצעמבער איז רוים ווידער אפגערייניגט געווארען פון די נעאפאליטאנישע טרופען. מיט איינינע טעג שפעטער האט דער קעניג פון נעאפעל געשלאסען מיט די פראנצויזען א וואפען־שטילשטאנד. נעאפעל האט איבערגעגעבען צו די פראנצויזען קאפוא און האט זיך נאך פערפליכטעט צו בעצאהלען זיי 10 מיליאנען ליוורעס. די נעאפאליטאנער זיינען מיט אזא מין פרידען געווען שטארק אונצופרידען און זיי האבען געמאכט אן אויפשטאנד. די פראנצויזען זיינען געקומען צו נעאפעל און האבען זי געוואלט נעהמען מיט שטורם. דריי טעג האבען זיי אנגעווענדט פיעלע קרעפטען איינצונעהמען די שענע שטאדט, אבער עס איז אלץ ניט געלונגען; ענדליך האבען זיי דאך די שטאדט גענומען. 10

טויזענד לאַצאַראָנען (פּראָלעטאַריער) זיינען אומגעקומען אין דיזען שטרייט. נעאפּעל איז ערקלערט געוואָרען אַ רעפּובליק. אויך טורין איז איינגענומען געוואָרען, אַזוי דאָס גאַנץ איטאַליען האָט זיך יעצט געפונען אין די הענט פון די פראַנצויזען. אָבער באַלד האָט זיך אָנגעהויבען אַ נייער פעלדצוג.

די שטרייט־מאַכט פון די פערבינדעטע איז געווען פיעל גרעסער און שטאַרקער פון דער פראַנצויזישער. איבערהויפּט האָבען די רוסען געשיקט אויסגעצייכנעטע טרופּען אונטער דער קאָמאַנדע פון דעם בעריהמטען פעלד־הערר ס ו ב אַ ר אָ ו ו. דער פּלאַן פון די פערבינדעטע איז געווען, דאָס ביים רהיין זאָל מען זיי נאָר צוריקהאַלטען, אָבער איטאַליען און די שווייץ זאָל מען פון זיי צוריקנעהמען. דעם 1טען מערץ 1799 האָט דער גענע־ראַל מאַססענאַ ערָאָבערט גרויבינדען און איז שוין געגאַנגען אויף טיראָל. ער האָט געוואָלט אריינרייסען זיך אין שוואבען אום צו פעראייניגען זיך מיט גענעראַל זשורדאַן. אָבער די עסטרייכער האָבען איהם צוריקגעטריבען ביי פ ע ל ד ק י ר ך (23טען מערץ). אויך זשורדאַן האָט געליטען אַ שטאַרקע נידערלאַגע ביי ש ט אָ ק ק אַ ך. דאָ האָט זיך ערהויבען אַן אַל־געמיינער אויפשטאַנד פון די שווייצער. מאַססענאַ האָט ערהאַלטען די אויבער־קאָמאַנדע איבער אַלע שווייצארישע טרופּען; ער האָט זיך אויפ־געהויבען אויף די הויכע בערג און האָט זיך פערשאַפט אַ זיכערע פּאָזיציאָן ביים פיערוואַלדשטאָטטער זעע און אין רייסטהאַל ביז צום סט. גאָטט־האַרד.

אין דער זעלבער צייט האָט זיך אויך אָנגעהויבען דער קריג אין אי־טאַליען. דאָרט זיינען געשטאַנען 80,000 עסטרייכער אונטער דער קאָ־מאַנדע פון דעם גענעראַל ק ר אַ י פון וואַלאַכיע. דיזער גענעראַל האָט פעראייניגט זיינע טרופּען מיט דער רוסישער אַרמעע, וועלכע איז אָנגעקו־מען אהין אונטער דער פיהרונג פון דעם בעוואוסטען רוסישען גענעראַל סובאַראָוו. אָבער נאָך איידער דיביידע אַרמעען האָבען זיך פעראייניגט איז דער גענעראַל קראַי בעפאַלען די פראַנצויזישע טרופּען, וועלכע זיינען געווען זעהר שוואַך אין צאָהל, און האָט זיי ביי מאַגניאַנאָ אַזוי צוקלאַפּט, דאָס זיי האָבען געמוזט צוריקטרעטען אויף יענע זייט טייך אַגליאָ. נאָך דעם, ווי די עסטרייכער האָבען זיך פעראייניגט מיט די רוסען, איז די קאָ־מאַנדע איבער אַלע מיליטערישע טרופּען אין איטאַליען איבערגעגעבען גע־וואָרען צו סובאַראָוו׳ן, און דיזער האָט בעשלאָסען צו מאַכען אויף די פראַנ־צויזען אַ קרעפטיגען אָנגריף. אין די טעג פון 25טען ביז דעם 27טען אַפּ־ריל האָט ער געשלאָגען די פראַנצויזען ביי קאַססאַנאָ און דעם 29טען אַפּ־

ריל איז ער שוין געשטאַנען אין מאַילאַנד. די פראַנצויזען האָבען שוין פערלאָרען אויבער־איטאַליען. די צים־אַלפּינישע רעפּובליק איז אויפגעלעזט געוואָרען אַזוי גיך ווי זי איז געגרינדעט געוואָרען.

אין דער צייט פון דיזען שטרייט האָבען די געזאַנדטע פערבראַכט אין ראַשטאַטט און פערהאַנדעלט וועגען פרידען, ווייל דער קריג אין דייטשען רייך איז נאָך ניט ערקלערט געוואָרען אָפען. אָבער עס האָט באַלד געמוזט נעהמען אַן ענדע צום קאָנגרעס. דעם 15טען מערץ האָט עסטרייך צוריקגערופען איהרע געזאַנדטע און האָט ערקלערט, דאָס ראַשטאַטט שטעהט יעצט מעהר ניט אונטער דעם שוץ פון פעלקער־רעכט. די פראַנצויזישע דעלעגאַטען האָבען באַלד אַיינגעזעהען, דאָס זיי מוזען פערלאָזען ראַשטאַטט. דערצו איז נאָך אַרויס אַ קלאַנג, דאָס די פראַנצויזישע געזאַנדטע זיינען



סואוואַראָוו.

צייטענווייז אויך געווען שפּיאָנען. זיי האָבען באַלד ערהאַלטען אַ בעפעהל צו פערלאָזען ראַשטאַטט אין 24 שטונדען. זיי האָבען באַלד ערפילט דיזע פאָדערונג. אָבער ווי זיי זיינען צוגעקומען ניט ווייט פון דעם טויער פון שטאָדט זיינען אויף זיי אָנגעפאַלען עסטרייכישע הוזאַרען און האָבען זיי ערמאָרדעט. דאָס האָט אויפגעבראַכט גאַנץ אייראָפּאַ, ווייל דאָס איז געגען די רעגלען פון פעלקער־רעכט. דער נאָמען טהוגוטס פון דעם בעריהמטען עסטרייכישען שטאַאַטסמאַן פון יענער צייט איז געבליבען פעראַכטעט פיר אימער, דאָך האָבען די פערבינדעטע ניט אַרויסגעוואָרפען עסטרייך פון דער קאָאַליציאָן (פעראייניגונג).

די פראַנצויזען האָבען אויף'ן דיפּלאָמאַטישען וועג געפאָדערט די בעשטראָפונג פון די מערדער. אָבער זיי האָבען עס ניט גע'פועל'ט. דאַן האָבען

זיי זיך גענומען צו די וואפען אום צו נעהמען ראַכע פיר דיזע גוואַלדטאַט. אָבער דאָס וואפען־גליק האָט זיך פון זיי אפּגעקעהרט. זיי האָבען פער־לאָרען זעהר פיעל פון זייערע עראָבערונגען אין איטאַליען. די איינציגע האָפנונג זייערע איז געווען, דאָס באַלד וועט זיי קומען צו הילף מאַקדאָ־נאַלד פון נעאַפעל. אָבער סוּוואָראָוו האָט באַלד זייער האָפנונג פערניכטעט. ער האָט גוט פערשטאַנען, וואָס עס בעדייט פיר איהם צו געפינען זיך צווי־שען צוויי אַרמעען. ער איז גלייך געלאָפען געגען מאַקדאָנאַלד'ן און האָט איהם געטראָפען ניט ווייט פון פּ י אַ ט ש ע נ צ אַ. דעם 17טען יוני איז פאָרגעקומען צווישען דיביידע אַרמעען אַ פירכמערליכע שלאַכט, וועלכע האָט געדויערט 3 טעג, און דער סוף איז געווען, דאָס מאַקדאָנאַלד האָט געמוזט צוריקטרעטען. די פראַנצויזען האָבען גערעטעט פון זייער אַרמעע זעהר ווייניג. דעם 20טען יולי איז געפאַלען מאַנטוא.

די מפּלות, וואָס די פראַנצויזען האָבען געהאַט אין די לעצטע מאָנאַ־טען, האָבען געצוואונגען דאָס דירעקטאָריום צו מאַכען נייע הכנות צום קריג. זיי האָבען געמאַכט אַ צוואַנגס־אַנלייהע פון 100 מיליאָנען און האָ־בען געשאַפען אַ האַלבע מיליאָן קריגער אויף'ן שלאַכטפעלד. די קאָמאַנדע איבער די אַלפּען־אַרמעע האָט ערהאַלטען דער גענעראַל שאַמפּיאָננעט, און איבער די איטאַליענישע — זשובערט, וועלכער האָט אין מיטען מאָנאַט אויגוסט גענומען מאַרשירען אויף טאָרטאָנאַ. ביי דעם שטעדטעל נאָווי האָבען די פראַנצויזען דערזעהען פון ווייטען די פעראייניגטע אַר־מעע פון די עסטרייכער און די רוסען. דעם 15טען אויגוסט איז פאָרגעקו־מען אַ שלאַכט. זשובערט איז געפאַלען באַלד אין אָנפאַנג פון דער שלאַכט און זיין שטעלע האָט פערנומען מאָראָ. דער קאַמף איז געווען מערדעריש. ענדליך האָט זיך דער זיג געניינט אויף דער זייט פון די פערבינדעטע. די פראַנצויזען האָבען פערלאָרען 18,000 מאַן. טאָרטאָנאַ האָט זיך געמוזט אונטערגעבען. באַלד נאָכדעם האָבען זיך די ביידע פראַנצויזישע אַר־מעען — שאַמפּיאָננעט'ס און זשובערט'ס — פעראייניגט. אָבער אויך די פעראייניגטע פראַנצויזישע אַרמעע איז געשלאָגען געוואָרען ביי סאַווי־ליאַנאָ און פאָססאַנאָ (4טען און 5טען נאָוועמבער). נאָר גענוא איז נאָך געבליבען ביי די פראַנצויזען.

ווען די רוסען און די עסטרייכער וואָלטען געבליבען פעראייניגט וואָל־טען זיי געקענט אין גאַנצען פערניכטען די פראַנצויזישע אַרמעע. אָבער עס האָט צווישען זיי די גאַנצע צייט ניט געהערשט קיין פרידען, און זינט אויגוסט איז זאָגאַר פאָרגעקומען אַ שטרייט צווישען עסטרייך און די רוסען.

עסטרייך האָט מיט דער הילף פון ענגלאַנד אויסגעפיהרט, דאָס סובאראָוו זאָל אַרויס פון איטאַליען, זאָל אַוועק נאָך שווייצאַריען און פעראייניגען זיך דאָרט מיט דער נייער רוסישער אַרמעע, וואָס איז צוגעקומען אַהין מיט דעם גענעראַל קאָרסאַקאָוו. עס איז געווען אַ זעהר גרויסער אונזין צו אונטערנעהמען אַן איבערגאַנג איבער די אַלפּען-בערג אין דעם מאָנאַט סעפּ-טעמבער, ווען דאָס וועטער איז דאָרט זעהר געפעהרליך. סובאראָוו איז גע-ווען כמעט איבערצייגט, דאָס דער פעלדצוג איז אַ פערלאָרענער. דאָך האָט ער איהם געמוזט אונטערנעהמען און דעם 21טען סעפּטעמבער האָט ער אָנ-געפאַנגען דעם איבערגאַנג איבער דעם באַרג סט. גאָטטהאַרד. דיזער אי-בערגאַנג האָט פערשאַפט דעם גענעראַל סובאראָוו אַן אונשטערבליכען רוהם אין דער קריגס-געשיכטע. אָבער מעהר ווי רוהם איז ניט געווען דער רעזול-טאַט פון דיזען איבערגאַנג, ווייל די רוסישע אַרמעע האָט פערלאָרען זעהר פיעלע מענשען און האַרמאַטען און זי איז געוואָרען שרעקליך אָפּגעשוואַכט. דאָס ערגסטע אָבער איז געווען, וואָס דערווייל איז דער רוסישער פעלדהערר קאָרסאַקאָוו צוזאַמען מיט דעם עסטרייכישען פעלדהערר האָטצע שטאַרק צוקלאַפּט געוואָרען ביי ציריך פון דער פראַנצויזישער אַרמעע (25טען און 26טען סעפּטעמבער). די רוסישע אַרמעע האָט געמוזט געהן איבער'ן רהיין; און ווען סובאראָוו איז אָנגעקומען אין דער שווייץ האָט ער דאָרט געטראָפען ניט די פערבינדעטע נאָר דעם פיינד. זיין לאַגע איז געווען זעהר ניט קיין גינסטיגע. אָבער דאָך איז איהם געלונגען צוריקצוטרייבען מאַס-סענאַ צו דער שווייץ און האָט געוואונען דעם רהיין-טאָל. עס איז איהם אויסגעקומען צו געהן איבער וויסטע ערטער, וואָס זיינען געווען בעדעקט מיט שנעע און אייז. אין געוויסע שטעלען האָבען די סאָלדאַטען געמוזט קריכען אויף אַלע פיער. דערצו זיינען זיי געווען הונגריג און נאַקעט. די סאָלדאַטען זיינען אויף דיזער געפעהרליכער רייזע געפאַלען אין די טוי-זענדער, כמעט אַלע פערד און האַרמאַטען זיינען אַריינגעפאַלען אין די פעל-זען-שפּאַלטען. ענדליך איז די רוסישע אַרמעע אונטער סובאראָוו אָנגעקו-מען אין דעם טאָל פון פאָרדער-רהיין (פון 8טען ביז דעם 10טען אָקטאָבער).

סובאראָוו איז געווען שטאַרק אויפגעבראַכט אויף די פעררעטערישע פּאָליטיק פון די עסטרייכער. אויך די אַרמעע איז געווען שרעקליך דאַגעגען צו האָבען מיט עסטרייך וועלכע עס איז פערבינדונג. און ווען דער קייזער פּאַוועל האָט זיך דערוואוסט פון דער האַנדלונג פון עסטרייך, און ווי צוליב דיזער נידערטרעכטיגער האַנדלונג האָט די רוסישע אַרמעע פערלאָרען אַזוי פיעלע טויזענדער פון איהרע גוטע סאָלדאַטען, האָט ער זיך ענטזאַגט צו

האָבען מיט עסטרייך וועלכע עס איז פערבינדונג און איז אַרויסגעטרעטען פון דער קאָאַליציאָן. אזוי איז דער אַלמעכטיגער בונד צושטערט געוואָרען.

דאָס איז געווען די אויסערליכע לאַגע, אין וועלכער נאַפּאָלעאָן האָט גע־פונען פראַנקרייך, ווען ער האָט זיך צוריקגעקעהרט פון עגיפּטען. וואָס אַנ־בעטרעפט די אינערליכע פּאָליטיק פון פראַנקרייך, האָט ער געפונען, אז דאָס דירעקטאָריום האָט פערלאָרען פיעל פון זיין אויטאָריטעט אין די אויגען פון פאָלק. די רעגירונג האָט זיך קוים געהאַלטען. די סאָציאַלע און געזעלשאַפט־ליכע פערהעלטניסען זיינען געווען זעהר שלעכט. מעהר פון אַלעם האָט געלי־טען די אינדוסטריע. פראַנקרייך האָט פערלאָרען אין אויסלאַנד אַלע מערק, ווייל כמעט אַלע לענדער זיינען געווען געגען דער רעפּובליק. צוליב דעם איז אויך אין אינערען געפאַלען דער קרעדיט. מען האָט פערלאָרען דעם צוטרויען, ווייל די געשעפטען זיינען געווען זעהר שלעכט. איבעראַל האָט זיך אַרויסגע־צייגט די אָרימקייט. אזוי צ. ב. האָבען גרויסע שטעדט ניט געהאַט די מעג־ליכקייט צו בעלייכטען די גאַסען. איבעראַל האָבען זיך פערמעהרט רויבער־באַנדעס. די אַנאַרכיע האָט זיך געלאָזט פיהלען אומעטום. די קאַפּיטאַלען זיי־נען געווען פערגראָבען, די ווערק־הייזער און די פאַבריקען זיינען געווען גע־שלאָסען. פיעלע פאַבריקען זיינען רואינירט געוואָרען, ווייל די רעגירונג האָט זיי געצוואונגען צו פערקויפען זייערע פּראָדוקציאָנען פיר זעהר ביליגע פּרייזען.

אזוי האָט איינגעטרעטען אַן אונגעוועהנליכער שטילשטאַנד אין דער אינדוסטריעלער טעטיגקייט פון לאַנד. דאָס פאָלק האָט פערלאַנגט צו ענ־דערן דיזען צושטאַנד, אָבער דאָס דירעקטאָריום האָט ניט געוואוסט ווי צו העלפען דיזען איבעל. און דאָס איז געווען אַן אונגליק. שוין אין אָנפאַנג פון יאָהר 1799 איז דאָס פאָלק געווען זעהר שטאַרק אויפגערעגט. דער קריג מיט אויסלאַנד און די אינערליכע אָפּשוואַכונג פון אַלע צווייגען פון דעם סאָציאַלען און געזעלשאַפטליכען לעבען האָבען שטאַרק צוטרייסעלט דעם פונדאַמענט פון דער רעגירונג. דאָס פאָלק האָט דאָס דירעקטאָריום געמאַכט פעראַנטוואָרטליך פיר אַזעלכע זאַכען, פיר וועלכע עס האָט גאָר קיין פעראַנטוואָרטליכקייט ניט געקענט האָבען.

דאָס דירעקטאָריום האָט געזעהען, אַז עס שטעהט שמאָל, האָט עס בע־שלאָסען צו געברויכען אַן אונגעזעצליכען מיטעל אום אויפצוהאַלטען זיך לענגער. ווען די וואַהלען אין פריהלינג פון 1799 זיינען אויסגעפאַלען ניט נאָך זיין וואונש, האָט ער מבטל געווען 60 וואַהלען אָהן אַ שום אורזאַך, און האָט געהייסען מאַכען נייע וואַהלען פיר 60 מיטגלידער פון פאַר־

לאמענט. אָבער אויך די צווייטע וואהלען זיינען געוועזן ניט ווי דאָס דירעק-טאָריום האָט געוואָלט, אזוי דאָס עס האָט פערלאָרען די מעהרהייט אין די ביידע ראַטען: אין דעם ראַט פון 500 און אין דעם ראַט פון די אַלטע. דער רעזולטאט דערפון איז געוועזן, דאָס אַלע פאָרשלאָגען פון דעם דירעק-טאָריום זיינען צוריקגעוויזען געוואָרען. אום צו קענען נאָך עקסיסטירען האָט דאָס דירעקטאָריום געמוזט איבערבייטען צוויי פון זיינע מיטגלידער אויף אַנדערע. אזוי איז ר ע וו ו ב ע ל ל ארויס און זיין פּלאַץ האָט פערנו-מען דער גרויסער שונא פון דירעקטאָריום ס ע י ע ס, אויף ט ר ע י ל - ה א ר ד האָט געמוזט ארויס. א ביסעל שפּעטער (18טען יוני 1799) זיינען נאָך צוויי ארויס פון דירעקטאָריום, נעמליך: מ ע ר ל י ן און ל א ר ע - וו ע י ל ל ע ר ע, און זייערע שטעלעס האָבען פערנומען מ ו ל י נ ס און ר אָ ז ש ע ר ד ו ק אָ ס. פון דיזע צוויי נייע מיטגלידער איז מולינס געוועזן א שטרענגער רעפּובליקאנער און דוקאָס האָט געהערט צו דער מעסיגער פּארטיי.

אין דירעקטאָריום איז יעצט געוועזן די זעלבע שפּאַלטונג, וואָס אין די צוויי ראַטען און אין די מיניסטעריומס. די מעהרהייט האָט געהאַלטען מיט סיעיעס. דיזע פּאַרטיי האָט מורא געהאַט, דאָס די צו גרויסע פריי-הייט, וואָס דאָס פאָלק האָט יעצט, וועט איבער־א־ניים ברייננען דעם טער-ראָר, און דעריבער האָט זי געוואָלט ענדערן די קאָנסטיטוציאָן און בעשרענ-קען די וואהל־פרייהייט און מעהר קאָנצענטרירען די עקזעקוטיוו־מאַכט. דערמיט איז פאָרבערייטעט געוואָרען דער באָדען פיר א מיליטערישע דיק-טאַטור. סיעיעס זעלבסט האָט פאָרגעשלאָגען צו מאַכען אין דער רעגירונג א גרויסע ענדערונג אום אוועקצושטעלען דעם אינערען פרידען אויף א פעס-טען גרונד. זיין פּלאַן איז געוועזן, אַז מען זאָל מאַכען א נייע קרעפטיגע רעגירונג, מיט א גענעראַל אָן דער שפּיץ, וועלכע זאָל מאַכען אַן ענדע צו אַלע אונרוהען אין דער ערמידעטער פראַנקרייך. ער האָט שוין זאָגאַר גע-טראַכט וועגען גענעראַל זשובערט. פּלוצלינג איז נאַפּאָלעאָן ערשינען אין פראַנקרייך.

דער וועג פון מיטלענדישען מעער ביז פּאַריז איז געוועזן פיר נאַפּאָלע-אָן'ען א גלענצענדער טריאומף־צוג. דער ענטהוזיאַזם פון די מאַסען האָט גאָרניט געהאַט קיין גרענעץ. מען האָט איהם בעגריסט אַלס דעם געווינש-טען הערשער. די מעהרסטע פּאַרטייען אין פּאַריז האָבען זיך געווענדט צו איהם. זאָגאַר עכטע דעמאָקראַטען האָבען זיך מיט איהם אינטערעסירט און האָבען געוואָלט וויסען זיינע פּלענער. ער האָט אָבער ניט געזאָגט קיין

וואָרט ביז ער וועט פערטיג ווערען מיט די וויכטיגסטע מענער אין פּאַריז. סיעיעס האָט זיך גענומען די מיה דעם 15טען ברומעיר פּאַרצובערייטען די ראַטען צום נייעם פּלאַן, און נאַפּאָלעאָן האָט אויך זיך גענומען צו אונטער-האַנדלען מיט דער אַרמעע.

3 טעג שפּעטער, דעם 18טען ברומעיר (8טען נאָוועמבער), איז דער פּלאַן דורכגעפיהרט געוואָרען. אום 7 אוהר אין דער פריה האָט דער ראַט פון די אַלטע בעשלאָסען איבערצופיהרען די זיצונגען פון די ביידע ראַטען אין סט. קלוד, ווייל די לאַגע פון דער רעפּובליק איז געפעהרליך. דער גע-נעראַל נאַפּאָלעאָן האָט ערהאַלטען דעם בעפעהל דיזען דעקרעט דורכצופיה-רען. אין דער זעלבער צייט איז איהם איבערגעגעבען געוואָרען די אויבער-קאָמאַנדע איבער די נאַציאָנאַל-גוואַרדיע. דער ראַט פון 500 איז געווען שרעקליך בעשטירצט, ווען ער האָט דערהערט דיזען בעשלוס. אָבער דער פּרעזידענט פון דעם ראַט לוסיאַן באָנאַפּאַרטע, דער ברודער פון נאַפּאָלעאָן באָנאַפּאַרטע, האָט ניט דערלאָזען צו קיין דעבאַטע און האָט ערקלערט, דאָס די נעכסטע זיצונג מוז זיין אין סט. קלוד. נאָך מעהר איבערראַשט זיינען געווען אייניגע פון דעם דירעקטאָריום, ווען זיי האָבען דערהערט דיזע נייעס, פון וועלכע זיי האָבען פריהער ניט געהאַט קיין אהנונג. סיעיעס און ראָ-זשער דוקאָס האָבען זיך ענטזאַגט פון זייערע שטעלעס אַלס מיטגלידער פון דירעקטאָריום. דאָס זעלבע האָט אויך געטאָן באַרראַס. דאָס דירעקטאָריום איז אויפגעלעזט געוואָרען.

דאָס פּאָלק האָט אויפגענומען די נייעס וועגען דיזער ענדערונג זעהר קאַלטבלוטיג, אזוי ווי דאָס וואָלט מיט איהם גאָרניט געהאַט צו טאָן. נאַ-פּאָלעאָן האָט אַרויסגעלאָזען אַ פּראָקלאַמאַציאָן, וועלכע האָט בעוויזען, דאָס ער איז דער קינפטיגער הערר אין פראַנקרייך. „וואָס האָט איהר געמאַכט פון פראַנקרייך", האָט ער זיך געווענדט מיט זיין פּראָקלאָמאַציאָן צום דירעק-טאָריום, „וועלכע איך האָב אייך געלאָזען אין אַזאַ גלענצענדען צושטאַנד? איך האָב אייך געלאָזען פרידען און האָב געפונען קריג; איך האָב אייך געלאָזען מיליאָנען, וואָס איך האָב בעקומען אין איטאַליען, און געפין יעצט עלענד און רויבערישע שטייערן אויף'ן פּאָלק. וואָס האָט איהר געמאַכט פון יענע 100,000 מוטיגע סאָלדאַטען, וועלכע איך האָב גערעכענט אַלס די בעסטע חברים פון מיין רוהם... דיזער צושטאַנד קען מעהר ניט אָנהאַלטען. אין אַ צייט פון דריי יאָהר וועט עס אונז פיהרען צו אַן אַבסאָ-לוטער מאָנאַרכיע".

דעם 19טען ברומעיר האָט די געפּלאַנטע איבערקעהרענים אין דער רע-גירונג געמוזט דורכגעפיהרט ווערען. די ראַטען האָבען זיך פערזאַמעלט אין שלאָס סט. קלוד. די געביידע איז געוועזען ארומגערינגעלט מיט אַ בעדריי-טענדער מיליטערישער מאַכט. די דעבאַטען אין דעם ראַט פון 500 זיינען געוועזען זעהר שטירמיש. איינער האָט געמאַכט אַ פאָרשלאַג, אַז מען זאָל דאַנקען דעם ראַט פון די אַלטע פיר די נייעס, וואָס ער האָט אויפגעטאָן, און בעטען איהם, אַז ער זאָל מאַכען פאָרשלאַגען וועגען מיטלען צו רעטען די רעפּובליק פון אונטערגאַנג. דיזער פאָרשלאַג האָט ארויסגערופען אַ גרוי-סען טומעל. דער ראַט האָט פערשטאַנען, דאָס מען גרייט זיך צו אַ נייער רעוואָלוציאָן. אום דיזע צו פערמיידען האָבען אַלע געשוואָרען צו אָפּפערן זייער לעבען אום פעסטצוהאַלטען די קאָנסטיטוציאָן פון 1795, און דיזער בעשלוס האָט פערניכטעט דעם גאַנצען פּלאַן פון אַ נייער איבערקעהרענים. מיט אונגעדולד האָט נאַפּאָלעאָן ערוואַרט דעם רעזולטאַט פון דער זיצונג. אַלע 5 מינוטען האָט מען איהם געמוזט בעריכטען וואָס עס געהט פאָר אין פּאַרלאַמענט. ער איז געוואָרען שטאַרק אונרוהיג ווען ער האָט זיך דער-וואוסט, דאָס אויך דער ראַט פון די אַלטע איז בעגייסטערט געוואָרען צוזאַ-מען מיט די הייסע אָנהענגער פון דער רעפּובליק. מיט איין מאָל האָט ער זיך אויפגעהויבען און איז ראַש אריינגעלאָפען אין ראַט פון די אַלטע און ווי אַ צוטומעלטער האָט ער אויסגעשאָסען מיט ווערטער, דער וואָהרער זין פון וועלכע עס איז ערסט שפּעטער ערקלערט געוואָרען.

„בירגער רעפּרעזענטאַנטען!” האָט ער אויסגעשריען, „איהר געפינט זיך ניט מעהר אין געוועהנליכע צושטענדען, איהר שטעהט יעצט אויף אַ וואולקאַן. ערלויבט מיר איינינע ערקלערונגען. איהר האָט געגלויבט, אַז דאָס פאָטערלאַנד געפינט זיך אין געפאַהר, און איהר האָט צוליב דעם געאָרדענט, דאָס דער פּאַרלאַמענט זאָל זיך איבערטראַנספּאָרטירען אין סט. קלוד, און מיך האָט איהר בעאויפטראַגט אייער דעקרעט דורכצופיהרען. איך בין מיר געוועזען רוהיג אין דעם קרייז פון מיין פאַמיליע, ווען איך בין גערופען געוואָרען דורך דעם בעפעהל פון דעם ראַט פון די אַלטע צו נעהמען זיך צו די וואַפען. פאָלגענדיג אייער רוף האָב איך אויפגעפאָדערט די סאָל-דאַטען צום דינסט פון פאָטערלאַנד. אַלס לוין דערפאַר ווערען מיר פער-ליימדעט און בעשולדיגט. מען רעדט וועגען אַ נייעם קראָמוועלל, פון אַ נייעם צעזאַר. בירגער! ווען איך וואָלט וועלען שפּילען אַזאַ מין ראָלע, וואָלט עס מיר געוועזען זעהר לייכט דורכצופיהרען ווען איך בין צוריקגעקומען פון איטאַליען מיט גרויס טריאומף און די פאַרטייען און די אַרמעע האָבען



דער 9טער ברומעיר.

מיך אויפגעפאָדערט צו ערגרייפען די העכסטע מאַכט. איך האָב עס דאַ־מאָלס ניט געטאָן און טו עס אויך היינט ניט. איך שווער אייך, דאָס פראַנק־רייך האָט ניט קיין מעהר אונאייגענוציגען בירגער אַלס איך. מיר זיינען אַרומגערינגעלט מיט געפאַהרען, אונז דראָהעט אַ בירגער־קריג. מיר טאָרען ניט שטעלען אין סכנה די פרייהייט און גלייכהייט, גיטער, פיר וועלכע מיר האָבען געבראַכט אַזוי פיעלע אָפּפער אום צו ערווערבען זיי!" ביי דיזע ווערטער האָט איהם אַ דעמאָקראַטישער דעפּוטאַט מיט'ן נאָמען לינגלעט אונטערגעבראָכען און האָט איהם אַ פרעג געטאָן: „און וואָס איז מכח דער פערפאַסונג?" „די פערפאַסונג?" האָט נאַפּאָלעאָן געענטפערט נאָך אַ קורצער ווײַלע, „האָט איהר דען אַ פערפאַסונג? האָט איהר דען ניט זעלבסט פערניכטעט די פערפאַסונג? איהר האָט זי פערניכטעט דעם 18טען פרוקטידאָר דורך דעם אָנגריף אויף די פאָלקס־פערטרעטער; איהר האָט זי פערניכטעט דעם 22טען פלאָרעאַל מיט אייער פערניכטען די דעמאָקראַטישע וואַהלען; איהר האָט זי פערניכטעט דעם 30טען פּרעיריאַל דורך דעם שטורץ פון צוויי דירעקטאָרען. דיזע פערפאַסונג, וועגען וועלכער עס רעדען אַלע פּאַרטייען, איז פון אַלע פּאַרטייען געטראָטען געוואָרען מיט די פיס, און אַלע פּאַרטייען זיינען בערייט אויך ווייטער צו טרעטען זי מיט די פיס. אַלע פּאַרטייען האָבען מיך געבעטען, אז איך זאָל זיי שטיצען אין זייערע שטרעבונגען, הגם זיי זיינען געוועזען געגען דער פערפאַסונג. איך האָב עס ניט געוואָלט, ווייל איך האָב געוואָלט ערפילען אייערע פאָדערונגען. אייך וועל איך מיט אַלע מיינע וואַפען־ברידער בעשיצען. איך פערזיכער עס אייך אין נאָמען פון יענע בראַווע גרענאַדירען, וועלכע איך זעה דאָרט, און וועלכע איך האָב אַזוי אָפט געפיהרט געגען דעם פיינד. איך פערזיכער אייך אין זייער נאָמען, דאָס מיר וועלען אייך העלפען צו רעטען דאָס פאָטערלאַנד. אָבער ווען איינער אַ רעדנער, וועלכער איז אָנגעדונגען פון אויסלאַנד, וועט זיך ערלויבען צו רעדען, אז מען זאָל מיך ערקלערען אויסער געזעץ, וועל איך געווים אַפּעלירען צו מיינע וואַפען־קאַמעראַדען (די סאָלדאַטען). פערגעסט ניט, דאָס איבעראַל האָט מיך בעגלייטעט דער גאָט פון קריג און דער גאָט פון גליק!"

דער ראַט פון די אַלטע האָט רוהיג אויסגעהערט די אָנצוהערענים, וואָס נאַפּאָלעאָן האָט געגעבען. קיינער האָט ניט געוואָגט צו ווידערשפּרעכען איהם. נאַפּאָלעאָן האָט גערעכענט, דאָס ער האָט אין דעם ראַט פון די אַלטע געזיגט, און ער האָט זיך גלייך בעגעבען צום ראַט פון די 500. ער האָט גערעכענט, דאָס זיין אָנוועזענהייט אַליין איז גענוג צו פערניכטען יעדען ווי־

דערשטאנד. אבער אין דעם האט ער געהאט א גרויסען טעות. ער איז גראד אריין אין זאל אין דעם מאמענט, ווען אלע מיטגלידער פון פארלאמענט האבען געגעבען א שבועה צו פערטיידיגען הייליג די פערפאסונג. באלד ווי ער איז אריין האט זיך אויפגעהויבען א געשריי: „נידער מיט דעם דיקטאטאר! ערקלערט איהם אויסער דעם געזעץ! פארט מיט די באיאנעטען!" פיעלע דעפוטירטע האבען איהם ארומגערינגעלט מיט דראהונגען: „ארויס פון דאנען! דו פערשוועכסט מיט דיין אנוועזענהייט דעם הייליגען טעמפעל פון געזעץ!"

באנאפארטע איז פון שרעק און אויפרעגונג געווארען בלייך. אין דער גרעסטער געפאהר פון שלאכט איז ער אימער געווען קאלטבלוטיג און האט זיך ניט פערלארען, און דא האט ער זיך געפיהלט שטארק בעשטירצט און האט אנגעהויבען צוריקגעהן צום טיר אונטער דעם שוץ פון זיינע סאלדאטען. א געוועהנליכע סצענע פון פאלק האט ער ניט געקענט איבערטראגען. דער שטורם אין דער פערזאמלונג האט נאך לאנג געדויערט. אויך זיין ברודער לוסיאן איז שטארק אנגעגריפען געווארען. ער האט זיך אבער פערהאלטען קאלטבלוטיג און רוהיג. פיעלע אין דער פערזאמלונג האבען פערלאנגט פון לוסיאן'ען, אלס פרעזידענט פון דעם ראט פון די 500, אז ער זאל ערקלערען זיין ברודער נאפאלעאן אויסער דעם געזעץ (דאס הייסט, קאנפיסקירען זיין פערמעגען און בערויבען פון מענשען־רעכט). „וואס", האט ער אויסגעשריען ווילד, „איהר ווילט, אז איך זאל ערקלערען מיין ברודער אויסער דעם געזעץ". „יע, יע, יע!" האט מען געשריען פון אלע זייטען, „אויסער געזעץ! אויסער געזעץ! ער איז א טיראן, דאס קומט איהם!" לוסיאן איז געווארען אויסער זיך פון פערדרוס און אויפרעגונג, האט אראפגעווארפען פון זיך די ווירדע פון פרעזידענטשאפט און האט אנגעהויבען געהן צום טיר צו זיין ברודער נאפאלעאן, אויך אונטער דעם שוץ פון סאלדאטען.

נאפאלעאן האט זיך דערוויייל א ביסעל בערוהיגט און האט געפאסט מוט. סיעיעס האט איהם געראטען ניט צו פערלירען קיין צייט און זאל געברויכען געוואלט. דערוויייל האט לוסיאן געהאלטען א רעדע צו די סאלדאטען. „בירגער סאלדאטען!" האט ער זיך געווענדט צו די טרופען, „איך, אלס פרעזידענט פון דעם ראט פון 500, ערקלער אייך, דאס די מעהרצאל פון די מיטגלידער פון דעם ראט געפינען זיך אין שרעק פון אייניגע פון די דעפוטאטען, וועלכע שטעהען ארום דער רעדנער־ביהנע בעוואפענט מיט שווערדען און זיינען בערייט צו ערמארדען יעדען רעדנער, וועלכער וועט זיי

שטערען דורכצופיהרען זייערע פערברעכערישע בעשלוסען. גענעראַל און סאָלדאַטען! איהר זאָלט אָנערקענען אַלס ערוועהלטע געזעצגעבער פון פאָלק נאָר די יעניגע, וועלכע וועלען קומען צו מיין זייט. די יעניגע אָבער, וואָס וועלען פערבלייבען אין דער אָראַנזשעריע, זאָלען פערטריבען ווערען מיט געוואַלט, ווייל זיי זיינען ניט קיינע רעפּרעזענטאַנטען פון פאָלק, נאָר רעפּרעזענטאַנטען פון שווערד!" צולעצט האָט לוסיאַן געשוואָרען, דאָס ער זעלבסט וועט דערשטעכען זיין ברודער נאַפּאָלעאָן, ווען ער וועט וועלען טאָן עטוואָס געגען דער פרייהייט. דיזע קאָמעדיע האָט אויף די סאָלדאַטען געווירקט.

„יעצט ווייס איך וואָס איך האָב צו טאָן!" האָט נאַפּאָלעאָן געזאָגט. ער האָט באַלד געהייסען איינינע שטאַבס־אָפיצערען, וועלכע זיינען מיט איהם געוועזן אויף׳ן אָרט, דאָס זיי זאָלען די דעפּוטאַטען צוטרייבען. וועגען אַ געוואַלדטאַט מעהר אָדער ווענינער האָט ער זיך ניט געקימערט. ער איז געוועזן דער לעצטער, וואָס זאָל האָבען רעספּעקט און אַכטונג פאַר דער היילינקייט פון אַ פערפאַסונג.

די 500 האָבען דערווייל קיין בעשלוס ניט געפאַסט. זיי האָבען איינענטליך בעדאַרפט געהן אין פאַריז און בעקאַנט מאַכען דעם פאָלק מיט דער געוואַלדטאַט פון נאַפּאָלעאָן׳ען און אויפפאָדערן עס צו מאַכען געגען איהם אַן אויפשטאַנד. אָבער זיי האָבען דאָס ניט געטאָן. דערווייל איז אַריין אין זאַל אַ טרופּע סאָלדאַטען אונטער דער קאָמאַנדע פון נאַפּאָלעאָן׳ס שוואָגער, דעם יונגען גענעראַל לעקלערק, וועלכער האָט אויסגערופען: „אין דעם נאָמען פון גענעראַל באָנאַפּאַרטע! די געזעצגעבענדע קערפּערשאַפט, דער ראַט פון 500 איז אויפגעלעזט! ווער עס איז אַ גוטער בירגער זאָל זיך דערווייטערן! גרענאַדירען, פאָרווערטס!" עס האָט זיך באַלד דערהערט אַ געשריי פון כעס און פערצווייפלונג. איינינע האָבען זיך צוזעצט און האָבען אָנגענומען אַ פּאָזע, ווי זיי זיינען בערייט צו שטאַרבען אויף׳ן אָרט און ניט פערלאָזען דעם זאַל. אָבער ווי באַלד זיי האָבען דערזעהען די בלויזע שווערדען האָבען זיי זיך דערשראָקען און זיינען אַרויסגעלאָפען דורך די פענסטער. אום 6 אוהר אַבענדס, דעם 9טען נאָוועמבער 1799, איז שוין קיין נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג מעהר ניט געוועזן.

אין אָבענד פון דעם זעלבען טאָג האָבען איינינע פון דעם ראַט פון 500, וועלכע זיינען געוועזן איינפערשטאַנען מיט דער איבערקעהרענים, אַרויסגעגעבען פאָלגענדען דעקרעט: דאָס דירעקטאָריום איז אויפגעלעזט און די עקזעקוטיווע מאַכט איז דערווייל איבערגעגעבען צו דריי קאָנסולען:

נאפּאָלעאָן באָנאפּארטע, סעיעס און ראָזשער דוקאס. 62 מיטגלידער פון ראט זיינען ארויסגעשטויסען געוואָרען פון פאָלקס־פערטרעטונג. די גאנ־צע פערזאמלונג וועט ניט צוזאמענקומען ביז דעם 20טען פעברואר 1800. דערווייל זאָלען 28 מיטגלידער צוזאמען מיט די קאָנסולען פאָרבערייטען א נייע פערפאסונג.

די איבערקעהרעניס איז געלונגען. די מיליטער־דיקטאטור איז בע־גרינדעט געוואָרען. א גליקליכער סאָלדאט (נאפּאָלעאָן) האט ארייגגע־כאפּט די הערשאפט איבער פראנקרייך. די בורזשואזיע איז געווען העכסט צופרידען. עס האט זיך אָנגעפאנגען זייער הערשאפט. די הייליגקייט פון אייגענטום איז געוואָרען געזיכערט דורך דעם שווערד. כאבאר קען זיך יעצט ענטוויקלען פריי. פּראָצענט האט געשטויגען פון 7 אויף 12. דאס איז געוואָרען דער געלט־ווערט פון נייעם קורס!

## ב. דער קאָנסולאט.

דער 18טער ברומעיר איז געווען אין פאריז א פאָלשטענדיגער פאָלקס־יום־טוב. אלע קלאסען, אויסער די יאקאָבינער און די שטרענגע רעפּובלי־קאנער, זיינען געווען מיט דעם נייעם דיקטאטאָר העכסט צופרידען, און זיי האָבען זיך מיט איהם פּשוט געפרייט. די ארבייטער אין די פאָרשטעדט האָבען וועניגסטענס בעטראכט די נייע ווענדונג גלייכגילטיג. זיי האָבען פון דער מיליטער־הערשאפט ניט געקענט ערווארטען ניט בעסער און ניט ערגער ווי פון אלע אנדערע ארטען רעגירונגען. ווארים וואס האָבען זיי געהאט פון די יאקאָבינער אויסער פּאָליטישע רעכטען? האָבען זיי דען פערבעסערט זייער לעבען, זייער מאטעריעלע לאגע? אלע קלאסען האָבען געלעגט זייער האָפ־נונגען אויף דעם גליקליכען גענעראל. די בירגער האָבען פון איהם ער־ווארטעט, דאס ער וועט ענדליך פעסטשטעלען די ליבעראלע אידעען. די קעניגליכע האָבען גערעכענט, דאס ער וועט אויפשטעלען צוריק דעם טראָן פון די בורבאָנען. זיי האָבען זיך אָבער גענארט אין זייערע האָפנונגען. אָנשטאָט דער פרייהייט האָט געהערשט נאר דער שווערד אליין.

דאס האט מען באלד געקענט ארויסזעהן פון דעם פּלאן פון דער נייער פערפאסונג, וועלכער איז בעקאנט געמאכט געוואָרען דעם 25טען דעצעמ־בער 1799. און הגם דער גאנצער אינהאלט פון איהם איז געווען פיינדליך צו פרייהייט, דאָך האָט איהם דאס פאָלק בעגעגענט מיט מעהר ענטהוזיאזם אלס די פערפאסונגען פון 1795 און פון 1793. מען איז פּשוט געווען פער'שכור'ט פון נאפּאָלעאָן'ס רוהם און פון זיין פּאָפּולאריטעט אין פאָלק

און מען האָט זיך דעריבער פערוויגט און געטרוימט, דאָס די פרייהייטס־געביידעס, וואָס די רעוואָלוציאָן האָט אויפגעבויט, וועלען בלייבען גאַנץ אונטער דיזער נייער קאָנסטיטוציאָן.

נאַפּאָלעאָן זעלבסט, אלס גענעראַל און קאָנסול, האָט אויך אָנטייל גענומען אין די בעראַטונגען פון דער קאָמיסיאָן, וואָס האָט פערפאַסט די נייע קאָנסטיטוציאָן. סיעיעס האָט אויסגעאַרבייט אַ נייעם פּלאַן, וועלכער האָט געגעבען די גאַנצע מאַכט צו די געמעסיגטע און האָט איבערגעגעבען אין די הענט פון דער בורזשואזיע די מאַכט פון געזעצגעבונג. נאַפּאָלעאָן האָט אָנגענומען פון דיזער פערפאַסונג נאָר דאָס, וואָס האָט איהם געקענט דינען צו זיינע עהרגייציגע פּלענער.

לויט דיזער קאָנסטיטוציאָן, וואָס סיעיעס האָט פערפאַסט, האָט נאַפּאָלעאָן בעקומען אַ גרויסען שטאַט מיט 6 מיליאָנען אַ יאָהר געהאַלט, מיט אַ לייב־וואַך פון 3,000 מאַן און דעם קעניגליכען פּאַלאַץ פון ווערסאַיל פיר אַ וואוינונג. די אייגענטליכע רעגירונג איז געלעגען אויף די אַנדערע צוויי קאָנסולען. נאַפּאָלעאָן אָבער איז דערמיט ניט געווען צופרידען. ער האָט סיעיעס'ן פאַרגוואָרפען, וואָרום ער האָט איהם געזוכט צופרידען שטעלען נאָר מיט אייניגע מיליאָנען און מיט אַנדערע בעקוועמליכקייטען און ניט מיט מעהר מאַכט. סיעיעס האָט גאָרניט געענטפערט. ער האָט פיינד געהאַט צו פערענטפערן זיך און געבען ערקלערונגען, נאָר ער האָט איהם גלייך נאָכגעגעבען זיין וואונש. סיעיעס האָט נאָך דערלעבט צו זעהן, ווי דער מענש, וועמען ער אַליין האָט אַזוי פיעל געהאָלפען ערהייבען, האָט זיך געשפּילט מיט די געזעצען און האָט זיך אויפגעפיהרט דעספּאָטיש.

די נייע פערפאַסונג איז געווען אַ טויט־אורטייל איבער די פּאָליטישע רעכטען פון פּאָלק. די גאַנצע מאַכט האָט ערהאַלטען נאָר איינער. דעם פּאָלק זיינען געבליבען נאָר פּוסטע נעמען און פאָרמעס. די גרונדזאַצען פון דער קאָנסטיטוציאָן פון יאָהר 1791 זיינען אין גאַנצען איגנאָרירט געוואָרען. דער ערסטער קאָנסול האָט בעקומען אַ מאַכט פון אַ דיקטאַטאָר. ער האָט אמת בעדאַרפט ערוועהלט ווערען, אָבער אויף 10 יאָהר, און דאַן האָט ער געמעגט ווידער ערוועהלט ווערען. ער האָט קיינעם ניט בעדאַרפט געבען קיין רעכענשאַפט אויף זיינע מעשים. ער האָט בעזעצט אַלע שטעלעס אין דער רעגירונג און אין דער אַרמעע און ער איז אויך געווען דער הויפּט־קאָמאַנדיר פון דער אַרמעע. דער שטאַאַטס־ראַט און דער ראַט פון די מיניסטאָרען זיינען אין גאַנצען געווען אָפּהענגיג פון איהם. די איניציאַטיווע

פון געזעץ־מאַכונג איז געווען פון איהם, ד. ה. יעדעס געזעץ האָט ער בע־דאַרפט פאָרשלאָגען און דורכפיהרען דורך דיזע 2 קערפּערשאַפטען: דורך דעם שטאַאַטס־ראַט און דעם מיניסטאָרען־ראַט. ער האָט געהאַט די הויפּט־רעה איבער די פינאַנצען, איבער דער פּאָליציי, איבער קריג און פרידען, אויך צו שליסען פעראייניגונגען מיט אַנדערע מעכטען. איהם צו הילף איז געשטאַנען אַ סענאַט פון 80 מיטגלידער, אַ געזעצגעבענדער קאָרפּוס פון 300 פּערזאָן און אַ טריבונאַט פון 100 מיטגלידער. אָבער דיזע אַלע קער־פּערשאַפטען האָבען ניט געהאַט קיין זעלבשטענדיגע מאַכט אויף אַ האָאָר. די סענאַטאָרען זיינען ניט ערוועהלט געוואָרען פון פאָלק, נאָר די קאָנסולען האָבען זיי בעשטימט, און אויך די מיטגלידער פון די געזעצגעבער און דער טריבונאַט זיינען בעשטימט געוואָרען פון די סענאַטאָרען. זיי אַלע זיינען אַלזאָ געווען אונטער דעם איינפלוס און אין גאַנצען אָפּהענגיג פון דעם ערס־טען קאָנסול.

די טריבונען האָבען נאָר געהאַט צו דיסקוטירען און צו בעשפּרעכען זאַכען, וואָס זיינען געווען אין זייער געביט, אָבער זיי האָבען ניט געהאַט די מאַכט עטוואָס צו ענטשיידען. דער געזעצגעבענדער קאָרפּוס האָט שוין געהאַט דאָס רעכט צו ענטשיידען, אָבער נאָר מיט „יע" און „ניין", אָהן דעם רעכט צו דעבאַטירען איבער דער פראַגע. אויב די רעגירונג האָט ניט געמאַכט קיין פּאָרשלאַג וועגען אַ געזעץ אָדער עטוואָס אַנדערס, האָ־בען דיזע קערפּערשאַפטען ניט געהאַט וואָס צו טאָן, ווייל זיי האָבען זעלבסט ניט געהאַט קיין רעכט עטוואָס פּאָרצושלאָגען. דער סענאַט איז געווען אַ ווערקצייג, דורך וועלכען מען האָט דורכגעפיהרט אונטערדריקונגען ווען עס איז געווען נעטיג, אָדער ווען מען האָט נעטיג געהאַט צו טאָן עטוואָס געגען דער קאָנסטיטוציאָן. דאָס פּאָלק האָט אויף'ן סענאַט ניט געהאַט קיין איינפלוס, ווייל די מיטגלידער פון דיזער קערפּערשאַפט זיינען ערנאַנט געוואָרען פון די קאָנסולען אויף זייער גאַנצעס לעבען און מיט אַן אונגע־הייער גרויסען געהאַלט. דערצו האָבען נאָך זייערע זיצונגען בעדאַרפט זיין געהיים.

דאָס פּאָלק האָט ניט געהאַט קיין רעכטען. פון אַלעס, וואָס דאָס פּאָלק האָט ערוואָרבען מיט זיין בלוט דורך די רעוואָלוציאָן, איז געבליבען נאָר אַ שאָטען. יעדע געמיינדע פון פּאָלק האָט נאָר געהאַט דאָס רעכט צו פער־זאַמלען זיך און ערוועהלען אַ צעהנטעל פון איהרע מיטגלידער, פון דיזע ערוועהלטע צוזאַמענשטעלען אַ ליסטע און צושטעלען זי צום סענאַט. פון דיזער ליסטע האָט דער סענאַט בעשטימט בעאַמטע אויף אַלע שטעלעס אין

דער רעגירונג. מיט דיזער אָרדנונג זיינען צוגענומען געוואָרען פון פאָלק אַלע פּאָליטישע רעכטען און איבערגעגעבען געוואָרען צו דער רעגירונג.

די ערסטע צייט, פערשטעהט זיך, האָט נאַפּאָלעאָן געטאָן אַלעס אום צו געווינען דאָס צוטרויען פון פאָלק און זיין ליבע און טרייהייט. די אַלע, וואָס זיינען פערטריבען געוואָרען פון לאַנד דעם 18טען פרוקטידאָר, האָבען מיט זעהר וועניגע אויסנאַהמען בעקומען די ערלויבנים צוריקצוקעהרען זיך אין לאַנד. צווישען די, וואָס האָבען זיך צוריקגעקעהרט, איז אויך געווען דער בעריהמטער קאַרנאָט, וועלכער איז באַלד געוואָרען קריגס־מיניסטער. אויך די פערטריבענע אויסער געזעץ געשטעלטע פריסטער פון פערשיידענע פּאַרטייען זיינען בעגנאַדיגט געוואָרען. עס פערשטעהט זיך, דאָס דיזע האָבען געמוזט פערשפּרעכען צו זיין געהאָרזאַם דער נייער רעגירונג. דאַ־געגען האָט די פּרעס־פרייהייט בעקומען איינינע בעשרענקונגען. איינינע צייטונגען זיינען אונטערדריקט געוואָרען, און 37 רעפּובליקאַנער, וועלכע האָבען זיך אויסגעדריקט געגען נאַפּאָלעאָן'ען, זיינען פעראורטיילט געוואָ־רען. דיזע מאַסרעגלען האָבען דייטליך געצייגט, וואָס פיר אַ צייט עס קומט אָן.

דער וואונש פון פראַנקרייך, ווי אויך פון גאַנץ אייראָפּאַ, איז געווען, אַז עס זאָל ווערען און הערשען פרידען. באָנאַפּאַרטע האָט עס פערשפּראָ־כען, און האָט זיך געגעבען די מיה צו בעווייזען, דאָס ער מיינט עס ערנסט. אָבער זיינע פרידענס־פּאָרשלאַגען זיינען פון די ענגלישע און עסטרייכישע רעגירונגען ניט אָנגענומען געוואָרען. דערמיט איז זיין איניגסטער וואונש ערפילט געוואָרען, ווייל דער העכסטער ציל פון זיין עהרגייץ איז געווען — צו פערשאַפען זיין רעגירונג דעם העכסטען גלאַנץ. ער האָט בעשלאָסען פּאָרטצוזעצען דעם קריג, און האָט אַרויסגעגעבען צום פאָלק אַ פּראָקלאַ־מאַציאָן, וועלכע איז מערקווירדיג דורך איהר טאָן. „פראַנצויזען", זאָגט ער אין דיזער פּראָקלאַמאַציאָן, „איהר פערלאַנגט פרידען, אייער רעגירונג פערלאַנגט עס נאָך מעהר און שטאַרקער; איהרע הייליגסטע ווינשען און שטרעבונגען זיינען געווען און זיינען אויך יעצט פעסטצושטעלען דעם פרי־דען אין אייראָפּאַ. דאָס ענגלישע מיניסטעריום אָבער וויל עס ניט. דער וואונש און שטרעבען פון ענגלאַנד איז — צו צורייסען פראַנקרייך, צו פער־ניכטען איהר זעע־מאַכט, צו פערטיליגען זי פון דער קאַרטע פון אייראָפּאַ, אָדער וועניגסטענס ערנידריגען זי צו אַ מאַכט פון צווייטען גראַד, אום ענגלאַנד זאָל בלייבען די איינציגע האַנדעלס־מאַכט און זאָל קענען דורך איהרע רויבערייען אונגעשטערט ערווערבען זיך אונגעהייערע רייכטימער.

אום צו דערגרייכען דיזען פערברעכערישען צוועק שיט זי איבעראַל מיט געלד, גיט פערשיידענע פערשפּרעכונגען צו אַנדערע פעלקער און שמידט אַלערליי נידערטרעכטיגע פּלענער. איהר קענט צווינגען די וועלט צו גרינ-דען פרידען. צו דיזען צוועק ברויכט מען געלט, אייזען און סאָלדאַטען. די, וואָס זיינען רייך אין געלט-מיטלען, זאָלען שאַפען די נעטיגע סומעס צו דיזען היילינגען צוועק; די יונגע בירגער זאָלען זיך אָננעהמען מיט מוט צו שטרייטען ניט אום צופרידען צו שטעלען דעם וואונש פון אַ טיראַן, וועלכער טרייבט זיי אויף'ן שלאַכט-פעלד, נאָר אום צו רעטען די עהרע פון פראַנקרייך, אום פעסטצושטעלען די טייערסטע אינטערעסען פון דער מענשהייט!"

דאָס וואָרט „פרייהייט" איז פון די פּראָקלאַמאַציאָנען פון דער נייער רעגירונג פערשוואונדען געוואָרען. דיזעס וואָרט, וועלכעס האָט צעהן יאָהר נאָכאַנאַנד בעגייסטערט די הערצער פון די בעסטע בירגער פון פראַנקרייך, וועלכעס האָט זיי פערשאַפט די גרעסטע נצחונות, — דיזעס וואָרט איז יעצט אויסגעשטראָכען געוואָרען. אָנשטאָט דעם וואָרט „פרייהייט" איז אַריין אין געברויך פון דער נייער רעגירונג דאָס וואָרט „עהרע". דאָס איז געוואָרען דאָס צויבער-וואָרט, וואָס האָט אַלעמען בע'כשוף'ט. צוליב דער עהרע האָבען פיעלע טויזענדער פון די יונגע קרעפטען פון פראַנצויזישען פאָלק געאָפּפערט זייערע לעבענס אין די פעלדצוגען פון דעם עהרגייציגען פיהרער, באָנאַפּאַרטע; די „עהרע" איז געוואָרען דער סיגנאַל פון דער נייער עפּאָכע. עס איז געווען אַ קלוגעס וואָרט, הינטער איהם זיינען גע-ווען פערבאָרגען די העכסטע גיטער פון דער נייער צייט: בעזיץ, רייכטום און שטעלונג אין דער געזעלשאַפט.

די פּאָרבערייטונגען צום נייעם קריג זיינען געמאַכט געוואָרען פון נאַ-פּאָלעאָן'ען מיט גרויס ענערגיע. פיעל האָט איהם דערין געהאָלפען דער געניאַלער קריגס-מיניסטער קאַרנאָט. ער האָט בעשלאָסען צו קאָנצענט-רירען אַלע זיינע שטרייט-קרעפטען ביים רהיין און ביי די אַלפּען. דעם גענעראַל מאָראָ האָט ער איבערגעגעבען די קאָמאַנדע איבער די אַרמעע ביים רהיין און אַליין איז ער אַוועק מיט דער אַנדערער אַרמעע צו די אַלפּען, אין איטאַליען. דעם 6טען מאַי 1800 איז ער שוין געווען פערטיג צום פעלדצוג. אין איטאַליען איז דאַמאָלס געשטאַנען אַן עסטרייכישע אַרמעע פון 130,000 מאַן, וועלכע האָבען בעזעצט דאָס גאַנצע לאַנד. די אַרמעע פון דער רעפּובליק (פראַנקרייך) אונטער מאַססענאַ האָט געצעהלט 40,000 מאַן, וועלכע האָבען נאָר געקענט רעכנען אויף שטיצע פון גענוא. אין אַפּ-

ריל איז דער עסטרייכישער קאָמאַנדיר מעלאַס פּלוצלינג בעפאַלען דעם פראַנצויזישען גענעראַל מאַססענאַ און האָט פון איהם אָפּגעשניטען דעם לינקען פליגעל אונטער סושעט, און הגם די פראַנצויזען האָבען פיעל געאָפּפערט אום צו פעראייניגען זיך צוריק, איז עס זיי ניט געלונגען. מאַססענאַ איז געווען געצוואונגען איינצושליסען זיך אין גענואַ.

הגם עס איז אין שטאָדט באַלד געוואָרען אַ הונגער, האָט דאָך מאַססענאַ אויסגעהאַלטען, ווייל ער האָט גוט פערשטאַנען, ווי וויכטיג גענואַ איז פיר די פראַנצויזען, און ער האָט אויך געוואוסט, דאָס באַלד וועט נאַפּאָלעאָן קומען איהם צו הילף און וועט איהם בעפרייען פון דער בעלאַגערונג. נאַפּאָלעאָן האָט מיט זיין אַרמעע, וועלכע ער האָט זעהר שנעל צוזאַמענגעשטעלט, זיך בעגעבען נאָך זשענעוואַ (שווייץ) און פון דאַנען איז ער אַריבער די אַלפּען. דער אונגעוועהנליכער מאַרש איז געגאַנגען איבער די בערג: סט. בערנהאַרד, סימפּלאָן און גאָטטהאַרד. עס איז געווען אַ זעהר שווערע שטיק אַרבייט. מען האָט געמוזט פערנאַנדערנעהמען די וואָגענס און איבערטראָגען זיי טיילענווייז מיט די געפּעקען; די שווערע האַרמאַטען האָט מען געמוזט אַריינלעגען אין אויסגעהעהלטע בוימער און סאָלדאַטען האָבען זיי אַריבערגעשלעפּט איבער די הויכע בערג. די פערד האָט מען געמוזט פיהרען פאַר די צוימען.

ווען די סאָלדאַטען זיינען ענדליך אַריבער די בערג און זיינען שוין געווען אין דער עבענע פון פּיעמאָנט, איז נאַפּאָלעאָן ניט געגאַנגען באַלד העלפען די פראַנצויזען, וואָס זיינען געווען בעלאַגערט אין גענואַ, נאָר ער איז פריהער געגאַנגען איינגעהמען מאַילאַנד, האָט אויפגעוועקט די ציזאַלפּינישע רעפּובליק פון איהר טויטען צושטאַנד און האָט עראָבערט פּיאַטשענצאַ. דאַן האָט דער לינקער פליגעל, וואָס איז געווען אָפּגעשניטען פון דער פריהערדיגער פראַנצויזישער אַרמעע, זיך איבערגעטראַנספּאָרטיט איבער דעם טייך וואַר און האָט איינגענומען ניצצאַ. דערווייל האָט זיך גענואַ געמוזט אונטערגעבען (4טען יוני). מאַססענאַ האָט זיך מעהר ניט געקענט האַלטען אין דער פעסטונג. אָבער די עסטרייכער האָבען פון דיזען זיג געהאַט ווייניג נוצען. מאַססענאַ האָט זיך געקענט פעראייניגען מיט דעם לינקען פליגעל אונטער דעם גענעראַל סושעט, און האָט זיך גענומען צו די עסטרייכער. דער עסטרייכישער קאָמאַנדיר מעלאַס האָט זיך געפונען אַרומגערינגעלט פון די פראַנצויזען און האָט געליטען מאַנגעל אין לעבענסמיטלען און אַמוניציאָן. ער האָט זיך געמוזט ענטשליסען צו אַ שלאַכט. איהם צו הילף איז געקומען אַ קאָרפּוס מיליטער אונטער דעם גענעראַל

אָטט. דיזער האָט געהאַט אַ שרעקליכע מפּלה פון די פראַנצויזען ביי מאַנטעבעללאָ, און דעם 14טען יולי איז מעלאַס זעלבסט בעזיגט געוואָרען פון נאַפּאָלעאָן'ען ביי מאַרענגאָ. נאָך דעם, ווי די פיינד האָבען אָפּגעקעמפּט זעקס שטונדען, האָט ביי די פראַנצויזען אָנגעהויבען אויסגעהן קריגס־מאַטעריאַל און זיי זיינען שוין געווען בערייט צוריקצוטרעטען פון שלאַכטפעלד; זאַגאַר נאַפּאָלעאָן'ס גווארדיע האָט שוין אָנגעהויבען צוריקוויכען. נאַפּאָלעאָן איז געווען אין פערצווייפלונג.

צום גליק פון די פראַנצויזען איז אין דעם העכסטען אויגענבליק פון נויט פּלוצלינג אָנגעקומען דער גענעראַל דעזעי מיט צוויי פרישע דיוויזיאָנען, האָט בעזיגט דעם לינקען פליגעל פון פיינד און האָט געבראַכט די גאַנצע עסטרייכישע אַרמעע אין אַ פערווירונג. אַ פּאַניק האָט בעהערשט אַלע זייערע קריגער און זיי האָבען אָנגעהויבען צו צולויפען פון שלאַכטפעלד אין גרויסער אונאָרדנונג. פון גרויס שרעק זיינען זייערע קאַוואַלעריסטען (די רייטער) געלאָפען איבער זייערע אייגענע פוס־סאָלדאַטען, ווייל זיי האָבען זיך געאיילט צו דערגרייכען די בריקען. מעלאַס, דער עסטרייכישער פעלד־הערר, איז געבליבען אָהן ברויט און אָהן מוניציאָן. ארומגערינגעלט פון פיינד, איז ער געווען געצוואונגען צו בעטען וואַפען־שטילשטאַנד. ער האָט עס געקראָגען, אָבער ער האָט בעצאָהלט אַ טייערען פרייז. ער האָט זיך גע־מוזט צוריקציהען פון דער גאַנצער געגענד און צוריק אריבערגעהן דעם טייך מינטשיאָ און איבערלאָזען צו די פראַנצויזען גאַנץ איטאַליען ביז דיזען טייך און ביז דעם אונטערען טייך פּאָ. נאַפּאָלעאָן'ס שטערען האָט שטאַרק גע־לויכטען, מעהר ווי ווען עס איז פריהער. מיט עטליכע טעג שפּעטער איז ער אָנגעקומען צוריק אין פּאַריז, וואו דאָס פּאָלק האָט איהם בעגעגענט מיט אונגעוועהנליכער פרייד. דער אָנפאַנג פון זיין הערשאַפט איז פיר איהם געווען זעהר גליקליך. ער האָט פערבעסערט דעם צושטאַנד פון די פי־נאַנצען אין לאַנד. די צים־אַלפּינישע־רעפּובליק האָט איהם געמוזט צאָהלען מאָנאַטליך 2,000,000 פראַנק, און פּיעמאָנט 1½ מיליאָנען אַ מאָנאַט. דער גענעראַל מאָראָ האָט ארויסגעשיקט פון דייטשלאַנד אין פּאַריז 40 מיליאָנען פראַנקס.

אויך אין דייטשלאַנד האָט די עסטרייכישע אַרמעע געהאַט פיעלע ני־דערלאַגעס. דער עסטרייכער פעלד־מאַרשאַל קראַי האָט געמוזט צוריקטרע־טען פון דער פערפאָלגונג פון דער פראַנצויזישער אַרמעע אונטער גענעראַל מאָראָ ביז באַיערן. קראַי איז געווען געצוואונגען צו בעטען וואַפען־שטיל־

שטאַנד. די פראַנצויזען האָבען ערהאַלטען רעגענסבורג און דאָס גאַנצע פראַנקישע לאַנד ביז צו דעם טייך רעדניטץ.

נאָך די אַלע נצחונות פון די פראַנצויזען האָט די וועלט ערוואַרטעט, דאָס עס וועט שוין געווים געשלאָסען ווערען פרידען. אָבער די אונטערהאַנדלונגען וועגען פרידען האָבען ניט געפיהרט צו קיין רעזולטאַט. דער קריג האָט זיך ווידער אָנגעפאַנגען מיט מעהר פייער. די פראַנצויזען האָבען פערשאַפט פרישע אַרמעען, וועלכע האָבען געקעמפט געגען די עסטרייכער מיט גרויס מוט און בעגייסטערונג. הגם עסטרייך איז געווען פיעל שוואַכער פון פראַנקרייך, האָט דער ערץ-הערצאָג יאָהאַן געוואַגט צו מאַכען אַן אָנגריף אויף די פראַנצויזען און איז אַריבער דעם טייך אינן. אָנפאַנגס איז עס איהם געלונגען צו צוטרייבען דעם לינקען פליגעל פון מאָראָ'ס אַרמעע, אָבער דעם 3טען דעצעמבער 1800 האָט מאָראָ כמעט אין גאַנצען פערניכטעט די עסטרייכישע אַרמעע אין דער מערדערישער שלאַכט ביי האָהענלינדען. 7,000 טויטע האָבען בעדעקט דאָס שנעאיגע שלאַכטפעלד. 11,000 זיינען גענומען געוואָרען געפאַנגען. די איבריגע זיינען געלאָפען אין אַ שרעקליכער אונאָרדנונג צוריק נאָך עסטרייך, און דער פיינד האָט זיי נאָכגעיאָגט. מאָראָ איז שוין געווען נאָהענט פון וויען, נאָר 20 שטונדען ווייט. די האַבסבורגער (די עסטרייכישע קייזערליכע פאַמיליע) האָבען אויפגעגעבען יעדע האָפנונג צו געווינען דעם קריג און האָבען געבעטען וואַפען-שטילשטאַנד. דעם 25טען דעצעמבער איז דער וואַפען-שטילשטאַנד געשלאָסען געוואָרען. דער קייזער פראַנץ האָט פערשפּראָכען צו שליסען פרידען.

אויך אין איטאַליען האָבען די פראַנצויזען געהאַט גרויס ערפאָלג, ווי מיר האָבען עס שוין פריהער דערצעהלט. אַזוי איז דער פרידען געווען זיכער אָפּגעשלאָסען צו ווערען. עס האָבען זיך אָנגעהויבען אונטערהאַנדלונגען, וועלכע האָבען זיך געענדיגט מיט דעם פרידען פון לונעוויללע (8טען יאַנואַר 1801). נאָך דעם פרידען מיט עסטרייך האָבען אויך אַנדערע פון די פערבינדעטע געשלאָסען פרידען איינער נאָך דעם אַנדערען. נעאַפּעל האָט געשלאָסען פרידען מיט פראַנקרייך און האָט אָפּגעטראָטען צו די פראַנצויזען די אינזעל עלבאַ און דאָס פירסטענטום פּיאָמבינאָ. ענדליך האָבען אויך פּאָרטוגאַל, רוסלאַנד און טערקיי געשלאָסען פרידען. דאָס גאַנצע פעסטלאַנד פון אייראָפּאַ האָט אַנידערגעלעגט די געוועהר. נאָר ענגלאַנד האָט ניט געוואָלט שליסען קיין פרידען. ענגלאַנד האָט דערווייל אָפּגענומען צוריק מאַלטאַ און עגיפּטען. דאָס פראַנצויזישע מיליטער האָט

געמוזט פערלאָזען דאָס ניל־לאַנד, און עס האָט זאָגאַר געמוזט קומען צוריק אין זיין פּאָטערלאַנד אויף ענגלישע שיפען, ווייל די פראַנצויזישע זיינען אַלע פערניכטעט געוואָרען. דאָס איז געווען דער סוף פון נאַפּאָלעאָן'ס גרויסע זיגען אין עגיפּטען. אָבער ניט קוקענדיג אויף דיזען גרויסען ער־פּאָלג פון די ענגלענדער איז זייער שטימונג געווען אַ פרידליכע. ענגלאַנד האָט אויך געוואָלט פרידען, און אויף'ן פרידענס־קאָנפערענץ אין אַמיענס (27טען מערץ 1802) האָט ענגלאַנד צוריקגעגעבען אַלע איהרע עראָבערונגען אין עגיפּטען און האָט געלאָזען פיר זיך נאָר די אינזעל ציילאָן און טריני־דאַד. דיזער קריג האָט געקאָסט ענגלאַנד 351 מיליאָן פונט סטערלינג. דאָס אָרימע פאָלק האָט זעהר שטאַרק געליטען פון דיזע גרויסע קאָסטען פון דעם קריג. אָבער די רייכע קויפלייט האָבען דערפון געמאַכט גוטע גע־שעפטען און האָבען פערגרעסערט זייער רייכטום.

איינינע וואָכען פאַר דעם פרידען פון אַמיענס איז געלעזט געוואָרען די שווערע דייטשע פראַגע וועגען שאַדען־ערזאַץ. די פראַגע איז געווען: ווער זאָל בעפרידיגען און ווי זאָל מען בעפרידיגען די יעניגע דייטשע פירס־טען, וועלכע האָבען פערלאָרען צוליב דער רעוואָלוציאָן זייערע לענדער? אייגענטליך האָט מען דאַמאָלס אין גאַנצען געוואָלט פּטור ווערען פון די פּיצינקע מדינה'לאַך מיט זייערע מלכים'לאַך. אין פראַנצויזישען הויף פון די טואילעריען האָבען זיך דאַמאָלס געפונען גאַנצע מחנות לענדער־בעטלער, וועלכע האָבען געהאַט פּרעטענזיעס אויף אַ שטיקעל לאַנד. דעם 25טען פעברואַר איז ענדליך געלונגען צו קומען צו אַ בעשלוס אין דיזער פער־פּלאָנטערטער פראַגע. די יאָמערליכע איינצעלהייטען פון דיזער פראַגע האָבען ניט פיר דעם לעזער פון היינטיגער צייט קיין וויכטיגען אינטערעס, און מיר ווּעלען זיי דעריבער אויסלאָזען.

די בורזשואַזיע איז געווען העכסט צופרידען מיט דער נייער רעגירונג. און וואַרום ניט? דאָס אייגענטום איז געווען געזיכערט; אויף די אַלע פּרינציפּען פון פרייהייט, וואָס די רעוואָלוציאָן האָט גערופען אין לעבען, האָבען זיי געפּייפט; אויף די אַלע אידעען פון הייליגע מענשען־רעכטען האָבען זיי געקוקט ווי אויף פּוסטע חלומות. אָבער עס האָט זיך נאָך געפו־נען אַ גרויסער טייל בירגער, וועלכע האָבען געהאַסט די רעגירונג פון שווערד, וועלכע האָבען געביינקט נאָך דער צייט, ווען דאָס פאָלק איז געווען בע־גייסטערט מיט ערהאַבענע אידעען פון ברידערליכקייט, מענשען־רעכטען און וואַהרע פרייהייט. אָבער דיזע אַלע אונצופרידענע זיינען ניט געווען

און האָבען ניט געקענט זיין קיין פּאַרטיי, דערום האָבען זיי זיך גענומען דעם וועג פון פערשווערונג און גוואַלדטאַט.

א קאָרסיקאַנער מיט'ן נאָמען אַרענאַ, א הייסער דעמאָקראַט, און אַן איטאַליענער טשעראַקי האָבען געמאַכט א פערשווערונג צו ערמאָרדען נאַ־פּאָלעאָן'ען. אין דיזער געהיימנים האָבען זיי צוגעצויגען נאָך אייניגע און דאַרום איז די פערשוועורונג ניט געבליבען קיין סוד. דער פּאָליציי־מיניס־טער פושע האָט זיך דערוואוסט פון דער פערשווערונג בעצייטענס און האָט געפּאַקט די פערשווערער צו דער אָפּגערעדטער שטונדע. מען האָט אָבער אין יענעם מאָמענט ניט געפונען ביי זיי קיין וואַפען, און דעריבער האָבען פּיעלע חושד געווען, דאָס די גאַנצע געשיכטע איז געווען אַן אויסגעטראַכטע זאַך פון פּאָליציי־מיניסטער אום צו צייגען נאַפּאָלעאָן'ען, דאָס ער גיט אכטונג אויף זיין לעבען און וויים וואָס עס טוט זיך איבעראַל.

וויים ערנסטער איז געווען דער אַטענטאַט (מאָרד־פערזוך), וואָס די ראָיאַליסטען האָבען געמאַכט. דיזע זיינען געקומען צו דער איבערצייגונג, דאָס פון נאַפּאָלעאָן'ען קענען זיי ניט ערוואַרטען, אַז ער זאָל צוריק אויפ־שטעלען די בורבאָנישע מאָנאַרכיע, ווי זיי האָבען פריהער גערעכענט, און דעריבער האָבען זיי בעשלאָסען דעם זעלבסט־הערשער צו ערמאָרדען. מען האָט אין דער סט. ניקעיזע גאַס אוועקגעשטעלט א וואָגען, וועלכער איז געווען בעלאָדען מיט א פאַס פּולווער. אין אָבענד פון 23טען דעצעמבער 1800 איז נאַפּאָלעאָן געפאָהרען דורך דיזע גאַס צו דער אָפּערא. די פער־שווערער האָבען שוין געהאַט צוגעלעגט דעם קנויט צום פאַס פּולווער. זיי זיינען אָבער געקומען צו שפּעט אום דעם קנויט אָנצוצינדען. די קאַרעטע פון קאָנסול איז געפאָהרען שנעלער ווי געוועהנליך און ווי זיי האָבען ער־וואַרטעט, אַזוי דאָס ווען עס איז ענטשטאַנען די עקספּלאָזיאָן איז שוין נאַפּאָלעאָן געווען וויים פון דעם אָרט פון אונגליק. די עקספּלאָזיאָן האָט איהם שטאַרק איבערגעשראָקען און ער האָט אויסגעשריען: „מיר געפינען זיך אין א געפאַהר, אונטער אונז זיינען געמאַכט מינעס". דאָך איז ער געזעסען אין דער אָפּערא רוהיג און געזעהען די גאַנצע פאָרשטעלונג ביז צו ענדע.

אין דעם אַטענטאַט האָט מען בעשולדיגט די דעמאָקראַטען. „זעהט די אַרבייט פון די יאַקאָבינער", האָט נאַפּאָלעאָן געזאָגט, „זיי זיינען עס די יעניגע, וואָס האָבען מיך געוואָלט ערמאָרדען. די הויפּט־מאַכער פון דער סעפּטעמבער־שחיטה, די יאַקאָבינער, וואָס זיינען בעדעקט מיט שמוץ, שטעהען אין אָפענעם קאַמף; זיי טראָגען אין זייערע הערצער אַן אייביגען



דער מאָרד=פערזוך אויף נאַפּאָלעאָן באָנאַפּאַרט.

האַס צו דער רעגירונג. מען מוז זיי צודריקען, פראַנקרייך מוז זיך אָפּ-רייניגען פון דיזען שמוץ. זיי פערדינען ניט קיין מיטלייד!" 138 טער-ראָריסטען זיינען אַרעסטירט געוואָרען אָהן אַ שום בעוויז, דאָס זיי האָבען גענומען וועלכען עס איז אָנטייל אין דיזען אַטענטאַט, און זיינען פעראור-טיילט געוואָרען זאָגאר נאָך דעם, ווי מען האָט זיך דערוואוסט, דאָס דיזעס איז געווען די אַרבייט פון די ראָיאַליסטען. עס איז אָבער געווען אַ גע-לעגענהייט פטור צו ווערען פון עטליכע טעררארָיסטען.

עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ שטאַרקע רעאַקציאָן. נאַפּאָלעאָן האָט גע-פונען פיר נעטיג איבער־אַ־נייס איינצופיהרען אין לאַנד דעם קאַטאָליציזם, הגם ער זעלבסט איז געווען אַ שרעקליכער געגנער פון דעם דאָזיגען גלויבען; ער האָט אָבער גערעכענט, דאָס אונטער דעם שוץ פון דיזער רעליגיאָן וועט ער זיין זיכערער מיט זיין הערשאַפט און מיט זיין לעבען. די קירכע האָט געדינט צו דער דעספּאָטיע אַלס אַ פּאָליציי. נאַפּאָלעאָן האָט געשלאָסען מיט דעם פּאַפּסט אַ קאָנקאָרדאַט (אָפּמאַך), וועלכער האָט זיך אָנגעפאַנגען מיט פאָלגענדע ווערטער:

„די רעגירונג פון פראַנקרייך אָנערקענט, דאָס די מעהרהייט פון די פראַנצויזען זיינען טריי צום קאַטאָליציזם... דער פּאַפּסט פון זיין זייט גלויבט, דאָס דער קאַטאָליציזם וועט ברייגגען אין לאַנד פון דעם פראַנצוי-זישען פאָלק דאָס העכסטע גליק און רוה, דאָס די קאָנסולען זעלבסט אָנער-קענען דיזען גלויבען, דעריבער שליסען זיי דעם פאָלגענדען קאָנקאָרדאַט:

1) די קאַטאָלישע רעליגיאָן זאָל זיין אין פראַנקרייך פריי פיר יעדען, וואָס וויל זי אָנערקענען, און זאָל זי אונגעשטערט אויסאיבען; זי זאָל גע-ערקענט ווערען אַלס שטאַאטס־רעליגיאָן; איהר געטליכער דינסט זאָל גע-האַלטען ווערען עפענטליך אָהן וועלכער עס איז שטערונג. אָבער זי מוז זיין אונטערוואָרפען אונטער דער קאָנטראָל און אויפזיכט פון דער פּאָליציי פון לאַנד און פאָלגען איהרע פעראָרדנונגען און רעגלען, וועלכע די רעגירונג וועט געפינען פיר נעטיג אַרויסצוגעבען אום צו האַלטען רוה אין לאַנד.

2) דער פּאַפּסט זאָל אין איבעראיינשטימונג מיט דער פראַנצויזישער רעגירונג איינפיהרען אַ נייע אָפּטיילונג פון די פערוואַלטונגס־קרייזען פון די קירכען און זאָל אַרונטערנעהמען די ווירדע פון די יעצטיגע בישאָפען, ווען די אינטערעסען פון דער רעגירונג וועלען עס פאָדערן.

3) אַלע לעדיג געוואָרענע בישאָף־שטעלעס זאָלען בעזעצט ווערען מיט אַזעלכע פערזאָנען, וועלכע די רעגירונג וועט נאָמינירען, און דער פּאַפּסט זאָל בעשטעטיגען נאָר אַזעלכע נאָמינירטע פערזאָנען.

4) די נייע בישאָפען זאָלען שווערען טרייהייט צו דער רעגירונג און זיי זאָלען פערפאַסען צווישען אַנדערע געבעטען אויך תפלות פיר די קאָנסולען.

5) די אַלע שטעלעס אין די קירכען זאָלען איינגעטיילט ווערען אין א נייער אָרדנונג און עס זאָלען פיר דיזע ערנאַנט ווערען בישאָפען, אָבער נאָר אַזעלכע פערזאָנען, אויף וועלכע די רעגירונג וועט געבען איהר הסכמה.

6) די רעגירונג וועט מאַכען די נעטיגע בעשטימונגען פיר די גייסטליכע פון דעם שטאַאט, און דער פּאַפּסט זאָגט זיך אָפּ פון יעדען רעכט אויף א פּראָטעסט געגען דעם פערקויף פון די קירכען־גיטער, וואָס די רעגירונג האָט אָפּגענומען זינט דער רעוואָלוציאָן".

דיזער קאָנקאָרדאַט, וואָס נאַפּאָלעאָן האָט געשלאָסען מיט'ן פּאַפּסט, איז געווען פיר איהם זעהר וויכטיג אין דער הינזיכט, דאָס פון יעצט אָן האָט דער שטאַאט בעקומען דאָס רעכט פון אויבער־אויפזיכט אין די גייסטליכע אַנגעלעגענהייטען פון פאָלק. אין פּאָליטישען זין איז דער קאָנקאָרדאַט געווען זעהר וויכטיג אין דער הינזיכט, דאָס דער פּאַפּסט זעלבסט האָט אָנערקענט דאָס רעכט פון די בויערן אויף דעם גרונד, וואָס זיי האָבען ערוואָרבען פון די פערקויפטע קירכען־גיטער, אויף וועלכע די גייסטליכע האָבען ניט אויפגעהערט צו האָבען פּרעטענזיעס. דעם 15טען אויגוסט 1801 איז דיזער קאָנקאָרדאַט געשלאָסען געוואָרען אין פּאַריז, און אין דעם יאָהר נאָכדעם איז ער אָנגענומען געוואָרען פון דער געזעצגעבענדער קערפּערשאַפט אין פראַנקרייך. דאָס איז געווען דער רעליגיעזער טויטען־געזאַנג (אל מלא רחמים) פיר די רעוואָלוציאָן. די זעלבע רעוואָלוציאָנערען, וועלכע האָבען אונטערגעשריבען דעם דעקרעט אָפּצושאַפען פון לאַנד גאָט און די קירכע, האָבען יעצט בייגעוואוינט די צערעמאָניע ביי דער צוריק־אָנערקענונג פון דעם פּאַפּסט און דעם קאַטאָליציזם.

אויך אין אַנדערע בעציהונגען האָט נאַפּאָלעאָן געוואוסט ווי אויסצונוצען פיר זיך דעם אַטענטאַט אויף זיין לעבען. ער האָט בעשרענקט די פּרעס־פרייהייט, ווי אַלע דעספּאָטען האָבען עס אימער געטאָן, אום מען זאָל ניט קענען קריטיקירען זייערע שלעכטע האַנדלונגען; ער האָט פערגרעסערט די צאָהל פון דער לייב־גוואַרדיע און האָט פיעל פערמעהרט די צאָהל פון די פּאָליציסטען. א גרויסע מחנה פון שפּיאָנען האָט אַריינגעטרעטען אין עפענטליכען דינסט פון דער רעגירונג, און דיזע האָבען בעדאַרפט אַריינדרינגען אין אַלע קרייזען פון דער רעגירונג און פון פאָלק אום צו וויסען אַלעס, וואָס מען דענקט און וואָס מען טראַכט וועגען דער רעגירונג אין אַל-

געמיין און איבערהויפּט וועגען איהם, דעם הויפּט־קאָנסול. עס זיינען איינ־געריכטעט געוואָרען אין גאַנצען לאַנד רעאַקציאָנס־טריבונאַלען, וועלכע זיי־נען בעשטאַנען איבערהויפּט פון אָפיצערען, און וועלכע האָבען געהאַט צו ריכטען אַלע פערברעכענס, וואָס זיינען בעגאַנגען געוואָרען געגען דער זי־כערהייט פון שטאַאט.

דאָס אַלעס האָט אַרויסגערופען אין פאָלק אַ שטאַרקע רעאַקציאָן. זאָ־גאַר אין סענאַט, וועלכער איז געווען אויף דער זייט פון דער רעגירונג, און אין טריבונאַט האָבען זיך געפונען אייניגע מענער, וועלכע האָבען געהאַט דעם מוט אַרויסצוטרעטען אָפען געגען דיזע דריקענדע האַנדלונגען פון דער רעגירונג.

אָבער די פּראָטעסטען פון אייניגע מוטיגע מענשען האָבען ניט געפיהרט צו קיין רעזולטאַט. דער קאָנסול האָט גענומען גוואַלד־מיטלען געגען דיזער רעאַקציאָן. אין דיזער צייט זיינען פאָרגעקומען בעראַטונגען וועגען אַ נייעם בירגערליכען געזעצבוך. שוין באַלד נאָך דער רעוואָלוציאָן האָט מען דערפיהלט דעם מאַנגעל פון אַזאַ געזעצבוך. יעצט האָט עס נאַפּאָלעאָן אַריינגענומען אין זיינע הענט. ער האָט איבערגעגעבען די אַרבייט צו איי־ניגע טיכטיגע יוריסטען, ווי: טראָנשעט, פּאָרטאַליס און איי־ניגע אַנדערע, און ווען זייער ענטוואורף איז אָנגענומען געוואָרען אין שטאַאטס־ראַט האָט מען דיזען איבערגעגעבען צום געזעצגעבענדען קאָרפּוס. די ליבעראַלע דעפּוטאַטען האָבען פּראָטעסטירט געגען די בעשרענקונגען פון פרייהייט און געגען דער אונטערוואַרפונג פון פאַמיליען־אָרדנונג אונטער די אינטערעסען פון דער דעספּאָטישער שטאַאטס־מאַכט. דערמיט האָבען דיזע דעפּוטאַטען שטאַרק בעליידיגט דעם שטאָלץ פון דעם קאָנסול, ווייל זיין נאָמען איז געווען ענג פערבונדען מיט דיזער אַרבייט. עס האָט ניט לאַנג גענומען און נאַפּאָלעאָן האָט זיך אָפּגערעכענט מיט די געגנער פון זיין קאָדעקס. דעם 5טען יאַנואַר 1802 זיינען געשטראָכען געוואָרען 20 טרי־בונען און 60 געזעצגעבער לויט אַ געוויסען פּאַראַגראַף פון דער נייער קאָנ־סטיטוציאָן. „דער קאָדעקס פון נאַפּאָלעאָן", ווי דיזעס געזעצבוך האָט גע־הייסען, איז מיט 2 יאָהר שפּעטער אָנגענומען געוואָרען אָהן אַ שום ענדערונג.

עס האָט ניט לאַנג גענומען און נאַפּאָלעאָן האָט געוואַגט אָנצוגרייפען דעם הויפּט־פּרינציפּ פון דער רעוואָלוציאָן — די גלייכהייט. דאָס, וואָס טויזענדער האָבען ערוואָרבען מיט זייער בלוט, האָט עס נאַפּאָלעאָן דער דעספּאָט פערניכטעט מיט איין מאָל. ער האָט געמאַכט דעם געזעצגעבענ־דען קאָרפּוס אַ פאָרשלאַג צו שאַפען אין לאַנד אַ נייע אַריסטאָקראַטיע און־

טער'ן נאָמען „עהרען־לעגיאָן". עס האָבען זיך אפילו געפונען אייניגע, וואָס זיינען געווען געגען דיזען פּאָרשלאַג, אָבער ער האָט זיין וואונש דורכגעפיהרט. לויט דיזען נייעם געזעץ האָט דער קאָנסול געהאַט דאָס רעכט אריינצונעהמען אין דיזען עהרען־לעגיאָן יעדען מאַן, וואָס האָט געהאַט בירגערליכע אָדער מיליטערישע פערדינסטען. אָבער דאָס איז ניט געווען בלויז א טיטעל. דער מאַן, וואָס האָט דיזען טיטעל בעקומען, האָט צוזאַמען מיט איהם אויך ערהאַלטען א היבשען געהאַלט. די 7 גרויסע אָפיצערען פון יעדער פון די 15 קאָהאָרטען האָבען בעקומען צו 5,000 פראַנק א יאָהר. די 20 קאָמאַנדירען האָבען בעקומען צו 20,000 פראַנק, די 30 אָפיצערען צו 1,000 פראַנק און די 350 לעגיאָנערען צו 250 א יאָהר. אָבער דער רעוואָלוציאָנערער גייסט איז נאָך געווען אין דער געזעלשאַפט גענוג שטאַרק, און דעריבער האָבען זיך געפונען פיעלע, וואָס האָבען פון גאַנצען עסק חוזק געמאַכט. א פראַנצויזישע געזעלשאַפט פון אָפיצערען אונטער'ן גענעראַל מאָרא האָט איינמאָל געהאַט א מאָהלצייט ביי דעם גענעראַל און די שפּייז איז געווען זעהר גוט און געשמאַק. די אָפיצערען האָבען געגעבען דעם קוכער אַן עהרע־לעפעל און האָבען איהם מיט גרויס צערעמאָניע ערנאַנט צום „ריטער פון לעפעל־לעגיאָן" אַלס „אַנערקענונג פיר זיינע בירגערליכע פערדינסטען". ווען נאַפּאָלעאָן האָט זיך דערוואוסט פון דיזען שפּאַס איז ער געוואָרען שרעקליך אויפגערעגט אויף'ן גענעראַל מאָרא, וועלכען ער האָט עס קיינמאָל ניט געקענט פערצייהען.

דער עהרגייץ פון נאַפּאָלעאָן'ען האָט אימער געשטיגען העכער און העכער. ער האָט געוואָלט אָנהאַלטען די שטאַאַטס־מאַכט פיר אימער און ניט זיין אָפּהענגיג פון דעם צופאַל פון וואהלען. ער האָט דורך זיינע אָנהענגער געמאַכט דעם סענאַט א פּאָרשלאַג, אז מען זאָל איהם ערוועהלען אַלס קאָנסול פיר זיין גאַנצעס לעבען. דער סענאַט האָט געאָרדענט פאָרצונעהמען א פאָלקס־אָפּשטימונג וועגען דעם, ווי לאַנג עס זאָל זיין דער טערמין פון א קאָנסול־שטעלע. די מאַיאָריטעט פון פאָלק האָט אין יענער צייט געוואָלט האָבען א שטאַרקע רעגירונגס־געוואַלט און האָט דעריבער געשטימט פיר א לעבענסלענגליכען טערמין פון נאַפּאָלעאָן'ס קאָנסולאַט. נאָר 11,000 שטימען זיינען געווען דאַגעגען. דעם 2טען אויגוסט 1802 איז באַנאַפּאַרטע ערקלערט געוואָרען פון סענאַט אַלס קאָנסול אויף זיין גאַנצעס לעבען.

נאַפּאָלעאָן האָט זיך באַלד בענוצט מיט דער נייער מאַכט צו אַן אַנדער'ן צוועק. צוויי טעג נאָכדעם, דעם 4טען אויגוסט, האָט ער די קאָנסטיטוציאָן אַזוי געענדערט, דאָס אַלע פּונקטען, וועלכע האָבען פריהער זיין

מאַכט בעשרענקט, זיינען אָפּגעשאַפט געוואָרען, אַזוי דאָס זיין מאַכט איז געוואָרען אַבסאָלוט. די גאַנצע מאַכט פון דער רעגירונג איז אָנפערטרויט געוואָרען דעם ערסטען קאָנסול, נאַפּאָלעאָן'ען. דער סענאַט האָט אפילו געהאַט דאָס רעכט צו ענדערן די קאָנסטיטוציאָן, ווי אויך אויפצולעזען דעם געזעצגעבענדען קאָרפּוס און די טריבונען, אָבער דער סענאַט זעלבסט איז געווען אין די הענט פון נאַפּאָלעאָן'ען, און ער האָט געמוזט טאָן, וואָס דער אונבעשרענקטער הערשער וועט איהם הייסען. דער סענאַט האָט אויך בעקומען די מאַכט צו ענדערן די אורטיילען פון געריכט און אָפּצושאַפען דאָס געריכט פון די געשוואָרענע (דזשורי). אָבער דיזע מאַכט פון סענאַט איז אין אמת'ן געווען נאַפּאָלעאָן'ס, ווייל דער סענאַט איז געווען ניט מעהר ווי זיין ווערקצייג. נאַפּאָלעאָן האָט געשאַפען אַ פאָנד, פון וואַנען ער זאָל האָבען צו געבען צו אייניגע סענאַטאָרען פיר זייערע פערדינסטען צום שטאַאַט, ד. ה. צום קאָנסול, רייכע געשענקען, און דערמיט האָט ער נאָך מעהר צוגעבונדען דעם סענאַט צו זיך, אום ער זאָל איהם נאָכגעבען און ערפילען אַלע זיינע ווינשען. מיט דיזע ענדערונגען איז צו ענדע פון יאָהר 1802 די גאַנצע רעגירונגס־מאַכט איבערגעגאַנגען אין די הענט פון דעם לעבענס־לענגליכען קאָנסול — נאַפּאָלעאָן באָנאַפּאַרטע.

עס האָבען זיך אָבער געפונען אין לאַנד דאָ און דאָרט שטימען, וואָס זיינען געווען שטאַרק געגען די מאָנאַרכישע איינפיהרונגען אין שטאַאַט. איבערהויפּט האָבען זיך געפונען אין דער אַרמעע זעהר פיעלע רעפּובליקאַנישע עלעמענטען. דער הויפּט פון דיזע רעפּובליקאַניש־געזאָנענע אָפיצערען און סאָלדאַטען איז געווען דער גענעראַל מאָראָ. ער איז געווען דער צענטער, ארום וועלכען עס האָבען זיך פערזאַמעלט אַלע די יעניגע, וואָס זיינען געווען אונצופרידען מיט דעם, וואָס נאַפּאָלעאָן האָט אָפּגעשאַפט אַלע דעמאָקראַטישע איינריכטונגען. מיט דיזען אומשטאַנד האָבען די אויסגעוואַנדערטע ראָיאַליסטען געזוכט זיך צו בענוצען. מען האָט ווידער אָנגעהויבען צו פּלאַנעווען אַן אַטענטאַט אויף נאַפּאָלעאָן'ס לעבען. אָן דער שפּיץ פון דיזער אונטערנעהמונג איז געשטאַנען פּישעגרו און קאַדודאַל, וועלכע האָבען געהאַט אַ פערשפּרעכען פון דער ענגלישער רעגירונג, דאָס זי וועט זיי שטיצען אין דיזער אונטערנעהמונג. דער פּלאַן איז געווען, אַז מען זאָל מאַכען אַ ראָיאַליסטישען אויפשטאַנד. צו דיזען צוועק האָט דער הערצאָג פון ענגהיען, דער עניקעל פון פרינץ קאָנדע, זיך בעדאַרפט בעזעצען אין עטטענהיים אין באַדען, נאָהענט פון דער פראַנצוי־

זישער גרענעץ, אום ער זאָל זיך גלייך קענען שטעלען אָן דער שפּיץ פון אויפשטאַנד.

די פערשוואָרענע זיינען באַלד געקומען צו דער פראַנצויזישער גרענעץ און האָבען געאַרבייט אין פּאַריז אַזוי קלוג און פּאָרזיכטיג, דאָס מען האָט אַ לאַנגע צייט קיין אַהנונג ניט געהאַט וועגען דעם, וואָס עס טוט זיך. זיי האָבען אויך אונטערהאַנדעלט וועגען דעם פּלאַן מיט גענעראַל מאָראָ, הגם ער האָט מיט די ראָיאַליסטען ניט געוואָלט האָבען קיין פערבינדונג. אָבער גראַדע ווען די פערשווערער האָבען געוואָלט דורכפיהרען זייער פּלאַן, צו ערמאָרדען נאַפּאָלעאָן'ען, זיינען זיי ענטדעקט געוואָרען. קאַדודאַל איז דערשאָסען געוואָרען, פּישעגרו האָט מען ערמאָרדעט אין געפענגניס און מאָראָ איז פערשיקט געוואָרען אין געפענגניס אויף 2 יאָהר, אָבער נאַפּאָלעאָן האָט דיזע שטראָף באַלד אומגעביטען אויף פערבאַנונג (ארויסשיקען פון פאָטערלאַנד).

ווען באָנאַפּאַרטע האָט זיך דערוואוסט, דאָס דער גאַנצער בונט האָט געוואַקסען פון די ראָיאַליסטען, די אָנהענגער פון די בורבאָנען, האָט ער בעשלאָסען צו נעהמען ראַכע פון דער קעניגליכער פאַמיליע פון די בורבאָנען. די ערסטע כפּרה, האָט ער בעשלאָסען, זאָל זיין דער הערצאָג פון ענגהיען. הגם דער הערצאָג האָט געוואוינט אין באַדען, וואָס האָט ניט געהערט צו פראַנקרייך, דאָך האָט נאַפּאָלעאָן געשיקט אַהין אַ טרופּע פון פראַנצויזישע סאָלדאַטען, און געגען פעלקער־רעכט און מענשען־רעכט האָט מען דעם הערצאָג געפאַנגען און געבראַכט נאָך שטראַסבורג, און פון דאָרט האָט מען איהם געשלעפּט נאָך ווינסעננעס, און דאָ האָט מען איהם לויט דעם אורטייל פון אַ קריגס־געריכט דערשאָסען (20טען מערץ 1804).

דער רעזולטאַט פון דיזער פערשווערונג איז געווען, דאָס דער סענאַט האָט מיט איינינגע טעג שפּעטער בעשלאָסען, דאָס נאַפּאָלעאָן'ס מאַכט זאָל איבערגעגעבען ווערען בירושה צו זיינע נאָכפאָלגער. „דער סענאַט גלויבט", האָבען די סענאַטאָרען געשריבען, „דאָס פיר דאָס פראַנצויזישע פאָלק איז עס פון העכסטער וויכטיגקייט אָנצוטרויען די רעגירונג פון דער רעפּובליק נאַפּאָלעאָן באָנאַפּאַרטע אַלס ערבליכען קייזער". די סענאַטאָרען האָבען געזוכט איבערצושטייגען איינער דעם אַנדערען אין שמייכלערייען צו נאַפּאָלעאָן'ען. דער גאַנצער סענאַט איז געווען איינפערשטאַנען מיט דיזען פּראָיעקט. נאָר איין איינציגע שטימע איז אַרויס געגען דעם נייעם צאָזאַריזם. דאָס איז געווען די שטימע פון דעם אונערשראָקענעם רעפּובליקאַנער קאַרנאָט, וועלכער האָט דאַמאָלס געהאַלטען אין סענאַט אַ בעריהמטע רעדע.

דיזע רעדע רעכענט זיך אַלס דער לעצטער זיפץ פון דער גרויסער רעוואָלוציאָן.

„איך בין ווייט פון דעם געדאַנק", האָט קאַרנאָט געזאָגט אין זיין בעריהמטער רעדע, „צו פערקלענערן די שבחים, וואָס מען גיט אונזער ווירדיגען ערסטען קאָנסול. אָבער עס איז דאָ אַ גרענעץ, ווי ווייט אַ נאַציאָן דאַרף געהן אין אויסדריקען עהרע און דאַנקבאַרקייט פיר די דינסטען, וואָס



זשאָזעפינע.

אַ געוויסער בירגער האָט געלייסטעט צום פאָלק. ווען אַ בירגער האָט צוריק פערשאַפט דעם פאָלק זיין פרייהייט, זאָל מען איהם דערפאַר אויפאָפּפערן די ערוואָרבענע פרייהייט אַלס בעלוינונג? וואָלט דאָס ניט הייסען פערניכטען זיין אייגענעם ווערק, ווען מען וועט מאַכען דאָס פאָטערלאַנד פיר זיין ערבליכעס אייגענטום? פון דעם אויגענבליק אָן, וואָס מען

האָט פאָרגעשלאָגען דעם פראַנצויזישען פאָלק אָפּצושטימען וועגען מאַכען דעם קאָנסולאַט לעבענסלענגליך, האָט יעדער מאַן געקענט לייכט פערשטעהן, דאָס מען מיינט דערמיט עפּעס וויכטיגעס. מען האָט באַלד אָנגעהויבען צו זעהן, ווי עס ווערען אויפגעשטעלט איינע נאָך די אַנדערע פיעלע מאָ-נאַרכיסטישע אינסטיטוציאָנען. יעצט זעהט מען שוין קלאָר, וואָס דאָס אַלעס האָט געמיינט. מיר האָבען זיך פערזאַמעלט אום צו זאָגען אונזער מיינונג און צו בעשליסען, אויב מען זאָל אין פראַנקרייך אויפשטעלען צוריק אַ מאָנאַרכיע, און אויב מען זאָל די קייזערליכע ווירדע איבערגעבען ערבליך צום ערסטען קאָנסול. האָט מען דעם מענשען בלויז געצייגט די פרייהייט, אָבער ער זאָל זי קיינמאָל ניט געניסען? ניין! איך קען עס ניט צוגעבען, דיזעם העכסטע גליק פון דער מענשהייט, די פרייהייט, צו בעטראַכטען בלויז אַלס אַ טוישונג!

מיין האַרץ זאָגט מיר, דאָס די פרייהייט איז מעגליך, דאָס איהר רעגירונג איז לייכטער און דויערהאַפטער איידער וועלכע עס איז אַנדערע הערשאַפט. איך האָב געשטימט פיר דעם לעבענסלענגליכען קאָנסולאַט, אָבער איך שטים געגען דער ווידערהערשטעלונג פון דער מאָנאַרכיע!"

די רעדע האָט אפילו געמאַכט אויף די צוהערער אַ טיפען איינדרוק, אָבער דער שטראָם פון אונטערטעניגקייט און קריכעריי האָט דורכגעבראָכען אַלע גרענצען. קאַרנאָט האָט זיך ענטזאָגט פון זיין מיניסטער־שטעלע און האָט בעשלאָסען צו לעבען בעסער אין אָרימקייט איידער צו שטעהן הויך אין פּאָליטישען לעבען און ערנידריגען זיך צו קריכען אויף אַלע פיער אום צו געפעלען אַ דעספּאָט. דעם 18טען מאַי 1804 האָט דער סענאַט בע-שלאָסען צו אָנערקענען נאַפּאָלעאָן'ען אַלס קייזער, און דעם 2טען דעצעמ-בער האָט דער פּאַפּסט פּיאוס דער 7טער זעלבסט געמאַכט די צערעמאָניע פון קרוינונג אין דער פּאַריזער נאָטר־דאַם קירכע מיט גרויס גלאַנץ, אַזוי ווי ביי די קרוינונגען פון קעניגען אין פראַנקרייך פאַר דער רעוואָלוציאָן. יעצט האָט זיך דאָס פאָלק געוואָרפען מיט ענטהוזיאַזם אין די אָרמס פון קייזערטום, ווי מיט איינינגע יאָהר צוריק אין די אָרמס פון דער רעוואָלו-ציאָן. מען האָט יעצט גאָרניט געוואָלט הערען פון פרייהייט פיר פעלקער, פון הערשאַפט פון פערשטאַנד; מען האָט נאָר גערעדט פון איין מאַן, פון נאַפּאָלעאָן באָנאַפּאַרטע.

דיזע גוואַלדיגע ענדערונג אין די גייסטער פון דעם זעלביגען דור איז אונפערשטענדליך, ווען מען זאָל זי ניט ערקלערען דורך טיפער־ליגענדע אור-זאַכען. פריהער פאַר אַלץ דאַרף מען וויסען, דאָס נאַפּאָלעאָן איז געוועזען

דער יורש פון דער רעוואלוציאן אין פולסטען זין פון ווארט. די פרוכט פון דער רעוואלוציאן זיינען פיר דעם קאנסולאט און דעם קייזעררייך געווען זעהר גוט. דער טערראר און די גיליאטינע האבען ניט געלאזען געניסען די אויסגעקעמפטע רעכטען. דער טערראר האט איבערגעוואויגען דעם פארטשריט. גאנץ אנדערס איז עס אבער געווען אונטער דעם קאנסולאט אין דעם קייזעררייך. אזוי באלד ווי דאס פראנצויזישע פאלק האט זיך ווידער בערוהיגט, האבען די גרויסע טאטען פון דער רעוואלוציאן געקראגען א ווערט. יעצט ערסט האט מען געפיהלט, פון וואס פיר א שרעקליכען בייזען חלום די גזעלשאפט איז בעפרייט געווארען דורך דעם 4טען אויגוסט, דעם 14טען יולי און די אנדערע דענקווירדיגע טעג. די נייע הערשאפט האט זיך יעצט גקענט בעשענען מיט א נייעם קראנץ פון רוהם, וועלכען זי האט ניט פערדינט. אויף איהר איז געפאלען דער זעגען, וועלכען די רעוואלוציאן האט געבראכט דעם פראנצויזישען פאלק.

אין דער טאט האט נאפאלעאן געטאן פיר פראנקרייך אזוי פיעל גוטעס, דאס ער האט פערדינט דעם דאנק פון פאלק. ווען נאפאלעאן האט גענומען די מאכט אין זיין האנט האט אין לאנד געהערשט א פאלשטענדיגע אנארכיע. דאס פאלק איז געווען מיד פון דער געגענווארט און האט מיט שרעקען געבליקט אין די צוקונפט. דאס פאלק האט געשטרעבט צו א רוהיגען רעגעלמעסיגען לעבען. א שריפטשטעלער פון יענער צייט, וועלכער איז ניט געווען קיין שמייכלער, טהיבאדא, שרייבט איבער דיזע מערקווירדיגע עפאכע: „אין איין יאהר האט נאפאלעאן דורכגעפיהרט זעהר וויכטיגע ענדערונגען. פאר דעם 18טען ברומעיר האט אלעס געטראגען אויף זיך דעם שטעמפעל פון אונטערגאנג, צופאלונג און אויפלעזונג, יעצט איז אלעס געווארען קרעפטיג, שטארק און דויערהאפט. אין אלע צווייגען פון דער רעגירונג איז בולט געווארען אן עדעלע שטרעבונג צו אלעם וואס איז גוט, שען און גרויס. מען האט איבעראל בעמערקט אן ענטהוזיאזם צו גרינדען די נייע הערשאפט, ווי מען האט פריהער, אין אנפאנג פון דער רעוואלוציאן, געזוכט אלעס, וואס האט עקסיסטירט, צו צושטערען. מען איז ניט געגאנגען צום ציל מיט טומעל און אונארדנונג. א זיכערע האנט האט געפיהרט די בעוועגונג, האט געצייכענט דעם וועג און האט אלעם געפיהרט אויף דיזען וועג צום ריכטיגען ציל”.

וואס אנבעטרעפט די פינאנצען, איז דער קרעדיט פעסטגעשטעלט געווארען, די שטייערן זיינען געווארען רעגעלמעסיג און ניט דריקענד, און דער גאנצער מעכאניזם פון פינאנץ איז געווען אין העכסטער ארדנונג. דער



די קרוינונג פון נאַפּאָלעאָן פיר א קייזער.

קאנקארדאט מיט'ן פאפסט האט בערוהיגט דעם רעליגיעזען געוויסען פון א גרויסען טייל פון פאלק. די אפשאפונג פון די געזעצען וועגען אויסגע-וואנדערטע האט אויך געטאן דעם פאלק פיעל גוטעס. דאס געזעץ, לויט וועלכען א ריכטער זאל ניט ארונטערגעזעצט ווערען, האט פערשטארקט די אויטאריטעט פון געזעץ. דער „קאדעקס נאפאלעאן" האט פעסטגע-זעצט די געזעצען פו בירגערליכען לעבען. דיזעס אלעס האט גאראנטירט די זיכערהייט פון דער מיטעלער קלאס בירגער. מען איז געווען צופרידען, דאס ביי דיזער אויפשטעלונג פון א פעסטער געוואלט האט די פאליטישע פרייהייט מעהר ניט געקענט עקסיסטירען.

דער וואונש צו פערשאפען דעם לאנד רוה האט איבערשטיגען אלע אנ-דערע ווינשען. 10 יאהר נאכאנאנד האבען געהערשט אין לאנד אונרוהען וועגען לעבענסמיטלען. דער קאנסולאט האט געפונען פיר ניצליך איינצו-פיהרען די אלטע ארדנונגען וועגען רעגולירען און קאנטראלירען דעם פער-קויף פון לעבענסמיטלען. אין אלגעמיין האט זיך דער קאנסול, נאפאלעאן, געהאלטען אן די פרינציפען פון פרייהייט און גלייכהייט, וועלכע זיינען גע-ווארען די הויפט-בעדינגונגען פון דער עקסיסטענץ אין דער נייער צייט. די פרייהייט פון ארבייט איז שוין געווארען אן ערווארבענע זאך.

די בורזשואזיע האט נאפאלעאן אין גאנצען געוואונען אויף זיין זייט מיט די געזעצען, וואס ער האט געשאפען פיר די אינדוסטריע. מיט פולען רעכט קען מען זאגען, דאס זיינע שאפונגען אויף דיזען געביט האבען בע-צייכענט א גרויסען פארטשריט אין דער געשיכטע פון אינדוסטריע. ער האט געגרינדעט אויסקונפט-קאמערן, וואו מען האט געקענט אויסגעפינען אלעס נעטיגעס וועגען קונסט און וועגען מאנופאקטורען, ער האט איינגע-פיהרט האנט-ביכער און ביוראס פון ספעציעלע פאכמענער וועגען יעדען סארט פאבריקאציאן, און האט פערפאסט א האנדעלס-געזעצבוך. דורך דיזע אלע מיטלען האט זיך די אינדוסטריע אנגעהויבען צו היילען פון די שרעקליכע וואונדען, וואס די רעוואלוציאן האט איהר אנגעמאכט. אבער אויך נאך אלע בעמיהונגען פון קאנסולאט צו בעלעבען די אינדוסטריע איז די זאך צוגעגאנגען זעהר לאנגזאם. אזוי, צום ביישפיל, די טוך-פאבריקען אין אנדעליז האבען אין דער צייט פון קאנסולאט ארויסגעגעבען א יאהר נאר 700 שטיקער, אנשטאט וואס פאר דער רעוואלוציאן, אין דער צייט פון לודוויג דעם 16טען, האבען זיי ארויסגעגעבען 1,766 שטיקער; אין בערנעי האבען די פאבריקאנטען אויסגעארבייט פאר דער רעוואלוציאן

12,000 שטיקער אַ יאָהר, און אין דער צייט פון קאָנסולאַט נאָר 3,600 שטיקער.

אָבער ביסלאַכווייז האָט זיך די אינדוסטריע פערבעסערט. ליאָן, וועלכע האָט אין יאָהר 1800 בעשעפטיגט נאָר 5,800 וועבער, האָט אין יאָהר 1812 בעשעפטיגט 12,700 וועבער. אין דער זעלבער צייט האָבען געאַרבייט אין די פאַבריקען פון טורס, נימעס, אַוויניאָן 20,000 זיידען־וועבער. רעימס האָט אין יאָהר 1810 אויסגעאַרבייט אַזוי פיעל ווי אין יאָהר 1789, און אויסער דעם האָט זי נאָך אַרויסגעגעבען 400,000 איילען פאַנטאַזיע־שטאָפען און 32,800 שאַלען אין ווערט פון 3½ מיליאָנען. די שטעדט על־באָף און רעימס האָבען בעשעפטיגט 2 מאָל אַזוי פיעל אַרבייטער ווי פאַר דער רעוואָלוציאָן. דאַרנעטאַל, וואָס האָט אין יאָהר 1789 אַרויסגעגעבען נאָר איין סאָרט שטאָף, האָט אין יאָהר 1810 אַרויסגעגעבען 20 אַרטען. מיר האָבען געקענט בריינגען נאָך פיעלע ביישפילען. קורץ, אונטער נאַפּאָלעאָן האָט זיך די פראַנצויזישע אינדוסטריע אימער מעהר געהויבען און זי איז געשטאַנען זעהר הויך און גלענצענד די גאַנצע צייט, וואָס דער שטערן פון דיזען מערקווירדיגען מאַן האָט געלויכטען.

איבערהויפּט אָבער האָט נאַפּאָלעאָן פערשאַפט גאָלדענע צייטען פיר די בויערן. צוליב דעם קאָנקאָרדאַט, וואָס נאַפּאָלעאָן האָט געשלאָסען מיט'ן פּאַפּסט, האָבען די בויערן אָנגעהויבען רוהיג צו געניסען די פרוכט פון דער רעוואָלוציאָן, לויט וועלכער די קירכען־גיטער האָבען בעדאַרפט איבערגעהן צום פאָלק. די צאָהל פון גרונד־אייגענטימער צווישען די בויערן האָט זיך פערמעהרט. די קליינע גיטער זיינען בעאַרבייט געוואָרען פיעל בעסער אַלס אין דער פעאָדאַל־צייט. אויך דער אַקערבוי איז אין פיעלע ערטער פערבעסערט געוואָרען און האָט אָנגענומען די מעטאָדען פון בעאַרבייטען די ערד, וועלכע זיינען דאַמאָלס געברויכט געוואָרען אין פלאַנדערן און אין ענגלאַנד. עס האָט זיך אויך ענטוויקעלט אַ גאַנצע רייהע פון נייע אַגריקולטור־צווייגען. גאַנצע פעלדער זיינען בעפלאַנצט געוואָרען מיט ווייכשטאָקען. קאַרטאָפעל האָט מען דאַמאָלס פערזעעט אויף 500,000 העקטאַר לאַנד. „ווען מען זאָל פערגלייכען דעם אַקערבוי אין דער צייט פון קאָנסולאַט מיט דעם זעלבען אין 1789", זאָגט שאַפּטאַל, „מוז מען זיך פערוואונדערן איבער די פיעלע פערבעסערונגען, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרען אויף דיזען געביט. אַלערליי פרוכטען און געטריידע האָבען בעדעקט דאָס לאַנד. זעהר פיעלע שטאַרקע טיערען (אָקסען און פערד) האָבען בעאַרבייט דעם באָדען און האָבען איהם געמיסטיגט. די לאַנד־בע-

וואוינער האָבען זיך בענוצט מיט געזונדער, געשמאַקער און רייכליכער נאַה־רונג, האָבען געוואוינט אין ריינע, בעקוועמע הייזער און זיינען געווען גע־קליידט איינפאַך אָבער ריין און ציכטיג. דער עלענד פון די דערפער איז אין גאַנצען פערשוואונדען".

די בויערן זיינען געוואָרען די הויפּט־שטיצע פון באָנאַפּאַרטע'ס רעגי־רונג. זייער הייסעסטער וואונש איז געווען, דאָס די נאַציאָנאַל־גיטער, וואָס מען האָט אָפּגענומען פון די קירכען און מען האָט זיי פערקויפט, זאָלען בליי־בען זייער אייגענטום אויף אימער. די צייט פון טעררער, ווען עס האָבען בעהערשט פראַנקרייך די בעזיצלאָזע פּראָלעטאַריער, האָט ניט געגעבען די בויערן קיין רוה. זיי האָבען מורא געהאַט, דאָס מען וועט זייערע ניי־ער־וואָרבענע גיטער פון זיי צונעהמען. זיי האָבען געהאַסט דאָס פּאַפּיר־געלט, און דעריבער פלעגען זיי ניט וועלען פיהרען זייערע פּראָדוקטען צו פערקוי־פען אין שטאָדט, וואו זיי זיינען געווען געצוואונגען צו נעהמען פיר זיי אסיגנאַציעס. זיי זיינען דעריבער געווען אונצופרידען מיט דעם דירעק־טאָריום, וועלכעס האָט געשאַפען פיעל פּאַפּיר־געלט, אָבער זיי האָבען אויך געהאַסט די ראָיאַליסטען, ווייל זיי האָבען מורא געהאַט, דאָס דיזע וועלען פון זיי צוריק אָפּנעהמען די קאָנפיסקירטע גיטער, וועלכע זיינען פערקויפט געוואָרען צו די בויערן, און אָפּגעבען זיי צוריק צו די אַלטע אייגענטימער.

נאַפּאָלעאָן'ס הערשאַפט האָט זיי פון דיזער מורא בעפרייט. דורך די נייע רעגירונג האָבען זיי ענדליך דערגרייכט וואָס זיי האָבען היים גע־וואונשען: א רעגירונג, וועלכע איז געווען אין שטאַנד פעסטצוהאַלטען מיט אַן אייזערנער האַנט דעם עקסיסטירענדען צושטאַנד. דער מיליטערישער זשעניע פון נאַפּאָלעאָן האָט זיי געזיכערט, דאָס קיין אויסלענדישע מאַכט וועט ניט זיין אין שטאַנד צו צושטערען וואָס ער האָט אויפגעבויט, און דאָס זיין דעספּאָטישע מאַכט וועט דערשטיקען אַלע אינערע אונרוהען. די בויערן האָבען זיך גאָרניט אינטערעסירט מיט פּאָליטישע רעכטען. זיי זיינען גע־ווען צוגעקלעפּט צו זייער גרונד, מעהר האָבען זיי ניט געוואָלט, מעהר האָבען זיי ניט בעדאַרפט. זיי זיינען געווען צופרידען, ווען זייער באָדען, וואָס זיי האָבען ניט לאַנג ערוואָרבען, איז געווען פיר זיי פערזיכערט; און דעריבער האָבען זיי מיט גרויס פערגניגען געשיקט הונדערטער טויזענדער פון זייערע זיהן אין נאַפּאָלעאָן'ס אַרמעע. יעדער פעלדצוג, יעדע שלאַכט, האָבען זיי געטראַכט, איז דאָך געווען אין זייער אינטערעסע.

אויך דורך די פיעלע עפענטליכע אַרבייטען, וואָס ער האָט אונטערגע־נומען, האָט ער צוגעצויגען די בעזיצענדע קלאַס אויף זיין זייט. איבער

13,400 מיילען פון פערשיידענע שאָסעען זיינען געמאַכט און אויסגעבעסערט געוואָרען. 18 טייכען זיינען געמאַכט געוואָרען שיפבאַר, ניט אויף ווייניגער ווי 13,000 מיילען זיינען געוואָרען געבויט און אויסגעבעסערט וועגען, אויף דורך בערג האָט מען דורכגעפיהרט וועגען; ער האָט געבויט בריקען, אויסגעגראָבען קאַנאַלען און פערשענערט פּאַריז. און דאָס אַלעס איז נאָר געווען אַ פאָרשפּיל צו דעם, וואָס ער האָט געפּלאַנט: צו פערשאַפען זיין רעגירונג אונגעוועהנליכען רוהם. ער האָט אַמאָל געשריבען צום מיניסטער פון אינערן פאָלגענדעס: „דער רוהם פון מיין הערשאַפט בעשטעהט דערין, דאָס איך זאָל דאָס אויסזעהן פון מיין רייך אַזוי פערפיינערן, דאָס עס זאָל זיין דאָס שענסטע אין דער וועלט. די אויספיהרונג פון דיזע אַלע געביידעס איז נויטווענדיג און וויכטיג פיר די אינטערעסען פון מיין פאָלק, ווי אויף פיר מיך זעלבסט". יעדע שטערונג דורכצופיהרען זיינע אונטערנעהמונגען האָט איהם שטאַרק געערגערט. זיין טעטיגקייט איז געווען וואונדערבאַר, זיין איבערבליק איבער אַ זאַך איז אימער געווען ריכטיג. בלויז אין זיינע פאָרבערייטונגען צום שטרייט מיט ענגלאַנד פלעגט ער זיך אַמאָל פערדעכנען, און דאָס פלעגט איהם מאַכען זעהר בעטריבט און אונמוטיג.

צוזאַמען מיט נאַפּאָלעאָן'ען איז אויף אַריינגעטרעטען אין הערשאַפט די פראַנצויזישע בורזשואַזיע. דורך דעם, וואָס ער האָט בעגרינדעט זיין שווערד־הערשאַפט, וועלכע איז געווען שטאַרק געגען אויסלענדישע שונאים ווי אויך געגען אינוועניגסטע פיינד, האָבען די בירגער און די בויערן גע־האַט די מעגליכקייט אויסצונוצען דאָס, וואָס זיי האָבען געוואונען דורך די רעוואָלוציאָן, און בעפרייען זיך פון אַלע קייטען, אין וועלכע זיי זיינען געווען געשמידט פון דעם פעאָדאַל־סיסטעם. ערסט יעצט האָט זיך אַרויס־געצייגט, ווי גרויס עס איז געווען דער צוואַנג, אין וועלכען דער אַלטער שטאַאַטס־מעכאַניזם האָט געהאַלטען די פראַנצויזישע פּראָדוקציאָן, און האָט ניט דערלאָזען, אַז זי זאָל זיך פריי ענטוויקלען. יעצט, ווען מען האָט דעם צוואַנג פון זיך אַראָפּגעוואָרפען און מען האָט איינגעאָרדענט אַ צוועקמעסיגע אַדמיניסטראַציאָן, האָבען זיך מיט איין מאָל ענטוויקעלט אַלע גייסטיגע און מאַטעריעלע קרעפטען, און די פּראָדוקציאָן פון דער אינ־דוסטריע האָט געמאַכט אַזאַ אונגעהייערען פאָרטשריט, וועלכען עס גיט זעלטען צו בעגעגנען אין דער געשיכטע. דאָס איז געווען דער הויפּט־גרונד, וואָרום די בורזשואַזיע האָט זיך ניט געיאָגט נאָך פּאָליטישע רעכטען. די בורזשואַזיע האָט געהאַלטען אין איין שמייכלען נאַפּאָלעאָן'ען. עס איז פיר זיי געווען ווייניג צו רופען נאַפּאָלעאָן'ען „דער גרויסער", מען

האָט איהם אָנגעהויבען בעטיטלען מיט דעם נאָמען „דער הייליגער", ווייל ער האָט צוריק אויפגעשטעלט די רעליגיאָן. זיין הויף איז געוואָרען דער גלענצענדסטער אין גאַנץ אייראָפּאַ.

## ג. דאָס קייזעררייך.

ווען נאַפּאָלעאָן האָט בעשטיגען דעם קייזער־טראָן איז שוין דער קריג מיט ענגלאַנד פון דאָס ניי געווען אויסגעבראָכען, און עס האָט זיך אָנגעהויבען צו בילדען אַ דריטע קאָאַליציאָן (פערבאַנד פון מעכטען). ביידע לענדער האָבען געהאַט גענוג אורזאַכען צו ערקלערען קריג איינס דעם אַנדערען, ווייל די פרידענס־פּונקטען פון לונעווילע און אַמיענס זיינען פון ביידע זייטען געבראָכען געוואָרען. איבערהויפּט האָט פראַנקרייך געטאָן אין דער גאַנצער צייט פיעלע זאַכען, וואָס האָבען איבערגעטרעטען די רעכטען פון אַנדערע מעכטען. אָבער דער הויפּט־גרונד צו קריג איז געווען וואָס דער פראַנצויזישער האַנדעל האָט זיך שטאַרק פערברייטערט און האָט אָנגעהויבען צו ווערען אַ געפעהרליכער קאָנקורענט פיר ענגלאַנד. אין יאָהר 1800 זיינען די ענגלענדער געווען די אונבעשרענקטע זעע־מאַכט אין דער וועלט און האָבען געטאָן אַלעס אום אַרויסצוטרייבען די פראַנצויזען פון דעם האַנדעל מיט די אַמעריקאַנישע קאָלאָניעס און מיט קליין־אַזיען. אָבער מיט דער פערגרעסערונג פון דער פראַנצויזישער אינדוסטריע האָבען די פראַנצויזען געמוזט זוכען צו פערברייטערן דעם האַנדעל, אום זיי זאָלען האָבען פּלאַץ, וואו אָפּצוזעצען זייערע פּראָדוקטען, און זיי זיינען געקומען אין אָפּטע קאָנקורענץ מיט די ענגלענדער.

באַלד נאָך דעם, ווי דער פרידען פון אַמיענס איז געשלאָסען געוואָרען, האָט נאַפּאָלעאָן דערזעהען, דאָס זיין ערסטע אויפגאַבע מוז יעצט זיין צוזאַמענצוקניפּען ווידער די צוריסענע האַנדעלס־בעציהונגען. אָבער ווי זאָל ער עס טאָן? די ענגלענדער האָבען אויף'ן צווייטען טאָג נאָך דעם, ווי דער פרידען אין אַמיענס איז געשלאָסען געוואָרען, געשיקט שיפען מיט סחורות צו די פראַנצויזישע ברעגען צו מאַכען דאָרט געשעפט. די פראַנצויזישע צאָל־בעאַמטע האָבען זיי אָבער ניט צוגעלאָזען. די ענגלישע קויפלייט האָבען זיך בעקלאָגט, דאָס זייערע האָפנונגען זיינען געוואָרען צו גאָרנישט. די פראַנצויזישע גרויסע פאַבריקאַנטען האָבען פערלאַנגט פון נאַפּאָלעאָן'ען געוויסע מאַסרעגלען, וואָס זאָלען זיי זיכערן געגען פרעמדע קאָנקורענץ. נאַפּאָלעאָן האָט באַלד געאָרדענט אויסצואַרבייטען אַ נייעם צאָל־

טאריף, וועלכער זאל זיין געגרינדעט אויף דעם פרינציפ פון פראטעקציאן (שוץ).

דער אלגעמיינער ראט פון אקערבוי, קונסט און האנדעל האט ערקלערט, דאס עס איז אונמעגליך אנצוהאלטען דעם פרידען צווישען פראנקרייך און ענגלאנד, ווען זייערע אינדוסטריען וועלען זיך געפינען אין א צושטאנד פון קריג. נאפאלעאן האט גלייך געשיקט נאך ענגלאנד א מאן, וועלכער זאל אונטערהאנדלען וועגען דיזען געגענשטאנד. די פערהאנדלונגען האבען זיך לאנג פערצויגען און האבען ניט געבראכט צו קיין רעזולטאט. דערווייל זיינען די פאליטישע אומשטענדען צווישען פראנקרייך און ענגלאנד געווארען מעהר געשפאנט. פראנקרייך האט פערגרעסערט איהר רייך און איז ארויס פון די גרענצען, וואס דער פרידען האט איהר בעשטימט. און דאס האט בעאונרוהיגט ענגלאנד. איבערהויפט האט ענגלאנד פראטעסטירט געגען דעם, וואס די פראנצויזען האבען זיך בעפעסטיגט אויף דער אינזעל מאלטא. דאס האט נאפאלעאן'ען זעהר אויפגערעגט און ער האט בעשלאסען בעסער צו פיהרען ווייטער קריג, איידער צו פערלאזען דעם וויכטיגען מיליטערישען פונקט, וועלכען די פראנצויזען האבען געגרינדעט אין מיטלענדישען מעער אויף דער אינזעל מאלטא. קריג האט ווידער אויסגעבראכען, און דאס האט ווידער געשטערט דעם האנדעל און האט פערניכטעט די האפנונגען, וועלכע דער פרידען פון אמיענס האט געגעבען.

דעם 18טען מאי 1803 האט ענגלאנד ערקלערט קריג געגען פראנקרייך. געגען אלע פעלקער־רעכטען האט נאפאלעאן נאך פריהער געהייסען ארעסטירען אלע ענגלענדער, וואס געפינען זיך אין פראנקרייך. אויך זיין ערסטע קריגס־טאט איז געווען געגען די אינטערנאציאנאלע געזעצען. הגם האנאווער איז געווען נייטראל, האט נאפאלעאן דאך בעזעצט די טעריטאריע פון האננאווער מיט זיין מיליטער און האט בעלעסטיגט די איינוואוינער מיט קאנטריבוציאן און איינקווארטירונג פון סאלדאטען. 26 מאנאטען איז זיין ארמעע געשטאנען אין האננאווער, און דאס האט געקאסט די איינוואוינער אדער דער רעגירונג צום וועניגסטען 26 מיליאנען טהאלער, וועהרענד די איינקונפטען פון דער האננאווערישער רעגירונג האבען בעטראפען קוים 3 מיליאנען א יאהר.

פון האננאווער האט נאפאלעאן מיט זיין דעספאטישער האלטונג פערברייטעט שרעק איבער'ן גאנצען נארד. אויך אין איטאליען האט ער בעוויזען זיין דעספאטיזם. ער האט געצוואונגען דאס פאלק אין מאילאנד צו אנערקענען איהם אלס קעניג פון איטאליען און האט זיך געלאזט קרוינען

מיט דער לאָמבאַרדישער אייזערנער קרוין. דיזע האַנדלונגען זיינע האָבען פעראורזאַכט, דאָס ענגלאַנד האָט לייכט בעקומען פון די אייראָפּעאישע מעכטען פערבינדעטע, וועלכע האָבען געבילדעט אַ נייע קאָאַליציאָן. פרי-הער איז רוסלאַנד אונטער אַלכסנדר דעם 1טען צוגעשטאַנען צו ענגלאַנד צו צווינגען פראַנקרייך צו בעגניגען זיך מיט איהרע פריהערדיגע גרענצען, און זי זאָל צוריק אָפּגעבען וואָס זי האָט ערוואָרבען אונגעזעצליך נאָך דעם פרידען פון אַמיענס. אין אַפּריל 1805 זיינען אויך עסטרייך, שוועדען און נעאַפּעל צוגעשטאַנען צום בונד. נאָר פּרייסען איז געבליבען נייטראַל, הגם די מעכטען פון בונד האָבען שטאַרק געבעטען פּרייסען, אַז זי זאָל זיך פּער-בינדען מיט זיי, ווייל דורך דיזע פּאָליטיק קען עסטרייך און די גאַנצע קאָאַליציאָן פערדאָרבען ווערען.

נאַפּאָלעאָן האָט זיך מיט גרויס פּאָרזיכטיגקייט און אייפער פּאָרבעריי-טעט צום נייעם קריג. אין אָנפאַנג פון יאָהר 1805 האָט ער ארויסגעשיקט אַ פלאָטע פון 2,000 קליינע שיפען, מיט 16,000 מאַטראָסען, מיט אַן אַר-מעע פון 160,000 מאַן פוס־פּאָלק, 9,000 רייטער און זעהר פיעל אַרטי-לעריע. אָבער ווי באַלד ער האָט דערהערט, דאָס עסטרייך איז צוגעשטאַנען צום בונד געגען איהם, האָט ער אין אַ קורצער צייט געשאַפען אַ פרישע אַרמעע פון 80,000 מאַן, און איז דעם 1טען אָקטאָבער מיט איהר אַריבער דעם רהיין. דעם 6טען אָקטאָבער איז ער שוין געווען אין באַיערן מיט אַן אַרמעע פון 160,000 מאַן. דאָרט זיינען געשטאַנען די עסטרייכער מיט אַן אַרמעע פון 90,000 מאַן אונטער דעם גענעראַל מאַק מינכען. דיזע עסט-רייכישע אַרמעע האָט אַרויסגעטריבען פון דאָרט דעם קורפירסט, וועלכער איז געווען אַ פערבינדעטער פון פראַנקרייך; אויסער דעם זיינען געשטאַנען אין טיראָל 30,000 מאַן אונטער דעם ערץ־הערצאָג יאָהאַן, און דער ערץ־הערצאָג קאַרל איז געגאַנגען מיט אַן אַרמעע פון 100,000 מאַן אין דער ריכ-טונג צום טייך עטש. ערסט יעצט, ווען אַ פראַנצויזישע אַרמעע האָט ניט אַכטענדיג אויף די נייטראַליטעט פון פּרייסען געמאַרשירט דורך די בראַנ-דענבורגישע מאַרק־גראַפשאַפט אַנספּאַך צום דונאַי, האָט פּרייסען בעשלאָ-סען צוצושטעהן צום בונד פון די מעכטען, אָבער דיזער בעשלוס איז שוין געקומען צו שפּעט.

דיזער פעלדצוג איז געווען פיר נאַפּאָלעאָן'ען אונגעוועהנליך גלענ-צענד. זיין מיליטערישער זשעניע האָט נאָך קיינמאָל ניט אַזוי געגלענצט ווי אין דיזען קריג. ער האָט שנעל איינגענומען אוגסבורג און מינכען און האָט געצוואונגען דעם גענעראַל מאַק, וועלכער איז געווען איינגעשלאָסען

אין אולם, צו אַ שענדליכער קאַפּיטולאַציאָן (20טען אָקטאָבער). דערמיט האָט ער געבראַכט די עסטרייכישע אַרמעע אין גאַנצען אויסער אָרדנונג. זאָגאַר ווען די רוסען זיינען געקומען צו הילף, האָבען זיי די עסטרייכער ניט געקענט רעטען. זייער זאַך איז שוין געווען פערלאָרען. דעם 13טען נאָוועמבער זיינען די פראַנצויזען אריין אין וויען. נאַפּאָלעאָן האָט ניט אויפגעהערט צו פערפאָלגען די רוסען און די עסטרייכער ווייטער און ווייטער, ביז ער האָט זיי פערטריבען אין מעהרען. דעם 2טען דעצעמבער 1805 איז פאָרגעקומען ביי אויסטערליטץ די בעריהמטע שלאַכט פון די דריי קייזאָרים, גראדע אין דעם טאָג פון דעם יאָהרצייט פון דער קייזער־קרוינונג.

די קראַפט פון ביידע זייטען איז געווען כמעט גלייך. די פערבינדעטע מעכטען האָבען געהאט 95,000 מאַן און די פראַנצויזען — 80,000 מאַן. די אַרטילעריע איז אין ביידע זייטען געווען פורכטבאַר. אום 1 אוהר מיטטאָג זיינען שוין די פראַנצויזען געווען זיכער מיט זייער זיג. די רוסען האָבען פערלאָרען דעם גרעסטען טייל פון זייער אַרטילעריע און זייער אַרמעע, אונגעפעהר 30,000 מאַן, און האָבען געוואָלט צוריקטרעטען אונטער זייער קייזער אַלכסנדר. דער רוהם פון יענעם טאָג איז געווען אַן אויסער־געוועהנליכער. „סאָלדאַטען", האָט נאַפּאָלעאָן געזאָגט אין זיין פּראָקלאַמאַציאָן, „איך בין מיט אייך העכסט צופרידען. איהר האָט אייך בעקרענצט מיט אונשטערבליכען רוהם. אַן אַרמעע פון 100,000 מאַן אונטער דער קאָמאַנדע פון די קייזאָרים פון עסטרייך און רוסלאַנד האָט איהר בעזיגט און צוטריבען אין וועניגער ווי אין 4 טעג! די, וואָס זיינען ענטלאָפען פון אייער שווערד, זיינען דערטרונקען געוואָרען אין ים. 40 פלאַגען פון דער רוסישער גוואַרדיע, 120 קאַנאָנען, 20 גענעראַלען, מעהר פון 30,000 געפאַנגענע — דאָס איז דער רעזולטאַט פון דיזען מערקווירדיגען טאָג. די בעריהמטע אינפאַנטעריע האָט ניט געקענט ביישטעהן אייער אָנגריף. איהר האָט יעצט פאַר קיין קאָנקורענט אין קריגס־קונסט ניט מורא צו האָבען. איהר האָט אין 2 מאָנאַטען בעזיגט און פערניכטעט די דריטע קאָאַליציאָן!"

עסטרייך האָט מיט גרויס אונטערטעניגקייט געבעטען אַ וואַפען־שטילשטאַנד, נאָך וועלכען עס איז געשלאָסען געוואָרען דער פּרעסבורגער פרידען (26טען דעצעמבער 1805). דיזער פרידען האָט גערעטעט די רוסען פון אַ פאָלשטענדיגער פערניכטונג. די פאָלגען פון פּרעסבורגער פרידען זיינען געווען זעהר ערנידריגענד פיר עסטרייך, וועלכע האָט געמוזט איבערגעבען צו פראַנקרייך פאָרדער־עסטרייך, טיראָל און דאָס

גאַנצע וועגעציאַנישע געביט, די קרוינען פון נעאַפּעל און האָללאַנד זיינען איבערגעגאַנגען צו מיטגלידער פון דער פאַמיליע באָנאַפּאַרטע, און דאָס דייטשע רייך איז געקומען נאָהענט צום אונטערגאַנג. איבערהויפּט איז געווען שטאַרק דער איינפלוס פון נאַפּאָלעאָן'ען אין זיד־דייטשלאַנד, וואו די הויפען פון באַדען, ווירטעמבערג און באַיערן זיינען געווען פערבונדען מיט באָנאַפּאַרטע'ן דורך פערוואַנדטשאַפט.

נאָך דיזען זיג, וועלכער האָט פערשאַפט נאַפּאָלעאָן'ען אונגעוועהנליכען רוהם, איז ער געקומען צוריק אין פּאַריז, וואו ער איז אויפגענומען געוואָרען מיט גרויס יובעל און טריאומף. די אַלגעמיינע בעוואונדערונג איז ניט גע־ווען צו בעשרייבען. דער סענאַט האָט איהם געשטעלט אַ זיג־מאָנומענט. דאָס האָט איהם געגעבען מוט אָפּצושאַפען די לעצטע רעסטען פון דער רע־וואָלוציאָן. ער האָט אָפּגעשאַפט דעם קאַלענדער פון דער רעוואָלוציאָן און צוריק איינגעפיהרט דעם גרעגאָריאַנישען קאַלענדער. פון דעם 1טען יאַ־נואַר 1806 האָט פראַנקרייך ווידער אָנגעהויבען דאַטירען אַלעס פון דער געבורט פון קריסטוס; דער פּאַנטהעאָן איז ווידער פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ קאַטאָלישע קירכע, און באַלד איז אויך דער טריבונאַל בעגראָבען גע־וואָרען. די שטאַאַטען, וואָס האָבען געהערט צו פראַנקרייך, האָט ער פער־וואַנדעלט אין קעניגרייכען. דאָס איז געטאָן געוואָרען מיט'ן צוועק צו פערשטאַרקען זיין הערשאַפט, ווי פריהער האָט די רעפּובליק געשטרעבט צו זיין אַרומגערינגעלט מיט פריי־שטאַאַטען, מיט רעפּובליקען. די שטאַאַטען פון קעניג פון נעאַפּעל זיינען בעזעצט געוואָרען מיט מיליטער, און דעם 30טען מערץ 1806 איז יאָזעף באָנאַפּאַרטע ערנאַנט געוואָרען אַלס קעניג פון ביידע סיציליען. נאָכדעם האָט ער אויך האָללאַנד פער־וואַנדעלט אין אַ קעניגרייך, פון וועלכען לודוויג באָנאַפּאַרטע איז געוואָר דער מאָנאַרך. אַזוי האָט ער די גאַנצע פאַמיליע באָנאַפּאַרטע געמאַכט פיר געקרוינטע הערשער. אויך די מאַרשאַלען און גענעראַלען האָבען בעקומען פירסטענטימער און הערצאָגטימער. פיעלע פון זיי האָבען אפילו ניט בע־קומען קיין לאַנד, וואו זיי האָבען געקענט הערשען אַלס פירסטען אָדער הער־צאָגען, אָבער דיזע שטעלעס זיינען געווען אַ מיטעל צו נעהמען פון דער פראַנצויזישער קאַסע אונגעהייערע גרויסע געהאַלטען.

נאָך מעהר איז פערשטאַרקט געוואָרען נאַפּאָלעאָן'ס מיליטער־שטאַאַט נאָך דעם, ווי פיעלע פון די זיד־דייטשע פירסטען האָבען זיך ענטזאַגט פון דייטשען בונד און האָבען אָנערקענט נאַפּאָלעאָן'ען אַלס זייער פּראָטעקטאָר. 14 פירסטען פון זיד־דייטשלאַנד האָבען זיך צוגעשריבען צום רהיין־בונד

מיט נאפּאָלעאָן'ען אָן דער שפּיץ. דערפאַר האָבען דיזע פירסטען בעקומען גרעסערע טיטלען און זייערע געביטען און לענדער זיינען פערגרעסערט גע- וואָרען. דאָס דייטשע רייך אָדער דער דייטשער בונד איז דורך דעם אויפ- געלעזט געוואָרען. דעם 1טען אויגוסט האָט פראַנקרייך ערקלערט, דאָס זי אָנערקענט ניט מעהר דאָס דייטשע רייך, ווייל אַזעלכעס עקסיסטירט ניט מעהר אין דער ווירקליכקייט. מיט 5 טעג שפּעטער האָט דער קייזער פראַנץ געמוזט אַרונטערלעגען זיין קייזער־קרוין. דאָס טויזענד־יעהריגע קייזערטום פון קאַרל דעם גרויסען איז ענדליך דורך נאפּאָלעאָן'ען פערלאָשען געוואָרען.

דער זעע־קריג אָבער איז געווען פיר פראַנקרייך זעהר אונגליקליך. דעם 21טען אָקטאָבער 1805 האָט דער ענגלישער אַדמיראַל נעלסאָן געהאַט אַ גלענצענדען זיג איבער די פראַנצויזען ביי טראַפאַלגאַר. די פראַנצויזישע פלאָטע, וועלכע האָט געקאָסט אונגעהייער פיעל, איז דא- מאָלס אין גאַנצען פערניכטעט געוואָרען. דער גרויסער ענגלישער זעע- העלד, אַדמיראַל נעלסאָן, איז געפאַלען אין יענער שלאַכט. זיין פאַל איז געווען פיר ענגלאַנד אַ גרויסער פערלוסט. די פראַנצויזישע זעע־מאַכט האָט פון דאַמאָלס אָן מעהר ניט עקסיסטירט פיר אַ גאַנצען דור, און די ענגלישע הערשאַפט אויף'ן ים האָט ניט געהאַט די גאַנצע צייט קיין קאָנקורענט. נא- פּאָלעאָן האָט אָנגעהויבען מאַכען פּלענער צו שליסען פרידען מיט ענגלאַנד, און האָט פּאָרגעשלאָגען איהר איבערצוגעבען האַננאָווער, ניט פרעגענ- דיג ביי האַננאָווער, אויב זי איז איינשטימיג צו זיין אונטער ענגלאַנד. אָבער די קריגס־פּאַרטיי אין ענגלאַנד האָט ניט געוואָלט הערען פון קיין פרי- דען און האָט געפאָדערט פּאָרטצוזעצען דעם קריג מיט פראַנקרייך. באָנא- פּאַרטע'ס פּלאַן איבערצוגעבען האַננאָווער צו ענגלאַנד, ניט פרעגענדיג וועגען דעם ביי פּרייסען, האָט דיזע לעצטע איבערצייגט, דאָס זי קען ניט גע- ווינען פון נאפּאָלעאָן'ען קיין פריינדשאַפט, אין געגענטייל, זי קען פון איהם ערוואַרטען דאָס ערגסטע; דעריבער האָט זיך פּרייסען פערבונדען מיט רוסלאַנד אַרויסצוטרייבען די פראַנצויזען פון דייטשלאַנד. ווען נאַפּאָלעאָן האָט זיך דערפון דערוואוסט, איז ער באַלד אַרויס אין קריג געגען פּרייסען.

די פּרייסען, וואָס זיינען אימער געוועהנט צו זיגען, האָבען זיך דיזען מאָל פעררעכענט. מיט נאפּאָלעאָן'ען איז עס געגאַנגען אַנדערש. אין אָק- טאָבער 1806 האָט ער אָנגעפאַנגען זיין קריגס־צוג, וועלכער האָט ווי אימער זיך אויסגעצייכענט מיט דער שנעלקייט פון זיין מאַרשירען און מיט די שטאַרקע קלעפּ, וואָס ער איז געווען געוועהנט צו געבען, און ער האָט אין אַ קורצער צייט נידערגעשלאָגען די אַרמעען פון די פערבינדעטע רוסען און

פּרייסען. דען 14טען אָקטאָבער איז פאָרגעקומען די שרעקליכע דאָפּעל-שלאַכט פון יענאַ און אַוערשטעדט, אין וועלכע די פּרייסען האָבען געהאַט אַ שרעקליכע נידערלאַגע, וואָס האָט ניט געהאַט כמעט קיין גלייכען אי דער נייער געשיכטע פון קריג-שלאַכטען. דער פּרייסישער קעניג האָט פערלאָרען 50,000 מאַן. די פאָלגען זיינען געווען שרעקליך. אַן אימה האָט זיך פערשפּרייט אין גאַנץ פּרייסען; דאָס פאָלק איז געווען האָפנונגסלאָז. איבעראַל האָבען זיך די פעסטונגען מיט די מיליטער אונטערגעגעבען אונטער דעם זיגער. אין צייט פון 6 וואָכען האָט זיך דאָס לאַנד פון רהיין ביז אויף יענער זייט פון דעם טייך אָדער מיט דער בעפעלקערונג פון 9 מיליאָנען מענשען געפונען אין דער מאַכט פון דעם זיגער, נאַפּאָלעאָן באָנאַפּאַרטע.

אויך אין פּוילען האָט נאַפּאָלעאָן געפיהרט דעם קריג זעהר גלענצענד. די פּרייסען האָבען דאָ געפונען נייע שונאים אָנשטאָט וואָס זיי האָבען דאָ גערעכענט אויף הילף. די פּאָליאַקען האָבען יעצט געפונען אַ געלעגענהייט אָפּצורעכנען זיך מיט פּרייסען פיר די צוטיילונג פון פּוילען. נאַפּאָלעאָן האָט זיי פערשפּראָכען צוריק אויפשטעלען זייער פריהערדיגע מלוכה מיט די אַלטע גרענצען, און די פּאָליאַקען זיינען מיט גרויס חשק צוגעשטאַנען צו די פראַנצויזען. עס האָבען אָנגעהויבען אַריינקומען אין פּוילען גרויסע רוסישע אַרמעען, אָבער אויך נאַפּאָלעאָן האָט פערשאַפט נייע פרישע מיליטערישע קרעפטען פון דער היים און פון די לענדער, וואָס ער האָט נאָר-וואָס בעזיגט. עס האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ גאַנצע רייהע פון מערדערישע שלאַכטען, וועלכע האָבען געגעבע נאַפּאָלעאָן'ען שטאַרק צו פיהלען, מיט וועלכע ריזיגע קרעפטען ער האָט זיך צו מעסטען. די הויפּט-שלאַכט איז פאָרגעקומען דעם 7טען און 8טען פעברואַר ביי פּריישיש-עילאו. 80,000 מאַן זיינען געפאַלען טויט פוןביידע זייטען און 50,000 זיינען פערוואונדעט געוואָרען. ביידע אַרמעען האָבען זיך בעריהמט, דאָס זיי האָבען געזיגט, און ביידע האָבען זיך צוריקגעצויגען. 4 מאָנאַטען האָבען די אַרמעען גערוהט. אין דיזער צייט האָט נאַפּאָלעאָן צוגענומען פון פּרייסען אַלע פעסטונגען, וואָס זיינען געשטאַנען ביי די טייכען אָדער און ווייקסעל, און דעם 14טען יוני איז פאָרגעקומען אַ נייע שלאַכט ביי פריעדלאַנד, אין וועלכער נאַפּאָלעאָן האָט געהאַט אַ גלענצענדען זיג. נאַפּאָלעאָן האָט שוין געהאַט איינגענומען קעניגסבערג און איז שוין געווען פערטיג אַריבערצוטרעטען די רוסישע גרענעץ. אָבער די מאָנאַרכען זעלבסט האָבען זיך

געטראָפען פערזענליך אויף דעם טייך ניעמאַן און האָבען געשלאָסען דעם פרידען פון טילזיט (7טען—9טען יולי).

די בעדינגונגען פון דיזען פרידען זיינען געוועזען זעהר דריקענד. די אונטערהאַנדלונגען זיינען אייגענטליך פאָרגעקומען נאָר מיט רוסלאַנד. פּריי־סען האָט איינגעשטימט אויף אַלעס, וואָס דער זיגער וועט פאָדערן. פון רוסלאַנד האָט ער קיין לאַנד ניט פערלאַנגט. אָבער פּרייסען איז געוואָרען אַ וואַסאַלען־שטאַאַט פון פראַנקרייך. פּרייסען האָט דערצו פערלאָרען די העלפט פון איהרע לענדער, נעמליך, אַלע לענדער צווישען דעם רהיין און דער עלבע. אויסער דעם האָט פרידריך ווילהעלם געמוזט צאָהלען פראַנק־רייך 150 מיליאָנען קריגס־הוצאות. דאָס הערצאָגטום וואַרשא איז געקומען אונטער די אויבערמאַכט פון קעניג פון זאַקסען, דאַנציג מיט דער אומגע־גענד איז געוואָרען אַ פריי־שטאַאַט. די לענדער, וואָס נאַפּאָלעאָן האָט אָפּ־גענומען פון פּרייסען, האָט ער פעראייניגט מיט קורהעססען, ברוינשווייג און זיד־האַננאָווער, און האָט פון אַלע געמאַכט איין קעניגרייך, וועסטפאַלען, מיט דער הויפּטשטאָדט קאַססעל, און האָט דאָרט אַריינגעזעצט אַלס קעניג זיין אינגסטען ברודער היערא ניםוס (זשעראָם). דיזער האָט בע־דאַרפט אויפהאַלטען אין מאַגדענבורג אַן אַרמעע פון 12,000 מאַן און האָט זיך גערעכענט אַלס מיטגליד פון דעם רהיין־בונד. אין פאַל פון קריג האָט ער בעדאַרפט שיקען זיינע טרופּען וואוהין די אומשטענדען וועלען פאָדערן.

נאַפּאָלעאָן איז דאַמאַלס געוואָרען הערשער פון איין עק אייראָפּאַ ביז דעם אַנדערען. ער האָט זיך דאַמאַלס פערגליכען מיט קאַרל דעם גרויסען; כמעט גאַנץ אייראָפּאַ איז געווען אונטער זיין הערשאַפט. ענגלאַנד איז געווען די איינציגע מאַכט, מיט וועלכער ער האָט זיך ניט געקענט מעס־טען. 11 יאָהר נאָכאַנאַנד, אָהן אַ שום וואַפען־שטילשטאַנד, האָט געדוי־ערט דער קאַמף מיט ענגלאַנד, אָבער אָהן אַ שום ערפאָלג. ביידע זייטען זיינען געווען שטאַרק ערביטערט איבער דיזען צושטאַנד, און עס האָט גע־שיינט, דאָס דיזער קאַמף מוז זיך ענדיגען מיט דער פערניכטונג פון איי־נער פון די ביידע מעכטען: אָדער פראַנקרייך וועט מוזען אונטערגעהן, אָדער ענגלאַנד; ביידע צוזאַמען קענען ניט עקסיסטירען. ענגלאַנד איז גע־וואָרען די אַליין־הערשערין איבער'ן ים־האַנדעל, און האָט פערוועהרט אַלע לענדער צו האַנדלען מיט פראַנקרייך. ענגלאַנד האָט פערשווענדעט אונגע־הייערע מיליאָנען אום אויפצורייצען פעלקער געגען פראַנקרייך.

נאַפּאָלעאָן האָט זיך גענומען אָפּצורעכנען מיט ענגלאַנד מיט זיין גאַנצער ענערגיע. ער האָט אָנפאַנגס גענומען אַריבערגעהן דעם קאַנאַל,

וואָס טיילט אָפּ ענגלאַנד פון פראַנקרייך, אום דאָס לאַנד אין גאַנצען צו פערניכטען. אָבער די מפּלה, וואָס ער האָט געהאַט ביי טראַפאַלגאַר האָט איהם אויף אימער פערשפּאַרט דעם וועג דורך דעם קאַנאַל נאָך ענגלאַנד. עס איז שוין יעצט ניט געווען קיין רעדע וועגען שליסען אַ נייעם האַנדעלס-טראַקטאַט. ער האָט צוזאַמענגעשטעלט אַ נייעם פּלאַן, ווי ער זאָל ענגלאַנד אין גאַנצען פערניכטען. זיין פאַנטאַזיע האָט איהם אויסגעמאָלט דעם גרויסען ערפאָלג, וואָס דיזער פּלאַן וועט האָבען, און דאָס האָט זעהר שטאַרק געשמייכעלט זיינע ליידענשאַפטען.

ערסטענס האָט ער אַרויפגעלעגט אַ זעהר גרויסען אָפּצאָהל אויף ענג-לישע וואַרע, וואָס קומט צום קאָנטינענט פון אייראָפּאַ. פון בערלין האָט ער אַרויסגעגעבען אַ דעקרעט, דאָס די בריטאַנישע אינזלען זיינען אונטער בלאָקאַדע, און דעריבער איז יעדער האַנדעל מיט ענגלאַנד פערבאָטען. אַלע סחורות פון ענגלישע פאַבריקען זאָלען צוגענומען ווערען; אַלע בריף, וואָס קומען פון ענגלאַנד, זאָלען פערניכטעט ווערען. יעדעם שיף, וואָס האָט בעריהרט אַן ענגלישען האַפען, זאָל ניט אַריינגעלאָזען ווערען אין קיין האַ-פען פון אייראָפּאַ, עס מאַכט ניט אויס צו וועלכער נאַציאָנאַליטעט דאָס שיף געהערט. דיזער פערבאָט איז געווען ניט נאָר פיר פראַנקרייך, נאָר אויך פיר אַלע לענדער, וואָס זיינען געווען מיט איהר פערבונדען, אָדער וואָס זיינען געשטאַנען אונטער איהר הערשאַפט.

נאַפּאָלעאָן האָט אפילו גוט געוואוסט, דאָס דיזער פערבאָט וועט אויך זעהר פיעל שאַדען פראַנקרייך, אָבער ער האָט בעשלאָסען ניט צו קוקען אויף קיין זאַך. עס איז בעפוילען געוואָרען, דאָס דיזער פערבאָט זאָל אויסגע-פיהרט ווערען מיט דער גאַנצער שטרענגקייט. די פערבינדעטע הערשער האָבען זיך פערפליכטעט דיזען געבאָט פינקטליך צו ערפילען. אַלס ליסאַבאָן (פּאָרטוגאַל) האָט זיך ערלויבט אַריינצולאָזען ענגלישע שיפען אין איהרע האַפענס, האָט נאַפּאָלעאָן אַריינגעשיקט אין פּאָרטוגאַל אַ פראַנצויזישע אַרמעע אום אָפּצורעכנען זיך דערפאַר מיט'ן קעניג. דער קעניג איז ענט-לאָפען נאָך בראַזיליען, און נאַפּאָלעאָן האָט אויסגעשטראָכען פּאָרטוגאַל פון דער ליסטע פון פרייע זעלבשטענדיגע שטאַאטען. אין דעם זעלבען טאָג, ווען דיזער דעקרעט איז אַרויסגעגעבען געוואָרען, האָט נאַפּאָלעאָן אַרויסגעגע-בען אַ בעפעהל צו זיין גענעראַל מאָרטיער, אַז ער זאָל איינגעהמען די שטעדט פון האַנזעאישען פערבאַנד, וואו די ענגלענדער האָבען געהאַט גרויסע מאַגאַ-זינען פון וואַרען, ער זאָל די ענגלענדער אַרעסטירען און פערנעהמען זייערע סחורות. די ענגלענדער האָבען געליטען אַ שרעקליכען פערלוסט און פראַנק-

רייך האָט געהאַט אַ ריזיגען געווינס. נאַפּאָלעאָן האָט טריאומפירט. „דער יעצטיגער קריג", האָט ער געזאָגט צו די פאָרשטעהער פון פראַנצויזישען פאָלק, „איז נאָר אַ קריג פיר די אונאָפּהענגיגקייט פון האַנדעל. דאָס ווייס גאַנץ אייראָפּאַ... ענגלאַנד זעהט איהרע וואַרען פון גאַנץ אייראָפּאַ צוריקגעוויזען. איהרע שיפען בלאָנדזשען איבער'ן ים, בעלאַדען מיט אונגע-הייערע רייכטימער, אָבער אין גאַנץ אייראָפּאַ קריגט זי ניט איין האַפען, וואָס זאָל זי אַריינלאָזען מיט איהרע שיפען. צו דיזער שטופע איז יעצט געקומען ענגלאַנד — די הערשערין איבער אַלע ימים!"

אין דיזער צייט האָט נאַפּאָלעאָן'ס מאַכט דערגרייכט די העכסטע שטופע. ער האָט דאַמאָלס אָנגעהויבען צו דענקען פון שאַפען אַ זעע-מאַכט, וועלכע זאָל שטעהן אויף דער זעלבער מדרגה ווי די ענגלישע. ער האָט אָנ-געהויבען צו גראָבען האַפענס, האָט אויפגעשטעלט פעסטונגען ביי די ברע-גען און האָט געבויט שיפען, אום ער זאָל זיך קענען מעסטען מיט די קרעפ-טען פון ענגלאַנד אויך אויף'ן ים. צו דיזען צוועק האָט ער אויך געוואָלט זיך פערזיכערן די שפּאַנישע האַלב-אינזעל און אַריינזעצען דאָ זיין אייגענע דינאַסטיע. אָבער דאָס האָט איהם פערשאַפט גרויסע צרות.

ווי מיר האָבען שוין פריהער דערצעהלט, האָט נאַפּאָלעאָן אויך פון פּאָרטוגאַל געפאָדערט, דאָס זי זאָל פערשליסען איהרע האַפענס פיר ענג-לאַנד. דער קעניג פון פּאָרטוגאַל האָט דיזע פאָדערונג ניט געפאָלגט, און באַנאַפּאַרטע האָט מיט דער צושטימונג פון דעם אַלמעכטיגען שפּאַנישען מיניסטער גאָדאָי געשיקט אין פּאָרטוגאַל דעם מאַרשאַל זשונאָט מיט אַן אַרמעע. דער קעניג איז ענטלאָפען נאָך בראַזיליען איידער די פראַנ-צויזען זיינען אָנגעקומען אין פּאָרטוגאַל. דעם 27טען אָקטאָבער 1807 איז אין פאָנטעינעבלאָ געשלאָסען געוואָרען מיט פּאָרטוגאַל אַ פרידען, לויט וועלכען די דינאַסטיע בראַגאַנצאַ האָט דאָרט אויפגעהערט צו רעגירען. פראַנצויזישעס מיליטער האָט זיך בעזעצט אין פּאָרטוגאַל. דאָס איז געווען פיר נאַפּאָלעאָן'ען דער וועג צו בעהערשען שפּאַניען. ער האָט באַלד פער-נומען אַלע שפּאַנישע פעסטונגען ביים ברעג ים אונטער דעם תירוץ צו קאָנ-טראָלירען די בלאָקאַדע געגען ענגלאַנד. צוזאַמען מיט די ברעג-פעסטונגען האָט ער פערנומען און בעזעצט מיט זיינע סאָלדאַטען אויך די אַלע אַנדערע פעסטונגען אין שפּאַניען. דורך אַ שענדליכע אינטריגע האָט דער שפּאַני-שער קעניג פערדינאַנד זיך ענטזאָגט פון זיין טראָן און האָט איהם איבער-געגעבען צו נאַפּאָלעאָן'ס ברודער יאָזעף, וועלכער איז פריהער געווען קעניג

אין נעאַפּעל, און יאָזעף׳ס טראָן האָט פערנומען נאַפּאָלעאָן׳ס שוואָגער מוראַט.

די שפּאַניער זיינען געוואָרען שרעקליך ערביטערט געגען דיזע גוואלד־טאַטען פון נאַפּאָלעאָן׳ען געגען זיי. ער האָט זיי בעהאַנדעלט ניט ווי מענשען, וואָס האָבען אַן אייגענעם ווילען און געפיהלען, נאָר ווי וואַארע. עס האָט זיך אָנגעצונדען אין פאָלק אַ שרעקליכער האַס געגען אויסלאַנד; דער נאַציאָנאַל־שטאָלץ האָט שטאַרק פּראָטעסטירט געגען דער גוואַלט, וואָס מען האָט אויף זיי אַרויפגעלעגט געגען זייער ווילען. עס האָט אויפגעפלאַקערט אין אַלע הערצער אַ בעגייסטערונג פון אונאָפּהענגיגקייט, און דיזע פייערדיגע בעגייסטערונג האָט זיך שנעל פערשפּרייט אין אַלע פּראָווינצען



מוראַט.

פון לאַנד. אין דעם זעלבען טאָג, וואָס נאַפּאָלעאָן האָט בעשטימט זיין ברודער יאָזעף פיר קעניג פון שפּאַניען, האָט די יונטאַ (ראַטס־פערזאַמלונג) ערקלערט קריג דעם אונטערדריקער (6טען יולי 1808). עס האָט אויפגעפלאַקערט אַ לייַדענשאַפטליכער פאָלקס־קריג. אין דעם זעלבען טאָג, וואָס דער קעניג יאָזעף באָנאַפּאַרטע איז אַריינגעפאָהרען אין שפּאַניען, איז פאָרגעקומען אַ פירכטערליכע שלאַכט מיט די פראַנצויזען אַרום באַילען, אין וועלכער די פראַנצויזען האָבען געליטען אַ שרעקליכע נידערלאַגע. 20,000 פראַנצויזען זיינען גענומען געוואָרען געפאַנגען און זיינען באַלד פערניכטעט געוואָרען. יאָזעף האָט געמוזט ענטלויפען; די פראַנצויזישע אַרמעע

האט געמוזט ארויס פון שפאניען. זאגאר פון פארטוגאל האט מען זיי ארויסגעשטופט מיט דער הילף פון ענגלאנד.

עס האט זיך דאמאלס געבילדעט די פינפטע קאאליציאן (בונד פון מעכטען) געגע נאפאלעאן׳ען. די שפאנישע האלב-אינזעל האט געשיינט צו זיין פערלארען פיר נאפאלעאן׳ען. צו דיזער קאאליציאן זיינען צוגע-שטאנען דער פאפסט, האללאנד און עסטרייך, און ענגלאנד, פערשטעהט זיך, איז געווען אן דער שפיץ. דאס גליק פיר נאפאלעאן׳ען איז געווען, וואס דער רוסישער קייזער, אלכסנדר דער 1טער, האט ניט געוואלט ענ-דערן זיין טראקטאט, וואס ער האט געשלאסען מיט איהם אין טילזיט. דעם 27טען סעפטעמבער 1808 האבען דיזעביידע קיסרים, אלכסנדר און נאפאלעאן, געמאכט א בונד צו אונטערווארפען אייראפא אונטער זייער מאכט און צו גאראנטירען די רוה פון אייראפא. דיזער בונד פון די ביידע מאכטהאבער איז געשלאסען געווארען אין ערפורט, וואוהין די ביידע קיסרים זיינען צוזאמענגעקומען. נאכדעם האט נאפאלעאן צוזאמענגעשטעלט אן ארמעע פון 200,000 מאן און האט געמאכט א נייעם פעלדצוג אין שפא-ניען. מיט דיזער מאכט האט ער אין א גאנץ קורצער צייט פערניכטעט דעם פיינד אויף׳ן שפאנישען באדען. דעם 4טען דעצעמבער האט ער שוין איינגענומען מאדריד, די הויפטשטאדט פון שפאניען. נאפאלעאן האט ארויסגעלאזען א מאניפעסט, אין וועלכען ער רופט זיך אן „דער בעפרייער פון שפאניען”.

„איך האב אפגעשאפט דעם פערהאסטען אינקוויזיציאנס-געריכט”, זאגט ער אין זיין מאניפעסט, „געגען וועלכעס גאנץ אייראפא האט פרא-טעסטירט; די פריסטער דארפען נאר זיין לעהרער פון מאראל, אבער ניט קיין ריכטער איבער די בירגער. איך האב אפגעשאפט דאס פעאָ-דאל-רעכט פון די גרויסע גוטס-בעזיצער, אזוי דאס יעצט קען יעדער בויער, האבען זיין אייגענעם אויוועז צום באקען, זיין אייגענע מיהל צום מאהלען; יעדער קען פאנגען פיש פיעל זיין הארץ גלוסט, יעדער קען עפנען א גאסט-הויז. דער רייכטום, וועלכען דאס פעאדאל-סיסטעם האט פערשאפט איינינגע פריווילעגירטע, האט געשאדט דעם גאנצען פאלק און האט איבעראל פערברייטעט ארימקייט, און ער האט געשאדט דעם אקער-בוי פיעל מעהר ווי די היץ פון די זומער-מאנאטען. אזוי ווי עס איז דא אויף דער וועלט נאר איין גאט, אזוי מוז אויך עקסיסטירען איין גערעכ-טיגקייט פיר אלע מענשען גלייך, קיינע מיוחסים מיט פריווילעגיעס. איך האב פערניכטעט אלע ספעציעלע געריכטס-הייזער, וועלכע זיינען געווען

געגען די רעכטען פון דער נאַציאָן. די יעצטיגע גענעראַציאָן קען זיין וועגען דיזען געגענשטאַנד פון פערשיידענע מיינונגען, אָבער זייערע עניקלאַך וועלען מיר דאַנקען פיר דאָס, וואָס איך טו פיר אייך יעצט. זיי וועלען רעכנען די טעג, ווען איך בין געקומען אין שפּאַניען און האָב איינגעפיה״ט דיזע גרויסע ענדערונגען, פיר די וויכטיגסטע טעג פיר שפּאַניען, ווייל פון דאַמאָלס אָן האָט זיך אָנגעהויבען פיר שפּאַניען דאָס וואָהרע גליק״.

דער מאַניפעסט אָבער האָט ניט געהאַט די ווירקונג, וואָס נאַפּאָלעאָן האָט גערעכענט. הגם עס איז אמת, דאָס נאַפּאָלעאָן האָט בעפרייט די שפּאַניער פון די פּריווילעגיעס פון די פעאָדאַלען און פון דעם צוואַנג פון דער קירכע, אָבער דאָס פאָלק האָט צו איהם געפיהלט אַ שרעקליכע אַנטיפּאַטיע. די קאָרטעס (די הערשענדע שטאַנדען) און די גייסטליכע האָבען געטאָן אַלעס מעגליכעס אום אויפצורייצען די מאַסען געגען די פראַנצויזען. איבערהויפּט האָבען די גייסטליכע ענערגיש געאַרבייט אום אויפצופלאַקערן אין פאָלק דעם פאַנאַטיזם. אין זייער קאַטעכיזם זיינען אַריינגעשטעלט געוואָרען פאָלגענדע פראַגען און אַנטוואָרטען:

„זאָג מיר, מיין קינד, ווער ביזט דו? — אַ שפּאַניער, מיט דעם חסד פון גאָט. — ווער איז דער פיינד פון אונזער גליק? — דער קייזער פון די פראַנצויזען. — ווי פיעל נאַטורען האָט ער? — צוויי: אַ מענשליכע און אַ טייוועלשע. — ווי פיעלע קיסרים האָבען די פראַנצויזען? — איינעם אַ ווירקליכען און דריי פאַלשע פערזאָנען. — ווי הייסען זיי? — נאַפּאָלעאָן, מוראַט און מאַנועל גאָדאָי (דאָס איז געווען דער שפּאַנישער מיניסטער, וועלכער האָט געשטיצט נאַפּאָלעאָן'ען). — וועלכער פון די אַלע דריי איז דער ערגסטער? — זיי זיינען אַלע דריי גלייך שלעכט. — פון וואַנען שטאַמט נאַפּאָלעאָן? — פון דער זינד. — פון וואַנען שטאַמט מוראַט? — פון נאַפּאָלעאָן'ען. — און פון וואַנען שטאַמט גאָדאָי? — פון דער פערדאָרבענהייט פון ביידען. — וואָס איז דער גייסט פון דעם ערסטען? — גאוה און דעספּאָטיזם. — וואָס איז דער גייסט פון צווייטען? — רויב און גרויזאַמקייט. — וואָס איז דער גייסט פון דריטען? — פעררעטעריי און נאַרישקייט. — וואָס זיינען די פראַנצויזען? — זיי זיינען אַמאָל געווען קריסטען, אָבער יעצט זיינען זיי אונגלויביגע. — איז עס אַן עברה צו טויטען אַ פראַנצויז? — ניין, הערר פּריסטער, מען פערדינט דאָס הימעל־רייך ווען מען ערמאָרדעט אַזאַ אונגליקליכען הונד. — וואָס פיר אַ שטראָף פערדינט דער שפּאַניער, וועלכער טוט ניט זיין פליכט? — דעם טויט אַלס

פערדערטער. — ווער וועט אונז בעפרייען פון אונזערע פיינד? — די וואַ-
פען און דאָס פערטרויען פון איינעם צום אַנדערען".

נאָך דעם, ווי נאַפּאָלעאָן האָט פערלאָזען שפּאַניען, האָבען דאָרט די
פראַנצויזישע גענעראַלען פאָרטגעזעצט דעם שטרייט און האָבען איינגע-
נומען סעווילי, אַנדאַלוזיען און גראַנאַדאַ. אָבער די שפּאַניער האָבען זיך
נאָך אַלץ געהאַלטען שטאַרק. זיי האָבען ניט געוואַגט צו שטרייטען מיט
נאַפּאָלעאָן'ען אין אָפּענעם פעלד, נאָר זיי פלעגען מאַכען אונערוואַרטעטע
אָנפאַלען אין פערשיידענע ערטער און האָבען בעאונרוהיגט די פראַנצויזישע
אַרמעע אין שפּאַניען. דערווייל האָט נאַפּאָלעאָן געמוזט אַוועק פון שפּאַ-
ניען און בעגעבען זיך נאָך דייטשלאַנד, ווייל דאָרט האָבען זיך פערזאַמעלט
די נייע פערבינדעטע מעכטען געגען פראַנקרייך. עסטרייך האָט געמאַכט
אונגעהייערע אָנשטרענגונגען אום צוריק אָפּצונעהמען פון די פראַנצויזען
וואָס זי האָט פערלאָרען אין די פריהערדיגע שטרייטען. זי האָט פערשאַפט
אַן אַרמעע פון 550,000 מאַן און האָט אָנגעפאַנגען אַ פעלדצוג אין פריה-
לינג פון יאָהר 1809. אויך טיראָל האָט זיך אויפגעהויבען געגען די פראַנ-
צויזען, און דער קעניג היעראָנימוס איז אַרויסגעטריבען געוואָרען פון דער
רעזידענץ אין וועסטפאַלען. מיט אַ גרויסער אַרמעע אונטערשטיצט פון
רהיין-בונד איז נאַפּאָלעאָן ראַש אַרויס געגען פיינד. דער פעלדצוג האָט גע-
דויערט נאָר 5 טעג (פון 19טען ביז'ן 24טען אַפּריל), ער איז אָבער געווען
מייסטערהאַפט. אַ גאַנצע רייהע פון זיגען האָט פיר איהם צום צווייטען
מאָל געעפענט דאָס האַרץ פון די עסטרייכישע שטאַאַטען. דעם 13טען
מאַי איז נאַפּאָלעאָן ווידער אַריין אין וויען. עס איז פאָרגעקומען אַ שרעק-
ליכע שלאַכט ביי אַספּערן און עסלינגען (דעם 21טען און
22טען מאַי), וועלכע איז אָבער ניט געווען ענטשידען, און דאָס האָט אָפּ-
געהאַלטען די פראַנצויזען איניגע וואָכען, זיי זאָלען זיך אַ ביסעל אויסרו-
הען. ענדליך האָט נאַפּאָלעאָן בעשלאָסען ווידער צו מאַכען אַן אָנגריף.
עס איז פאָרגעקומען אַ ביטערע בלוטיגע שלאַכט דעם 5טען און 6טען יולי
ביי וואַגראַם, אין וועלכער די פראַנצויזען האָבען געזיגט און האָבען
געצוואונגען די עסטרייכער צוריקצוטרעטען. עסטרייך איז ווידער שטאַרק
צוקלאַפּט געוואָרען און האָט געבעטען פרידען. דיזער פרידען האָט געקאָסט
עסטרייך 2,000 קוואַדראַט-מיילען מיט 3,000,000 איינוואוינער, וועלכע
זי האָט געמוזט אָפּגעבען צו פראַנקרייך, און זי האָט אויך געמוזט איינ-
שטימען צו די נייע איינאָרדנונגען אין איטאַליען.

די טיראָלער האָבען ניט געוואָלט אַנידערלעגען די וואַפען זאָגאַר נאָך דעם, ווי עסטרייך האָט שוין געשלאָסען פרידען. זיי האָבען בעפרייט זאַלצ־בורג און קאָרנטהען, און האָבען ווי העלדען געשטריטען געגען די פראַנצויזען, וועלכע זיינען געוועזן אין צאָהל צעהן מאָל מעהר פון זיי. אָבער ענדליך האָט נאַפּאָלעאָן געשיקט אַ נייע פראַנצויזישע אַרמעע און האָט געבראָכען די קראַפט פון דיזען בערג־פאָלק. די בויערן־העלדען ספעקבאַכער און האָספּינגער זיינען ענטלאָפען. אַנדרעאַס האָפער האָט זיך געמוזט בעהאַלטען מיט זיין פאַמיליע אין די בערג; די פראַנצויזען אָבער האָבען איהם אויסגעפונען, זיינען איהם בעפאַלען ביי נאַכט, האָבען איהם געפאַנגען און האָבען איהם געבראַכט אין מאַנטוא, און דאָרט האָבען זיי איהם דערשאָסען (20טען פעברואַר 1810).

די פראַנצויזישע הערשאַפט האָט צו דיזער צייט געשטיגען כמעט ביז אונענדליכקייט. דאָס פראַנצויזישע קייזעררייך האָט געהאַט 130 דעפּאַר־טעמענטען און האָט פערנומען פון האַמבורג און דאַנציג ביז טריעסט און קאָרפו. די בלאָקאַדע געגען ענגלישע סחורות האָט געהערשט און איז גע־וואָרען שטרענג דורכגעפיהרט אין גאַנץ אייראָפּאַ, זאָגאַר שוועדען איז צו־געשטאַנען צו אַלע אַנדערע אייראָפּעאישע לענדער און האָט בלאָקירט איהרע האַפענס געגען ענגלישע וואַרע. אום צו פערגרעסערן זיין גלאַנץ און צוליב אַנדערע פּאָליטישע אורזאַכען האָט זיך נאַפּאָלעאָן געשידען מיט זיין פרוי זשאָזעפינע און האָט געהייראַט מאַריע לואיזע, די עלטעסטע טאָכטער פון עסטרייכישען קייזער פראַנץ. די האָכצייט איז געפייערט גע־וואָרען מיט דעם גרעסטען גלאַנץ. זיין וואונש איז ערפילט געוואָרען. ער איז געוואָרען פערבונדען מיט דער גרעסטער אייראָפּעאישער הערשער־פאַ־מיליע. דעם 20טען מערץ איז איהם געבאָרען געוואָרען פון דיזער הייראַט אַ זוהן, אין די אָדערען פון וועלכען עס האָט שוין געפלאָסען עכטעס קע־ניגליכעס בלוט. וועהרענד דאָס קינד איז נאָך געלעגען אין וויג האָט ער איהם שוין געגעבען דעם טיטעל „קעניג פון רוים". די האָפנונג פון די בור־באָנען, צו הערשען ווען עס איז אין פראַנקרייך, האָט געשיינט צו זיין פער־לאָרען אויף אימער.

עס וועט אונז נעהמען צו לאַנג, ווען מיר זאָלען וועלען אויספיהרליך בעשרייבען אַלע ענדערונגען, וועלכע נאַפּאָלעאָן האָט געמאַכט אין דער איי־ראָפּעאישער פּאָליטישער קאַרטע. עס האָבען פאַר איהם געציטערט אַלע אייראָפּעאישע הערשער. זיין איין וואָרט האָט יעדען פון זיי געקענט פער־ניכטען. אַלעס איז איהם געווען אונטערוואָרפען. די, וואָס זיינען געוועזן

מיט איהם פערבונדען, ווי אויך זיינע פיינד, דער פּאַפּסט פון רוים, זיינע ברידער און אַלע פרעמדע — אַלע זיינען איהם געווען אונטערטעניג. ער האָט אַלע מאָל געענדערט די שטאַאַטען. עס האָט גאָר קיין ענדע ניט גע-נומען צו די ענדערונגען. וואָס ער האָט היינט געשאַפען האָט ער מאָרגען צושטערט. קיין פעלקער-רעכט האָט פיר איהם ניט עקסיסטירט. ווען איהם האָט זיך נאָר פערוואָלט האָט ער אריינגעשיקט אין אַ לאַנד זיינע סאָלדאַטען און האָט זיי דאָרט בעזעצט, און ער האָט אין ערגעץ ניט בעגע-גענט קיין ווידערשטאַנד.

דער קריג אין שפּאַניען (1810—1811) איז צוגעגאַנגען לאַנגזאַם, ווייל די שפּאַניער האָבען געפאָכטען ווי העלדען פיר יעדען טריט לאַנד, וואָס זיי האָבען געמוזט פערלאָזען פון זייער היימאַט. מאַססענאַ האָט אונטערגע-נומען אַ נייעם צוג נאָך פּאָרטוגאַל, אָבער דיזער צוג איז געווען אונגליקליך פיר די פראַנצויזען. אָנפאַנגס האָבען די פראַנצויזען געצוואונגען דעם ענג-לישען גענעראַל וועללינגטאָן צוריקצוטרעטען, אָבער דעם גענעראַל איז געלונגען זיך אַזוי צו בעפעסטיגען אין טאָררעס-וועדראַס, דאָס דער פראַנצויזישער גענעראַל מאַססענאַ האָט איהם ניט געקענט אָנ-גרייפען, און ער האָט געמוזט דאָס לאַנד פערלאָזען.

דערווייל האָט זיך פאָרבערייטעט אַ נייער פעלדצוג אין נאָרד. נאַ-פּאָלעאָן האָט זיך צוריסען מיט'ן רוסישען קייזער אַלכסנדר דעם 1טען. דיביידע קיסרים, נאַפּאָלעאָן און אַלכסנדר, זיינען געוואָרען קאָנקורענטען וועגען דער אויבער-הערשאַפט איבער גאַנץ אייראָפּאַ. זינט ענדע 1810 האָט אַלכסנדר אָנגעהויבען צו שליסען פערבינדונגען מיט פערשיידענע הער-שער אין אייראָפּאַ. עס איז איהם געלונגען צו פערבינדען זיך מיט ענג-לאַנד, שוועדען און מיט די שפּאַנישע קאָרטעס (שטאַנדען). נאַפּאָלעאָן פון זיין זייט האָט אויך געמאַכט ריזענהאַפטע פאָרבערייטונגען צו דער פאָר-שטעהענדער אונטערנעהמונג. פראַנקרייך האָט געמוזט טאָן אַלעס, וואָס איז געווען אין איהר מעגליכקייט, צו שאַפען די בעסטע שטרייט-קרעפטען, אויך די פערבינדעטע מעכטען און די וואַסאַלען-שטאַאַטען האָבען געשיקט גרויסע הילפס-טרופּען. פון רהיין-בונד אַליין האָט נאַפּאָלעאָן געקראָגען 100,000 מאַן; די שווייץ האָט געשיקט 12,000 מאַן. זעהר בעגייס-טערט האָט זיך פּוילען בעוואָפענט פיר נאַפּאָלעאָן'ען, ווייל ער האָט זיי פערשפּראָכען צוריקגעבען זיי זייער פריהערדיגע לאַנד און אונאָפּהענגיגקייט. אויך פּרייסען און עסטרייך האָבען געשיקט צו דיזען שטרייט פיעל מילי-טער: פּרייסען 20,000 און עסטרייך 30,000 קריגער.

דעם 9טען מערץ 1812 איז נאַפּאָלעאָן אַרויס אין דעם נייעם פעלדצוג. עטליכע מאָנאַטען האָט ער געהאַלטען זיין הויף אין דרעזדען. דאָרט האָבען איהם בעזוכט דער פּרייסישער קעניג און דער עסטרייכישער קייזער, וועלכע האָבען איהם בעדינט ווי אַנדערע וואַסאַלען-פירסטען. אין יוני האָט נאַפּאָלעאָן ערקלערט דעם רוסישען צאַר קריג.

נאַפּאָלעאָן האָט געפיהרט דעם קריג מיט רוסלאַנד מיט די זעלבע מעטאָדען און אויף די זעלבע פּרינציפּען, ווי ער האָט געפיהרט זיינע פריהערדיגע מלחמות, וועלכע האָבען איהם פערשאַפט אַזוי פיעל רוהם. אָבער די נאַטור פון דעם רוסישען לאַנד און רוסישען פאָלק האָבען אַלע זיינע פּלענער פערניכטעט. נאַפּאָלעאָן איז אַרויס געגען רוסלאַנד מיט אַן אַרמעע פון 575,000 מאַן און 12,000 קאַנאָנען. רוסלאַנד האָט דאַמאָלס אַרויסגעשטעלט נאָר 300,000 קריגער. ביי קאָוונא איז ער אַריבער מיט זיין אַרמעע דעם ניעמאַן; דאָס זעלבע האָט געטאָן זיין לינקער פליגעל אונטער'ן גענעראַל מאַקדאָנאַלד. דער רעכטער פליגעל איז געגאַנגען געגען גראָדנא און נאָווגאָראָד. רוסלאַנד האָט ניט געהאַט די מעגליכקייט צו פיהרען מיט נאַפּאָלעאָן'ען אַן אָפענעם קריג; זי האָט געמוזט אָנפיהרען נאָר אַ פערטיידיגונגס-קריג. איהר פּאָליטיק איז געווען אויסצומאַטערן דעם פיינד, צו פערברענען די שטעדט, די דערפער און וואו ער האָט בעדאַרפט דורכגעהן, צוזאַמען מיט די מאַגאַזינען פון שפּייז, אום די אַרמעע פון פיינד זאָל ניט האָבען גענוג צו עסען.

אויף די נאַטור האָט געהאָלפען רוסלאַנד דורכפיהרען דיזען פּלאַן. די רוסען זיינען אַרויס געגען נאַפּאָלעאָן'ען אין אַן אָפענע שלאַכט, זיי האָבען איהם ניט געשטערט צו געהען ווייטער און טיפער אין רוסלאַנד. אָהן אַ בעזונדערער שטערונג איז ער געקומען אין ווילנא און אין סמאָלענסק. ביי דיזער צווייטער שטאָדט איז דעם 17טען אויגוסט פאָרגעקומען אַ בלוטיגע שלאַכט. די רוסען האָבען פערברענט סמאָלענסק און זיינען אַוועק בעשיצען מאָסקווא. פיעלע גענעראַלען האָבען אָנגעהויבען מורא צו האָבען פאַר דיזען סאָרט רוסישע פּאָליטיק און האָבען געראַטען נאַפּאָלעאָן'ען, אז ער זאָל ניט פאָרטזעצען דיזען פעלדצוג, וועלכער קען זיך ענדיגען מיט אַ גרויסען אונגליק פיר פראַנקרייך'ס אַרמעע. אָבער נאַפּאָלעאָן האָט זיך איינגעשפּאַרט, דאָס ער מוז עראָבערן מאָסקווא און דאָרט איבערווינטערן. דער פערטיידיגונגס-קאַמף פון די רוסען איז געוואָרען פיר די פראַנצויזען מעהר און מעהר געפעהרליך. איבעראַל, וואוהין די פראַנצויזען זיינען אָנגעקומען, זיינען די איינוואוינער צולאָפען, און זיי האָבען פערברענט די

שטעדט און די דערפער, וועלכע זיי האָבען פערלאָזען, און האָבען פערניכ-טעט אַלע לעבענסמיטלען. די גרויסע פראַנצויזישע אַרמעע האָט דערפון שטאַרק געליטען. טאָג טעגליך זיינען פיעלע פון זיי צושטאָרבען פון הונ-גער, פון קראַנקהייט און פון פיינד'ס אַנגריפען.

ביי באָראָדינאָ איז געשטאַנען דער רוסישער פעלדהערר גענעראַל קוטוזאָוו מיט זיין אַרמעע נעבען דעם טייך מאָסקוואַ, און האָט ניט דערלאָזען די פראַנצויזען צו נעהמען די שטאָדט. די שלאַכט אין יענעם אָרט, וועלכע איז פאָרגעקומען דעם 7טען סעפּטעמבער, איז גע-ווען זעהר אַ בלוטיגע. איבער 70,000 מענשען זיינען דאַמאָלס געפאַלען טויטע און פערוואונדעטע, און צווישען די געפאַלענע זיינען געווען זעהר פיעלע גענעראַלען. די שלאַכט האָבען אפילו געוואונען די פראַנצויזען, אָבער זיי האָבען געמוזט ערלויבען די רוסען צוריקצוציהען זיך אין אָרדנונג. דעם 14טען סעפּטעמבער איז נאַפּאָלעאָן אריין אין די אַלטע רוסישע הויפּט-שטאָדט, אין מאָסקוואַ.

זיין אַריינטרעטען אין מאָסקוואַ איז געווען זעהר טרויעריג. קיינער פון די בעוואוינער איז איהם ניט געקומען ענטקעגען צו פרייען זיך מיט זיין אָנקומען, אָדער בעטען איהם, אַז ער זאָל זיי מילד בעהאַנדלען, ווי דער פאַל איז אימער געווען מיט איהם ביי זיינע פריהערדיגע נצחונות. עס איז געווען אין מאָסקוואַ שטיל ווי אויף אַ בית־עולם. מען האָט נאָר געהערט די טריט פון די סאָלדאַטען, וואָס זיינען אריין אין שטאָדט. אויף'ן אַנדערען טאָג האָט מאָסקוואַ אָנגעהויבען ברענען אין פערשיידענע פּונקטען. דאָס איז געווען די אַרבייט פון אַרעסטאַנטען, וועלכע די רוסישע רעגירונג האָט בעפרייט פון די געפענגניסען אום דורכצופיהרען דיזע טייפלישע טאַט. דאָס פאָלק איז שוין פריהער צולאָפען פון מאָסקוואַ. די גרויסע שטאָדט מאָסקוואַ איז פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַן אונגעהייערען ים פון פייער; דערצו האָט פיעל געהאָלפען אַן אונגעוועהנליכער שטורמווינט, וועלכער עס האָט דאַמאָלס אויסגעבראָכען. אויך די נאַטור איז געקומען דער רוסישער רעגירונג צו הילף דורכצופיהרען איהר פערטיידיגונגס־פּלאַן. פיער פינפ-טעל פון די אַלע גרויסאַרטיגע געביידעס פון דיזער בעריהמטער שטאָדט מיט אַלע רייכטימער, וואָס האָבען זיך אין זיי געפונען, זיינען פערניכטעט געוואָרען פון פייער. נאַפּאָלעאָן האָט געמוזט צוליב דעם גרויסען פייער ענטלויפען פון קרעמל (די מאָסקווער פעסטונג) און רעטען זיך אין אַ קיי-זערליכען לוסט־שלאָס, וועלכער האָט זיך געפונען אין דער נאָהענטער נאַכ-באַרשאַפט.

יעצט האָט נאַפּאָלעאָן געזעהען קלאָר, דאָס די פרוכט פון אַלע זיינע נצחונות איז פון איהם פערלאָרען געגאַנגען; דער פּלאַן פון דיזען פעלדצוג איז געוואָרען צו גאָרנישט; מאָסקווא איז ניט געווען קיין שטיצפּונקט פיר ווייטערע אונטערנעהמונגען. צו זיין אונגליק האָט נאַפּאָלעאָן אויך יעצט נאָך ניט געוואָלט צוריקציהען זיך, עס איז איהם פּשוט געווען אַ שאַנדע. ער האָט אָנגעהויבען צו פיהרען מיט רוסלאַנד פרידענס-אונטערהאַנדלונגען, און ער האָט ניט פערשטאַנען, דאָס די רוסען ווילען נאָר געווינען צייט און אָפּהאַלטען איהם דאָ ביז דער ווינטער וועט אריינטרעטען מיט זיין גאַנצער שטרענגקייט, ווי עס איז געוועהנליך אין יענער געגענד, און דאַן וועט נעה-מען אַן ענדע צו דעם רעסט פון נאַפּאָלעאָן'ס אַרמעע אָהן אַלע שלאַכטען. ענדע אָקטאָבער האָט נאַפּאָלעאָן איינגעזעהען, דאָס ער מוז אָנהויבען צו-ריקציהען זיך. פון זיין גרויסער אַרמעע איז איהם נאָר געבליבען 120,000 מאַן. מיט דיז.ן רעסט האָט ער אָנגעהויבען געהן צוריק מיט דעם זעלבען וועג, מיט וועלכען ער איז געגאַנגען נאָך מאָסקווא. פערשיידענע אונגליקען און גרויסע פערלוסטען האָט געליטען די אַרמעע אויף איהר צוריקגאַנג, און דאָס האָט געבראָכען דעם מוט פון די סאָלדאַטען און די דיסציפּלין. דער גרעסטער אונגליק איז געווען, וואָס דער ווינטער איז אָנגעקומען דיזען יאָהר צו פריה, און איז געווען אַן אונגעוועהנליך שטרענגער. אין נאָוועמבער האָט שוין די קעלט דערגרייכט ביז 27 גראַד. די ליידען פון די סאָלדאַטען זיינען געווען אונבעשרייבליך. דער הונגער און די קעלט האָבען פערניכ-טעט מעהר סאָלדאַטען ווי די קוילען פון די קאָזאַקען, וואָס האָבען פער-פאָלגט די אַרמעע אויף איהר צוריקצוג. עס איז געווען שרעקליך צו זעהן, וואָס עס האָט זיך געטאָן אויף'ן וועג. אויף טויט פערפראָרענע און פער-הונגערטע סאָלדאַטען זיינען געלעגען אין די צעהנדליגע טויזענדער אויף'ן גאַנצען וועג. צווישען דיזע הרוגים זיינען געווען אַן אונגעהייערע מאַסע געפאַלענע פערד און אָוועקגעוואָרפענע וואַפען.

אין מיטען נאָוועמבער האָט די אַרמעע דערגרייכט ביז סמאָלענסק. אויף'ן וועג האָט די אַרמעע פערלאָרען 50,000 מאַן, אַזוי דאָס אָנקומענדיג אין סמאָלענסק האָט זי נאָר געצעהלט 40,000 סאָלדאַטען שטרייטענדע און 30,000 שוואַכע, וואָס האָבען זיך קוים נאָכגעשלעפּט אָהן אַ שום דיסציפּ-לין, אָהן אָרדנונג און אָהן פיהרערשאַפט. אָבער דיזער אונגליקליכער אר-מעע זיינען נאָך פאָרגעשטאַנען פיעלע גרעסערע ליידען. איבערהויפּט שרעק-ליך זיינען געווען די טעג, ווען די אַרמעע האָט געדאַרפט אריבערגעהן דעם טייך בערעזינאַ (26טען—29טען נאָוועמבער). מיט דער גרעסטער



די שרפה פון מאָסקווא אין 1812.

מיה איז זיי קוים געלונגען צו מאכען 2 בריקען, אום די ארמעע זאל קענען אריבערגעהן דעם טייך. ביים אריבערגאנג זיינען פיעלע, זעהר פיעלע דער-טרונקען געווארען; פיעלע זיינען צוטראטען געווארען פון פערד און פון מענשען אין גרויסען געדרענג. 18,000 פון די שוואכערע זיינען אריינגע-פאלען צום פיינד אין די הענט.

די ארמעע איז דאן אין גאנצען פערניכטעט געווארען. נאפאלעאן זעלבסט איז געקומען אין פערצווייפלונג און איז מיט איינציגע פערטרויטע ענטלאפען פון די סאלדאטען אויף שליטענס. מען האט יעצט ניט געגעבען קיין בעפעהלען צו דעם רעסט פון די סאלדאטען; קיין קריגס-געזעץ איז פון קיינעם פון די סאלדאטען אדער אפיצערען ניט אפגעהיט געווא-רען. יעדער האט נאר געטראכט ווי זיך צו רעטען. אבער זעהר ווענינע האבען געהאט די מעגליכקייט צו רעטען זיך. נאר דער רעסט פון דער גווארדיע האט זיך נאך געהאלטען ווי סאלדאטען. אהן וואפען, צושטרייט אהן ארדנונג און אהן געפעק זיינען די איבערגעבליבענע אנגעקומען אין ווילנא אום צו פליהען פון דאנען נאך דעם ניעמאן. ניט איין קאנאנע האָ-בען זיי צוריקגעבראכט. 343,000 פראנצויזישע סאלדאטען האט די רוסישע רעגירונג בעערדיגט נאך דעם צוריקצוג פון נאפאלעאן'ס ארמעע. דעם 3טען דעצעמבער האט נאפאלעאן צוגעשיקט אין פראנקרייך דעם בעריהמ-טען בוללעטין: „די ארמעע איז פערלארען, אבער דער קייזער איז פאלקאָ-מען געזונד". דעם 18טען דעצעמבער איז ער אליין אנגעקומען אין פאריז.

די ווירקונג פון דיזען אונגליקליכען פעלדצוג איז געווען אן אונגע-הייערע. מיט איין מאל איז זיין גאנצע הערשאפט שוואך געווארען און האט זיך אנגעהויבען צו טרייסלען. עס האט זיך ארויסגעוויזען, דאס מען איז שוין פון לאנג אונצופרידען פון זיין רעגירונג. ער האט יעצט פערלאָ-רען אלע פארטייען. דאס בירגערטום, וועלכעס האט פון איהם ערווארטעט, דאס ער וועט פערבעסערן דעם האנדעל און די אינדוסטריע, האט נאר שטארק געליטען און איז רואינירט געווארען פון דער בלאקאדע און פון די גרויסע און שווערע שטייערן צוליב זיינע מיליטערישע אונטערנעהמונגען. אויף די פעלקער אין אויסלאנד האבען געזיפצט אונטער זיין מיליטערישען יאך. עס איז אפילו וואהר, דאס די פראנצויזישע הערשאפט האט איינגע-פיהרט פיעלע גוטע זאכען, ווי צ. ב. די פראנצויזישע געזעצגעבונג, די אפ-שאפונג פון געבען צאל פיר סחורות אין לאנד זעלבסט, ווען מען ברייננט עס פון איין שטאדט אין אן אנדערע, או. ד. גל., אבער די לאסט פון זיין רעגירונג האט איבערגעוואויגען אלעס. סאלדאטען האבען שטענדיג מאר-

שירט פון איין לאנד אין אן אנדערעס און זיינען געפאלען צו לאסט אויף די איינוואוינער. די סאלדאטען זעלבסט האבען בעהאנדעלט די בירגער זעהר גראב און ברוטאל. די בירגער האבען אימער געהאט צו צאהלען שווערע קאנטריבוציאנען אויסצוהאלטען די אונגעהייערע ארמעען, די גרויסע פאליציי און די מחנה שפיאנען, — דאס אלעס האט געשאפען אין פאלק אן אונגעהייערע ערביטערונג געגען נאפאלעאן. יעצט, אז זיין מאכט איז געבראכען געווארען, איז אלעס ארויס אפען, און זיין שטערן האט אויפגעהערט צו לייכטען. ביי א געוויסען צופאל פון איינעם פון זיינע פריהערדיגע פעלדצוגען האט נאפאלעאן געזאגט: „איך האב אימער געזיגט אין דעם מאמענט, ווען מיר איז פארגעשטאנען א גרויסע געפאהר. איך האב אימער געברויכט קראפט און געשיקטליכקייט. וואלט איך ניט געזיגט ביי אוסטערליטץ, וואלט איך געהאט גאנץ פרייסען אויף מיין האלז; וואלט איך ניט געוואונען די שלאכט ביי יענא, וואלט איך געהאט הינטער זיך עסטרייך און שפאניען; וואלט איך ניט טריאומפירט ביי וואגראם, וואלט איך בעדארפט מורא האבען, דאס רוסלאנד וועט מיך פערלאזען, פרייסען וועט מאכען אן אויפשטאנד און די ענגלענדער זיינען שוין געווען ביי אנטווערפען".

וואס העכער עס איז געשטיגען זיין רוהם, און וואס מעהר פעלקער עס זיינען געווען אונטערווארפען אונטער זיין סצעפטער (שבט מלכות), אלץ נעטיגער איז איהם געווען צו געווינען נייע נצחונות; און ווי ער האט נאר איין מאל פערלארען, האט ער אלעס פערלארען: די פירסטען, וועלכע ער האט בעזיגט, די קעניגען, וועלכע ער האט ארויפגעזעצט אויף נייע טראנען, די סענאטארען, וועלכע זיינען פאר איהם געקראכען אויף אלע פיער, זאגאר זיינע טרייע גענעראלען. די ענדערונג פון גליק צום אונגליק איז געקומען שרעקליך שנעל און פלוצלינג.

די ערסטע איז אפגעפאלען פרייסען, וויל נאפאלעאן האט זי מעהר פון אלעמען טיף געבויגען און געהאלטען אונטערטעניג. דארין איז אייגענטליך געווען שולדיג ניט די פראנצויזישע רעגירונג, נאר די פעהלערן, וואס אייניגע פיהרער האבען געמאכט. אזוי צ. ב. האט דער גענעראל פון יארק, דער קאמאנדיר פון די פרייסישע טרופען, וואס זיינען בעשטימט געווארען אלס הילפס-מיליטער פיר נאפאלעאן'ען, אפגעשלאסען דעם 1טען דעצעמבער מיט דעם רוסישען גענעראל וויטגענשטיין א פערטראג אין טאוראגגען, לויט וועלכען ער האט ערלויבט די רוסען דורכצוגעהן די שטעדט צווישען מעמעל און טילזיט, וועלכע ער האט געהאט בעזעצט

אום צו האַלטען דיזע ערטער נייטראַל. באַלד נאָכדעם האָט דער פּרייסישער קעניג פריעדריך ווילהעלם פערלאָזען בערלין, וועלכע איז געווען בעזעצט מיט פראַנצויזישע מיליטער, און איז אוועק נאָך ברעסלוי. פון דאָרטען איז איהם געווען לייכטער צו אונטערהאַנדלען מיט די רוסען. דאָס איז געווען אַן אָנפאַנג פון עטוואָס וויכטיגערעס, וואָס איז באַלד געשעהען. דעם 1טען מערץ 1813 איז אין קאַליש געשלאָסען געוואָרען אַ בונד צווישען פּרייסען און רוסלאַנד; דער רוסישער קייזער האָט זיך פערפּליכטעט העלפען פּרייסען צוריקשטעלען די פריהערדיגע גרענצען פון דיזען לאַנד, און פּרייסען פון איהר זייט האָט זיך פערפּליכטעט צו געבען רוסלאַנד 80,000 מאַן שטרייטער אום צו פערשטאַרקען די רוסישע אַרמעע, וואָס האָט דאַמאָלס געצעהלט נאָר 150,000 קריגער.

יעצט האָט פּרייסען אָנגעהויבען מיט אַן אונגעוועהנליכען ענטהוזיאַזם זיך פּאָרבערייטען צו אַ שטרייט. דעם 3טען מערץ האָט דער קעניג ארויסגעלאָזען אַן אויפפאָדערונג, אז מען זאָל איהם שאַפען פרייוויליגע יעגער-באַטאַליאָנען. דיזער וואונש פון קעניג איז ערפילט געוואָרען פון פאָלק מיט גרויס חשק. עס האָבען אָנגעהויבען צו קומען אין ברעסלוי טאָג טעגליך מאַסען וואָלונטירען (פרייוויליגע). פון בערלין אַליין זיינען אין דריי טעג געקומען 9,000 מאַן. דעם 15טען מערץ האָט דער קעניג ארויסגעלאָזען דעם בעריהמטען „אויפרוף אַן מיין פאָלק”, אין וועלכען ער האָט אויפגעפאָדערט די גאַנצע נאַציאָן צו נעהמען אַן אָנטייל אין דעם קאַמף מיט נאַפּאָלעאָן’ען, און האָט זיי דערפאַר פערשפּראָכען צו בעגליקען מיט אַ קאָנסטיטוציאָן. דיזע פערשפּרעכונג האָט אויפגעפלאַקערט דאָס גאַנצע פאָלק צום שטרייט. דורך אַ ריכטיגען זיג אין דיזען שטרייט האָט דאָס פּרייסישע פאָלק ערוואַרטעט צו געווינען צווייַ גליקען: בעפרייען זיך פון דעם דריקענדען מיליטאַריזם פון די פראַנצויזען און פון דעם היימישען אַבסאָלוטיזם. ווער זאָל עס ניט וועלען אָנטייל נעהמען אין אַ קאַמף, פון וועלכען, אין פאַל פון זיג, מען קען דערגרייכען פרייהייט און אונאָפּהענגיגקייט? די אַלגעמיינע בעגייסטערונג האָט געהערשט אין אַלע קלאַסען פון פאָלק: פון אַדעל ביז צו דעם בויער אין די דערפער. קויפלייט, האַנטווערקער, בויערן, סטודענטען פון די אוניווערזיטעטען, גימנאַזיסטען פון די העכערע קלאַסען — דיזע אַלע האָבען זיך פרייוויליג אָנגעגעבען צו געהן אין שטרייט, און האָבען דערצו בייגעשטייערט גרויסע סומעס געלט צו דעקען די קאָסטען פון דעם קומענדען שטרייט. זאָגאַר די גרעסטע אָרימע לייט האָבען בייגעשטייערט צו דיזען

שטרייט, יעדער נאך זיין מעגליכקייט. טויזענדער גאלד־רינגען האט מען אויסגעביטען אויף געוועהר. אין א קורצער צייט האבען די וואלונטירען צוזאמענגעשטעלט א גרויסארטיגע ארמעע אין פעלד, און אויסער דעם א גוט ארגאניזירטע לאנד־מיליץ אין אלע דערפער און שטעדט אלס א פער־טיידיגונגס־מאכט. אלע, וואס זיינען געווען פעהיג צו טראגען געוועהר פון 17 ביז 40 יאהר, זיינען געשטאנען גרייט צו געהן אין שטרייט ווען דער קעניג וועט זיי רופען. עס איז געווען נאך אן אפטיילונג פון פאלק־מיליץ, וועלכע האט געהייסען „לאנדשטורם"; אין דיזער אפטיילונג זיינען געווען פעררעכענט אויך אזוינע, וואס זיינען געווען אין אלטער פון 15 ביז 60 יאהר. עס איז ניט געווען קיין רעגירונגס־קריג, נאר א פאלקס־קריג. אלע זיינען געווען בעגייסטערט מיט די אידעאלען פון פרייהייט און אונאפהענגיגקייט, און דאס האט זיי געצוואונגען ווי א מעכטיגער מאגנעט אונטער די פאהנען פון דער ארמעע. מיר וועלען שפעטער זעהן, ווי טריילאז די רעגירונג האט בעצאהלט דעם פאלק פיר זיין ענטהוזיאזם.

דאס פרייסישע פאלק האט געצייגט גבורות. צו די 46,000 סאלדאטען, וואס די רעגירונג האט געהאט ארויסצושטעלען, האט דאס ארימע פאלק פון 4½ מיליאנען אויסגעזויגטע איינוואוינער צוגעגעבען 95,000 רעקרוטען, איבער 10,000 פרייוויליגע יעגער און 120,000 לאנדוועהר, צוזאמען 271,000 מאן. דאס הייסט אויף 17 איינוואוינער איין סאלדאט, אויסער דעם „לאנדשטורם". דער בעריהמטעסטער פון אלע קארפוסען פון די וואלונטירען איז געווען דער ל ו ט צ א ו ו 'ש ע ר פ ר י י ־ ק א ר פ ו ס, וואס איז בעשטאנען מעהרסטענס פון שטודירענדע, וועלכע זיינען בעזונדערס געווען בעגייסטערט צום קאמף פיר דאס פאטערלאנד דורך ט ה ע א ד א ר ק א ר נ ע ר 'ס לידער, און מעהר פון אלעם דורך זיין טויט. נאר די פוילישע בעפעלקערונג פון אויבער־שלעזיען אין פרייסען האט זיך געזוכט ארויסצודרעהען פון דער פליכט צו געהן פרייוויליג אין די ארמעע.

אין פערלויף פון איניגע מאנאטען זיינען די פרייוויליגע געשטאנען אויף איין שטופע אין דער קריגס־קונסט מיט די גוט־געמוסטירטע אלטע סאלדאטען. אין אלע צייטונגען האט מען געדרוקט מאסען פאטריאטישע לידער, וועלכע האבען בעגייסטערט דאס פאלק. זאגאר די „פאסישע צייטונג", וועלכע האט אימער געהאלטען מיט די פראנצויזען, איז געווארען בעגייסטערט מיט פאטערלאנדס־ליבע. אלעס איז געווען דורכגעדרונגען מיט האס צו די פראנצויזען און מיט ליבע צום פאטערלאנד

און מיט בעגייסטערונג צום קאַמף. פרעהליך האָט געקלונגען דאָס ליד פון
פוקע: „פריש אויף צום פרעהליכען יאַגען", ווי אויך דאָס ליד פון
אַרנדט: „וואָס בלאַזען די טראָמפּעטען? הוזאַרען הערוים!" אויך
אַנדערע דיכטער, ווי מאַקס פאָן שענקענדאָרף און
ריקקערט, - האָבען בעגייסטערט דאָס פאָלק און האָבען ערמונטערט
צום קאַמף פיר דאָס פאָטערלאַנד. דער בעליבטעסטער פאָלקס-פּאָעט פון
יענער צייט איז געווען טהעאָדאָר קאָרנער. אויך איינִיגע פּראָ-
זאַ-שריפטען האָבען שטאַרק אונטערגעוואַרמט דעם פאָלקס-גייסט צו קעמ-
פען פיר די פרייהייט און אונאָפּהענגיגקייט פון פאָטערלאַנד, ווי צ. ב.
אַרנדט'ס „קאַטעכיזמוס פיר דען דייטשען קריעגס- אונד וועהרמאַנן" און
„וואָס בעדייטעט לאַנדשטורם אונד לאַנדוועהר". די זיגרייכע שלאַכטען
פון מאָקקערן (5טען אַפּריל) האָבען צום בעסטען בעוויזען, מיט וועל-
כען מוט עס זיינען געווען בעזעעלט די נייע דייטשע טרופּען.

נאַפּאָלעאָן האָט דערווייל געזאַמעלט נייע שטרייט-מאַסען. דער סע-
נאַט האָט בעוויליגט צו הייבען 400,000 מאַן, און ווען פּרייסען האָט ער-
קלערט קריג פראַנקרייך האָט ער בעקומען נאָך 180,000 מאַן. נאַפּאָ-
לעאָן האָט בעשלאָסען צו שאַפען אַן אַרמעע פון ניט וועניגער ווי 800,000
מאַן. צו בעזאָרגען דיזע אַרמעע מיט אַמוניציאָן האָט געפאָדערט אַ סומע
ניט וועניגער פון 1,150 מיליאָנען פראַנקס.

אין מאַי 1813 האָט זיך אָנגעפאַנגען דער נייער ריזיגער קאַמף, וועל-
כער האָט זיך געענדיגט פיר נאַפּאָלעאָן'ען זעהר אונגליקליך. דעם 2טען
מאַי האָט ער געהאַט אַ זיג איבער די פעראייניגטע אַרמעען פון רוסלאַנד
און פּרייסען ביי ליטצען. אויך די שלאַכט, וואָס איז פאָרגעקומען ביי
באַוטצען דעם 20טען מאַי, האָט ער געוואונען. אָבער דיזע נצחונות
האָבען איהם געקאָסט צו טייער. עס האָט אין דער אַרמעע פון פּרייסען גע-
הערשט אַ נייער גייסט, אַזוי דאָס נאַפּאָלעאָן האָט געדענקט וועגען פאָר-
שלאָגען אַ וואַפען-שטילשטאַנד מיט דעם תירוץ אָנצופאַנגען פרידענס-פער-
האַנדלונגען, אָבער זיין גרונד-אידעע איז געווען צוצובריינגען צו זיין אַרמעע
נייע קרעפטען. עס איז איהם געלונגען דורכצופיהרען אַ וואַפען-שטיל-
שטאַנד אויף 2 מאָנאַטען. נאָך דיזער צייט האָט זיך דער קריג ווידער
אָנגעפאַנגען. דיזען מאָל איז עסטרייך אויך אַרוים אין קריג. דעם 19טען
אויגוסט האָט עסטרייך ערקלערט קריג צו פראַנקרייך. עסטרייך האָט ניט
געקענט פערגעסען די נידערלאַגען, וואָס זי האָט געליטען פון די פראַנצוי-
זען ביי מאָרענגאָ, אולם, אַוסטערליטץ, עקקמיהל און וואַגראַם, און האָט בע-

שלאַסען צו נעהמען יעצט ראכע. אויך שוועדען איז צוגעשטאַנען צו די פערבינדעטע און האָט געשיקט מיליטער נאָך פּאָממערן. די פערבינדעטע האָבען געהאַט אין פעלד אַן ערך 800,000 מאַן, וועהרענד פראנקרייך האָט דערווייל געהאַט נאָר 500,000 קריגער. אַזעלכע גרויסע מיליטער־מאַסען האָט נאָך די וועלט ביז דאַן ניט געזעהען.

דעם 26טען און 27טען אויגוסט איז ווידער פאָרגעקומען אַ שלאַכט צווישען נאַפּאָלעאָן'ען און די פערבינדעטע ביי דרעזדען און נאַפּאָלעאָן האָט ווידער געזיגט. די פערבינדעטע אַרמעען האָבען געליטען אַ גרויסע נידערלאַגע. 12,000 עסטרייכער זיינען געפאַנגען געוואָרען. און נאַפּאָלעאָן האָט געהאַט דאָס פערגניגען צו זעהן, ווי זיין געגנער און פיינד מאָראָ, וועלכען ער האָט אַרויסגעטריבען פון פראנקרייך און וועלכען דער רוסישער קייזער אַלכסנדר האָט גערופען צו זיך פון אַמעריקאַ, ווי דיזער מאָראָ איז אַוועקגעטראָגען געוואָרען פון שלאַכטפעלד אַ טויטליך־פערוואונדעטער אויף אַ טראָג־בעטעל. אָבער דיזער זיג איז געווען דער לעצטער. נאָכדעם האָט זיך דאָס גליק פון איהם אָפּגעקעהרט. שוין אין דער זעלבער צייט, ווען נאַפּאָלעאָן האָט געזיגט ביי דרעזדען, האָט גענעראַל בליכער געהאַט אַ גלענצענדען זיג איבער די פראַנצויזען אונטער מאַקדאָנאַלד אין דעם שטרייט ביי קאַטצבאַך אין שלעזיען. די פראַנצויזען האָבען פערלאָרען 18,000 געפאַנגענע און 100 קאַנאָנען. באַלד נאָכדעם האָבען די פראַנצויזען געהאַט נאָך אַ נידערלאַגע ביי קולם און נאָללענדאָרף. אין דיזער שלאַכט איז געפאַנגען געוואָרען דער גענעראַל וואַנדאָממע מיט 10,000 מאַן. אַ דריטע מפּלה האָבען געהאַט די פראַנצויזען אונטער דעם גענעראַל נעי ביי גראָססבעערען (23טען אויגוסט) און דעננעוויטץ (6טען סעפּטעמבער) פון דער פעראייניגטער אַרמעע פון די פּרייסען און שוועדען.

צוליב דיזע מפּלות פון זיינע קאָמאַנדירען האָט נאַפּאָלעאָן ניט געקענט היגדערן די 3 אַרמעען פון די פערבינדעטע — די נאָרדליכע אַרמעע אונטער דעם שוועדישען קרוין־פּרינץ, די שלעזישע אונטער גענעראַל בליכער און די הויפּט־אַרמעע אונטער שוואַרצענבערג — צו פעראייניגען זיך ניט ווייט פון איהם. די געפאַהר פיר איהם איז געוואַקסען פון אַלע זייטען. זיין פּרינציפּ איז אימער געווען צו שלאָגען די אַרמעען פון די פערבינדעטע איינציגווייז איידער זיי פעראייניגען זיך; אָבער דיזען מאָל איז עס איהם ניט געלונגען דורכצופיהרען. זיינע פערבינדונגען מיט'ן רהיין זיינען שוין געוואָרען אונזיכער. עס איז איהם געבליבען צו וועהלען איינעם פון די צוויי

פלענער : אָדער אונטערנעהמען אַן ענטשיידענדע שלאַכט אָדער צוריק־טרעטען. נאָך אַ לאַנגער איבערלעגונג איז נאַפּאָלעאָן אַוועק פון דרעזדען און האָט געמאַכט זיין הויפּט־קוואַרטיר אין די עבענעס (פלאַכע פלעצער) פון לייפּציג. דאָ איז פאָרגעקומען יענע גרויסע פעלקער־שלאַכט, וועלכע האָט געמאַכט אַן ענדע צו נאַפּאָלעאָן'ס קייזער־מאַכט.

די אַיינלייטונג צו דיזער שרעקליכער דראַמאַ איז געווען די בלוטיגע שלאַכט, וואָס איז פאָרגעקומען צווישעןביידע פיינד ביי ליעבערט־וואָלקוויטץ דעם 14טען אָקטאָבער. אָן דער שפּיץ פון דער פראַנ־צויזישער אַרמעע איז געשטאַנען מוראַט, און דער קאָמאַנדיר פון די פער־אייניגטע מעכטען איז געווען שוואַרצענבערג. צוויי טעג שפּעטער האָבען דיביידע הויפּט־אַרמעען זיך געפּאָכטען ביי וואַכאַו, אָבער אָהן ער־פאָלג פיר ביידע זייטען. דעם צווייטען טאָג, אַ זונטאָג, האָט מען נאָר פער־בראַכט אין קליינע געפעכטען און אין אַריינציהען נייע, פרישע טרופּען. דעם 18טען אָקטאָבער איז שוין פאָרגעקומען אַ גרויסע שלאַכט. נאַפּאָ־לעאָן זעלבסט איז געשטאַנען אויף אַ הויכען אָרט און האָט געגעבען די קאָ־מאַנדע ווי צו פיהרען דעם שטרייט. עס איז נאָך געווען שווער פאָרויס־צוזאָגען ווער עס וועט זיגען. פלוצלינג איז אין מיטען דער שלאַכט פאָר־געקומען אַ וויכטיגע ענדערונג אין נאַפּאָלעאָן'ס אַרמעע. די זאַקסען און אַ טייל פון די ווירטטעמבערגער זיינען אין מיטען שטרייט אַריבער צו די פערבינדעטע און האָבען געזיכערט דעם זיג פיר דעם פיינד. די פערבינ־דעטע האָבען געוואונען די שלאַכט. דעם 19טען אָקטאָבער פאַר מיטטאָג האָט נאַפּאָלעאָן פערלאָזען לייפּציג, און די פערבינדעטע האָבען זי גלייך גע־נומען מיט שטורם. ביים איבערגאַנג איבער די עלסטער־בריק האָט נאַ־פּאָלעאָן געמאַכט דעם אָפּברוך פון דער בריק פאַר דער צייט, און צוליב דיזער איבעראײַלונג זיינען אַריינגעפאַלען אין די הענט פון די פערבינדעטע 12,000 קאַמף־פעהיגע סאָלדאַטען און 23,000 קראַנקע. אַחוץ דעם זיי־נען פיעלע טויזענדער דערטרונקען געוואָרען אין די טייכען עלסטער און פּלייססע אין דער צייט, ווען די פראַנצויזען זיינען געלאָפען איבער די וואַ־סערן צו רעטען זיך פון דעם פיינד, וואָס האָט זיך נאָך זיי געיאָגט. נאַפּאָלעאָן האָט פערלאָרען אין דיזען שטרייט 80,000 מאַן, ווערענד די פערבינדעטע מעכטען האָבען פערלאָרען נאָר 50,000 קריגער.

די פראַנצויזען זיינען יעצט יעצט געלאָפען מיט גרויס אײַלעניס אי־בער ערפורט צום רהיין. מען האָט ניט געקוקט אויף דעם, וואָס מען איז הונגעריג און מיד. ביי האַנאַו האָט דער באַיערישער גענעראַל ווורעדע

געפּרובט פערשטעלען דעם וועג דער פראַנצויזישער אַרמעע, וואָס איז גע-לאָפען צוריק אהיים. ער האָט אָבער געכאַפּט פון די פראַנצויזען א מפלה (30טען און 31טען אָקטאָבער), אַזוי דאָס די פראַנצויזען האָבען געקענט אונגעשטערט פאָרטזעצען זייער וועג איבער פראַנקפורט. דער רעסט פון דער פראַנצויזישער אַרמעע איז דאַמאָלס בעשטאַנען נאָר פון 70,000 מאַן, אָבער דיזע זיינען געווען שרעקליך אויסגעמאַטערט. די סאָלדאַטען זיינען געווען אַזוי שוואַך, דאָס נאָך איידער דאָס יאָהר האָט זיך געענדיגט זיינען א העלפט פון זיי צושטאָרבען אין די האָספּיטעלער.

די פאָלגען פון דער שלאַכט ביי לייפּציג זיינען געווען פיר נאַפּאָלע-אָן'ען זעהר טרויעריג. דער רהיין־בונד איז אויפגעלעזט געוואָרען. די שטאַאַטען זיינען איינער נאָך דעם אַנדערען איבערגעגאַנגען צו די פערבינ-דעטע. דאָס קעניגרייך וועסטפאַלען האָט אויפגעהערט צו עקסיסטירען אלס א בעזונדער קעניגרייך. די קורפירסטען פון העססען און די הערצאָ-גען פון ברוינשווייג און אָלדענבורג האָבען זיך צוריקגעקעהרט צו זייערע שטאַאַטען, און דער קעניג פון זאַקסען איז אַריינגעוואָרפען געוואָרען אין געפענגניס. באַלד איז בעשלאָסען געוואָרען, אַז מען זאָל אַריבערגעהן דעם רהיין אום אָנצוגרייפען פראַנקרייך. אָנפאַנגס איז עסטרייך געווען געגען דעם און האָט פאָרגעשלאָגען, אַז מען זאָל בעסער אָנפאַנגען אונטערהאַנדלונ-גען מיט פראַנקרייך וועגען שליסען פרידען. אָבער מען האָט זיך באַלד איבערצייגט, דאָס נאַפּאָלעאָן דענקט גאָרניט וועגען פרידען און וויל ניט הערען דערפון, און ער גרייט זיך פאָרטצוזעצען דעם קריג. דאַמאָלס איז בליכער דער ערסטער אַריבער דעם רהיין. דאָס איז געשעהען אין דער נאַכט פון ניי־יאָהר 1814 ביי קאַוב און אַנדערע ערטער צווישען מאַננ-היים און קאָבלענץ. שוואַרצענבערג מיט דער הויפּט־אַרמעע איז דורך די שווייץ אַריין אין זיד־אָסט־פראַנקרייך. אויך איבער די פּירענעען האָ-בען זיך פיעלע פיינד פערנאַנדערגעשפּרייט איבער פראַנקרייך. דאָס האָ-בען זיך פעראייניגט ענגלענדער, שפּאַניער און פּאָרטוגעזען צו בעפאַלען פראַנקרייך.

געגען דיזער אונגעהייערער מיליטערישער מאַסע האָט נאַפּאָלעאָן גע-קענט שאַפען זעהר א קליינע און א שוואַכע מאַכט: קליינע רעסטען פון זיין אַרמעע און א קליינע צאָהל פון דער נאַציאָנאַל־גוואַרדיע, וואָס ער האָט צוזאַמענגעקליבען אין איילעניס. נאַפּאָלעאָן האָט געוואָלט איבער־א־נייס שאַפען א גרויסע אַרמעע, אָבער ער האָט בעגעגענט שטרענוגען. דאָ איז איהם ווידער געקומען צו הילף זיין גרויסער קריגס־זשעניע. ער האָט גע-

וואוסט, דאָס די שלעזישע אַרמעע פון די פערבינדעטע קען ניט מאַרשירען צוזאַמען מיט דער הויפּט־אַרמעע, ווייל עס האָט איהר געפעהלט פּראָוויזיאָן, דעריבער האָט ער געוואַגט שיקען אַ קליינע צאָהל טרופּען צו שטערען שוואַרצענבערג'ס אַרמעע פּאַרטצוזעצען דעם מאַרש, און אַליין האָט ער זיך מיט זיינע טרופּען געוואָרפען שנעל ווי אַ פייל פון בויגען אויף בליכער'ס אַרמעע, וועלכע האָט עס גאַרניט ערוואַרטעט. אין פינף טעג האָט ער גע־וואונען פינף שטרייטען, אַזוי דאָס בליכער איז געווען געצוואונגען צוריק־צוטרעטען (10טען—14טען פעברואַר). דאַן האָט ער זיך געווענדט געגען די הויפּט־אַרמעע פון די פערבינדעטע און האָט זי שנעל בעזיגט אין צוויי ערטער: ביי נאַנזשיס און מאָנטעראָ (17טען—18טען פעב־רואַר) און האָט זי געצוואונגען צוריקצוטרעטען נאָך טראָיעס (טרואַ).

דיזע נייע נידערלאַגען האָבען זעהר ענטמוטיגט די פערבינדעטע און זיי זיינען געווען צופרידען אָנצונעהמען די פרידענס־בעדינגונגען, וועלכע זיינען פאָרגעשלאָגען געוואָרען וועהרענד די פערהאַנדלונגען פון פרידען אין שאַטילליאָן. אָבער נאַפּאָלעאָן האָט יעצט געפאָדערט אַזוי פיעל, דאָס די פערבינדעטע האָבען פיר קיין פאַל ניט געקענט איינשטימען, און האָבען דעריבער בעשלאָסען אָפּצובּרעכען אַלע פערהאַנדלונגען און פּאַרטצוזעצען דעם קריג. די פערבינדעטע האָבען דערווייל ווידער בעקומען מוט דורך דעם, וואָס נאַפּאָלעאָן'ס ביטערסטער פיינד, בליכער, האָט דערווייל גע־שלאָגען די פראַנצויזען אין 2 שלאַכטען ביי קראַאָננע און לאַאָן (7טען און 9טען מערץ). יעצט האָבען די פערבינדעטע בעשלאָסען אָנצו־ווענדען אַלע קרעפטען צו נעהמען פּאַריז און אַרונטערזעצען נאַפּאָלעאָן'ען פון טראָן. נאַפּאָלעאָן האָט אין דיזער צייט געפּאַסט אַ בעשלוס איבערצו־טראָגען דעם צענטער פון קריג צווישען רהיין און מאָזעל. אָבער די פער־בינדעטע האָבען זיך ניט אָפּגעשטעלט ביי דער גרענעץ, ווי נאַפּאָלעאָן האָט גערעכענט, נאָר זיי זיינען געגאַנגען אויף פּאַריז. די רעסטען פון דער פראַנ־צויזישער אַרמעע האָבען געמוזט געהן צוריק נאָך פּאַריז אום צו בעשיצען די שטאָדט געגען די אָנגריפען פון פיינד. דאָ האָט יאָזעף באָנאַפּאַרטע געפיהרט די פערטיידיגונג, וועלכע איז אָבער צוליב געוויסע אינטריגעס געפיהרט געוואָרען זעהר ניט געלונגען, אַזוי דאָס די שטאָדט האָט ניט גע־קענטביישטעהן געגען די אָנגריפען פון פיינד און האָט זיך אונטערגעגעבען צו די פערבינדעטע (30טען מערץ).

אָן דער שפּיץ פון 200,000 מאַן זיינען די מאָנאַרכען מיט די קאָמאַנ־דירען אַריין אין פּאַריז. יעצט האָט זיך אָנגעהויבען אַ טעטיגע אַרבייט פון

די בורבאָנען און זייער פּאַרטיי אום צו פערנעהמען צוריק דעם טראָן. דער סענאַט, וועלכער איז פריהער געקראָכען אויף אַלע פיער אום צו שמייכלען נאַפּאָלעאָן'ען, האָט יעצט, דעם 1טען אַפּריל 1814, איהם אַרונטערגעזעצט פון טראָן און האָט פערפאַסט אַ נייע קאָנסטיטוציאָן. די קרוין איז איבערגעגעבען געוואָרען צו דעם גראַף פון אַרטואַ, דעם ברודער פון לודוויג דעם 16טען, און ער האָט בעשטעטיגט די הויפּט־פּרינציפּען פון רעפּרעזענטעטיוו־סיסטעם.

נאַפּאָלעאָן מיט זיין טרייער גוואַרדיע האָט זיך דאַמאָלס געפונען אין פאָנטעינעבלאָ. ער האָט לאַנג ניט געוואוסט וואָס צו טאָן; ער האָט וועניגסטענס געוואָלט, אַז זיין זוהן זאָל בעשטימט ווערען אַלס זיין נאָכפאָלגער, און ער זאָל זיך אַליין ענטזאַגען פון טראָן אום זיין זוהן זאָל איהם בעקומען. אָבער די פערבינדעטע האָבען עס ניט געוואָלט הערען און האָבען איהם געצוואונגען אונטערצושרייבען זיך אונטער דעם אַקט, דאָס ער האָט זיך ענטזאַגט פון טראָן. מען האָט איהם איבערגעגעבען די אינזעל עלבאַ אַלס אייגענטום מיט אַן איינקונפט פון 2 מיליאָנען אַ יאָהר, און אויסער דעם זאָל ער האָבען אַרום זיך 4,000 מאַן פון זיין טרייער גוואַרדיע. די קייזערין האָט ערהאַלטען דאָס הערצאָגטום פּאַרמאַ מיט דעם רעכט צו איבערלאָזען עס אַלס ירושה פיר איהר זוהן. אויך די איבריגע מיטגלידער פון דער פאַמיליע באָנאַפּאַרטע האָבען בעקומען רייכע מתנות. דעם 30טען אַפּריל האָט נאַפּאָלעאָן גענומען אָפּשייד פון זיין טרייער גוואַרדיע, וועלכע האָט ביטער געוויינט איבער זיין פאַל, און איז אַוועק צום זידליכען ברעג פון ים צו זיין בעשטימטען אָרט, דער אינזעל עלבאַ. דאָס פאָלק האָט איהם בעגלייט מיט קללות פיר די ליידען, וואָס ער האָט איהם פערשאַפט — דאָס זעלבע פאָלק, וואָס האָט איהם פריהער פערגעטערט.

מיט עטליכע וואָכען שפּעטער, דעם 30טען מאַי 1814, איז אָפּגעשלאָסען געוואָרען דער ערסטער פּאַריזער פרידען. גאַנץ אייראָפּאַ האָט אָפּגעאָטעמט פריי. פראַנקרייך האָט ערהאַלטען אַ נייע פערפאַסונג, לודוויג דער 18טער איז געוואָרען איהר קעניג און איהרע גרענצען זיינען געוואָרען די זעלבע ווי אין יאָהר 1792. דאָס פרעמדע מיליטער פון די פערבינדעטע האָט פערלאָזען דעם פראַנצויזישען באָדען, און דער קאָנגרעס פון וויען האָט גענומען אויסאַרבייטען די בעדינגונגען פון דער נייער אָרדנונג אין אייראָפּאַ.

דיזער קאָנגרעס האָט געדויערט פון סעפּטעמבער 1814 ביז יוני 1815. עס איז געווען אַ זעהר זעלטענע גלענצענדע פערזאַמלונג, וועלכע האָט גע-

האט אַלס איהר אויפגאַבע צו פערניכטען אַלעס, וואָס די פראַנצויזישע רע־וואָלוציאָן און נאפאָלעאָן האָבען פערענדערט אין אייראָפּא. דער קאָנגרעס האָט בעדאַרפט צוריק איבערגעבען צו די אַרונטערגעזעצטע פירסטען זייער הערשאַפט מיט זייערע לענדער און אָפּשאַפען אַלע רעפּובליקאַנישע פער־פאַסונגען. וועגען דיזע פונקטען האָבען זיך אַלע גיך געאייניגט, נאָר ווען עס איז געקומען צו בעשטימען וויפיעל יעדע פון די שטרייטענדע מעכטען פון פערבאַנד זאָל בעקומען אַלס ערזאַץ פיר די פערלוסטען, וואָס זי האָט געליטען פון דעם שטרייט, דאָ האָבען זיך צווישען די קאָנגרעס־לייט אָנגע־הויבען רייסערייען. דער עסטרייכישער מיניסטער מעטטערניך האָט געברויכט אַלערליי שפּיצלאַך און אינטריגעס אום צו פערשפּרייטען האָס צווישען די מיטגלידער פון קאָנגרעס אום צו ציהען דערפון נוצען פיר עסט־רייך. די שפּאַנונג האָט דערלאַנגט צו אַזאַ שטופּע, דאָס עס האָט געהאַל־טען, אַז די מעכטען זאָלען ערקלערען קריג איינע די אַנדערע. עס האָט גע־האַלטען דערביי, דאָס די מיטגלידער פון קאָנגרעס זאָלען פערלאָזען וויען אָהן אַ בעשלום. פּלוצלינג איז אָנגעקומען אַ ידיעה, דאָס נאפאָלעאָן איז צוריקגע־קומען פון זיין אינזעל עלבאַ. דאָס האָט געצוואונגען דעם קאָנגרעס צו אייניגען זיך און מאַכען אַן ענדע צו אַלע זייערע סכסוכים. דער קאָנגרעס האָט ערקלערט דעם רוהע־שטערער (נאפאָלעאָן) אויסער דעם געזעץ און האָט גלייך צוזאַמענגעשטעלט אַ גרויסע מאַכט, וואָס זאָל זעהן, אַז דער פּאַריזער טראַקטאַט זאָל פּינקטליך אויסגעפיהרט ווערען.

נאפאָלעאָן האָט געוואַגט צוריקקומען פון זיין אינזעל עלבאַ, ווייל ער האָט זיך דערוואוסט, אַז דאָס פראַנצויזישע פאָלק איז זעהר ניט צופרידען מיט דעם בורבאָנישען הערשער. דאָס ערסטע, וואָס דיזער הערשער האָט געטאָן, איז געווען, צו פערוואַרפען דעם הויפּט־פּרינציפּ פון דער רעוואָלו־ציאָן, דאָס דער קעניג קריגט זיין מאַכט ניט פון גאָט'ס גנאַדען, נאָר פון פאָלק. ער האָט אַרויסגעלאָזען אַ נייע פערפאַסונג, לויט וועלכער דער קע־ניג אַליין האָט די מאַכט דורכצופיהרען די געזעצען, ער אַליין האָט דאָס רעכט צו ערקלערען קריג און שליסען פרידען. הגם ער האָט געלאָזען די מאַכט און רעכט פון מאַכען געזעצען צום פאָלק, האָט ער אָבער דיזעס רעכט שטאַרק בעשרענקט דערמיט, וואָס ער האָט נאָר דער רעגירונג געגעבען דאָס רעכט צו מאַכען פאָרשלאַגען וועגען נייע געזעצען. דער בורבאָנישער הויף האָט זיך געמאַכט פערהאַסט ביים פאָלק דורך זיינע רעאַקציאָנערע מאַס־רעגלען, ווי אויך דורך דעם, וואָס ער האָט בעליידיגט די אַרמעע און די רעוואָלוציאָנס־מענער.

נאַפּאָלעאָן'ס אָפיצערען האָט מען אַרויסגעשיקט פון דער אַרמעע און דערביי האָט מען פאַר זיי געהאַלטען בעלײדיגענדע רעדעס. נאַפּאָלעאָן'ס גוואַרדיע האָט מען געשיקט אַהיים און אָנשטאָט איהר האָט מען גענומען שווייצאַרישע סאָלדאַטען. אָבער די גייסטליכע, דער אַדעל און די עמי-גראַנטען האָבען זיך יעצט געפיהלט פעסט אין זייער שטאַנד און האָבען געברויכט אַלערליי מיטלען אום צוריק צו געווינען זייערע פערלאָרענע גי-טער און פּריווילעגיעס פון דער אַלטער פעאָדאַל-צייט. מען האָט זאָגאַר גערעדט וועגען דעם, אַז מען זאָל פערניכטען אַלעס, וואָס איז געענדערט געוואָרען אין די לעצטע 25 יאָהר. אַלעס, וואָס איז ביים פאָלק געווען היי-ליג אַלס דער אידעאַל פון דער רעוואָלוציאָן, האָבען יעצט די גייסטליכע און דער אַדעל געוואָלט פערניכטען, רעכנען עס פיר אַ פערברעכען, פיר וועלכעס מען זאָל שטרענג בעשטראָפט ווערען אויף דעם אַלטען שטייגער.

די אונצופרידענהייט פון די מאַסען פון פאָלק איז געוואַקסען פון טאָג צו טאָג. בעזונדערס האָט געשטיגען די אונצופרידענהייט, ווען עס זיינען צוריקגעקומען אין לאַנד 100,000 סאָלדאַטען פון נאַפּאָלעאָן'ס אַרמעע, וועלכע זיינען געווען פול מיט בעגייסטערונג פיר נאַפּאָלעאָן'ס זשעניע. דיזע אַלע ענדערונגען און אונצופרידענהייטען האָט נאַפּאָלעאָן גוט געוואוסט זייענדיג אויף זיין אינזעל עלבאַ. זיין האָפנונג ווידער צוריקקעהרען זיך אויף דעם טראָן איז געוואַקסען פון טאָג צו טאָג. דעם 1טען מערץ 1815 איז ער ווידער אָנגעקומען אין פראַנקרייך מיט 900 פון זיין גוואַרדיע און איינינע אַנדערע וואָלונטירען. ער האָט באַלד צושיקט איינינע פּראָקלאַ-מאַציאָנען, אין וועלכע ער האָט פערשפּראָכען דעם פאָלק צוריקצוגעבען איהם אַלע רעכטען, וועלכע די רעוואָלוציאָן האָט איהם געגעבען; די סאָלדאַטען האָט ער פערשפּראָכען קריגס-רוהם, די בירגער האָט ער צוגעזאָגט פערבע-סערן די אינדוסטריע און דעם האַנדעל. מיט דיזע פּראָקלאַמאַציאָנען האָט ער צוגעצויגען צו זיך די מעהרסטע פון פאָלק. וואוהין ער איז געקומען איז ער אויפגענומען געוואָרען מיט גרויס ענטהוזיאַזם. ענדליך איז ער אָנגעקומען אין פּאַריז. די מאַסען, וואָס האָבען זיך אַרום איהם פערזאַ-מעלט, זיינען געוואַקסען יעדען טאָג. די טרופּען, וואָס די רעגירונג האָט געשיקט געגען איהם, זיינע אַלע איבערגעגאַנגען אויף זיין זייט. דער קעניג איז ענטלאָפען נאָך גענט. אין צייט פון דריי וואָכען איז נאַפּאָ-לעאָן געוואָרען דער הערשער פון לאַנד אָהן שום בלוט-פערגיסונג. ער האָט געמאַכט איינינע ענדערונגען אין דער פערפאַסונג אין דעם זין פון דער רע-

וואָלוציאָן ; דיזעס האָט נאָך מעהר בעפעסטיגט זיין לאַגע און דאָס גאַנצע פאָלק איז ווידער געוועזן מיט איהם.

נאפּאָלעאָן האָט אויך פערזיכערט די אויסלענדישע מעכטען, דאָס ער וועט היילינג אָפּהיטען דעם פּאריזער פרידען, אָבער דאָס האָט איהם ניט גע-האָלפען געגען אייראָפּא ; אַלע אויסלענדישע מעכטען האָבען זיך איבער-אַ-ניים פעראייניגט געגען איהם. זיי האָבען זיך פריהער גענומען צו מור-ראַט'ן, נאפּאָלעאָן'ס שוואָגער, וועלכער האָט ניט געפאָלגט נאפּאָלעאָן'ס ווארנונג, אז ער זאָל ניט מאכען קיין איבערא־יילטען שריט, און האָט דורך זיין מאַניפעסט פון 31טען מערץ 1815 אָפּגערופען אַלע פעלקער פון אי-טאַליען צום קאַמף פיר די איינהייט פון לאַנד און איז בעפאַלען רוים מיט 30,000 מאַן. די עסטרייכער האָבען גיך געבראַכט אין אויבער־איטאַליען אַ גרויסע אַרמעע און האָבען בעזיגט מוראַט'ן אין דער שלאַכט ביי ט אָ-ל ע נ ט י נ אָ (2טען מאי 1815). מוראַט האָט געמוזט ענטלויפען. די עסטרייכער האָבען אריינגעמארשירט אין זיין הויפּטשטאָדט נעאַפּעל און האָבען איבערגעגעבען דאָס קעניגרייך צו זיין אַלטען הערשער פ ע ר ד י-נ א נ ד פון סיציליען.

יעדע פון די פעדבינדעטע מעכטען האָט זיך פערפּליכטעט צו שיקען 150,000 מאַן אום צו בעקעמפען נאפּאָלעאָן'ען. די פערבינדעטע זיינען יעצט געווען : ענגלאַנד, עסטרייך, פּרייסען און רוסלאַנד. עס זיינען צוגעגרייט געוואָרען פיר דעם קאַמף מיט נאפּאָלעאָן'ען 600,000 מאַן, אָבער עס איז בעשלאָסען געוואָרען, אז מען זאָל פערגרעסערן די אַרמעע ביז 800,000 מאַן. דער פּלאַן איז געמאַכט געוואָרען, דאָס ש וו א ר צ ע נ-ב ע ר ג זאָל מיט דער עסטרייכישער אַרמעע און די סאָלדאַטען פון זיד־דייטשלאַנד אריבער דעם אויבער־רהיין, ב א ר ק ל ע י ד ע ט א ל ל י זאָל מיט די רוסען אריבערטרעטען דעם מיטעל־רהיין, ב ל י כ ע ר מיט די פּרייסען און זאַקסען דעם אונטער־רהיין און וו ע ל ל י נ ג ט אָ ן מיט די ענגלישע, האַננאָווערישע און האָלענדישע טרופּען זאָלען בעזעצען די נידערלאַנדען. אום דאָס פאָלק זאָל געהן אין שטריט מיט מעהר אייפער און ענטהוזיאַזם האָט דער פּרייסישער קעניג פערשפּראָכען צו געבען אַ קאָנסטיטוציאָנעלע פערפאַסונג, און ער האָט געגעבען אַ בעפעהל, דאָס דעם 1טען סעפּטעמבער זאָל צוזאַמענקומען אין בערלין אַ פערזאַמלונג פון ער-וועהלטע פּערזאָנען און בעאַמטע אום אויסצואַרבייטען די פּונקטען און פּרינציפּען פון דער נייער פערפאַסונג.

נאַפּאָלעאָן האָט צוזאַמענגענומען זיינע שטרייט־קרעפטען און האָט זיך געאיילט צו בעפאַלען דעם פיינד איידער די מעכטען האָבען נאָך געקענט בעוויזען פאָרצובערייטען די פערשפּראָכענע אַרמעען און זיך גוט פעראייניגען. אין אַ קורצער צייט איז ער אָנגעקומען מיט זיין אַרמעע אין בעלגיען. דאָרטען זיינען געשטאַנען בליכער מיט דער פּרייסישער אַרמעע און וועללינגטאָן מיט די ענגלענדער און האָללענדער. דעם 16טען יוני איז נאַפּאָלעאָן בעפאַלען בליכער'ן ביי ליגני און האָט איהם בעזיגט, און דער גענעראַל נעי האָט געהינדערט וועללינגטאָן'ען צו העלפען בליכער'ן. מיט 2 טעג שפּעטער, דעם 18טען יוני, האָט נאַפּאָלעאָן אָנגעגריפען וועללינגטאָן'ען ביי וואַטערלאָאָ. נאַפּאָלעאָן האָט אָנגעווענדט זיינע לעצטע קרעפטען אום צו געווינען דעם שטרייט; דאָ איז אָבער בליכער אין צייט געקומען וועללינגטאָן'ען צו הילף און נאַפּאָלעאָן האָט געליטען אַ שרעקליכע נידערלאַגע. די פראַנצויזען זיינען מיט שרעק און אין אונאָרדנונג צולאָפען פון שלאַכטפעלד. נאַפּאָלעאָן זעלבסט האָט זיך קוים גערעטעט פון די פערפאָלגער. אָהן אַ הוט און אָהן אַ דעגען איז ער ענטלאָפען פון שלאַכטפעלד. די גאַנצע נאַכט האָבען איהם נאָכגעיאָגט 2 רעגימענטען רייטער. דיזע ראַסטלאָזע פערפאָלגונג האָט פערפאָלקאָמט זיין אונגליק.

דעם 20טען יוני איז נאַפּאָלעאָן אָנגעקומען אין פּאַריז. דאָ האָט ער געפונען אַ שרעקליכע ענדערונג. די קאַמערן האָבען מעהר ניט געוואָלט הערען פון קיין קאַמף און האָבען אָנגעווענדט אַלעס צו רעטען דאָס לאַנד. זיי האָבען פון נאַפּאָלעאָן'ען געפאָדערט, אַז ער זאָל אָפּדאַנקען פון טראָן, און האָבען ערקלערט, דאָס ווען ער וועט עס ניט טאָן, וועט מען איהם אַראָפּזעצען און פערהאַפטען. דעם 22טען יוני האָט נאַפּאָלעאָן אַריינגעשיקט צו די קאַמערן זיין אָפּדאַנקונג צו גונסטען פון זיין זוהן נאַפּאָלעאָן דעם 2טען. דערפאַר האָבען איהם די קאַמערן אויסגעדריקט אַ דאַנק אין נאָמען פון פאָלק. דעם 26טען יוני האָט ער פערלאָזען פּאַריז טיף געקרענקט און איז אוועק נאָך מאַלמעיזאָן. פון דאַנען האָט ער נאָך אַ מאָל אַריינגעשיקט צו דער דערוויילינער רעגירונג זיין פּראָיעקט צו דינען אין דער פראַנצויזישער אַרמעע נאָר אַלס אויבער־קאָמאַנדיר. די רעגירונג האָט ענטזאָגט צו ערפילען זיין וואונש און האָט איהם זאָגאַר געצוואונגען, אַז ער זאָל פערלאָזען אייראָפּאַ און בעזעצען זיך אין אַמעריקאַ. דעם 29טען יוני האָט ער פערלאָזען מאַלמעיזאָן און דעם 3טען יולי איז ער געקומען אין ראָשעפאָרט. דאָ האָט ער געפונען דעם ברעג פערבלאָקירט פון די ענגלענדער. ער האָט נאָך געקענט פון דאָרט ענטלויפען, ער האָט אָבער איינ-

געשטעלט און איז אַרויף פיר שוץ אויף דאָס ענגלישע שיף ב ע ל ל ע-ר אָ פ אָ ן, ווייל ער האָט גערעכענט אויף די גרויסמוטיגקייט פון די ענג-לענדער. ער האָט זיך אָבער פעררעכענט. די פערבינדעטע האָבען איהם ערקלערט אַלס זייער געפאַנגענעם און האָבען איהם פערשיקט אויף די איינ-זאַמע פעלזיגע אינזעל ס ט. ה ע ל ע נ אַ אין אַטלאַנטישען אָקעאַן.

דעם 16טען אָקטאָבער איז נאַפּאָלעאָן אָנגעקומען אויף סט. העלענאַ. נאָר איניגע פריינד האָבען געטיילט זיין שיקזאַל און זיינען מיט איהם פער-בליבען אויף דיזער איינזאַמער אינזעל. דאָ האָט נאַפּאָלעאָן פערבראַכט זיינע לעצטע טעג איינזאַם, ווייט פון זיין פאַמיליע און פון זיינע פריינד אין פאַלשטענדיגער אונטעטיגקייט. די שווערע ליידען איבער זיין אונטער-גאַנג און די שטרענגע גראָבע בעהאַנדלונג פון דעם גובערנאַטאָר פון דער אינ-זעל האָבען איהם גיך געבראָכען קערפּערליך און גייסטיג. דעם 5טען מאַי 1821 איז ער געשטאָרבען, און דעם 28טען מאַי איז ער בעערדיגט געוואָ-רען אין דעם טאָל סטאַנע.

נאָך דעם, ווי נאַפּאָלעאָן האָט אָפּגעדאַנקט פון טראָן, איז באַלד גע-גרינדעט געוואָרען אַ פּראָוויזאָרישע (דערווייליגע) רעגירונג. אָן דער שפּיץ פון דיזער רעגירונג איז געשטאַנען פ ו ש ע. דער ציל פון דיזער רעגי-רונג איז געווען אַרויפצוזעצען צוריק אויף'ן פראַנצויזישען טראָן די בור-באָנישע דינאַסטיע. עס האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ גאַנצע רייהע פון אינטרי-געס. לודוויג דער 18טער, וועלכער איז געווען אין גענט, וואוהין ער איז ענטלאָפען אין דער צייט, ווען נאַפּאָלעאָן איז צוריקגעקומען אין פראַנקרייך פון זיין אינזעל עלבאַ, האָט אַרויסגעלאָזען צום פראַנצויזישען פאָלק אַ פּראָקלאַמאַציאָן, אין וועלכער ער האָט צוגעזאָגט דעם פאָלק אַלערליי גליקען, און וועלכע איז אין אַלגעמיין געשריבען געוואָרען אין אַ זעהר פריינדליכען טאָן. אום צו זיין זיכערער מיט זיין ערפאָלג האָט לודוויג דער 18טער געמאַכט דעם אַלטען קעניג־מערדער פושע אַלס מיניסטער, און דיזער, אַלס דאַנק פיר דיזער שטעלע, האָט געגעבען צו וויסען דעם פאָלק, דאָס די פער-בינדעטע מעכטען זיינען אַלע איינשטימיג, דאָס לודוויג דער 18טער זאָל ווידער בעשטייגען דעם טראָן. די ביידע קאַמערן פון די פאָלקס־פערטרע-טער זיינען באַלד אויפגעלעזט געוואָרען.

דערווייל איז בליכער אַריין אין פּאַריז. שוין פריהער (7טען יולי) איז צ י ע ט ע ן אַריין אין די פראַנצויזישע הויפּטשטאָדט. די סאָלדאַטען פון די מעכטען האָט מען צושטעלט אין די קוואַרטירען פון די בירגער אום זיי מעהר איינצושרעקען. בליכער האָט אַרויפגעלעגט אויף די פראַנצויזען אַ

קאָנטריבוציאָן פון 100 מיליאָנען פראַנקס. אויסער דעם האָבען זיי גע-מוזט געבען די סאָלדאַטען פיר 2 מאָנאַטען געהאַלט און די נעטיגע שפּייז און קליידונג פיר דיזע צייט. יעצט זיינען די אויסלענדישע מעכטען געווען זעהר שטרענג און הארט צו די פראַנצויזען. די מילדקייט, מיט וועלכער זיי האָבען בעהאַנדעלט די בעזיגטע אין פאָריגען יאָהר, איז אין גאַנצען פער-שוואונדען געוואָרען. לודוויג דער 18טער איז שוין פריהער געקומען אין פּאַריז אונטער דעם שוץ פון דעם ענגלישען גענעראַל וועללינגטאָן. די אַלטע אָרדנונג פון דער בורבאָנישער רעגירונג איז ווידער אריין אין קראַפט, און דאַן איז געשלאָסען געוואָרען דער צווייטער פּאַריזער פרי-דען. די גרענעצען פון פראַנקרייך זיינען לויט דיזען פרידען פעסטגע-שטעלט געוואָרען די זעלבע ווי אין יאָהר 1790. אויסער דעם האָט פראַנק-רייך געמוזט צוריקגעבען אַלע טייערע קונסט-זאַכען, וועלכע זי האָט גערויבט פון די אונטערדריקטע פעלקער, בעצאָהלען 700 מיליאָנען אַלס קריגס-קאָנ-טריבוציאָן און אויסהאַלטען אין פראַנקרייך 5 יאָהר אויף איהרע הוצאות אַן אַרמעע פון 15,000 סאָלדאַטען פון די פערבינדעטע מעכטען.

דער וויענער קאָנגרעס איז ניט אונטערגעבראָכען געוואָרען דורך דעם, וואָס נאַפּאָלעאָן איז צוריקגעקומען פון דער אינזעל עלבא. די הויפּט-אַר-בייט פון קאָנגרעס איז געווען איינצואָרדנען די טעריטאָריעס פון די איי-ראָפּעאישע הערשער. אויך די פּוילישע פראַגע האָט געפאָדערט ביים קאָנ-גרעס פיעל צייט און מיה. אַ גרויסע ראָלע האָבען געשפּילט ביי די ענט-שיידונגען פון קאָנגרעס אַלערליי אינטריגעס. מיר לאָזען דורך די צאָנ-קערייען און די דעבאַטען, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין קאָנגרעס צוליב די נייע בעשטימונגען פון די גרענעצען פון די פערשיידענע טעריטאָריעס און הערשאַפטען, ווייל עס וועט זיין פיר דעם לעזער צו לאַנגווייליג. נאָר וועגען ווארשא געפינען מיר פיר נעטיג צו דערמאָהנען, דאָס דער קאָנגרעס האָט בעשלאָסען צו פערגרעסערן און ערהייבען דאָס הערצאָגטום ווארשא צו אַ קאָנסטיטוציאָנעלען קעניגרייך פּוילען, און דאָס די קרוין פון דיזען קעניגרייך זאָל איבערגעגעבען ווערען צום רוסישען קייזער, אַזוי דאָס פון דאַמאָלס אָן האָט דער רוסישער קייזער בעקומען אַ צוגאָב צו זיין פריהער-דיגען טיטעל אויף דעם טיטעל „קעניג פון פּוילען“.

די בעשלוסען פון קאָנגרעס וועגען די טעריטאָריעס פון דייטשען בונד זיינען געווען נאָך פיעל ערגער ווי זיינע בעשלוסען וועגען אַנדערע טערי-טאָריעס. מיט גרויס מיה האָט מען צוזאַמענגעבונדען די 39 פערשיידענע מלוכה'לאַך פון זיד-דייטשלאַנד אין איין בונד, וועלכער איז נאָך אַלעמען

געוועז זעהר שוואַך צוזאַמענגעקניפּט. דער הויפּט־אָרגאַן פון דיזען דייטשען בונד איז געוועז דער „בונדעס־טאַג”, וועלכער האָט געהאַט זיינע זיצונגען אין פראַנקפורט אַם מאַין. אָבער דיזער אָרגאַן האָט ניט געהאַט די נעטיגע מאַכט צו פערטרעטען די נאַציאָן אין אויסלאַנד, און אויך ניט צו בעזאָרגען און צו רעגולירען די אינערליכע לעבענס־אינטערעסען. אויסער דעם איז דער דייטשער בונד געוועז נאָר אַ פערבאַנד פון רעגירונגען. דאָס פאָלק האָט דאָרט ניט געהאַט קיין פערטרעטער. דער בונד האָט אפילו צוגעזאָגט צו געבען צו אַלע דייטשע שטאַאַטען אַ נייע פערפאַסונג, אָבער עס איז געבליבען נאָר ביים פערשפּרעכען. די פרוכט פון בעפרייאונגס־קריג האָבען גענאָסען נאָר די פירסטען. עס איז ניט געוועז אַ קריג צו בעפרייען פעלקער פון אַן אַבסאָלוטען הערשער, נאָר אַ קריג צו בעפרייען פירסטען.

# די געשיכטע פון ענגלאַנד.

## א. די ערפינדונגען און די אינדוסטריעלע ענטוויקלונג אין אָנפאנג פון 19טען יאָהרהונדערט.

די געשיכטע פון ענגלאַנד זינט דעם לעצטען דריטעל פון 18טען יאָהרהונדערט איז איינע פון די אינטערעסאַנטעסטע עפּאָכען אין דער וועלט=געשיכטע. פון יענער צייט אָן איז פאָרגעקומען אין דער ענגלישער געזעלשאַפט אַזאַ רעוואָלוציאָן, וועלכע האָט צו זיך קיין גלייכען ניט. די רעוואָלוציאָן איז פאָרגעקומען ניט דורך די מאַכט פון שווערד, ניט דורך פּאָליטישע איבערקעהרעניסען, נאָר דורך די קראַפט פון מענשליכען גייסט און דורך די מאַכט פון אַרבייט. צום ערסטען מאָל האָט די אַרבייט געפייערט אַ גלענצענדען טריאומף. זי האָט בעוויזען, ווי אונענדליך שטאַרקער זי איז פון דעם שווערד. זי האָט בעוויזען, דאָס זי איז אין שטאַנד אין איניגע יאָהרען אַזוי צו פערענדערן און צו ענטוויקלען די געזעלשאַפט, ווי דער שווערד איז עס ניט געווען אין שטאַנד צו טאָן אין פיעלע יאָהרהונדערטער. דער שרייבער פון קולטור=געשיכטע, וועלכער אינטערעסירט זיך איבערהויפּט מיט די פריידען און ליידען פון גאַנצען פאָלק און ניט נאָר פון די פירסטען און די מעכטיגע, קען ניט געפינען קיין ערהאַבענערע שוישפּיל, ווי די ענדערונג אין דער אינדוסטריע אין ענגלאַנד. דיזע שוישפּיל וועט איהם אָנפילען מיט האָפנונג, דאָס די אַרבייט וועט פיהרען די מענשהייט צו דער העכסטער שטופע פון גליק. און הגם דער היסטאָריקער וועט אויך אויסגעפינען, דאָס דיזע גרויסע ענדערונג אין דער אינדוסטריע האָט געבראַכט פיעלע פון דער מאַסע אין עלענד, פערשקלאַפענדיג זייער אַרבייט, דאָך וועט ער געפינען אַ טרייסט אין דיזען צושטאַנד, וועלכער איז דאָך ניט מעהר ווי אַן איבערגאַנג צו אַ בעסערער צייט; ער וועט דיזען צושטאַנד

בעטראַכטען אַלס די וועהען פון אַ געבורט, וועלכע וועט ברייננען מיט זיך וואהרע גליקליכע צייטען פיר די אָרימע, בעזיצלאָזע מאַסען.

די גרויסע ענדערונג אין דער אינדוסטריע פון ענגלאַנד האָט צו פער-דאַנקען אַ גאַנצע רייהע פון נייע ערפינדונגען.

די וויכטיגע ערפינדונגען, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרען אין דער פאַב-ריקאַציאָן פון וואָלענע און באַוועלנע וואַארען, האָבען אין גאַנצען גע-ענדערט דאָס לעבען פון דער מענשהייט און האָבען בעשאַפען די נייע ביר-גערליכע געזעלשאַפט. אין דיזען צווייג פון אינדוסטריע זיינען אין דער ערסטער העלפט פון 18טען יאָהרהונדערט געמאַכט געוואָרען זעהר פיעלע עקספּערימענטען (פּראָבעם). דאָס איז קיין וואונדער ניט, ווייל די וואָל-מאַנופאַקטור איז דאַמאָלס געווען די הערשענדע מאַנופאַקטור אין ענגלאַנד. די ערפאַהרונגען און פאָרשונגען אין די אייגענשאַפטען פון שאָף-וואָל האָט פיעל פערלייכטערט די פאָרבערייטונגען צו דער וואָל-ארבייט. די מעכאַ-נישע באַוועל-שפּינעריי און וועבעריי האָט אויך פיעל געהאָלפען צו פער-ברייטערן און צו פערפאָלקאָמענען די וואָל-פאַבריקאַציאָן. שוין אין 16טען יאָהרהונדערט זיינען ערפונדען געוואָרען אייניגע מאַשינען, וועלכע האָ-בען אָנגעזאָגט, דאָס עס וועלען אין גיכען בעשאַפען ווערען נייע מאַשי-נען, וואָס וועלען מאַכען אַ רעוואָלוציאָן אין דער מאַנופאַקטור פון וואָל און באַוועל. אַלס ביישפּיל קענען מיר ברייננען די „באַנדמיהל", וועלכע אַנטאָן מיללער פון דאַנציג האָט ערפונדען אין יאָהר 1530. אָבער דיזע מאַשינען האָבען נאָך ניט געמאַכט אין דער אינדוסטריע קיין עפּאָכע. זיי האָבען נאָר פערשאַפט צרות זייערע ערפינדער, ווייל די רעגירונג האָט פערבאָטען צו בענוצען זיך מיט זיי אום זיי זאָלען ניט שאַדען צו די אַר-בייטער. אָבער די ערפינדונגען פון 18טען יאָהרהונדערט האָבען ווירקליך געמאַכט אין דער אינדוסטריע גרויסע ענדערונגען.

אויף'ן ערסטען בליק ווייזט אויס, דאָס די הויפּט-ראָלע אין דער נייער פאַבריקאַציאָן שפּילט די דאַמף-קראַפט, וואָס איז איינגעפיהרט געוואָרען אין די פאַבריקען, — דאָס דיזע דאַמף-קראַפט האָט געבראַכט די אינ-דוסטריע צו דער הויכער שטופע, אויף וועלכער זי שטעהט יעצט. דאָס איז אָבער ניט ריכטיג. די הויפּט-רעוואָלוציאָן האָט אָנגעמאַכט די נייע ווערק-צייג-מאַשין. דיזע איז די זעעלע פון דער נייער פאַבריקאַציאָן. וואָס, צום ביישפּיל, האָט געקענט טאָן אַ דאַמף-מאַשין, אָדער אַן עלעקטרישער מאָ-טאָר, אין דער שניידער-ארבייט, ווען עס וואָלט ניט געווען ערפונדען די זינגער-מאַשין? וואָס וואָלט דער דאַמף אָדער די עלעקטריציטעט געטרי-

בען? אין דער וועבער־קונסט צ. ב. האָט די דזשענני־מאַשין אָנגעמאַכט א גאַנצע איבערקעהרעניס. זי איז געבראַכט געוואָרען אין בעוועגונג מיט'ן האַנד, אָדער אָנשטאָט וואָס פריהער פלעגט דער וועבער ברייננגען אין בע-וועגונג נאָר איין שפינדעל, האָט די דזשענני געבראַכט אין בעוועגונג 18 שפינדלען. דיזע מאַשין איז ערפונדען געוואָרען אין יאָהר 1764. דער ער-



אַרקראַיט.

פינדער פון דיזער מאַשין איז געווען דזשעמס האַרגריווז פון סטאַנדהילל ביי בלאַקבורן אין נאָרד־לאַנקאַשיר. דער ערפינדער האָט אָנגע-רופען די מאַשין „דשענני" צום אָנדענקען פון זיין טאָכטער, וועלכע האָט אַזוי געהייסען. ריטשארד אַרקראַיט איז דער צווייטער שטערן, וואָס האָט אַריינגעבראַכט פיעל ליכט אין דער וועבער־קונסט. דיזער ער-

פינדער איז געבאָרען געוואָרען אין יאָהר 1740. ער איז ביז דעם יאָהר 1767 געווען א באַרבער. זיין שפּין־מאַשין און די דאַמף־מאַשין זיינען די וויכטיגסטע ערפינדונגען פון 18טען יאָהרהונדערט. זיין מאַשין ציהט אויס די וואָל אָדער די באַוועל, דרעהט און וויקעלט פעדים, און איז צוגעפּאַסט, דאָס וואַסער־קראַפט זאָל זי קענען טרייבען. דער פּרינציפּ וואָס אַרקראַיט האָט געפונען, איז אויך דער הויפּט־פּרינציפּ אין היינטיגע מאַשינען פון שפּינעריי.

אין יאָהר 1768 האָט דיזע מאַשין ערהאַלטען די לעצטע פערפאָלקאָ-מונג. מיט א יאָהר שפּעטער האָט דער ערפינדער בעקומען א פּאַטענט אויף זיין ערפינדונג, און אין יאָהר 1774 האָט מען איהם דעם פּאַטענט פערלענגערט נאָך אויף 10 יאָהר. דער ערפינדער איז געוואָרען פון זיין מאַשין זעהר רייך. זיין פאָרגעגנער האַרגריוויז איז פערפאָלגט געוואָרען פיר זיין ערפינדונג און איז געשטאָרבען אין אָרימקייט, און אַרקראַיט האָט געלאָזען נאָך זיין טויט (1792) א פערמעגען פון 10½ מיליאָנען מאַרק. ער האָט געהאַט דאָס גליק צו פערבינדען זיך באַלד מיט די פאַבריקאַנטען סטראָטט און ניד, די גרינדער פון דער בעריהמטער שפּינעריי אין דערבי, און פון זיי איז ער רייך געוואָרען, ווייל זיי האָבען איהם געגע-בען די נעטיגע געלט־שטיצע.

פון דיזע 2 מאַשינען האָט א וועבער פון פּירוואָוד מיט'ן נאָמען סאַמיועל קראָמפּטאָן געמאַכט א קאָמבינאַציאָן, וועלכע ער האָט א נאָמען געגעבען די מיול (1775). ער האָט פערבונדען אַרקראַיט'ס מאַשין מיט דער דזשעני, און דאָס האָט די לעצטע אין גאַנצען אַרויסגע-שטופּט פון מאַרק. איינע פון די וויכטיגסטע פערבעסערונגען פון די שפּי-נעריי־מאַשינען איז דער סעלפאַקטאָר (Self-actor), א זעלבסט־טע-טיגע מיול־מאַשין, וועלכע איז ערפונדען געוואָרען פון דעם ענגלענדער ראָבערטס אין מאַנטשעסטער אין יאָהר 1825. וועהרענד ביז אהער האָט מען ביי די מיול־מאַשינען געדאַרפט דרעהען די קורבעל מיט'ן האַנט, ווערט די בעוועגונג אין סעלפאַקטאָר געבראַכט דורך א זעלבסט־טעטיגען מעכאַניזם. אַזוי האָט מען מעהר און מעהר פערפאָלקאָמט די וועבעריי פון באַוועל, וואָל און פלאַקס. אָבער מיט פלאַקס האָבען דיזע מאַשינען ניט זעהר גלענצענד געאַרבייט, ביז עס איז געלונגען א פראַנצויז זשיראַרד אין די יאָהרען 1810—1818 צו פערפאָלקאָמענען די פלאַקס־שפּינעריי. זיין פּרינציפּ איז עד היום אין געברויך ביי דיזער סאָרט אַרבייט.

די נייע מעטאָדען פֿון שפּינעריי האָבען געפֿיהרט צו ענדערן די אַלטע מעטאָדען פֿון וועבעריי. די אַלטע מעטאָדע צו וועבען איז געוועזן דער וועב־שטוהל. ביי דיזער מעטאָדע איז די אַרבייט געוועזן זעהר פֿיעל אָפּהענגיג פֿון דער געשיקטליכקייט פֿון דעם וועבער. די זשאַקאַרד־מאַשין צום וועבען האָט געמאַכט אַ גאַנצע איבערקעהרעניס אין דיזער אַרבייט. דער ערפֿינדער פֿון דיזער מאַשין איז געווען שאַרל מאַריע זשאַקאַרד. ער איז געבאָרען געוואָרען דעם 7טען יולי 1752 אין ליאָן. זיין פֿאָטער איז געוועזן אַ מייסטער אין אַ זיידען־פֿאַבריק. אויך זיין מוטער האָט זיך בעשעפֿטיגט אין יענער פֿאַבריק. זשאַקאַרד איז זעהר פֿריה צוגעצויגען געוואָרען צו דער אַרבייט אַלס געהילף. איהם האָט פֿון זיין פֿריהער יוגענד ניט געלאָזט רוהען דער געדאַנק צו פֿערגרינגערן די וועבער־אַרבייט. אין יאָהר 1799 איז עס איהם ענדליך געלונגען צו ערפֿינדען אַ לאַצענצוג־מאַשין (אַ מאַשין מיט אַ טרייב־שנור). באַלד נאָכדעם האָט ער ערפֿונדען אַ נייע מאַשין צו מאַכען פֿיש־נעצען און האָט ערהאַלטען דערפֿאַר אַ פּרייז אויף דער אויסשטעלונג אין דעם קאָנסערוואַטאָריום פֿון קונסטען און געווערבען. דיזער פּרייז האָט איהם געגעבען די מעגליכקייט צו פֿערווירקליכען פֿיעלע אַנדערע פֿון זיינע אידעען.

אין 1805 האָט ער ערפֿונדען די מאַשין, וואָס טראָגט זיין נאָמען און פֿיר וועלכע דער מאַגיסטראַט פֿון זיין שטאָדט (ליאָן) האָט איהם בעשטימט אַ לעבענסלענגליכען געהאַלט פֿון 3,000 פֿראַנקס אַ יאָהר. אין יאָהר 1825 איז שוין די וועב־מאַשין אַזוי שטאַרק אריין אין געברויך, דאָס אין ליאָן אַליין האָבען זיינע מאַשינען געצעהלט איבער 10,000. עד היום ווערט זיין מאַשין געברויכט מעהר פֿון אַלע אַנדערע פֿון דיזען סאָרט. דער שעפֿער פֿון דיזער מערקווירדיגער מאַשין איז געשטאָרבען דעם 7טען אויגוסט 1834.

אָבער די אַלע וועב־מאַשינען, וואָס זיינען ביז דאַן ערפֿונדען געוואָרען, האָבען נאָך ניט געהאַט די געווינשטע שנעלקייט, און האָבען נאָך אַלץ געפֿאָדערט פֿון דעם וועבער געוויסע געשיקטליכקייט אום די אַרבייט זאָל אַרויסקומען ווי עס האָט זיך געפֿאָדערט. אָבער גיך האָט זיך די פּראָדוקציאָנס־אַרבייט אַזוי ענטוויקעלט, דאָס זי האָט אָנגעהויבען צו פֿאָדערן אַזאַ מין מעכאַנישע מאַשין, וועלכע זאָל ניט נעטיג האָבען קיין בעזונדערע פֿאַרריכטונגען פֿון אַרבייטער, נאָר זאָל אויטאָמאַטיש, אַליין, טאָן די גאַנצע אַרבייט פֿון אָנהייב ביז ענדע. אַזאַ מאַשין איז ווירקליך באַלד ערפֿונדען געוואָרען, און זי איז בעוואוסט אונטער'ן נאָמען דער מעכאַנישער וועב־שטוהל.

דיזע קונסטפאָלע מאַשין, וועלכע איז די זינרייכסטע מאַשין פון אַלע צייטען, איז ערפונדען געוואָרען פון ד ר. ק אַ ר ט ר אַ י ט, א גייסטלי-כער פון אַן ענגלישער קירכע. ערפונדען האָט ער זי אין יאָהר 1784 און האָט זי אימער פערבעסערט, אַזוי דאָס אין יאָהר 1804 איז זי געבראַכט געוואָרען צו אַזאַ שטופע, דאָס זי האָט אַלעס געטאָן אויף דער בעסטער אַרט און קיין מענשליכע האַנט איז ניט געווען אין שטאַנד צו קאָנקורירען מיט איהר אין פאָלקאָמענהייט און געשיקטליכקייט. אָנפאַנגס האָט די מאַשין אַרויסגעגעבען נאָר קאַטון און טוך־שטאָפען; דער ערפינדער האָט זי אָבער געבראַכט צו אַזאַ שטופע, דאָס זי האָט אָנגעהויבען אַרויסגעבען אַלערליי סאָרטען וועב־שטאָפען: זייד־געוועבען און גאַז־געוועבען, ווי אויך אַלע אַרטען טעפּיכען (קאָוויאָרען).

אָבער עס האָט נאָך געפעהלט צו דיזער מאַשין אַ רעגולאַטאָר, וועלכער זאָל קאָנטראָלירען די שנעלקייט פון דער אַרבייט. דער ערפינדער פון אַזאַ סאָרט מאָטאָר, וועלכער זאָל בעוועגען די מאַשין לויט דעם ווילען פון דעם מענשען, איז געווען ד ז ש ע י מ ס  וו אַ ט ט (געבאָרען אין 1736 אין גרינאָק, שאָטטלאַנד), וועלכער האָט ערפונדען דעם וויכטיגסטען מאָטאָר פון דער נייער צייט, די דאַמפּ־מאַשין. וואַטט האָט זיך אין זיין פריהעסטער יוגענד בעשעפטיגט מיט מעכאַנישע און מאַטהעמאַטישע פּראָבלעמען (אויפ-גאַבען). מען דערצעהלט, דאָס ער האָט נאָך זעהר יונג ערפונדען אַן עלעק-טרישע מאַשין, וועלכע האָט איבערראַשט מיט איהר וואונדער אַלע גרויסע מענשען פון יענער צייט. אין די יאָהרען 1762 און 1763 האָט זיך וואַטט אָנגעהויבען נעהענטער בעקאַנט מאַכען מיט דער קראַפט פון דאַמפּ. עס האָט דאַמאָלס עקסיסטירט אַ דאַמפּ־מאַשין פון נ י ו ק אָ מ ע ן. ער האָט אין דיזער מאַשין געמאַכט אייניגע זעהר וויכטיגע ענדערונגען, דורך וועלכע ער האָט ערסטענס געוואונען אַ גרויסע עקאָנאָמיע אין געברויך פון קויהלען, אַזוי דאָס אָנשטאָט וואָס פריהער האָט די מאַשין געפאָדערט אום צו טאָן געוויסע אַרבייט 4 צענטנער קויהלען, האָט ער עס געבראַכט דערצו, דאָס עס איז געווען גענוג נאָר איין צענטנער צו טאָן די זעלבע אַרבייט. און צווייטענס האָט ער די מאַשין אַזוי איינגעריכטעט, דאָס דער קאָלבען פון צילינדער, וועלכער איז פריהער געטריבען געוואָרען דורך די לופט פון דער אַטמאָספערע, האָט ער עס געמאַכט, דאָס דער דאַמפּ פון צילינדער זעלבסט זאָל טאָן די אַרבייט.

וואַטט איז אָבער דערמיט נאָך ניט געווען צופרידען און האָט פאָרט-געזעצט זיינע עקספּערימענטען אום צו פערפאָלקאָמנען זיין מאַשין, וועלכע

האַט נאָך געליטען פון אונזיכערהייט און אונרעגעלמעסיגקייט אין גאַנג. ער האָט דעם קאָלבען אַזוי אײַנגעריכטעט, דאָס די מאַשין איז געווען אין שטאַנד צו טרייבען אַ זעהר גרויסען און שווערען ראָד, וועלכער איז יעצט בעקאַנט אונטער'ן נאָמען „שוואונג־ראָד‟; דערצו האָט ער נאָך צוגעגעבען אַ רעגולאַטאָר, וועלכער האַט געמאַכט די מאַשין אַרבייטען רעגעלמעסיג, אַזוי דאָס ווען עס איז געווען צו פיעל דאַמף האָט אַ קלאַפּע זיך אַליין פערמאַכט און ניט צוגעלאָזען צו פיעל, און ווען עס איז געוואָרען צו וועניג האָט זיך די זעלבע אויטאָמאַטיש (אַליין) געעפענט און האָט געלאָזען פון צילינדער מעהר דאַמף.

וואַטט האָט די גאַנצע צייט פון זיינע עקספּערימענטען זיך געהאַלטען ביי ניוקאָמען'ס מאַשין. אָבער דיזע מאַשין האָט נאָר געקענט טרייבען פּאָמפּען, זי האָט אָבער ניט געטויגט צו טרייבען טעכנישע מאַשינען. ער האָט דאָס גאַנצע סיסטעם פון דער מאַשין איבערגעמאַכט, אַזוי דאָס זי איז געוואָרען אין שטאַנד צו טרייבען אַלערליי טעכנישע מאַשינען מיט דער גרעסטער רעגעלמעסיגקייט און פּינקטליכקייט. מיט דיזער מאַשין האָט זיך דאָס פאַבריק־וועזען ענטוויקעלט אויף אַן אונגעהייערע אַרט. אין יאָהר 1785 האָט מען וואַטט'ס דאַמף־מאַשין אָנגעהויבען צו געברויכען צו טרייבען שפּינעריי־מאַשינען מיט גרויס ערפאָלג.

די פּראָדוקציאָן האָט זיך פון דאַמאָלס אָן אָנגעהויבען צו פערברייטערן און פערגרעסערן אין אַן אונגעוועהנליכער מאָס. דאָס האָט געפאָדערט, פערשטעהט זיך, צו פערברייטערן דעם האַנדעל. מען האָט דאָך געמוזט געפינען ערטער, וואו אויסצוברייננגען די גרויסע מאַסען פון פּראָדוקציאָן, און איבערהויפּט האָט מען געמוזט אויסגעפינען מיטלען וואָס שנעלער און מעהר צו ברייננגען דיזע פּראָדוקציאָנען אין פערשיידענע ערטער. די דאַמף־מאַשין איז אויך דערין געקומען דער מענשהייט צו הילף. מען האָט באַלד אָנגעהויבען צו בענוצען די דאַמף־מאַשין צו ברייננגען אין בעוועגונג שיפען. עס האָט ניט לאַנג גענומען און אין אַלע ימים און גרויסע טייכען פון דער וועלט האָבען זיך אָנגעהויבען צו בעוועגען דאַמף־שיפען. וואַטט'ס מאַשין איז געווען ליכט צוצופּאַסען צו זעגעלשיפען. דאָס איינציגע, וואָס האָט זיך געפאָדערט, איז געווען, צו מאַכען די גרעסטע עקאָנאָמיע אין געברויך פון קויהלען. אָבער דער געברויך פון דער דאַמף־מאַשין צו אַ וואַגאָן פון אַן אייזענבאַהן האָט געפאָדערט גאַנץ נייע ערפינדונגען און איינריכטונגען, און דעריבער האָט עס גענומען אַ לענגערע צייט ביז מען האָט צוגעפּאַסט די דאַמף־מאַשין צו טרייבען וואַגאָנעס.

דער ערפינדער פון היינטיגען לאָקאָמאָטיוו, וואָס ווערט געברויכט אויף די אייזענבאַהנען, איז ד ז ש אָ ר ד ז ש ס ט׳ע פ ע נ ס אָ ן (געבאָרען דעם 9טען יוני 1781 אין וויגלאַם ביי ניוקאַסטל אויף׳ן טאַין), אָבער ער האָט אויך געהאַט פאָרגענגער, וועלכע האָבען געלעגט דעם פונדאַמענט צו דיזער ערפינדונג. מען האָט געמאַכט אַ גאַנצע רייהע פון מאַשינען אום צו בריינ-גען אין בעוועגונג וואָגענס אויף דער ערד, אָבער עס איז אַלץ געווען אָהן ערפאָלג. ערסט סטעפענסאָן האָט דיזע פּראָבלעם געלעזט. סטעפענסאָן איז געווען אַ זוהן פון אַן אָרימער אַרבייטער־פאַמיליע. ווען ער איז אַלט געוואָרען 14 יאָהר איז ער געוואָרען אַ הייצער אין אַ מאַשינען־הויז. ער האָט ניט געקראָגען קיין בילדונג, פון דעסטוועגען האָט מען איהם אָנפער-טרויט אַכטונג צו געבען און פערוואַלטען אַלע אַרטען פון רעפּאַראַטורען פון דער מאַשינעריע, ווייל ער האָט געצייגט אַ גרויסע פערשטענדנים אין מע-כאַניק. אין יאָהר 1812 האָט ער זיך אָנגענומען צו מאַכען אַ לאָקאָמאָטיוו צו פיהרען די וואַגאָנען מיט קויהלען פון די מינעס ביז דער טאַין, אום צו פיהרען זיי פון דאָרט מיט שיפען אין אַנדערע ערטער. דער וועג איז שוין פריהער געווען אויסגעלעגט מיט אייזערנע שינעס (רעלסען), אום עס זאָל זיין לייכטער צו בעוועגען די וואַגאָנען. אָבער זיין לאָקאָמאָטיוו איז געווען אונגעהייער שווער, אַזוי דאָס די שינעס האָבען קוים געקענט אויסהאַלטען די משא.

מיט זעלטענעם חשק האָט זיך סטעפענסאָן גענומען אויסבעסערן זיין לאָקאָמאָטיוו. היסטאָריש איז זיין ערסטע אמת׳ע אייזענבאַהן אין היינ-טיגען זין די ליניע ס ט אָ ק ט אָ ן ־ ד אַ ר ל י נ ג ט אָ ן , וועלכע איז געווען 61 קילאָמעטער לאַנג. געבויט האָט זי אַן אַקציאָנער פון דער קיללינג-וואָרטהער קויהלען־מינע, ד. ה. ער האָט געגעבען דערצו די מיטלען. סטעפענ-סאָן׳ען האָט געקאָסט גענוג מיה ביז עס איז איהם געלונגען אָראָפּפיהרען דעם אונטערנעהמער פון דעם פּלאַן צו פיהרען די קויהלען פון די מינעס מיט פערד. מיט איינוגע יאָהר שפּעטער האָט שוין סטעפענסאָן געגרינדעט אַ קאָמפּאַניע, וואָס האָט זיך בעשעפטיגט מיט בויען לאָקאָמאָטיווען; דיזע פירמע איז געווען בעוואוסט אַלס „סטעפענסאָן און קאָמפּאַניע״. דער ער-פאָלג פון דער ערסטער אייזענבאַהן, וואָס איז געמאַכט געוואָרען צווישען סטאָקטאָן און דאַרלינגטאָן, האָט ערמונטערט איינוגע אונטערנעהמער צו בויען אַן אייזענבאַהן צווישען ליווערפּול און מאַנטשעסטער. סטעפענסאָן איז געווען דער אינזשעניער אויף דיזער ליניע.

די לאָקאָמאָטיווען פון דער סטאָקטאָן־דארלינגטאָן ליניע זיינען ניט געווען אין שטאנד צו קאָנקורירען מיט דער קאנאל־געזעלשאפט, ווייל זיי זיינען ניט געווען גענוג צו טראַנספּאָרטירען אזוי פיעל וואארע, ווי די שי־פען. איבערהויפּט איז דער ערפאָלג פון סטעפענסאָן׳ס לאָקאָמאָטיווען גע־ווען בעשרענקט דורך דעם, וואָס זיי האָבען ניט געקענט ארויסגעבען גענוג דאמף, ווייל מען האָט ניט געוואוסט ווי מען זאָל ברייגגען צו די קויהלען



דזשאָרדזש סטעפענסאָן.

גענוג זויערשטאָף אום זיי זאָלען ברענען העלער און שטארקער. סטעפענסאָן האָט אָבער גיך געפונען דערצו א מיטעל. דעם ערסטען אויסגעבעסערטען לאָקאָמאָטיוו, וועלכער איז געבויט געוואָרען לויט א גאַנץ נייעם פּרינציפּ, האָט ער גערופען „די ראקעטע“. ווען ער האָט געמאכט מיט דיזען לאָקאָ־מאָטיוו די ערסטע פּראָבע האָט ער געצויגען 13,000 קילאָ מיט דער גע־

שווינדקייט פון 22½ קילאָמעטער אין אַ שטונדע. באַלד נאָך דיזער פּראָבע האָט סטעפענסאָן מיט זיין זשעניאַלען זוהן ראָבערט געקראָגען די בע־שטעלונג פיר אַלע לאָקאָמאָטיווען, וואָס מען האָט געברויכט צו דער באַהן־ליניע פון ליווערפּול ביז מאַנטשעסטער. דער לאָקאָמאָטיוו, ווי סטעפענסאָן האָט איהם אַרויסגעגעבען מיט פיעלע פערבעסערונגען, איז געבליבען דער זעלבער ביז היינטיגע צייטען.

מיט דיזע ערפינדונגען האָט די מאַשין־אַרבייט כמעט אין גאַנצען פער־שטויסען די האַנט־אַרבייט, וועניגסטענס אין ענגלאַנד. דער האַנדעל און די אינדוסטריע האָבען געשווינד זעהר גרויס אויפגעבליהט; קאַפּיטאַל און רייכטום האָבען דערגרייכט אַן אונערוואַרטעטע שטופע צווישען דער בור־זשואַזיע. בעזונדערס האָבען געמאַכט גלענצענדע געשעפטען די באַוועל־פאַבריקאַנטען. די אינדוסטריע איז געוואַקסען זעהר שנעל. אין די יאָהרען 1781—1785 האָט דער אימפּאָרט (אַריינפיהר) פון רויהע באַוועל בעטראָ־פען 10,800,000 פונט, אין 1800 איז דער אַריינפיהר געווען 56 מיליאָנען, אין 1830 כמעט 260 מיליאָנען פונט און אין 1841 שוין 528 מיליאָנען. דער עקספּאָרט (אַרויספיהר) פון געוועבטע באַוועל־שטאָפען האָט בעטראָ־פען אין 1834 ביז 556 מיליאָנען יאַרדס, דערצו זיינען עקספּאָרטירט גע־וואָרען איבער 76 מיליאָנען פונט באַוועל־פאָדים און פיר 1,200,000 פונט סטערלינג באַוועלנע שטרומף־וואַארען. אין דעם זעלבען יאָהר (1834) האָ־בען געאַרבייט אין ענגלאַנד איבער 8 מיליאָנען מיול־שפּינדלען, 110,000 מעכאַנישע וועב־מאַשינען, 250,000 האַנט־וועבשטוהלען אויסער אַ מאַסע קעטען־שטוהל־שפּינדלען.

אין יענער צייט זיינען געווען בעשעפטיגט אין דיזען צווייג פון אינ־דוסטריע (באַוועל) 220,000 אַרבייטער. איבער 1,500,000 פּערזאָנען האָ־בען זיך ערנעהרט דירעקט און אינדירעקט ביי דיזער אינדוסטריע. די ער־טער, וואו דיזע אינדוסטריע איז בעטריבען געוואָרען, זיינען אין גאַנצען אומגעענדערט געוואָרען. די גראַפשאַפט לאַנקאַשיר, וועלכע איז פריהער געווען אַ זומפּיגע געגענד, מיט ווייניג מענשען, איז געשווינד פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ פאָלקס־רייכע אַרבייטזאַמע געגענד. אין צייט פון 80 יאָהר איז די בעפעלקערונג פערמעהרט געוואָרע אויף 10 מאָל, און ווי פון דער ערד איז אַרויסגעוואַקסען אַ רייהע פון ריזען־שטעדט, ווי: ליווער־פּול, מאַנטשעסטער, באָלטאָן, ראָטשדעיל, אָלד־האַם, פּרעסטאָן, אַשטאָן און סטאַליברידזש.

אויך די פאַבריקאַציאָן פון וואָל האָט זיך אונגעווערנליך פערברייטעט. בעזונדערס האָט דיזע אינדוסטריע געהאַט אַ גרויסען ערפאָלג זינט מען האָט אָנגעהויבען צו געברויכען אַ צומישונג פון באַוועל און זיידענס צו די וואָל. דער אָפּזאַץ איז געוואַקסען אונגעהייער גיך. אין יאָהר 1801 האָט שוין ענגלאַנד געהאַט אויסגעאַרבייט 101 מיליאָנען פונט וואָל, אין יאָהר 1835 180 מיליאָנען פונט; ענגלאַנד האָט געמוזט בעציהען רויהע וואָל



ראָבערט סטעפענסאָן.

פון אויסלאַנד. אין יאָהר 1800 האָט ענגלאַנד געקויפט אין אויסלאַנד 9 מיליאָנען פונט וואָל, אין יאָהר 1825 45 מיליאָנען. אין יאָהר 1738 האָט די שטאָדט וועסטראַידינג פון יאָרקשיר פאַבריצירט 75,000 שטיק וואָלענטוך, און אין יאָהר 1817 האָט זי אַרויסגעגעבען 490,000 שטיק. אין יאָהר 1834 האָט זי אַרויסגעגעבען מיט 450,000 שטיק מעהר ווי אין

יאָהר 1822. מיט דער פערגרעסערונג פון דער אינדוסטריע אין דיזע ער-טער האָט זיך אויך שטאַרק פערמעהרט די בעפעלקערונג. אזוי צ. ב.

| | | 1801 | | 1831 | |
|---|---|---|---|---|---|
| האָט בראַדפאָרד | געצעהלט | 29,000 | | 77,000 | איינוואוינער |
| „ האַליפאַקס | „ | 63,000 | | 110,000 | „ |
| „ הודדערספיעלד | „ | 15,000 | | 34,000 | „ |
| „ לידז | „ | 53,000 | | 123,000 | „ |
| און די גאַנצע וועסטראַידינג | „ | 564,000 | | 980,000 | „ |

די ליינען-אינדוסטריע האָט זיך ענטוויקעלט שפעטער, ווייל די מאַ-שינען פיר דיזע אינדוסטריע זיינען ערפונדען געוואָרען שפעטער. ענגלאַנד האָט פריהער בעצויגען איהרע לייוועגט פון דייטשלאַנד. אָבער זינט עס זיינען ערפונדען געוואָרען פיר דיזע אינדוסטריע די מאַשינען האָט זיך די זאַך אין גאַנצען געענדערט. ענגלישע לייוועגט האָט באַלד פערפלייצט איירָאָפּאַ און איז געוואָרען אַ געפעהרליכע קאָנקורענץ צו דער פּראָדוקציאָן אין דייטשלאַנד. ענגלאַנד האָט שטאַרק פערברייטערט ביי זיך זעלבסט די פּראָדוקציאָן פון פלאַקס; עס איז איהר אָבער געווען ווענינ פלאַקס פיר איהרע פאַבריקען, און זי האָט געמוזט בעציהען דיזען מאַטעריאַל פון רוס-לאַנד, בעלגיען און האָללאַנד. אין יאָהר 1820 האָט ענגלאַנד ארויסגע-פיהרט 24,000,000 יאַרדס לייוועגט, און אין יאָהר 1833 51,000,000; דאָ איז נאָך גערעכענט די שאָטטלענדישע פאַבריקאַציאָן. די אירלענדישע פאַבריקען פון דיזער אינדוסטריע זיינע געוואַקסען מיט דער זעלבער שנעל-קייט. די צאָהל פון מאַשינען, וואָס האָבען געשפּונען פלאַקס, איז שוין אין יאָהר 1835 געווען 347 מיט 33,000 אַרבייטער.

דאָס זעלבע איז אויך געווען מיט דער שפּיצען-פאַבריקאַציאָן (לעיסעס). די ערפינדונג פון דער לעים-מאַשין (1777), פון דער פּאָינט-נעט-מאַשין דורך לינדלעי און פון דער באָבבין-נעט-מאַשין דורך היטהעאָט (1809) האָט די שפּיצען-פאַב-ריקאַציאָן אזוי ענטוויקעלט, דאָס אין יאָהר 1840 האָבען איבער 200,000 מענשען זיך ערנעהרט ביי דיזער אינדוסטריע. אויך די בלייכעריי איז שטאַרק אויפגעוואַקסען דורך דעם געברויך פון כלאָר, די פאַרבעריי דורך די ענטוויקלונג פון כעמיע און די בוכדרוקער-קונסט דורך אַ גאַנצע רייהע פון גלענצענדע ערפינדונגען. אויך די פעראַרבייטונג פון זייד האָט געמאַכט אַ ריזיגען פאָרטשריט.

די ריזיגע ענטוויקלונג פון קליידער־שטאָפען האָט געהאַט אַ גרויסען איינפלוס אויך אויף פיעלע אַנדערע צווייגען פון אינדוסטריע. ווי נאָר עס איז בעקאַנט געוואָרען די גרויסע ווירקונג און בעדייטונג פון מעכאַני־שער קראַפט האָט מען זי אָנגעהויבען צו געברויכען אין אַלע אַנדערע צוויי־גען פון פראָדוקציאָן. איבעראַל האָט מען געזוכט צו געברויכען מאַשינען אָנשטאָט מענשליכער קראַפט. די פאָדערונג פון מאַשינען, ברען־מאַטעריאַל און רויהע מאַטעריאַלען האָט ענטוויקעלט אַ גאַנצע רייהע פון נייע געשעפ־טען. יעצט האָבען די קויהלען־פעלדער בעקומען אין ענגלאַנד דעם ריכ־טיגען ווערט. אונטער דעם איינפלוס פון דער נייער כעמיע און מעכאַניק האָבען די בעאַרבייטונג פון פערשיידענע מעטאַלען, דאָס שמעלצען או. ד. גל. זעהר שטאַרק ענטוויקעלט זיך; עס פערשטעהט זיך, דאָס פיעל האָבען דער־צו געהאָלפען די דאַמף־מאַשינען.

די שטיין־קויהלען זיינען געוואָרען מעהר און מעהר וויכטיג פיר די אינדוסטריע פון מעטאַלען, ווי פיר אַלע אַנדערע צווייגען פון פאַבריקאַציאָן אין ענגלאַנד, און דעריבער איז דאָס קויהלען־געשעפט געוואָרען איינע פון די הויפט־אורזאַכען פון ענגלאַנד׳ס גרויסקייט. אַלע ענגלישע און שאָט־לענדישע קויהלען־פעלדער האָט מען אויסגענוצט ווי וויט מען האָט געקענט. אין די גראַפשאַפטען נ אָ ר ט ה ו מ ב ע ר ל אַ נ ד און ד ו ר ה אַ ם זיינען געוועזען:

| | | | |
|---|---|---|---|
| אין יאָהר | 1735 | 14 | קויהלען־מינעס |
| „ „ | 1800 | 40 | „ |
| „ „ | 1836 | 76 | „ |
| „ „ | 1843 | 130 | „ |

אין דעם לעצטען יאָהר (1843) האָבען דיזעביידע גראַפשאַפטען געליפערט 5 מיליאָנען טאָן קויהלען, און האָבען בעשעפטיגט 50,000 איינוואוינער. נאָך ריזיגער האָט זיך אויפגעהויבען די אייזען־אינדוסטריע. די ענטדע־קונג, דאָס מען קען מאַכען שמיד־אייזען פון גוס־אייזען, ווען מען ציהט פון איהם אַרויס דעם קויהלען־שטאָף, האָט געמאַכט אין דער אינדוסטריע אַ נייע עפּאָכע, אַזוי דאָס מיט איין מאָל איז אייזען געוואָרען אַזוי ביליג, דאָס מען האָט אָנגעהויבען צו מאַכען פון אייזען זעהר פיעלע זאַכען, וואָס פריהער איז מען געוועזען געצוואונגען צו מאַכען זיי פון האָלץ אָדער פון שטיין. זעהר וויכטיג איז אויך די ערפינדונג צו גיסען שטאָהל. די שטיי־גערונג פון דער אייזען־אינדוסטריע האָט פיעל פערגרעסערט די צאָהל פון די איינוואוינער אין די ערטער פון אייזען־פראָדוקציאָן. די בעפעלקערונג

פון בירמינגהאם, וועלכע האָט אין יאָהר 1801 געצעהלט ניט מעהר פון 73,000 נפשות, איז פערגרעסערט געוואָרען ביז דעם יאָהר 1844 אויף 110,000 נפשות. די שטאָדט בירמינגהאם האָט פערברויכט אין יאָהר 1836 ניט וועניגער פון 515,000 טאָן קויהלען. אין יאָהר 1805 האָט מען ארויסגעפיהרט נאָך אויסלאַנד 4,300 טאָן אייזען־וואארען און 107,000 טאָן רויהע אייזען. די אייזען־פּראָדוקציאָן, וועלכע איז געווען אין יאָהר 1740 17,000 טאָן, האָט געשטיגען מעהר און מעהר, אזוי דאָס אין יאָהר 1834 האָט זי דערגרייכט ביז 700,000 טאָן.

צוזאמען מיט דער ענטוויקלונג פון דער אינדוסטריע האָט זיך אויך ענטוויקעלט די קאָמוניקאציאָן (די וועגען) צווישען די האנדעל־שטעדט. פון יאָהר 1818 ביז 1829 זיינען אין ענגלאַנד און אין וועילס געמאַכט געוואָרען 1,000 ענגלישע מייל שאָסעען מיט דער געזעצליכער ברייט פון 60 פוס, אין שאָטלאַנד 900 מיילען און מעהר פון 1,000 בריקען. אין יאָהר 1775 האָט ענגלאַנד כמעט ניט געהאַט קיין קאַנאַלען, אָבער אין יאָהר 1840 האָט זי שוין געהאט 2,200 מיילען קאַנאַלען און 1,800 מיילען שיפבארע טייכען, וועלכע זי האָט אויסגערייניגט און צורעכט געמאַכט פיר שיפפאהרט. די ערפינדונג פון אייזענבאהן האָט ערעפענט א גאַנץ נייע עפּאָכע. אין יאָהר 1840 זיינען שוין אין ענגלאַנד אַלע גרויסע שטעדט געווען פערבונדען איינע מיט דער אַנדערער דורך אייזענבאהן־ליניען, און פיעלע נייע ליניען האָבען זיך געהאַלטען אין בויען.

דאָס זיינען נאָר די הויפּט־שטריכען פון דער געשיכטע פון דער ענגלישער אינדוסטריע אין א צייט פון צוויי דורות. זי האָט אָבער ניט צו זיך קיין גלייכען אין דער געשיכטע פון דער מענשהייט. נאָך אין לעצטען דריטעל פון 18טען יאָהרהונדערט איז ענגלאַנד ניט געשטאַנען פיעל העכער פון אַנדערע אייראָפּעאישע לענדער. די שטעדט זיינען געווען קליין, די בעפעלקערונג שיטער און דאָס פאָלק האָט זיך מעהרסטענס בעשעפטיגט מיט אקערבוי. יעצט געפינט פאַר זיך דער רייזענדער אין ענגלאַנד גאָר א נייע וועלט. ער זעהט א הויפּטשטאָדט (לאָנדאָן) פון 4½ מיליאָנען איינוואוינער, מיט אונגעהייער גרויסע פאבריק־שטעדט און מיט אַן אינדוסטריע, וועלכע האָט פיר זיך די גאַנצע וועלט אַלס איהר מאַרקעט, וועלכע בעשעפטיגט אַן אונגעהייערע צאָהל מאשינען, ארום וועלכע עס בעשעפטיגען זיך מעהר פון צוויי דריטעל פון איהר גאַנצער בעפעלקערונג, וואָס בעשטעהט יעצט פון גאַנץ אַנדערע קלאַסען מיט אַנדערע זיטען און בעדערפניסען, אזוי דאָס מען קען זאָגען, אז עס האָט זיך אויסגעבילדעט א גאַנץ אַנדער נאַציאָן.

די אינדוסטריעלע רעוואָלוציאָן האָט פיר ענגלאַנד א פיעל גרעסערע בע-דייטונג ווי די פּאָליטישע רעוואָלוציאָן אין פראַנקרייך. די אינדוסטריעלע רעוואָלוציאָן האָט אומגעענדערט די גאַנצע געזעלשאַפט פון גרונד ביז'ן דאַך.

אָבער די וויכטיגסטע זייט פון דיזער גאַנצער אינדוסטריעלער ענדע-רונג איז די אַרבייט פון די פּראָלעטאַריער. איידער מען האָט ערפונדען די שפּין- און וועב-מאַשינען איז די אַרבייט פון שפּינען און וועבען געטאָן גע-וואָרען אין די הייזער פון די אַרבייטער. די פרויען האָבען געשפּונען די פאָדים און דער מאַן האָט געוועבט, אָדער מען האָט די געשפּונענע פאָדים פערקויפט צו אַן אַנדערען וועבער, ווען דער פאַמיליען-פאָטער האָט זי ניט געקענט אַליין געברויכען. דיזע וועבער-פאַמיליעס האָבען מעהרסטענס גע-לעבט אין די דערפער, ניט ווייט פון די שטעדט, און האָבען דעריבער גע-קענט גאַנץ גוט אויסקומען מיט דעם קליינעם לוין, וואָס זיי האָבען ער-האַלטען פיר זייער שפּינען און וועבען; זיי פלעגען נאָך זעהר אָפט אָפּ-שפּאָרען פון זייערע פערדינסטען און פלעגען דינגען אָדער פּאַכטען א שטי-קעל גרונד, וועלכען זיי האָבען בעאַרבייט ווען זיי האָבען געהאַט צייט. עס פערשטעהט זיך, דאָס אַזאַ אַקערמאַן איז ניט געוועזען קיין גאַנץ גוטער בויער, אָבער ער איז דאָך אויך ניט געוועזען קיין פּראָלעטאַריער. ער האָט דאָך, ווי די ענגלענדער דריקען זיך אויס, אַריינגעשלאָגען א פלעקעל אין דער ערד פון זיין פאָטערלאַנד. ער האָט געהאַט אַ שטיקעל גרונד און איז געשטאַנען אין דער ענגלישער געזעלשאַפט פיעל העכער פון דעם יעצטיגען ענגלישען אַרבייטער.

אָבער דיזע לאַגע האָט זיך פּלוצלינג געענדערט, באַלד ווי די אינ-דוסטריע האָט זיך שטאַרק פערברייטערט. באַלד ווי די דזשעני-מאַשין איז ערפונדען געוואָרען איז שוין געוואָרען אַן ענדערונג אין דיזער אינ-דוסטריע. אַן אַרבייטער האָט יעצט געקענט טרייבען 18 שפּינדלען. אַנ-שטאָט דעם, וואָס פריהער האָט דער וועבער זעהר אָפט געמוזט שטעהן אָהן אַרבייט און וואַרטען ביז מען וועט איהם געבען גענוג געשפּונענע פאָדים צום וועבען, האָט ער יעצט געהאַט מעהר ווי פיעל ער האָט געברויכט. שטאָף איז צוליב דעם געוואָרען ביליגער, און דאָס האָט געפיהרט דערצו, דאָס די געזעלשאַפט האָט אָנגעהויבען מעהר קויפען די געוועבטע שטאָף; דער וועבער האָט געמוזט האָבען מעהר הענט, וואָס זאָלען איהם העלפען אַרויס-ברייננגען מעהר געוועבטע שטאָף. דער וועבער-לוין האָט דעריבער געשטי-גען. דער וועבער-אַרבייטער האָט יעצט ביים וועב-שטוהל געקענט מעהר פערדינען ווי פון בעאַקערן זיין שטיקעל גרונד. עס איז אָפט געווען צו

בעגעגנען פאַמיליעס פון 4 ערוואַקסענע און 2 קלענערע קינדער, וואָס האָבען פערדינט ביי 10 שטונדען ארבייט טעגליך 4 פונט סטערלינג (אונגעפעהר 20 דאָללאַר) א וואָך. זעהר אָפט פלעגט זאָגאַר אַן איינצעלנער וועבער פערדינען מיט זיין וועב־שטוהל איבער 2 פונט סטערלינג (10 דאָללאַר) א וואָך.

עס איז קיין וואונדער ניט, וואָס די וועבער האָבען אויפגעגעבען זייער אַקערבוי און האָבען זיך בעשעפטיגט נאָר מיט דער וועבעריי. די אַקערבויענדע וועבער זיינען אין גאַנצען פערשוואונדען געוואָרען. זיי זיינען פערוואַנדעלט געוואָרען אין א קלאַס פון ריינע וועבער, זיי זיינען געוואָרען עכטע פראָלעטאַריער (מענשען, וואָס האָבען ניט קיין גרונד־אייגענטום). מען האָט באַלד אויפגעהערט גלייכצייטיג צו וועבען און צו שפּינען אונטער איין דאַך. די דזשענני־מאַשין האָט געפאָדערט מעהר קראַפט, זי האָט געפאָדערט מענערשע קראַפט. מענער האָבען זיך אָנגעהויבען בעשעפטיגען בלויז מיט שפּינעריי. גאַנצע פאַמיליעס האָבען זיך בעשעפטיגט מיט שפּינעריי אליין.

דיזע ענדערונג האָט געפיהרט דערצו, דאָס פיעל גרונד איז געבליבען ניט בעאַרבייט. דערפון האָט זיך געבילדעט א נייע קלאַס קאַפּיטאַליסטישע פּעכטער, וועלכע פלעגען נעהמען אין פּאַכט אמאָל איבער 200 מאָרגעם לאַנד, און דורך בעסערען אַקערבוי און מיט מעהר קענטנים אין האנדעל האָבען זיי געמאַכט גוטע פּראָפיטען. דיזע פּעכטער זיינען געוואָרען פיר די דאָרף־בעוואוינער דאָס זעלבע, וואָס דער פאַבריקאַנט איז געוואָרען פיר דעם שטאָדט־איינוואוינער. זיי האָבען געקעננט פערקויפען זייערע פּראָדוקטען פיעל ביליגער פון דעם בויער, און אזוי האָבען זיי איהם רואינירט. די בויערן האָבען פאָרטגעזעצט צו בעאַרבייטען די ערד מיט די אַלטע מעטאָדען און האָבען פון קיין פערבעסערונג אין דיזען פאַך ניט געוואָלט וויסען. עס פערשטעהט זיך, דאָס זיי האָבען ניט געקענט קאָנקורירען מיט די גרויסע פּעכטער. זייער שטיקעל גרונד איז זיי געוואָרען וועניג צו ציהען פון איהם זייער חיונה; זיי האָבען איהם געמוזט פערקויפען און אליין ווערען טאָגלעהנער, ארבייטען אויף א פרעמדער פאַרם, אָדער זיך ערווערבען א דזשענני־מאַשין.

די קלאַס פון די בעזיצלאָזע פּראָלעטאַריער איז מיט דיזען אופן געשווינד אויפגעוואַקסען אין צאָהל. צו דיזע זיינען נאָך צוגעקומען גרויסע מאַסען איינוואַנדערער פון אירלאַנד. עס האָבען זיך באַלד געבילדעט אין ענגלאַנד גרויסע האנדעל־שטעדט און פאַבריק־שטעדט, אין וועלכע דריי

פערטעל פון די איינוואוינער זיינען געווען פראָלעטאַריער. די מיטעלע קלאַס פון האנטווערקער איז כמעט אין גאַנצען פערשוואונדען געוואָרען. אַנשטאַט דעם, וואָס די פריהערדיגע בעפעלקערונג אין די שטעדט איז בע- שטאַנען פון מייסטערס און געזעלען (מייסטער-יונגען), איז זי יעצט בע- שטאַנען פון 2 אַנדערע עלעמענטען — פון קאַפּיטאַליסטען און אַרבייטער. פריהער האָט דער געזעל געקענט ווערען אַ מייסטער און אַריין אין די קלאַס פון די בירגער, ווערען אַ בורזשואַ, יעצט אָבער איז דער אַרבייטער געבלי- בען פערשקלאַפּט אויף אימער צו בלייבען אַ טאָג-לעהנער. אום צו ווערען יעצט זעלבשטענדיג האָט מען זיך געמוזט פערשאַפען אַן אייגענע פאַבריק מיט מאַשינעריע, וועלכע האָבען געפאָדערט אַ גרויסען קאַפּיטאַל. עס איז ניט געווען קיין בריק, קיין איבערגאַנג פון דעם אָרימען אַרבייטער-שטאַנד צום רייכען קאַפּיטאַליסטען-שטאַנד. האָט ווער געהאַט דאָס אונגליק גע- באָרען צו ווערען אַ פּראָלעטאַריער, האָט ער שוין אין זיין גאַנצען לעבען ניט געהאַט קיין אויסזיכט אַרויסצוררייסען זיך פון זיין טרויעריגער לאַגע און איבערבייטען זיין סאָציאַלען שטאַנד.

דיזער געפיהל, ניט צו זיין אין שטאַנד ווען עס איז אַרויסצורייסען זיך פון דער טרויעריגער לאַגע, האָט געמאַכט דעם צושטאַנד פון דעם אַר- בייטער זעהר ביטער. די אינדוסטריעלע ענדערונג האָט געמאַכט צוויי עקסטרעמען (געגענזאַצען): אַ קליינע צאָהל האָט זי געמאַכט פיר גרויסע קאַפּיטאַליסטען, און די גרויסע מאַסע האָט זי געוואָרפען אין טיפען עלענד. די גרויסע מאַסע אַרבייטער אין די גרויסע שטעדט האָבען געוואוינט אין ענגע שמוציגע הייזלאַך, אין אַן אָפּגעזונדערטען קוואַרטאַל, וואו זיי האָבען געקענט בעקומען ביליגע וואוינונגען, ווייל די געהאַלטען, וואָס זיי האָבען געקראָגען פיר זייער אַרבייט, האָבען זיי ניט געגעבען די מעגליכקייט צו פערשאַפען זיך בעקוועמערע וואוינונגען.

די וואוינונגען פון די אַרבייטער זיינען געווען שלעכט געבויט און אונ- געזונד. די גאַסען זיינען ניט געווען געפלאַסטערט, אָהן אָפּצוג-קאַנאַלען, שמוציג און שטינקענד. פיעלע אַרבייטער-פאַמיליעס זיינען געצוואונגען גע- צוואונגען צו וואוינען אין דירות פון איין צימער. דער אַרבייטער איז גע- ווען געצוואונגען צו קויפען פיר ווייניג געלט פיעלע פערשיידענע זאַכען, וועלכע זיינען איהם געווען נעטיג צום לעבען; האָט מען איהם טאַקע אַלעס פערקויפט ביליג, אָבער אַלעס געפעלשט, און ער האָט ניט געקענט פאָדערן גוטע וואַארע פיר קליינעס געלט. מאַנכמאָל האָט ער נאָך געמוזט קויפען אויף קרעדיט, און דאָס האָט איהם שוין געקאָסט זעהר טייער.

דער רעזולטאַט דערפון איז געווען, דאָס די שטערבליכקייט צווישען די פּראָלעטאַריער איז געוואָרען אונגעוועהנליך גרויס. אַן ארצט אין מאַנ־טשעסטער האָט אונטערזוכט דעם צושטאַנד פון געזונדהייט און לעבען אין דער פאָרשטאָדט ט ש אַ ר ל ט אָ ן ־ אָ ן ־ מ ע ד ל אָ ק (מאַנטשעסטער), האָט קלאַסיפיצירט הייזער און גאַסען און האָט געפונען פאָלגענדען אונ־טערשייד אין שטערבליכקייט:

| | | | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| ערסטע | קלאַס | גאַסען: | הייזער | 1טע | קלאַס | שטערבליכקייט | 1 | פון | 51 |
| " | " | " | " | 2טע | " | " | 1 | " | 45 |
| " | " | " | " | 3טע | " | " | 1 | " | 36 |
| צווייטע | " | " | " | 1טע | " | " | 1 | " | 55 |
| " | " | " | " | 2טע | " | " | 1 | " | 38 |
| " | " | " | " | 3טע | " | " | 1 | " | 35 |
| דריטע | " | : | " | 1טע | " | " | פעהלען | | |
| " | " | " | " | 2טע | " | " | 1 | " | 35 |
| " | " | " | " | 3טע | " | " | 1 | " | 25 |

איינינע אַזעלכע טאַבעלען האָבען בעוויזען, דאָס די שטערבליכקייט אין די גאַסען פון דער צווייטער קלאַס זיינען מיט 18 פּראָצענט מעהר ווי אין די גאַסען פון דער ערסטער קלאַס, און די שטערבליכקייט אין דער דרי־טער קלאַס גאַסען איז מיט 68 פּראָצענט מעהר ווי אין די גאַסען פון דער ערסטער קלאַס; דאָס די שטערבליכקייט אין די הייזער פון דער צווייטער קלאַס איז מיט 30 פּראָצענט מעהר ווי אין די הייזער פון דער ערסטער קלאַס, און די שטערבליכקייט אין די הייזער פון דער דריטער קלאַס איז מיט 78 פּראָצענט מעהר ווי אין די הייזער פון דער ערסטער קלאַס, און דאָס די שטערבליכקייט אין די קלאַסען, וואָס מען האָט פערבעסערט זייער היגיע־נישען צושטאַנד, איז געוואָרען מיט 25 פּראָצענט וועניגער. אין יאָהר 1840 איז די דורכשניטליכע לעבענסדויער פון אַ מענשען פון דער העכערער קלאַס אין ליווערפּול געווען 35 יאָהר; פון געשעפטסלייט און פון אַרביי־טער, וואָס האָבען זיך געפונען אין אַ בעסערען צושטאַנד, איז די דורכשניט־ליכע לעבענסדויער געווען 22 יאָהר; פון אַרבייטער, טאָג־לעהנער און די־נערשאַפט — נאָר 15 יאָהר. מיר האָבען געקענט ברייגען נאָך אַ גאַנצע רייהע פון אַנדערע אַזעלכע פאַקטען. דיזע אַלע טאַטזאַכען מאַכען אויס אַן אַנקלאַגע געגען דער פערמעגליכער קלאַס, דער בורזשואַזיע, דאָס זי איז שולדיג אין מאַסען־מאָרד. „ווען די געזעלשאַפט", זאָגט ענגעלס זעהר ריכ־

טיג, „שטעלט הונדערטער פּראָלעטאַריער אין אַזאַ לאַגע, דאָס זיי מוזען שטאַרבען פאַר דער צייט, איז עס אַזוי מערדערליך ווי דער טויט דורך דעם שווערד אָדער דעם ביקס. ווען די געזעלשאַפט נעהמט צו פון טויזענדער אַרבייטער די מעגליכקייט צו האָבען וואָס דאָס געוועהנליכע לעבען פאָדערט, איז דאָס אַ מאָרד גראַדע אַזוי גוט ווי דער מאָרד, וועלכען אַן איינצעלנער בעגעהט, נאָר פערשטעלטער, בעטריגערישער, אַ מאָרד, געגען וועלכען קיינער קען זיך ניט וועהרען, וועלכער שיינט ניט צו זיין קיין מאָרד, ווייל מען זעהט ניט דעם מערדער, ווייל אַלע זיינען די מערדער און דאָך איז קיינער ניט, ווייל דער טויט פון דעם אָפּפער זעהט אויס ווי נאַטירליך אָבער עס בלייבט דאָך מאָרד".

מען פערלירט דעם גאַנצען רעספּעקט צו דער מענשהייט ווען מען לעזט ענגעל'ס בעשרייבונג אין זיין ווערק „די לאַגע פון דער אַרבייטער־קלאַס אין ענגלאַנד", וואו ער כאַראַקטעריזירט די עלענדע לאַגע פון די פרויען און קינדער, וואָס זיינען געצוואונגען צו אַרבייטען איבער זייערע קרעפטען לאַנגע שטונדען, אָפט אויך אין דער נאַכט־צייט. וויפיעל פון זייערע קינדער עס ווערען פערקריפּעלט, ווי אַ גרויסער טייל פון די אַרביי־טער ווערען האַלבע אידיאָטען פון מאַנכע סאָרטען אַרבייט, ווי די מעהרסטע פון זיי ווערען צוליב דעם, וואָס זיי קריגען ניט קיין בילדונג, שכורים, אויס־געלאַסענע און זיטענלאָזע מענשען. די שולד דאַרף פאַלען אויף די קעפּ פון דער געזעלשאַפט, וועלכע עקספּלואַטירט די אונגליקליכע פּראָ־לעטאַריער, ווערט פון זיי רייך און טוט גאָרניט צו פערבעסערן זייער עלענדע לאַגע.

אויסער דעם איז נאָך צו בעמערקען, ווי די אַרבייט ווירקט שלעכט אויף דאָס פאַמיליען־לעבען. דער מאַן איז אַ גאַנצען טאָג אויף דער אַר־בייט, די פרוי דאָס זעלבע; די קינדער בלייבען מעהרסטענס אַליין אין דער היים אָהן אַ שום אויפזיכט. אין אָבענד, ווען מאַן און פרוי קומען צו הויז, געפינט מען אין דעם איינציגען צימער, וואו זיי וואוינען, אַ שרעקליכע אונ־אָרדנונג; דערפון קומען אימער אַרויס קריג און געשלעגע צווישען מאַן און ווייב, און דאָס ווירקט זעהר שלעכט אויף די זיטען פון די קינדער. די ענגלישע געזעלשאַפט רואינירט אַלזאָ זעלבסט איינעם פון די וויכטיגסטע פונדאַמענטען פון דער נאַציאָן, דאָס איז דאָס פאַמיליען־לעבען. די געזעצ־געבונג און די רעליגיאָן זיינען ניט אין שטאַנד גוט צו מאַכען דאָס, וואָס די דורסט פיר פּראָפיט פון דער רייכער קלאַס פערדאַרבט.

## ב. די פּאָליטישע געשיכטע פון ענגלאנד.

ענגלאַנד איז אַרויס פון דעם קריג מיט פראַנקרייך אַלס זיגערין. זי האָט זיך פערשאַפט אַ פּלאַטע, וועלכע האָט זיך געמאַכט פיר די הערשערין איבער די ימים, און האָט איהר געגעבען די קראַפט צו ווערען די שטאַרקסטע מאַכט אין אייראָפּאַ. איהר אינדוסטריע איז געשטאַנען זעהר הויך. דער מאַרק אַפּצוזעצען איהרע פּראָדוקטען איז געוואָרען אונגעהייער גרויס, טיילס דורך אייגענע עראָבערונגען און טיילס דורך האַנדעלס-טראַקטאַטען. אָבער ניט אַכטענדיג אויף דעם ריזיגען ערפאָלג אין פּאָליטיק מיט אויסלאַנד און אין מסחר האָט ענגלאַנד פיעל געליטען אין יענער צייט פון אינערליכע אַנ-געלעגענהייטען. דער שטאַאַט איז געווען שולדיג איבער 800 מיליאָנען פונט סטערלינג. די רעגירונג איז געווען געצוואונגען צו מאַכען נייע שטייערן אויף גרונד-בעזיץ, האַנדעלס-אַרטיקלען, זאָגאַר אויף לעבענסמיטלען, אום מען זאָל זיין אין שטאַנד צו בעצאָהלען וועניגסטענס די צינזען פיר דיזע ריזיגע סומע. דיזע שטייערן האָבען שטאַרק געדריקט די קליינע גוטס-בע-זיצער און די אַרבייטער-קלאַס, אָבער מעהר ווי אויף אַלעמען האָט עס גע-טראָפען די מיטעלע קלאַס פון די געווערב-בעטרייבער. דיזע קלאַס איז אי-מער געוואָרען וועניגער, און די צאָהל פון די בעזיצלאָזע פאַבריק-אַרבייטער איז אימער געוואָרען גרעסער.

דער נאַטירליכער רעזולטאַט דערפון איז געווען, דאָס ראַדיקאַלע און רעוואָלוציאָנערע אידעען, וועלכע האָבען געשוועבט אין דער לופט איבער גאַנץ אייראָפּאַ זינט דער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן, האָבען אימער געפו-נען מעהר און מעהר אָנהענגער. די רעאַקציאָנערע מיטלען, וואָס די רעגי-רונג האָט גענומען געגען דעם, האָבען גראַדע געווירקט פערקעהרט. דאָס פאָלק האָט אָנגעהויבען צו פאָדערן גלייכעס שטימרעכט, די גרינדונג פון אַ ריכטיגען שטענדיגען פּאַרלאַמענט. דיזע בעוועגונג איז באַלד געוואָרען אַזוי שטאַרק, דאָס עס האָבען אָנגעהויבען אָפט פאָרקומען עפענטליכע אונ-רוהען. ווי אימער, אַזוי איז עס אויך געווען אין דיזער צייט, האָבען די רע-פאָרמער גערופען די אַרבייטער צו הילף אין זייער שטרייט געגען דער רע-גירונג. עס איז ווירקליך ניט געווען שווער צוציהען זיי צו דעם קאַמף געגען דער רעגירונג, ווייל זיי האָבען שטאַרק געפיהלט דעם דרוק פון דער רעגירונג דורך די שטייער, וואָס זי האָט ארויפגעלעגט אויף די לעבענס-מיטלען.

די אַלגעמיינע בעוועגונג האָט זיך אָנגעהויבען ארויסווייזען דורך מאַ-סען־פערזאַמלונגען אין פערשיידענע ערטער מיט פראָטעסטען געגען דעם צושטאַנד. די רעגירונג האָט געוואָלט אונטערדריקען דיזע בעוועגונג גלייך אין אָנפאַנג: זי האָט פערבאָטען צו טראָגען געוועהר, זי האָט בעשרענקט די פרעס־פרייהייט און האָט פערוועהרט פערזאַמלונגען. זי האָט זאָגאַר זיך ערלויבט צו פערטרייבען אין מאַנטשעסטער אַ מאַסען־פערזאַמלונג דורך בלוט־פערגיסונג (1819). עס האָט אָבער אַלעס ניט געהאָלפען. דאָס פאָלק איז געווען איבערצייגט, דאָס נאָר אַ ריכטיגער פּאַרלאַמענט קען בערוהיגען אַלע גייסטער און וועט פערשאַפען אין לאַנד רוה. די עפענטליכע מיינונג איז איבעראַל געווען געגען דער רעגירונג. די געשוואָרענע ריכטער (דזשורי) האָבען אימער בעהאַנדעלט די פּראָצעסען פון פּרעס־פערברעכען שטראָפלאָז.

אין יאָהר 1820 איז דער קעניג געאָרג (דזשאָרדזש) דער 3טער גע-שטאָרבען, און אויף'ן טראָן איז אַרויף זיין זוהן געאָרג דער 4טער. דיזער האָט שוין אייגענטליך פריהער רעגירט אין נאָמען פון זיין פאָטער, וועלכער איז געווען גייסטיג קראַנק. יעצט איז ער געוואָרען הערשער אין זיין אייגענעם נאָמען. דאָס פאָלק האָט איהם ניט געליבט פון פריהער, און עס האָט איהם נאָך מעהר פרהאַסט צוליב דעם, וואָס ער האָט זיך גע-שיידט מיט זיין פרוי (די קעניגין) קאַראָלינע פון ברוינ-שווייג. צוליב דעם האָט ער זיך אָנגעהויבען צוריקציהען פון רעגירונגס־געשעפטען.

די רעגירונג האָט ניט געלעגט קיין געוויכט אויף די פאָדערונגען פון פאָלק און האָט פאָרטגעזעצט איהר אונטערדריקונגס־פּאָליטיק. דער האַס האָט געשטיגען מעהר און מעהר אויף ביידע זייטען. מען האָט אין לאָנדאָן איבעראַל גערעדט, אַז מען זאָל ערמאָרדען אַלע מיניסטאָרען מיט איין מאָל. איבערהויפּט איז דאָס פאָלק געווען אויפגעבראַכט אויף דעם מיניסטער פיר אויסלאַנד הענרי קאַסטלריגה. די עפענטליכע מיינונג האָט גע-מאַכט אויף איהם אַזאַ טרויעריגען איינדרוק, דאָס ער האָט זיך זעלבסט גע-נומען דאָס לעבען (1822). די רעגירונג האָט געמוזט נאָכגעבען. מען האָט פערקלענערט די אויסגאַבען אום צו פערגרינגערן די שטייערן, או מען האָט בעשטימט דעם פריידזיניגען קאַנינג אָנשטאָט דעם פערהאַסטען קאַסטלריגה. דיזער נייער מיניסטער האָט זיך מעהר געהאַלטען אָן די פּרינ-ציפּען פון די וויגס. אום צו ענטוויקלען דעם ענגלישען האַנדעל האָט ער אָנערקענט די אונאָפּהענגיגקייט פון די שפּאַנישע קאָלאָניעס אין אַמעריקא און האָט פיעל געטאָן פיר די בעפרייאונג פון גריכענלאַנד. אויך אין דער

אינערער פּאָליטיק איז קאַננינג געווען גענייגט צו מעהר פרייהייט און פריי-זיניגע אַנזיכטען. אין יאָהר 1824 האָט ער דורכגעפיהרט אין פּאַרלאַמענט אַ געזעץ, וועלכעס האָט בעשטימט פיר שקלאַפּען-האַנדעל די זעלבע שטראָף ווי פיר זעע-רויבעריי. ער האָט בעפרייט די שקלאַפּען אין די קאָלאָניעס און האָט בעצאָהלט זייערע העררען געוויסע סומעס פיר די בעפרייאונג. אין יאָהר 1826 האָט ער דורכגעפיהרט אין פּאַרלאַמענט אַ ביל, וועלכער האָט ערלויבט אַריינצופיהרען געטריידע געגען אַ גרינגער אָפּצאָהל, אום צו געבען דער אָרימער קלאַס די מעגליכקייט צו בעקומען ביליגע ברויט. ער האָט אויך אַריינגעבראַכט אַ ביל וועגען דער עמאַנציפּאַציאָן (גלייכשטעלונג) פון די קאַטאָליקען, אָבער דער ביל איז דורכגעפאַלען מיט אַ קליינער מאַ-יאָריטעט. באַלד נאָכדעם איז ער געשטאָרבען.

אין יאָהר 1828 האָבען די טאָרים צוזאַמענגעשטעלט אַ נייעם מיניס-טעריום אונטער דער פּרעזידענטשאַפט פון לאָרד וועללינגטאָן. די וויכטיגסטע מיטגלידער פון דיזען מיניסטעריום זיינען געווען: סער ראָבערט פּיל און גראַף אַבערדין. דיזעס מיניסטעריום איז געווען בעשטימט דורכצופיהרען די עמאַנציפּאַציאָן פון די קאַטאָליקען, דאָס וואָס איז ניט געלונגען אויסצופיהרען דעם פאָריגען מיניסטער קאַננינג. אין אירלאַנד האָבען די פּראָטעסטאַנטישע גייסטליכע אַלעס אַריינגעכאַפּט אין זייערע הענט. די קאַטאָלישע גייסטליכע האָבען ניט געהאַט קיין מיטלען צום לעבען; זיי האָבען געלעבט דערפון, וואָס דאָס אָרימע אירלאַנדישע פאָלק האָט זיי געגעבען פון זיינע אָרימע קאַרגע איינקונפטען. עס האָט זיך געבילדעט אין אירלאַנד אַ פעראיין מיט'ן צוועק צו צווינגען די ענגלישע רע-גירונג געבען די קאַטאָליקען פרייהייט און גלייכע רעכטען. דיזער פער-איין האָט אָנגעהויבען צו ווערען געפעהרליך פיר די ענגלישע רעגירונג. די זעעלע פון דיזער בעוועגונג איז געווען דער אַדוואָקאַט דאַניעל אָ'-קאָננעל, וועלכער איז ערוועהלט געוואָרען מיט אַ גרויסער מעהרהייט אין ענגלישען פּאַרלאַמענט און איז צוגעלאָזען געוואָרען אַלס מיטגליד.

די רעגירונג האָט געמוזט נאָכגעבען. אין יאָהר 1829 איז אַריינגע-בראַכט געוואָרען אין פּאַרלאַמענט אַ ביל, וועלכער האָט געגעבען דעם איר-לאַנדישען פאָלק גלייכע רעכטען צו ווערען מיטגלידער פון פּאַרלאַמענט און צוגעלאָזען ווערען צו אַלע עמטער. הגם די פּראָטעסטאַנטישע גייסטליכע און די פּראָטעסטאַנטישע פּאַרטיי האָבען געאַרבייט געגען דיזען ביל, איז ער דאָך דורכגעגאַנגען אין הויז פון קאָממאָנס (אונטער-הויז פון פּאַרלאַמענט), און נאָכדעם מיט דער הילף פון הערצאָג פון וועללינגטאָן איז ער אויך אָנגענומען

געוואָרען אין דעם הויז פון די לאָרדען. די קאַטאָליקען האָבען ענדליך בעקו-
מען גלייכע רעכטען מיט די פּראָטעסטאַנטען, און דערמיט איז געפאַלען איינע
פון די הויפּט-בעשטימונגען פון דער ענגלישער פערפאַסונג.

דיזער זיג פון דער עפענטליכער מיינונג אין דער קאַטאָליקען-פראַגע
האָט געגעבען האָפנונג, דאָס דער פּאַרלאַמענט וועט ווערען גרינדליך רע-
פאָרמירט. דער פּאַרלאַמענט איז געוועזען אין פיעלע הינזיכטען זעהר שלעכט



ראָבערט פּיל.

און איז שוין זעהר פיעלע מאָל געוואָרען אָנגעגריפען. דער פּאַרלאַמענט איז
דאַמאָלס ניט געוועזען א וואהרע פערטרעטונג פון פאָלק. אין גאַנצען האָבען
זיך אין איהם געפונען 658 מיטגלידער: 513 פיר ענגלאַנד, 45 פיר שאָטט-
לאַנד און 100 פיר אירלאַנד. ניט אַלע שטעדט האָבען געהאַט וואהל-רעכט.
31 שטעדט, פון וועלכע יעדע איינע האָט געהאַט מעהר פון 10,000 איינ-

וואוינער, און אַנדערע, וועלכע האָבען זאָגאַר געהאַט איבער 100,000 איינ־וואוינער, האָבען ניט געהאַט קיין וואהל־רעכט. דאַגעגען האָבען 204 קליינע שטעדטלאַך יע געשיקט אין פּאַרלאַמענט דעפּוטאַטען. 75 פון זיי האָבען זאָגאַר ניט געהאַט קיין 50 וועהלער. אַ היבשע צאָהל מיטגלידער זיינען גאָרניט ערוועהלט געוואָרען; זיי האָבען נאָר געקויפט די שטעלעס פיר 50 אָדער 60 פונט סטערלינג.

וועללינגטאָן האָט ניט גערעכענט צו ענדערן דעם רעאַקציאָנערען כאַ־ראַקטער פון פּאַרלאַמענט. האָט זיך אָבער געמאַכט, דאָס געאָרג דער 4טער איז געשטאָרבען (1830) און די קרוין האָט געקראָגען וויל הע לם (וויל־ליאַם), דער הערצאָג פון קלאַרענס. נאָך דעם ענגלישען מנהג האָט ביי אַזאַ פאַל געדאַרפט דער פּאַרלאַמענט אויפגעלעזט ווערען און עס האָבען בע־דאַרפט פאָרקומען נייע וואהלען. אין מיטען פון די נייע וואהלען איז פאָר־געקומען די יולי־רעוואָלוציאָן. די ענגלענדער האָבען געפאָדערט, אַז מען זאָל זיי געבען די זעלבע רעפאָרמעס און די זעלבע פּריוויהייטען, וואָס די פראַנצויזען האָבען זיך אויסגעקעמפט מיט זייער רעוואָלוציאָן. די וואהלען זיינען אויסגעקומען זעהר ליבעראַלע, אַזוי דאָס וועללינגטאָן מיט זיינע רע־אַקציאָנערע אידעען האָט ניט געקענט ביי אַזאַ פּאַרלאַמענט פערבלייבען אויף זיין פּאָסט און ער האָט געמוזט רעזיגנירען. עס איז ערוועהלט גע־וואָרען אַ נייעם מיניסטעריום. אָן דער שפּיץ פון דיזען מיניסטעריום איז געשטאַנען גרעי, וועלכער איז געוועזען גענייגט צו רעפאָרמירען דעם פּאַרלאַמענט, דער גאַנצער נייער קאַבינעט איז בעשטאַנען פון פריייזיניגע וויהיגס.

באַלד האָט לאָרד דזשאָהן ראָססעל געמאַכט אַ פאָרשלאַג, אַז מען זאָל אָפּנעהמען דאָס וואהל־רעכט פון 154 שטעדטלאַך און עס איבערגעבען צו די גרויסע שטעדט. דער פּאַרלאַמענט האָט דיזען ביל פערוואָרפען. דער קאַבינעט האָט רעזיגנירט, אָבער דער קעניג האָט די רעזיגנאַציאָן ניט אָנ־גענומען, ווייל ער זעלבסט האָט געהאַלטען, דאָס דער פּאַרלאַמענט מוז רע־פאָרמירט ווערען. ער האָט דעם פּאַרלאַמענט אויפגעלעזט. דעם 21טען יוני 1831 איז דער נייער פּאַרלאַמענט צוזאַמענגעקומען. דריי מאָנאַטען כסדר האָט דער נייער פּאַרלאַמענט דעבאַטירט וועגען דעם רעפאָרמע־ביל ביז ער איז ענדליך אָנגענומען געוואָרען מיט אַ מעהרהייט פון 109 שטימען. אָבער ווען דער ביל איז אריין אין דאָס הויז פון די לאָרדס האָבען זיי פיר איהם ניט געוואָלט שטימען. די בעפעלקערונג איז געווען שרעקליך ערבי־טערט. אַ גרויסע מאַסע פון פאָלק האָט דערלאַנגט דעם קעניג אַ ביטע, אַז

ער זאָל אָננעהמען מאַסרעגלען געגען דאָס אויבער־הויז. דאָס פאָלק האָט געוואָרפען שטיינער אויף די מיטגלידער פון דעם אויבער־הויז. וועללינגטאָן'ען האָט מען געזידעלט און געשלאָגען.

דאָס מיניסטעריום האָט בעשלאָסען צו ענדערן דעם ביל אין דעם גייסט פון די רעאַקציאָנערען. נאָר 80 קליינע שטעדטלאַך זאָלען פערלירען זייער וואַהל־רעכט. דאָס אונטער־הויז האָט אָנגענומען דעם ביל אין דער נייער פאָרמע, אָבער די לאָרדס האָבען אויך דאַן, נאָך פיעלע ענדערונגען אין רעאַקציאָנערען זין, זיך ענטזאַגט איהם אָנצונעהמען. דאָס מיניסטעריום האָט געפּרובּט אַ נייעם פּלאַן: צו בעשטימען פיר דאָס הויז פון די לאָרדס נייע פּערס (לאָרדס) אום צו שאַפען דאָרט אַ מעהרצאָהל. דער קעניג האָט איבערגעגעבען וועללינגטאָן'ען דעם אויפטראַג צוזאַמענצושטעלען אַ נייעם קאַבינעט. דאָס פאָלק איז געוואָרען נאָך מעהר ערביטערט. אַ גאַנצען טאָג האָבען געקלונגען די טרויער־גלאָקען. די קעניגליכע פאָהנען זיינען אַרונטערגעריסען געוואָרען. דער קעניג זעלבסט איז בעליידיגט געוואָרען. וועללינגטאָן האָט זיך איבערצייגט, דאָס עס איז פיר איהם אונמעגליך צו געווינען דעם קאַמף, און ער האָט רעזיגנירט. דאָס פריהערדיגע מיניסטעריום איז ווידער אַריין אין קראַפט. גרעי האָט בעקומען די צושטימונג פון קעניג דורכצופיהרען זיין פּלאַן וועגען צוגעבען צו דעם הויז פון די לאָרדס נייע פּערזאָנען אום צו ערהאַלטען זייער מאַיאָריטעט וועגען דעם רעפאָרמע־ביל פון פּאַרלאַמענט. דאָס האָט געווירקט. די לאָרדס האָבען אָנגענומען דעם ביל אָהן אַ שום ווידערשטאַנד, אום מען זאָל ניט צוגעבען נאָך מיטגלידער ניט פון די לאָרדס צו דעם אויבער־הויז. דעם 4טען יוני 1832 איז ענדליך דער ביל דורכגעגאַנגען אויך אין דעם הויז פון די לאָרדס. דורך דיזען ביל איז פערגרעסערט געוואָרען די צאָהל פון די וועהלער מיט מעהר ווי אַ מיליאָן. דיזער ביל האָט געמאַכט אַ גרויסע ענדערונג אין דער ענגלישער פערפאַסונג, וועלכע איז דורך דעם געוואָרען מעהר דעמאָקראַטיש. דער נייער פּאַרלאַמענט, וועלכער איז ערוועהלט געוואָרען נאָך די נייע געזעצען, איז צוזאַמענגעקומען דעם 5טען פעברואַר 1833, פון וועלכער צייט עס פאַנגט זיך אָן פיר ענגלאַנד אַ נייע עפּאָכע.

דאָס וויכטיגסטע איז, דאָס יעצט איז די פאָדערונג פון די ארבייטער פאָרמולירט געוואָרען שאַרפער און שטאַרקער. דער פּאַרלאַמענט האָט אויך נאָך דער רעפאָרמע ניט געגעבען צו די ארבייטער קיין שטימרעכט, ניט אַכטענדיג דערויף, וואָס זיי האָבען געהאָלפען דער בורזשואַזיע אין איהר קאַמף מיט דער רעגירונג. די פרוכט פון דיזער גאַנצער בעוועגונג האָבען גענאָסען

נאָר די בירגער. דער רעזולטאַט דערפון איז געווען, דאָס די ארבייטער האָבען זיך אין גאַנצען אָפּגעשאָקעלט פון דער בורזשואַזיע, וועלכע האָט זיי שוין אָפּגענאַרט פיעלע מאָל. זיי האָבען שוין זיך מעהר ניט געלאָזען שלעפּען פיר'ן שטריקעל דורך די פאַלשע ראַדיקאַלע פּראַזען וועגען רעפאָרמעס, מיט וועלכע די בורזשואַזיע האָט זיי ביז אהער צוגעצויגען צו העלפען זי אין קאַמף. אין א קורצער צייט האָט זיך ארויסגעוויזען, דאָס די ארבייטער האָבען פון דיזען פּאַרלאַמענט ווענינער צו ערוואַרטען איידער פון דעם פריהערדיגען.

קלאָרער פון אלעם כאַראַקטעריזירען דעם גייסט פון דעם נייעם פּאַרלאַמענט די געזעצען, וואָס ער האָט דורכגעפיהרט וועגען פאַבריקאַציאָן. צוליב די פאָדערונגען פון די ארבייטער איז דער פּאַרלאַמענט געווען געצוואונגען צו בעשטימען א נאָרמאַלען ארבייטס-טאָג פיר די פאַבריקאַציאָן פון וואָל, באַוועל, פלאַקס און זייד. דיזער בעשטימטער ארבייטס-טאָג איז פעסטגעשטעלט געוואָרען אין יאָהר 1834. דאָס געזעץ האָט בעשטימט, דאָס דער ארבייטס-טאָג זאָל זיך אָנפאַנגען האַלב נאָך 5 אין דער פריה און זאָל זיך ענדיגען האַלב 9 אין אָבענד. קינדער פון 13 ביז 18 יאָהר האָבען מעהר ניט געאַרבייט ווי 12 שטונדען א טאָג. קינדער איינגער פון 9 יאָהר האָבען גאָרניט געטאָרט געברויכט ווערען צו דער ארבייט. קינדער פון 9 ביז 13 יאָהר האָבען נאָר געאַרבייט 8 שטונדען אין טאָג. קינדער פון 9 ביז 18 יאָהר האָבען גאָרניט געטאָרט געברויכט ווערען צו וועלכער עס איז נאַכט-ארבייט.

אָבער דיזעם געזעץ איז געבליבען א טויטער בוכשטאַב. פון דעם יאָהר 1802 ביז 1833 האָט די רעגירונג ארויסגעגעבען 5 ארבייטס-אַקטען, אָבער קיין איינער איז ניט אָנגעווענדט געוואָרען אין דער פּראַקטיק. די פאַבריקאַנטען האָבען אימער געפונען מיטלען ווי איהם ניט צו ערפילען. אויך דיזען מאָל האָט דער פּאַרלאַמענט געפונען א מיטעל ווי צו טויטען איהם אין דער פּראַקטיק.

אום צו פערלענגערן דעם ארבייטס-טאָג פיר קינדער אזוי ווי פיר גרויסע, ד. ה. פון האַלב 6 ביז האַלב 9 אין אָבענד, האָט דער פּאַרלאַמענט געשאַפען א נייעם סיסטעם, וועלכעס איז בעקאַנט אלס „רעלעי סיסטעם" (relay הייסט דאָס בייטען פון פערד אויף פּאָסט-סטאַציאָנען). נאָך דיזען סיסטעם האָבען קינדער געאַרבייט אין 2 פּאַרטייען — איינע פון האַלב 6 אין דער פריה ביז האַלב 2 נאָך מיטטאָג, און די אַנדערע פון האַלב 2 ביז

האַלב 3 אָבענדס. דאָס איז געווען דאָס געזעץ פיר קינדער פון 9 ביז 13 יאָהר.

אָבער די פאַבריקאַנטען זיינען דערמיט אויך ניט געווען צופרידען, און זיי האָבען געשאַפען אַ נייעם סיסטעם ווי צו האַלטען קינדער לענגער אין דער אַרבייט. זיי האָבען געגעבען די קינדער דאָס רעכט אָנצופאַנגען די אַרבייט ווען זיי ווילען און אויפהערען ווען זיי ווילען, און זיי האָבען זיי גערעכענט אַ טאָג אַרבייט 7½ שטונדען. אָבער דאָ איז געווען דער גאַנצער שווינדעל. עס איז געווען פיר אַ בעאַמטען אונמעגליך צו וויסען גענוי וויפיעל שטונדען יעדעס קינד האָט געאַרבייט יעדען טאָג. דערצו האָט מען געמוזט האָבען אַ ספּעציעלען בוכהאַלטער, ווייל די קינדער האָבען ניט געאַרבייט יעדען טאָג גלייך אין איין צייט און ניט יעדען טאָג אַ גלייכע צאָהל שטונדען. די ברוטאַלע אויסזויגונג פון די קינדער האָט געבושעוועט אונבעשטראָפט ווי פריהער.

אָבער פיעל ערגער איז געווען די געזעצגעבונג וועגען אָרימע לייט. פון דער צייט פון דער קעניגין עליזאַבעטה האָט עקסיסטירט אין ענגלאַנד אַ געזעץ, לויט וועלכען יעדע געמיינדע איז געווען פערפליכטעט צו בעזאָרגען איהרע אָרימע לייט מיט די נעטיגע נאַהרונגס־מיטלען, קליידער און וואוינונג. דיזעס געזעץ איז אָפּגעשאַפט געוואָרען אין יאָהר 1834. דאָס נייע געזעץ האָט געצילט אין גאַנצען פּטור צו ווערען פון די אָרימע — ניט געבען זיי קיין שטיצע, מעגען זיי פערניכטעט ווערען. לויט דיזען געזעץ האָט די רעגירונג געבויט אַנשטאַלטען, וואו מען האָט נאָר אריינגענומען שוואַכע און קראַנקע, פון וועלכע מען האָט געקענט געשווינד פּטור ווערען. דאָס פאָלק האָט גערופען דיזע אַנשטאַלטען מיט'ן נאָמען „אָרמענגעזעץ־באַסטיליעס”. דורך דיזע אַנשטאַלטען האָט מען צושיידט פאַמיליעס: מענער פון פרויען, פרויען פון מענער, קינדער פון עלטערן און עלטערן פון קינדער; מען האָט זיי דאָרט געהאַלטען איינגעשלאָסען ווי אין געפענגניסען. מען פלעגט דאָרט אָפּט אויך אריינגעהמען אַן אַרבייטס־פעהיגען, אָבער דיזען האָט מען אַזוי שלעכט בעהאַנדעלט, דאָס ער איז גערן געווען ארויסצוגעהן פון דאָרט און לעבען אין זיין פריהערדיגען עלענד.

דיזעס נייע אַרמען־געזעץ האָט שטאַרק אויפגעבראַכט די אַרבייטער ערסטענס צוליב דער שלעכטער בעהאַנדלונג, וואָס די אָרימע האָבען אין דיזער אַנשטאַלט בעקומען, און צווייטענס צוליב דעם צוועק, פיר וועלכען דיזעס געזעץ איז געשאַפען געוואָרען. די אַרבייטער, וואָס האָבען זיך געפונען אין דיזע אַנשטאַלטען, האָבען אָנגעבאָטען זייער אַרבייט פיר אַ זעהר

ביליגען פרייז, ווייל זיי האָבען דאָך געהאַט וועלכע עס איז היים. און אַזוי האָבען דיזע אָרימע לייט ארונטערגעוואָרפען די פרייזען, און דאָס האָט די בורזשואַזיע געוואָלט מיט איהרע אַנשטאַלטען. די גאַנצע ארבייטער־קלאַס איז געקומען אין בעוועגונג געגען דיזען ארמען־געזעץ. איבערהויפּט האָבען זיך גענומען אַגיטירען געגען דיזען געזעץ ריטשארד אָאַסטלער און דער מעטהאָדיסטען־פּרעדיגער סטעפענס. אויך פיעלע ראַדיקאַלע מיטגלידער פון פאַרלאַמענט האָבען זיך פעראייניגט אין דיזער אַרבייט מיט די ארבייטער־פיהרער. עס זיינען איבעראַל ענטשטאַנען ארבייטער־פעראיינען, וועלכע האָבען געהאַט זייער אָרגאַן „די נאָרטהערן סטאַר" (דער נאָרד־שטערען), געגרינדעט פון דעם אירלאַנדער פירגוס אָ'קאָננאָר. א בעזונדערען איינפלוס האָט געהאַט די לאָנדאָנער „ארבייטער־אַסאָציאַציאָן". דיזער פעראיין האָט פערפאַסט א פּראָגראַם: „צו ערווערבען פיר די ארבייטער א פּאָליטישע מאַכט". וויללּיאַם לאָוועט האָט ארויסגעשטעלט די פונקטען פון דער „פּאָלקס־כאַרטע", וועלכע האָבען דער פּאָליטישער ארבייטער־בעוועגונג אין ענגלאַנד געגעבען דעם אינהאַלט. דיזע פונקטען זיינען פאָלגענדע:

1) אַלגעמיינעס שטימרעכט פיר יעדען מענשען, וואָס איז פול־יעהריג.
2) דער פּאַרלאַמענט זאָל ערוועהלט ווערען יעדעס יאָהר.
3) געהיימע שטימען־געבונג.
4) אָפּשאַפונג פון צענזוס פיר א מיטגליד צום פּאַרלאַמענט.
5) דיעטען (געהאַלט) פיר פּאַרלאַמענטאַרישע מיטגלידער.
6) גלייכמעסיגע וואַהל־בעצירקען.

דיזע פּראָגראַם איז נאָך דער פאָרמע ריין פּאָליטיש, אָבער פיעלע פון די כאַרטיסטען האָבען זי בעטראַכט אַלס א פאָרשטופע צו א דעמאָקראַטישער און סאָציאַלער רעפּובליק. דיזע פאָדערונגען זיינען געווען די פאָהנען, ארום וועלכע עס האָבען זיך פערזאַמעלט אַלע אונצופרידענע אין לאַנד. צו די אונצופרידענע האָבען זיך גערעכענט ניט נאָר די ארבייטער, נאָר אויך פיעלע פון דער קליינער בורזשואַזיע. אַזוי איז אָנפאַנגס דער ארבייטס־ראַדיקאַליזם געגאַנגען האַנט אין האַנט מיט דעם ראַדיקאַליזם פון דער קליינער בורזשואַזיע.

אָבער זעהר פריה האָט דיזע בעוועגונג אָנגענומען א סאָציאַלען כאַראַקטער. מיר האָבען שוין פריהער געשריבען, וואָס פיר א שלעכטע און טרויעריגע פאָלגען עס האָט געהאַט אויף די ארבייטער די ענטוויקלונג פון דעם פאַבריק־סיסטעם. איבערהויפּט האָט געהאַט א זעהר שלעכטע ווירקונג אויף

די ארבייטער די לאַנגע ארבייטס־צייט. די פאַבריקאַנטען האָבען געזוכט אַלערליי מיטלען ווי אַרומצוגעהן דאָס געזעץ פון פּאַרלאַמענט פון 1833. די ארבייטער פון זייער זייט האָבען אַגיטירט און אָנגעפיהרט אַ קאַמף געגען די פאַבריקאַנטען און האָבען געפּאָדערט פערקירצונג פון דער ארבייטס־צייט אויף 10 שטונדען אַ טאָג, צום ווענינסטען פיר פרויען און יונגע לייט.

פון יאָהר 1838 האָט די אַגיטאַציאָן פון די טשאַרטיסטען אָנגענומען אַ שטאַרקען, גוואַלדזאַמען כאַראַקטער. זיי האָבען בעשלאָסען צו מאַכען גרויסע מאַסען־פערזאַמלונגען אום צו פערפערטיגען אַ ביטשריפט צום פּאַרלאַמענט. דיזע מאַסען־פערזאַמלונגען זיינען ווירקליך געווען זעהר פאָלקסרייכע. עס זיינען אָפּגעהאַלטען געוואָרען 500 מאַסען־פערזאַמלונגען, און אויף יעדער זיינען צוזאַמענגעקומען ניט ווענינער ווי 30,000 פּערזאָן. עס זיינען געווען אַזעלכע פערזאַמלונגען, אין וועלכע עס האָבען אָנטייל גענומען איבער 300,000 פּערזאָן. די בורזשואַזיע האָט פערשטאַנען מיט וואָס דאָס שמעקט און האָט זיך גענומען פּאָרבערייטען צו אַ ווידערשטאַנד מיט וואַפען. די טשאַרטיסטען האָבען אויפגעפאָדערט דאָס פאָלק צו אַ קאַמף מיט דער בורזשואַזיע. מען האָט פערפערטיגט אַ גרויסע צאָהל פּיקעס (שפּיזען), ווי אין דער צייט פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן. דעם 14טען נאָוועמבער 1838 האָט סטעפענס געהאַלטען אַ גלענצענדע רעדע און האָט נאָך דער רעדע געפרעגט די פערזאַמלונג, אויב זיי זיינען אַלע בעוואָפענט. מען האָט איהם באַלד געענטפערט מיט אַ געררויש פון געוועהר. דאַן האָט ער געפרעגט צום צווייטען מאָל די זעלבע פראַגע, און האָט געקראָגען דעם זעלבען ענטפער. „איך זעה, אַז עס איז אַלעס אין אָרדנונג", האָט ער געזאָגט צו די פערזאַמעלטע, „אַ גוטע נאַכט!"

קורץ נאָכדעם האָט ער ווידער פערזאַמעלט דאָס פאָלק און האָט צו דער פערזאַמלונג געזאָגט פאָלגענדע ווערטער: „איהר זאָלט אייך ניט שרעקען פאַר דער רעגירונג, פאַר די סאָלדאַטען, פאַר שפּיזען און קאַנאָנען, וועלכע זיינען בערייט צו אונטערדריקען אייך; איהר האָט איין מיטעל, וואָס איז פיעל שטאַרקער פון די אַלע זאַכען; אייערע וואָפען זיינען פיעל שטאַרקער פון זייערע; אַ קינד פון 10 יאָהר קען שטרייטען מיט דיזער געפעהרליכער און מעכטיגער וואָפע. איהר ברויכט נאָר נעהמען אַ פּאָאָר שוועבעלאַך, אַ בינטעל שטרוי איינגעטונקט אין פעך, און איך וואָלט וועלען זעהן, וואָס די רעגירונג מיט אַלע איהרע הונדערטער טויזענדער סאָלדאַטען וועלען טאָן געגען דעם?" דיזע ווערטער האָבען אָנגעצונדען אַ העלישען פייער אין די הערצער פון די פערזאַמעלטע, אָבער נאָך מעהר האָט געווירקט,

וואָס די כאַרטע האָט פערשפּראָכען דער הונגעריגער מאַסע ברויט. „דער
כאַרטיזם", האָט סטעפענס געזאָגט צו אַ פערזאַמעלטער מאַסע פון 200,000
פּערזאָן ביי מאַנטשעסטער, „איז ניט אַ פּאָליטישע פראַגע וועגען בעקומען
וואהלרעכט, דאָס איז אַ פראַגע פון מעסער און גאָפּעל, דאָס איז אַ פראַגע
פון גוטער, געזונדער שפּייז, פון אַ ריינער בעקוועמער וואוינונג און קורצער
אַרבייטס־צייט".

די רעדעס אין די פּאָלקס־פערזאַמלונגען זיינען געוואָרען אימער פעס-
טער און שאַרפער. די פערזאַמלונגען זיינען געוואָרען אַזוי צאָהלרייך, דאָס
עס איז ניט געווען אַ לאָקאַל, וואָס זאָל קענען אריינגעהמען אין זיך אַזאַ
גרויסע מאַסע. די כאַרטיסטען האָבען זיך געמוזט פערזאַמלען אויסער'ן
שטאָדט נעבען די טויערן, און נאָכדעם זיינען זיי אריין אין שטאָדט און
האָבען זיך צולאָזען איבער אַלע גאַסען מיט זייערע פאָהנען מיט מורא'דיגע
איבערשריפטען. זיי האָבען מיט זיך געטראָגען ברענענדע פאַקלען אום צו
צייגען דערמיט דעם פּאָלק, דאָס זיי זיינען בערייט ארויסרופען אַ בירגער-
קריג. די רעגירונג האָט אָנגעהויבען צו פערוועהרען מאַסען־פערזאַמלונגען
און רעדע־פרייהייט, אָבער עס האָט איהר ניט געהאָלפען. זי האָט פעראור-
טיילט סטעפענס'ן צו 18 מאָנאַטען געפענגניס פיר זיינע אַ פרייע רעדע,
ניט אַכטענדיג דערויף, וואָס זיין פערטיידיגונגס־רעדע איז געווען אַזוי גלענ-
צענד, דאָס די ריכטער זעלבסט האָבען איהם געוואונשען גליק אין זיין אונ-
טערנעהמונג. אָבער זיין אַרעסט האָט די בעוועגונג ניט אָפּגעשטעלט; די
אַגיטאַציאָן איז געווען אין יאָהר 1839 נאָך מעכטיגער ווי פריהער.

דעם 4טען פעברואַר 1839 האָבען די כאַרטיסטען געמאַכט אַ „נאַציאָ-
נאַלען קאָנווענט", אויף וועלכען עס איז בעשלאָסען געוואָרען, אַז מען זאָל
אָפּשטימען אין גאַנצען לאַנד, ווען מען זאָל אָנפאַנגען דעם „גענעראַל-
סטרייק". זיי האָבען יעצט געמוזט האָבען אַ שטאַרקע וואַפע אין די הענט,
ווייל זיי האָבען דערלאַנגט זייער פּעטיציאָן (ביטשריפט) מיט 1,200,000
אונטערשריפטען צום פּאַרלאַמענט, פון וועלכען זיי האָבען געפאָדערט די
אָנערקענונג פון די אויבען־דערמאָהנטע 6 פּונקטען. דיזע פּעטיציאָן האָבען
זיי דערלאַנגט צום פּאַרלאַמענט דורך אַ מיטגליד פון פּאַרלאַמענט אַ ט ט-
וואוד. דער רעזולטאַט איז געווען אַן אונערוואַרטעטער. דער פּאַרלאַ-
מענט האָט זיך אויסגעלאַכט פון דער גאַנצער פּעטיציאָן און מען האָט זי
באַלד בעגראָבען. עס איז געווען אַן אונגעוועהנליכער פרעכער שריט און
אַ פּאַטש אין פּנים אַן אַרבייטער־מאַסע פון איבער 1,200,000 אין צאָהל.
די בעליידיגטע אַרבייטער האָבען זיך אָנגעהויבען צוגרייטען צו אַ בעוואַ-

פענטען ווידערשטאַנד. אין ניופּאָרט האָט פראָסט, אַ פיהרער פון דער כאַרטיסטיסטען=בעוועגונג, געזוכט צו מאַכען אַן אויפשטאַנד. היר איז פאָרגעקומען אַ גאַסען=קאַמף צווישען מיליטער און כאַרטיסטען. די כאַרטיסטען זיינען בעפאַלען די געפענגניס, אָבער דאָס מיליטער האָט זיי אָפּגעשטויסען און אייניגע אַרבייטער זיינען דערשאָסען געוואָרען. דער קאַמף איז ניט געלונגען און די אַנפיהרער זיינען פערשיקט געוואָרען. עהנליכע אויפשטאַנדען זיינען אויך פאָרגעקומען אין אַנדערע גרויסע שטעדט. אָבער ווייל די כאַרטיסטען זיינען ניט געווען אָרגאַניזירט האָט אַ הייפעלע סאָלדאַטען און פּאָליציסטען זיי בעזיגט. כמעט אַלע זייערע אַגיטאַטאָרען זיינען אין אַ צייט פון 2 יאָהר געוואָרפען געוואָרען אין די געפענגניסען. עס האָט אויסגעוויזען, דאָס פון דער גאַנצער בעוועגונג איז גאָרניט געוואָרען. אָבער דער ענגלענדער גיט ניט אויף אַזוי גיך זיינע אַ גערעכטע פאָדערונג. ווען די געפאַנגענע פיהרער זיינען אַרויס פון געפענגניס האָט דאָס פאָלק געמאַכט גרויסע דעמאָנסטראַציאָנען, און דאָס האָט בעוויזען, דאָס די בעוועגונג איז נאָך ניט איינגעשלאָפען.

אין די יאָהרען 1840 און 1841 איז די אַגיטאַציאָן פון די כאַרטיסטען צוגעגאַנגען רוהיג. דאַ איז אָבער אָנגעקומען דער שרעקליכער קריזיס אין ענגלאַנד אין יאָהר 1842. דיזער קריזיס האָט אָנגעמאַכט צווישען די אַרבייטער אַ גרויסע בעוועגונג. די ביטערע נויט האָט זיי דערצו געצוואונגען. אין סטאָקפּאָרט, נעבען מאַנטשעסטער, זיינען איבער 3,000 הייזער געשטאַנען לעער. די אַרמען=שטייער (ד. ה. די שטייער, וואָס מען האָט אַרויפגעלעגט אויף די בירגער, צו שטיצען די אָרימע לייט פון שטאָדט) האָט געשטיגען פון 2,628 פונט סטערלינג ביז 7,120 פונט, ווייל די צאָהל פון אָרימע לייט האָט זיך שטאַרק פערגרעסערט. אין אַ קליינער שטאָדט ניט ווייט פון סטאָקפּאָרט האָבען 1,000 פאַמיליעס געמוזט בעקומען אַרמען=שטיצע. אין לידז האָבען 4,025 פאַמיליעס, אַ פינפטעל פון דער גאַנצער בעפעלקערונג פון שטאָדט, זיך גענעטיגט אין אַרמען=שטיצע. אין גלאַזגאָוו האָבען די אַרבייטער געמאַכט אין די גאַסען דעמאָנסטראַציאָנען און האָבען געפאָדערט ברויט און בעשעפטיגונג. אין דומפריעס האָבען די אַרבייטער פון הונגער צורויבט די ברויט=קראָמען. די זעלבע נויט האָט געהערשט אין אירלאַנד. אויך דאָ זיינען פאָרגעקומען רויבערייען און זעהר אָפט אויך מאָרד=אַנגריפען אויף רייכע גוטס=בעזיצער.

אָבער אויך די רייכע פאַבריקאַנטען האָבען געליטען פון דיזען קריזיס. די וואַהלען פון 1841 האָבען געבראַכט די טאָרים ביי דעם רודער פון דער



גאַסען־קאַמף צווישען כאַרטיסטען און מיליטער אין ניופּאָרט.

רעגירונג, און מיט זיי האָבען די גרויסע גרונד־בעזיצער ווידער אויפגע־הויבען די קעפּ. דיזעס צוזאַמען מיט דעם קריזיס האָט געבראַכט אויך די בורזשואַזיע אין דעם לאַגער פון דער אָפּאָזיציאָן. די ערסטע זאַך, וואָס די בורזשואַזיע האָט געטאָן, איז געווען, דאָס זי האָט מיט גרויס אייפער און פייער גענומען אַגיטירען פיר אָפּשאַפען דעם צאָל פון קאָרן. פיר זיי איז עס געווען זעהר וויכטיג, ווייל ביליגעס ברויט בעדייטעט ביליגע אַרבייט, וועלכע וועט זיי געבען די מעגליכקייט צו קאָנקורירען מיט אויסלענדישע פאַבריקאַנטען. די בורזשואַזיע איז יעצט צוטיילט געוואָרען אויף 2 פיינד־ליכע לאַגערן. די אַרבייטער האָבען זיך בענוצט מיט דיזען קאַמף און האָבען זיך אָנגעשלאָסען אָן דער בורזשואַזיע. די כאַרטיסטען האָבען ווייניג גע־גלויבט, דאָס די אַרבייטער וועלען דערביי עפּעס געווינען, אָבער זיי האָבען געהאָפט צו ציהען נוצען פון דיזען קאַמף צווישען די בירגער.

די כאַרטיסטען האָבען זיך פעראייניגט מיט דער פּאַרטיי פון דער בור־זשואַזיע, וואָס איז געווען געגען דעם קאָרן־צאָל, און האָבען בעשלאָסען צו־זאַמען דערלאַנגען צום פּאַרלאַמענט אַ פּעטיציאָן (ביטשריפט) וועגען דער אָפּשאַפונג פון דעם קאָרן־צאָל, אָבער צוזאַמען מיט דעם האָבען זיי אויך געפאָדערט צו אָנערקענען די 6 אויבען־אויסגערעכענטע פּונקטען פון זייער פּראָגראַם. די בורזשואַזיע איז אויך יעצט געווען בעגייסטערט מיט אַ פייערדיגען ראַדיקאַליזם, ווי נאָך קיינמאָל פריהער. עס האָט זיך דאָך געהאַנ־דעלט וועגען דעם פונדאַמענט פון מסחר, וועגען פּראָפיט. זייער גאַנצע שטרעבונג איז געווען אָפּצושאַפען דעם צאָל־טאַריף מיט דער הילף פון דער נויט און פון די אַרבייטסלאָזע, עס מעג זיי קאָסטען וואָס עס וויל. זיי האָבען געברויכט אַלע מיטלען, גערעכטע און ניט גערעכטע, אום דיזען צוועק צו דערגרייכען. זיי האָבען בעשלאָסען אַרויסצורופען אַ סטרייק און צו שליסען די פאַבריקען. זיי האָבען געשיקט די אַרבייטער אויף די גיטער פון דער אַריסטאָקראַטיע אום צו צווינגען זיי נאָכצוגעבען דיזע פאָדערונג, ווייל דיזע גרויסע גוטס־בעזיצער זיינען געווען די גרעסטע געגנער אָפּצו־שאַפען דעם קאָרן־צאָל. די פאַבריקאַנטען האָבען זיך ווייניג אינטערעסירט מיט די פאָלגען פון דיזער האַנדלונג. זיי זיינען געשטאַנען פון ווייטען, אין הינטערגרונד: וואָס אַרט זיי ווען די פּראָלעטאַריער וועלען פערגיסען זייער בלוט? זיי האָבען אין יעדען פאַל דערפון געוואונען, וואָס זיי וועלען אין דער שלעכטער צייט ניט זיין געצוואונגען צו פּראָדוצירען אָהן פּראָפיט.

אָבער די אַרבייטער האָבען גוט פערשטאַנען, דאָס זיי וועלען דערפון גאָרניט געווינען. דער אָרגאַן פון די כאַרטיסטען, דער „נאָרטהערן סטאַר",

האָט זיך ערקלערט געגען דעם סטרייק. אָבער די פאַבריקאַנטען האָבען ניט נאָכגעגעבען. זיי האָבען בעשלאָסען צו צווינגען די ארבייטער צו סטרייקען. אין 3 פאַבריקען אין סטאַלעיברידזש האָבען זיי ענדע יולי און אָנפאַנג אויגוסט פערקלענערט דעם אַרבייטער־לוין. צוויי געשעפטען האָבען אפילו באַלד צוריק אויפגעהויבען דעם לוין, ווייל צופעליגערווייזע איז דאַמאָלס דער פרייז פון זייערע פּראָדוקטען געשטיגען, אָבער די דריטע פאַבריק איז געבליבען ביי איהר בעשלוס צו פערקלענערן דעם לוין. די ארבייטער זיינען באַלד אַרויס איבער די גאַסען מיט אַ דעמאָנסטראַציאָן און האָבען אויפגעפאָדערט די אַרבייטער פון אַלע אַנדערע פאַבריקען צו פערלאָזען די אַרבייט. באַלד זיינען אַלע פאַבריקען געבליבען שטעהן שטיל. מיט 3 טעג שפּעטער, דעם 8טען אויגוסט, זיינען פיעלע פון די אַרבייטער, 5,000 אין צאָהל, אוועק נאָך אַ ש ט אָ ן און ה אַ י ד און האָבען דאָרט אויך געצוואונגען די אַרבייטער צו פערלאָזען די פאַבריקען. דעם 9טען אויגוסט זיינען זיי אַוועק נאָך מאַנטשעסטער, נאָכדעם אין סטאָקפּאָרט, באָלטאָן, און עס האָט ניט לאַנג גענומען און דער אויפשטאַנד האָט זיך פערברייטערט איבער דעם גאַנצען נאָרדליכען פאַבריק־בעצירק. איבעראַל זיינען די פאַבריקאַנטען געוועזן צופרידען, וואָס די אַרבייט איז אָפּגעשטעלט געוואָרען.

דעם 14טען האָט זיך די רעגירונג גענומען צו ברייִנגען אָרדנונג. די בורזשואזיע איז געשטאַנען פון וויטען און האָט דערין ניט גענומען קיין אָנטייל. זי האָט נאָך אַלץ געהאָפט צו ציהען נוצען פון דיזער אַרבייטער־בעוועגונג, אָבער די אַרבייטער האָבען ניט געזאָגט קיין וואָרט וועגען אָפּשאַפען דעם קאָרן־צאָל. זיי האָבען געפאָדערט „אַ עהרליכען טעגליכען לוין פיר אַ עהרליכען טאָג אַרבייט". דאָס איז געוועזן פיר די פאַבריקאַנטען אַ געפעהרליכע שפּראַך. דערוויילֿ האָט זיך די לאַגע פון די געשעפטען געבעסערט. יעצט, ווען עס איז דאָ אַ מעגליכקייט צו פערדינען זאָגאַר ווען דער קאָרן־צאָל איז ניט אָפּגעשאַפט געוואָרען, איז זעהר ניט פּראַקטיש צו לאָזען שטעהן די פאַבריקען. די אַרבייטער האָבען ניט געוואָלט דינען פיר די צוועקען פון די פאַבריקאַנטען. דאַן זיינען די פאַבריקאַנטען מיט איין מאָל אַריבער אויף די זייט פון דער רעגירונג. זיי זיינען געוואָרען ליבהאָבער פון אָרדנונג און גוט און רוהיג ווי די שעפּסעלאַך, און זיינען געוואָרען שטאַרקע געגנער פון דער אַרבייטער־בעוועגונג.

צום אונגליק פון דיזער בעוועגונג האָבען די אַרבייטער אַליין ניט געהאַט קיין ריכטיגען אַלגעמיינעם ציל און זייער גאַנצע אָנשטרענגונג האָט געמוזט בלייבען נוצלאָז. זיי זיינען געוועזן צו שוואַך געגען דער מאַכט פון

דעם מיליטער. זיי זיינען זיך צוגאַנגען. די פאַבריקאַנטען האָבען געוואָר-פען די גאַנצע שולד פון דיזער בעוועגונג אויף די טשאַרטיסטען, און האָבען געזוכט זיך ריינצואוואַשען פאַר דער רעגירונג צייגענדיג, דאָס זיי קוקען אויף דיזע בעוועגונג מיט פעראַכטונג.

דער וויכטיגסטער רעזולטאַט פון דיזער בעוועגונג איז געווען, דאָס די אַרבייטער האָבען זיך אין גאַנצען אָפּגעטריסעלט פון דער בורזשואַזיע. די פּראָלעטאַריער האָבען ניט געהאַט קיין אינטערעס אין דער פראַגע פון קאָרן-געזעץ, און אַזוי האָט זיך די טשאַרטיסטישע בעוועגונג געשפּאָלטען אין צוויי פּאַרטייען. דיזע צוויי פּאַרטייען זיינען געווען אין פּאָליטישער הינ-זיכט נאָר איין פּאַרטיי, מיט איין פּראָגראַם, אָבער זיי זיינען געווען צוויי פּאַרטייען אין סאָציאַלער הינזיכט. די בורזשואַזיע פון איהר זייט האָט אויך געזוכט צו צייגען דער רעגירונג, דאָס זי האָט ניט מיט די טשאַרטיסטען קיין צוזאַמענבונד; זי האָט אַרויסגעוואָרפען פון איהרע סטאַטוטען דאָס וואָרט טשאַרטע און האָט די בעצייכנונג „אַלגעמיינעם" שטימרעכט פערביטען אויף „קאָמפּלעטעם" שטימרעכט. די בורזשואַזיע האָט זיך געגעבען אַלע מיה, אַז מען זאָל פערגעסען איהר פריהערדיגען אָנטייל אין דער רעוואָלוציאָנע-רער בעוועגונג. די אַרבייטער דאַגעגען האָבען מיט שטאָלץ זיך געהאַלטען אָן זייער אַלטען נאָמען „טשאַרטיסטען". פון דאַמאָלס אָן איז דער טשאַרטיזם געוואָרען נאָר אַן אַרבייטער-זאַך, פריי פון אַלע פערדונקעלטע עלעמענטען פון דער בורזשואַזיע. זייער גאַנצע שטרעבונג איז געווען: דורכצופיהרען דעם 10-שטונדען ביל, צו שטיצען די אַרבייטער געגען די קאַפּיטאַליסטען, צו בעקומען פיר דעם אַרבייטער אַ גוטען לוין און אָפּצושאַפען דאָס אָרמען-געזעץ. „דער צוועק אונזערער", האָבען די אַרבייטער געזאָגט, „איז סאָ-ציאַלע גליקזעליגקייט, און דער מיטעל דערצו איז פּאָליטישע מאַכט".

אַן אויסצוג פון אַ רעדע פון איינעם פון די טשאַרטיסטען-פיהרער ערנעסט דזשאָנעס קען אונז געבען אַ בעגריף פון דער סאָציאַלער אויפפאַסונג פון אייניגע פון די טשאַרטיסטען.

„מיר מוזען זיך בעפרייען פון יעדען אָרמען-געזעץ", האָט דזשאָנעס געזאָגט, „מיר טאָרען ניט דערלאָזען, דאָס דיזעס געזעץ, וואָס עקסיסטירט יעצט, זאָל געענדערט ווערען דורך אַן אַנדער געזעץ. אָבער מיר מוזען זיך בעפרייען ניט נאָר פון דעם אָרמען-געזעץ, נאָר אויך פון דעם געזעץ פון די רייכע. יעצט איז דאָ איין געזעץ פיר די רייכע און אַן אַנ-דערעס פיר די אָרימע.

„מיינע פריינד! איהר טאָרט ניט מאַכען קיין קלאָגען געגען אייער צושטאַנד, דאָס הייסט בונט! איהר טאָרט ניט פערלאַנגען וועלכע עס איז מאַסרעגלען געגען אייערע לײדען — דאָס הייסט פערשווערונג! איהר טאָרט ניט ארויסשטעלען די שלעכטע זייט פון אייערע הערען — דאָס הייסט עהרען־בעליידיגונג! איהר טאָרט ניט נעהמען וואָס אייך קומט — דאָס הייסט גנבה און גזילה! איהר טאָרט ניט געהן אויף דער ערד, וועלכע די נאַטור האָט געשענקט אַלעמען גלייך — דאָס הייסט בערויבען אַן אַנ־דערען'ס אייגענטום! איהר טאָרט ניט בעטען קיין צדקה — דאָס הייסט זיין אַ וואַגאַבונד (אַ בראָדיאַגע)! דאָס איז דאָס אָרמען־געזעץ, מיינע פריינד. עס איז אָבער דאָ אַן אַנדערעס געזעץ פיר אַן אַנדער סאָרט ענג־לענדער. דער אַריסטאָקראַט האָט דאָס רעכט צו ערװערבען זיך אייגענטום און ניט בעצאָהלען דערפאַר — דאָס הייסט פּריווילעגיע! דער סאָלדאַט דאַרף שפּאַלטען קעפּ און שענדען פרויען — דאָס הייסט רוהם! דער יאַגד־ליבהאָבער האָט דאָס רעכט צו צוטרעטען און פערדאַרבען אייערע בעזעעטע פעלדער און מאַכען אַ תל פון אייער מיהזאַמער מיט שוויים בע־גאָסענער אַרבייט — דאָס הייסט אייגענטום־רעכט! דער פּריסטער דאַרף נעהמען פון אייערע פּראָדוקטען מעשר און פערקויפען מחילה אויף זינד — דאָס הייסט רעליגיאָן! דער גרונד־בעזיצער דאַרף אויסהונגערן די אַרביי־טער, וועהרענד ער קאָרמעט די ווילדע יאַגד־חיות — דאָס הייסט שוץ! דער פאַבריקאַנט דאַרף העכערן דעם פּרייז פון זיינע פּראָדוקטען און אַרונ־טערשניידען דעם אַרבייטס־לוין — דאָס הייסט פרייער האַנדעל! די קע־ניגין דאַרף האָבען קינדער און איהר דאַרפט בעצאָהלען זייערע בעדערפני־סען — דאָס הייסט אונטערטאַנען־טרייהייט! דאָס איז דאָס געזעץ פיר די רייכע, מיינע פריינד! מיינט איהר, אַז דאָס ענגלישע פאָלק וועט אויף אימער בלייבען פערשלאָסען אין דער באַסטיליע? גלויבט איהר, דאָס עס וועט זיין צופרידען מיט דער נייער פראַבע, אונטער וועלכע איהר ווילט אונטערוואַרפען די קאַנדידאַטען פיר'ן פּאַרלאַמענט מיט דעם, וואָס איהר לאָזט זיי שטימען פיר אַ נייעס באַסטיליען־געזעץ און נאָר פיר באַסטיליער? מיר ברויכען ניט קיין נייעס אָרמען־געזעץ, נאָר אַ גאַנץ נייע געזעצגעבונג! ניט נאָר דאָס אָרמען־געזעץ, נאָר אַלע געזעצען, וואָס מען האָט פיר אונז געמאַכט, זיינען זעהר אָרמזעליג! גאָט האָט דאָס וואָהרע געזעץ פיר די אָרימע אָנגעשריבען אויף דער לאַנגער און ברייטער ערד, וועלכע ער האָט אונז געשענקט. די פּאַראַגראַפען פון דיזע געזעצען זיינען פערשריבען אין די מיליאָנען אַקער פון פרוכטבאַרע פעלדער, וועלכע רופען די הונגעריגע

און זאָגען צו זיי: קומט און עסט! צו די נאַקעטע: קומט און קליידט אייך אָן! מיר ברויכען איין געזעץ פיר די אָרימע ענגלענדער, איין געזעץ, וועלכעס זאָל בעשרענקען די רייכע, ניט די אָרימע. וואַרפט אין געפענגניס די פיעלע אַריסטאָקראַטען, ניט די אונגליקליכע אַרבייטער. אַזאַ געזעץ וואָלט באַלד פערטיליגען יעדע שפור פון אָרימקייט פון דעם ענגלישען באָדען. מיין אַרמען-געזעץ זאָגט: גיט דעם פאָלק וואָס איהם קומט! איהר הערן פון דער ערד, גיט איהם אָפּ צוריק, וואָס איהר האָט פון איהם צוגענומען! קירכע, גיב צוריק, וואָס דו האָסט פון איהם גערויבט! קעניגען, ברעכט אויס, וואָס איהר האָט פערשלונגען! מיין אַרמען-געזעץ זאָגט: מיליאָנערען, גיט אַ גוטען לוין פיר גוטע טאָג-אַרבייט! ווען ניט, אַרבייטען מיר פיר זיך אַליין! מיין אַרמען-געזעץ זאָגט: גיט אונז די פאָלקס-כאַרטע (די 6 פונקטען פון די כאַרטיסטען), און מיר ברויכען ניט קיין באַסטיליעס אין גאַנץ ענגלאַנד! קיין מענש האָט ניט דאָס רעכט צו פערשווענדען צו פיעל, ווען אַן אַנדערער לעבט אין נויט. דאָס איז דאָס עכטע אַרמען-געזעץ. קיין מענש האָט ניט קיין רעכט צו האָבען אַן איבריגעס צימער, ווען אַן אַנדערער האָט ניט וואו זיין קאָפּ אַנידערצולעגען. דאָס איז אַ גערעכטעס אַרמען-געזעץ. קיין מענש האָט ניט קיין רעכט צו געברויכען איבריגע שפּייז, ווען זיין אָרימער מיטמענש שטאַרבט פון הונגער. קיין מענש האָט ניט דאָס רעכט צו וואוינען אין אַ פּאַלאַץ, ווען דער אַנדערער מוז פערברענגען זיין לעבען אין אַ פעסטונג. דאָס איז דאָס געזעץ פיר די אָרימע. מען האָט אונז ביז יעצט גענאַרט מיט פערשפּרעכונגען. ווען אַ פּאַרטיי וויל זיך מאַכען פּאָפּולער און געווינען די אַרבייטער אויף איהר זייט, שרייט זי: 10-שטונדען-ביל, פאָלקס-ערציהונג, רעפאָרמע, האָספּיטעלער אָדער אַרמען-געזעץ. גלויבט ניט מעהר מיט דיזען פולווערל איינצואוויגען און פערשלעפערן דאָס ענגלישע פאָלק. מיר וועלען זיך מעהר ניט לאָזען פערפיהרען פון אייערע שענע ווערטער, וועלכע זיינען נאָר געזאָגט געוואָרען אום אונז אָפּצונאַרען. מיינע הערען אין פּאַרלאַמענט! ווען איהר ווילט פערטרעטען דאָס פאָלק, מוזט איהר זוכען אין פאָלק אייער מאַכט און קראַפט. מיר זיינען כאַרטיסטען פון איין עק לאַנד ביז דעם אַנדערען. איהר זאָלט וויסען, דאָס פריהער אָדער שפּעטער וועט דאָס פאָלק אַריינגעהמען די רעגירינג אין זיינע הענט און וועט ענדליך אַרונטערררייסען דעם שלייער פון אייער פאַלשקייט — מיינע הערען, איהר זוכט אַ קאַמף-געשריי, אום צו האָבען אַ וואַהל-שפּרוך, מיט וועלכען איהר זאָלט קענען אויפטרעטען פאַר די וועהלער. גלויבט מיר, אַלע אייערע יעצטיגע געשרייען, אַלע אייערע פּאַרטיי-שפּרוכען האָבען זיך

שוין איבערגעלעבט, זיי נוצען מעהר ניט. מיר קימערן זיך שוין מעהר ניט וועגען אייערע פּאָליטישע פּארטייען. מיר קימערן זיך נאָר וועגען זיך זעלבסט!

„יעצט וויל איך אייך געבען דעם שפּרוך, מיט וועלכען איהר זאָלט געהן צו די וואהלען און פיר וועלכען איהר וועט מיר דאנקען. דאָס פעלד־געשריי, וועלכעס איך וועל אייך געבען, געפינט אַן אָפּקלאַנג פון איין עק ענגלאַנד ביז'ן אַנדערען: עס איז דער איינציגער קאמף־רוף, וואָס וועט אייך קענען פיהרען צו אַ פריידיגען זיג; דיזער רוף — און הערט, ווי דיזע פערזאַמלונג וועט איהם בעגריסען מיט איהר בייפאַל און ווידערהאַלען — דיזער רוף איז: די כאַרטע און קיין קאַפּיטולאַציאָן!"

נאָך דער שפּאַלטונג אין דער פּארטיי איז די כאַרטיסטען־בעוועגונג געגאַנגען שטאַרק צוריק. אָבער אין יאָהר 1844 האָט זי גענומען אַ בעסערען פאָרטגאַנג. אין דיזען יאָהר איז פאָרגעקומען איינע פון זייערע וויכטיגסטע טאַטען: די מינען־פּראָלעטאַריער האָבען זיך פעראייניגט אין אַ וואונדערבאַרע אָרגאַניזאַציאָן. דיזע קלאָס ארבייטער איז געווען שטאַרק אונטערדריקט פון זייערע הערען, די באַראָנען, וועלכע זיינען אויך געווען די פרידענס־ריכטער פון בעצירק. זיי האָבען ניט געהאַט די מעגליכקייט צו מאַכען אַן אויפשטאַנד. די אָרגאַניזאַציאָן פון די כאַרטיסטען האָט געגעבען די מינע־לייט אַ שטיצע. די מינע־לייט האָבען פערלאַנגט פערבעסערונגען פון דער שלעכטער לאַגע, און ווען זייערע הערען האָבען זיי ענטזאַגט, האָבען 40,000 מינע־ארבייטער אָפּגעשטעלט די ארבייט (31טען מערץ 1844).

דיזער קאמף איז געווען איינער פון די גרויסאַרטיגסטע קאַמפּען, וואָס די ענגלישע ארבייטער האָבען געפיהרט מיט זייערע הערען. דער גאַנצער פּראָלעטאַריאַט פון ענגלאַנד האָט געשטיצט די מינע־לייט. זיי האָבען שוין אויסגעהאַלטען זייער סטרייק 4 מאָנאַטען און האָבען זיך ניט אונטערגעגעבען, הגם זיי האָבען שוין געהאַט וועניג לעבענסמיטעל. ענדע יולי האָבען די באַראָנען זיי ארויסגעוואָרפען פון זייערע וואוינונגען און אַלע 40,000 ארבייטער זיינען געבליבען ליגען אונטערען פרייען הימעל. די ארויסזעצונג פון די ארבייטער פון די וואוינונגען איז צוגעגאַנגען זעהר באַרבאַריש. מען האָט ניט געלאָזען פערבלייבען אויף זייערע ערטער אויף אַ קורצע צייט זאָגאַר קראַנקע, שוואַכע, גאַנץ אַלטע לייט און קליינע קינדער. די היימלאָזע אונגליקליכע האָבען זיך געמוזט וואַלגערן אין נאַסע פעלדער.

8 וואָכען האָבען די אונגליקליכע ארבייטער אזוי געליטען און ענדליך האָבען זיי זיך געמוזט אונטערגעבען, ווייל די באַראָנען האָבען געבראַכט נייע אַרבייטער פון אירלאַנד. אָבער הגם די ארבייטער זיינען געווען געצוואונגען זיך אונטערצוגעבען, איז דאָך דער קאַמף ניט געווען אָהן נוצען. דריי פערטעל פון אַלע ארבייטער פון נאָרד־ענגלאַנד האָבען זיך אַנגעשלאָסען אָן די כאַרטיסטען.

דער נייער קריזיס פון יאָהר 1847 האָט פיעל געהאָלפען דער בעוועגונג פון די כאַרטיסטען. דער אָרגאַן „נאָרטהערן סטאַר" איז שוין דאַמאָלס ערשינען אין 50,000 עקזעמפּלאַרען. אָ'קאָננאָר איז דאַמאָלס ערוועהלט געוואָרען אין פּאַרלאַמענט. די כאַרטיסטען האָבען דאַמאָלס געפונען בונד־חברים אין דער פּאַרטיי פון די טאָרים, וועלכע האָבען דאַמאָלס געזוכט צו נעהמען ראַכע פון די וויגס. ענדליך איז אָנגענומען געוואָרען אין פּאַרלאַמענט דער ביל פון 10־שטונדיגען ארבייטס־טאָג. מיט שטאָלץ האָבען די כאַרטיסטען געקענט בעהויפּטען, דאָס נאָר מיט דער הילף פון זייער אַגיטאַציאָן האָבען די ענגלישע ארבייטער געהאַט זייער זיג.

באַלד איז אָנגעקומען דאָס רעוואָלוציאָן־יאָהר 1848. די פּראָקלאַמאַציאָן פון דער פראַנצויזישער רעפּובליק האָט פיעל פערשטאַרקט די האָפנונג פון די כאַרטיסטען, דאָס זיי וועלען ענדליך געווינען דעם קאַמף. די נאַכריכט פון אַלעם, וואָס האָט זיך געטאָן אין פראַנקרייך אין פעברואַר, איז בעגריסט געוואָרען אין ענגלאַנד מיט א גרויסער דעמאָנסטראַציאָן. איבעראַל האָט זיך אָנגעהויבען אויף דאָס ניי די אַגיטאַציאָן מיט גרויס ענערגיע. אויף אַ מיטינג פון כאַרטיסטען האָט ערענסט דזשאָנעס אויפגעפאָדערט דאָס פאָלק ניט צו מורא האָבען פאַר די מענער פון געזעץ, ניט פאַר דער פּאָליציי, ניט פאַר די סאָלדאַטען, וואָס סימפּאַטיזירען מיט'ן פאָלק, אָדער פאַר די איינגעשוואָרענע ספּעציעלע קאָנסטאַבלען, וועלכע ענטלויפען פאַר דריי גאַסען־יונגען. „ארונטער מיט דעם מיניסטעריום!" האָט ער אויסגעשריען, „דער פּאַרלאַמענט מוז אויפגעלעזט ווערען, די כאַרטע מוז אָנגענומען ווערען".

עס איז בעשלאָסען געוואָרען, דאָס 300,000 מאַן זאָלען דערלאַנגען א נייע פּעטיציאָן צו דעם אונטער־הויז פון פּאַרלאַמענט.

דאָס וויגס־מיניסטעריום האָט מורא געהאַט, דאָס אין ענגלאַנד וועט געשעהען דאָס זעלבע, וואָס איז פאָרגעקומען אין פראַנקרייך מיט'ן קעניגטום, און האָט דעריבער גענומען פאָרזיכטס־מיטלען. עס זיינען פערבאָטען

געוואָרען אַלע פערזאַמלונגען, און עס זיינען אריינגעבראַכט געוואָרען אין לאַנד גרויסע מיליטערישע טרופען. דאָס מיניסטעריום האָט איינגעשוואָרען 200,000 נייע ספעציעלע קאָנסטאַבלען (פּאָליציי־בעאַמטע). דעם פריה־מאָרגען פון 10טען אַפּריל, ווען די פּעטיציאָן האָט בעדאַרפט איבערגעגעבען ווערען צום פּאַרלאַמענט, איז אַלעס געווען געשלאָסען. אָ'קאָננאָר האָט פערלאָרען דעם מוט ער האָט געבעטען די פערזאַמעלטע ארבייטער, דאָס זיי זאָלען זיך פערנאַנדערגעהן רוהיג. שפּעטער האָט מען דערלאַנגט די פּעטיציאָן אָהן לארם, אָהן זאַנג און קלאַנג.

דיזער רעזולטאַט פון דער גאַנצער בעוועגונג, וועלכע האָט פערשפּראָכען די כאַרטיסטען אַזוי פיעל, האָט פערשאַפט אָ'קאָננאָר'ן זעהר פיעל קרענקונג. מען האָט פון איהם איבעראַל חוזק געמאַכט. דאָס האָט זעהר פיעל געשאַדט די כאַרטיסטען. די רעגירונג האָט זיי שטאַרק אָנגעהויבען צו פערפאָלגען. יעדע רעפּובליקאַנישע אגיטאַציאָן האָט די רעגירונג בעשטראָפט אַלס הויך־פעררעט. זעהר פיעלע פיהרער פון די כאַרטיסטען זיינען אָנגעקלאָגט און פעראורטיילט געוואָרען. נאָך דעם 10טען אַפּריל איז די קראַפט פון די כאַרטיסטען אין גאַנצען געבראָכען געוואָרען. אויך דער עלעמענט פון די קליינע בירגער האָט זיך פון זיי דערווייטערט, באַלד ווי די רעוואָלוציאָן פון פעברואַר האָט אויסגעבראָכען, און די סאָציאַליסטען זיינען ארויס אָפען מיט זייער פּראָקלאַמאַציאָן.

דאַמאָלס האָבען די ענגלישע ארבייטער געפאַסט א בעשלוס מעהר ניט צו דענקען וועגען א פּאָליטישער בעוועגונג, ווייל זיי זיינען געקומען צום שלוס, דאָס דיזעס וועט ניט פיהרען צו קיין רעזולטאַט, און נאָר די אָרגאַניזאַציאָן פון דער געווערקשאַפט וועט זיי פיהרען צום ריכטיגען צוועק — צו פערבעסערן זייער מאַטעריעלען צושטאַנד. יעצט, ווען זיי האָבען געוואונען דעם קאַמף פון 10־שטונדיגען ארבייטס־טאָג, האָבען זיי זיך גענומען צו שטרייטען פיר א העכערען לוין פיר זייער ארבייט. דיזער קאַמף האָט זיך אָנגעפאַנגען אין יאָהר 1848. די כאַרטע האָט בעשאַפען די פאָדערונג פון בעסערען לוין, זי האָט בעשאַפען און נעגרינדעט פאָנדען און קאַסעס צו שטיצען קראַנקע, אַלטע און מענשען, וואָס זיינען פעראונגליקט געוואָרען דורך א צופאַל, און צו בעערדיגען מיטגלידער פון אַן אָרימער פאַמיליע.

די כאַרטיסטען האָבען אָנגעוואָרען זייער מאַכט; זייער צאָהל איז געוואָרען אימער ווענינגער, זייער פּרעס־אָרגאַן האָט פערלאָרען דעם גרעסטען

טייל לעזער און איז ענדליך אין גאַנצען אונטערגעגאַנגען. די אָרגאַניזאַציאָן איז צופאַלען, און עס זיינען געבליבען נאָר איינצעלנע לאָקאַלע פעראיינען, ווי צ. ב. „די נאַציאָנאַלע רעפאָרמע ליעג“, „די דעמאָקראַטישע פעראיינינגונג“ און „די רעפּובליקאַנישע ברידערשאַפט“, אָבער זיי האָבען געפיהרט אַ זעהר שוואַכע עקסיסטענץ.



קעניגין וויקטאָריאַ.

„ווען דער כאַרטיזם איז שוין געווען טויט“, זאָגט אַ געשיכטע־שרייבער פון דיזער בעוועגונג, „ד. ה. ווען די אַרבייטער־קלאַס האָט אויפגעהערט צו דענקען וועגען פערבעסערן זייער לאַגע דורך פּאָליטישע רעכטען, איז אויך פיר די בורזשואַזיע מעהר ניט געווען קיין געפאַהר אין די פאָדערונגען פון דער כאַרטע. זיי האָבען יעצט געפאָדערט די זעלבע פונקטען ווי פריהער די כאַרטיסטען, הגם פריהער האָט די בורזשואַזיע ביטער געקעמפט גע-

גען דיזע פּונקטען. און אייניגע פון די פּונקטען, וואָס די כאַרטיסטען האָבען געפאָדערט, זיינען יעצט געוואָרען אין ענגלאַנד א געזעץ.

„דער כאַרטיזם אין ענגלאַנד איז אַלזאָ טיילוויז פערווירקליכט געוואָרען, אָבער די כאַרטיסטען זיינען פערשוואונדען. עס פעהלט די בעוואוסטזיניגע מאַסע ארבייטער, וועלכע זאָלען פערשטעהן, דאָס די פּאָליטישע מאַכט וואָלט זי געפיהרט אויף צום סאָציאַלען גליק. די ענגלישע געווערק־פעראיינען זיינען אפילו זעהר שטאַרק פערברייטערט אין לאַנד, מעהר ווי אין אַלע אַנדערע לענדער פון אייראָפּאַ, אָבער זיי בילדען ניט אַלע צוזאַמען אַן אָרגאַניזאַציאָן אין לאַנד אַלס אַ פּאָליטישע מאַכט. זייערע פאָדערונגען געהען ניט ארויס פון די ראַהמען פון היינטיגען געזעלשאַפט־סיסטעם; וואָס עס געהט פּאַר אויסער דיזע ראַהמען, האָט ניט פיר זיי קיין אינטערעס. אַנשטאָט דעם, וואָס פריהער זיינען זיי געווען אַ רעוואָלוציאָנערע ארבייטער־פּאַרטיי, זיינען זיי יעצט געוואָרען די אַריסטאָקראַטיע פון דער ארבייטער־פּאַרטיי. דיזע אַריסטאָקראַטיע בעשטעהט פון ארבייטער, וואָס ארבייטען אין אַזעלכע צווייגען פון מענשליכער שאַפונג, אין וועלכע קיין פרויען און קינדער קענען ניט טאָן און העלפען, ווי צ. ב. מאַשינען־בויער, צימער־לייט (סטאָליערס), מויערער או. אז. וו., און זיינען דעריבער בעפרייט פון דער קאָנקורענץ פון פרויען און קינדער, און נעהמען דערפאַר פיר זייער ארבייט העכערע פּרייזען. די גרויסע מאַסע אָבער פון ענגלישע ארבייטער איז ניט אָרגאַניזירט און לעבט אין נויט און עלענד".

אין דער צייט, ווען עס איז פאָרגעקומען די כאַרטיסטען־בעוועגונג און דער קאַמף פון דער בורזשואזיע פיר פרייען האַנדעל, איז דער ענגלישער קעניג וויליאַם געשטאָרבען (1837). ווייל ער האָט ניט איבערגעלאָזען קיין קינדער איז די קרוין אריבער צו זיין ניכטע וויקטאָריאַ. אין יאָהר 1840 האָט זי געהייראַט דעם פּרינץ אַלבערט פון זאַקסען־קאָבורג, וועלכער איז דאַמאַלס אַלט געווען 20 יאָהר. זיין שטעלע אין ענגלישען הויף איז אָנפאַנגס געווען אַ זעהר שווירינע. מען האָט אין דער ערסטער צייט ניט געהאַט צו איהם קיין צוטרויען. מען האָט געמוזט נעברויכען גרויס געשיקטליכקייט אום דיזען מיסטרויען צו בעזייטיגען אָבער אויך דאָן איז זיין איינפלוס אויף די ענגלישע פּאָליטיק געווען זעהר אונבעדייטענד. אין ענגלאַנד איז די קרוין איבערהויפּט נאָר אַ ווערקצייג פון די פּאַרטייען, וועלכע געפינען זיך ביים רודער, און ניט ווי די קרוין אין די אַנדערע לענדער פון אייראָפּאַ, וועלכע האָבען אַן אייגענע שטאַרקע דעה

און מישען זיך אין אַלע פערהעלטניסען. אין ענגלאַנד האָט די בורזשואַזיע אַליין די הויפּט=מאַכט צו ענטשיידען איבער די געזעצגעבונג און איבער אַלע לעבענס=אינטערעסען. דאָ אין ענגלאַנד איז דער פּאַרלאַמענט ניט קיין ווערקצייג אין די הענט פון דער רעגירונג. דאָ שפּילט דער פּאַרלאַמענט די ערסטע ראָלע אין דעם עפענטליכען לעבען.

# די געשיכטע פון שפּאַניען און פּאָרטוגאַל.

די פּירענאַאישע האַלב־אינזעל (שפּאַניען און פּאָרטוגאַל) שטעלט פּאָר אַ שניידענדען קאָנטראַסט צו דער בליהענדער ענגלאַנד אין עקאָנאָמישער הינזיכט. מיר האָבען שוין פריהער אויספיהרליך בעשריבען ווי שפּאַניען און פּאָרטוגאַל זיינען געזונקען טיפער און טיפער אין זייער ווירטשאַפטליכען לעבען. אויך אונטער דער רעגירונג פון קאַרל דעם 2טען (1665—1700) איז דיזער פּראָצעס געגאַנגען פאָרוועררטס אָהן אַן אויפהער. די אויסערליכע פּאָליטישע לאַגע פון שפּאַניען איז געוועזען זעהר קלעגליך. אין דעם פרידען פון אַאַכען (1668) האָט זי ווידער פערלאָרען 12 נידערלענדישע פעסטונגען, און אין יאָהר 1678 אין דעם פרידען פון נימוועגען האָט זי געמוזט איבערגעבען צו פראַנקרייך די פראַנש־קאָמטע. די נאָרד־פּראָווינצען זיינען געוועזען שוצלאָז געגען פראַנצויזישע איבערפאַלען. דאָס זעלבע לאַנד, וואָס האָט פריהער בעהערשט גאַנץ אייראָפּאַ, איז יעצט ניט געוועזען אין שטאַנד צוזאַמענצושטעלען וועלכע עס איז אַרמעע. צו ענדע פון קאַרל דעם 2טען'ס רעגירונג איז די בעפעלקערונג פון שפּאַניען בעשטאַנען נאָר פון 5,700,000 מענשען. פיעלע געגענדען זיינען געוועזען אין גאַנצען פערלאָזען און וויסט. די איינקונפטען פון שטאַאַט האָבען קוים בעטראָפען 30 מיליאָנען רעאַלעס, נאָך אַלע דריקענדע שטייערן און רויבערישע פינאַנץ־ערפּרעסונגען. דער קעניג האָט קוים געהאַט מיט וואָס צו בעצאָהלען זיין דינערשאַפט. זעהר אָפט האָבען די בעאַמטע און די סאָלדאַטען ניט בעקומען קיין געהאַלט.

אין דיזער לאַגע האָט קאַרל דער 2טער, וועלכער איז געוועזען דער לעצטער שפּאַנישער קעניג פון די האַבסבורגער, איבערגעלאָזען שפּאַניען ווען ער איז געשטאָרבען (1700). דאָס איז געוועזען דער טרויעריגער רעזולטאַט פון דער 200־יעהריגער רעגירונג פון די האַבסבורגער אין שפּאַניען, פון

זייער מערדערישער קאַטאָליש־אַבסאָלוטיסטישער פּאָליטיק. די לאַגע האָט זיך נאָך פיעל מעהר פערערגערט דורך דעם, וואָס די ירושה פון דעם שפּאַ־נישען טראָן איז געוועזן צווייפעלהאַפט, און אין פראַנקרייך האָט געהערשט אַ מאָנאַרך, וואָס איז געוועזן זעהר עראָבערונגס־זיכטיג, און האָט אַלע מאָל



פּוערטאַ דעל סאָל אין טאָלעדאָ.

אָפּגעריסען פון שפּאַניען שטיקער לאַנד, ווען ער האָט נאָר געהאַט די מעג־ליכקייט דאָס צו טאָן, און ענדליך האָט ער געוואָלט פערכאַפּען אויך גאַנץ שפּאַניען. עס האָט זיך אָנגעפאַנגען דער בעוואוסטער קריג וועגען דער שפּאַנישער טראָן־ירושה, וועלכען מיר האָבען שוין פריהער בעשריבען. דער

סוף איז געווען, דאס שפאניען האט פערלארען איהרע אייראפעאישע גע-בענלענדער און גיבראלטאר.

אין יאהר 1700 איז ארויף אויף דעם שפאנישען טראן דער בורבאן פיליפ דער 5טער, וועלכער האט רעגירט ביז דעם יאהר 1746. מיט דיזען הערשער האט זיך אנגעהויבען פיר שפאניען א נייע פעריאדע. שפאניען האט אנגעהויבען איינצופיהרען ביי זיך יענע שטאאטס־פארמע, וועלכע האט געהערשט אין פראנקרייך זינט לודוויג דעם 14טען. ווען פי-ליפ דער 5טער איז ארויף אויף'ן שפאנישען טראן האט ער מיט זיך גע-בראכט א מאסע פרעמדע, וועלכע ער האט בעשטימט פיר בעאמטע אין דער ארמעע און אין אלע צווייגען פון דער ציוויל־רעגירונג. דיזע בעאמטע הא-בען איינגעפיהרט אין שפאניען די גרונדזעצען פון דער פראנצויזישער רע-גירונג, זעהר אפט געגען דעם ווילען פון פאלק מיט גוואלדזאמע מיטלען. אלע רעכטען פון די פעאדאלען, וועלכע האבען מעהר אדער ווענינער בע-שרענקט די הערשאפט פון קעניג, זיינען בעזייטיגט געווארען. דער האנדעל און די אינדוסטריע זיינען געווען שטארק בעשיצט און געשטיצט פון דער רעגירונג, ווי אויך וויסענשאפט און קונסט. מען האט אפגענומען פון די פראווינצען די פריווילעגיעס, וואס מען האט זיי פריהער געגעבען, און מען האט איינגעפיהרט אין גאנצען לאנד א גלייכע שטייער. הגם דיזע רעפאר-מעם האבען אנגעגריפען די פרייהייט און זעלבשטענדיגקייט פון פאלק, הא-בען זיי דאך געבראכט דעם האנדעל און דער אינדוסטריע פיעלע נוצען, און דעריבער איז קיין וואונדער ניט, דאס שפאניען האט אין א זעהר קורצער צייט אנגעהויבען ראש אויפבליהען.

וועניגער גליקליך זיינען געווען די רעפארמעס אויף'ן קירכליכען גע-ביט. ווען פיליפ האט גענומען אפשאפען די ערגסטע מיסברויכען פון דער קירכע און די גייסטליכע, האט דאס פאלק שטארק פראטעסטירט געגען דעם און האט געשטערט מיט וואס עס האט געקענט איינצופיהרען אין די-זען געביט רעפארמעס און פערבעסערונגען. די גייסטליכע האבען געוואוסט ווי אויפצואוועקען אין פאלק דעם פאנאטיזם און האבען טריאומפירט געגען דער רעגירונג, און זיי זיינען געבליבען ביי זייער פריהערדיגער מאכט צו-זאמען מיט דער אינקוויזיציאן. פיליפ האט אויך געוואלט אויפנעהמען די אלטע פאליטיק פון ערובערונגען, אבער עס איז איהם ניט געלונגען.

אבער ניט אכטענדיג אויף דיזע אונגעלונגענהייטען איז שפאניען דאך נעגאנגען העכער אין פיעלע הינזיכטען. אונטער דער שפארזאמער און פרי-דענס־ליבענדער רעגירונג פון פערדינאנד דעם 6טען, וועל-

כער האָט רעגירט 13 יאָהר (1746—1759), זיינען די שטאַאטס־איינגאַהמען געשטיגען פון 211 ביז צו 352 מיליאָנען, הגם די שטייערונגען זיינען גע-וואָרען פיעל קלענער און לייכטער. די פערוואַלטונג איז געוואָרען בעדיי-טענד בעסער. מען האָט געשאַפען אַ גרויסאַרטיגע פלאָטע, מען האָט בע-צאָהלט די צינזען פון די שטאַאט־שולדען און מען האָט נאָך דערצו יעדען יאָהר אָפּגעשפּאָרט 100 מיליאָנען. אַ גרויסען פּאָרטשריט פיר שפּאַניען האָט בעדייטעט דער קאָנקאָרדאַט (פּאַפּסטליכער אָפּמאַך) פון יאָהר 1753. דיזער קאָנקאָרדאַט האָט שטאַרק בעשרענקט די מאַכט פון די גייסטליכע און האָט געמאַכט אַן ענדע צו די רויבערייען פון די קלעריקאַלען, וועלכע האָבען פעראָרימט דאָס לאַנד. מען דאַרף ניט פערגעסען, דאָס צו יענער צייט האָבען זיך געפונען אין שפּאַניען 180,000 גייסטליכע, וועלכע האָבען אויסגעזויגען פון לאַנד 359 מיליאָנען !

אַ זעהר בעדייטענדען פּאָרטשריט האָט שפּאַניען געמאַכט אונטער דער רעגירונג פון **קאַרל דעם 3טען** (1759—1788). דיזער מאָנאַרך איז געוועזען אַ שטיפברודער פון פערדינאַנד דעם 6טען, זיין פאָרגענגער. אין דער ערסטער צייט פון זיין רעגירונג האָט פיעל געשטערט דעם פּראָגרעס פון לאַנד וואָס שפּאַניען האָט אָנטייל גענומען אין דעם שטרייט פון פראַנק-רייך מיט ענגלאַנד (1761 ביז 1762) ; אָבער באַלד האָט ער זיך וויעדער גענומען צו רעפאָרמירען דאָס לאַנד מיט מעהר ענערגיע, בעזונדערס זינט ער האָט אַרויסגעטריבען פון לאַנד די יעזואיטען, די פינסטערע פיינד פון יעדער רעפאָרמע (1767). אום צו פערבעסערן די באַוועל־אינדוסטריע האָט ער אין יאָהר 1766 געגעבען צו די קאַטאַלאָניער פרייען האַנדעל מיט רויהע מאַטעריאַלען, און אין יאָהר 1772 האָט ער דאָס זעלביגע געגעבען אויך צו די איבריגע פּראָווינצען. אין יאָהר 1783 איז אַרויס אַ געזעץ, דאָס יעדער האַנטווערקער איז פערפליכטעט צו ערציהען וועניגסטענס איינעם פון זיינע זיהן אין דער זעלבער מלאכה, וואָס ער איז געוועהנט צו טאָן. פיר ניט פאָלגען דיזעם געזעץ איז בעשטימט געוואָרען אַ זעהר שווערע שטראָף: מען האָט צוגענומען פון דעם איבערטרעטער אַלע זיינע בירגער־רעכטען. ביז יענער צייט איז דער דירעקטער האַנדעל מיט די אַמעריקאַנישע קאָלאָ-ניסטען געוועזען ערלויבט נאָר צו איין שטאָדט. אַ צייט לאַנג האָט געהאַט דיזע פּריווילעגיע די שטאָדט סעווילִיע, און נאָכדעם, ווי דער טייך גוואַדאַל-קוויוויר איז פערשאָטען געוואָרען מיט זאַמד, איז די פּריווילעגיע איבערגע-געבען געוואָרען צו דער שטאָדט קאַדיקס. יעצט האָבען פיעלע אַנדערע שטעדט געפאָדערט פיר זיך דאָס זעלבע רעכט, וועלכע איז זיי ווירקליך גע-

געבען געוואָרען. די אָפּצאָהל פיר סחורות פון אַמעריקא איז געווען אַ זעהר מעסיגע. אין יאָהר 1774 האָבען פיעלע שטעדט בעקומען דאָס רעכט אריינצופיהרען אמעריקאנישע סחורות פון וועסט־אינדיען זאָגאר פריי, אָהן אַ שום אָפּצאָהל.

שפאַניען האָט דורך דיזע פּאָליטיק ערלאָבערט אַ גרויסען אַנטייל אין די בעזאָרגונג פון די אייראָפּעאישע לענדער מיט אַמעריקאנישע פּראָדוקטען. שפאַניען האָט אין יאָהר 1785 ארויסגעפיהרט פון לאַנד איהרע היימישע פּראָדוקטען נאָך די אַמעריקאנישע קאָלאָניעס פיר 337,266,600 רעאלעס. אין יאָהר 1784 האָט ענגלאַנד געשיקט איהרע פּראָדוקטען נאָך שפאַניען פיר 1¼ מיליאָן פונט סטערלינג, און האָט געקויפט פון שפאַניען נאָר פיר ¼ מיליאָן פונט. אין יאָהר 1785 איז דער ארויספיהר פון שפאַניען נאָך ענגלאַנד געווען דריי פערטעל מיליאָן פונט, און דער אריינפיהר פון ענגלאַנד נאָך שפאַניען נאָר צוויי דריטעל מיליאָן פונט. אויך די שפאַנישע קאָלאָניעס זיינען געוואקסען אין מסחר. דער ארויספיהר פון אַמעריקאנישע גאָלד־ און זילבער־מינעס איז געוואקסען פון 22½ מיליאָנען פיאַסטער ביז 30 מיליאָנען פיאַסטער. אין יאָהר 1753 האָט מען ארויסגעפיהרט פון קובא נאָך שפאַניען 173,000 צענטנער צוקער, און אין יאָהר 1790 איז געווען דער אַרויספיהר 283,258 צענטנער צוקער.

אָבער ניט אכטענדיג אויף די אַלע פערבעסערונגען, אויף די ערנסטע טעטיגקייט פון דער רעגירונג, וועלכע האָט אויסגעגעבען גרויסע סומעס אויף קאָלאָניזאַציאָן, אויף מאַכען און ענטוויקלען פאַבריקאַציאָן, אויף בויען נייע שאָסעען או. אַז. וו., האָט מען ניט געקענט צוריק גוט מאַכען וואָס שלעכטע רעגירונגען האָבען פריהער פערדאָרבען אין דעם פערלויף פון הונדערטער יאָהרען. דער ווערט פון וואַארע, וואָס מען האָט ארויסגעפיהרט פון לאַנד, איז אימער געווען קלענער און ווייניגער פון דעם ווערט פון די סחורות, וואָס מען האָט אריינגפיהרט אין לאַנד. דעם דעפיציט האָט מען געמוזט דעקען מיט די גאָלד און זילבער, וואָס מען פלעגט אריינברייגען אין לאַנד פון די אַמעריקאנישע קאָלאָניעס. די בעפעלקערונג איז נאָך אַלץ געווען צו שיטער, הגם די צאָהל פון די איינוואוינער האָט אין יאָהר 1788 דערגרייכט ביז 10,270,000 זעעלען. גרויסע שטיקער לאַנד האָבען נאָך אַליין געהערט צום אַדעל און צו די גייסטליכע. דיזע לעצטע האָבען אַליין געהאַט אין זייערע הענט אַ פינפטעל פון דעם גאַנצען לאַנד. די אַלע גוטע רעפאָרמעס זיינען ניט אַרויסגעקומען פון פאָלק זעלבסט, און דעריבער האָט דאָס פאָלק ניט פערשטאַנען פון זיי דעם ווערט און ווי צו בענוצען זיך מיט

זיי. מען האָט זיי געמוזט צווינגען די רעפאָרמעס אָנצונעהמען. אַ הייפעלגרינס, אַרבעס און בעבלאַך האָט געקענט צופרידען שטעלען דעם בויער, וועלכער איז געווען פון דער נאַטור פויל און איז געווען זעהר צופרידען מיט די פיעלע פייערטעג, וואָס די גייסטליכע האָבען פיר איהם בעשאַפען. אין אַ צייט פון נויט האָט מען פשוט געבעטעלט און מען איז דערמיט געווען צופרידען; וואָס די רעגירונגען האָט אונטערגענומען און געצוואונגען צו טאָן האָט געהאַט אַן ערפאָלג, אָבער וואו זי האָט צוריקגעטרעטען האָט זיך באַלד אַלעס צוריקגעקעהרט צום אַלטען, אַלעס איז ווידער פערדאָרבען געוואָרען און איז באַלד אונטערגעגאַנגען.

אַזוי האָט זיך שפּאַניען דאָך היבש געבעסערט און האָט דערגרייכט אַ געוויסע שטופּע פון וואוילשטאַנד, אָבער צו איהר פריהערדיגען גלאַנץ איז זי שוין ניט געקומען. איהר בעסערער צושטאַנד איז נאָר געווען אַ געקינסטעלטער, ער איז ניט געוואַקסען פון אייגענער נאַציאָנאַלער קראַפט. דיזער צושטאַנד האָט ניט געוואָרצעלט אין דער פרייער שאַפענדער קראַפט פון פאָלק, נאָר ער איז אַרויס פון דער רעגירונגס־מאַשין. דער צושטאַנד איז געווען ערטרעגליך נאָר אַזוי לאַנג כל זמן די רעגירונג איז געווען טעטיג און איז געגאַנגען פאָרויס און כל זמן די רייכטימער פון די אַמעריקאַנישע קאָלאָניעס האָבען געהאַט די מעגליכקייט צו דעקען די דעפיציטען.

דאָס האָט שפּאַניען מיט שרעק דערפיהלט צו ענדע פון 18טען און אין אָנפאַנג פון 19טען יאָהרהונדערט. די פערברעכערישע פאָליטיק פון קאַרל דעם 4טען (1788—1808) האָט פערניכטעט אַלעס, וואָס די רעפאָרמע־פעריאָדע האָט בעשאַפען. ער האָט געפיהרט שפּאַניען צום אונטערגאַנג. די פאָלגען פון זיין פאָליטיק פיהלט נאָך שפּאַניען אויך היינט. קאַרל דער 4טער איז געשטאַנען אונטער דעם איינפלוס פון זיין פרוי מאַריאַ לואיזע פון פּאַרמאַ. זי איז געווען קלוג און ענטשלאָסען, אָבער זיטענלאָז. זי איז געווען אַ גרויסע פערשווענדערין און האָט געבראַכט די פינאַנצען אין אַ שרעקליכע אונאָרדנונג. זי האָט געהאַט אַ געליבטען גאָדאָי און דיזען האָט זי פערשאַפט אַ מעכטיגע שטעלע. זעהר אונגליקליך איז געווען דער קריג, וואָס שפּאַניען האָט אָנגעפאַנגען מיט דער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן. דיזער קריג, וועלכער האָט געדויערט 2 יאָהר (1793—1795), איז געפיהרט געוואָרען אַזוי שלעכט און אונפעהיג, דאָס ניט אַכטענדיג דערויף, וואָס פראַנקרייך איז דאַמאָלס געווען זעהר שוואַך און דאָס די שפּאַנישע נאַציאָן האָט געשטריטען מיט בעגייסטערונג און איז געווען

בערייט אויף אַלע אָפּפער, זיינען די פראַנצויזען בעפאַלען נאַווארא און די באַסקישע פּראָווינצען און שפּאַניען איז געוואָרען פאָלשטענדיג אָפּהענגיג פון פראַנקרייך. באַלד נאָכדעם איז שפּאַניען געווען געצוואונגען צו שטרייטען מיט ענגלאַנד, הגם זי האָט נאָך געקענט דעקען די הוצאות, וואָס זי האָט געמאַכט אין דעם קריג מיט פראַנקרייך. דער רעזולטאַט פון דעם קריג מיט ענגלאַנד איז געווען, דאָס דער האַנדעל פון שפּאַניען מיט די קאָלאָניעס איז אין גאַנצען פערניכטעט געוואָרען און איהר הערשאַפט אין אַמעריקאַ איז שטאַרק צוטרייסעלט געוואָרען. אין דעם פרידען פון אַמיענס האָט שפּאַניען געמוזט איבערגעבען צו ענגלאַנד די פעסטונג טרינידאַד.

די פינאַנצען זיינען געווען אין אַ זעהר טרויעריגען צושטאַנד. דער דעפיציט אין יאָהר 1799 איז געווען 1,200,000,000. דער הויף אַליין האָט געברויכט 105,000,000. אָבער אויסער דעם האָט גאָדאָי געשטירצט שפּאַניען אין אַ נייעם קריג מיט ענגלאַנד. עס איז איהם געווען ווענינג וואָס ער האָט זיך פערפּליכטעט געבען יעהרליך צו פראַנקרייך 288 מיליאָנען הילפס-געלט. די נידערלאַגעס, וואָס שפּאַניען האָט געליטען ביי פּיניסטערע (22טען יולי) און ביי טראַפאַלגאַר (20טען אָקטאָבער 1805), און די גאַנצע פערניכטונג פון זייער פלאָטע האָט דאָס פאָלק צו דאַנקען דער נאַרישקייט פון דעם מיניסטער גאָדאָי. אָבער איהם פּערזענליך האָט עס גאָרניט געשאַדט. די קעניגין האָט איהם בעשיצט געגען אַלעס. ער האָט זאָגאַר געדענקט צו ערווערבען מיט איהר הילף די קרוין פון זיד-פּאָרטוגאַל. צו דיזען צוועק האָט ער זיך ווידער פערבונדען מיט נאַפּאָלעאָן'ען און האָט געשיקט שפּאַנישע טרופּען אונטער דער פיהרונג פון פראַנצויזישע גענעראַלען נאָך פּאָרטוגאַל.

דאָס פאָלק האָט אָבער מעהר ניט געוואָלט ליידען פון דעם פערהאַסטען גינסטלינג פון דער קעניגין און האָט געמאַכט געגען איהם אַן אויפשטאַנד (18טען מערץ 1808). גאָדאָי איז אַרונטער, און דער קעניג איז געווען געצוואונגען איבערצוגעבען די הערשאַפט צו זיין זוהן פערדינאַנד דעם 7טען. אָבער דאָס איז נאָר אַן אָנפאַנג פון דער אינטריגע, וועלכע האָט זיך געענדיגט דערמיט, דאָס דעם שפּאַנישען טראָן האָט בעקומען יאָזעף באָנאַפּאַרטע. דעם 20טען יולי 1808 איז יאָזעף אַריין אין מאַדריד.

אַזוי ווי אַ שטיקעל סחורה איז די נאַציאָן איבערגעגאַנגען פון איין האַנט אין די אַנדערע, און ענדליך האָט גאָר אַ פרעמדער ערהאַלטען דעם טראָן. דאָס איז שוין געווען צו פיעל פיר דעם שטאָלצען שפּאַניער. דאָס

פאלק האט זיך פלוצלינג אויפגעהויבען ווי איין מאן. מעהר פון אלעס הא־בען געהעצט די גייסטליכע. דער האס און די בעגייסטערונג זיינען געוועזן אזוי גרויס, אז דאס פאלק האט פערגעסען זיין אייגענע שוואכקייט און די אונגעהייערע קראפט פון דעם געגנער. נאפאלעאן האט בעזיגט די שפאניער אייניגע מאהל, אבער ער האט זיי ניט געקענט אונטערווארפען אונטער זיין מאכט, ווי מיר האבען עס שוין פריהער דערצעהלט. דאס איז געוועזן א ריכטיגער פאלקס־קריג. דער קאמף איז געווארען אימער ביטערער און שרעקליכער. איבערהויפט האבען די שפאניער פערמאטערט די פראנצוי־זען מיט זייער גערילא־קריג *). מיט דיזען אופן האבען די שפאניער בע־וויזען אפצונעהמען צוריק פון די פראנצויזען די פרוכט פון זייערע פרי־הערדיגע זיגען. די גערילא־קריגער האבען דערשטיקט אין זיך יעדען פונק פון מענשליכקייט. זיי האבען זאגאר אנגעגריפען טראנספארטען פון פער־וואונדעטע און האבען זיי ערמארדעט.

אין סעפטעמבער 1810 האבען זיך די ערוועהלטע קארטעס (די שפאני־שע געזעצגעבענדע פערזאמלונג) פערזאמעלט אין קאדיקס און האבען זיך גענומען איינצופיהרען רעפארמעס אין דער פערדארבענער שטאאטס־פערוואלטונג. לאנג האבען זיך געצויגען די דעבאטען וועגען די פלענער. די נייע אידעען, וואס די פראנצויזישע רעוואלוציאן האט פערשפרייט אי־בער אייראפא, און די אלטע שפאנישע פאראורטיילען האבען זיך ניט גע־קענט אזוי לייכט אויסגלייכען. זיי האבען ענדליך פראקלאמירט די אויבער־הערשאפט פון פאלק און אלגעמיינעם שטימרעכט, און האבען אפגעשאפט די פעאדאלע פריווילעגיעס פון די גרויסע גוטס־בעזיצער. זיי האבען אבער ניט געהאט דעם מוט אפצושאפען די אינקוויזיציאן, ד. ה. די רעכטען פון דער קירכע. דאך איז דעם 18טען מערץ 1812 אויסגעארבייט געווארען א זעהר ליבעראלע פערפאסונג. וויכטיג איז אויך דער פאקט, דאס הגם די דעבאטען זיינען געוועזן זעהר היציג און שארף, האט דאך געהערשט צווישען זיי אחדות אין דעם קאמף געגען דעם פערהאסטען פיינד, געגען פראנקרייך.

*) אזוי הייסט אן אונרעגעלמעסיגער קריג פון קליינע גרופעס, וועלכע בעהאלטען זיך ערגעץ־וואו און בעפאלען פלוצלינג דעם שונא וואו ער איז שוואך און האט ניט ערווארטעט קיין אנפאל. אין אזא מין קריג מוז דער פיינד זעהר אפט שיקען א גרויסע ארמעע געגען א הויפעל קריגער, ווייל דער פיינד ווייס ניט וויפיעל די קריגער זיינען.

די טרופען האט מען פערשטארקט, מען האט זיי גוט געמוסטירט און גוט געפלעגט. די אויבער־קאמאנדע איבער דאס מיליטער האט מען אי־בערגעגעבען צו וועללינגטאן'ען. דעריבער האט יעצט דער קריג אנגענומען א גאנץ אנדערע ווענדונג. וועהרענד די פראנצויזען האבען געליטען מאנגעל אין אלעס, האבען די שפאניער געהאט אלעס נעטיגע, ווייל ענגלאנד האט זיי געשטיצט, און דעריבער האבען זיי געוואונען איין זיג נאך דעם אנ־דערען. נאך דער נידערלאגע, וואס מארמאנט האט געהאט ביי סאלאמאנקא (22טען יולי 1812), האבען די שפאניער עראבערט מאד־ריד און האבען פערטריבען דעם קעניג יאזעף באנאפארטע. די פראנצויזען אבער האבען פערשטארקט זייער מאכט און האבען געצוואונגען וועללינג־טאן'ען אפצוטרעטען צו די פארטוגעזישע גרענצען. דאן איז יאזעף צוריק־געקומען נאך מאדריד. אבער די נידערלאגע פון נאפאלעאן'ען אין רוסלאנד האט אין גאנצען געבראכען די פראנצויזישע מאכט, און די פראנצויזען האבען אויך שפאניען געמוזט פערלאזען, און דאן איז יאזעף געווען גע־צוואונגען אוועק פון שפאניען. וועללינגטאן האט געהאט א מערקווירדיגען זיג ביי וויטטאריא, ער האט עראבערט די פעסטונגען סאן סע־באסטיאן און פאמפעלאנא, איז אריבער די פירענעען (יולי 1813), האט געצוואונגען סולט צו פערלאזען ארטהעז און האט בעזעצט בארדא. אויך האט סושעט געמוזט פערלאזען וואַ־לענציא. ביי טולוזע איז גענעראל סולט ווידער בעזיגט געווארען (11טען אפריל 1814).

שפאניען האט ווידער בעקומען איהר אונאפהענגיגקייט. אבער די נאציאן, וועלכע האט פערלארען די בעסטע פון איהרע קינדער אין דעם קאמף פיר אונאפהענגיגקייט, האט גענאסען די פרוכט פון איהר אנשטרענ־גונג. דער קעניג פערדינאנד דער 7טער, וועלכער איז צו־ריקגערופען געווארען צו בעשטייגען דעם טראן און וועלכער האט געשווא־רען טרייהייט דער קאנסטיטוציאן, האט דעם 4טען מאי 1814 זיין שבועה געבראכען און האט די קאנסטיטוציאן אפגעשאפט נאך דעם, ווי דער גע־נעראל עליא מיט 40,000 סאלדאטען איז אריבער אויף זיין זייט. מען האט די קארטעס (דעם שפאנישען פארלאמענט) צוטריבען און אלעס ווידער צוריקגעבראכט אין דעם אלטען צושטאנד.

דער אדעל און די קלעריקאלען האבען בעקומען צוריק זייערע פריווי־לעגיעס. די מאנאסטירען האבען ווידער אויפגעבליהט, די יעזואיטען מיט דער אינקוויזיציאן האבען צוריק בעקומען זייער מאכט און האבען אנגעהוי־

בען צו זיין טעטיג מיט אַלע שרעקליכע פאָלטערן און פייניגונגען אַזוי ווי אין די גוטע יאָהרען פון פינסטערן פאַנאַטיזם. מען האָט אָנגעהויבען פערפאָלגען די ליבעראַלען, אַלע אָנהענגער פון די קאָרטעס. פיעלע פון די מוטיגע קעמפּער זיינען הינגעריכטעט געוואָרען, אָדער זיינען פערטריבען געוואָרען פון לאַנד. אַ קאַמאַרילאַ (הויף־קליקע), וועלכע איז בעשטאַנען פון פּריווילעגירטע פּעאָדאַלען, פאַנאַטישע פּריסטער, שמייכלער און פּערדאָרבענע אינטריגען־טרייבענדע פרויען, האָט בעהערשט דעם קעניג און האָט דורך איהם געטאָן מעשים תעתועים. די שטאַאַטס־קאַסע איז אויסגעלעדיגט געוואָרען, אַקערבוי, אינדוסטריע און האַנדעל זיינען געשטאַנען זעהר נידריג. די אַמעריקאַנישע קאָלאָניעס האָבען געמאַכט אַן אויפשטאַנד און האָבען אויפגעהערט צו זיין אַ שטיצע פיר שפּאַניען. איבעראַל האָט געהערשט אַ שרעקליכע ערביטערונג, דאָס פאָלק איז אימער געוועזן אונצופרידען און האָט זעהר אָפט אויסגעדריקט זיין אונצופרידענהייט אין אויפשטאַנדען.

די רעגירונג האָט געשיקט די אונצופרידענע שפּאַניער צו שטרייטען מיט די אַמעריקאַנישע קאָלאָניעס, וועלכע האָבען זיך געוואָלט אָפּרייסען פון שפּאַניען, און דערמיט האָט זי געדענקט וועט זי בערוהיגען די אונצופרידענע אין דער היים. אָבער די רעגירונג האָט געהאַט דערין אַ טעות. אונטער דער פיהרונג פון לייטענאַנט **ראַפאַעל ריעגאָ** האָט אַ רעגימענט געמאַכט אַן אויפשטאַנד, און באַלד נאָכדעם זיינען אויפגעשטאַנען געגען דעם קעניג אויך גאַליציען (אין שפּאַניען) און נאַוואַררא. אויך אַראַגאָניען און קאַטאַלאָניען זיינען אויפגעשטאַנען. די אַלע רעוואָלוציאָנערען האָבען געפאָדערט, אַז מען זאָל זיי צוריקגעבען די קאָנסטיטוציאָן פון 1812. ווען דער גענעראַל **אָ'דאָננעל** האָט זיך פעראייניגט מיט ריעגאָ האָט זיך דער קעניג דערשראָקען און האָט איבער־אַ־נייס געגעבען אַ שבועה אין דער אָנוועזענהייט פון אַ גרויסער מאַסע פון פאָלק, דאָס ער וועט אָפּהיטען די קאָנסטיטוציאָן פון 1812 (9טען מערץ 1820).

קוים 3 יאָהר האָט זיך די קאָנסטיטוציאָן געהאַלטען אונטער שטורמס און קאַמפען, ניט אַכטענדיג דערויף, וואָס דער קעניג האָט עפענטליך געשוואָרען אָפּצוהיטען זי. דערצו האָבען די פריהערדיגע פּריווילעגירטע שרעקליך געהאַסט די ליבעראַלען. די מאָנאַסטירען זיינען דאָך אָפּגעשאַפט געוואָרען און די גייסטליכע האָט מען געצוואונגען צו צאָהלען שטייער גלייך מיט אַלעמען. דאָס אַלעס האָט ערוועקט האַס אין די הערצער פון די פריהערדיגע מיוחסים צו די ליבעראַלען. איבער דעם ווערט פון אַ מיליאַרד

פרומע אנטשטאַלטען זיינען פערקויפט געוואָרען צו פראַנצויזישע קאַפּי-טאַליסטען, וועלכע האָבען מיט זייערע קאַפּיטאַלען געמאַכט אין שפּאַניען גוטע געשעפטען. עס איז געווען אַ געפעהרליכע זאַך פיר דאָס ליבעראַלע מיניסטעריום אָנצוהויבען זיך מיט די גיטער פון די גייסטליכע און אָפּנעה-נען זיי פיר דאָס פאָלק. נאָר מיט גרויס מיה האָט זיך דאָס מיניסטעריום געקענט האַלטען.

עס האָבען זיך אָבער פון אַלע זייטען אָנגעהויבען שטורמס געגען דעם ליבעראַלען מיניסטעריום. די פאַנאַטישע אָנהענגער פון אַן אבסאָלוטען קעניגטום האָבען זאָגאַר געגרינדעט אַן אייגענע רעגענטשאַפט און אַ גלוי-בענס־אַרמעע אום צו פערניכטען די קאָנסטיטוציאָן. איבעראַל האָבען זיך געגרינדעט מחנות גערילאַ־קריגער, און די גייסטליכע האָבען אויפגע-רייצט אַ גרויסען טייל פון פאָלק געגען די ליבעראַלען און דער קאָנסטי-טוציאָן, און די מאַסען פאַנאַטיקער האָבען זיך גענומען פיר די וואַפען. עס איז ענטשטאַנען אַ בלוטיגער בירגער־קריג, וועלכער האָט פערניכ-טעט אַ גרויסען טייל פון פאָלק. דיזער בירגער־קריג האָט געבראַכט פיעל שאָדען די פראַנצויזישע קאַפּיטאַליסטען, וועלכע האָבען געהאַט אין שפּאַ-ניען געשעפטען. די פראַנצויזישע רעגירונג איז צוליב דעם געווען גע-צוואונגען צו ערקלערען דעם קריג געגען שפּאַניען. אויף דעם קאָנגרעס פון דעם הייליגען בונד האָבען פּרייסען, עסטרייך און רוסלאַנד בעשלאָ-סען צו שטיצען פראַנקרייך געגען שפּאַניען. דער צוועק פון דעם הייליגען בונד איז געווען צו דערשטיקען יעדע שטרעבונג צו פרייהייט און קאָנסטי-טוציאָן.

דער מיניסטער סאַן מיגועל האָט שטאַרק פּראָטעסטירט גע-גען דעם, וואָס אַ פרעמדע מאַכט מישט זיך אריין אין די אינערליכע אַנגע-לעגענהייטען פון שפּאַניען, אָבער עס האָט איהם ניט געהאָלפען די פראַנ-צויזען זיינען אריין אין שפּאַניען און גלייך אין מאַדריד. דער קעניג איז געווען געצוואונגען צו געהן נאָך זיך צוזאַמען מיט זיין קאָרטעס. דער לעצטער צופלוכטס־אָרט פיר די, וואָס האָבען זיך פעסטגעהאַלטען אָן דער קאָנסטיטוציאָן, איז געווען קאַדיקס. אָבער אויך דיזע פעסטונג האָט זיך געמוזט אונטערגעבען צו די פראַנצויזען. די קאָרטעס איז אויפגעלעזט גע-וואָרען און אַלע פערבינדעטע האָבען איינגעוויליגט צו בעפרייען דעם קעניג. יעצט איז דער קעניג פערדינאַנד ווידער דורך פרעמדע אינטוייגעם ארויפגע-זעצט געוואָרען אויף'ן טראָן. די קאָנסטיטוציאָן איז אָפּגעשאַפט געוואָרען און די אַלע געזעצען, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרען זינט דעם 7טען מערץ

1820, זיינען אָפּגערופען געוואָרען. די רעאַקציאָנערען האָבען זיך מיט גרויס האַס און פייער גענומען פערפאָלגען די ליבעראַלען. עס האָט זיך אַנגעהויבען אַ לאַנגע רייהע פון היגריכטונגען. די צאָהל פון די אָפּפער איז געווען אונגעהייער. פיעלע האָבען געמוזט פערלאָזען דאָס פאָטערלאַנד. דער בראַווער ריעגאָ איז געהאַנגען געוואָרען אַלס אַ פערברעכער געגען זיין מאַיעסטעט דעם קעניג פערדינאַנד דעם 7טען. אַזוי איז דער אַבסאָלוטיזם ווידער אַרויף אויף'ן טראָן (1823). עס זיינען פערבליבען אין לאַנד 45,000 פראַנצויזישע טרופּען אום צו האַלטען אָרדנונג און ניט צו דערלאָזען צו אַ נייעם אויפשטאַנד. עס פערשטעהט זיך, דאָס זיי זיינען געווען אַ שרעקליכע לאַסט אויף דעם לאַנד, וועלכעס איז געווען פינאַנציעל רואינירט. דיזע לאַסט האָט דאָס אָרימע שפּאַנישע פאָלק געמוזט טראָגען ביז דעם יאָהר 1828.

אָבער פיר די רעאַקציאָנערען איז דיזער ערפאָלג נאָך ניט געווען גענוג. זיי האָבען נאָך געוואָלט צוריק אַיינפיהרען די קלעריקאַלע הערשאַפט מיט דער שרעקליכער אינקוויזיציאָן. אָן דער שפּיץ פון דיזער בעוועגונג איז געשטאַנען דעם קעניג פערדינאַנד'ס ברודער ד אָ ן ק אַ ר ל אָ ס מיט זיינע מיטהעלפער, די פינסטערע אַפּאָסטאָלישע יונטאַ. דער קעניג איז געווען מיט דיזער פאַנאַטישער פאַרטיי און זי האָט זיך גענומען גרייטען צו אַ גוואַלדיגען אויפשטאַנד. דיזע גרויסע קאַרליסטישע פערשווערונג איז ענטדעקט געוואָרען אין יאָהר 1825, אָבער פערדינאַנד האָט ניט געוואַגט אַרויסצוגעהן געגען די קלעריקאַלען. אין אויגוסט 1827 איז ווידער געווען אַ קאַרליסטישער אויפשטאַנד, אין וועלכען די אַרמעע פון די קאַרליסטען איז געוואַקסען ביז 14,000 מאַן. אָבער אויך דיזער אויפשטאַנד איז אונטערדריקט געוואָרען. פיעלע זיינען היגגעריכטעט געוואָרען, טויזענדער האָבען געמוזט ענטלויפען, אָבער די הויכע גייסטליכע, וועלכע זיינען געווען די הויפּט־שולדיגע, זיינען אומגעגאַנגען פראַנק און פריי און האָבען פאָרטגעזעצט זייער פינסטערע אַרבייט. הגם זייער פאַרטיי איז געפאַלען, זיינען זיי דאָך געווען זיכער, דאָס זיי וועלען זיגען אין דיען קאַמף, ווייל דער קעניג האָט ניט געהאַט קיין קינדער און זיין ברודער דאָן קאַרלאָס, דער געזעצליכער טראָן־פאָלגער, איז געווען איבערגעגעבען צו די קלעריקאַלען. אָבער דערווייל איז געשטאָרבען דעם קעניג'ס דריטע פרוי. פערדינאַנד האָט ווידער געהייראַט און האָט געהאַט אַ טאָכטער א י ז אַ ב ע ל ל אַ, וועלכע ער האָט גלייך ווי זי איז געבאָרען געוואָרען ערקלערט אַלס יורש'טע פון טראָן.

דאס איז געווען א נייער סיגנאל צו אן אויפשטאנד. די גאנצע נאציאן איז דאמאלס צושפאלטען געווארען אין צוויי פיינדליכע פארטייען. איין פארטיי האט דורכאויס געוואלט איינפיהרען אבסאלוטיזם — דאס זיינען געווען די קארליסטען, די אנדערע פארטיי האט געוואלט פרייהייט און אנהאלטען די קאנסטיטוציאן. דיזע פארטיי האט זיך גערופען „די כריסטינאס", נאך דעם נאמען פון דער קעניגין כריסטינא, וועלכע איז געווארען רעגענטין פיר איהר יונגע טאכטער נאך דעם, ווי איהר מאן פערדינאנד דער 7טער איז געשטארבען (1833).

צו די קארליסטען זיינען צוגעשטאנען די איינוואוינער פון פלאכען לאנד און פון די קלענערע שטעדט אין נאווארדא און אין די באסקישע פראווינצען. מיט די ליבעראלען האט געהאלטען דאס גאנצע בירגערטום, דאס הייסט די איינוואוינער פון די גרעסערע שטעדט, און די ארמעע. 7 יאהר האט געדויערט דיזער בירגער־קריג, וועלכער האט אנגענומען א שרעקליכען כאראקטער. מארד, רויב, פערוויסטונג האבען געבושעוועט איבער די אונגליקליכע בעפעלקערונג. אנפאנגס האבען די קארליסטען געהאט די אויבערמאכט. די רעגירונגס־ארמעע איז געווען גרעסער פון דער קארליסטישער, אבער דערפאר זיינען די קארליסטען געווען רייכער, און האבען געשטריטען מיט מעהר בעגייסטערונג. דערצו זיינען די כריסטינא־פיהרער געווען אונפעהיג און ראטלאז.

אבער ענדליך האט דאך די כריסטינא־פארטיי געזיגט. די קארליסטען האבען זיך צוריסען צווישען זיך און זיינען צוליב דעם אפגעשוואכט געווארען, און די כריסטינאס האבען בעקומען א זעהר טיכטיגען קאמאנדיר אין דער פערזאן פון עספארטערא. אין יאהר 1839 האבען 18 באטאליאנען און 4 עסקאדראנען פון די קארליסטען אנידערגעלעגט די וואפען און יעדער איז אוועק אין זיין היים. דאן קארלאס האט געמוזט אנטלויפען אין א פראנצויזישען געביט. נאווארדא און די באסקישע פראווינצען האט מען „בערוהיגט". קאברערא האט נאך א היבשע צייט פארטגעזעצט דעם קריג אין קאטאלאניען, אבער ער האט ענדליך געמוזט פערלאזען דעם קאמף־פלאץ און איז אוועק נאך פראנקרייך. ענדע זומער פון יאהר 1841 איז גאנץ שפאניען געווען אונטערווארפען אונטער די הערשאפט פון איזאבעללא'ן.

אבער שפאניען איז נאך ניט געווען פאלקאמען רוהיג. יעצט האט די רעגענטין, וועלכע איז געשטירצט געווארען, אנגעהויבען צו מאכען אינטריגעס און אונטערגראבען די רעגירונג, און אויך די קאמפען צווישען די פאר-

טייען האָבען נאָך ניט אין גאַנצען אויפגעהערט. אין יאָהר 1843 האָט זאָ-
גאַר אויסגעבראָכען אַן אויפשטאַנד. דער רעזולטאַט פון דיזע אונענדליכע
רייסערייען און קאַמפען איז געווען, דאָס עס איז בעשאַפען געוואָרען אַ
נייע רעאַקציאָנערע פערפאַסונג. דיזע פערפאַסונג האָט אָפּגעשאַפט די
אויבערהערשאַפט פון פאָלק, האָט צוגענומען פון פאַרלאַמענט דאָס רעכט
צו פערזאַמלען זיך אָהן בערופונג פון דער קעניגין אָדער דעם קעניג, און
האָט אויך צוגענומען פון דער דזשורי דאָס רעכט צו ריכטען פּאָליטישע
פערברעכער. דער סענאַט זאָל בעשטימט ווערען פון דער קרוין אויף דאָס
גאַנצע לעבען, און די קאָרטעס (דער פאַרלאַמענט) זאָלען ערוועהלט ווערען
אויף 5 יאָהר. די קאַטאָלישע רעליגיאָן איז אָנערקענט געוואָרען אַלס די
שטאַאַטס־רעליגיאָן און דער שטאַאַט איז געווען פערפּליכטעט אונטערצו-
האַלטען די גייסטליכע. אין אָקטאָבער 1845 איז געווען די ערסטע פער-
זאַמלונג פון דעם ניי־ערוועהלטען פאַרלאַמענט.

עס האָט זיך יעצט אָנגעהויבען פיר אַ קורצע צייט אַ רוהיגערע עפּאָכע.
די מיניסטאָרען האָבען זיך אפילו אויך יעצט זעהר אָפט געביטען צוליב די
רייסערייען פון די פּאַרטייען. איזאַבעללאַ איז געווען זעהר אַ פרומע קאַ-
טאָליטשקע, דערצו איז זי דאָך געווען אַ בורבאָנין. עס איז דעריבער קיין
וואונדער ניט, וואָס זי איז געווען אַ שטאַרקע אָנהענגערין פון אַבסאָלוטיזם.
עס האָבען נאָך אַלץ געהערשט פּערזענליכע אינטריגעס, אָבער צו אַן אָפּע-
נעם קריג אָדער אויפשטאַנד איז שוין מעהר ניט געקומען. דעריבער האָבען
זיך די אומשטענדען אַ ביסעל געבעסערט. אין אַלגעמיין האָט שפּאַניען
זעהר וועניג אָנטייל גענומען אין דער ענטוויקלונג פון אינדוסטריע און האַנ-
דעל פון יענער צייט. דער אויסלענדישער האַנדעל פון שפּאַניען איז געווען
זעהר אונבעדייטענד. מען פלעגט אַרויספיהרען פון שפּאַניען נאָר רויהע
מאַטעריאַלען, ווי: וויין, פרוכט, וואָל און זאַלץ. דיזער אַרויספיהר האָט
זיי פערשאַפט די נעטיגע מיטלען צו בעצאָהלען פיר פערמדע מאַנופאַקטור־
וואַאַרען, וואָס מען האָט אַריינגעבראַכט אין לאַנד.

דער בערג־בוי, וועלכער איז געווען געפאַלען צוליב די גאָלד־ און זיל-
בער־מינעס, וואָס מען האָט געפונען אין אַמעריקאַ, איז ווידער געוואָרען
טעטיג און האָט אויפגעלעבט. די רייכסטע זילבער־מינעס האָבען זיך גע-
פונען אין גראַנאַדאַ און מורציאַ. פון די קוועקזילבער־מינעס פלעגט מען
אַרויסקריגען יעהרליך אין מיטען פון 19טען יאָהרהונדערט 20,000 צענט-
נער. די קופּער־מינעס אין ריאָ טינטאָ זיינען פון די רייכסטע אין דער
וועלט. די נאָרדליכע פּראָווינצען, איבערהויפּט ביסקאַיאַ, זיינען זעהר רייך

אין אייזען, אָבער מען האָט זיך ווייניג בענוצט מיט דיזען רייכטום. דאָס זעלבע קען מען זאָגע וועגען די קויהלען־מינעס. אויך זיי זיינען וועניג בע־ארבייט געוואָרען.

די אינדוסטריע האָט אפילו געמאַכט פאָרטשריט, אָבער עס האָבען גע־פעהלט די נעטיגע קאַפּיטאַלען, קענטניסען און געשיקטע ארבייטער, אויך האָבען געפעהלט ערטער, וואו אָפּצוזעצען די אויסגעאַרבייטע סחורות, ווייל אַ גרויסער טייל פון די קאָלאָניעס זיינען פערלאָרען געגאַנגען פיר דאָס שפּאַ־נישע רייך.

פון די מעכטער־לענדער, וואָס זיינען נאָך שפּאַניען איבערגעבליבען פון די גליקליכע צייטען, איז דאָס וויכטיגסטע און רייכסטע געווען די אינזעל קובא (היינט אַ זעלבשטענדיגע רעפּובליק). דיזע אינזעל איז אַ טייערע פּערל, וועלכע האָט געליפערט אין אָנפאַנג פון 19טען יאָהרהונ־דערט 300,000 צענטנער צוקער אַ יאָהר; שפּעטער האָט זי ארויסגעגעבען 10 מאָל און נאָך שפּעטער 20 מאָל מעהר. אויך טאַבאַק־פּלאַנצונג האָט זיך דאָרט ענטוויקעלט מעהר און מעהר. אויסער דעם האָט דיזע מערקוויר־דיגע אינזעל ארויסגעגעבען זעהר פיעל אויסגעצייכענטע קאַפע, ראָם, האָ־ניג, וואַקס או. אז. וו. דער ריינער ערטראַג (הכנסה), וואָס דיזע אינזעל פלעגט אריינברייננגען שפּאַניען אין די פופציגער יאָהרען, איז געווען ניט וועניגער פון 30,000,000 מארק אַ יאָהר. דער וואוילשטאַנד פון דער אינ־זעל פּאָרטאָריקאָ איז אימער געוואָרען וועניגער. פון דעם יאָהר 1840 איז דער אריינפיהר פון איהרע פּראָדוקטען ארונטערגעקומען פון 14 מיליאָנען פיאַסטער אַ יאָהר אויף 10 מיליאָנען.

דער עקאָנאָמישער צושטאַנד פון פּאָרטוגאַל איז זעהר ענליך צום שפּאַנישען. אין 17טען יאָהרהונדערט איז שוין פון דעם אַמאָליגען גלאַנץ פון פּאָרטוגאַל ניט געבליבען קיין זכר. דאָס לאַנד איז געזונקען טי־פער און טיפער אין אָרימקייט. דער אויסלענדישער האַנדעל איז אריבער צו פראַנקרייך און ענגלאַנד. בעזונדערס ווען דאָס לאַנד האָט זיך געווענדט צו ענגלאַנד וועגען שוץ געגען שפּאַניען און האָט געגעבען די ענגלענדער זעהר פיעלע פּריווילעגיעס (1703) און האָט דערמיט רואינירט איהר איי־גענע אינדוסטריע. עס איז אריין אין לאַנד זעהר פיעל ענגלישער קאַפּיטאַל. די ענגלישע פירמעס האָבען איבערגענומען דעם גאַנצען אימפּאָרט פון אויס־לענדישע פּראָדוקטען, האָבען אריינגעכאַפּט אין זייערע הענט דעם ארויס־פיהר פון וויינען און אַנדערע אַרטיקלען, וואָס דאָס לאַנד פּראָדוצירט, און האָבען זאָגאַר איבערגענומען דעם האַנדעל, וואָס פּאָרטוגאַל האָט געפיהרט

מיט איהרע קאָלאָניעס. פּאָרטוגאַל איז געוואָרען א צווייג־אָרט פון ענגלי-
שען האַנדעל. די ערד־ציטערנים פון יאָהר 1755, וועלכע האָט צושטערט
ליסאַבאָן און פיעלע אַנדערע שטעדט, האָט געבראַכט זעהר פיעל שאָדען
דעם וואוילשטאַנד פון לאַנד און טויזענדער פאַמיליעס זיינען געקומען צום
בעטעל־שטאַנד.

אונטער יאָזעף דעם 1טען האָט פּאָמבאַל, דער גרעס-
טער מיניסטער, וואָס פּאָרטוגאַל האָט ווען עס איז געהאַט, ווירקליך גע-
בראַכט א גרויסע פערבעסערונג אין דעם צושטאַנד פון לאַנד. ער האָט גע-
מאַכט וויכטיגע רעפאָרמעס אין דער אינדוסטריע, ער האָט זי בעפרייט פון
די אַלטע בעשרענקונגען און האָט איינגעפיהרט אין פּאָרטוגאַל די זעלבע
האַנדעלס־פּאָליטיק ווי אין פראַנקרייך. ער האָט אויך געבעסערט דעם האַנ-
דעל מיט ענגלאַנד. אָבער די בליהונג איז ניט געווען א נאַטירליכע און זי
האָט באַלד פערוועלקט. די שטרעבונגען פון דעם רעפאָרמאַטאָר האָבען גע-
פונען א שטערונג אין די פריווילעגיעס פון דעם אדעל און די קלעריקאַלען.
פיעל האָבען אויך געשטערט דורכצופיהרען זיינע רעפאָרמעס די אינטריגעס
פון די יעזואיטען, די פאַנאַטישע פרומקייט און שוואַכקייט פון די קעניגען און
די פוילקייט פון פאָלק, וועלכעס עס איז געווען שווער אויפצואוועקען פון
זיין גלייכגילטיגקייט. און אזוי איז די לאַגע ווידער געוואָרען אזוי שלעכט
ווי פריהער.

דאָס ענדע פון 18טען און דער אָנפאַנג פון 19טען יאָהרהונדערט איז
געווען פיר פּאָרטוגאַל גינסטיגער ווי פיר שפּאַניען. ווייל פּאָרטוגאַל האָט
ניט גענומען קיין אָנטייל אין די קריגען, וואָס זיינען דאַמאָלס פאָרגעקומען,
האָט זי געקענט אונגעשטערט ענטוויקלען איהר האַנדעל. אָבער צום אונגליק
איז באַלד אויך פּאָרטוגאַל אריינגעצויגען געוואָרען אין דעם שטרודעל פון
מלחמה. ווי מיר האָבען שוין פריהער דערצעהלט, זיינען די פראַנצויזען
בעפאַלען פּאָרטוגאַל (1807) און האָבען זי פערוויסטעט. מיט א יאָהר
שפּעטער האָט זאָגאָר די פּאָרטוגעזישע קעניגליכע פאַמיליע פערלאָזען איהר
היים און איז אַוועק נאָך ריאָ דע זשאַניירא (בראַזיליען). נאָך דעם,
ווי נאַפּעאָלאָן איז געשטירצט געוואָרען, האָט זיך די קעניגליכע פאַמיליע
צוריקגעקעהרט אין פּאָרטוגאַל און ווידער פערנומען דעם טראָן. דאָך
איז דער קעניג יאָהאַן דער 6טער פערבליבען אין בראַזיליען
נאָך אייניגע יאָהר, ווייל בראַזיליען איז דאַמאָלס געוואָרען א קייזערטום.
צום פערדרוס פון די פּאָרטוגעזען איז די פערהעלטנים צו די קאָלאָניעס יעצט
געוואָרען אַן אומגעקעהרטע: פּאָרטוגאַל איז יעצט געוואָרען רעגירט פון איה-

רע קאָלאָניעס. די ענגלענדער האָבען געוואוסט, ווי אויסצונוצען דיזע ענדערונג פיר זיך. זיי האָבען יעצט בעהערשט פּאָרטוגאַל און זיינען געוואָרען גאַנצע בעלי בתים אין לאַנד, הגם ניט נאָך דעם נאָמען.

עס האָבען זיך ווידער אָנגעפאַנגען אין לאַנד רעוואָלוציאָנען. ארויסגערופען די רעוואָלוציאָנען האָבען דער האַס צו אויסלענדער און די פאָדערונג פון אַ קאָנסטיטוציאָן. אין יאָהר 1821 האָט דער אויפשטאַנד גענומען די אויבערהאַנט. די רעבעלען האָבען צוזאַמענגעשטעלט אַ צייטליכע רעגירונג, האָבען פּראָקלאַמירט אַ נייע פערפאַסונג און האָבען נאָך דעם מוסטער פון שפּאַניען ערוועהלט קאָרטעס (אַ פּאַרלאַמענט). דער קעניג האָט געמוזט נאָכגעבען, און אין יאָהר 1821 איז ער צוריקגעקומען פו בראַזיליען נאָך פּאָרטוגאַל אום ניט צו פערלירען אַלעס. אין בראַזיליען האָט ער איבערגעלאָזען זיין עלטערען זוהן דאָם פּעדראָ אַלס רעגענט. דער רעזולטאַט דערפון איז געווען, דאָס בראַזיליען האָט זיך אין יאָהר 1822 אָפּגעריסען פון איהר מוטער=לאַנד, פּאָרטוגאַל, און דאָם פּעדראָ האָט זיך געמוזט לאָזען אָנערקענען אַלס קאָנסטיטוציאָנעלער קייזער. עס האָט ניט לאַנג גענומען און אַ בראַזילישע פלאָטע האָט פעריאָגט די פּאָרטוגעזישע שיפען פון האַפען און די סאָלדאַטען פון די פעסטונגען, אַזוי דאָס אין אייניגע מאָנאַטען איז בראַזיליען געוואָרען פריי און זעלבשטענדיג.

דער אָפּפאַל פון בראַזיליען איז געווען פיר פּאָרטוגאַל אַ שווערער קלאַפּ, ווייל דער האַנדעל פון פּאָרטוגאַל האָט געצויגען זיין יניקה פון בראַזיליען. די לאַגע פון פּאָרטוגאַל איז געוואָרען נאָך ערגער ווען נאָך דעם צוריקקעהר פון דעם הויף האָבען צווישען יאָהאַן דעם 6טען און דעם טראָן=פערכאַפּער דאָן מיגועל זיך אָנגעהויבען רייסערייען און שטרייטיגקייטען, בירגער=קריגען און אויפשטאַנדען אָהן אַ אויפהער. ערסט נאָך דעם, ווי מען האָט איהם פערטריבען פון לאַנד, האָט פּאָרטוגאַל ווידער בעקומען די קאָרטעס=פערפאַסונג (1839). מיט אייניגע מאָנאַטען שפּעטער איז די רעגירונג אַריין אין די שוואַכע הענט פון דער קעניגין מאַריאַ. זי איז געווען זעהר גענייגט צו אונבעשרענקטען קעניגטום און איז געווען אַ שטאַרקע געגנערין פון פאָלקס=פערטרעטונג, און דאָס האָט ארויסגערופען פערשיידענע אויפשטאַנדען. אין יאָהר 1846 איז דער טראָן געקומען אין אַ גרויסע געפאַהר. נאָר מיט דער הילף פון ענגלישע און שפּאַנישע טרופּען איז דער אויפשטאַנד אונטערדריקט געוואָרען. מאַריאַ איז געשטאָרבען (1853) און איהר נאָכפאָלגער איז געווען איהר מינדער=יעהריגער זוהן דאָם פּעדראָ דער 5טער (1853—1861). ווייל ער איז געווען צו יונג צו רעגירען

האָט זיין פֿאָטער פערדינאַנד דערוויל רעגירט אין זיין נאָמען. פון דאַמאָלס אָן האָט פּאָרטוגאַל געהאַט אַ שענע רוהיגע צייט און די פּרינציפּען פון דער קאָנסטיטוציאָן זיינען ריכטיג דורכגעפיהרט געוואָרען.

אין עקאָנאָמישער הינזיכט איז פּאָרטוגאַל געשטאַנען הינטער אַלע אַנדערע פעלקער פון יענער צייט. מען האָט אַפילו גענומען שריט צו בע־בעסערן דעם צושטאַנד: מען האָט אָפּגענומען פון די ענגלענדער פיעלע פּריווילעגיעס, מען האָט פערפּאַסט נייע האַנדעלס־געזעצען, מען האָט אויפ־געהויבען די אינדוסטריע פון באַוועל־פאַבריקאַציאָן און געמישטע וועבע־רייען דורך דעם, וואָס מען האָט בעשטימט אַ הויכען צאָל־טאַריף אויף די זעלבע וואַארען, וואָס ווערען אריינגעבראַכט פון אויסלאַנד, דאָך איז אין קיין צווייג די אינדוסטריע ניט געווען גענוג פיר די בעדערפניסען פון האַנ־דעל. זאָגאַר דער בעסטער באָדען, וואו עס האָבען זיך געפונען די בעסטע מאַטעריאַלען, זיינען ניט גענוג בענוצט געוואָרען, ווייל עס האָבען דערצו געפעהלט די נעטיגע קאָמוניקאַציאָנס־מיטלען. צו פיעלע ערטער, וואו מען האָט ניט געקענט צוקומען מיט שיפען, האָט מען געמוזט געברויכען הויז־טיערען (ווי פערד און אָקסען) אום צובריינגען פון דאָרט די נעטיגע פּראָ־דוקטען; דאָס האָט אָבער געקאָסט צו טייער. די טראַנספּאָרטירונג פון וואַארע האָט אַזוי פיעל געקאָסט, דאָס עס איז געווען אונמעגליך עטוואָס אריינצובריינגען אין מאַרק.

נאָר די פּלאַנצונג פון וויין אין דעם אונטערען טייל פון דער טייך דאָוראָ איז געווען און איז נאָך היינט פון גרעסערער בעדייטונג. אָבער דער אַרויספיהר פון די וויינען איז געווען אין די הענט פון ענגלישע פירמעס און זיי זיינען מעהרסטענס געשיקט געוואָרען נאָך ענגלאַנד. אויך דאָס גע־שעפט מיט זאַלץ, וואָס מען האָט בעקומען פון די זאַלץ־גריבער אַרום לי־סאַבאָן און אין אַלגאַרביען, איז געווען פון מאַנכער בעדייטונג. פּאָרטוגאַל איז רייך אין מעטאַלען ווי שפּאַניען, אָבער אין דער בעאַרבייטונג פון די מינעס איז זי געווען הינטערשטעליג געגען איהר שכנה. דער זעע־האַנדעל איז געווען הויפּטזעכליך אין די הענט פון אויסלענדער. צו ענדע פון 18טען יאָהרהונדערט האָט פּאָרטוגאַל געהאַט אייגענע 400 גרויסע שיפען פון 300—600 טאָן, וועלכע האָבען געפיהרט וואַארע צווישען זיד־אַמעריקאַ, די קאָלאָניעס און נאָרד־אַמעריקאַ. יעצט איז עס אַלעס איבערגעגאַנגען אין פרעמדע הענט, איבערהויפּט צו ענגלענדער, וועלכע האָבען געשיקט נאָך פּאָרטוגאַל זייערע אינדוסטריע־פּראָדוקטען אין דעם ווערט פון מעהר אַלס 1 מיליאָן פונט סטערלינג יעהרליך.

פון די קאָלאָניעס האָבען די אַזאָרען ארויסגעגעבען זעהר פיעל געטריידע, וויין, זיד־פרוכט, האָלץ, און האָבען געדינט אלס אַ זעהר וויכ־טיגע סטאַציאָן פיר די ים־פאָהרער נאָך אָסט־אינדיען. דער הויפּט־פּראָ־דוקט פון מאַדעירא איז וויין. די קאָלאָניעס אויף'ן ברעג פון גווינעאַ, אין בענגועלאַ און מאָזאמביק האָבען געדינט איבערהויפּט פיר דעם שקלאַפען־האַנדעל, וועהרענד אָסט־אינדיען האָט יעצט פערלאָרען יעדע בעדייטונג פיר געשעפט.

# די געשיכטע פון איטאַליען.

אין די צייטען פון 15טען און 16טען יאָהרהונדערט איז דער גלאַנץ פון איטאַליען'ס האנדעל אין גאַנצען פערשוואונדען געוואָרען. דער האנדעל האָט מעהר ניט געשיינט ווי אין די צייטען פון דער אַלטער רעפובליק. די אורזאַכען פון דיזער ענדערונג זיינען געווען: די ענטדעקונג פון נייע וועגען איבער די ימים און דאָס אריינדרינגען פון טערקיי; אָבער מעהר פון אַלעם האָבען געשאַדט דעם האנדעל די רייסערייען צווישען די פּאַרטייען וועגען די קאָנסטיטוציאָנען, און איבערהויפּט — די פיינדליכע בעציהונגען צווישען רייכטום און אָרימקייט. אויך האָט זעהר פיעל געשאַדט דעם עקאָנאָמישען צושטאַנד פון לאַנד וואָס עס האָט געפעהלט אַן איינהייטליכע נאַציאָנאַל־מאַכט. די איטאַליענישע האנדעל־שטאַאטען האָבען אפילו ניט פערשטאַנען צו הייבען און שיצען דעם האנדעל און די פאַבריקאַציאָן, אָבער זיי האָט געפעהלט פעראייניגונג. יעדע שטאָדט האָט געאַרבייט פיר זיך זעלבסט. זיי האָבען ניט פערשטאַנען, ווי ווייט וויכטיג עס איז פיר זיי צו האָבען אַלגעמיינע אינטערעסען און אַ געגענזייטיגע אינטערנאַציאָנאַלע פעראייניגונג. דעם מאַנגעל פון דיזער וויכטיגער פעראייניגונג האָבען די איטאַליענער שטאַרק דערפיהלט אין דעם אָנפאַנג פון דער נייער צייט, ווייל יעצט האָבען ארויסגעטרעטען אויף די וועלט־ביהנע איבערהויפּט שטאַאטען, וואָס זיינען פעראייניגט צווישען זיך און בילדען איין גאַנצע נאַציאָן.

די פערפלאָנטערטע און פערדרעהטע פּאָליטיק פון די קליינע שטאַאטען פון איטאַליען, זייערע אינטריגעס, טראָן־שטרייטיגקייטען און לענדער־רייסערייען האָבען ניט פיר אונז, און מיר רעכנען אויך פיר אונזערע לעזער, קיין בעזונדערען אינטערעס. די וויכטיגסטע פאַקטען פון דער בעטייליגונג פון איטאַליען אין דער אייראָפּעאישער פּאָליטיק האָבען מיר שוין פריהער דערצעהלט. מיר וועלען זיך אין דיזען קאַפּיטעל בעשעפטיגען נאָר מיט

אַן אַלגעמיינעם איבערבליק איבער די וויכטיגסטע פאַקטען פון דער איטאַ-ליענישער געשיכטע אין דיזער פעריאָדע.

זינט דער צווייטער העלפט פון 16טען יאָהרהונדערט איז איטאַליען געווען אונטערוואָרפען אונטער שפּאַניען. און הגם איטאַליען האָט אונטער דער רעגירונג פון פיליפּ דעם 2טען פון שפּאַניען געגאָסען רוה און פרידען, איז דאָך די גייסטיגע און מאַטעריעלע לאַגע פון פאָלק געווען זעהר געדריקט. דאָס שטאַרק ענטוויקעלטע מיליטערישע סיסטעם פון די שפּאַניער און דער דרוק פון דער שפּאַנישער פּאָליציי און איהר מישען זיך אין אַלע צווייגען פון געזעלשאַפטליכען לעבען זיינען געווען אַ זעהר שווערע לאַסט אויף'ן פאָלק. דאַגעגען האָבען די שפּאַניער אין אויבער-איטאַליען זיך כמעט גאָר-ניט געמישט אין געריכטס-אַנגעלעגענהייטען און אין געמיינדע-אינטערעסען. אָבער די שפּאַנישע רעגירונג האָט איבעראַל געדריקט דאָס איטאַליענישע פאָלק מיט איהרע שטייערן און רויבערייען, און דורך דעם האָט זי אונטער-געגראָבען דעם פריהערדיגען גוטען צושטאַנד פון פאָלק. די שפּאַניער האָ-בען זאָגאַר בעהערשט דעם פּאַפּסטליכען שטוהל אין אַזאַ גראַד, ווי די דיי-טשע קיסרים האָבען איהם קיינמאָל ניט בעהערשט. די פּאָליטישע מאַכט פון דעם פּאַפּסט איז אונטער דער שפּאַנישער הערשאַפט געזונקען אימער טיפער און נידריגער. קיינער פון די פּאַפּסטען פון יענער צייט האָט ניט געהאַט די מעגליכקייט צו זאָגען עטוואָס אין דער אייראָפּעאישער פּאָלי-טיק. זאָגאַר דער וויכטיגסטער פּאַפּסט פון 16טען יאָהרהונדערט סיקסטוס דער 5טער האָט זיך געמאַכט אַ נאָמען נאָר אין דער אינערער געשיכטע פון קירכען-שטאַאט.

דעריבער איז קיין וואונדער ניט, וואָס די רוימישע פּאַפּסטען זיינען זינט דעם 17טען יאָהרהונדערט געוואָרען גענייגט מעהר צו פראַנקרייך איי-דער צו שפּאַניען. ביסלאַכווייז האָט דער פראַנצויזישער איינפלוס אויף די קליינע איטאַליענישע שטאַאטען אַרויסגעשטופּט דעם שפּאַנישען איינ-פלוס. דאַמאָלס איז אַרויפגעשוואומען אויף'ן פּאָליטישען האָריזאָנט דער קריג פיר די ירושה פון שפּאַנישען טראָן. דער רעזולטאַט פון דיזען קריג האָט געהאַט אַ זעהר וויכטיגע בעדייטונג פיר די ענטוויקלונג פון איטאַליען. דיזער קריג איז געווען פיר איטאַליען אַ קוועלע פון די גרעסטע אונגליקען. ווי די בורבאָנען, אַזוי האָבען אויך די האַבסבורגער געזוכט צו געווינען אין אויבער-איטאַליען וואָס זיי האָבען פערלאָרען אין דעם קריג פיר'ן שפּאַנישען טראָן. דאָרט, אין אויבער-איטאַליען, אין דער עבענע פון דעם טייך פּאָ, איז איבערהויפּט פאָרגעקומען דער שטרייט וועגען דעם פּאָליטישען איבער-

געוויכט אין אייראָפּאַ. דער זיג פון פּרינץ אייזשען ביי טורין (1706) האָט געבראַכט לאָמבאַרדיע אין די הענט פון עסטרייך, און דורך דעם פרידען פון אוטרעכט (1713) האָבען די האַבסבורגער בעקומען די איובער־מאַכט אויף דער אַפּעננינישער האַלב־אינזעל (איטאַליען). זיי האָבען ערהאַלטען אויסער מאַילאַנד אויך דאָס קעניגרייך נעאַפּעל, די אינזעל סאַרדיניען און מאַנטוא.

אָבער די נייע בורבאָנישע דינאַסטיע אין שפּאַניען האָט געזוכט צו דערלאַנגען איהר אַלטען איינפלוס אויף איטאַליען, און זי האָט ווירקליך דער־גרייכט, דאָס אַ אינגערער צווייג פון דעם בורבאָנישען הויז האָט געהערשט אין די איטאַליענישע לענדער. דער קרוינפּרינץ קאַרל פון שפּאַניען איז אין יאָהר 1736 געוואָרען קעניג פון נעאַפּעל און סיציליען. און אַזוי זעהען מיר איז דער איינפלוס פון די צוויי וויכטיגסטע הערשער־הייזער אין איי־ראָפּאַ געוועזען זעהר שטאַרק אין איטאַליען. די אינגערע ליניען פון די לאָטה־רינגער און די בורבאָנען האָבען געהערשט אין טאָסקאַנאַ, פּאַרמאַ, נעאַפּעל און סיציליען; מאַילאַנד איז געשטאַנען אונטער דער פרעמד־הערשאַפט פון עסטרייך. סאַוואָיען האָט בעזעסען סאַרדיניען און אַ שטיק פון לאָמ־באַרדיען; גענוא און ווענעציא האָבען נאָך געהערשט זעלבשטענדיג, אָבער זייער פּאָליטישע מאַכט איז געוואָרען פיעל שוואַכער ווי זי איז געווען פרי־הער. און צווישען דיזע אַלע הערשאַפטען, וועלכע האָבען געקוקט איינע אויף די אַנדערע מיט קנאה און שנאה, האָט זיך גאַנץ רוהיג געהערשט דער פּאַפּסט אין זיין קירכען־שטאַאַט און האָט מיט זיין איינפלוס געהאַט די מעג־ליכקייט איינצוהאַלטען דעם פרידענס־צושטאַנד און ניט דערלאָזען צו קריג.

דיזע פּאָליטישע פערהעלטניסען פון דעם 18טען יאָהרהונדערט זיינען געווען פיר איטאַליען אַ גרויסער פּאָרטשריט אין פערגלייך מיט איהר צו־שטאַנד אין דער עפּאָכע פון דער שפּאַנישער הערשאַפט. די נייע הערשער־פּאַמיליעס האָבען צונעפּאַסט די אָרדנונגען און די רעגירונגען צום כאַראַק־טער פון לאַנד און פון פּאָלק, און האָבען ניט געזוכט צו צווינגען דאָס פּאָלק צוצופּאַסען זיך צו פרעמדע אינסטיטוציאָנען. אין אייניגע פירסטענטימער איז איינגעפיהרט געוואָרען אַ גוט־איינגעאָרדענטע אַדמיניסטראַציאָן און זאָגאַר אין מאַילאַנד, וואו עס האָבען געהערשט די עסטרייכער, איז די צענטראַל־פערוואַלטונג געווען כמעט אין גאַנצען אונאָפּהענגיג. נאָך דעם, ווי די איטאַליענער האָבען זיך בעפרייט פון די שפּאַנישע קייטען און פון דעם רעליגיעזען דרוק, האָבען די גייסטער פון פּאָלק ווידער אָנגעהויבען זיך פריי צו ענטוויקלען. די נייע אידעען האָבען זיך געמאַכט אַ וועג אי־

בעראַל. אייניגע רעגירונגען האָבען זיך אַליין אונטערגעגעבען דעם גייסט פון דער צייט און האָבען פערשטאַנען און אָנערקענט די וויכטיגקייט פון דער בירגער־מאַכט אין שטאַאַטליכער ווי אין קירכליכער בעציהונג.

דאַן איז אָנגעקומען די פראַנצויזישע רעוואָלוציאָן און האָט צוטריי־סעלט דעם גאַנצען פונדאַמענט פון דעם צושטאַנד. ווי איבעראַל האָט די בורזשואַזיע אין איטאַליען אויפגעכאַפּט די נייע אידעען פון די רעוואָלוציאָ־נערען מיט גרויס ענטהוזיאַזם, און באַלד זיינען אָנגעקומען פראַנצויזישע אַרמעען און האָבען פערנומען דעם איטאַליענישען באָדען, און האָבען דאָרט אָנגעהויבען צו מאַכען נייע שטאַאַטס־אָרדנונגען. אין סעפּטעמבער 1792 זיינען די פראַנצויזען אַריין אין סאַוואָיען. דעם יאָהר נאָכדעם האָט פראַנקרייך ערקלערט קריג געגען נעאַפּעל. אין יאָהר 1794 האָבען די פראַנ־צויזען אַריינגעדרונגען אין פּיעמאָנט און אין גענוא. אין יאָהר 1795 האָ־בען זיי די עסטרייכער צוריק פערטריבען פון דאָרט. אין דעם נעכסטען יאָהר האָט באָנאַפּאַרטע איבערגענומען די קאָמאַנדע איבער די פראַנצויזישע טרופּען אין איטאַליען און האָט געגעבען דעם קאַמף אַ גאַנץ נייע ווענדונג. דער קעניג פון סאַרדיניען האָט געמוזט איבערגעבען צו פראַנקרייך ניצצאַ און סאַוואָיען. באַלד נאָכדעם זיינען פאָרגעקומען אין לאָמבאַרדיען די בע־ריהמטע שלאַכטען, וועלכע האָבען געמאַכט נאַפּאָלעאָן'ען אַלס דעם בעריהמ־טעסטען העלד פון זיין צייט. פון מאַנטוא, מאַילאַנד, מאָדענא און אַ טייל פון פּאַרמאַ האָט ער געבילדעט די צים־אַלפּינישע רעפּובליק. ווענעציאַ האָט אויפגעהערט צו עקסיסטירען אַלס אַ פריי־שטאַאַט, זי האָט פערלאָרען איהר אַריסטאָקראַטישע פערפאַסונג, אָנשטאָט וועלכער מען האָט איהר געגעבען אַ דעמאָקראַטישע פערפאַסונג, און זי האָט ענדליך געכאַפּט אַ מפּלה אין עסטרייך. אויך אין גענוא האָט מען געמאַכט אַן ענדע צו דער אַלטער רע־גירונג פון דעם אַדעל, און מען האָט איהר קאָנסטיטוציאָן געענדערט נאָך דעם מוסטער פון דער פראַנצויזישער. די בעפעלקערונג איז געווען העכסט צופרידען מיט דיזער ענדערונג פון דער קאָנסטיטוציאָן. זי האָט פער־ברענט דאָס „גאָלדענע בוך פון אַדעל" און האָט אומגעשטערט דעם מאָ־נומענט פון דעם אַלטען דאָזשע אַ נ ד ר ע אַ ס  ד אָ ר י אַ.

אויך דער קירכען־שטאַאַט איז אָנגעגריפען געוואָרען פון די פראַנצוי־זען. אין רוים האָט זיך געמאַכט אַן אויפשטאַנד און אין אַ שלאַכט איז דערשאָסען געוואָרען דער פראַנצויזישער גענעראַל ד י ו פּ אָ ט. דאַן האָט פראַנקרייך געשיקט איהרע טרופּען אין רוים אונטער דעם גענעראַל ב ע ר־ט ה י ע ר. דעם 11טען פעברואַר 1798 איז ער אַריין אין רוים, און מיט

2 טעג שפּעטער איז דער קירכען־שטאַאט פּערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ רוימישע רעפּובליק. דער פּאַפּסט פּיאוס דער 6טער האָט זיך ניט געוואָלט אָפּזאָגען פון זיין וועלטליכער הערשאַפט. דער גענעראַל בער־טהיער האָט ניט געהאַט דעם מוט צו נעהמען געגען איהם שטרענגע מיט־לען. דערפאַר האָט מען איהם אַרונטערגעזעצט פון זיין אַמט אַלס הויפּט־קאָמאַנדיר פון דער פראַנצויזישער אַרמעע, און מען האָט געשיקט מאַס־סענאַ'ן, וועלכער האָט באַלד גענומען ענערגישע מיטלען. ער האָט בערויבט דעם קירכען־שטאַאט ווי אויך דעם פּאַפּסט זעלבסט און האָט איהם נאָך פערזענליך בעליידיגט. מען האָט מיט גוואַלד אַראָפּגעריסען פון זיינע פינ־גער די טייערע דימענטען רינגען, מען האָט פון איהם צוגענומען זיינע שפּאַ־נישע שמעק־טאַבאַק, און נאָכדעם האָט מען איהם אַוועקגעשיקט אַלס אַ געפאַנגענעם נאָך סיענאַ.

דער קעניג פון סאַרדיניען האָט געמוזט שליסען מיט פראַנקרייך אַ בונד, לויט וועלכען ער האָט זיך פערפליכטעט צו געבען די פראַנצויזען הילף אין סאָלדאַטען און אין געלט. דערווייל האָט זיך געמאַכט די צווייטע קאָאַ־ליציאָן (פעראייניגונג) און נעאַפּעל און דער קירכען־שטאַאט האָבען אָנגע־גריפען פראַנקרייך. דאַן האָט פראַנקרייך געצוואונגען דעם סאַרדינישען קעניג, אַז ער זאָל איבערגעבען צו פראַנקרייך אַלע זיינע לענדער אויף דעם קאָנטינענט (הויפּטלאַנד) און ער זאָל נאָר בלייבען ביי דער אינזעל סאַר־דיניען. דער גענעראַל שאַמפּיאָננעט האָט זיך פעסט בעזעצט אין נעאַפּעל און האָט דאָרט געגרינדעט די פּאַרטהענאָפּעאַישע רע־פּובליק. אין פּיעמאָנט און אין טאָסקאַנאַ האָבען געהערשט די פראַנ־צויזען זעלבסט. אָבער עס האָט ניט לאַנג גענומען און דאָרט האָט אויסגע־בראָכען אַן אויפשטאַנד געגען דער פרעמדער הערשאַפט.

צוויי וואָכען נאָך דעם, ווי עס איז פּראָקלאַמירט געוואָרען די פּאַרטהע־נאָפּעאַישע רעפּובליק, האָבען די קלעריקאַלען אויפגערייצט די לאַצצאַראָנען (פּראָלעטאַריער) און זיי האָבען געמאַכט אַן אויפשטאַנד אין די פּראָווינצען פון נעאַפּעל. אָן דער שפּיץ פון דיזען אויפשטאַנד איז געשטאַנען דער קאַרדינאַל רופּפּאָ, וועלכער האָט געמאַכט אַן אויפרוף צו די בויערן צו קעמפען פיר'ן גלויבען און פיר דעם קעניג. אין איינינגע וואָכען איז קאַ־לאַבריאַ אָפּגערייניגט געוואָרען פון פראַנצויזען. עס איז געווען אַ בלוטי־גער גערילל-אַ־קריג, וועלכער איז געפיהרט געוואָרען איבערהויפּט אין די בערג מיט אונגעוועהנליכער גרויזאַמקייט. דעם 11טען יוני איז רופּפּאָ זעלבסט געקומען פאַר נעאַפּעל. ביי פּאָרטיטשי איז עס געקומען צו אַ קאַמף.

די העלדישע קאַלאַבריער האָבען גענומען איין פּאָרט נאָך דעם אַנדערען, און באַלד איז די הויפּטשטאָדט געווען פיר זיי אָפען. צוויי טעג האָט נאָך געדויערט דער קאַמף אין די גאַסען פון נעאַפּעל. עס זיינען פאָרגעקומען שרעקליכע מערדערייען. דעם 19טען יוני האָבען די מערדערייען אויפגע-הערט. עס איז געשלאָסען געוואָרען פרידען מיט דער בעדינגונג, דאָס די, וואָס געפינען זיך אין פעסטונג, זאָלען דאָרט בלייבען, און מען זאָל זיי ניט טאָן קיין שלעכטעס.

עס האָט אויסגעוויזען, דאָס דער בירגער־קריג איז געענדיגט. דאָ איז אָבער אָנגעקומען נעלסאָן מיט אַן ענגלישער פלאָטע און האָט געפאָדערט, אַז מען זאָל מבטל זיין דעם טראַקטאַט פון פרידען, וואָס זיי האָבען צווישען זיך געשלאָסען. רופפאָ האָט ניט געוואָלט נאָכגעבען. דער קעניג פערדי-נאַנד אָבער האָט געפיהלט, דאָס ער איז צו שוואַך צו שטרייטען מיט דער ענגלישער פלאָטע, אויך די קעניגין האָט געפאָדערט, אַז מען זאָל בעשטראָ-פען וועניגסטענס די הויפּט־אָנפיהרער פון די רעפּובליקאַנער. עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ שרעקליכער שטראָף־געריכט איבער די רעפּובליקאַנער. די לאַצצאַראָנען האָבען געבושעוועט מיט רויב און מאָרד. 8,000 מענער און פרויען זיינען אַריינגעוואָרפען געוואָרען אין געפענגנים, 99 האָט מען הינ-געריכטעט און הונדערטער זיינען פערטריבען געוואָרען פון לאַנד. אַזוי האָט מען מיט בלוט ווידער אַרויפגעזעצט פערדינאַנד'ן אויף'ן טראָן. עס איז קיין וואונדער ניט, וואָס ער האָט זיך ניט געקענט לאַנג האַלטען אויף איהם.

נאַפּאָלעאָן'ס פעלדצוג אין יאָהר 1800 האָט געמאַכט די פראַנצויזען פיר הערען פון אויבער־איטאַליען. דער פרידען, וואָס איז געשלאָסען גע-וואָרען אין לונעווילע, האָט בעפעסטיגט די פעראייניגונג פון קאַמפּאָ־פאָר-מיאָ און ראַשטאַאַט; בעלגיען איז איבערגעגעבען געוואָרען צו פראַנקרייך; וועגעציאַ ביז צו דער ליניע פון עטש מיט איסטריען און דאַלמאַציען איז איבערגעגעבען געוואָרען צו עסטרייך. טאָסקאַנאָ איז געוואָרען דאָס קע-ניגרייך עטרוריען און דאָס ערב־רעכט אויף'ן טראָן איז איבערגעגעבען גע-וואָרען צו בורבאָנישען הערצאָג פון פאַרמאַ. דעם פאַפּסט פּיאוס דעם 7טען האָט נאַפּאָלעאָן ערלויבט צוריקצוקעהרען זיך צו זיין הויפּטשטאָדט, און מיט דער ענערגישער אַרבייט פון קאַרדינאַל קאָנסאַלווי האָבען זיך ווידער אָנגעפאַנגען די פערהאַנדלונגען, וועלכע האָבען געפיהרט צום אָפּ-שליסען דעם קאָנקאָרדאַט, וועגען וועלכען מיר האָבען שוין פריהער דער-צעהלט. אויף דער קעניג פון נעאַפּעל האָט געמוזט איינשטימען צום פרי-

דען, לויט וועלכען ער האט פערלארען פיאמבינא און א טייל פון דער אינזעל עלבא. די רעפובליקען גענוא און לוקקא האבען ערהאלטען נייע דעמאקראטישע פערפאסונגען; די צים־אלפינישע רעפובליק איז פערוואנדעלט געווארען אין אן איטאליענישע רעפובליק. אלס פרעזידענט פון דיזער רעפובליק איז נאפאלעאן זעלבסט ערוועהלט געווארען אויף 10 יאהר.

נאך דעם, ווי נאפאלעאן איז געווארען קייזער אין פראנקרייך, האט די איטאליענישע רעפובליק ערהאלטען דעם בעפעהל צו שרייבען צו נאפאלעאן'ען אן אדרעס, דאס זי ווינשט צו פערוואנדלען איהר רעפובליקאנישע פערפאסונג אין א מאנארכיע און וויל האבען נאפאלעאן'ען אלס קעניג. דאס איז באלד ערפילט געווארען. דעם 26טען מאי 1805 איז נאפאלעאן געקרוינט געווארען אין מאילאנד. זיין שטיפזוהן איידזשען באהארנעיס האט ער דארט אריינגעזעצט אלס וויצע־קעניג און האט געגעבען דעם לאנד א פערפאסונג, וואס איז געווען זעהר עהנליך צו דער פראנצויזישער. דער פרעסבורגער פרידען (1805) האט צוגעגעבען צו איטאליען וועניציא, איסטריען און דאלמאציען—לענדער, וואס האבען געהערט צו עסטרייך. דאמאלס איז איטאליען געווארען א לאנד פון 1672 קוואדראט־מיילען מיט 5,657,000 איינוואוינער. אין יאהר 1806 איז צוגעקומען צו איטאליען אויך גואסטאללא, די ליגורישע רעפובליק, פארמא און פיאטשענצא. אין דעם זעלבען יאהר האט נאפאלעאן ערהויבען זיין ברודער יאזעף אלס קעניג פון נעאפעל, און ווען יאזעף איז געווארען קעניג אין שפאניען, האט ער דעם טראן פון נעאפעל איבערגעגעבען צו זיין שוואגער יאאכים מוראט (1808).

די בעציהונגען צווישען נאפאלעאן און דעם פאפסט זיינען געווען צו דערליידען ביז נאפאלעאן האט געפאדערט פון פאפסט, אז ער זאל ניט אריינלאזען אין די האפענס פון זיין קירכען־שטאאט די ענגלישע שיפען, ווי עס האבען איהם געמוזט צוליב טאן אלע אנדערע אייראפעאישע פעלקער. דער פאפסט פיאוס דער 7טער אבער האט זיך ענטזאגט דאס צו טאן. נאפאלעאן האט זעהר פיינד געהאט, אז מען זאל איהם אין וואס עס איז אפזאגען. עס זיינען באלד אפגעבראכען געווארען אלע דיפלאמאטישע פערהאנדלונגען צווישען פראנקרייך און דעם קירכען־שטאאט. נאפאלעאן האט גלייך געשיקט אין רוים דעם גענעראל מיאללים מיט 6,000 מאן און דיזער האט באלד בעזעצט די ענגעלסבורג און די גאנצע שטאדט (1808). דער פאפסט האט שטארק פראטעסטירט געגען דיזע גוואלדטאטען און האט געסטראשעט, דאס ער וועט אריינלעגען נאפאלעאן'ען אין חרם. עס האט

איהם אָבער ניט געהאָלפען. אלס ענטפער אויף זיינע סטראשונקעס האָט נאפּאָלעאָן אָפּגענומען פון קירכען־שטאַאט אלע געביטען און האָט געלאָזען דעם פּאַפּסט נאָר די שטאָדט רוים. באלד נאָכדעם האָט ער ערקלערט רוים אלס פריישטאָדט פון דעם נאפּאָלעאָנישען קעניגרייך. אלע מאָנאַסטירען זיינען געשלאָסען געוואָרען, די פרעמדע פּריסטער זיינען ארויסגעטריבען געוואָרען, און אלע גייסטליכע האָט מען געצוואונגען שווערען טרייהייט צו נאפּאָלעאָן׳ען. דעם פּאַפּסט האָט נאפּאָלעאָן נאָר געלאָזען זיין דער בישאָף פון דער שטאָדט רוים.

דאמאָלס האָט שוין דער פּאַפּסט אריינגעוואָרפען נאפּאָלעאָן׳ען אין חרם. דערמיט האָט דער פּאַפּסט אָפען ערקלערט קריג געגען נאפּאָלעאָן׳ען. דער פּאַפּסט האָט גוט געוואוסט, וואָס ער קען ערווארטען פון דיזען שטרייט, און ער האָט זיך פערשלאָסען אין דעם קווירינאַל־פּאַלאַץ. זיין גוואַרדיע האָט ער אָנגעזאָגט, דאָס זי זאָל זיך ניט שטעלען קיינעם אנטקעגען מיט געוועהר. און ער האָט ווירקליך קיין טעות ניט געהאַט. דעם 6טען יולי 1809, אום האַלב עלף אוהר ביינאכט, האָבען פראַנצויזישע סאָלדאַטען איבערגעשטיגען די מויער פון פּאַלאַץ און האָבען זיך מיט גוואַלד אריינגעריסען אין די צימערן, וואו דער פּאַפּסט האָט געשלאָפען. ער איז שוין געווען אין בעט, און ער האָט זיך פון לאַרם אויפגעכאַפּט פון שלאָף. ביז ער האָט זיך אָנגעטאָן איז שוין די טיר פון זיין שלאָפצימער געווען אויפגעבראָכען און דער גענעראַל ר א ד ע ט האָט איהם ערקלערט, דאָס ער האָט א בעפעהל אוועקצופיהרען איהם גלייך מיט זיין קארדינאַל פּאַקקאַ. „מיין זוהן", האָט איהם דער פּאַפּסט געענטפערט, „פיר דיזע ארבייט קענט איהר ניט ערווארטען די ברכה פון גאָט". דאַן האָט ער גענומען זיין געבעט־בוך און דעם צלם און איז אריין אין וואָגען, וועלכער האָט אוועקגעפיהרטביידע געפאַנגענע נאָך סאוואָנאַ. דער גרייז־גרויער פּאַפּסט האָט מיט גרויס געדולד איבערגעטראָגען דעם ביטערען שיקזאל, אין וועלכען ער האָט געהאַט די אלגעמיינע סימפּאַטיע.

נאפּאָלעאָן האָט פיעל געליטען פון דעם, וואָס דער פּאַפּסט האָט ניט געוואָלט בעשטעטיגען די נייע בישאָפען, וועלכע ער האָט ערוועהלט. דער חרם האָט איהם ווייניג געשאַדט. נאפּאָלעאָן האָט צוזאַמענגערופען א נאַציאָנאַל־קאָנציל וועגען דיזען געגענשטאַנד, אָבער דאָס קאָנציל איז געווען אויף דער זייט פון פּאַפּסט. ענדליך האָבען דער פּאַפּסט און די בישאָפען איינגעשטימט צו נאפּאָלעאָן׳ס דעקרעט וועגען די ערוועהלטע בישאָפען. אָבער נאפּאָלעאָן האָט דאמאָלס גוט געזעהען, מיט וועלכען גייסט די גייסט-

ליבע זיינען בעזועלט. ער האָט בעשלאָסען אין גאַנצען צו ברייגגען דעם פאַפּסט אונטער זיין מאַכט. דער פאַפּסט האָט בעקומען זיין זיץ־אָרט אין פאָנטעינעבלאָ און איז געווען אַרומגערינגעלט אויסשליסליך מיט דעם קייזער׳ס פערטרויטע. די איינזאַמקייט און זייגע קערפּערליכע ליידען האָבען איהם געצוואונגען אונטערצוגעבען זיך דעם קייזער׳ס ווילען, און דעם 25טען יאַנואַר 1813 האָט ער אונטערגעשריבען דעם קאָנקאָרדאַט פון פאָנטעינעבלאָ, וואָס האָט געגעבען די מעטראָפּאָליטאַן־בישאָפען דאָס רעכט צו בעשטעטיגען די בישאָפען, וועלכע דער קייזער האָט בעשטימט. אויסער דעם האָט דער פאַפּסט פּיאוס דער 7טער פערשפּראָכען צו בעזעצען זיך אין אוויניאָן אָנשטאָט רוים. מיט 2 מאָנאַטען שפּעטער האָט פּיאוס, מיט דער צושטימונג פון 2 קאַרדינאַלען, פּאַקקאַ און קאָנסאַלווי, צוריקגערופען דעם קאָנקאָרדאַט. דערווייל האָט נאַפּאָלעאָן געהאַט אַ גרויסע מפלה אין דייטשלאַנד, און דאָס האָט איהם געצוואונגען צו בעפרייען דעם פאַפּסט פון זיין געפאַנגענשאַפט. דעם 24 טען מאַי 1814 האָט זיך דער פאַפּסט צוריקגעקעהרט אין זיין אַלטע רעזידענץ, אין רוים, און די רוימער האָבען איהם אויפגענומען מיט גרויס פרייד.

די איטאַליענער האָבען ווייניג אָנטייל גענומען אין דעם בעפרייאונגס־קריג געגען נאַפּאָלעאָן׳ען. די אורזאַך דערפון איז, דאָס נאַפּאָלעאָן האָט אין גרונד אַריינגעבראַכט אין די לענדער, וואָס ער האָט בעהערשט, אומענדערונגען און פאָרטשריט, ניט אַכטענדיג דערויף, וואָס אַלעס איז צוגעגאַנגען מיט זיין אייגענעם ווילען און זיין אייגענער מאַכט, אָהן דעם אָנטייל פון פאָלק. די אַלע גוטע זאַכען, וואָס נאַפּאָלעאָן האָט געשאַפען, זיינען פערלאָרען געגאַנגען מיט זיין אונטערגאַנג. איטאַליען איז ווידער געוואָרען אָפּהענגיג פון דעם ווילען פון פרעמדע מעכטען און פון זייערע קאַבינעטען. דער פּרינציפּ פון די פערבינדעטע מעכטען, וועלכע האָבען געשטריטען געגען נאַפּאָלעאָן׳ען, איז געווען צוריקשטעלען די אַלטע אָרדנונג. אויך דער קירכען־שטאַאַט איז צוריקגעשטעלט געוואָרען אויף זיין אַלטען שטאַנד, נאָר זיינע בעזיצונגען אויף דער לינקער זייט פון דעם טייך פּאָ זיינען פערבליבען ביי עסטרייך.

צווישען די קליינע שטאַאַטען פון איטאַליען איז קיין פערבאַנד ניט געווען. און דעריבער האָט עסטרייך געהאַט די מעגליכקייט צו הערשען איבער זיי אַלע. פראַנץ דער 2טער האָט זיך געגעבען אַלע מיה ניט צוצולאָזען אין פאָלקס־לעבען קיין זעלבשטענדיגקייט. דיזעס איז איהם ניט געווען שווער דורכצופיהרען אין איטאַליען, ווייל די פירסטען פון די שטאַאַ־

טען זיינען אַלע געוועזן אויסגעשפּראָכענע פיינד פון די אידעען פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן. מען האָט אָפּגעשאַפט די גלייכהייט פון אַלע קלאַסען פון דער געזעלשאַפט פאַר דעם געזעץ, די פרייהייט פון רעליגיאָן, פון געווערב און פון אייגענטום. אָבער דיזע רעאַקציאָן האָט איטאַליען ניט געקענט געבען קיין רוה. ניט אַכטענדיג דערויף, וואָס די עסטרייכישע רעגירונג האָט שטאַרק איבערוואַכט אַלע שיכטען פון פאָלק דורך אַ גאַנצעם סיסטעם פון שפּיאָנסטוואָ, וואָס זי האָט אַיינגעפיהרט אין גאַנץ איטאַליען, האָבען זיך די בירגער ניט אַיינגעהאַלטען צו פערברייטען די אידעע וועגען דער פעראייניגונג פון אַלע שטאַאַטען. אין אייניגע יאָהר האָבען זיך אין איטאַליען געבילדעט זעהר פיעלע געהיימע געזעלשאַפטען מיט דיזען צוועק. די וויכטיגסטע פון דיזע געזעלשאַפטען איז געוועזן „די קאַרבאָנאַריאַ", וועלכע האָט געהאַט מיטגלידער איבעראַל, אויך אין מיליטער און צווישען הויכע בעאַמטע. זייערע שטרעבונגען זיינען ניט געוועזן אַקוראַט די זעלביגע. איין טייל פון די קאַרבאָנאַריאַ האָבען געוואָלט מעהר פון אַלעם פרייהייט, אַן אַנדער טייל האָט איבערהויפּט געוואונשען שטאַאַטליכע איינהייט.

די שפּאַנונג פון די געמיטער איז געוועזן אַזוי גרויס, דאָס עס האָט געפעהלט אַ קליינע אורזאַך אום עס זאָל אויסברעכען אַן אויפשטאַנד. עס איז גראַד אָנגעקומען די נאַכריכט פון דעם זיג פון דער שפּאַנישער רעוואָלוציאָן. עס איז באַלד געוואָרען אין נאָלאַ אַ מיליטערישע פערשווערונג, צו וועלכער עס זיינען באַלד צוגעשטאַנען מיליץ און בעאַמטע, וואָס זיינען געוועזן אונצופרידען מיט דער רעגירונג. זאָגאַר דער גענעראַל־מאַיאָר ווילהעלם פעפע, וועלכען דער קעניג האָט געשיקט צו דערשטיקען דעם אויפשטאַנד, איז אויך צוגעשטאַנען צו די פערשווערער, און דאָס האָט געצוואונגען דעם קעניג פערדינאַנד אַיינצואווילינגען אַיינפיהרען די שפּאַנישע פערפאַסונג. דעם 13טען יולי 1820 האָט ער געשוואָרען צו היטען די נייע קאָנסטיטוציאָן.

אויך אין סיציליען איז די רעגירונג געוועזן געצוואונגען אָנצונעהמען אַ קאָנסטיטוציאָן; דאָס זעלבע איז אויך געשעהען אין פּיעמאָנט. מיליטער און סטודענטען האָבען געמאַכט אַן אויפשטאַנד, וועלכער האָט געצוואונגען דעם קעניג וויקטאָר עמאַנועל צו ענטזאַגען זיך פון טראָן צו גונסטען פון זיין ברודער קאַרל פעליקס (6טען מערץ 1821). דיזער האָט בעווילליגט צו געבען די פערלאַנגטע קאָנסטיטוציאָן.

די רעוואָלוציאָן אין איטאַליען האָט בעריהרט די אינטערעסען פון עסטרייך, און די מעכטען פון היילינגען בונד האָבען אין דעם געזעהען אַ געפאַהר פיר זייערע לענדער. אויף דעם קאָנגרעס אין לאַיבאַך איז בעשלאָ-

סען געוואָרען, דאָס דער הייליגער בונד זאָל אָריינשיקען אין איטאַליען מי-ליטער און אַריינמישען זיך אין זייערע אינערע אַנגעלעגענהייטען. עסט-רייך האָט אויף זיך גענומען די אויפגאַבע איינצופיהרען מיט געוואַלד די פריהערדיגע אָרדנונג, און רוסלאַנד האָט פערשפּראָכען אין אַ נעטיגען פאַל צו שיקען 100,000 מאַן אונטערשטיצונג.

עסטרייך האָט געשיקט אין איטאַליען געגען נעאַפּעל 43,000 מאַן אונ-טער דער קאָמאַנדע פון גענעראַל פ ר י מ אָ נ ט. די נעאַפּאָליטאַנער זיינען געווען צו שוואַך געגען דיזער מאַכט. פרימאָנט האָט באַלד פערנומען נעאַ-פּעל. פערדינאַנד איז דאַן צוריקגעקומען אין נעאַפּעל און איז מיט גרויס פרייד אויפגענומען געוואָרען פון די לאַצצאַראָנען און האָט געבראַכט מאַ-ריאַ'ן אָפּפער־מתנות וועגען דער בעזייטיגונג פון דער קאָנסטיטוציאָן. דער-



פראַנץ דער 2טער.

מיט איז אויך בעשטימט געוואָרען דער שיקזאַל פון סאַרדיניען. קאַרל פעליקס האָט אָפּגעשאַפט די קאָנסטיטוציאָן און האָט מיט שטרענגע מיטלען צוריק איינגעפיהרט די אַלטע אָרדנונג.

עסטרייך האָט פאָרטגעזעצט צו שפּילען אין איטאַליען די ראָלע אַלס פעסטונג פון רעאַקציאָן. די רעגירונגען אין איטאַליען האָבען ענטוויקעלט אין גאַנצען לאַנד דאָס שפּיאָן־סיסטעם, די יעזואיטען האָבען אונגעשטערט געפיהרט זייערע אינטריגעס אום צו בעזייטיגען די ליבעראַלע אידעען. מעהר פון אַלעמען האָט מען שפּיאָנירט די רייכערע און די געבילדעטע קלאַ-סען. דער הערצאָג פון מאָדענאַ האָט געבראַכט דאָס גאַנצע לאַנד אין בעלאַגערונגס־צושטאַנד; אין סאַרדיניען איז געווען פערבאָטען אַ פּערזאָן, וואָס האָט ניט געהאַט אייגענס 1,200 מאַרק, צו לערנען לעזען און שרייבען. צו

בעזוכען א הויך־שולע אָדער אוניווערזיטעט האָט געהאַט דאָס רעכט נאָר דער, וואָס האָט געהאַט צום ווענינסטען 1,200 מאַרק יעהרליכע איינקונפט. די פּרעסע איז געשטעלט געוואָרען אונטער א שטרענגע צענזור. אין רוים זיינען די יעזואיטען געוואָרען די לעהרער פון פאָלק. די אינקוויזיציאָן האָט בעקומען רייכע מיטלען פון דער רעגירונג. די, וואָס האָבען ניט אָפּגעהיט די געזעצליכע תעניתים, זיינען עפענטליך געשמיסען געוואָרען. עס איז קיין וואונדער ניט, וואָס איבעראַל האָט געהערשט אונצופרידענהייט. אי-בערהויפּט האָבען שטאַרק געליטען די קלענערע שטעדט פון ראָמאַניא, וועלכע האָבען זיך געפונען אונטער דער דריקענדער רעגירונג פון די קלעריקאַלען, אונטער שרעקליכע ערפּרעסונגען, אונטער א שווערען דרוק פון אונגעהייערע שטייערן, פון סקאַנדאַלעזער כאַבאַר־נעהמעריי פון די געריכטס־הייזער און פון דער שפּיאָנעריי פון די אינקוויזיטאָרען.

אין דער צייט, וואָס די רעאַקציאָן האָט געבושעוועט אין איטאַליען, איז אָנגעקומען א ידיעה פון דער יולי־רעוואָלוציאָן אין פראַנקרייך. דיזע ידיעה האָט אויפגעפלאַמט די בעגייסטערונג פון די נאַציאָנאַל־געזינטע. פרי-הער האָט זיך צוברענט דער אויפשטאַנד אין די קליינע הערצאָגטימער, ווייל דאָרט זיינען די רעגירונגען געווען שוואַכער, און זיי איז געווען לייכטער צו בעזיגען. אין מאָדענא איז דער הערצאָג פ ר א נ ץ ד ע ר 4 ט ע ר ענט-לאָפען, און עס האָט זיך דאָרט געבילדעט א רעוואָלוציאָנערע רעגירונג. אין באָלאָניא האָט מען פּראָקלאַמירט די פרייהייט פון איטאַליען. באַלד האָט זיך פערברייטעט דער אויפשטאַנד אין פיעלע אַנדערע ערטער. נאָר אין רוים איז דער אויפשטאַנד באַלד דערשטיקט געוואָרען. אין אייניגע טעג איז פערפאַסט געוואָרען א קאָנסטיטוציאָן פיר דאָס גאַנצע לאַנד און דער אדוואָקאַט י אָ ה א ן ו ו י ט ש י נ י איז געשטעלט געוואָרען אָן דער שפּיץ פון דער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג.

אָבער עס איז געווען זעהר שווער צו ברייגנען די נייע קאָנסטיטוציאָן אין פּראַקטיק, ווייל די רעוואָלוציאָנערען זעלבסט זיינען ניט געווען אייניג; ווייל זיי זיינען געווען אינערליך לויז האָט זיי געפעהלט ענטשלאָסענהייט און ענערגיע. זיי האָבען ניט געוואַגט אפילו צו פערבינדען זיך מיט רעוואָ-לוציאָנערען פון מאָדענא און פון פּאַרמאַ און האָבען מורא געהאַט צוציהען צום אויפשטאַנד געגען פּאַפּסט די קלענערע גייסטליכע. דער פּאַפּסט ג ר ע ג אָ ר י ו ס ד ע ר 16 ט ע ר האָט אַרויסגעלאָזען אָן אויפרוף צו די רעוואָלוציאָנערע פּראָווינצען מיט'ן צוועק צו ברייגנגען זיי צוריק צו געהאָר-זאַם און אָרדנונג. דערויף האָבען זיי געענטפערט מיט אָן אדרעס געריכטעט

צו די פירסטען און פעלקער פון איטאַליען. אין דיזען אדרעס זאָגען זיי: „מיט אויסנאַהמע פון וועניגע זיינען מיר, די געליבטע אונטערטאַנען פון זיין הייליגקייט, אין אַ טרויעריגער לאַגע. אונזערע לאַנד־אייגענטימער זיינען צו גרונד געריכטעט, אונזערע סוחרים באַנקראָט, אונזערע בעלי מלאכות אויסגעהונגערט, אונזערע פאַבריקאַנטען הילפלאָז, אונזערע בויערן ערניד-ריגט. מען האָט געצעהלט אונזערע טריט, מען האָט אויסגעלעגט אנדערס אונזערע ווערטער, מען האָט דורכגעזוכט אונזערע הייזער, מען האָט גע-מערקט אויף אונזערע בליקען, מען האָט פערדעכטיגט אונזערע פריינדשאַפ-טען; אין אַלעם איז אונזיכערהייט, ווידערשפּרוך און פערענדערליכקייט; פעסט און מעטאָדיש זיינען נאָר די שטייערן און פּאָליטישע פערפאָלגונגען".

דער פּאַפּסט גרעגאָריוס דער 16טער האָט זיך באַלד ארומגעזעהען, דאָס מיט זיינע אייגענע קרעפטען איז ער ניט אין שטאַנד צו בערוהיגען דעם אויפשטאַנד, און ער האָט זיך געווענדט צו עסטרייך נאָך הילף. עסטרייך האָט באַלד געענטפערט. דעם 6טען מערץ 1831 האָט דער הערצאָג פון מאָדענאַ מיט דער הילף פון די עסטרייכער געשלאָגען די בירגער־גוואַרדיע ביי קאַרפּי, און דעם 9טען מערץ איז ער ווידער אריין אין זיין רע-זידענץ. די הויפּט־פיהרער פון דער רעוואָלוציאָן מיט'ן גענעראַל צוקקי האָבען געמוזט ענטלויפען. די עסטרייכער זיינען דאַן אריבער דעם טייך פּאָ, האָבען איינגענומען פעררארא, פּאַרמאַ און באָלאָניא, און דעם 25טען מערץ האָבען זיי אין גאַנצען בעזיגט די איטאַליענער ביי רימיני. די פּראָוויזאָרישע רעגירונג האָט געמוזט אָפּדאַנקען און האָט איבערגעגעבען די מאַכט אין די הענט פון קאַרדינאַל בענוועגוטי.

דאָס לאַנד איז געוואָרען רוהיג. דער פּאַפּסט האָט געמאַכט נייע אָרד-נונגען אין דער פערוואַלטונג פון זיין קירכען־שטאַאט אויסער רוים. די עסטרייכער האָבען פערלאָזען דאָס לאַנד פון פּאַפּסט. אָבער דער הערצאָג פון מאָדענאַ און דער פּאַפּסט האָבען מיט זייערע רעאַקציאָנערע גרויזאַמ-קייטען איבער־אַ־נייס אויפגעבלאָזען דעם פייער פון דער רעוואָלוציאָן. דער פּאַפּסט האָט ווידער גערופען עסטרייך צו הילף. אָהן דער מיטהילף פון אַ פרעמדער מאַכט האָבען די איטאַליענישע רעגירונגען ניט געקענט האַלטען אָרדנונג אין זייערע געביטען. דיזען מאָל האָבען זיך די פראַנצויזען אויך אריינגעמישט און האָבען בעזעצט אַנקאָנאַ. ווייטער האָט דער קעניג לוד-וויג פיליפּ מורא געהאַט צו ריזיקירען. ער האָט מורא געהאַט פאַר זיין טראָן.

איטאַליען איז געווען רוהיג, אָבער נאָר אויסערליך. אונטער דער אוי-בערפלעך האָט זיך עס ניט אויפגעהערט צו רודערן און צו בעוועגען. אום

צו בערוהיגען אַ ביסעל דאָס פאָלק האָט די הערצאָגין פון פּאַרמאַ געמאַכט איינינע צייטמעסיגע רעפאָרמעס נאָך דעם, ווי זי האָט זיך צוריקגעקעהרט אין פּאַרמאַ. אויך קאַרל אַלבערט פון סאַרדיניען האָט אָנפאַנגס איינגע־פיהרט איינינע ליבעראַלע ענדערונגען אין זיין רעגירונגס־סיסטעם. אָבער דיזע הערשער האָבען באַלד געמוזט נאָכגעבען דעם דרוק פון עסטרייכישען ערסטען מיניסטער מעטטערניך און פעראייניגען זיך מיט די איב־ריגע רעגירונגען, וועלכע האָבען בעשלאָסען דורכצופיהרען זייער רעאַקציאָ־נערע מאַסרעגלען. עס האָט זיך ווידער אָנגעהויבען אַ רייהע פון אויפ־שטאַנדען, אָבער זיי אַלע האָבען זיך געענדיגט מיט גאָרניט. זיי זיינען באַלד דערשטיקט געוואָרען. עס האָט זיך געבילדעט אַ גרויסער געהיימער בונד, וועלכער איז בעשטאַנען צום מעהרסטען פון יונגע לייט, וואָס זיינען געוועזען מיטגלידער פון די פריהערדיגע געהיימע פּאַרטייען, און דיזער נייער געהיימער בונד האָט זיך פערשפּרייט איבער גאַנץ איטאַליען. דיזער בונד איז בעוואוסט אונטער'ן נאָמען „די יונגע איטאַליען". דיזער בונד האָט שטילערהייט אונטערגעגראָבען דעם שוואַכען פונדאַמענט פון די איטאַליע־נישע שטאַאַטען. דער וויכטיגסטער פיהרער פון דיזען בונד איז געוועזען דזשוסעפּפּע מאַצציני. ער איז געוועזען פייערדיג בעגייסטערט פיר די בעפרייאונג און פעראייניגונג פון גאַנץ איטאַליען, און האָט מיט וואונדערבאַרער געשיקטליכקייט פאָרבערייטעט אַן אויפשטאַנד.

מאַצציני האָט זיך געשטיצט אויף די „יונגע איטאַליען" און האָט גע־מאַכט אַ פּלאַן, אַז דאָס גאַנצע לאַנד זאָל מאַכען אַן אויפשטאַנד, וועלכער זאָל ווערען געשטיצט דורך אונטערנעהמונגען פון אויסען. ער האָט בע־שלאָסען צו אונטערנעהמען אַ פעלדצוג געגען סאַרדיניען. צוויי רייהען קרי־גער זאָלען ארויס פון זשענעוואַ און בעפאַלען די פעסטונג סט. יוליאַנאָ אין סאַוואָיען, און דאָס זאָל זיין דער סיגנאַל פון אויפשטאַנד אין דער גאַנצער פּראָווינץ. אָבער דער פּלאַן איז ניט געלונגען. עס איז נאָר ארויס פון זשע־נעוואַ איין רייהע. די אַנדערע איז צופאַלען צוליב רייסערייען צווישען זיך. דיזער טרויעריגער סוף האָט צוגענומען ביי אַלעמען דעם מוט. די רעוואָ־לוציאָנערען האָבען אַליין פערלאָרען יעדען צוטרויען צו זייער קראַפט; זיי האָבען זיך געמוזט לאָזען בענוגענען דערמיט, וואָס זיי האָבען ניט געלאָזען אין גאַנצען איינשלעפערן דעם ערוואַכטען נאַציאָנאַל־גייסט. זיי האָבען ער־וואַרטעט אַ רעטונג נאָר פון אויסען. זיי האָבען געהאָפט אויף פראַנקרייך.

# גריכענלאנד'ס קאמף פיר בעפרייאונג.

ווען גריכענלאנד איז געקומען אונטער די הערשאפט פון טערקיי איז איהר לאגע ניט געווען זעהר דריקענד. די גריכען האבען וועניגער געליטען פון דער טערקישער אונטעריאכונג, ווי זיי האבען געליטען אין דער צייט, ווען טערקיי און די אייראפעאישע זעע-מעכטען האבען זיך געשלאגען פיר די בעהערשונג פון גריכענלאנד. אבער באלד נאך דעם טויט פון סאלימאן דעם 1טען איז דאס פערוואלטונג-סיסטעם פון טערקיי אין גריכענלאנד געווארען אונערטרעגליך. די שטעלעס פיר בעאמטע האט מען אנגעהויבען צו פערקויפען, און זיי האבען זיך געביטען זעהר אפט. די איינגעהמונג פון שטייערן איז געווען אפהענגיג פון דעם ווילען פון דעם שטייער-קאלעקטאר, וועלכער האט גענומען פון יעדען ווי פיעל ער האט געוואלט. דאס סיסטעם פון אויסזויגען איז געווען זעהר דעספאטיש. דער גרעסטער טייל פון גרונד-אייגענטום איז געווען אין די הענט פון די טער-קען, אזוי דאס די גריכען האבען זיך געמוזט אין גאנצען איבערגעבען צום האנדעל. נאר די אינזלען און די בערגיגע געגענדען האבען אנגעהאלטען א געוויסען גראד פון אונאפהענגיגקייט. און דיזער אומשטאנד האט גע-האט א גרויסען איינפלוס אויף דעם בעפרייאונגס-קאמף, וואס גריכענלאנד האט שפעטער אנגעפיהרט מיט טערקיי.

אונטער אזעלכע אומשטענדען וואלטען די גריכען אין גאנצען אויס-געזויגען געווארען פון די טערקען, ווען זיי וואלטען ניט געווען צוזאמענגע-בונדען דורך זייער געמיינדע-ארגאניזאציאן און די גריכישע קירכע. די לאקאלע בעאמטע, וועלכע זיינען געווען ערוועהלט פון די גריכען זעלבסט, האבען געהאט א געוויסען גראד זעלבשטענדיגקייט, און האבען פערהיט, אז די גריכען זאלען זיך פערמישען מיט די טערקען. אויך די גריכישע קירכע, דער פאטריארך אין קאנסטאנטינאפעל און דער הייליגער סינאד

האָבען פיעל פערטיידיגט די אינטערעסען פון גריכישען פאָלק און זיינע רעכטען פאַר דער טערקישער רעגירונג, און האָבען געהאַט אַ גרויסען איינפלוס אויף די אינערליכע אַנגעלעגענהייטען פון לאַנד. אַ גרויסע בעדייטונג פיר די גריכען האָט אויך געהאַט זייער ברייטער האַנדעל. זיי האָבען צוליב דעם האַנדעל געמוזט שאַפען אַן אייגענע פלאָטע און האָבען אריינגעטרעטען אין פערבינדונג מיט די פעלקער פון מערב.

דיזע אורזאַכען האָבען געטריבען די גריכען שוין אין 18טען יאָהרהונדערט צו זוכען זיך בעפרייען פון דעם טערקישען יאָך. איבערהויפט האָבען די רוסען זיי געשטיצט צו דערגרייכען זייער ציל. אָבער זיי זיינען אימער געוואָרען געטוישט אין זייערע האָפנונגען.

צו ענדע פון 18טען און אָנפאַנג פון 19טען יאָהרהונדערט האָט דער גריכישער האַנדעל זיך זעהר שטאַרק פערברייטערט. זייער האַנדעלס־פלאָטע איז בעשטאַנען פון 600 שיפען. דיזער גוטער מאַטעריעלער צושטאַנד האָט פיעל געהאָלפען צו דער ענטוויקלונג פון דעם גייסטיגען צושטאַנד; די גריכען האָבען אָנגעהויבען צו גרינדען זעהר פיעלע שולען, און האָבען פיעלע פון די שילער, וואָס האָבען געענדיגט דיזע היימישע שולען, געשיקט אין אויסלאַנד, נאָך אָדעסאַ, פעטערבורג, טריעסט, וויען און פאַריז, אום צו בעקומען אין יענע אוניווערזיטעטען העכערע בילדונג. אין אַטהען האָט זיך געגרינדעט די געזעלשאַפט פון די „פילאָמוזען", וועלכע האָט געשטיצט יונגע מענשען, וואָס זיינען געפאָהרען שטודירען אין איטאַליען, פראַנקרייך און דייטשלאַנד. די יונגע מענשען, וואָס האָבען געשטודירט אין אויסלאַנד, זיינען דאָרט בעקאַנט געוואָרען מיט די נייע אידעען פון פרייהייט און אונאָפּהענגיגקייט, און האָבען דיזע מיטגעבראַכט צוריק אין זייער פאָטערלאַנד, אין גריכענלאַנד, און האָבען זיי דאָרט פערברייטעט. די אידעען פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן האָבען דערגרייכט אויך גריכענלאַנד. די פּאָעטען האָבען דערמאָהנט דעם פאָלק די העלדען־טאַטען פון די אַלטע גריכען. דער פּאָעט ק אָ נ ס ט אַ נ ט י ן ר ה י ג אַ האָט מיט גרויס בעגייסטערונג גערופען זיינע צייט־גענאָסען צו צייגען זיך אַלס ווירדיגע עניקלאך פון די אַלטע גריכישע העלדען. אין אָדעסאַ האָט זיך געגרינדעט אַ פערברידערונג, וועלכע האָט געהאַט דעם זעלבען צוועק, וואָס די איטאַליענישע קאַרבאָנאַריא, נעמליך: די בעפרייאונג און די פעראייניגונג פון דעם פאָטערלאַנד. דיזער געהיימער פעראיין, וועלכער האָט זיך גערופען „העטעריע", האָט זיך זעהר ראַש פערברייטעט איבעראַל. אָן דער

שפּיץ איז געשטאַנען אַלס גרויס־מייסטער דער פירסט אלכסנדר איפּ־סילאַנטי, א גענעראַל אין דער רוסישער אַרמעע.

איבערהויפּט האָט ערמונטערט די גריכען צו פיהרען א פריוהייטס־קאַמף די שוואַכקייט פון דער טערקישער הערשאַפט. דער סולטאַן איז גע־וואָרען מעהר און מעהר אָפּהענגיג פון די יאַניטשאַרען, וועלכע האָבען זיך אויסגעבילדעט צו א פאַלשטענדיגער קריגער־קאַסטע, און פון דער גייסט־ליכקייט. ער איז געוואָרען אַזוי שוואַך, דאָס ער איז ניט געווען אין שטאַנד צו האַלטען אונטער זיין מאַכט די געביטען און פּראָווינצען, וועלכע זיינען געווען ווייט פון דער הויפּטשטאָדט, פון קאָנסטאַנטינאָפּעל. מאַחמעד אלי פון עגיפּטען האָט זיך געמאַכט כמעט אונאָפּהענגיג, און די סערבען אונטער דעם העלדישען מילאָש האָבען זיך אין גאַנצען בעפרייט פון די טערקען. אויך דער אונגליקליכער קריג פון טערקיי מיט רוסלאַנד אין די יאָהרען פון 1806 ביז 1812 האָט שטאַרק אָפּגעשוואַכט טערקיי.

דיזע אָנהמאַכט פון דער טערקישער רעגירונג און די האָפנונג, דאָס אין פאַל פון נויט וועט רוסלאַנד ניט שטעהן פון וויטען און וועט זיי קומען צו הילף, האָט געגעבען די גריכען מוט צו מאַכען אַן אָפענעם בעוואָפנעטען אויפשטאַנד (1821). א שטויס צו דיזען אויפשטאַנד האָט געגעבען אלי פּאַשאַ, וועלכער האָט אָפּגעריסען עגיפּטען פון סולטאַן און איז געוואָרען זעלבשטענדיג. די „העטאֶריע" האָט זיך בענוצט מיט דעם גינסטיגען מאָ־מענט, און דער אויפשטאַנד האָט אויסגעבראָכען. עס איז בעשלאָסען גע־וואָרען, דאָס דער אויפשטאַנד זאָל געמאַכט ווערען אין פערשיידענע פּונק־טען אין איינער און דער זעלבער צייט: די העטאֶריסטען ביי דער רוסישער גרענעץ, די פאַנאַריאָטען, ד. ה. די בעוואוינער פון גריכישען קוואַר־טאַל אין קאָנסטאַנטינאָפּעל, און די פּרימאַטען (העכסטע עפּיסקאָפּען) אין גריכענלאַנד זעלבסט.

דעם 7טען מערץ 1821 איז איפּסילאַנטי געקומען אין יאַססי און האָט אויפגעפאָדערט אַלע גריכען און אַלע פריינד פון די גריכען צו נעהמען זיך צו די וואָפען. זיין אַריינפאַל אין מאָלדאַוויע האָט געזאָלט זיין א סיגנאַל פיר אַלע גריכען צום אויפשטאַנד. אין א קורצער צייט האָבען זיך אָנגע־קליבען אַרום איפּסילאַנטי לערך 6,000 מאַן. די בעסטע פון זיי זיינען גע־ווען די יעניגע, וואָס האָבען זיך גערופען „די הייליגע ראָטע". דעם 19טען יוני 1821 האָט דיזע קליינע אַרמעע אָנגעגריפען די טערקען ביי דראַגאַטשאַן. די וואַלאַכען זיינען געווען פאַלש צו די גריכען און דעריבער האָט איפּסילאַנטי ניט געהאַט קיין ערפאָלג אין דיזען אָנגריף. די „הייליגע

ראַטע" האַט געקעמפפט העלדיש, אָבער זי איז געפאַלען. איפּסילאַנטי איז ענטלאָפען נאָך זיעבענבירגען. דאָרט איז ער מיט דער הילף פון מעטטער-ניך געפאַנגען געוואָרען און מען האַט איהם אוועקגעשיקט נאָך דער פעס-טונג מונקאַטש, מען זאָל איהם דאָרט האַלטען פערשלאָסען זיין גאַנ-צען לעבען. דערמיט איז דערשטיקט געוואָרען דער אויפשטאַנד געגען טער-קיי און די פירסטענטימער פון דעם דונאי (מאָלדאַוויע און וואַלאַכיע).

אין דער זעלבער צייט האָבען די גריכען, וואָס האָבען בעוואוינט די האַלב-אינזעל מאָרעאַ אין זיד פון גריכענלאַנד, געמאַכט אַן אויפשטאַנד. זייער ביישפּיל האָבען נאָכגעטאָן די גריכישע אינזלען, ווי אויך רומעליען און טהעססאַליען. די מעהרסטע פעסטונגען פון די טערקען זיינען אריבער אין די הענט פון די גריכען. דער סולטאַן מאַחמעד דער 2טער איז געוואָרען אויסער זיך פון כעס און האַט געשוואָרען צו נעהמען ראַכע פון די גריכען. ער האַט גערופען אַלע מוסולמאַנער אונטער וואַפען. די ערסטע זאַך, וואָס די מוסולמאַנער האָבען געטאָן, איז געווען צו מאַכען אַ שרעקליכע שחיטה אויף די גריכען, וואָס האָבען געוואוינט אין קאָנסטאַנ-טינאָפּעל און אין אַנדערע שטעדט. 300 פון די רייכסטע קויפלייט פון די גריכען אין קאָנסטאַנטינאָפּעל זיינען היינגעריכטעט געוואָרען, דעם גריכישען פּאַטריאַרך מיט פיעלע אַנדערע גייסטליכע האָט מען אויפגעהאַנגען אין זייער פּאַסחא נאָך דעם, ווי זיי האָבען געענדיגט זייער קירכען-דינסט, און מען האָט צושטערט 200 גריכישע קירכען. אין כיאָס האָבען די טערקען געאַרבייט נאָך מיט מעהר רציחות. דיזע בליהענדע אינזעל איז פּשוט פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ וויסטע; 23,000 בעוואוינער זיינען ערמאָר-דעט געוואָרען און 47,000 זיינען פערקויפט געוואָרען צו דער צאָל-פער-וואַלטונג.

די פרעמדע געזאַנדטע האָבען שטאַרק פּראָטעסטירט געגען אַזעלכע רציחות. אָבער דיזע פּאַטריאָטען האָבען גאָרניט געהאָלפען. דערפאַר האָבען זיי אויפגעוועקט דעם פייער פון ראַכע און בעגייסטערונג אין אַנדערע ערטער, און דער אויפשטאַנד איז געוואָרען שטאַרקער און אַלגע-מיינער. גאַנץ גריכענלאַנד האָט זיך בעוואַפענט. אין אָקטאָבער איז דער הויפּט-אָרט טריפּאָליטצאַ שוין געווען אין די הענט פון די רעבעלען. 8,000 טערקען זיינען ערמאָרדעט געוואָרען אָהן ערבארמונג. אין פּיאַד-האַ, ניט ווייט פון דעם אַלטען עפּידאַורוס, איז דעם 1טען יאַנואַר 1822 צום ערסטען מאָל צוזאַמענגעקומען די גריכישע נאַציאָנאַל-פערזאַמלונג. די-זע פערזאַמלונג האָט פּראָקלאַמירט די אונאָפּהענגיגקייט פון גריכענלאַנד,

האָט איינגעריכטעט אַ נאַציאָנאַל-רעגירונג אונטער דעם פּאָרזיץ פון דעם אייראָפּעאיש-געבילדעטען מאַוראָקאָרדאַטאָ און האָבען פערפאַסט אַ דעמאָקראַטיש-רעפּובליקאַנישע קאָנסטיטוציאָן.

דאָס האָט ערוועקט גרויס סימפּאַטיע צו די גריכען ביי פיעלע פון די וועסטליכע פעלקער. עס האָבען זיך געגרינדעט פעראיינען, וועלכע האָבען געהאָלפען די גריכען מיט מיליטער-קראַפט און מיט געלט. די אינטערעסע אין אַלטען העלאַס (גריכענלאַנד) און אַ קריסטליכער מיטגעפיהל האָבען בעגייסטערט די געבילדעטע וועלט פיר די בעפרייאונג פון גריכענלאַנד. דיזע סימפּאַטיע צו די גריכען איז אויך געווען אַ סאָרט פּראָטעסט געגען דער שענדליכער רעאַקציאָן, וואָס האָט דאַמאָלס געטאָן מעשים תעתועים אין די אייראָפּעאישע לענדער. די רעגירונגען האָבען זיך שטענדיג אָנגענומען פיר דעם סולטאַן. זיי האָט ניט געלוינט, אַז מען זאָל ערלויבען אַ פאָלק צו בעפרייען זיך פון זיין הערשער; דערין האָבען זיי געזעהען אַ סכנה פיר זייערע אייגענע אינטערעסען. די ליבעראַלען האָבען אָפען געשימפּט דעם סולטאַן און טערקיי, אָבער דערביי האָט מען אויך געמיינט די רעגירונ-גען, וואָס שטיצען טערקיי און דעם סולטאַן. מען האָט געמאַכט פון די גריכען אַ גרויסען וועזען, מען האָט זיי איינפאַך אידעאַליזירט. אָבער מען איז ניט געבליבען נאָר ביי שענע ווערטער, מען האָט פיעל געטאָן פיר זיי. דער יונגער באַיערישער קעניג לודוויג איז געווען דער ערסטער אַרויס-צוגעהן זיי העלפען. דער וויירטעמבערגער גענעראַל נאָרמאַן איז אַוועק אין גריכענלאַנד מיט אַ גאַנצער מחנה פרעמדע גריכען-פריינד. מיט איהם זיינען געגאַנגען זעהר פיעלע ענגלישע פלאָטע-אָפיצערען. דער בע-ריהמטער ענגלישער דיכטער לאָרד באַיראָן האָט געאָפּפערט זיין גאַנצעס פערמעגען פיר די בעפרייאונג פון די גריכען, אויסער וואָס ער האָט מיט זיין פּאָעזיע בעגייסטערט פיעלע פון זיינע פערעהרער. ער האָט פער-לאָרען זיין לעבען צוליב דעם הייסען אָנטייל, וואָס ער האָט גענומען אין די גריכען. ער איז געשטאָרבען אין יאָהר 1824 פון אָנשטרענגונג און דעם קלימאַט אין גריכענלאַנד. דער רייכער באַנקיר עינאַרד פון זשענעוואַ האָט געאָפּפערט איינציגע מאָל גרויסע סומעס געלט צו בעזאָרגען די גריכען מיט וואפען.

די יונגע גריכישע פרייהייט האָט געהאַט אויסצושטעהן אַ גרויסע פּראָבע. ווייל די טערקען האָבען בעזיגט אַלי פּאַשאַ האָבען זיי יעצט געהאַט זייער אַרמעע גאַנץ פריי, און דעריבער האָבען זיי געהאַט די מעגליכקייט אָנצוואווענדען געגען די גריכען אַ גרויסע מאַכט. אָנפאַנגס זיינען די גרי-

כען געווען גליקליך. די בעגייסטערונג פון די רעוואלוציאנערען איז געווען אזוי גרויס, דאס די טערקען האבען געגען זיי ניט געקענטביישטעהן, הגם זיי האט געפעהלט א ריכטיגער קריג־פיהרער און א ריכטיגער קריג־פלאן. יעדער הויפטלינג האט געפיהרט דעם קריג מיט זיינע בויערן אדער מיט זיין רויבער־באנדע ווי ער האט פערשטאנען און ווי ער האט געוואלט. עס



לארד באיראן.

האט געדויערט א היבשע צייט ביז די איינצעלנע פיהרער האבען פערשטא־נען, דאס מען מוז זיך אונטערווארפען דער רעגירונג און פאלגען די בעשלו־סען פון דער נאציאנאל־פערזאמלונג. אזוי איז געווען דער זיג ביז דעם יאהר 1825 אויף דער זייט פון די גריכען. עס איז שוין כמעט געווען זיכער,

דאָס אויף די פערוויסטעטע ערטער פון גריכענלאַנד וועט זיך באַלד אויפ־שטעלען אַן איינגעאָרדענטע קריסטליכע מדינה.

אָבער די טערקען האָבען בעקומען אַ שטאַרקען בונד־חבר אין דעם מעב־טיגען מאַחמעד אַלי. דיזער האָט ערוואָרבען פיר זיין לאַנד עגיפּטען אַ זעהר רייכע שטאַאטס־קאַסע דורך דעם, וואָס ער האָט מאָנאָפּאָלאָזירט אין האַנ־דעל אַלע וויכטיגע פּראָדוקטען פון זיין לאַנד, און אויסער דעם האָט ער איינ־געאָרדענט זיין קריגס־מאַכט נאָך דעם מוסטער פון די אייראָפּעאישע אַרמעען. ער האָט געשיקט זיין זוהן איבראַהים מיט אַ שטאַרקער אַרמעע נאָך פּעלאָפּאָננעז (אין גריכענלאַנד), און דער סולטאַן האָט איהם דערפאַר פער־שפּראָכען איבערצוגעבען מאָרעאַ און קרעטאַ. מיט דיזער שטאַרקער מילי־טערישער מאַכט זיינען די גריכען ניט געוועזען פאָרבערייטעט צו קעמפען. אין יאָהר 1825 איז כמעט די גאַנצע האַלב־אינזעל גריכענלאַנד געווען אין די הענט פון פיינד. די עגיפּטישע סאָלדאַטען האָבען אָנגעמאַכט אין גרי־כענלאַנד גרויסע צרות. אין מעססענע האָבען זיי אויסגעהאַקט אַלע וויינ־שטאָקען און פרוכט־בוימער, און האָבען געמאָרדעט און געברענט אין גאַנ־צען לאַנד. אויך די פעסטונג טריפּאָליטצאַ איז אַריינגעפאַלען אין די הענט פון פיינד. דאַן איז איבראַהים אַריבער דעם ים־בוזים קאָרינטה אום איינצונעהמען די זעהר שטאַרקע פעסטונג מיססאָלאָנגהי.

די פעסטונג איז געוועזען שוואַך געשיצט. פון דעסטוועגען האָט זי אויס־געהאַלטען די בעלאַגערונג 11 מאָנאַטען. מעהר פון 100,000 באָמבעס האָט מען אַריינגעוואָרפען אין שטאָדט. דער קאַמף און דער הונגער האָבען פער־ניכטעט כמעט די גאַנצע מאַנשאַפט פון דער פעסטונג. עס איז גע־וואָרען קלאָר, דאָס עס איז שוין מעהר ניטאָ קיין האָפנונג צו רעטען די פעס־טונג. עס זיינען נאָך געבליבען דאַמאָלס אין שטאָדט 2,000 סאָלדאַטען. דיזע האָבען זיך ווי עס איז גערעטעט און האָבען זיך געמאַכט אַ וועג נאָך נאופּליאַ; דערביי איז אַ דריטעל פון זיי געפאַלען אין שטרייט מיט די טער־קען. איידער דיזע 2,000 גריכישע סאָלדאַטען זיינען אַרויס פון שטאָדט האָבען זיי אַליין ערמאָרדעט 1,300 פון זייערע פרויען אום זיי זאָלען ניט אַריינפאַלען אין די הענט פון פיינד און געשענדעט ווערען. 800 פרויען האָבען זיך אַליין אַריינגעוואָרפען אין טייך מיט זייערע קינדער. די איב־ריגע, וואָס זיינען נאָך געבליבען פון די גריכען, זיינען פערניכטעט געוואָרען אין איין אויגענבליק דורך די מינען, וואָס די טערקען האָבען געמאַכט אונ־טער'ן שטאָדט, ווען זיי זיינען דאָרט אַריין מיט טריאומף (25טען אַפּ־ריל 1826).

מיט דיזען זיג איז וועסט־גריכענלאַנד איבערגעגאַנגען אין די הענט פון פיינד. אין אויגוסט 1826 איז אויך אַטהען געפאַלען. איבראהים האָט געמאַכט אַ פּלאַן צו איבערטראַנספּאָרטירען די גאַנצע בעפעלקערונג פון מאָרעאַ נאָך עגיפּטען און פערקויפען זיי דאָרט אַלס שקלאַפען, און בעזעצען אויף זייער אָרט איינוואוינער פון עגיפּטען, אום די גריכען זאָלען מעהר ניט דענקען פון אַן אויפשטאַנד ווען עס איז אין דער צוקונפט.

דער פאַל פון מיססאָלאָנגהי האָט געמאַכט אַן ענדע צום שווייגען פון די אייראָפּעאישע מעכטען. די ענגלישע רעגירונג האָט זיך אפילו ווידער אויסגעשפּראָכען געגען די גריכען, ווייל זי האָט מורא געהאַט, דאָס די בעוועגונג און דער גייסט פון פרייהייט זאָל זיך אויך פערשפּרייטען אויף די יאָנישע אינזלען, וועלכע האָבען זיך געפונען זינט 1815 אונטער דער הערשאַפט פון ענגלאַנד. עס האָבען זיך אָבער געפונען אין ענגלאַנד פיעלע, וועלכע האָבען געזעהען אין דער בעפרייאונג פון גריכענלאַנד אַ נייע קוועלע פון אַ ניצליכען האַנדעל, און ענגלישע באַנקירען האָבען געבאָרגט גריכענלאַנד אַ גרויסע סומע געלט; יעצט, ווען גריכענלאַנד זאָל אונטערגעהן, וואָלט עס זיין אַ פערלוסט פון פיעלע מיליאָנען. דיזע אונטערנעהמער האָבען געהאַט אין פּאַרלאַמענט אַ גרויסע צאָהל מיטגלידער, וועלכע האָבען זיי געשטיצט, און דורך דעם פּאַרלאַמענט האָבען זיי געפאָדערט פון דער ענגלישער רעגירונג צו העלפען די גריכען אין זייער קאַמף פיר פרייהייט און אונאָפּהענגיגקייט. ענדליך האָט דער ענגלישער קאַבינעט נאָכגעגעבען. ער האָט פריהער געזוכט צוציהען רוסלאַנד צום עסק. לאָרד וועללינגטאָן איז געקומען אין פּעטערבורג צו גראַטולירען דעם יונגען און עהרגייציגען קייזער ניקאָלאַי דעם 1טען, וועלכער איז אין יאָהר 1825 ארויף אויף'ן רוסישען טראָן, און ער, וועללינגטאָן, האָט געזוכט אין דער זעלבער צייט בעאיינפלוסען ניקאָלאַי'ען אָנטייל צו נעהמען אין דער בעפרייאונג פון גריכענלאַנד. דער צוועק פון וועללינגטאָן'ס רייזע נאָך פּעטערבורג איז ערפילט געוואָרען. דעם 4טען אַפּריל 1826 האָבען דיזעביידע מעכטען, ענגלאַנד און רוסלאַנד, געשלאָסען אַן אָפּמאַך צו העלפען גריכענלאַנד ווערען זעלבשטענדיג אין דער פערוואַלטונג פון זייערע אינערע אַנגעלעגענהייטען.

דיזער בעשלוס פון דיזע צוויי מעכטען האָט שטאַרק ערמונטערט די אויפשטענדישע גריכען. עס האָבען אָנגעהויבען צו שטראָמען נייע קעמפּפער פון אַלע זייטען. פון נאָרד־אַמעריקאַ איז אָנגעקומען אַ גרויסעס קריגס־שיף, פון ענגלאַנד איז געקומען אַ גרויסעס בעוואָפענטעס דאַמפ־שיף, און אין

פיעלע אַנדערע לענדער האָט מען געשאַפען גרויסע סומעס געלט צו העלפען די גריכען. אין מערץ 1827 איז אָנגעקומען אין גריכענלאַנד מיט אַן איי־גענעם שיף דער ענגלישער זעע־העלד לאָרד ק אָ ק ר ע ן , וועלכער האָט זיך בעריהמט געמאַכט אין דעם זיד־אַמעריקאַנישען פרייהייטס־קריג. אין דער זעלבער צייט איז אויך אָנגעקומען אהין דער ענגלישער גענעראַל ט ש ו י ר ט ש , וועלכער האָט געשאַפען אַ גריכישען רעגימענט אויף דער אינזעל זאַנטע.

ווען דער סולטאַן מאַחמעד האָט ערפאַהרען, דאָס ענגלאַנד שטיצט די גריכען, האָט ער פערגרעסערט זיין מיליטערישע מאַכט געגען די גריכען. ער האָט רעפאָרמירט זיינע יאַניטשאַרען נאָך דעם מוסטער פון דער אַרמעע פון מאַחמעד אַלי פון עגיפּטען. דיזע רעפאָרמע האָט אַרויסגערופען אין טערקיי אַ גרויסען שטורם און אַן אויפשטאַנד, און דאָס האָט פיר דעם אוי־גענבליק אָפּגעשוואַכט דעם סולטאַן'ס מאַכט. ער האָט געזוכט צו געווינען אויף זיין זייט דעם רוסישען קייזער, אָבער דאָס איז איהם ניט געלונגען. ניקאָלאַי האָט זיך שטאַרק געהאַלטען ביים אָפּמאַך מיט ענגלאַנד דורך וועללינגטאָן. באַלד האָט זיך אויך דער פראַנצויזישער קעניג קאַרל דער 10טער ערקלערט פיר גריכענלאַנד. דעם 6טען יולי 1827 איז געשלאָסען געוואָרען אין לאָנדאָן אַן אָפּמאַך צווישען ענגלאַנד, רוסלאַנד און פראַנקרייך צו העלפען די גריכען ענדיגען זייער קריג פיר אונאָפּהענגיגקייט. דיזע 3 מעכטען האָבען באַלד אַרויסגעשיקט שיפען אין די גריכישע וואַסערן. אָבער די אַדמיראַלען האָבען געהאַט אַ בעפעהל צו זיין פאָרזיכטיג און ניט אַרויס־טרעטען אָפען פיר די גריכען געגען דעם סולטאַן. זיי האָבען געזעהען, דאָס זיי וועלען נאָר דאַן זיין אין שטאַנד צו טאָן עטוואָס פיר די גריכען, ווען זיי וועלען צווינגען איבראַהים'ען, אַז ער זאָל אויפהערען אַזוי באַרבאַריש צו פערוויסטען גריכענלאַנד. זיי האָבען געפאָדערט אַ וואַפען־שטילשטאַנד, און איבראַהים האָט געמוזט נאָכגעבען.

אָבער די פאָרשלאַגען, וואָס די מעכטען האָבען געמאַכט דעם סולטאַן, זיינען איהם ניט געפעלען געוואָרען און ער האָט זיי ניט געוואָלט אָננעהמען. עגיפּטען האָט געשיקט אַ נייע פלאָטע פון 89 זעגעל־שיפען מיט 5,000 קריי־גער נאָך נ אַ וו אַ ר י ן , אום צו מאַכען מיט איין מאָל אַן ענדע צום גרי־כישען אויפשטאַנד. דערמיט האָט איבראַהים געבראָכען זיין פערשפּרעכען צו די אייראָפּעאישע מעכטען — ניט טאָן קיין זאַך ביז די שלוחים, וואָס מען האָט געשיקט נאָך קאָנסטאַנטינאָפּעל און אַלעקסאַנדריען צו פערהאַנד־לען וועגען פרידען, וועלען צוריקקומען — און האָט אַרויסגעשיקט די עגיפּ־

טער אין שלאַכט (20טען אָקטאָבער 1827). דאָס האָט געפיהרט דערצו, דאָס די מיליטערישע מאַכט פון די פערבינדעטע קעניגרייכען, וואָס האָט זיך דאַמאָלס געפונען אויף די גריכישע אינזלען, זיינען ענדליך ארויס אין שטרייט. זיי האָבען פערטריבען די עגיפטישע פלאָטע און זיינען אריין מיט 27 קריג־שיפען אין די בוכט פון נאַווארין. עס האָט מעהר ניט גענומען ווי 4 שטונדען און זיי האָבען פערניכטעט די אָסמאַנישע פלאָטע. אין דעם יאָהר נאָכדעם האָט פראַנקרייך געשיקט 14,000 מאַן אונטער דער קאָמאַנדע פון גענעראַל מעיזאָן, וועלכער האָט אין אַ קורצער צייט פערטריבען די טערקען פון מאָרעא. דאָס האָט געמאַכט אַן ענדע צו דעם לאַנגען קריג.

אָבער דער סולטאַן האָט נאָך אַלץ ניט געוואָלט שליסען פרידען און אָנערקענען די אונאָפּהענגיגקייט פון די גריכען. דאַן האָט רוסלאַנד ער־קלערט קריג געגען די טערקען (1828) און האָט געשיקט 100,000 מאַן אונ־טער גענעראַל וויטטגענשטיין צו שטרייטען מיט טערקיי. דער קריג איז אָבער געווען אונגליקליך פיר די רוסען. זיי האָבען צוברעקעלט זיי־ערע קרעפטען צו בעלאַגערן פערשיידענע פעסטונגען; אין מאָלדאַוויע אליין האָבען זיי געהאַלטען 20,000 מאַן. אין יאָהר 1829 איז עס געלונגען דעם גענעראַל דיעביטש ביי קולעווטשאַ צו שלאָגען די טערקען און צו בעזעצען אַדריאַנאָפּעל. אָבער די גרויסע מיהזעליגקייטען און די שווערע אָנשטרענגונג פון דער אַרמעע האָט פערניכטעט אַ גרויסען טייל פון איהר, און דיעביטש איז געבליבען נאָר מיט 15,000 סאָלדאַטען, מיט וועלכע ער האָט פיר קיין פאַל ניט געוואַגט צו געהן אויף קאָנסטאַנטינאָפּעל. זיין לאַגע אין מיטען די פיינד איז געוואָרען אַ זעהר ערנסטע. דערצו האָבען די ענגלענדער ניט געוואָלט, דאָס רוסלאַנד זאָל איינגעהמען קאָנסטאַנטי־נאָפּעל, און האָבען געשיקט אַ פלאָטע אין די דאַרדאַנעללען, אין פאַל ווען עס וועט זיין נעטיג, זאָלען זיי אָפּטרייבען די רוסען פון קאָנסטאַנטינאָפּעל און ניט דערלאָזען צו אַ פאָלקאָמענעם זיג. ענגלאַנד האָט נאָר געוואָלט בע־פרייען די גריכען, אָבער ניט איבערגעבען טערקיי אין די הענט פון די רוסען.

דאַמאָלס האָט די אייראָפּעאישע דיפּלאָמאַטיע גענומען מאַכען אַן ענדע צו דיזען צושטאַנד. דער פּרייסישער מיליטער־בעפאָלמעכטיגטער מיפ־פלינג האָט גענומען אויף זיך צו זיין אַ פערמיטלער צווישען די פיינד און שטעלען פרידען. עס איז איהם ווירקליך געלונגען צו שאַפען פרידען. לויט דיזען פרידען, וועלכער איז געשלאָסען געוואָרען אין אַדריאַנאָפּעל, האָט טערקיי געגעבען צו די פירסטענטימער פון דונאַי אַ פרייע פערפאַסונג, זי האָט געמאַכט פריי די דאַרדאַנעללען פיר אַנדערע מעכטען דורכצוגעהן

דורך זיי, צו צאָהלען 37 מיליאָנען פראַנק קריגס־קאָסטען און צו אָנערקענען די פרייהייט פון די גריכען און די סערבען.

נאָך דעם, ווי דער פרידען איז געשלאָסען געוואָרען, האָבען די בעפאָל־מעכטיגטע פון די מעכטען זיך פערזאַמעלט אין לאָנדאָן אום איינצואָרדנען די גריכישע אַנגעלעגענהייטען, ווייל עס איז נאָך געווען אַ שווערע שטיק אַרבייט דערין צו טאָן. די נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג אין ד א מ א ל א האָט אין יאָהר 1827 ערוועהלט אַלס איהר פּרעזידענט דעם געוועזענעם רוסישען מיניסטער ק א פּ א ד ׳ א י ס ט ר י א ס אויף 7 יאָהר. דיזער האָט זיך אָבער דורך זיינע רעפאָרמע־פּלענער פערשאַפט אַ שטאַרקע אָפּאָזיציאָן, וועלכע האָט איהם געשטערט צו קריגען די נעטיגע פינאַנציעלע קרעפטען. די אונצופרידענהייט מיט איהם איז געוואָרען נאָך גרעסער צוליב זיין עקשנות און איבערהויפט צוליב זיין אָפּהענגיגקייט פון רוסישען איינפלוס. נאָך אַ שווערערע פראַגע איז פאָרגעלעגען פיר די מעכטען צו לעזען, דאָס איז די לאַגע פון די גריכישע פינאַנסען. די איינקונפטען אין גריכענלאַנד האָבען קוים בעטראָפען 16 מיליאָנען פּיאַסטער, דערפון האָט מיליטער אַליין צוגע־נומען 15 מיליאָנען. וועגען פערגרעסערן די איינקונפטען דורך נייע שטייער האָט קיין רעד ניט געקענט זיין. דאָס לאַנד איז געווען זעהר פעראָרימט, אַ גרויסער טייל פון דער בעפעלקערונג איז פערשוואונדען געוואָרען פון לאַנד, די ויין־פלאַנצונגען און די אויל־בוימער זיינען פערוויסטעט געוואָרען, די געטריידע־פעלדער זיינען גאָרניט בעאַרבייט געוואָרען. דיזע אומשטענ־דען האָבען געמאַכט אונמעגליך צו פערגרעסערן די איינקונפטען אין גרי־כענלאַנד.

די בעפאָלמעכטיגטע פון ענגלאַנד, רוסלאַנד און פראַנקרייך האָבען בעשלאָסען, דאָס אום טערקיי זאָל ניט צו פיעל אָפּגעשוואַכט ווערען, זאָל גריכענלאַנד פערבלייבען אונטער דער אויבער־הערשאַפט פון סולטאָן און זאָל איהם געבען יעדען יאָהר 1½ מיליאָנען טערקישע פּיאַסטער. אַ קריסט־ליכער פירסט זאָל זיין דער וואַסאַל פון סולטאָן. קאַפּאָ ד׳איסטריאַס האָט ניט געוואָלט נאָכגעבען די פאָדערונג פון די אייראָפּעאישע בעפאָלמעכטיגטע און האָט ניט געוואָלט אָרונטערנעהמען די בלאָקאַדע און צוריקרופען די גרי־כישע טרופּען פון ליוואַדיאַ, עפּירוס און אַטטיקאַ. ווייל די רוסען האָבען נאָך אַליין געזוכט צו דריקען טערקיי, האָט דאָס געגעבען מוט די גריכען, און דאָס האָט מיט איין מאָל געענדערט די גאַנצע לאַגע. די פערבינדעטע האָבען געמוזט ענדערן זייער פּלאַן און האָבען אָנערקענט די פאָלשטענדיגע אונאָפּהענגיגקייט פון די גריכען, אָבער דער נייער שטאַאַט זאָל בעשרענקט

ווערען אין ענגערע גרענצען. די קרוין האָט מען איבערגעגעבען צו דעם פּרינץ לעאָפּאָלד פון זאַקסען־קאָבורג. דיזער פּרינץ האָט אָבער ניט געוואָלט אָננעהמען דעם טראָן און קאַפּאָ ד'איסטריאַס האָט ווייטער געפיהרט די רעגירונג.

די אינערע פערהעלטניסען פון גריכענלאַנד זיינען אימער געוואָרען שווייריגער. דער יעהרליכער דעפיציט האָט בעטראָפען 5 מיליאָנען, און עס איז ניט געווען קיין אויסזיכט מיט וואָס צו דעקען. וואָס פיר א שטייער מען האָט געוואָלט מאַכען האָט דאָס פאָלק פּראָטעסטירט און האָט ניט געוואָלט אָננעהמען. די מאַסרעגלען צו שאַפען שטייערן האָבען נאָר ארויסגערופען די אונצופרידענהייט פון פאָלק און די האַרטע ביוראָקראַטישע רעגירונג האָט בעליידיגט דעם פריהייטס־געפיהל. עס זיינען דערפון ארויסגעקומען פערשווערונגען, און ענדליך האָט אויסגעבראָכען א בירגער־קריג. דער גריכישער זעע־העלד מיאוליס האָט זעלבסט פערניכטעט די פלאָטע, מיט וועלכער ער האָט געהאַט אַזוי פיעלע זיגען, אום זי זאָל ניט ארייגפאַלען אין די הענט פון דעם רוסישען אדמיראַל ריקאָרד, וועלכער איז געווען איין האַנט מיט קאַפּאָ ד'איסטריאַס. באַלד נאָכדעם איז דער פּרעזידענט קאַפּאָ ד'איסטריאַס ערמאָרדעט געוואָרען אויף דער שוועל פון דער הויפּט־קירכע פון נאַופּליאַ. אום צו מאַכען אַן ענדע צו אַלע רייסערייען האָבען די פערבינדעטע איבערגעגעבען די קרוין פון גריכענלאַנד צום פּרינץ אָטטאָ פון באַיערן (7טען מערץ 1832) און האָבען פערגרעסערט דאָס לאַנד ביז צום ים־בוזים פון אַרטאַ. אויסער דעם האָבען די גרויס־מעכטען גאַראַנטירט דעם נייעם שטאַאַט אַן אנלייהע פון 60 מיליאָנען.

מיט גרויסער שטרענגקייט האָט א רעגענטשאַפט אונטערדריקט די אונרוהען, וועלכע האָבען ניט אויפגעהערט די גאַנצע צייט צו שטערען די אָרדנונג. דעם 30טען יאַנואַר 1833 איז דער קעניג אָטטאָ מיט זיינע טרופּען אריין אין נאַופּליאַ, וואו זיין איינצוג איז דעם 7טען פעברואַר געפייערט געוואָרען פון פאָלק מיט גרויס יובעל, און דעם 1טען יולי 1835 איז אָטטאָ דער 1טער ערקלערט געוואָרען פיר פול־יעהריג און די רעגענטשאַפט איז אָפּגעשאַפט געוואָרען. דער יונגער קעניג האָט געפּרובט איניגע מיטלען צו בערוהיגען דאָס לאַנד, אָבער עס איז איהם ניט געלונגען צו ברייגנען דעם פאָלק די געווינשטע רוה, ווייל די רייסערייען צווישען די פּאַרטייען האָבען צושטערט אַלע גוטע פּלענער. דיזער צושטאַנד האָט זיך ווייניג געענדערט ביז היינטיגער צייט.

דער לאַנגער דרוק, וואָס די גריכען האָבען געליטען פון טערקיי, און די אונרוהען און די רייסערייען פון די פּאַרטייען צווישען זיך האָבען פיעל געשטערט די גריכען צו געהן פאָרווערטס אין זייער מאַטעריעלער און גייס-טיגער ענטוויקלונג. אַקערבוי און פיהצוכט געפינען זיך דאָרט נאָך עד היום אויף אַ זעהר נידריגער שטופע. נאָר ציגען און שאָף ווערען געהאָדע-וועט אין גרויסע צאָהלען. אויך דער וויין=עקספּאָרט, אָליווען און זייד ווע-רען דאָרט היבש געטריבען. אין אַלגעמיין איז גריכענלאַנד די פערמיט-לערין אין האַנדעל צווישען אַזיען און אייראָפּאַ. די האַנדעלס=פלאָטע פון גריכענלאַנד פערנעהמט אַ היבשען פּלאַץ אין דעם האַנדעלס=פערקעהר פון אייראָפּאַ. גריכישע זעע=סוחרים זיינען צו בעגעגנען איבעראַל אין מיט-לענדישען מעער, און אין אַלע האַנדעל=שטעדט פון טערקיי, איטאַליען, עסט-רייך און עגיפּטען געהערען די גריכען צו די אָנגעזעהענסטע סוחרים.

# די שפּאַנישע קאָלאָניעס אין צענטראַל־ און זיד־אַמעריקאַ.

צענטראַל־ און זיד־אַמעריקאַ איז כמעט אין גאַנצען איבערגעגאַנגען אין די הענט פון די שפּאַניער. דיזער רייכטום פון קאָלאָניעס האָט צו זיך אין דער וועלט נאָר איין גלייכען, און דאָס איז ענגלאַנד'ס. דיזער רייכטום האָט בעגאָסען שפּאַניען מיט אַ גאָלדענעם רעגען. שוין מיט מעקסיקאָ אַליין האָט שפּאַניען ערוואָרבען פיר זיך אַ לאַנד, וועלכע געהערט צו די פרוכטבאַרסטע און די רייכסטע אין מעטאַלען. וועניגע לענדער אין דער וועלט צייכנען זיך אויס מיט אַזאַ רייכטום אין פּלאַנצען ווי מעקסיקאָ. מעקסיקאָ איז איבערהויפּט רייך מיט די טייערסטע פּלאַנצונגען: וואַנילע, קאַקאַאָ, אינדיגאָ, סאַסאַפּאַרילע, צוקער, קאַפע, באַוועל, רייז, טאַבאַק, פּעפער, גומי־בוימער, עבען־האָלץ און מאַהאַגאָני־בוימער. פון דעם גאַנצען זילבער, וואָס עס געפינט זיך אין דער וועלט, האָט מעקסיקאָ אַליין ארויסגעגעבען די העלפט. הומבאָלדט האָט געשריבען וועגען מעקסיקאָ פאָלגענדעס:

„ווען מען זאָל מאַכען אַן איבערבליק איבער דעם גרויסען שטח, וואָס די קאָרדיללערען (בערג) פערנעהמען און איבער די גרויסע צאָהל מעטאַל־קוועלען, וועלכע מען האָט נאָך גאָרניט בעריהרט, קען מען פאָרויסזאָגען, דאָס ביי אַ גוטער אדמיניסטראַציאָן און ביי אַ בעפעלקערונג, וואָס איז מעהר פעהיג צו אינדוסטריע, וואָלט שפּאַניען אַליין געקענט ערהאַלטען די 163 מיליאָנען פראַנקס, וואָס אַמעריקאַ פּראָדוצירט יעצט אין גאָלד און זילבער. אייראָפּאַ וואָלט געוואָרען פערשוואומען פון עדעלע מעטאַלען, ווען מען וואָלט געברויכט די ריכטיגע נייע מיטלען צו בעקומען די מעטאַלען, וואָס געפינען זיך אין די מעטאַל־לאַגערן פון באָלאַנאָס, באַטאָפּילאָס, סאָמברערעטע, ראָסאַריאָ, פּאַטשוקאַ, מאַראַן, צולטעפּעק, טשיהואַוואַ און אין פיעלע אַנדערע ערטער, וועלכע האָבען אַן אַלטען פערדינטען נאָמען".

מיר האָבען שוין פריהער דערצעהלט, דאָס די מעקסיקאַנער זיינען געווען אַ הויך ענטוויקעלטעס קולטור=פאָלק בעת די שפּאַניער האָבען זיי בעזיגט. ווייט און ברייט זיינען געווען בעריהמט זייערע טעפּיכען פון לעדער, זייערע שטאָפען פון באַוועל און האָזען=האָאַר, וועלכע זיינען געווען געפאַרבט מיט קאַשעניל אויף רויט, זייערע פורפור=פאַרבען, זייער שענע גאָלד=געלע פאַרב און אינדיגאָ=בלוי. אין באַזאַר פון מעקסיקאָ האָבען זיך געפונען צום פערקויף טיכער פון דעם געשפּינסט פון אַ גיפטיגען ווערימעל, קליידער פון גאָלד=שטיקעריי און פערל, מאַנטלען מיט פעדער=מאָזאַאיק. זעהר בעריהמט זיינען געווען זייערע זונען=שירמס, זייערע פאָכערס, זייערע מוזיקאַלישע אינסטרומענטען, זייערע געשליפענע און געשניטענע עדעלשטיינער.

דיזעס רייכע קולטור=לעבען האָט זיך געענדיגט מיט דער שפּאַנישער הערשאַפט איבער מעקסיקאָ. שפּאַניען האָט זיך גענומען צום בערויבען דאָס לאַנד און די איינוואוינער ניט קוקענדיג אויף קיין זאַך. אין פּאָליטישער הינזיכט איז מעקסיקאָ געוואָרען אַ וויצע=קעניגרייך פון נ י י = ש פּ אַ נ י ע ן. די אַלטע איינוואוינער זיינען פערשקלאַפט געוואָרען און האָבען ניט געהאַט קיין רעכטען. די עמטער אין לאַנד, סאַי בירגערליכע און סאַי קירכליכע, זיינען איבערגעגעבען געוואָרען אויסשליסליך צו שפּאַניער; אויך דער האַנדעל פון לאַנד איז איבערגעגעבען געוואָרען אין גאַנצען צו די שפּאַניער. אַ געבאָרענער מעקסיקאַנער האָט ניט געהאַט דאָס רעכט צו פלאַנצען אַ וויינגאָרטען, אויל=בוימער, פלאַקס, זאַפראָן און קיין אַנדער זאַך אויסער דעם, וואָס שפּאַניען זעלבסט האָט נעטיג פיר דעם געברויך פון איהרע איינוואוינער.

פולע דריי הונדערט יאָהר האָט זיך מעקסיקאָ געפונען אונטער דעם שווערען דרוק פון די שפּאַניער. אָבער ווען אַמעריקאַ איז געוואָרען אונאָפּהענגיג און ווען נאַפּאָלעאָן האָט פעריאָגט די בורבאָנען פון שפּאַניען האָבען זיך אָנגעהויבען אין מעקסיקאָ אונרוהען. דער וויצע=קעניג פון מעקסיקאָ צו יענער צייט איז געווען אַ מענש אָהן אַ פונק עהרליכקייט און האָט געשטרעבט צו ווערען דאָרט אַן אונבעשרענקטער הערשער. אָבער וויל ער האָט געוואָלט שטעלען די שפּאַניער, וואָס האָבען געוואוינט אין מעקסיקאָ, אויף איין שטופע מיט די קרעאָלען, די געבאָרענע מעקסיקאַנער, האָבען זיי געמאַכט אַן אויפשטאַנד. אין סעפּטעמבער איז ער גענומען געוואָרען געפאַנגען און מען האָט איהם אַוועקגעשיקט נאָך שפּאַניען. אונטער זיין נאָכפאָלגער ד ע  װ ע נ ע ג אַ ס איז געוואָרען אַן אויפשטאַנד, אין

וועלכען עס האבען אנטייל גענומען אויך דאס מיליטער און די אינדיאנער (1810). הגם די רעבעלען האבען געליטען עטליכע מפלות, האבען זיי דאך הארטנעקיג פארטגעזעצט דעם קאמף.

די שפאניער זיינען געווען כמעט איבעראל זיגרייך. אבער אזוי ווי די קרעאלען זיינען געבליבען אין אפאזיציאן געגען די שפאניער און די גייסטליכע זיינען דורך די רעוואלוציאן אין דעם מוטערלאנד געווארען אפ-געפרעמדט, האט די שטרעבונג נאך אונאפהענגיגקייט ניט אויפגעהערט. מיט דער צושטימונג פון די קלעריקאלען האבען די מעסיגע פארטייען אנ-גענומען דעם פלאן פון איגואלא צו מאכען מעקסיקא פיר א זעלב-שטענדיגעם קעניגרייך אונטער א פרינץ פון דער שפאנישער קעניגליכער פאמיליע, דער פאלקאווניק איטורבידע, וועלכער איז געווען אי-בערגעגעבען צו די קלעריקאלען, האט זיך ערקלערט אלס הויפט-קאמאנדיר פון די נאציאנאלע שטרייט-קרעפטען און האט אין א קורצער צייט אונטער-ווארפען א גרויסען טייל פון מעקסיקא. מען האט דערווייל בעשטימט א רעגירונגס-יונטא, ביז מען וועט ערוועהלען א פרינץ פיר א מעקסיקאנישען קעניג. אין דיזער יונטא איז איטורבידע געווארען פרעזידענט. די רע-גענטשאפט האט געארדענט צו ערוועהלען קארטעס (א פארלאמענט), וועל-כע האבען זיך פערזאמעלט צום ערסטען מאל דעם 22טען פעברואר 1822. אין דער ערסטע זיצונג האבען זיך בעוויזען די פערשיידענסטע מיינונגען און פארטיי-טיילונגען. דערצו איז נאך אנגעקומען א ידיעה, דאס שפאניען איז ניט מסכים אויף די נייע ארדנונג פון דער רעגירונג, וואס מען האט איינגעפיהרט אין מעקסיקא. דאס האט געפיהרט דערצו, דאס איטורבידע האט מיט ער איינשטימונג פון דער ארמעע און פון די אונטערע שיכטען פון פאלק זיך געלאזט אויסרופען אלס קייזער פון מעקסיקא (18טען מאי 1822) אונטער דעם נאמען אוגוסטין דער 1טער.

אבער דאס קייזערטום האט ניט לאנג אנגעהאלטען. אוגוסטין דער 1טער איז געווען צו שטרענג און האט געשטרעבט צו ווערען אן אונבע-שרענקטער הערשער, און דערמיט האט ער ארויסגערופען די אונצופרידענ-הייט פון זיין פאלק, וועלכעס איז שוין אהן דעם געווען אונצופרידען מיט דער פאליטישער לאגע און איבערהויפט מיט דעם שלעכטען צושטאנד פון די פינאנצען. אויך אין דער ארמעע האט זיך געצייגט א שטארקע ערביטע-רונג געגען דעם דעספאטיזם פון אוגוסטין דעם 1טען. מיט דיזען צושטאנד האט זיך בענוצט דער גענעראל סאנטא אננא, וועלכער איז אמאל געווען א גוטער פריינד פון איטורבידע'ן, און האט דעם 2טען דעצעמבער

געמאַכט אַן אויפשטאַנד און האָט פּראָקלאַמירט אין ווערא קרוץ אַ רעפּובליק. די איבריגע גענעראַלען פון דער אַרמעע האָבען זיך אָנגעשלאָסען אָן סאַנטאַ אַננאַ און האָבען געפאָדערט, דאָס פריהער פון אַלעס זאָל צוריק אויפגעשטעלט ווערען דער נאַציאָנאַלער קאָנגרעס, וועלכען דער קייזער האָט אויפגעלעזט געגען דעם ווילען פון פאָלק. אַוגוסטין האָט געמוזט נאָכגעבען און זיך ענטזאַגען פון טראָן (19טען מערץ 1823). באַלד נאָכדעם האָט דער קאָנגרעס ערקלערט מעקסיקאָ אַלס אַ רעפּובליק, און דעם 16טען דעצעמבער — אַלס אַ בונד פון שטאַאַטען מיט אַ נייער פערפאַסונג, וועלכע איז אַריין אין קראַפט דעם 4טען אָקטאָבער 1824.

דיזע פערפאַסונג איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרען נאָך דעם מוסטער און אויף די זעלבע פּרינציפּען ווי די קאָנסטיטוציאָן פון די פעראייניגטע שטאַאַטען פון נאָרד־אַמעריקאַ, נאָר מיט דער אויסנאַהמע, דאָס די רוימיש־קאַטאָלישע רעליגיאָן איז אָנערקענט געוואָרען אַלס שטאַאַטס־רעליגיאָן. די אויבער־הערשאַפט האָט געהערט צום פאָלק. יעדער שטאַאַט האָט געהאַט זיינע אייגענע געזעצען, אונאָפּהענגיג פון די אַנדערע. די געזעצגעבענדע מאַכט איז געוועזען אין די הענט פון אַ קאָנגרעס. אָן דער שפּיץ פון קאָנגרעס איז געשטאַנען אַ פּרעזידענט, וועלכער האָט געהאַט די עקזעקוטיוו־מאַכט. אַלס געהילף צו איהם איז געשטאַנען אַ וויצע־פּרעזידענט.ביידע זיינען ערוועהלט געוואָרען אויף 4 יאָהר. די העכסטע יוריסטישע מאַכט איז איבערגעגעבען געוואָרען צו 11 אויבער־ריכטער, וועלכע זיינען ערוועהלט געוואָרען אויף זייער גאַנצעס לעבען דורך די געזעצגעבענדע קערפּערשאַפטען פון די איינצעלנע שטאַאַטען.

אַלס ערסטער פּרעזידענט פון דער נייער רעפּובליק איז ערוועהלט געוואָרען דעם 31טען יאַנואַר 1824 דער גענעראַל גואַדעלופּע וויטטאָריאַ. ער איז אָנערקענט געוואָרען אין זיין אַמט פון אַלע אייראָפּעאישע מעכטען, אויסער שפּאַניען, און פריהער פון אַלעמען פון די פעראייניגטע שטאַאַטען. אָבער מיט דעם פאַלען פון דער פעסטונג סאַן חואַן ד׳אוללאָאַ, וועלכע האָט זיך אונטערגעגעבען דעם 19טען נאָוועמבער 1825, האָט שפּאַניען פערלאָרען אין מעקסיקאָ איהר לעצטען פעסטען זיץ.

אָבער אויך די נייע קאָנסטיטוציאָן האָט ניט געבראַכט מעקסיקאָ די געווינשטע רוה. עס האָבען ניט אויפגעהערט צו פערוויסטען דאָס לאַנד אונאויפהערליכע בירגער־קריגען. די פּרעזידענטען זיינען געווען מאַכטלאָז, דער קאָנגרעס, ווי דאָס לאַנד, איז געווען צוריסען אויף פערשיידענע פּאַרטייען; אָן דער שפּיץ פון די פערשיידענע פראַקציאָנען זיינען געשטאַנען



טורם אין אַלט־פּאַנאַמאַ.

טריילאָזע אָפיצערען, וועלכע האָבען געזוכט צו בעקומען דאָס פרעזידענטען־אמט. די גייסטליכע האָבען געוויסענלאָז געדריקט דאָס פאָלק. דיזער צו־שטאנד האָט אויך געפיהרט מעקסיקאָ צו שלעכטע מאַטעריעלע פערהעלט־ניסען. דאָס איז דאָס בילד, וועלכעס די נייערע געשׁיכטע פון מעקסיקאָ שטעלט פאָר.

זעהר טרויעריג זיינען געוועזען פיר מעקסיקאָ איהרע בעציהונגען צו די פעראייניגטע שטאאטען. דער שטאאט טעקסאס, וועלכער געפינט זיך אין דער נאכבארשאפט פון מעקסיקאָ, פלעגען זעהר אָפט בעאונרוהיגט ווערען פון מעקסיקאנישע פיליבוסטערס (רויבער). די פעראייניגטע שטאא־טען האָבען געשיקט אַן אַרמעע פון 12,000 סאָלדאטען אונטער דעם גענע־ראל סקאָטט, האָבען לייכט בעזיגט אייניגע פעסטונגען און האָבען זיך גע־לאָזען געהן אין די הויפטשטאָדט. אין אַ רייהע פון אונגליקליכע שלאכטען זיינען די מעקסיקאנער געשלאָגען געוואָרען און נאָך אַ לאנגען פערביסענעם קאמף איז די הויפטשטאָדט גענומען געוואָרען (14טען סעפּטעמבער). נאָך אַ לעצטער אונגליקליכער שלאכט איז עס דעם 2טען פעברואר 1848 אין גואדאלופע הידאלגאָ געקומען צו אַ פרידען, לויט וועלכען מעק־סיקאָ האָט אָפּגעטרעטען צו די פעראייניגטע שטאאטען כמעט אַ העלפט פון איהר גאנצען שטח לאנד, אונגעפעהר 30,000 קוואדראט־מיילען, און דערפאר האָבען די פעראייניגטע שטאאטען בעצאָהלט צו מעקסיקאָ אַ סומע פון 15,000,000 דאָללאר.

די מפּלות און די פערלוסטען, וואָס די מעקסיקאנער האָבען געהאַט פון זייער קריג מיט די פעראייניגטע שטאאטען, זיינען פיר זיי אַלץ ניט געוועזען קיין לעקציאָן, דאָס זיי זאָלען זיך אויפהערען רייסען צווישען זיך און בריינגען אין לאנד אָרדנונג. די פוראָס, די ראדיקאלען, און די קלעריקאלען האָבען ניט אויפגעהערט צו שטרייטען איינע מיט די אַנ־דערע. ניט וועניגער ווי 50 פרעזידענטען האָט מעקסיקאָ געהאַט אין אַ צייט פון 43 יאָהר, אין וועלכע עס זיינען דאָרט פאָרגעקומען מעהר פון 300 אויפשטאנדען, די הויפט־זאַך, איבער וועלכע די רייסערייען זיינען פאָר־געקומען, זיינען געוועזען די קירכען־גיטער. דער פרעזידענט אַלוואַ־רעץ, וועלכער איז ערוועהלט געוואָרען אין יאָהר 1855, האָט אוועק־גענומען די פּריווילעגיעס פון דער אַרמעע און פון די גייסטליכע. עס האָט זיך אויפגעהויבען געגען איהם אַ בונט, און ער איז געוועזען געצוואונגען צו רעזיגנירען פון זיין אמט. אָנשטאָט איהם איז ערוועהלט געוואָרען דער גע־נעראל קאָמאָנפאָרטס. אויך ער האָט געהאַט צו קעמפען געגען

אויפשטאנדען פון די קלעריקאַלען. דאָך איז איהם געלונגען דורכצופיהרען איינינע ליבעראַלע רעפאָרמעס. דעם 28טען יוני 1856 האָט ער דורכגע-פיהרט א געזעץ, לויט וועלכען די גייסטליכע זאָלען מעהר ניט האָבען קיין רעכט צו ערווערבען גרונד-אייגענטום, און די גיטער, וואָס זיי האָבען פון פריהער, זאָלען זיי פערקויפען צו דער רעגירונג פיר מזומן אָדער געגען שולד-פאַפּירען, וואָס טראָגען אריין 6 פראָצענט.

די גייסטליכע אָבער האָבען דיזעס געזעץ ניט געוואָלט אָנערקענען. דורך זייער איינפלוס איז ערוועהלט געוואָרען אַלס פּרעזידענט פעליקס צולאָאַגאַ, וועלכער האָט דיזעס געזעץ אָפּגעשאַפט. דאָס האָט גע-פיהרט צו נייע אונרוהען. די פוראָס האָבען אויפגערייצט די לאַנד-בעפעל-קערונג געגען די רעאַקציאָנערען און זיי האָבען ערוועהלט נאָך א פּרעזידענט חוארעץ. דיזער האָט געמאַכט זיין רעזידענץ אין וועראַ קרוץ. חוארעץ האָט אָרגאַניזירט א בירגער-קריג געגען צולאָאַגאַ און זיין גענעראַל מיראַמאָן האָט געזיגט. מען האָט אָפּגענומען פון די קלעריקאַלען א גרויסען טייל פון זייערע גיטער, און זיי האָבען זיך געווענדט צו איינינע פון די אייראָפּעאישע מעכטען, אַז זיי זאָלען זיי העלפען בעהאַלטען זייערע אַלטע פּריווילעגיעס. די מעכטען זיינען מיט דיזער איינלאַדונג געווען צו-פרידען, ווייל דאָס וועט זיי געבען א געלעגענהייט אריינצושטעקען א פוס אין אַמעריקאַ. עס איז וועגען דעם געווען א קאָנווענציאָן אין לאָנדאָן (31טען אָקטאָבער 1861), וואו עס איז בעשלאָסען געוואָרען, דאָס ענגלאַנד, פראַנקרייך און שפאַניען זאָלען שיקען אין מעקסיקאָ אַן אַרמעע מיט דעם תירוץ צו בעשיצען זייערע אונטערטאַנען, וואָס געפינען זיך דאָרט.

אָבער די ענגלישע און שפאַנישע שיפען האָבען באַלד אָפּגערייזט צו-ריק. זיי האָבען געזעהען, וואָס פיר שוועריגקייטען עס שטעהען זיי פאָר, און אויסער דעם זיינען די פאָדערונגען און אַבזיכטען פון פראַנקרייך פיר זיי געווען צו פיעל. די פראַנצויזען זיינען דאָרט אַלזאָ געבליבען אַליין. הגם זייער צאָהל איז געווען זעהר קליין, האָבען די פראַנצויזען גערעכענט, דאָס זיי וועלען האָבען אַן ערפאָלג. זיי האָבען אָבער געהאַט א גרויסען טעות. ביי פועבלאַ דע לאָס אַנדזשעלאָס האָבען זיי געכאַפּט א גרויסע מפּלה און זיי האָבען זיך געמוזט צוריקציהען (5טען מאַי 1862). אין סעפּטעמבער זיינען אָנגעקומען 24,000 סאָלדאַטען, אַזוי דאָס דער נייער פראַנצויזישער אויבער-קאָמאַנדיר, גענעראַל פאָרעי, האָט געהאַט אַן אַרמעע פון 30,000 מאַן.

פֿאַרעי האָט זיך גוט פֿאַרבעריייטעט און האָט געמאַכט אַן אָנגריף אויף די שטאָדט פּועבלאַ דעלאַס אַנגעלאָס. זי האָט זיך געמוזט אונטערגעבען (מאַי 1863). יעצט איז דער וועג נאָך דער הויפּטשטאָדט מעקסיקאָ געווען פֿיר די פֿראַנצויזען אָפֿען. דעם 10טען יוני איז ער אריין אין מעקסיקאָ. חוארעץ מיט דעם רעסט פֿון דער מעקסיקאַנישער אַרמעע איז ענטלאָפֿען נאָך סאַן לואיס פּאָטאָסי. אויך די פּראָווינצען האָבען זיך אונטערגעגעבען צו די פֿראַנצויזען. די פֿראַנצויזען האָבען באַלד גענומען מאַכען אַ נייע שטאַאַטס־אָרדנונג. זיי האָבען דערוויייל בעשטימט אַ רעגענטשאַפֿט. די הויפּט־פֿיהרער פֿון דיזער רעגענטשאַפֿט זיינען געווען: אַלמאָנטע, דער ערץ־בישאָף פֿון מעקסיקאָ, לאַבאַסטידאַ און מאַריאַנאָ סאַלאַס. מיט דער צושטימונג פֿון דער רעגענטשאַפֿט האָט פֿאָרעי גערופֿען אַ פֿערזאַמלונג פֿון די נאָטאַבלען (די גרעסטע לייט פֿון לאַנד) און מען האָט איבער־אַ־נייעס פּראָקלאַמירט אַ קייזערטום.

לויט דעם וואונש פֿון נאַפּאָלעאָן דעם 3טען, וועלכער האָט דאַמאָלס געהערשט אין פֿראַנקרייך, איז די קייזער־קרוין איבערגעגעבען געוואָרען צום ערץ־הערצאָג פֿערדינאַנד מאַקסימיליאַן פֿון עסטרייך. אום יוצא צו זיין פֿאַר דער וועלט האָט מען געשפּילט די קאָמעדיע מיט אַ פֿאָלקס־פֿערזאַמלונג, וועלכע האָט כלומר'שט ערוועהלט מאַקסימיליאַן'ען אַלס קייזער. דעם 12טען יוני 1864 איז מאַקסימיליאַן אריין אין מעקסיקאָ און האָט פֿערנומען דעם קייזער־טראָן.

די הויפּט־שטיצען פֿון מאַקסימיליאַן זיינען געווען: די פֿראַנצויזישע טרופּען און די קלעריקאַלען. אָבער אַ גרויסער טייל פֿון פֿאָלק, מעהר פֿון העלפֿט, האָט געהאַלטען מיט חוארעץ'ן. די גייסטליכע האָבען גערעכענט, דאָס יעצט איז געקומען די צייט צו בעקומען צוריק זייערע פּריווילעגיעס, וועלכע מען האָט פֿון זיי צוגענומען. זיי האָבען אָנגעהויבען צו פֿאָדערן, אַז מען זאָל זיי צוריקגעבען זייערע גיטער, מען זאָל צוריק הערשטעלען די מאָנאַסטירען און מען זאָל איבערגעבען די ערציהונג פֿון דער יוגענד אין זייערע הענט. מאַקסימיליאַן האָט דיזע אַלע פֿאָדערונגען ניט געוואָלט נאָכגעבען. עס איז געוואָרען אַ גרויסע שפּאַלטונג צווישען קייזער און די גייסטליכע. די גייסטליכע האָבען אָנגעהויבען דרש'ענען אין אַלע קירכען, דאָס דער קייזער איז אַ גאָט־לייגנער, ער גלויבט ניט אין גאָט און אין זיין הייליגער מאַמען, די הייליגע בתולה מאַריאַ.

די לאַגע פֿון מעקסיקאַנישען קייזערטום איז געוואָרען נאָך פֿיעל ערגער ווען די פֿעראייניגטע שטאַאַטען האָבען זיך אריינגעמישט אין די אינ־

טערעסען פון מעקסיקא. זיי האבען שוין פון לאנג אליין געווארפען אן אויג אויף דאס רייכע לאנד און האבען ניט געוואלט לײדען, דאס די אייראפעאישע הערשענדע דינאסטיעס זאלען איינפיהרען זייער סיסטעם פון רעגירונג אין וועלכען עס איז טייל פון אמעריקא אדער גאר א געגען=מאכט געגען די פעראייניגטע שטאאטען. זיי האבען שטרענג געפאדערט פון קייזער מאקסימיליאן, אז ער זאל די פראנצויזישע טרופען אפשיקען צוריק נאך אייראפא, אום דאס מעקסיקאנישע פאלק זאל קענען האנדלען פריי אין זיינע רעגירונגס=אנגעלעגענהייטען. מאקסימיליאן האט געמוזט נאכגעבען, אום צו פערמיידען א קריג מיט די פעראייניגטע שטאאטען. צום אונגליק זיינען די פינאנצען פון לאנד געוועזען אין א זעהר טרויעריגען צושטאנד. דאס געלט, וואס מען האט געליהען, איז גיך אויסגעגעבען געווארען, און מען איז געוועזען געצוואונגען ארויפצולעגען אויף'ן פאלק שווערע שטייערן, צונעהמען די גיטער פון די געגנער פון דער רעגירונג, און צו פערקלענערן דעם שטאאט פון בעאמטע. אבער דיזע אלע מיטלען האבען ניט געהאלפען. די פינאנציעלע לאגע פון לאנד האט געקענט ווערען בעסער נאר דורך ענטוויקלונג פון האנדעל און אינדוסטריע. דיזעס אבער האט מאקסימיליאן ניט געקענט פערשאפען און דער וואלקען פון אונגליק האט זיך מעהר און מעהר פערצויגען איבער זיין קאפ.

די רעפובליקאנער האבען זיך אויפגעהויבען פון אלע זייטען אום צו שטירצען דעם קייזער=טראן. עס האט ניט לאנג גענומען און די אנהענגער פון חוארעץ האבען פערכאפט די פראווינצען אין נארד און נארד=וועסט. אין זיד האבען די קייזערליכע גענעראלען געפיהרט א קאמף פיר זייער לעבען מיט גרויס פערצווייפלונג. די האפען=שטעדט ביים ברעג פון שטילען ים (פאסיפיק) זיינען אריינגעפאלען אין די הענט פון די רעפובליקאנער, אויך די שטעדט ביים גאלף פון מעקסיקא האבען זיך פעראייניגט און זיינען ארויס געגען דעם קייזער. דאס קייזערליכע מיליטער האט איבעראל געהאט מפלות. מאקסימיליאן האט זיך געמוזט צוריקציהען אן דער שפיץ פון א קליינער טרופע און פערשליסען זיך אין דער פעסטונג קווערעטארא. מיט זיין בלוטיגער שטרענגקייט געגען די רעפובליקאנער האט ער ארויסגערופען געגען זיך דעם אלגעמיינעם צארן. ער האט פערלארען יעדען באדען פון אונטער זיינע פיס. הגם די פעסטונג קווערעטארא איז געוועזען גענוג שטארק און האט געקענט אויסהאלטען די פערטיידיגונג, דאך האט דער קייזער זיך געמוזט אונטערגעבען, ווייל עס האבען געפעהלט לעבענסמיטלען.

די אייראָפּעאישע מעכטען האָבען געזוכט צו רעטען מאַקסימיליאַן'ען, אָבער זיי האָבען גאָרניט געקענט טאָן. מען האָט איהם געשטעלט פאַר אַ קריגס=געריכט און מען האָט איהם פעראורטיילט צום טויט. דעם 19טען יוני 1867 איז ער דערשאָסען געוואָרען צוזאַמען מיט נאָך צוויי פון זיינע בעסטע און טרייע גענעראַלען מיראַמאָן און מעחיא. זיין סוף האָט געדינט אַלס וואָרנונג פיר די אייראָפּעאישע מעכטען ניט צו ווילען זיך מעהר מי־שען אין אַמעריקאַנישע אַנגעלעגענהייטען און אריינברייגען אהין זייערע אָרדנונגען. נאָך מאַקסימיליאַן'ס טויט איז חוארעץ ערקלערט געוואָרען אַלס געזעצליכער פּרעזידענט. ער האָט זיך אין דיזען אַמט געהאַלטען ביז דעם סוף פון זיין לעבען.

אויך די איבריגע שפּאַנישע קאָלאָניעס אין אַמעריקא האָבען געהאַנ־דעלט ווי מעקסיקאָ. איבעראַל זיינען פאָרגעקומען פּאַרטיי=קאַמפּען און אויפלעזונגען, איבעראַל זיינען די פינאַנצען געווען אין אַ זעהר שלעכטען צושטאַנד, איבעראַל האָבען די אריינמישונגען פון די אייראָפּעער אַנגעמאַכט פערוויסטונגען און ליידען. זיי האָבען אַלע געשטרעבט אָפּצורייסען זיך פון שפּאַניען און עס זיינען ביי יעדען פון זיי פאָרגעקומען רעוואָלוציאָנען נאָך רעוואָלוציאָנען. די פערפאַסונג איז ביי דיזע אַלע שטאַאטען כמעט די זעלבע. די רעגירונג איז אין די הענט פון אַ קאָנגרעס און אַ פּרעזידענט, וועלכע ווערען ערוועהלט פון פאָלק.

אין דער רעוואָלוציאָנס=צייט איז צענטראַל=אַמעריקא געבליבען טריי צו שפּאַניען ביז דעם יאָהר 1821, ווען זי האָט זיך ערקלערט אַלס אונאָפּ־הענגיג. צוויי יאָהר שפּעטער איז פּראָקלאַמירט געוואָרען די „רעפּובליק פון די פעראייניגטע שטאַאטען פון צענטראַל=אַמעריקא”. אָבער באַלד האָ־בען זיך די אינדיאַנער צובונטעוועט; עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ בלוטיגער ראַסען=קאַמף, און דאָס האָט צושטערט די „יוניאָן” (די פעראייניגונג פון די שטאַאטען). יעדער פון די 5 שטאַאטען: גואַטעמאַלאַ, סאַן סאַלוואַדאָר, האָנדוראַס, ניקאַראַגואַ און קאָסטאַ ריקאַ, האָט געהאַט אַן אייגענע זעלבשטענדיגע רעגירונג, און אַלע בעמיהונגען צו שאַפען פון זיי אַ יוניאָן נאָך דעם מוסטער פון די נאָרד=אַמעריקאַנישע פעראייניגטע שטאַאטען זיינען ניט געלונגען. דאָס העכסטע, וואָס זיי האָבען געקענט דערגרייכען, איז געווען צו שליסען צווי־שען זיך אייניגע האַנדעלס=פּאָרטראַגען און פרידליכע בעציהונגען פון איי־נעם צום אַנדערען.

די אינערליכע פערהעלטניסען פון די שטאַאַטען פון צענטראַל=אַמע-ריקאַ זיינען געווען זעהר שלעכט איינגעאָרדענט. און דעריבער האָבען זיי ניט געהאַט קיין איינפלוס אויף די פּאָליטיק פון אַמעריקאַ. זיי האָבען זאָ-גאַר געשטערט צו דער ענטוויקלונג פון זייער אייגענעם האַנדעל און אינ-דוסטריע. דער האַנדעל איז צום מעהרסטען געווען אין די הענט פון איי-ראָפּעער.

אָן דער שפּיץ פון פרייהייטס=קאַמף פון נ י י = ג ר אַ נ אַ ד אַ און ו ע נ ע צ ו ע ל אַ איז געשטאַנען דער בעריהמטער קרעאָלע (געבאָרענער אַמעריקאַנער) ב אַ ל י ו ו אַ ר, וועלכער איז געווען אַן אויסגעצייכענטער שטאַאַטסמאַן און אַ טיכטיגער קריגס=קאָמאַנדיר. דיזער האָט געאָפּפערט זיין גאַנצעס פערמעגען, זיין גאַנצע ענערגיע צו בעפרייען זיין פאָטערלאַנד, און קיין זאַך אין דער וועלט האָט איהם ניט געקענט אָפּהאַלטען פון צו טאָן אַלעס אום דיזען הויכען ציל צו דערגרייכען. פולע זעקס יאָהר (1814—1820) האָט ער געפיהרט אַ פורכטבאַרען קריג. בלוט האָט זיך געגאָסען טייכענווייז. ענדליך האָבען זיך ווענעצועלאַ און ניי=גראַנאַדאַ ערוואָרבען די געווינשטע פרייהייט (1824) און דאַן האָבען זיי זיך פעראייניגט מיט עקו-אַדאָר און האָבען צוזאַמענגעשטעלט דעם פריישטאַאַט קאָלומביאַ. צו די-זען פריישטאַאַט איז שפּעטער (1855) אויך צוגעטרעטען פּאַנאַמאַ.

הגם די פּאַרטיי=קאַמפּען האָבען אויך דאַן ניט אויפגעהערט, האָט דאָך די גרינדונג פון דער יוניאָן געהאַט אַ גוטען איינפלוס אויף די אינערע אָרד-נונג און אויף דעם האַנדעל. די פערמיטלערין צווישען קאָלומביאַ און איי-ראָפּאַ איז געווען ענגלאַנד, נאָר זי האָט געהאַט דערצו די פּריווילעגיע. נאָר אין פּאַנאַמאַ האָבען די נאָרד=אַמעריקאַנער געריסען דעם האַנדעל צו זיך. דאָ האָבען די פעראייניגטע שטאַאַטען געבויט אַן אייזענבאַהן, וועל-כע האָט זיך געצויגען 40 מייל לאַנג איבער דעם גאַנצען פּאַנאַמאַ=איסטה-מוס (שמאָלער שטריך לאַנד, וואָס פעראייניגט נאָרד= און זיד=אַמעריקאַ) ביז גאָרגאָנאַ. מיט דיזער אייזענבאַהן האָבען זיי פערבונדען די שיפען פון שטילען מעער מיט די שיפען פון אַטלאַנטישען מעער. די אינדוסטריע פון קאָלומביאַ איז זעהר נידריג. אַ ביסעל העכער שטעהט דאָרט די פּראָדוק-ציאָן פון רויהע מאַטעריאַלען; אין דיזער הינזיכט שטעהט קאָלומביאַ אויף דער זעלבער שטופע, אויף וועלכער עס געפינט זיך צענטראַל=אַמעריקאַ.

מיר האָבען שוין פריהער בעטראַכט, אויף וועלכער שטופע פּ ע ר ו איז געשטאַנען אין דער הינזיכט פון קולטור אין דער צייט, ווען די שפּאַניער האָבען דיזעס לאַנד בעזיגט. היר ווילען מיר נאָר צוגעבען, דאָס פּערו האָט

דאמאלס ניט געוואוסט פון קיין האנדעל מיט אויסלאנד. די פערואנער האָבען ניט געוואוסט ווי צו בויען שיפען. דערפאר זיינען זייערע שאָסעען און לאנד־שטראסען געווען אמת'ע וואונדער. הומבאָלדט שרייבט, דאָס די שענסטע שאָסעען, וואָס ער האָט געזעהען אין זיד־פראנקרייך, אין איטאליען און שפאניען, זיינען אין קיין פאל ניט שענער און בעסער פון די, וועלכע די אלטע פערואנער האָבען געבויט. מען דארף אָבער אויך ניט פערגעסען, דאָס דיזע זיינען געבויט אויף זעהר הויכע ערטער, 12,440 פוס הויך. דיזע שטראסען ציהען זיך נאָך היינט אויף איבער 1,000 שפאנישע מיילען לאנג. אָבער דיזע שטראסען זיינען פיעל פערדאָרבען געוואָרען אונטער דער הערשאפט פון שפאניען.

פערו האָט אין דער גאנצער צייט, וואָס זי איז געווען אונטער שפאנישער הערשאפט, געמאכט זעהר וועניג אויפשטאנדען. דער גרעסטער אויפשטאנד איז געווען אין יאָהר 1780. דיזען האָבען די פערואנער געמאכט אונטער דעם אינקא (קעניג) טופאק אמארו, וועלכער האָט לייכט אונטערוואָרפען אונטער זיין מאכט א גרויסען טייל פון אויבער־פערו, אָבער ענדליך איז ער דאָך געפאנגען געוואָרען און איז געוואָרען הינגעריכטעט. אויסער דעם האָט אין פערו געהערשט גרויסע רוה, זאגאר דאן, ווען אלע אנדערע שפאנישע קאָלאָניעס אין אמעריקא האָבען שוין אראָפּגעוואָרפען פון זיך דעם יאָך פון דער שפאנישער רעגירונג.

ענדליך האָט אן אויסערליכער צופאל געפיהרט דערצו, דאָס פערו־זאל מאכען אן אויפשטאנד געגען שפאניען. אין יאָהר 1810 האָבען די רעפּובליקאנער פון דעם שטאאט לא פלאטא אונטערגענומען א צוג ארויסצוטרייבען די שפאניער פון פערו. עס האָט זיך אָנגעהויבען א לאנגער קריג. אין יאָהר 1820 איז אויך טשילע אויפגעשטאנען געגען שפאניען, וועלכע האָט געהאט פון זיי א שרעקליכע נידערלאגע ביי פאסקא, און די טשילענער האָבען דאמאלס פערכאפּט די פראָווינצען, וואָס זיינען געלעגען אין אָסט פון לימא. די בעפעלקערונג איז געלאָפען אין שטרייט פון אלע זייטען און דער אויפשטאנד האָט זיך פערברייטעט מעהר און מעהר. די רייהען פון דעם מיליטער פון שפאנישען וויצע־קעניג זיינען געוואָרען וועניגער און וועניגער. אין אָקטאָבער איז אָנגעקומען לאָרד קאָקרען פאר דעם קאללאאָ־בעי און האָט בלאָקירט די שפאנישע זעע־מאכט. די נאָרד־פראָווינצען זיינען אָפּגעפאלען. ענדליך האָבען די שפאניער געמוזט פערלאָזען לימא און צוריקטרעטען אין אינערען טייל פון לאנד. דאן איז פּראָקלאמירט געוואָרען די אונאָפּהענגיגקייט פון פערו (28טען

יולי 1821), און דעם 3טען אויגוסט איז דער טשילענישער אויבער־קאָמאַנדיר סאַן מארטין ערוועהלט געוואָרען אַלס פּראָטעקטאָר פון דער נייער פּערואַנישער רעפּובליק.

אָבער אין דער נייער רעפּובליק איז ניט געווען קיין אחדות. די פּאַר־טייען האָבען זיך געריסען צווישען זיך ווי אין די רעפּובליקען פון צענט־ראַל־אַמעריקאַ, און דערפון האָט דאָס פאָלק שטארק געליטען. סאַן מארטין האָט געשטרעבט צו אונבעשרענקטער מאכט. לאָרד קאָקרען האָט געשטרי־טען מיט איהם, און די רעפּובליקאַנישע רעגירונג האָט ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. דערצו האָט באַלד אָנגעהויבען פעהלען געלט. מיט פּאַפּיר־געלט און קופּער־געלט האָט מען ניט געקענט בעזייטיגען דיזען געלט־מאַנגעל. די אינדיאַנער זיינען איבערגעגאַנגען אויף די זייט פון שפּאַניען און האָבען זיך געשטעלט געגען די רעפּובליקאַנער, און זאָגאַר אין לימאַ האָט אויסגע־בראָכען אַן אויפשטאַנד. די שפּאַניער זיינען געוואָרען שטארקער און האָ־בען פערנומען גאַנץ אויבער־פּערו. דאַן האָט ארויסגעטרעטען געגען שפּאַ־ניען באָליוואַר, וועלכען דער קאָנגרעס האָט בעשטימט אַלס דיקטאַטאָר. אַן דער שפּיץ פון 11,000 גוט דיסציפּלינירטע סאָלדאַטען איז ער דעם 10טען פעברואַר 1824 ארויס געגען די שפּאַניער און האָט געמאַכט אַן אָנ־פאַל איבער פּערו. ביי חונין איז פאָרגעקומען אַ שלאַכט, אין וועלכער באָ־ליוואַר האָט געשלאָגען די שפּאַניער, און די רעפּובליק איז פעסטגעשטעלט געוואָרען. די שפּאַניער האָבען זיך געמוזט צוריקציהען. אין מערץ 1825 איז באָליוואַר ווידער ערוועהלט געוואָרען אַלס דיקטאַטאָר און אין אויגוסט איז אויבער־פּערו ערקלערט געוואָרען אונאָפּהענגיג. די פּראָווינצען פון אויבער־פּערו: טשארקאַס, לאַ פּאַץ, קאָטשאַ־באַמבאַ, פּאָטאָסי און סאַנטאַ קרוץ האָבען זיך פעראייניגט אונטער'ן נאָמען „רעפּובליק פון באָ־ליוויאַ“.

אָבער אויך אין באָליוויאַ האָט די בעפרייאונג פון שפּאַנישען יאָך ניט געבראַכט דעם פאָלק קיין גליק. היר, ווי אין אַלע אַנדערע שטאַאַטען פון זיד־אַמעריקאַ, האָבען אונצעהליגע רעוואָלוציאָנען, בירגער־קריגען און פער־דערבליכע געזעצגעבונג פעראָרימט און פערקלענערט די בעפעלקערונג. אַ רוהיגע צייט האָט זיך ערסט אָנגעהויבען אין באָליוויאַ אין יאָהר 1845, ווען ראָמאַן קאַסטילאַ איז ערוועהלט געוואָרען אַלס פּרעזידענט. ער האָט רעגולירט די פינאַנצען, פערקלענערט די אַרמעע, אָבער ער האָט פערבעסערט איהר אָרגאַניזאַציאָן, ער האָט פערגרעסערט די פלאָטע, געבויט

פיעלע דאַמף־שיפען, געבויט אַן אייזענבאַהן און האָט פערברייטערט די אינדוסטריע אין לאַנד. ער האָט אָפּגעדינט זיין צייט רוהיג, אָהן שטערונגען. און אין יאָהר 1851 איז געזעצליך ערוועהלט געוואָרען אַן אַנדער פּרעזידענט, רוהיג, אָהן בונטען און אָהן אויפשטאַנדען. אין נעכסטען יאָהר האָט געזאָלט פאָרקומען אַ שטרייט צווישען באָליוויאַ און די פעראייניגטע שטאַאַטען צוליב אַ סכסוך וועגען די לאָבאָס־אינזלען. אָבער פראַנקרייך און ענגלאַנד האָבען זיך אַריינגעמישט און האָבען אויסגעגליכען זייערע סכסוכים, און דער פרידען איז הערגעשטעלט געוואָרען. די אינזלען זיינען געבליבען פיר די רעפּובליק באָליוויאַ.

אין דער פרוכטבאַרער ט ש י ל ע האָבען די קאַמפען צווישען די אינדיאַנער און די שפּאַנישע עראָבערער זיך געצויגען איינינע יאָהרהונדערטער. נאָך אין ענדע פון 18טען יאָהרהונדערט האָבען די אינדיאַנער געמאַכט אַן אויפשטאַנד, ווייל זיי האָבען זיך ניט געקענט צוגעוועהנען צום שטאָדטישען לעבען, און דער פרידען איז הערגעשטעלט געוואָרען נאָך דעם, ווי מען האָט זיי געגעבען אין יאָהר 1775 דאָס רעכט צו האָבען אַן אינדיאַנישען אָפּגעאָרדענטען אין סאַנטיאַגאָ, וועלכער זאָל פערטרעטען און בעשיצען זייערע אינטערעסען. פון דיזער צייט אָן הערשט אין טשילע רוה. אָבער עס האָט זיך דאָרט ענדליך אויך ענטוויקעלט אַ פּאַטריאָטען־פּאַרטיי, וועלכע האָט געשטרעבט צו אונאָפּהענגיגקייט פון שפּאַניען, וועלכע האָבען געהאַט די אָרימע און פינסטערע מאַסע אויף זייער זייט. די פאַנאַטישע אונוויסענדע מאַסע האָט געאַרבייט געגען איהרע אייגענע אינטערעסען, און די גייסטליכע האָבען געוואוסט צו בענוצען זיך מיט דער מאַסע ווי מיט אַן אייזערנעם באַראַן. דאָס אונוויסענדע פאָלק איז אימער געווען בערייט אָפּצוגעבען פיר די קירכע זיין האָב און גוט און צו פערגיסען פיר איהר זיין בלוט.

די רעוואָלוציאָנערע בעוועגונג, וועלכע האָט זינט דעם יאָהר 1810 פערכאַפּט אַלע זיד־אַמעריקאַנישע קאָלאָניעס, האָט ענדליך ערגריפען אויך טשילע. אָבער די שפּאַניער האָבען געוואוסט ווי צו ברייגגען דאָרט גיך אָרדנונג און צו דערשטיקען יעדען פונק פון רעוואָלוציאָן, און זיי זיינען געבליבען די הערשער. נאָר ווען די לאַ פּלאַטאַ־שטאַאַטען האָבען געענדיגט זייער רעוואָלוציאָן, האָט זיך די לאַגע פון טשילע אויך געענדערט. די לאַ פּלאַטאַ־שטאַאַטען האָבען געשיקט אין טשילע מעכטיגע הילפס־טרופּען, און מיט זייער הילף איז עס געלונגען די טשילענער צו בעזיגען שפּאַניען אויף דער יבשה און אויף'ן ים. אין יאָהר 1820 זיינען די שפּאַניער אין גאַנצען אַרויסגעטריבען געוואָרען פון טשילע, פיר זיי איז נאָר געבליבען די

אינזעל טשילאָע. די רעגירונג פון לאַנד האָט דאָס פאָלק איבערגעגעבען צו אַ'היגגינס. אָבער דיזער הערשער איז געװען צו דעספּאָטיש און האָט אַלע מאָל געביטען די פערפאַסונג. ענדליך איז רודכגעפיהרט געװאָרען אַ קאָנסטיטוציאָן, װעלכע האָט אַלעמען צופרידען געשטעלט (1833). די רע-



מאַרק-פּלאַץ פון לאַ פּאַץ. (ז. 416.)

גירונג איז בעשטאַנען פון אַ פּרעזידענט, מיניסטעריום, שטאַאַטס-ראַט און אַ קאָנגרעס, װעלכער איז בעשטאַנען פון אַ הויז פון פאָלקס-פערטרעטער און אַ סענאַט.

פון דאמאלס אן האבען אין טשילע אויפגעהערט די אונרוהען. דיזע רעפובליק האט אין א קורצער צייט געמאכט גרויסען פארטשריט אין ציווי־ליזאציאן און האט גיך איבערגעשטיגען אלע אנדערע רעפובליקען, וועלכע האבען זיך געבילדעט אין די שפאנישע קאלאניעס נאך דעם, ווי זיי האבען אראפגעווארפען פון זיך דעם שפאנישען יאך. טשילע האט אין פערלויף פון עטליכע יאהר געשלאסען איינינע ניצליכע האנדעלס־טראקטאטען מיט אנדערע לענדער, האט געבויט אין לאנד די נעטיגע אייזענבאהנען, האט פערפאסט א נייעם ציוויל געזעצבוך, האט געגרינדעט א נאציאנאלע דיס־קאנט־ און דעפאזיט־באנק, האט געשאפען א גרונד־שטייער צו אונטערהאל־טען די קירכע און די שולען, האט אויפגעשטעלט האנדעלס־געריכטען און געמאכט גוטע ארדנונגען אין דער געמיינדע־פערוואלטונג, וועלכע האבען געבראכט פיעלע נוצען דעם האנדעל און דער אינדוסטריע אין לאנד. דיזע אלע איינריכטונגען האבען פערשאפט דעם לאנד וואוילשטאנד און גליק. פון די זילבער־מינעס האט מען דארט ארויסגעקראגען אין יאהר 1850 אי־בער 55 מיליאנען פראנקס. קופער האט מען בעקומען פון די בערג ביז 180,000 צענטנער. אויך די אינדוסטריע האט זיך שטארק אויפגעהויבען, הגם פיעלע סחורות זיינען נאך אלץ אנגעקומען פון אייראפא. אין יאהר 1864 זיינען אנגעקומען אין טשילע סחורות פון אייראפא אין ווערט פון 19,000,000 פראנקס, ווערענד דער ארויספיהר האט נאר בעטראפען 17¼ מיליאנען פראנקס.

די לא פלאטא־שטאאטען, וועלכע זיינען געקומען אונטער די הער־שאפט פון שפאניען אין יאהר 1515, האבען אין יאהר 1806 זיך אנגעהויבען אפצוטרייסלען פון שפאניען מיט דער הילף פון ענגלאנד, וועלכע האט דער־וויל פערכאפט ב ו ע נ א ס א י ר ע ס. די ענגלישע אידעען פון פאלי־טיק האבען זיך אנגעהויבען צו פערשפרייטען מעהר איבער דער וועלט. די פעלקער האבען מעהר און מעהר אנגעהויבען צו שטרעבען צו פאליטישער אונאפהענגיגקייט, און בוענאס אירעס איז באלד געווארען די וויגעלע פון זיד־אמעריקאנישער אונאפהענגיגקייט, אזוי דאס די פאליטישע רעוואלוציאן אין דעם מוטערלאנד איז געווען א סיגנאל אפצורייסען זיך פון שפאניען.

אין יאהר 1816 האט אין ט ו ק ו מ א ן א קאנגרעס ערקלערט די אונאפהענגיגקייט פון די „פעראייניגטע שטאאטען פון ריא דע לא פלאטא". די האפנונג פון דיזען בונד צו פעראייניגען אלע פראווינצען, וועלכע האבען זיך געפונען אין דעם וויצע־קעניגרייך פון שפאניען, איז ניט ערפילט גע־ווארען. די פערשיידענע אינטערעסען פון די פראווינצען האבען געשטערט

צו אַן אייניגקייט, און עס זיינען אַרויסגעקומען פערשיידענע בירגער=קרי-געןָ. דאָס האָט געפיהרט דערצו, דאָס אין אויבערען טייל פון דעם טייך פ א ר א ג ו א י האָט זיך געגרינדעט אַ בעזונדערע רעפובליק. פון די איב-ריגע פּראָווינצען האָט זיך געבילדעט די א ר ג ע נ ט י נ י ש ע ק אָ נ פ ע-ד ע ר א צ י אָ ן (1825), וועלכע איז בעשטאַנען פון 14 פערשיידענע שטאַא-טען. דער הויפּט פון דיזער קאָנפעדעראַציאָן איז געווען דער גענעראַל=קאַ-פּיטאַן פון בוענאָס איירעס, וועלכער איז געמאַכט געוואָרען אַלס פיהרער פון דער אויסלענדישער פּאָליטיק און אַלס העכסטער בעאַמטער פון דער עקזעקוטיוו=מאַכט.

נאָך דעם, ווי אַרגענטיניען איז געוואָרען אונאָפּהענגיג, האָבען זיך אָנ-געהויבען שרעקליכע רייסערייען און עס זיינען פאָרגעקומען גרויסע גרוי-זאַמקייטען, ביז עס איז געלונגען די פעדעראַליסטען צו ערוועהלען אַ גובער-נאַטאָר פון זייערע. דיזער גובערנאַטאָר איז געווען ד אָ ן מ א נ ו ע ל אָ ר ד ע ץ ד ע ר אָ ס א ס , וועלכער האָט בעקומען די פולמאַכט פון אַ דיקטאַטאָר און האָט כמעט אַליין, ווי אַ זעלבסטהערשער, געפיהרט די גאַנצע רעגירונג. יעדער ווידערשטאַנד איז גרויזאַם בעשטראָפט געוואָרען. אין אַלע פּראָווינצען האָט געפלאַקערט דער פייער פון אויפשטאַנד, און דאָס האָט געגעבען אַ געלעגענהייט בראַזיליען, פראַנקרייך און ענגלאַנד אַריינ-צומישען זיך אין די אַנגעלעגענהייטען פון לאַנד, אום זיי זאָלען קענען האָ-בען פרייע שיפפאַהרט אויף דעם טייך פּאַראַנאַ. אָבער דע ראָזאַס האָט ניט צוגעלאָזען קיין אויסלענדישע מאַכט אַריינצומישען זיך אין די אינער-ליכע אַנגעלעגענהייטען פון זיינע פּראָווינצען. אָבער זיין געגען=פּאַרטיי האָט איהם ענדליך בעזיגט און ער איז געווען געצוואונגען צו ענטלויפען נאָך ענגלאַנד. זיין אונגעהייערעס פערמעגען איז קאָנפיסקירט געוואָרען פון שטאַאַט. אָנשטאָט איהם איז די פיהרונג איבערגעגעבען געוואָרען צו א ו ר ק י צ אָ , וועלכער איז באַלד ערוועהלט געוואָרען אַלס פּרעזידענט פון אַלע שטאַאַטען (1854).

אָבער די פּראָווינצען האָבען זיך ניט לאַנג פערהאַלטען פריינדליך איינע צו דער אַנדערער. בוענאָס איירעס האָט זיך די ערסטע אָפּגעריסען פון דער קאָנפעדעראַציאָן, ווייל זי האָט געוואָלט מעהר רעכטען פון אַלע אַנדערע רע-פּובליקען אין בעטרעף פון צאָל=טאַריף און אין דער פערפאַססונג אין אַלגע-מיין. דערפון האָט זיך ענטוויקעלט אַ לאַנגער קריג, וועלכער האָט זיך קוים געענדיגט אין יאָהר 1865, ווען די מאַטעריעלע לאַגע פון דער בעפעלקערונג האָט זיך בעדייטענד געבעסערט, ווייל עס האָבען זיך ענטוויקעלט אין לאַנד

שאַסעען, אייזענבאַהנען און דאַמף־שיפען. עס זיינען איינגעפיהרט געוואָ-רען גוטע באַנק־ און פינאַנץ־געזעצען, און עס זיינען צוגעקומען פיעלע איי-ראָפּעאישע עמיגראַנטען, וועלכע האָבען פערגרעסערט די בעפעלקערונג און האָבען אַריינגעבראַכט אין לאַנד פיעלע פרישע קרעפטען.

בוענאָס אירעס און בראַזיליען האָבען אין די 20ער יאָהרען פון 19טען יאָהרהונדערט געשטריטען צווישען זיך וועגען דער אָסט־זייט פון לאַ פּלאַטאַ. אָבער די איינוואוינער פון לאַ פּלאַטאַ האָבען געגעבען צו וויסען בראַזיליען, דאָס זיי ווילען פיר קיין פאַל ניט זיין אונטערען שוץ און דער רעגירונג פון בראַזיליען. דאַמאָלס האָט בראַזיליען אָנגעווענדט אַלע איהרע קרעפטען, דאָס לאַ פּלאַטאַ זאָל זיין אַ בעזונדער רעפּובליק, אום בוענאָס אירעס זאָל ניט ווערען שטאַרקער מיט דעם צוואוואַקס פון לאַ פּלאַטאַ צו איהרע פּראָ-ווינצען. אויך ענגלאַנד האָט געהאָלפען בראַזיליען דורכצופיהרען דיזען פּלאַן, און אַזוי איז די פּראָווינץ מאָנטעווידעאָ געוואָרען אַן אונאָפּהענגיגער שטאַאַט. די קאָנסטיטוציאָן פיר דיזען שטאַאַט איז פער-פאַסט געוואָרען נאָך דעם מוסטער פון דער קאָנסטיטוציאָן פון די פעראיי-ניגטע שטאַאַטען. אַלס געזעצבוך איז אָנגענומען געוואָרען דער קאָדעקס פון נאַפּאָלעאָן. דעם 24טען מערץ 1830 איז בעשוואָרען געוואָרען די קאָנ-סטיטוציאָן פון דער רעפּובליקאַ אָריענטאַל דעל או-רוגואַי און די מעכטען האָבען זי אָנערקענט.

אָבער באַלד האָבען אויך אין אורוגואַי זיך אָנגעהויבען רייסערייען און בירגער־קריגען. דערמיט האָבען זיך בענוצט די בראַזיליאַנער, ווי אויך די רעפּובליק בוענאָס אירעס. יעדער האָט געוואָלט געווינען די רעפּובליק או-רוגואַי פיר זיך. בראַזיליען איז אַרוים אין שטרייט. אום ניט צו דערלאָזען, דאָס די גלייכגעוויכט פון לאַ פּלאַטאַ זאָל צושטערט ווערען, איז פּאַראַגואַי געקומען די געגנער צו הילף. אָבער נאָך אַ קורצער צייט האָבען די טרופּען פון אַרגענטינאַ און אורוגואַי זיך צוריקגעצויגען און עס זיינען פערבליבען אין שטרייט נאָר בראַזיליען און פּאַראַגואַי. אורוגואַי האָט געקראָגען איהר פאָלשטענדיגע אונאָפּהענגיגקייט. דאָרט האָבען די בירגער פאָרטגעזעצט צו רייסען זיך צווישען זיך און זעהר אָפט האָט אויסגעבראָכען צווישען די פּאַרטייען אַ בירגער־קריג, אַזוי דאָס די בעסטע צייט און קרעפטען זיינען פערברויכט געוואָרען אויף רייסערייען און קיין רעכטע זאַך איז ניט געטאָן געוואָרען.

גאַנץ אָפּגעזונדערט פון אַלע אַנדערע שטאַאַטען איז געשטאַנען פּאַ-ראַגואַי. נאָך דעם, ווי די שפּאַניער האָבען זי ענטדעקט און עראָבערט,

זיינען אין אָנפאַנג פון 17טען יאָהרהונדערט אָנגעקומען אַהין די יעזואיטען און האָבען באַלד ערוואָרבען דעם צוטרויען פון די אינדיאַנער, און זיי געלערנט אַקערבוי, פיהצוכט, קונסט און געווערב. זיי האָבען דאָרט געגרינדעט אַ טהעאָקראַטיש־פּאַטריאַרכאַלישעס רייך. דיזעס רייך איז אפילו אָפיציעל געשטאַנען אונטער דער אויבעריגקייט פון שפּאַניען, אָבער אין גרונד איז עס ניט געווען אונטער דעם איינפלוס פון דעם מוטער־לאַנד. דער מיטעלפונקט פון פערוואַלטונג אין דיזען רייך איז געווען אין די קאָללעגיומס פון אַסונציאָן און קאָרדאָוואַ. אין קאָר־דאָווא, איז געווען די רעזידענץ פון דעם פּראָווינציאַל און זיינע 4 ראַטלייט. די העכסטע פּערזאָן אין דיזען רייך איז געווען אַ פּריסטער, אָבער די פּאָ־ליציי האָט זיך געפונען אונטער דער פערוואַלטונג פון אַ קאַציקע (הויפּט־לינג). די פּראָדוקציאָן איז געווען אַ קאָמוניסטישע. ברויט, פרוכט און אַלע אנדערע זאַכען זיינען אריינגעבראַכט געוואָרען אין געמיינדע־מאַגאַזי־נען, פון וועלכע די אינדיאַנער האָבען ערהאַלטען אַלעס, וואָס זיי האָבען געברויכט. וואָס עס איז איבערגעבליבען האָט מען פערקויפט און דאָס געלט האָט מען פערברויכט אויף די בעדירפניסען פון שטאַאַט. דער האַנדעל, וואָס די יעזואיטען האָבען געפיהרט מיט אויסלאַנד, האָט זיי געבראַכט זעהר פיעל פּראָפיט. אַזוי, צום ביישפּיל, האָט דער פערקויף פון דעם יערבאַ־מאַטע (פּאַראַגוּאַיער טעע) אַליין זיי אריינגעבראַכט ריינע 8 מיליאָנען אַ יאָהר.

אין די ערטער, וואו די יעזואיטען האָבען זיך בעזעצט, האָבען זיי ניט געוואָלט האָבען קיין שפּאַניער. זיי האָבען איינגעפלעסט אין די אינדיאַ־נער האַס צו די שפּאַניער. דער פּאַטריאַרכאַלישער גייסט האָט געהערשט אויף דעם געביט פון רעכט ווי פון פּאָליטיק. דאָס לאַנד איז געווען אַ רע־פּובליק. די בעפעלקערונג האָט געהאַט פּאָלקאָמענעס שטימרעכט. אין אַלגעמיין האָבען זיך די אינדיאַנער אויפגעפיהרט ווי געהאָרזאַמע קינדער. זיי האָבען געהיט די רעגעלמעסיגע שטונדען פון געבעט, פון ארבייט און פון רוה. די יעזואיטען זיינען געווען זעהר פּאָרזיכטיג ניט צו געברויכען זייער אויטאָריטעט איבער די אינדיאַנער צו שטרענג. אין געגענטייל, זיי האָבען זיי בעהאַנדעלט מילד און גערעכט. זיי זיינען געווען זעהר פריי־געביג צו די אינדיאַנער אין בעטרעף פון שפּייז און קליידער. מיליטער־דינסט איז געווען אַן אַלגעמיינע פליכט. אַלע מענער פון 15 ביז 55 יאָהר זיינען געווען פערפליכטעט צו געהן אין שטרייט ווען די אומשטענדען האָ־בען עס געפאָדערט.

דיזען רוהיגען לעבען אבער האבען די שפאניער און די פארטוגעזען געשטערט מיט זייער אריינמישען זיך אין די אנגעלעגענהייטען פון דעז פאטריארכאלישער רעפובליק. די יעזואיטען האבען זיך געשטעלט מיט וואפען געגען די שפאניער און פארטוגעזען. אבער זיי זיינען בעזיגט געווארען און זיינען ארעסטירט געווארען אין אלע ערטער פון די שפאניש־אמעריקא־נישע קאלאניעס (1768). די יעזואיטען האבען געמוזט פערלאזען דאס לאנד. זייערע מיסיאנען, וועלכע האבען געצעהלט איבער 110,000 איינ־וואוינער, זיינען צוטיילט געווארען צווישען די שפאניער און די פארטו־געזען.

די אינדיאנער האבען אויסגעביטען זעהר שלעכט. די שפאניער האבען זיי בעהאנדעלט שלעכט און גראב, ווערענד די יעזואיטען האבען זיי בעהאנדעלט ווי טרייע עלטערן בעהאנדלען זייערע קינדער. דער רעזולטאט פון דער שפאנישער שלעכטער בעהאנדלונג איז געווען, דאס די אינדיאנער האבען באלד פערלאזען דעם אקערבוי און האבען איבער־א־ניים אנגעהויבען פיהרען זייער פריהערדיגעם האלב־ווילדעם לעבען.

דיזע אונצופרידענהייט פון די אינדיאנער איז געווען די אורזאך פון דער רעוואלוציאן, וואס האט אויסגעבראכען אין אסונציאן אין 1811. די ערסטע קאלאניע, וואס האט זיך ערקלערט אונאפהענגיג פון שפאניען, איז געווען פאראגואי. אן דער שפיץ פון שטאאט איז געשטעלט געווארען אלס פרעזידענט דער עהרגייציגער און הערשזיכטיגער דאקטאר ד א פ ר א נ־צ י א (1812), וועלכער האט בעקומען די מאכט פון א דיקטאטאר אויף זיין גאנצעם לעבען. ער האט אריינגענומען אין זיינע הענט די ריכטער־מאכט און די רעגירונגס־מאכט און האט בעהערשט דאס לאנד מיט אן אייזערנער האנט נאך דעם סיסטעם פון די יעזואיטען. מען האט ניט ערלויבט די איינוואוינער צו האבען וועלכען עס איז פערקעהר מיט אויסלאנד. קיין פרעמדער האט ניט געהאט צו טאן מיט די איינוואוינער פון פאראגואי, און דיזע האבען ניט געהאט קיין פערבינדונג מיט איינוואוינער פון אנדערע שטאאטען. נאך דעם טויט פון דעם דיקטאטאר איז ערוועהלט געווארען אלס פרעזידענט זיין פלעמעניק ל א פ ע ז (1844). ער האט געמוזט נאכ־געבען די פאדערונג פון דער צייט און האט געעפענט דאס לאנד פיר דעם פער־קעהר מיט אויסלאנד. דאס צאל־סיסטעם איז אפגעשאפט געווארען און עס איז איינגעפיהרט געווארען פריי־האנדעל. עס איז נאר בעשטימט גע־ווארען א קליינע אפצאהל פון אריינגעפיהרטע סחורות, אבער פיר אלע פעלקער גלייך, און מען האט געשלאסען מיט די מעהרסטע נאציאנען אז

אָפּמאַך וועגען שיפפאהרט. ווען לאָפּעץ איז געשטאָרבען איז פּאַראַגואַי געווען אין אַ בליהענדען צושטאַנד. די רעפּובליק האָט ניט געהאַט קיין שולדען, און עס האָט זיך נאָך געפונען אין די שאַץ-קאַמערן באַארעס געלט.

דאָך האָט אין דעם דערמאָהנטען קריג מיט בראַזיליען, ארגענטיניען און אורוגואַי זיך אַרויסגעצייגט די שוואַכקייט פון פּאַראַגואַי. מעכטיגער פון אַלע האָט זיך בעוויזען בראַזיליען. לאָפּעץ האָט זיך געמוזט בעהאַלטען אין די וועלדער פון נאָרד-וועסט און אויף די הויכע בערג פון יענע געגענדען. אָבער דאָ איז ער געפאַלען אַלס אָפּפער פון פערראַט. אַ פאַלשער מענש



ריאָ דע זשאַניירא מיט דעם בעי.

האָט אויסגעזאָגט די בראַזיליאַנער וואו לאָפּעץ איז בעהאַלטען, און אַ טרופּע פון שונא האָט איהם דאָרט אויפגעזוכט (1טען מערץ 1870) און האָט איהם ערמאָרדעט. דאָס איז געווען דער שלום-אַקט פון דעם 5-יעהריגען קריג. פּאַראַגואַי איז פערוויסטעט געוואָרען און איז געלעגען צו די פיס פון דעם זיגער. מען האָט דיזער רעפּובליק געגעבען אַ נייע קאָנסטיטוציאָן מיט אַ ליבעראַלען קאָלאָר.

בראַזיליען איז געווען אַ פּאָרטוגעזישע קאָלאָניע. פריהער איז בראַזיליען נאָר געווען אַ קאָלאָניע פיר פערברעכער, ווי סיביר אין רוסלאַנד,

אָבער נאָך דעם, ווי מען האָט דאָרט אָנגעהויבען צו מאַכען גוטע געשעפטען מיט פלאַנצונג פון באַוועל און צוקער־ראָהר, און מען האָט דאָרט ענטדעקט גאָלד און דימענטען, איז בראַזיליען געוואָרען פיעל וויכטיגער. עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ שטאַרקע עמיגראַציאָן. פיעלע שטעדט זיינען אויפגע-בויט געוואָרען. ריאָ דע זשאַנייעראָ איז געוואָרען דער שטאַ-פעל־פלאַץ פיר אַלע פראָדוקטען פון לאַנד. די פּאָרטוגעזען האָבען איבער-הויפּט געשטרעבט צו האַלטען בראַזיליען, ווי אַלע איהרע קאָלאָניעס, אין



סאַנטאָס, די הויפּטשטאָדט פון פּאַאָלאָ.

אונאָפּהענגיגקייט און אויסצונוצען די מינעס פון גאָלד און דימענטען. זיי האָבען ניט געזאָרגט וועגען דעם האַנדעל פון פאָלק, וועגען פערברייטען אַקערבוי און אינדוסטריע. וואָס אָנבעטרעפט דעם האַנדעל האָבען נאָך די פּאָרטוגעזישע רעגירער געשטערט זיין ענטוויקלונג דערמיט, וואָס זיי האָ-בען בעשרענקט די צאָהל פון די פּאָרטען. פיעל האָבען זיי געשאַדט דעם האַנדעל מיט דעם, וואָס זיי האָבען געגעבען די פּאָרטוגעזען פּריווילעגיעס געגען די בראַזיליאַנער. זינט דעם יאָהר 1840 האָט די פּאָרטוגעזישע רע-

גירונג צוגעבען זעהר גרויסע שטיקער לאַנד צו די יונגע אַדעל=לייט און יעזואיטען מיט גרויסע פּריוויהייטען און פּריווילעגיעס.

דאָס אַלעס איז געווען ציגד=שטאָף אום די פלאַם פון אַ רעוואָלוציאָן זאָל האָבען אָן וואָס זיך אָנצוכאַפּען און צופלאַקערן זיך, ווען דער פּאָרטו-געזישער הויף איז געווען געצוואונגען אין יאָהר 1808 צו ענטלויפען פון פּאָרטוגאַל צוליב נאַפּאָלעאָן'ען און איז געקומען אין בראַזיליען. איבער-הויפּט האָט די פּאָרטוגעזישע רעגירונג אויפגערייצט געגען זיך די קאָלאָ-ניסטען אין בראַזיליען מיט איהר פערגעסערונג פון די אָפּגאַבען פון פער-שיידענע פּראָדוקטען, ערשווערונג פון שקלאַפען=האַנדעל, אויסברייטונג פון קעניגליכען רעכט אויף די גאָלד און דימענטען, וועלכע האָבען זיך געפונען אויף פּריוואַט=גרונד או. אז. וו. דאָס האָט געפיהרט צו אָן אויפשטאַנד אין יאָהר 1817. אין יאָהר 1821 האָט דער פּאָרטוגעזישער קעניג יאָהאַן צוגעזאָגט, דאָס ער וועט געבען אַ נייע קאָנסטיטוציאָן, און פאַר זיין אָפּ-רייזע צוריק נאָך פּאָרטוגאַל האָט ער געלאָזען זיין זוהן דעם קרוין=פּרינץ פעדראָ אַלס רעגענט=פּרינץ. באַלד נאָכדעם האָט זיך בראַזיליען ענטזאַגט צו ווערען רעגירט פון פּאָרטוגאַל און דעם 1טען אויגוסט האָט זי זיך אָפּגע-ריסען פון פּאָרטוגאַל. דעם 18טען דעצעמבער איז דאָס פעדראָ פּראָקלאַ-מירט געוואָרען אַלס קאָנסטיטוציאָנעלער קייזער אונטער דעם נאָמען ד א ם פ ע ד ר אָ ד ע ר 1 ט ע ר. די פּאָרטוגעזישע טרופּען האָבען געליטען פון די בראַזיליאַנער אַ שרעקליכע נידערלאַגע און האָבען געמוזט פערלאָזען בראַזיליען און צוריקציהען זיך נאָך פּאָרטוגאַל.

דאָם פעדראָ דער 1טער האָט געהאַט פיעל מיה איינצושטילען די אונ-רוהען, וואָס זיינען ענטשטאַנען צוליב דער נייער קאָנסטיטוציאָן. אָבער דיזעס איז איהם ניט געלונגען. די בעפעלקערונג איז געווען ערביטערט, זאָגאַר דאָס מיליטער איז פון איהם אָפּגעפאַלען. ער איז געווען געצוואונ-גען צו ענטזאַגען זיך פון טראָן, וועלכען ער האָט בעשטימט פיר זיין 6=יעה-ריגען זוהן דאָם פעדראָ דעם 2טען. דיזע ענדערונג איז געשעהען דעם 1טען אַפּריל 1831.

דער צושטאַנד פון שטאַאַט איז געווען אַ פערצווייפעלטער. די פי-נאַנצען זיינען געווען טרויעריג, די אַרמעע ניט זיכער, מען האָט אויף איהר טרייהייט ניט געקענט רעכנען; דאָס מיניסטעריום האָט ניט געהאַט קיין שטיצע פון וועלכער עס איז פּאַרטיי. די קאַמער פון פּאַרלאַמענט האָט גע-פּאַסט אַ געזעץ, לויט וועלכען דאָס לאַנד איז פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ מאָנאַרכיע. די מאַכט פון דעם מאָנאַרך און די שטעלונג פון די איינ-

צעלנע פּראָווינצען צום מאָנאַרך זיינען בעשטימט געוואָרען נאָך דעם מוס־טער פון די פעראייניגטע שטאַאַטען פון נאָרד־אַמעריקאַ. דער אונטערשייד איז בעשטאַנען נאָר אין דער ירושה פון טראָן. אָבער אויך דיזע ענדערונג האָט ניט געבראַכט די געווינשטע רוה. עס האָבען זיך זעהר אָפט געמאַכט אויפשטאַנדען פון שקלאַפען אָדער פון ארבייטער, וועלכע האָבען צוריק גע־כאָדערט אַ רעפּובליק. אין יאָהר 1835 איז פאָרגעקומען אין פּאַראַ אַ גאַנצע רייהע פון בלוטיגע סצענעס. די שטאָדט איז געוואָרען בעלאַגערט און איינגענומען מיט דער הילף פון אַן ענגלישער פלאָטע. אין דער זעלבער צייט האָט בראַזיליען געמוזט פיהרען מלחמה מיט די בענאַכבאַרטע לענדער, מיט אַרגענטיניען און פּאַראַגואַי; אַחוץ דעם האָט זי געהאַט האַנדעלס־סכסוכים מיט נאָרד־אַמעריקאַ און ענגלאַנד. די פיינדזעליגקייט צווישען די ווייסע און קאָלירטע ראַסען איז דאַמאָלס געוואָרען פיעל שאַרפער ווי אימער. עס האָבען געפעהלט שטאַאַטסמענער מיט גרויסע טאַלאַנטען, וועלכע זאָלען ברייננגען דאָס לאַנד אין אַ רוהיגען צושטאַנד.

אין יאָהר 1871 איז אַרויסגעגעבען געוואָרען אין בראַזיליען אַ געזעץ, וועלכעס האָט געגעבען די שקלאַפען פאָלשטענדיגע עמאַנציפּאַציאָן. דיזעס געזעץ האָט געהאַט פיר דאָס לאַנד אַ גרויסע וויכטיגקייט. לויט דיזען גע־זעץ האָבען אַלע שקלאַפען געמוזט פרייגעלאָזען ווערען אין פערלויף פון 7 יאָהר. אום פּריוואַט־לייט צו פערגיטיגען דעם שאָדען איז געגרינדעט געוואָרען אַ ספּעציעלער פאָנד.

די רייכקייט פון בראַזיליען אין נאַטור־פּראָדוקטען איז אונגעהייער. איבערהויפּט איז בראַזיליען זעהר רייך אין פלאַנצען. זינט בראַזיליען האָט זיך בעפרייט פון דער פּאָרטוגעזישער דריקענדער הערשאַפט האָט זיך שטאַרק געהויבען די באָדען־קולטור און דער האַנדעל. אַלס ביישפּיל וועלען מיר נעהמען קאַפע. אין יאָהר 1823 האָט מען אַרויסגעפיהרט פון בראַ־זיליען 184 צענטנער קאַפע, אין יאָהר 1843 איז דער אַרויספיהר געשטיגען ביז 1,600,000 און אין יאָהר 1853 ביז 2,800,000 צענטנער. דאָס זעלבע איז פאָרגעקומען מיט דער צוקער־פּראָדוקציאָן. אין דעם זעלבען פערלויף פון צייט איז דער אַרויספיהר פון צוקער געוואַקסען פון 476,000 ביז 1½ מיליאָנען צענטנער. אָבער דאָס לאַנד קען נאָך אַרויסגעבען פיעל, זעהר פיעל מעהר. די קרעפטען פון לאַנד זיינען נאָך אַלץ ניט אויסגענוצט גע־וואָרען ווי געהעריג, און די אינדוסטריע איז יעצט נאָר אין שטאַנד צו בע־פרידיגען די וויכטיגסטע בעדערפניסען.

# די געשיכטע פון פראַנקרייך.

## א. די פּאָליטישע בעגעבענהייטען אין פראַנקרייך ביז דער רעוואָלוציאָן פון מאָנאַט יולי.

אונטער פרעמדע באַיאָנעטען זיינען די בורבאָנען אריינגעפיהרט געוואָרען צוריק אין די טואילעריען (קייזערליכער פּאַלאַץ אין פּאַריז). דער צוריקקעהר פון די בורבאָנען צום טראָן איז געווען אַ שרעקליכער יום הדין פיר אַלע אָנהענגער פון נאַפּאָלעאָן'ען. די יעניגע, וואָס האָבען געבעטען פיר די באָנאַפּאַרטיסטען אַמנעסטיע, ווי טאַלל און פושע, זיינען דערווייטערט געוואָרען פון יעדען אָנטייל אין דער רעגירונג. די מיטגלידער פון פריהערדיגען קאָנווענט, וועלכע האָבען געשטימט פיר די הינריכטונג פון לודוויג דעם 16טען, זיינען פעריאָגט געוואָרען פון לאַנד. מענער פון הויכען אַלטער, ווי קאַרנאָט, קאָמבאַראַסערעס און סיעיעס, האָבען געמוזט פערלאָזען דאָס פאָטערלאַנד, וועהרענד אַנדערע, ווי ק ע ל ל ע ר מ אַ נ ן, וועלכע האָבען זיך ערקלערט פיר לודוויג דעם 18טען און האָבען ניט גענומען קיין אָנטייל אין דעם אויפשטאַנד פון די הונדערט טעג, זיינען איינגעלאַדען געוואָרען צו הויכע שטעלעס. די 26 מיטגלידער פון אויבער־הויז, וועלכע האָבען אָנערקענט נאַפּאָלעאָן'ען אַלס פראַנצויזישען קייזער, ווען ער איז געקומען פון עלבאַ צוריק נאָך פאַריז, האָט לודוויג דער 18טער ארויסגעטריבען פון פּאַרלאַמענט. עס איז פּאָרגעשלאָגען געוואָרען אַ פּלאַן, דאָס די רעגירונג זאָל זיך ערקלערען באַנקראָט, אום צו שאַפען דערמיט שאַדען די באַנקירען פון נאַפּאָלעאָן'ס צייט, וועלכע האָבען געבאָרגט געלט דעם קייזערטום. די אָפיצערען און בעאַמטע, וועלכע זיינען אָפּגעפאַלען פון די בורבאָנען אין דער צייט פון נאַפּאָלעאָן'ס צווייטען קייזערטום, זיינען כמעט אַלע פעראורטיילט געוואָרען צום טויט. אַזוי איז דער פּאָלקאָווניק ל אַ ב ע ד אָ י ע ר ע דערשאָסען געוואָרען. דעם זעלבען בעכער האָט אויך געטרונקען דער אַלטער בעריהמטער פעלדמאַרשאַל נ ע י. ער האָט אַליין

קאָמאַנדירט די סאָלדאַטען ביי זיין דערשיסונג. די אַרמעען האָט מען צו־לאָזען, ווייל מען האָט צו זיי ניט געהאַט קיין צוטרויען צוליב דעם נאַפּאָ־לעאָנישען גייסט, וואָס האָט דאָרט געהערשט. לודוויג דער 18טער האָט אויך צולאָזען דעם פּאַרלאַמענט און האָט געהייסען מאַכען נייע וואהלען. דאָס האָט ער גראָד גוט געטאָן, ווייל דער אַלטער פּאַרלאַמענט איז געוועזען מעהר בורבאָניש ווי די בורבאָנען זעלבסט.

דעם 4טען נאָוועמבער 1816 איז צוזאַמענגעקומען דער נייער פּאַרלאַ־מענט. אין דיזען פּאַרלאַמענט האָט די מיטעל־פּאַרטיי געהאַט די מאַיאָ־ריטעט. די לינקע זיינען געוועזען ראַדיקאַל־פּרייזיניגע מענער, וועלכע האָ־בען ערהאַלטען דעם נאָמען „ליבעראַלען" (דאַמאַלס אַ שפּאַנישער נאָמען). אום צו געווינען די סימפּאַטיע פון פאָלק האָט דער פּרעמיער־מיניסטער רי־שעליע אַריינגעבראַכט אַ נייעם געזעץ, לויט וועלכען די צאָהל פון די וועה־לער איז פערגרעסערט געוואָרען פון 18,000 אויף 80,000. מיט דעם האָ־בען די בעזיצענדע בירגער ערהאַלטען די איבערגעוויכט.

אָבער מיט דיזען געזעץ זיינען ניט געוועזען צופרידען ניט די הייליגע אַלליאַנץ, ד. ה. דער בונד פון רוסלאַנד, פּרייסען און עסטרייך, און ניט די קלעריקאַלען. דיזע האָבען מיט זייער שרעקליכען פאַנאַטיזם פעראורזאַכט אין זיד־פראַנקרייך הימעל־שרייענדע סצענעס, וועלכע קענען נאָר פערגלי־כען ווערען מיט די גרויזאַמקייטען, וואָס די צוּאַווילדעטע מאַסע האָט בע־גאַנגען אין דער צייט פון דער רעוואָלוציאָן. אַלע פּראָטעסטאַנטען, באָנאַ־פּאַרטיסטען און רעפּובליקאַנער זיינען שרעקליך פערפאָלגט געוואָרען און הונדערטערווייז ערמאָרדעט געוואָרען מיט שרעקליכע מיתות משונות. מאָרד, רויב און בראַנד (שרפות) זיינען געוועזען געוועהנליכע טעגליכע ער־שיינונגען. אין דיזע גרוילטאַטען האָט דער קרייץ גענומען אַ גלייכען אַנ־טייל מיט די קריסטליכע סאָלדאַטען: פּריסטער, מאָנאַכען צוזאַמען מיט פערווילדעטע טרופּען האָבען געמאָרדעט, געבערענט און געהרויבט. אין ענג־לישען פּאַרלאַמענט האָט דער לאָרד קאַסטלעריג געוואָלט אָפּשוואַכען דעם איינדרוק פון דער שווידערהאַפטער רעאַקציאָן דערמיט, וואָס ער האָט פאָר־געלעזען אַ בריף פון זיד־פראַנקרייך, אין וועלכען מען האָט איהם געשרי־בען, דאָס אין נימעס זיינען מעהר ניט ערמאָרדעט געוואָרען ווי 300 פּערזאָן און אין די דעפּאַרטעמענטען נאָר 1,000. וואָס פיר אַ שרעקליכע איראָניע דאָס איז!

די קלעריקאַלען און דער אַדעל האָבען געגלויבט, דאָס עס האָט זיך צו־ריקגעקעהרט זייער אַלטע צייט. זיי האָבען געהאָפט, דאָס יעצט וועט צו־

ריק איינגעפיהרט ווערען די אָרדנונג, וואָס האָט עקסיסטירט פאַר דער רע־וואָלוציאָן מיט אַלע איהרע שרעקליכע מעשים תעתועים. זיי האָבען גע־וואָלט פערטיליגען, אויסוואָרצלען אַלע אידעען, וואָס די רעוואָלוציאָן האָט אויפגעוועקט אין דער געזעלשאַפט; זיי האָבען געוואָלט פערניכטען דעם גע־פיהל פון מענשען־ווירדע, דעם געפיהל, וואָס האָט בעזייטיגט דעם אונטער־שייד צווישען די פערשיידענע שטאַנדען, און מעהר פון אַלעם האָבען זיי געוואָלט פערניכטען די ליבע צו פרייהייט. עס פערשטעהט זיך, דאָס צו־זאַמען מיט דעם האָט געמוזט אָפּגעשאַפט ווערען די נייע פערטיילונג פון גרונד־בעזיץ, וועלכע איז געווען דער רעזולטאַט פון די קאָנפיסקאַציאָנען פון דער רעוואָלוציאָן, און פון דעם פערקויף פון די נאַציאָנאַל־גיטער, און אָנשטאָט דעם צוריק איינגעפיהרט ווערען גרויסע און קליינע גוטס־בעזיצער פון אַדעל און גייסטליכע מיט לייבאייגענע ווי אין די אַמאָליגע גוטע יאָה־רען. אויך די פרייהייט פון האַנדעל און אינדוסטריע האָט געמוזט אָפּגע־שאַפט ווערען, ווייל דיזע האָט אָנגעמאַכט אַ גרויסע ענדערונג אין שטעד־טישען לעבען. מיט איין וואָרט, מען האָט געוואָלט פערניכטען און אָפּשאַ־פען אַלעס, וואָס פראַנקרייך האָט אויפגעשטעלט אין צייט פון אַ דור זינט דער רעוואָלוציאָן, און פעסטצושטעלען אַ נייע פערפאַסונג אויף די פרינ־ציפּען פון די אַלטע גוטע צייטען פון פעאָדאַל־אָרדנונג.

דאָס קעניגטום זעלבסט האָט ניט געהאַט דעם מוט צו געהן האַנט אין האַנט מיט דיזע קלאַסען און שטיצען זיך אויף דעם אַדעל און די קלעריקאַ־לען. דאָס קעניגטום האָט גוט פערשטאַנען, דאָס די אָרדנונג פון דיזע אַלטע צייטען איז אַוועק אויף אימער, זי וועט זיך שוין מעהר ניט צוריקקעהרען, און דעריבער האָט עס זיך אָנגעשלאָסען אָן דעם בירגערטום. די קרוין און דאָס מיניסטעריום האָבען געהאַלטען פיר בעסער אָנצונעהמען ליבעראַלע מאַסרעגלען. און דאָס איז געווען די אורזאַך, וואָרום דער דעספּאָטישער טראָן פון די בורבאָנען האָט זיך בעפוצט מיט דעם לאָרבער־קראַנץ פון פרייהייט.

אין דער ערסטער זיצונג פון דעם נייעם פאַרלאַמענט האָבען די ראָ־יאַליסטען און די רעאַקציאָנערען זיך איבערצייגט, דאָס זיי זיינען די מינאָ־ריטעט. דאָס האָט זיי שטאַרק ערביטערט. זייער פּאַרטיי האָט ניט געהאַט אין פאַרלאַמענט קיין איינפלוס. עס איז געפאַסט געוואָרען אַ נייעס גע־זעץ, לויט וועלכען די צאָהל פון שטים־בערעכטיגטע איז פיעל פערגרעסערט געוואָרען. אויך די בעשרענקונגען פון פרעס־פרייהייט אוז פערזענליכער

פרייהייט זיינען אין איינינע הינזיכטען געמילדערט געוואָרען. דער צענזור זיינען געווען אונטערוואָרפען נאָר זשורנאַלען, אָבער ניט קיין ביכער.

דיזע ליבעראַלע ריכטונג פון דער פּאָליטיק האָט אָנגעהאַלטען איינינע יאָהר. ביי די אַלֶע וואַהלען, וואָס זיינען שפּעטער פאָרגעקומען, האָבען די רעאַקציאָנערען אַלץ געהאַט אַ זעהר קליינע מינאָריטעט. איבעראַל זיינען ערוועהלט געוואָרען פרייגעזאָנענע מענער. רישעליע, וועלכער האָט גע-וואָלט ערפילען דעם וואונש פון דעם הייליגען בונד און פיהרען פראַנקרייך צוריק צו דער אַלטער אָרדנונג, האָט געמוזט רעזיגנירען און זיין פּאָרטפעל (מיניסטער־אַמט) איז איבערגעגעבען געוואָרען צום ליבעראַלען ד ע ק אַ - ז ע ס . אין יאָהר 1819 איז אָנגענומען געוואָרען אין פּאַרלאַמענט אַ געזעץ, לויט וועלכען די מיניסטאָרען זיינען פעראַנטוואָרטליך פיר אַלעס, וואָס זיי טוען. אום אָפּצושוואַכען די מאַכט פון פּעירס (מיטגלידער פון אויבער־הויז פון פּאַרלאַמענט, ווי אין ענגלאַנד די לאָרדס), האָט דער קעניג בע-שטימט נייע 65 פּעירס און זאָגאַר צום גרעסטען טייל פון די אַלטע באָנאַ-פּאַרטיסטען און האָט מיט אַזאַ אופן פערשאַפט דעם מיניסטעריום אַ גרויסע שטיצע אין פּאַרלאַמענט. באַלד נאָכדעם האָט די פּרעס ערהאַלטען פולע פרייהייט. פערברעכענס פון דער פּרעס האָט געמוזט פאָרקומען פאַר אַ געריכט פון געשוואָרענע (דזשורי), אַזוי דאָס ניט אַ בעאַמטער פון דער רע-גירונג, נאָר דאָס פאָלק האָט בעדאַרפט ענטשיידען די שולד אָדער אונשולד פון דעם אָנגעקלאָגטען.

די רעגירונג אָבער האָט מיט איהר פּאָליטיק געהאַט ווענינ ערפאָלג. די וואַהלען האָבען געבראַכט אין פּאַרלאַמענט נאָר 7 מיטגלידער, וועלכע זיינען געווען איינשטימיג מיט די מיניסטאָרען. אויסער דעם האָבען זיך געפונען צווישען די ערוועהלטע אַזעלכע פּערזאָנען, וועלכע האָבען עראָי-נערט די בורבאָנען זעהר אונאַנגענעהמע זאַכען פון דער פערגאַנגענהייט, ווי צום ביישפּיל דער בישאָף גרעגואַר פון בלואַ, וועלכער האָט שריפטליך פער-לאַנגט דעם טויט פון לודוויג דעם 16טען. יעצט האָט די רעגירונג בעשלאָ-סען צו ענדערן דאָס וואַהל־געזעץ. עס איז אָבער געוואָרען אַ שטאַרקע בע-וועגונג געגען דעם וואונש פון דער רעגירונג צו ענדערן דיזעס געזעץ. אָבער אונערוואַרטעט האָט זיך בעוויזען אין מיטען פון דער בעוועגונג אַ וויכטיגע נייעס אויף׳ן פּאָליטישען הימעל פון פראַנקרייך און האָט געגעבען דעם גאַנצען צושטאַנד אַן אַנדער געשטאַלט.

דעם 13טען פעברואַר 1820 האָט דער הערצאָג פון ב ע ר ר י בע-גלייטעט זיין פרוי צום אָפּערא־הויז, און ווען ער איז געווען בערייט צו

געהן מיט איהר צוריק נאָך הויז איז צו איהם צוגעגאַנגען אַן אונבעקאַנטער און האָט איהם אַריינגעשטאָכען אין ברוסט אַ לאַנגען מעסער. דער הער-צאָג איז באַלד געפאַלען, און אויסשרייענדיג „איך בין ערמאָרדעט" איז ער געבליבען אין אָהנמאַכט. אויף'ן אַנדערען טאָג אין דער פריה איז ער גע-שטאָרבען. ווען מען האָט געכאַפּט דעם מערדער, וועלכער איז געווען אַ זאָטעל-ארבייטער, האָט ער ערקלערט, דאָס זינט דעם יאָהר 1814 טראָגט ער זיך ארום מיט אַ שרעקליכען האַס אויף די בורבאָנען, ווייל ער רעכענט זיי אַלס די גרעסטע פיינד פון פאָטערלאַנד; ער האָט דעריבער בעשלאָסען צו ערמאָרדען אַלע פון זיי, אָבער ענדליך האָט ער זיך בערעכענט, דאָס עס וועט זיין גענוג צו ערמאָרדען דעם הערצאָג פון בעררי, ווייל ער איז די האָפנונג פון דער גאַנצער דינאַסטיע.

דיזע מאָרדטאַט האָט געמאַכט אַ טיפען איינדרוק אין גאַנץ פראַנקרייך. די רעאַקציאָנערען זיינען געוואָרען שרעקליך אויפגעבראַכט אויף דעקאַזעס, ווייל ער איז געווען דער שעפער פון דער ליבעראַלער ריכטונג. „דער פוס פון דיזען מיניסטער האָט זיך אויסגעגליטשט אין בלוט", זאָגט שאַטאָבריאַנד. דעקאַזעס האָט געמוזט רעזיגנירען, און זיין שטעלע האָט אין אַ קורצער צייט פערטרעטען ווילעלע, וועלכער איז פריהער געווען דער פיה-רער פון די מעסיגע רעכטע. די מאַכט פון די רעאַקציאָנערען איז שנעל געוואַקסען און די ליבעראַלען האָבען פערלאָרען זייער מאַכט. אין פּאַר-לאַמענט און אין גאַנצען לאַנד זיינען דאַמאָלס געבליבען נאָר צוויי גרויסע פּאַרטייען: די קעניגליכע, וועלכע האָט געהאַלטען מיט דעם מיניסטעריום און וועלכע האָט געטריבען די רעגירונג צו געהן ריקווערטס צו דער אַלטער אָרדנונג, און די ליבעראַלע פּאַרטיי, וועלכע האָט אויף יעדען שריט געצייגט דער רעגירונג איהר מיסטרויען און האָט איהר אימער געשטערט אין איהר וועג.

דער שטראָם פון רעאַקציאָן האָט פערפלייצט גאַנץ פראַנקרייך. אין מערץ איז אָנגענומען געוואָרען אַ געזעץ, וועלכעס האָט געגעבען דער רעגי-רונג דאָס רעכט צו אַרעסטירען וועמען זי וויל, זאָגאַר ווען עס איז דערצו ניטאָ קיין געזעצליכער גרונד. אַ ביסעל שפּעטער איז אויך איינגעפיהרט געוואָרען די צענזור. דעם 12טען יוני איז דורכגעפיהרט געוואָרען אַ נייעס וואהל-געזעץ, לויט וועלכען די גרויסע גרונד-אייגענטימער האָבען בעקומען דאָפּעלטעס שטימרעכט. די הויפּטשטאָדט, פּאַריז, איז געווען שטאַרק אויפ-געבראַכט געגען דיזער רעאַקציאָן, אָבער זי האָט גאָרניט געקענט טאָן. פיעלע טויזענדער האָבען געמאַכט אַ דעמאָנסטראַציאָן איבער די בולווארען

און האָבען געשריען: „לעבען זאָל די פּאַרטיי!" די רעגירונג האָט אָבער געבּרויכט אַלע מיטלען, וואָס זיינען געווען אין איהר מאַכט, און האָט די בּעוועגונג אונטערדריקט.

די רעאַקציאָן האָט געשטיגען העכער און העכער. צוליב דעם נייעם וואַהל־סיסטעם האָבען די ליבעראַלען פערלאָרען זייערע ערטער אין פּאַר־לאַמענט איינעם נאָך דעם אַנדערען. אין יאָהר 1824 האָבען זיי שוין מעהר ניט געהאַט ווי 19 זיצען. זאָגאַר לאַפאַיעטט איז שוין מעהר ניט ערוועהלט געוואָרען. אין יאָהר 1823 האָט פראַנקרייך, ד. ה. די רעגירונג פון פראַנק־רייך, זיך ערלויבּט צו העלפען מיט מיליטערישער מאַכט די בורבאָנען אין שפּאַניען. די ליבעראַלען האָבען געטאָן אַלעס מעגליכע אום ניט דערלאָזען דער רעגירונג צו דיזען שריט, וועלכער וועט בּריינגען דעם לאַנד נאָר שאַדען און ניט קיין נוצען; אויסער דעם האָבען די ליבעראַלען ערקלערט, דאָס דער גאַנצער צוועק פון דעם אַריינמישען זיך פון דער פראַנצויזישער רעגירונג אין די אַנגעלעגענהייטען פון שפּאַניען איז צו בּעגראָבען דאָרט די קאָנסטי־טוציאָן מיט די פּרינציפּען פון פרייהייט, וואָס די פעלקער האָבען געוואונען נאָך דער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן, און פון דאָרטען, פון שפּאַניען, זאָל דער גייסט פון רעאַקציאָן פערשפּרייט ווערען איבּער'ן גאַנצען אייראָפּעאי־שען קאָנטינענט, עס פערשטעהט זיך, פראַנקרייך אויך אַריינגערעכענט, און אַזוי וועט מען פּטור ווערען פון פרייע רעדע און פרייע פּרעס, און די אַלטע גוטע יאָהרען וועלען זיך צוריקקעהרען. אין דיזען זין האָט גע־האַלטען אַ פייערדיגע רעדע דער ליבעראַלער דעפּוטאַט בּיניאָן.

שטאַרקער און לעבּעדיגער זיינען געווען די סצענעס, וועלכע מאַ־נועל, דער דעפּוטאַט פון ווענדעע, האָט אַרויסגערופען אין פּאַרלאַמענט. „מען בּעהויפּטעט", האָט ער געזאָגט, „דאָס דער רעוואָלוציאָנערער גייסט איז געפעהרליך פיר די געזעלשאַפט. איז דען דער געגען־רעוואָלוציאָנערער גייסט, דער גייסט פון רעאַקציאָן, ווייניגער געפעהרליך? די רעוואָלוציאָ־נערען קענען ווירקליך אַמאָל איבּערטרייבּען און צו ווייט פערקריכען, אָבער מען קען דאָך פאָרט צו עפּעס קומען, ווען מען געהט פאָרווערטס! די גע־גען־רעוואָלוציאָן אָבער שאַפט גאָרניט, זי צושטערט נאָר וואָס די רעוואָ־לוציאָן האָט געבּויט, און זעהר אָפט פיהרט זי צו אַ נייער רעוואָלוציאָן. איהר ווילט די פריינד פון פרייהייט, וועלכע האָבען אייך פריהער געראַטעט, איבּערגעבּען צו די תּליונים, פערטרייבּען פון פאָטערלאַנד און פערשיקען אויף קאַטאָרגע. איז דאָס די גאָלדענע צייט, וואָס איהר ווילט פערשאַפען שפּאַניען? ווען פערדינאַנד איז אין יאָהר 1814 צוריקגעקומען נאָך שפּאַ־

ניען האָט ער געדאַנקט די קאָרטעס (דעם שפּאַנישען פּאַרלאַמענט) פיר אַלעס, וואָס זיי האָבען געטאָן פיר דאָס לאַנד, ווייל זיי האָבען מיט דער הילף פון זייער קאָנסטיטוציאָן איהם צוריקגעבראַכט צום טראָן, און ניט אַכטענדיג דערויף איז זיין רעגירונג געווען שרעקליך. איהר האָט געוואָלט רעטען פערדינאַנד'ס לעבען, און איהר האָט פערגעסען, דאָס די סטואַרטס זיינען געשטירצט געוואָרען, ווייל זיי האָבען געזוכט פראַנקרייך'ס הילף; איהר האָט פערגעסען, דאָס לודוויג דעם 16טען'ס קאָפּ איז געפאַלען נאָר ווייל פרעמדע האָבען זיך געוואָלט מישען אין פראַנקרייך'ס זאַכען!"

דיזע רעדע איז אונטערגעבראָכען געוואָרען מיט אויסגעשרייען פון אַנ־דערע מיטגלידער פון פּאַרלאַמענט: „איהר האָט דעם מוט צו רעכטפערטיגען דעם קעניג'ס מאָרד?" אָבער דער רעדנער האָט זיך ניט געלאָזט שטערען און האָט פאָרטגעזעצט זיין רעדע מיט נאָך אַ העכערער שטימע: „די אור־זאַך איז געווען, ווייל צוליב דעם, וואָס פרעמדע זיינען אַריבער די גרענצען און זיינען אַריין אין פראַנצויזישע פּראָווינצען צו מישען זיך אין איהרע אַנגעלעגענהייטען, האָט דאָס פראַנצויזישע פאָלק געפונען פיר נעטיג צו צייגען נייע קרעפטען, פרישע ענערגיע צו זיין פערטיידיגונג, און..." מאַנועל האָט שוין ניט געקענט ענדיגען די פראַזע, ווייל עס האָט זיך אויפגעהויבען אין פּאַרלאַמענט אַ שרעקליכער שטורם. אַלע מיטגלידער פון דער רעכטער זייט האָבען זיך אויפגעהויבען ווי איין מאַן און האָבען ערקלערט, דאָס זיי ווילען מעהר ניט זיצען צוזאַמען מיט אַ מאַן, וועלכער האַלט אַ לויב־רעדע צו דעם מאָרד פון אַ קעניג. דער פּרעזידענט האָט זיך געגעבען פיעל מיה אויפצו־האַלטען די אָרדנונג, אָבער עס איז איהם ניט געלונגען. די מיטגלידער פון דער רעכטער זייט האָבען געפאָדערט, אַז מען זאָל מאַנועל'ן אַרויסשטויסען פון פּאַרלאַמענט. עס איז געוואָרען אַ שרעקליכער טומעל און די זיצונג איז געשלאָסען געוואָרען.

דעם 3טען מערץ איז פערהאַנדעלט געוואָרען די פראַגע וועגען אויס־שליסען מאַנועל'ן פון פּאַרלאַמענט. עס זיינען פאָרגעקומען שטירמישע דע־באַטען, אָבער צו ענדע איז אָנגענומען געוואָרען אַ רעזאָלוציאָן, דאָס מאַנועל זאָל אין צייט פון אַ גאַנצען יאָהר ניט בעזוכען דעם פּאַרלאַמענט. ניט אַכטענדיג דערויף, איז מאַנועל געקומען אויף דעם אַנדערען טאָג אין פּאַר־לאַמענט אַרומגערינגעלט פון אַלע ליבעראַלען. דער פּרעזידענט האָט געפאָ־דערט, אַז ער זאָל אַרויסגעהן פון זאַל. דערויף האָט איהם מאַנועל געענט־פערט: „נעכטען האָב איך איינגעשטימט צו דער רעזאָלוציאָן, דאָס איך זאָל פערלאָזען דעם פּאַרלאַמענט אויף אַ יאָהר צייט, ווייל איך האָב גע־

וואָלט אויסמיידען אַ סקאַנדאַל, אָבער היינט וויל איך האָבען מיין וואָרט". דער פּרעזידענט האָט געשלאָסען די זיצונג אויף אַ שטונדע און האָט געהיי־סען די זאַל־דינער רופען אַ בעוואפּענטע מאַכט, ווען עס וועט זיין נעטיג, אום אַרויסצופיהרען מאַנועל'ן. די זאַל־דינער האָבען פאָרגעלעזען דעם בע־פעהל, אָבער מאַנועל האָט זיך ניט געריהרט פון אָרט. דאַן זיינען די זאַל־דינער אוועק און זיינען באַלד צוריקגעקומען מיט אַ באַטאַליאָן סאָלדאַטען פון דער נאַציאָנאַל־גוואַרדיע מיט אַ שעף אום אויסצופיהרען דעם בעפעהל פון פּרעזידענט. עס איז צווישען די מיטגלידער פון פּאַרלאַמענט געוואָרען אַ שרעקליכער לאַרם. „ווי", האָט אויסגעשריען דער גרייז־גרויער לאַ־פאַיעטט, „מען האָט גערופען די נאַציאָנאַל־גוואַרדיע אום צו פערשוועכען דאָס הייליגטום פון פאָלקס־פערטרעטער? זאָל די נאַציאָנאַל־גוואַרדיע זיך אַזוי ענטעהרען? וועט זי אויף אַן ערוועהלטען פון פאָלק לעגען אַ האַנט?" דערהערענדיג לאַפאַיעטט'ס ווערטער האָט דער סערדזשאַנט אַ דערשראָקע־נער צוריקגעטרעטען, און די גאַנצע מיליטערישע מאַכט, וואָס איז אַריינ־געבראַכט געוואָרען אין זאַל אום אַרויסצופיהרען מאַנועל'ן פון פּאַרלאַמענט, האָט ניט געוואָלט אונטערנעהמען קיין זאַך.

דאַן האָט מען געבראַכט אין זאַל זשאַנדאַרמען. „וואָס, זשאַנדאַרמען אין פּאַרלאַמענט?!" האָט גענעראַל פ ו א אויסגעשריען צו זיי. דערויף האָט דער קאָמאַנדיר פון דער זשאַנדאַרמעריע געענטפערט: „די זשאַנדאַר־מעריע איז געקומען אין זאַל נאָר אום צו אונטערשטיצען די נאַציאָנאַל־גוואַרדיע; איך פאָדער אויף העררן מאַנועל צום לעצטען מאָל צו פאָלגען וואָס עס איז בעשלאָסען געוואָרען אין פּאַרלאַמענט. עס וועט מיר טאָן זעהר לייד צו געברויכען געוואַלט געגען אַ פערטרעטער פון פאָלק, אָבער איך מוז טאָן מיין פליכט". „אַלזאָ ברויכט געוואַלט!" האָט מאַנועל גע־זאָגט, און ער איז אַרויסגעשטויסען געוואָרען פון זאַל. אַלע ליבעראַלע דע־פּוטאַטען האָבען איהם בעגלייט ביז דעם וואַגען, וואָס האָט איהם בעדאַרפט אָפּפיהרען צו זיין הויז. נאָכדעם האָבען די 62 ליבעראַלע דעפּוטאַטען דער־לאַנגט צום פּרעזידענט פון פּאַרלאַמענט אַ פּראָטעסט, און האָבען מעהר ניט געוואָלט נעהמען קיין אָנטייל אין די פערהאַנדלונגען. די דעפּוטאַטען פון דער רעכטער זייט זיינען יעצט געווען די בעלי־בתים אין פּאַרלאַמענט און האָבען געקענט דורכפיהרען אַלע פּראָיעקטען, וואָס זיינען פאָרגעלעגט גע־וואָרען, אָהן שום שטערונג פון די ליבעראַלען. זיי האָבען זיך ווירקליך בענוצט מיט דיזען צופאַל און האָבען אָנגענומען אַלע פאָרשלאַגען פון דער רעגירונג.

דער ערפאלג, וואס די פראנצויזישע ארמעע האט געהאט אין שפאניען, האט צוגעגעבען פיעל מוט צו דער קעניגליכער פארטיי. די רעאקציאנערען האבען גערעכענט, דאס יעצט מוז די רעוואלוציאן אין שפאניען גאנצען דערשטיקט ווערען. יעצט, האבען זיי גערעכענט, מוז מען זיך צואיילען און מאכען אויך אין פראנקרייך אן ענדע צו די רעוואלוציאנערע און פרייע אידעען, וועלכע פערגיפטען די געזעלשאפט און שטערען אימער די רוה אין לאנד. מען האט אזוי געענדערט די וואהל-געזעצען, דאס די מיטגלידער פיר דאס געזעצגעבענדע הויז זאלען ערוועהלט ווערען אויף 7 יאהר. אויסער דעם האבען זיך פון אלע זייטען געלאזען הערען פאדערונגען, אז מען זאל צוריק הערשטעלען די מאכט פון דער קירכע.

דעם 16טען סעפטעמבער 1824 איז געשטארבען לודוויג דער 18טער. זיין נאכפאלגער איז געוועזען זיין ברודער קארל דער 10טער, וועלכער איז שוין דאמאלס אלט געוועזען 67 יאהר און איז געוועזען דורכגעדרונגען מיט די אידעען, וואס האבען געהערשט פאר דער רעוואלוציאן. אין די ערסטע טעג פון זיין רעגירונג האט מען צוריק איינגעפיהרט די טיטלען, וועלכע זיינען געוועזען געגען דעם גייסט פון דער געגענווארט. די צענזור האט זיך פערשטארקט. דעם גרעסטען איינפלוס אויף'ן קעניג האבען געהאט זיינע פערזענליכע פריינד, וועלכע זיינען געוועזען פון די הייסעסטע רעאקציאנערען. די קלעריקאלען האבען בעקומען א זעהר שטארקען איינפלוס אויף אלע צווייגען פון דער פערוואלטונג. די יעזואיטען האבען ווידער אנגעהויבען צו שפילען א גרויסע ראלע איבעראל און אין אלעס. צווישען די פעירס (מיטגלידער פון אויבער-הויז) האבען די יעזואיטען געהאט געהיימע מיטגלידער; אין דעם אונטער-הויז האבען זיי געהאט אויף זייער זייט א מאיאריטעט פון דעפוטאטען. אזוי האבען די יעזואיטען בעקומען אין דער צייט פון קארל דעם 10טען א גרויסען איינפלוס אין די רעגירונגס-ספערען אין פראנקרייך.

שוין די טראן-רעדע האט געצייגט די ריכטונג, וועלכע די רעאקציאן איז געניינגט אנצונעהמען. אין דיזער רעדע האט דער קעניג אויך בעריהרט די רעליגיאנס-פראגע און האט אויסגעדריקט זיין וואונש, דאס איינינגע פאדערונגען פון דער קירכע זאלען ערפילט ווערען. דערביי האט ער געגעבען אנצוהערענים, דאס מען דארף זיך געבען די מיה אויסצוהיילען איינינגע וואונדען פון דער רעוואלוציאן. באלד נאך דעם זיינען אריין אין פארלאמענט צוויי פארשלאגען: איינער האט געפאדערט, אז מען זאל בעשטימען טויט-שטראף פיר א גאנצע רייהע פון פערברעכענס געגען דער קירכע; דער צוויי-

טער פּאָרשלאַג איז געווען, אַז מען זאָל בעשטימען 50 מיליאָנען פראַנק אַ יאָהר צו העלפען די עמיגראַנטען, וואָס פערלאָזען דאָס פאָטערלאַנד. די ליבעראַלען זיינען געווען שטאַרק געגען דיזען פּלאַן, ווייל זיי האָבען בע־טראַכט די אויסוואַנדערונג אַלס אַ גרויסען שאָדען פיר דאָס פאָטערלאַנד.

אָבער די פּראָטעסטען פון די ליבעראַלען האָבען גאָרניט געהאָלפען און דער פּאָרשלאַג איז אָנגענומען געוואָרען. אויך די געזעצען וועגען קיר־כען־שענדונג זיינען אָנגענומען געוואָרען. דיזע געזעצען זיינען געווען אַ שאַנדע פיר די נייע צייט. זיי האָבען מעהר געפּאַסט פיר די באַרבאַרישע צייט פון די קרייץ־צוגען. אַזוי, צום ביישפּיל, איז בעשטימט געוואָרען טויט־שטראָף פיר ניט נוהג כבוד זיין די קירכליכע הייליגע כלים. די קירכע האָט ווידער אויפגעהויבען דעם קאָפּ. אַ בישאָף איז געוואָרען מי־ניסטער פון רעליגיאָן און בילדונג, די יעזואיטען זיינען געוואָרען די הויפּט־פיהרער פון פאָלקס־בילדונג, די רייכע האָבען אָנגעטאָן אַ מאַסקע פון פרומ־קייט אום צו געפעלען דעם קעניג.

דורך אַזאַ מין רעגירונג האָט קאַרל דער 10טער פערלאָרען דעם צו־טרויען, וועלכען דאָס פאָלק האָט צו איהם געהאַט ווען ער איז אַרויף אויף דעם טראָן. די לידער פון דעם גרויסען פּאָעט פון יענער צייט ב ע ר א נ ז ש ע ר האָבען דורך סאַטירישע פערזען אָנגעהויבען צו בעקעמפען דעם טראָן פון די בורבאָנען. דאָס פאָלק האָט לעזענדיג דיזע פערזען געלאַכט פון די בורבאָנען, אָבער אין דער זעלבער צייט האָט עס אויך געלערנט צו האַ־סען די קעניגליכע דינאַסטיע פון טיפען האַרצען. דאָס פאָלק האָט זיך גע־שעמט, עס האָט גערעכענט פיר אַ שרעקליכע ערנידריגונג צו זיין אונטער דער הערשאַפט פון אַזעלכע אונמענשען און טויגעניכטסען. איבערהויפּט האָט דאָס פאָלק שטאַרק מורא געהאַט, דאָס די רעגירונג מיט איהר רעאַק־ציאָן וועט פערניכטען די גיטער, וואָס דאָס פאָלק האָט מיט אַזוי פיעל בלוט און אָפּפער ערוואָרבען דורך די רעוואָלוציאָן.

ווילעלע איז דורך די רעאַקציאָן אָפּגעשטויסען געוואָרען מעהר און מעהר אין הינטערגרונד. באַלד האָט די רעגירונג אַרויסגעגעבען אַ נייעס געזעץ פיר מאָנאַסטירען; באַלד זיינען אַרויס נייע געזעצען, וועלכע האָבען געצילט איינצופיהרען צוריק דאָס אַלטע פעאָדאַל־סיסטעם; באַלד זיינען אַרויס נייע געזעצען וועגען צענזור. דאָס פאָלק איז געווען זעהר ערביטערט. זאָגאַר די געלעהרטע פון דער אַקאַדעמיע, וועלכע זיינען געווען ווייט פון פּאָליטיק, האָבען דערלאַנגט צום קעניג אַ ביטשריפט, אַז ער זאָל ניט דער־לאָזען דורכפיהרען די אויבען־דערמאָהנטע פאָרשלאַגען. אָבער די דעלע־

גאַטען, וואָס מען האָט דורך זיי געשיקט די ביטשריפט צום קעניג, האָט מען גאָרניט צוגעלאָזען צו איהם, און די דריי אַקאַדעמיקער, וועלכע האָבען פערפאַסט די ביטשריפט, האָט מען ענטזאַגט פון זייערע עמטער. צוליב דיזען שענדליכען אַקט איז די ערביטערונג פון פאָלק געשטיגען אַזוי הויך, דאָס זאָגאַר דאָס אויבער=הויז איז געווען נעגען דיזע געזעצען. די רעגירונג האָט געמוזט איהרע פאָרשלאַגען צוריקציהען. אַ גרויסער טייל פון פאַריז האָט



קאַרל דער 10טער.

יענעם טאָג געמאַכט גרויסע אילומינאַציעס. גרויסע מאַסען פון פאָלק זיינען געלאָפען איבער די גאַסען און האָבען זיך פרעהליך געמאַכט ווען זיי האָבען דערהערט דעם זיג איבער די רעגירונג. די נאַציאָנאַל=גוואַרדיע האָט איינינע מאָל אויסגעשריען: „נידער מיט די מיניסטאָרען! נידער מיט די יעזואיטען!” די רעגירונג האָט דערפאַר אָפגעשאַפט די נאַציאָנאַל=

גוואַרדיע; זי האָט זיך איבערציייגט, דאָס פון די בירגער-סאָלדאַטען קען זי ניט ערוואַרטען קיין גוטעס, און דאָס זי קען זיך נאָר שטיצען אויף דעם רעגעלמעסיגען מיליטער.

דער אַקט, וואָס די רעגירונג האָט צולאָזען די נאַציאָנאַל-גוואַרדיע, האָט שרעקליך אויפגעבראַכט די בורזשואַזיע. דערפאַר זיינען די רעאַקציאָנערען געוואָרען ביי זיך פיעל שטאַרקער און האָבען נאָך מעהר פעררים טען דעם



בעראַנזשער.

קאָפּ. זיי האָבען געגלויבט, דאָס דערמיט איז צוגענומען געוואָרען פון פאָלק די לעצטע וואַפע. קאַרל דער 10טער איז געגאַנגען אין זיין רעאַקציאָן נאָך ווייטער; ער האָט זיך אַליין גענומען די רעכטען צו בעשטימען נייע 76 פעירס אין דעם אויבער-הויז אום צו צוברעכען דערמיט דעם ווידערשטאַנד פון דער פעירס-קאַמער, און דעם 6טען דעצעמבער 1827 האָט ער אין גאַנצען

אויפגעלעזט די דעפּוטירטע־קאַמער. ער האָט גערעכענט, דאָס די נייע וואַהלען וועלען איהם ברייגנען אַ מעהרהייט, וועלכע וועט שטימען מיט זיינע רעאַקציאָנערע פּלענער. אָבער דאָ האָט ער זיך פעררעכענט. דער רעזולטאַט איז געווען, דאָס די מעהרהייט איז געווען צו די מיניסטאָרען זעהר פיינדליך. די נידערלאַגע פון דער רעגירונג איז געווען זעהר גרויס. די רעגירונג האָט נאָר געהאַט 70 שטימען, וועהרענד די אָפּאָזיציאָן האָט געהאַט 360 שטימען. די פרייד פון דער בורזשואַזיע איז געווען אונגע־הייער גרויס. די מעהרסטע גאַסען פון פּאַריז זיינען געווען אילומינירט. גרויסע מאַסען מענשען זיינען געגאַנגען און געלאָפען איבער דער שטאָדט און האָבען ניט געוואוסט וואָס צו טאָן פון גרויס פרייד. די רעגירונג האָט בכיוון אַרויסגערופען צוזאַמענשטויסען, אום זי זאָל האָבען דאָס רעכט צו געברויכען שטרענגע מאַסרעגלען אויפצוהאַלטען די אָרדנונג. עס זיינען געלאָפען דורך די גאַסען זשאַנדאַרמען רייטענדיג אויף פערד אום צו צו־טרייבען די מאַסען. דיזע, אום ניט צוטרעטען צו ווערען אונטער די פערד, האָבען געמאַכט באַריקאַדען. עס האָט זיך ווידער געגאָסען בלוט אין פּאַ־ריזער גאַסען, און דער טעלעגראַף האָט צוטראָגען איבער דעם גאַנצען לאַנד די נייעס, דאָס עס איז אין פּאַריז אַ נייער אויפשטאַנד און דער טראָן איז אין געפאַהר. דערמיט האָט די רעגירונג גערעכענט צו געווינען די סימ־פּאַטיע פון פאָלק ביי די נייע וואַהלען. אָבער זי האָט זיך פעררעכענט. די וואַהלען זיינען ווידער אויסגעקומען ניט גינסטיג פיר דאָס מיניסטעריום.

וויללעלע האָט זיך מעהר ניט געקענט האַלטען. דעם 3טען יאַנואַר 1828 האָט ער געמוזט רעזיגנירען. דאָס בירגערטום האָט געזיגט. מען האָט אָבער קלאָר פאָרויסגעזעהען דעם אויסברוך, וועלכען מען קען ערוואַר־טען פון דיזען זיג.

די בילדונג פון אַ נייעם מיניסטעריום איז צוגעגאַנגען זעהר ניט עהר־ליך. דער קעניג האָט גאָרניט געדענקט צו פערלאָזען דעם אַלטען וועג. ער האָט גערעכענט, דאָס ער וועט דערווייל געבען דעם פאָלק אייניגע הנחות, נאָכגעבען אייניגע פאָדערונגען, וועלכע ער וועט אין אַ קורצע צייט צוריק־נעהמען. ער האָט דערמיט גערעכענט צו געווינען פיר אַ קורצע צייט די פאָלקס־מיינונג. די נייע מיניסטאָרען זיינען געווען פון דעם זעלבען סאָרט ווי דאָס מיניסטעריום פון וויללעלע. אָן דער שפּיץ פון דעם נייעם מיניס־טעריום איז געשטעלט געוואָרען הערר פון מ אַ ר ט י נ י אַ ק, וועלכער איז געגאַנגען אין דעם וועג פון וויללעלע און האָט ביז צולעצט פערטיידיגט אַלע גוטע און שלעכטע מאַסרעגלען פון זיין פאָרגענגער.

דאָס נייע מיניסטעריום האָט אָבער גוט פערשטאַנען, דאָס עס מוז ווע-ניגסטענס אָפּשאַפען די שלעכטע האַנדלונגען פון דעם פריהערדיגען מיניס-טעריום, געגען וועלכע די פאָלקס-מיינונג איז געווען שטאַרק אויפגעבראַכט. דאָס נייע מיניסטעריום האָט בעזעצט די העכערע שטעלעס מיט מעסיגע מענער; עס האָט די אַקאַדעמיקער, וועלכע זיינען אַרויסגעטריבען געוואָרען פון דער אַקאַדעמיע צוליב זייער ביטשריפט, ווידער געזעצט אויף זייערע שטעלעס; עס האָט געמאַכט אַן ענדע צו דעם כאַבאַר און שווינדעל פון די וואַהלען, און מען האָט צוריק איינגעפיהרט די מילדערע פרעס-געזעצען פון יאָהר 1819, וועלכע האָבען געגעבען דעם פאָלק מעהר פרייהייט.

צוליב דיזע ליבעראַלע מאַסרעגלען האָט דאָס מיניסטעריום בעקומען די מאַיאָריטעט אין די קאַמערן, אַזוי דאָס עס האָט געקענט דורכפיהרען זיינע פאָרשלאַגען. נאָר אין הויף האָבען די מיניסטאָרען ניט געהאַט קיין שטיצע. מען האָט דאָרט די מיניסטאָרען ניט געקענט פערצייהען, וואָס זיי ווייכען אָפּ מעהר און מעהר פון דעם וועג פון די פריהערדיגע מיניסטאָרען. דער קעניג האָט גערעכענט זיינע נייע מיניסטאָרען פיר זעהר אונפעהיגע פּאָליטיקער און האָט עס זעהר אָפט געזאָגט אָפען אין דעם קרייז פון זיינע פערטרויטע. ער האָט איינמאָל געזאָגט צום גראַף שאַבראָל, וועלכער האָט צוזאַמענגעשטעלט דיזעם מיניסטעריום: „איהר האָט מיר אמת געגעבען זעהר עהרליכע מענער, אָבער זיי זיינען זעהר טרויעריגע פּאָליטיקער מיט זעהר שוואַכע קעפּ. שטעלט אייך פאָר, דאָס זיי זיינען פעהיג צו צושטערען היינט דאָס, וואָס זיי האָבען נעכטען אויפגעבויט; זיי לאָזען זיך פיהרען פון קאַפּריזען און אָפּפערן אויף די פאָררעכטען פון דער קרוין". די מיניס-טאָרען האָבען ניט געמערקט דיזע שטימונג פון קעניג און זיינען זיך ווייטער געגאַנגען אויף דעם זעלביגען וועג. זיי זיינען געווען איבערצייגט, דאָס נאָר ווען די רעגירונג וועט זיך האַלטען פעסט אָן דער קאָנסטיטוציאָן וועט דאָס פאָלק זיין צופרידען מיט די בורבאָנען.

די מיניסטאָרען האָבען בעשלאָסען צו בעשרענקען די צו גרויסע פּרע-טענזיעס פון די גייסטליכע, וועלכע האָבען שוין צו פיעל אויפגעהויבען דעם קאָפּ. קיינער האָט ניט געקענט צוגעלאָזען ווערען צו אַ שטעלע אין אַן ער-ציהונגס-אַנשטאַלט ווען ער האָט געהערט צו אַ געגאָסענשאַפט, וועלכע איז ניט אָנערקענט געוואָרען פון דעם געזעץ אַלס צופערלעסיג. זאָגאַר די פּרים-טער-שולען זיינען געשטעלט געוואָרען אונטער דער אויפזיכט פון דער רע-גירונג. מען האָט ניט ערלויבט אַריינצונעהמען אין די שולען מעהר שילער, ווי פיעל עס איז געווען נעטיג אום צו ערגענצען די צאָהל גייסטליכע, וואָס

דאָס פאָלק פאָדערט. די בישאָפען האָבען אויפגעהויבען אַ שטאַרקען פּראָטעסט געגען דיזער אָרדנונג פון דער רעגירונג, אָבער עס האָט זיי ניט געהאָלפען. דאָס מיניסטעריום האָט זיי געצוואונגען נאָכצוגעבען דיזע פאָדערונג, און די יעזואיטען זיינען געווען געצוואונגען צו פערלאָזען פראַנקרייך אין גרויסע מאַסען.

ווען די קאַמערן האָבען זיך אין יאָהר 1830 ווידער אויפגעעפענט איז די לאַגע פון פראַנקרייך אין לאַנד, ווי אויך אין בעצוג צו אויסלאַנד געווען זעהר בעפרידיגענד. אויך די ליבעראַלען זיינען געווען צופרידען מיט דער רעגירונג. דאָס האָט ערמוטיגט דעם ערסטען מיניסטער מאַרטיניאַק צו אונטערנעהמען נייע רעפאָרמעס. דאָס פאָלק אין פראַנקרייך האָט נאָך אַלץ ניט געהאַט דאָס רעכט צו נעהמען אָנטייל אין זיינע אייגענע אַנגעלעגענהייטען. יעדע קלייניגקייט האָט געמוזט בעזאָרגט און געטאָן ווערען פון אַ קעניגליכען בעאַמטען און ניט פון פאָלק זעלבסט. מאַרטיניאַק האָט געוואָלט פערשאַפען דעם פאָלק זעלבסט־פערוואַלטונג אין די שטעדט און אין די דעפּאַרטעמענטען, און ער האָט געפּאַסט אַ פּלאַן, לויט וועלכען די בעאַמטע פון די ביידע ערטער — אין די שטעדט און אין די דעפּאַרטעמענטען — זאָלען זיין ערוועהלטע פון פאָלק און ניט מעהר בעשטימטע פון דער רעגירונג. כמעט אַלע מיטגלידער פון פּאַרלאַמענט זיינען אָנפאַנגס געווען בעגייסטערט פיר דיזען פּלאַן, אָבער באַלד האָבען ביידע פּאַרטייען אַרויסגעצייגט אונצופרידענהייט מיט דיזען פּראָיעקט. פיר די ליבעראַלען איז עס געווען צו ווענינ, און פיר די רעאַקציאָנערען צו פיעל.

דער קעניג איז פון דיזען דורכפאַל געווען העכסט צופרידען. די מיניסטאָרען האָבען פערלאָרען די מעהרהייט אין פּאַרלאַמענט. מיט דער לינקער זייט האָבען זיי געבראָכען, די רעכטע האָט זיי צוריקגעשטויסען און די מעסיגע אין צענטער זיינען ניט געווען אין שטאַנד צו געבען זיי וועלכע עס איז שטיצע. אָנפאַנגס האָט דער קעניג ניט אַרויסגעצייגט זיין שמחה, וואָס ער קען באַלד פּטור ווערען פון די מיניסטאָרען. ער האָט געוואָלט, אַז זיי זאָלען פריהער דורכפיהרען דעם בודזשעט פון אויסגאַבען פיר דאָס יאָהר 1830, און נאָכדעם וועט ער זיי ענטזאַגען. די מיניסטאָרען האָבען אָהן בעזונדערע שוועריגקייטען דורכגעפיהרט אַלע פאָרשלאַגען פיר דיזעס יאָהר, נאָר וועגען דעם מיליטער־וועזען זיינען געווען שטאַרקע אָנגריפען. באַלד נאָכדעם זיינען די זיצונגען פון פּאַרלאַמענט געשלאָסען געוואָרען.

ווען דער קריגס־מיניסטער איז צוריקגעקומען צום קעניג נאָך אַ היי־סער דעבאַטע האָט דער קעניג מיט איהם געהאַט פאָלגענדען געשפּרעך,

וועלכער צייגט מיט וועלכע גערדאַנקען דער קעניג האָט זיך דאַמאָלס אַרומ-געטראָגען. „ווי האָט איהר געפונען די קאַמער?" האָט דער קעניג קאַרל דער 10טער געפרעגט. „מיאוס", האָט דער מיניסטער גענעראַל דע קאָ גע-ענטפערט. ער איז נאָך געווען אונטער דעם אונאַנגענעהמען איינדרוק פון דער דעבאַטע. דער קעניג האָט איהם דאַן גענומען אָן אַ זייט און האָט צו איהם געזאָגט: „יעצט וועט איהר דאָך מיר צוגעבען, דאָס דער צושטאַנד קען אַזוי לענגער ניט בלייבען. קען איך מיך פערלאָזען אויף די אַרמעע?" דער קריגס־מיניסטער האָט באַלד איינגעזעהען, דאָס ער איז ניט געווען גע-נוג פּאָרזיכטיג, און האָט געענטפערט: „עס ווענדט זיך אָן דעם, צו וועלכען צוועק מען וויל געברויכען די אַרמעע". „אונבעדינגט!" (צו וואָס עס איז, צו אַלעם), האָט דער קעניג געענטפערט. דערויף האָט דער מיניסטער גע-זאָגט: „ווען אייער מאַיעסטעט וועט עטוואָס פערלאַנגען פון דער אַרמעע, און וועט איהר צייגען די שאַרטע, און וועט עס פאָדערן אין נאָמען פון דער שאַרטע, וועט די אַרמעע געווים זיין געהאָרזאַם. אָבער אויסערהאַלב פון דער שאַרטע געווים ניט. איך האָב צוזאַמענגעשטעלט אַ ליסט פון די אָפי-צערען אין דער אַרמעע און האָב אויסגעפונען, דאָס אונטער 20,000 אָפי-צערען געפינען זיך ניט קיין 500 פון אַדעל, און וועניגער פון 1,000, וועלכע האָבען איינקונפט פון זייער פערמעגען 600 פראַנק אַ יאָהר. מיט אַזעלכע אָפיצערען קען מען גאָרניט מאַכען אויף'ן אַלטען שטייגער". דערויף האָט דער קעניג געענטפערט: „וועד וויל דען טאָן עטוואָס געגען דער שאַרטע? זי איז אפילו זעהר אונפּאָלקאָמען, מיין ברודער האָט זי צו שנעל אָנערקענט, אָבער איך וועל זי אַכטען. נאָר די אַרמעע האָט גאָרניט צו טאָן מיט דער שאַרטע".

דער קעניג איז געבליבען פעסט ביי זיין איבערצייגונג, דאָס נאָר דורך אַ גרויסע איבערקעהרעניס אין לאַנד וועט איהם געלינגען צו ענדערן די לאַגע און צופּאַסען זי צו זיינע וואונשען. און אַזאַ איבערקעהרעניס וועט ער דורכפיהרען אויף דעם גרונד פון דעם 14טען אַרטיקעל פון דער שאַרטע, וועלכער גיט דעם קעניג דאָס רעכט אַרויסצוגעבען בעפעהלען, ווען די זי-כערהייט פון לאַנד פאָדערט עס. אום דיזען פּלאַן דורכצופיהרען האָט ער אויפגעלעזט דאָס מיניסטעריום און האָט איבערגעגעבען דעם פירסט פון פּ אָ ל י נ י אַ ק, אַ פּינסטערען רעאַקציאָנער, צו בילדען אַ נייעם מיניס-טעריום. מאַרטיניאַק איז ענטזאַגט געוואָרען. די נייע מיניסטאָרען זיינען אַלע געווען רעאַקציאָנערען. דאָס גאַנצע מיניסטעריום האָט בעדייטעט אַ קריגס־ערקלערונג געגען דער קאָנסטיטוציאָנעלער פראַנקרייך.

גאַנץ פראַנקרייך איז געוואָרען אויפגעבראַכט. דאָס בירגערטום האָט בעטראַכט די בילדונג פון דיזען מיניסטעריום אַלס אַ פּאַטש אין פּנים. דער „זשורנאַל דעם דעבאַטס" האָט דאַמאָלס געשריבען: „מיט דיזען מיניס־טעריום האָט דער קעניג צוריסען דעם באַנד פון ליבע און פערטרויען, וואָס דאָס פאָלק האָט געהאַט צום מאָנאַרך. מען רייסט אַרויס פון פאָלק דאָס, וואָס עס האָט ערוואָרבען אין פערלויף פון 40 יאָהר מיט גרויסע אָפּפער און מיה. אַלעס, וואָס דאָס פאָלק האָט צוריקגעשטויסען מיט דער גאַנצער מאַכט פון זיין ווילען, צווינגט מען עס מיט געוואַלד אָנצונעהמען. די נע־מען פון די נייע מיניסטאָרען ערוועקען אַ שרעקליכען האַס אין די הערצער פון גאַנצען פאָלק. די מיניסטאָרען וועלען מאַכען פראַנקרייך פורכטבאַר. זיי וועלען אפשר אין די ערסטע צייטען געברויכען די ווערטער: שאַרטע, פרייהייט, אָבער זיי וועלען עס אַזוי אויסשפּרעכען, דאָס עס וועט ערוועקען שרעק אין יעדען, וואָס וועט עס הערען".

פון דאַמאָלס אָן האָט די בורזשואַזיע ערוואַרטעט, דאָס עס וועט אין גיכען אויסברעכען אַ רעוואָלוציאָן, און האָט עס ערוואַרטעט מיט גרויס שרעק; מען האָט וועגען דעם אָפען גערעדט אין צייטונגען און זאָגאַר אין פּאַרלאַמענט. דעם 2טען מערץ 1830 האָט דער קעניג קאַרל דער 10טער זיך געווענדט צו דעם נייעם פּאַרלאַמענט מיט פאָלגענדע ווערטער: „איך צווייפעל ניט, דאָס איהר וועט מיר העלפען דורכפיהרען די אַלע גוטע זאַ־כען, וואָס איך וויל אונטערנעהמען. איהר וועט מיט פעראַכטונג אָפּשטוי־סען דאָס, וואָס שלעכטע מענשען ווילען טאָן. ווען איך וועל געפינען פיר נעטיג צו געברויכען געוואַלט געגען די רוה־שטערער אום אויפצוהאַלטען דעם פרידען, האָף איך צו געפינען אין אייך און אין פראַנצויזישען פאָלק דעם רעכטען פערטרויען, וועלכען איהר און דאָס פאָלק האָבען אימער גע־צייגט דעם קעניג". דערויף האָט איהם דער פּאַרלאַמענט געענטפערט מיט אַן אַדרעס אונטערגעשריבען פון 221 מיטגלידער: „די שאַרטע האָט גע־מאַכט פיר אַ נעטיגע בעדינגונג, דאָס די אַבזיכטען פון אייער רעגירונג זאָ־לען שטימען מיט די וואונשען פון פאָלק. סיר! מיר זיינען געצוואונגען צו זאָגען אָפען, דאָס יעצט פעהלט דיזע איינשטימונג".

דער רעזולטאַט פון דיזען אַדרעס איז געווען, דאָס דער קעניג האָט דעם 16טען מאַי צולאָזען דעם פּאַרלאַמענט ווייל ער האָט גערעכענט, אַז דאָס פאָלק וועט ערוועהלען צום פּאַרלאַמענט אַזעלכע נייע מיטגלידער, וואָס וועלען זיין מעהר גענייגט צו דער רעגירונג נאָך דעם, ווי ער וועט האָבען אַ זיג אין אַלזשיר, וואוהין ער האָט יעצט אונטערגענומען אַ פעלדצוג מיט

האָפנונגען אויף ערפאָלג. דיזע האָפנונגען זיינען פערווירקליכט געוואָרען, און דעם 5טען יולי 1830 האָט ער ווירקליך איינגענומען אַלזשיר. מיט'ן איינגעהמען פון אַלזשיר האָט ער אויך אריינגעבראַכט אין פראַנקרייך אַ זעהר גרויסען פערמעגען: איבער 48 מיליאָנען פראַנקס באַארעס געלט און אַנדערע איצרות.

דער זיג איבער אַלזשיר האָט געגעבען פּאָליניאַק'ן גרויסע האָפנונג, דאָס אויך אין די וואַהלען פון מיטגלידער צום נייעם פּאַרלאַמענט וועט זי־גען די רעגירונג. די רעגירונג האָט געברויכט אַלערליי מיטלען אום צו גע־ווינען די וואַהלען לויט איהר פערלאַנג. די בישאָפען האָבען בעאיינפלוסט די גייסטליכע צו אַגיטירען ביי די וואַהלען פיר די רעגירונג, און זיי זאָלען ערקלערען דעם פאָלק פון קאַנצעל אין די קירכען, דאָס דער קאַמף געגען דער רעגירונג איז אַ קאַמף פון אונגלויבען געגען דער קריסטליכער רעליגיאָן. דער קעניג זעלבסט איז אַרויס מיט אַ פּראָקלאַמאַציאָן אין דעם וואַהל־קאַמף. אָבער אַלע מיטלען האָבען ניט געהאָלפען. די רעגירונג האָט געהאַט אַ שרעקליכע נידערלאַגע. פון די 221 מיטגלידער פון פּאַרלאַמענט, וועלכע האָבען אונטערגעשריבען דעם אדרעס, זיינען 202 ווידער ערוועהלט גע־וואָרען.

יעצט האָט קאַרל דער 10טער בעשלאָסען צו געברויכען געוואַלד־מיטלען אום דורכצופיהרען זיין וואונש. ער האָט דערביי גערעכענט אויף די שטיצע פון די אַמאָליגע פּריווילעגירטע אַדעליגע און אויף די אַרמעע. אויף דעם גרונד פון דעם 14טען אַרטיקעל פון דער קאָנסטיטוציאָן האָט ער בעשלאָסען אַרויסצוגעבען בעפעהלען, וועלכע זאָלען איהם פיהרען צו זיין ציל. 14 טאָג האָבען זיך די מיניסטאָרען בעראַטען אין געהיים מיט'ן קעניג וועגען דיזע בעפעהלען. דאָס פאָלק האָט געפיהלט וואָס דאָ טוט זיך, און האָט טאָג טעגליך בעלאַגערט דאָס מיניסטעריום אום אַרויסצוקריגען עטוואָס, צו וויסען וועגען וואָס עס האַנדעלט זיך אין געהיים און וואו עס האַלט, אָבער זיי האָ־בען גאָרניט געקענט אויסגעפינען. ענדליך האָבען די מיניסטאָרען אונטער־געשריבען די בעפעהלען.

דעם 26טען יולי זיינען די בעפעהלען פערעפענטליכט געוואָרען. דער קעניג האָט אָפּגעשאַפט די קאָנסטיטוציאָן פון לאַנד, פערנאַנדערגעלאָזען דעם פּאַרלאַמענט, אָפּגעשאַפט די פּרעס־פרייהייט און אין גאַנצען געענ־דערט די וואַהל־געזעצען פיר מיטגלידער אין פּאַרלאַמענט. די בעפעלקערונג איז געוואָרען ווי בעטויבט. די אַרבייטער זיינען געווען דערצו גלייכגילטיג און האָבען פאָרטגעזעצט זייער אַרבייט. זיי האָט דער גאַנצער פּאָליטישער

שווינדעל ווענינ אינטערעסירט. שטאַרק געטראָפען פון דיזע בעפעהלען האָט זיך געפיהלט די העכערע בורזשואַזיע. זי איז איינפאַך בעשטירצט געוואָרען פון דיזער ענדערונג. ראָטהשילד האָט עס געפיהלט אַלס א דונערשלאַג. עס האָט געהאַלטען דערביי, אַז ער זאָל פון דיזער ענדערונג פערלירען זיין גאַנצעס פערמעגען; נאָר אונגעוועהנליכע אומשטענדען האָ-בען איהם גערעטעט פון באַנקראָט, און ער האָט פערלאָרען נאָר איינינע מיליאָנען. די 3=פּראָצענטינע קעניגליכע פּאַפּירען זיינען שטאַרק געפאַלען און פיעלע באַנקירען זיינען דערפון רואינירט געוואָרען.

דער ערסטער ווידערשטאַנד געגען דיזער נייער ענדערונג איז געמאַכט געוואָרען פון דער פּרעסע, ווייל זי האָט פריהער פון אַלעמען דערפיהלט, וואָס עס בעדייטעט די נייע ענדערונג. די רעדאַקטאָרען פון די ליבעראַלע צייטונגען האָבען דערלאַנגט דער רעגירונג א פּראָטעסט, אין וועלכען זיי האָבען ערקלערט, דאָס זיי וועלען זיך פיר קיין פאַל ניט אונטערוואַרפען אונטער דיזע גוואַלד=טעטיגע ענדערונג, וועלכע איז דורכאויס געגען דער קאָנסטיטוציאָן. די רעגירונג האָט באַלד פערבאָטען דיזע בלעטער. ניט אַכטענדיג אויף דיזען פערבאָט זיינען דעם 27טען יולי ערשינען „די נאַציאָ-נאַל", „טעמפּס" און די „גלאָבע" ווי געוועהנליך. די רעגירונג האָט באַלד געשיקט זשאַנדאַרען אין די דרוקערייען פון דיזע צייטונגען און מען האָט פערזיגעלט די פּרעסען. עס איז אָנגעלאָפען א גרויסע מאַסע מענשען. פיעלע דרוקער, פּאַפּיר=הענדלער, בוכהענדלער און בוכבינדער האָבען צו-לאָזען זייערע אַרבייטער. דיזע מאַסע איז געוואָרען שרעקליך אויפגערעגט אויף די רעגירונג און האָט געוואַרט אויף א געלעגענהייט צו מאַכען אונ-רוהען. אויך עטליכע און דרייסיג דעפּוטירטע האָבען זיך פערזאַמעלט, נעמליך ביי דעם פּאַריזער דעפּוטירטען קאַזימיר פּעריער. זיי האָבען בעשלאָסען צו פערעפענטליכען א פּראָטעסט געגען דעם קעניגליכען בעפעהל און דעם נעכסטען טאָג זיך ווידער צו טרעפען — א שענדליכע טאַטענלאָזיגקייט, וועלכע האָט זיך בעהאַלטען הינטער איינינע לעגאַלע (געזעצליך כשר'ע) פראַזען.

אין דעם זעלבען טאָג האָט זיך אין פּאַלעי ראָיאַל פערזאַמעלט א גרויסע מאַסע מענשען, וועלכע האָבען בעשלאָסען אַרויסצוגעהן אָפען געגען דעם בעפעהל פון דער רעגירונג. זשאַנדאַרען רייטענדיג אויף פערד האָבען זיך געלאָזען אין דער מאַסע מיט דעם צוועק צו פערנאַנדערטרייבען זי, און האָ-בען מיט זייערע פערד צוטרעטען איינינע מענשען אויף טויט. דאָס פאָלק האָט אָנגעהויבען וואַרפען שטיינער אויף די זשאַנדאַרען. דיזע האָבען גע-

שאָסען אין דער מאַסע און האָבען אייניגע געטויט און פיעלע פערוואונדעט. דאָס פאָלק האָט אָנגעהויבען צו שרייען: „ראַכע! ראַכע! נעהמט זיך צו די געוועהר!" דאָס פאָלק האָט גענומען רויבען געוועהר פון די געוועהר־פאַבריקען און האָט אָנגעהויבען מאַכען אין די גאַסען באַריקאַדען אום צו פערצאַמען דעם וועג פיר די סאָלדאַטען, וואָס די רעגירונג וועט שיקען. דערווייל איז געוואָרען נאַכט.

אויף מאָרגען, דעם 28טען יולי, האָט פאַריז בעקומען אַ גאַנץ פערענדערטעם אויסזעהן. די צובראָכענע לאַנטערנעס און די באַריקאַדען האָבען דערמאָהנט אָן דאָס פערגאָסענע בלוט פון נעכטיגען טאָג. דאָס ערסטע, וואָס דאָס פאָלק האָט גענומען דורכפיהרען יענעם טאָג, איז געווען איינצונעהמען דאָס שטאָדט־הויז. גאַנץ פריה איז אַהין צוזאַמענגעלאָפען אַ גרויסע מעננגע מענשען. די דריי־פאַרביגע פאָהן פון דער רעוואָלוציאָן האָט גענעבען דעם סיגנאַל פון אויפשטאַנד. די מאַסע האָט איינגעבראָכען די טויערן, איז אַריין אינוועניג, האָט ענטוואָפענט די סאָלדאַטען, האָט אַרויפגעצויגען אויף'ן טורם די רעוואָלוציאָנערע פאָהן און האָט אָנגעהויבען צו קלינגען אין שטורם־גלאָק. באַלד האָט מען אָנגעהויבען צו קלינגען אין פיעלע אַנדערע שטורם־גלאָקען. עס האָבען זיך באַלד בעוויזען אין די מאַסען פון פאָלק פיעלע בעוואָפענטע. מען האָט איבעראַל געשריען: „לעבען זאָל די שאַרטע!" די סטודענטען האָבען זיך בעוואָפענט מיט פיסטאָלעטען און יאַגד־ביקסען. די סטודענטען פון פאָליטעכניקום האָבען אויפגעבראָכען דעם פעכט־זאַל און האָבען אַרויסגענומען פון דאָרט פיעל געוועהר. ווען זיי האָבען דערהערט, דאָס די רעגירונג האָט געשלאָסען די פאָליטעכנישע שולע, זיינען זיי אַרויס מיט שטורם און האָבען געשריען: „לעבען זאָל די פרייהייט! לעבען זאָל די שאַרטע!" איינער פון די סטודענטען האָט אַרונטערגעצויגען זיין הוט, האָט אַרויסגעריסען די ווייסע קאָקאַרדע, האָט זי געטראָטען מיט די פיס און האָט אויסגעשריען: „נידער מיט די בורבאָנען!" דיזער אויסרוף איז אויפגענומען געוואָרען מיט גרויס בעגייסטערונג און באַלד האָט זיך בעוויזען אין דער מאַסע אַ גאַנצער וואַלד פון רעוואָלוציאָנערע פאָהנען.

אָבער צווישען דער בורזשואַזיע האָט געהערשט אַ גרויסער פּחד. דיזע קלאַס האָט מורא געהאַט פיר איהר אייגענטום אין פאַל, ווען די אָרימע מאַסע וועט געווינען די מאַכט. דער אָנבליק פון די בלויע בלוזעס פון די אַרבייטער האָט דער בירגער־קלאַס אויסגעמאָלט אַ בילד פון אַלגעמיינעם רויב. אָבער זייער שרעק איז געווען אָן אומזיסטער. דער עהרגעפיהל פון

די אַרבייטער פון יענער צייט האָט זיי ניט ערלויבט צו בעריהרען וועלכעס עס איז פרעמדעס אייגענטום, אום מען זאָל זיי ניט בעשולדיגען, דאָס דער גאַנצער אויפשטאַנד איז ניט צוליב דעם אידעאַל פון פרייהייט, נאָר אום צו מאַכען געלט דורך רויב. דיזער עהרגעפיהל פון די אַרבייטער איז געווען דער בעסטער שוץ פיר די רייכע. די אַרבייטער האָבען ניט בעריהרט קיינעמס אייגענטום, הגם זיי האָבען עס געקענט טאָן אונגעשטערט.

קאַרל דער 10טער האָט איבערגעגעבען די אויבער־קאָמאַנדע אין דער אַרמעע צום הערצאָג פון ראַגוזאַ. דאָס פאָלק האָט שוין אָנגעפאַנגען דעם קאַמף אין פיעלע פלעצער, ווען ראַגוזאַ האָט געזעצט אין בעוועגונג זיינע טרופען. איבערהויפט האָט זיך פערזאַמעלט אַ גרויסע מאַסע פון די בירגערליכע שטרייטער אויף דעם קעי (טייך־ברעג) פון דער סיטע, און הגם ראַגוזאַ האָט אַרויסגעשטעלט געגען זיי אַ קאַנאָן, האָבען זיי פאָרטגעזעצט זייער אַטאַקע. אָבער ענדליך האָבען די קעניגליכע טרופען געצוואונגען די בירגער־שטרייטער אָפּצוטרעטען דעם פּלאַץ, אויף וועלכען דיזע האָבען איבערגעלאָזען פיעלע טויטע און פערוואונדעטע. די צווייטע אָפּטיילונג פון די קעניגליכע טרופען אונטער דעם בעפעהל פון גענעראַל סט. שאַמאַנס האָט בעגעגענט ביי די טויערן סט. דעניס און סט. מאַרטין אַ זעהר שטאַרקען ווידערשטאַנד פון פאָלק.

די קעניגליכע טרופען האָבען זיך אָנגעהויבען צוגרייטען צו שיסען פון קאַנאָנען. דאָ איז צוגעלאָפען אַ אינגעל מיט אַ פּיסטאָלעט אין האַנט און ווי'אַ פייל פון בויגען האָט ער דערשאָסען דעם אָפיצער, וואָס האָט קאָמאַנדירט ביים הארמאַט. דערווייל זיינען שנעל אויפגעשטעלט געוואָרען באַריקאַדען, וועלכע האָבען געהינדערט די סאָלדאַטען געהן צוריק. אויף דעם פּלאַץ פון דער באַסטיליע האָט זיך צוזאַמענגעקליבען אַן אונגעהייערע מאַסע פון אונבעוואָפענטע פרויען און קינדער און האָט געשריען צו די קעניגליכע טרופען: „אַרבייט! ברויט!" דער גאַנצער וועג פון דער גאַס סט. אַנטואַן ביז צום שטאָדט־הויז איז געווען בעדעקט מיט טרופען און מיט בלוט. איבעראַל זיינען געמאַכט געוואָרען באַריקאַדען. אַ האָגעל פון קוילען האָט דאָס פאָלק אָפּגעפייערט איבער די קעניגליכע טרופען. פון יעדען פענסטער האָט מען געוואָרפען אויף די סאָלדאַטען ציגעל, שטיינער, אייזענס, פלעשער און פיעלע פון די סאָלדאַטען זיינען פערוואונדעט געוואָרען. דאָס פאָלק האָט געצייגט אין דיזען קאַמף גרויס בעגייסטערונג. אין דעם מאָמענט פון געפאַהר האָבען די איינוואוינער געעפענט די טירען פון די הייזער אום צו בעשיצען די שטרייטער פון פאָלק און צו בעהאַלטען זיי. די

פערוואונדעטע האָט מען באַלד בעהאַנדעלט מיט גרויס זאָרג און ליבע, און מען האָט געטאָן אַלעס מעגליכעס אום צו העלפען זיי און צו היילען זייערע וואונדען.

אין דער צייט, ווען עס האָבען אין די גאַסען פון פּאַריז געפלאָסען טייכען בלוט פון פאָלק, האָבען זיך פערזאַמעלט איינינגע דעפּוטאַטען פון פּאַר-לאַמענט. „דאָס פאָלק האָט ערוואַכט״, האָט געזאָגט דער אַדוואָקאַט מ אָ - ג י ן, וועלכער האָט געגומען צוערסט דאָס וואָרט, „מיר הערען הֿיר דעם דונער פון די קאַנאָנען און דעם וועה־געשריי פון פאָלק. מיר טאָרען יעצט ניט פערלירען קיין צייט. די רעוואָלוציאָן איז יעצט אין פולען גאַנג. אונ-זער פליכט איז יעצט צו פיהרען זי צו אַ גוטען ערפאָלג״. אָבער די פער-זאַמעלטע האָבען ניט געהאַט קיין מוט צו אַרבייטען ענערגיש, און האָבען געזוכט צו שליסען פרידען מיט דער רעגירונג און מיט אַ קאָמפּראָמיס. עס איז בעשלאָסען געוואָרען צו בעטען פון הערצאָג ראַגוזאַ אַ וואַפען־שטיל-שטאַנד ביז עס וועט געלינגען צו מאַכען פרידען צווישען פאָלק און דעם קעניג. צו דיזען צוועק האָט מען געשיקט אַ דעפּוטאַציאָן צום ערסטען מי-ניסטער פירסט פּאָליניאַק, אָבער דיזער האָט זי זאָגאַר ניט׳ געוואָלט אויפ-נעהמען.

דערווייל איז אָנגעקומען די נאַכט און דער שטרייט האָט אויפגעהערט, און אין שטאָדט איז אויף אַ קורצע צייט געוואָרען שטיל. דער טאָג פון 28טען יולי איז געוועזען אַ שרעקליכער פיר פּאַריז. די שטאָדט האָט נאָך קיינמאָל אין איהר געשיכטע ניט געהאַט אַזאַ ביטערען טאָג. און פאַרוואָס איז עס אַלעס? ווייל דאָס פאָלק האָט אויסגעשריען: „לעבען זאָל די שאַרטע!״ אָבער ווער זיינען געוועזען די, וואָס האָבען געקעמפט פיר די שאַרטע? נאָר איינינגע יונגע לייט, וועלכע האָבען גוט פערשטאַנען, דאָס די שאַרטע איז ניט מעהר ווי אַ פערדעקטער דעספּאָטיזם, און דאַן — די פּראָלעטאַריער, וועלכע האָבען גאָרניט געהאַט קיין אידעע וועגען דער שאַר-טע, וואָרום ווען זיי וואָלטען געוועזען מיט איהר בעקאַנט וואָלטען זיי זי פער-פלוכט. און צו זיי זיינען צוגעשטאַנען פיעלע יונגע מענשען, וועלכע האָבען גלאַט הנאה פון מהומות און געשלעגען. דאָס זיינען געוועזען די הויפּט־קעמ-פער פיר די שאַרטע. עס איז געוועזען אַ טרויעריגער שפּאַס. און אום צו מאַכען דעם שפּאַס נאָך שאַרפער און גרעסער איז דער הערצאָג פון ראַגוזאַ, אַליין אַ געגנער פון די דעספּאָטישע בעפעהלען פון קעניג, געשיקט געוואָ-רען דיזע בעפעהלען דורכצופיהרען און ער האָט געלאָזען שיסען אויף דאָס פאָלק.

דער אַנגריף פון די בירגער אויף די קעניגליכע טרופּען איז געוועזן אזוי שטאַרק, דאָס די לעצטע זיינען געוועזן געצוואונגען צוריקצוציהען זיך צום קעניגליכען שלאָס פון די טואילעריען. אויף די רעוואָלוציאָנערען האָבען זיך געמוזט אָפּרוהען נאָך דער גרויסער אָנשטרענגונג פון דעם טאָג. אָבער מען האָט זיך ענערגיש פאָרבערייטעט צום אָנגריף אויף דעם מאָרגענדיגען טאָג. איבערהויפּט האָט מען פיעל געאַרבייט פאָרצובערייטען באַריקאַדען. עס האָבען זיך דערמיט בעשעפטיגט אַלערליי קלאַסען מענשען; מען האָט אויסגעריסען שטיינער פון ברוק, מען האָט געגראָבען גריבער אין די גאַסען אום צו הינדערן די קעניגליכע טרופּען צו בעוועגען זיך. די באַריקאַדען זיינען געמאַכט געוואָרען אַזוי פעסט, דאָס זאָגאַר די באָמבעס פון די האַרמאַטען האָבען זיי ניט געקענט צושטערען. איבעראַל האָט דאָס פאָלק געהאָפּט אויף אַן ערפאָלג. און עס איז ווירקליך געלונגען דעם פאָלק צו בעפרייען דעם גרעסטען טייל פון שטאָדט פון דעם פיינד, פון די קעניגליכע טרופּען. די טרופּען זיינען געוועזן אויסגעמאַטערט פון אָנשטרענגונג און פון הונגער. זיי האָבען אויסער דעם ניט געהאַט קיין לוסט צו שטרייטען מיט'ן פאָלק: זיי זיינען דאָך אויך קינדער פון פאָלק. די וויסטע גאַסען פון פּאַריז, די פיעלע הרוגים, וואָס האָבען זיך געוואַלגערט אין די גאַסען פון די אָרימע אַרבייטער, ברידער פון די סאָלדאַטען, דער געשריי: „לעבען זאָל די שאַרטע!", די פּראָטעסטען געגען דער איבערטרעטונג פון דעם געזעץ, וואָס דער קעניג און די רעגירונג ערלויבען זיך — דאָס אַלעס האָט אָפּגענומען דעם מוט פון די קעניגליכע סאָלדאַטען צו פייערן אויף זייערע ברידער. דער געדאַנק צו בעזיגען די גערעכטע ליידענדע ברידער האָט אָנגעיאָגט אויף די קעניגליכע טרופּען אַ שרעק.

דעם 29טען יולי אין דער פריה האָבען אָנגעהויבען געהן פון די פאָרשטעדט אין פּאַריז גאַנצע מחנות אָנטייל צו נעהמען אין דעם קאַמף געגען דער רעגירונג. פיעלע האָבען זיך בעזעצט אויף די באַריקאַדען, און אַ גרויסער טייל איז אַוועקגעגאַנגען צום אָרט, וואו עס זיינען געשטאַנען די קעניגליכע טרופּען. אין דער זעלבער צייט האָט זיך אויך דער הויף אויפגעטרייסעלט. עס איז בעקאַנט געוואָרען, דאָס ווערסאַיל, די רעזידענץ פון די פראַנצויזישע קעניגען, האָט אָנגעהויבען רעוואָלטירען. דער קעניג האָט גלייך געשיקט זיין גוואַרדיע מיט 200 רייטענדע זשאַנדאַרען אונטער דער קאָמאַנדע פון גענעראַל ווינסענט אום צו דערשטיקען דעם אויפשטאַנד אין ווערסאַיל. אָבער די זשאַנדאַרען זיינען באַלד אַריבער צום פאָלק

און ווינסענט האָט געמוזט צוריקפיהרען די גוואַרדיע צום הויף, וואָס האָט זיך דאַמאָלס געפונען אין סט. קלוד.

איינינע שטונדען שפּעטער זיינען געקומען צום קעניג צוויי פּעירס (מיטגלידער פון אויבער־הויז פון פּאַרלאַמענט) מיט די מיניסטאָרען אום צו בעוועגען איהם נאָכצוגעבען די פאָדערונג פון פאָלק. זאָגאַר דער פירסט פּאָליניאַק איז געווען געניינט צו פרידען. ער האָט געראַטען דעם קעניג צוריקצוציהען זיינע בעפעהלען אום צו פערמיידען אַ גרויסען אונגליק; ער האָט געזאָגט, דאָס ער איז בערייט צו רעזיגנירען, ווייל די יעצטיגע אומשטענדען פאָדערן עס. דער קעניג האָט אָנפאַנגס ניט געוואָלט הערען פון קיין נאָכגעבען. אָבער ווען מען האָט איהם גוט ערקלערט, ווי טרויעריג עס איז די לאַגע, האָט ער ענדליך געזאָגט: „איך וועל רעדען מיט מיין זוהן, ער וועט צוזאַמענרופען די מיניסטאָרען אום צו בעראַטען זיך מיט זיי".

דערווייל האָט ווידער אויסגעבראָכען אין פּאַריז דער קאַמף. די סטודענטען פון דער פּאָליטעכנישער שולע זיינען אוועק אין די פּאָרשטאָדט סט. יאַקאָב (סאַן זשאַק) און האָבען צוזאַמענגערופען אַלע זייערע קאַמעראַדען. אויך אויף דעם פּלאַץ פון אָדעאָן האָט זיך פערזאַמעלט אַן אונגעהייערע מאַסע מענשען. אַלע זיינען געווען בערייט צו נעהמען געוועהר. אָבער וואו נעהמט מען געוועהר? איינער פון דער מאַסע האָט אויסגעשריען: „געהט צו די קאַזאַרמעס אין טורנאָן שטראַסע!" דער פּלאַן איז אַלעמען געפעלען געוואָרען, און אין איין אויגענבליק איז די מאַסע בעפאַלען די קאַזאַרמעס און מען האָט אָנגעהויבען רויבען די געוועהר. די זשאַנדאַרען זיינען צולאָפען און די, וואָס האָבען זיך אַריינגעכאַפּט אין די קאַזאַרמעס, האָבען אָנגעהויבען צו שליידערן דורך די פענסטער און טירען אַלערליי וואַפען: שווערדען, ביקסען און שפּיזען. די אָנפיהרער זיינען געוואָרען די סטודענטען פון פּאָליטעכניקום. עס האָבען זיך באַלד געבילדעט גרופּען פון 30, 40 און 50 אַרבייטער, יעדע גרופּע אונטער דער ליטונג פון אַ סטודענט פון פּאָליטעכניקום. מען האָט אָנגעהויבען צו פויקען און דאָס פאָלק האָט גענומען מאַרשירען.

פון דיזע אָפּטיילונגען האָט איינע פערטריבען די שווייצער פון זייער אָרט אויף דעם פּלאַץ פון הייליגען טהאָמאַס פון אַקווינאָ; אַן אַנדער אָפּטיילונג האָט פערכאַפּט אַ פּולווער־מאַגאַזין; אַ דריטע אָפּטיילונג פון 250 פּערזאָן איז אוועק צום דעפּאָ פון דער קעניגליכער גוואַרדיע. די סאָלדאַטען האָבען געוואָלט שיסען פון די פענסטער, אָבער די בעוואַפענטע אַרבייטער האָבען צו זיי אויסגעשריען: „שיסט ניט, מיר ווילען אייך ניט טאָן קיין

בייזעס !" די סאָלדאַטען זיינען געווען אין אַ פערלעגענהייט און האָבען ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. דערווייל האָט זיך אַ יונגער מאַן ארויסגעכאַפּט אויף'ן פענסטער און האָט עפּעס געזאָגט דעם אָפיצער פון דער גוואַרדיע. דיזער האָט באַלד אַרונטערגעצויגען זיין מונדיר און האָט עס אָנגעטאָן דעם יונגען מאַן און האָט איהם מיט גרויס ליבשאַפט ארומגענומען מיט זיינע אָרמס. דאַן האָט מען איבערגעגעבען דעם פאָלק די וואַפען.

באַלד נאָכדעם האָט זיך דער פּלאַץ פון אָדעאָן בעדעקט מיט בעוואַפענטע. אין דעם עק פון גאַס, וועלכע עפענט זיך אין דיזען פּלאַץ, אין אַ וויין־געשעפט, האָט אַ מאַסע סטודענטען צוזאַמען מיט ארבייטער גענומען מאַכען פּאַטראָנען צום שיסען. אין אָנפאַנג האָט געפעהלט פּאַפּיר, אָבער באַלד האָט פון אַלע פענסטער אָנגעהויבען רעגנען זעהר פיעל פּאַפּיר. עס איז באַלד פערטיג געוואָרען אַ גרויסע מאַסע קוילען. ניט ווייט פון אָדעאָן־טהעאַטער האָט מען ארויסגעשטעלט צוויי פעסער מיט פּולווער, וועלכע מען האָט ארויסגענומען פון פּולווער־מאַגאַזין. צוויי סטודענטען פון פּאָליטעכניקום האָבען מיט זייערע היט אַלע מאָל אָנגענומען אין זיי פּולווער און האָבען עס געטיילט צו די בעוואַפענטע ארבייטער.

אויף דער גאַס פון באַבילאָן איז פאָרגעקומען אַ זעהר ערנסטער קאַמף צווישען דעם פאָלק און די סאָלדאַטען אין דער קאַזאַרמע. אָבער די ארבייטער האָבען מיט אַ וואונדערבאַרער אונערשראָקענהייט אויסגעהאַלטען דעם פייער פון די סאָלדאַטען. דער קאַמף האָט שוין געהאַט געדויערט דריי פערטעל שטונדען, און עס איז נאָך ניט געווען פאָרויסצוזאָגעז, ווער עס וועט זיגען. פּלוצלינג איז אַן ארבייטער געפאַלען אויף אַ פּלאַן אונטערצוצינדען די קאַזאַרמע. געזאָגט און געטאָן. מען האָט באַלד געבראַכט אַ מאַסע שטרוי און עס אָנגעצונדען ביים טויער. די שווייצער האָבען זיך געמוזט צוריקציהען אונטער אַ האָגעל פון קוילען.

אין דער זעלבער צייט איז אויך ענטשידען געוואָרען דער קאַמף אין די טואילעריען. היר האָבען זיך צוזאַמענגעקליבען מאַסען ארבייטער, סטודענטען און אַנדערע יונגע מענשען פון אַלע שטאַנדען אום צו נעהמען דעם פּאַלאַץ מיט שטורם. אָבער די שווייצארישע סאָלדאַטען האָבען פערטיידיגט דעם פּאַלאַץ זעהר מוטיג און האָבען שטאַרק געפייערט אויף'ן פאָלק. פּלוצלינג צו מיטטאָג־צייט האָט דער הערצאָג פון ראַגוזאַ ערהאַלטען די נאַכריכט, דאָס די סאָלדאַטען אויף דעם וואַנדאָמע־פּלאַץ זיינען בערייט איבערצוגעהן אויף דער זייט פון פאָלק. דאָס איינציגע מיטעל דאָס צו פערהיטען איז געווען, אַז מען זאָל די סאָלדאַטען דערווייטערן פון פאָלק. ער האָט בע-

פוילען, אז די סאָלדאטען זאָלען קומען בעשיצען די טואילעריען און שיקען אויף זייער פּלאַץ די שווייצארישע סאָלדאטען. דערביי האָט מען געמאכט א פערזעהן — מען האָט צוגענומען די שווייצאריער פון יענעם אָרט איידער די סאָלדאטען זיינען אהין געקומען פערנעהמען זייער פּאָסט. דאָס פאָלק האָט עס גלייך בעמערקט און האָט צובראָכען דעם צאם, האָט זיך אריינגע־כאפּט אין פּאַלאַץ און האָט אָנגעהויבען צו שיסען פון די פענסטער אויף דאָס ביסעל גווארדיע, וואָס איז געבליבען אין הויף. די סאָלדאטען זיינען ענטלאָפען פון שרעק ביז זיי זיינען געקומען צום פּלאַץ „לודוויג דער 15־טער. דאָרט האָבען זיי געטראָפען אייניגע טרופּען, וועלכע זיינען נאָך געווען טריי דעם קעניג. דיזע אַלע טרופּען האָבען באַלד גענומען מארשירען צו דער גאַס פון סט. קלוד. אָבער דאָ האָט זי בעגעגענט אַן אונגעהייערע מאסע פון פאָלק. דער שרעק פאַר דיזער מאסע איז געווען אַזוי גרויס, דאָס פיעלע סאָלדאטען האָבען אוועקגעוואָרפען ניט נאָר זייערע געוועהר, נאָר אויך זייערע מונדירען און מאנכע אָפיצערען האָבען צובראָכען זייערע שווערדען.

דערמיט איז אפילו דער זיג פון פאָלק געווען געזיכערט, אָבער דער קאַמף איז פאריז איז נאָך ניט געווען צו ענדע. אין אַנדערע ערטער האָט מען פאָרטגעזעצט דעם קאַמף מיט אַזא ערביטערונג, דאָס מען האָט ער־מאָרדעט די אָפיצערען זאָגאר ווען זיי האָבען שוין אַנידערגעלעגט די וואפען.

דיזער זיג פון די בירגער האָט געבראכט אויף זייער זייט אַלע די, וועלכע האָבען פריהער מורא געהאט ארויסצוטרעטען אָפען געגען דער רע־גירונג. יעצט האָט זיך שוין דער פּארלאמענט אויך אריינגעמישט מיט דעם צוועק צו ברייננגען „אָרדנונג” אין דער זאַך פון פאָלק. יעצט האָט מען בע־וואָפענט די נאַציאָנאַל־גווארדיע און לאַפאַיעטט איז בעשטימט געוואָרען אַלס פיהרער. דאָס פאָלק האָט זיך געפיהלט דערפון בעליידיגט, ווייל אין דעם גאַנצען קאַמף האָט זיך בעטייליגט נאָר אַ קליינער טייל פון דער נאַ־ציאָנאַל־גווארדיע. יעצט, ווען דאָס פאָלק האָט געוואונען, האָט דער פּאַר־לאַמענט מורא געהאט פאַר די פּראָלעטאריער פון די פאָרשטעדט, און האָט גערעכענט פיר נעטיג צו בעוואפנען די גאַנצע נאַציאָנאַל־גווארדיע אום צו בעשיצען דאָס רעכט פון אייגענטום. צוזאמען מיט דעם האָט דער פּאַר־לאַמענט בעשטימט אַ קאָמיסיאָן, וואָס זאָל דערווייל פיהרען די רעגירונג ביז עס וועט ווערען אַ נייע אָרדנונג.

יעצט, אַז דאָס פאָלק האָט געזיגט, איז קאַרל דער 10טער געוואָרען ווייכער און האָט בעשלאָסען נאָכצוגעבען די פאָדערונגען פון פאָלק און צו־

ריקרופען זיינע בעפעהלען, און ענטלאַסען די פעוהאַסטע מיניסטאָרען צו־זאַמען מיט פּאָליניאַק׳ן. אָבער עס איז שוין געווען צו שפּעט. דאָס פאָלק האָט מעהר ניט געוואָלט האָבען קיין אונטערהאַנדלונגען מיט קאַרל דעם 10טען און מיט די בורבאָנען אין אַלגעמיין. ווען דער קעניג האָט אַריינגע־שיקט אין פּאַרלאַמענט זיינע נייע בעפעהלען און די נעמען פון די נייע מי־ניסטאָרען, וואָס ער האָט ערוועהלט, איז אין גאַנצען זאַל געווען איין גע־שריי: „וואָס? נייע מיניסטאָרען פון קאַרל דעם 10טען! מיר זיינען פערראַטען! ניין! ניין! מיר ווילען מעהר גאָרניט וויסען פון די בורבאָנען!” די הערשאַפט פון קאַרל דעם 10טען איז געווען צו ענדע, די מאָנאַרכיע איז געווען בעזיגט.

פּאַריז איז געשוואוּמען אין פרייד. אונבעקאַנטע זיינען געפאַלען איי־נער צום אַנדערען אין די אָרמס און האָבען זיך געקושט פון גרויס שמחה. די פערוואונדעטע האָט מען אַריינגענומען אין די רייכסטע הייזער און מען האָט געטאָן אַלעס מעגליכעס אום צו היילען זיי און צו ערלייכטערן זייערע שמערצען. אַלע וויין־שענקען זיינען געווען אָפען פיר יעדען, און די ווירטען האָבען פון קיינעם ניט געפאָדערט קיין בעצאָהלונג. אָבער וואָס זאָל יעצט זיין? מעהר פון אַלעמען זיינען געווען בעזאָרגט מיט דיזער פראַגע פאַב־ריקאַנטען, קויפלייט און באַנקירען; זיי האָבען מורא געהאַט ערסטענס פאַר די קעניגליכע טרופּען, וועלכע זיינען נאָך געבליבען טריי דעם קעניג, און צווייטענס פאַר דער בעזיצלאָזער מאַסע, וועלכע איז אימער בערייט גין אַזעלכע צופעלען צונעהמען אייגענטום. איינפלוסרייכע מענער, ווי לאַ־פיטטע און בעראַנזשער, האָבען באַלד נאָך דעם זיג געטראַכט, אַז מען זאָל דעם צושטאַנד ניט לאָזען לאַנג אַזוי פערבלייבען, און דאָס מען זאָל די קרוין איבערגעבען דעם הערצאָג פון אָרלעאַנס. דיזער פּלאַן איז אַזוי שטאַרק געפעלען געוואָרען דער בורזשואַזיע, דאָס מען האָט בעשלאָסען צו פערעפענטליכען אַן אָרלעאַניסטישע פּראָקלאַמאַציאָן. טהיערס האָט דיזע פּראָקלאַמאַציאָן פערפאַסט און דעם 30טען יולי איז זי אָנגעקלעפּט געוואָרען אין אַלע גאַסען פון פּאַריז. זי האָט געלויטעט:

„קאַרל דער 10טער קען ניט מעהר צוריקקומען אין פּאַריז. ער האָט געלאָזען פערגיסען דאָס בלוט פון פאָלק.

אַ רעפּובליק וועט אונז פערשאַפען שרעקליכע שטורמס; זי וועט אונז צורייסען מיט גאַנץ אייראָפּאַ.

דער הערצאָג פון אָרלעאַנס איז אַ פירסט, וואָס איז איבערגעגעבען צו דער זאַך פון דער רעוואָלוציאָן.

דער הערצאָג פון אָרלעאַנס האָט קיינמאָל ניט געקעמפט געגען אונז.
דער הערצאָג פון אָרלעאַנס איז געווען ביי זשעמאַפּעס *).
דער הערצאָג פון אָרלעאַנס איז אַ בירגער־קעניג.
דער הערצאָג פון אָרלעאַנס האָט געטראָגען די 3 פאַרבען אין פייער; דער הערצאָג פון אָרלעאַנס איז בערייט זיי ווייטער צו טראָגען. מיר ווילען ניט קיין אַנדערען.

דער הערצאָג פון אָרלעאַנס זעלבסט האָט נאָך וועגען דעם ניט געזאָגט קיין וואָרט. ער ערוואַרטעט צו הערען פון אונז וואָס מיר ווינשען. לאָמיר זאָגען וואָס מיר ווינשען, און ער וועט די שאַרטע אָננעהמען, ווי מיר האָבען זי אימער פערשטאַנען; ער וועט האָבען די קרוין ניט בירושה פון זיינע עלטערן, נאָר פון פראַנצויזישען פאָלק, און איהם וועט ער דינען".

דער מאַניפעסט האָט געמאַכט אויף'ן פּאַרלאַמענט אַ זעהר גוטען איינדרוק. דאָך האָט קיינער ניט געוואָגט פּאָרצושלאָגען די קרוין דעם הערצאָג פון אָרלעאַנס. עס איז בעשלאָסען געוואָרען, דאָס מיטטאָג־צייט זאָל זיך פערזאַמלען אַ גרויסע מאַסע פון פאָלק אין פּאַלאַץ בורבאָן אין דעם לאָקאַל, וואו דער פּאַרלאַמענט האָט זיינע זיצונגען. אין דער זעלבער צייט האָט זיך צוזאַמענגעקליבען די אַנדערע קאַמער פון די פּעירס אום צו בעטראַכטען די זאַך.ביידע קאַמערן זיינען געקומען צו אַ פערשטענדניס און מען האָט גלייך אַרויסגעלאָזען צום הערצאָג פאָלגענדע אויפפאָדערונג:

„ביידע קאַמערן פון פּאַרלאַמענט, וועלכע געפינען זיך יעצט אין פּאַריז, זיינען געווען אין דער מיינונג, דאָס עס איז זעהר נעטיג צו בעטען זיין קעניגליכע האָהייט, דעם הערצאָג פון אָרלעאַנס, אַז ער זאָל קומען אין פּאַריז אום אָנצונעהמען די פליכטען פון אַ גענעראַל־שטאַטהאַלטער פון דעם קעניגרייך. צוזאַמען דערמיט דריקט אויס דער פּאַרלאַמענט דעם וואונש, דאָס די דריי־פאַרביגע קאָקאַרדע זאָל בלייבען אין איהר קראַפט. דער פּאַרלאַמענט האָט אויך אָנערקענט פיר נעטיג צו בעזאָרגען, דאָס אין דער נעכסטער זיצונג פון ביידע קאַמערן זאָל פראַנקרייך בעקומען די פערזיכערונג, דאָס די שאַרטע וועט אין גאַנצען פערווירקליכט ווערען".

דעם זעלבען אָבענד איז דער הערצאָג געקומען אין פּאַריז צו פוס אָנגעטאָן אין אַ קאָסטיום פון אַ געוועהנליכען בירגער. ער האָט באַלד איינגעלאַדען צו זיך דעם נייעם מיניסטער־פּרעזידענט, דעם הערצאָג פון מאָר-

---

*) אַ שטאָדט אין בעלגיען, וואו די פראַנצויזען אונטער גענעראַל דיומודיעז האָבען בעזיגט די עסטרייכער אין יאָהר 1792.

טעמאַרט. עס איז געווען 3 אַ זייגער אין דער פריה, דעם 31טען יולי. ווען דער מיניסטער־פּרעזידענט איז צו איהם אַריין, האָט ער, אָרלעאַנס, צו איהם געזאָגט: „הערצאָג, זאָגט דעם קעניג, דאָס מען האָט מיך מיט גוואַלד געשלעפּט נאָך פּאַריז; איך וואָלט זיך אָבער לאָזען צוהאַקען אין שטיקער איידער אָנצוטאָן די קרוין אויף מיין קאָפּ".




טהיערס.

אום 8 אוהר אין דער פריה איז שוין געקומען צום הערצאָג אַ דעפּוטאַציאָן פון פּאַרלאַמענט. דער הערצאָג האָט אָנפאַנגס ניט געוואָלט הערען פון אַלע איהרע פּאָרשלאַגען. ענדליך האָט ער נאָכגעגעבען. ער האָט גע־מעלדעט דעם פּאָלק, דאָס ער האָט אָנגענומען די ווירדע פון אַ גענעראַל־שטאַטהאַלטער איבער פראַנקרייך. די בעקאַנטמאַכונג איז געווען געשרי־בען זעהר קלוג און פּאָרזיכטיג, אַזוי דאָס זאָגאַר אין פאַל, ווען די זאַך ווערט

דורכפאַלען, וועט איהם קיינער ניט קענען מאַכען וועלכע עס איז פּאָרווירפען. דיביידע קאַמערן פון פּאַרלאַמענט האָבען אויפגענומען די בעקאַנטמאַכונג מיט גרויס בעגייסטערונג. דער פּאַרלאַמענט האָט גלייך נאָכדעם ארויסגע-לאָזען צום פאָלק אַן ערקלערונג, אין וועלכער ער האָט גאַראַנטירט דעם פאָלק די פרייהייט, וואָס די שאַרטע גיט איהם. די ערקלערונג לויטעט:

„די נאַציאָנאַל-גוואַרדיע ווערט ווידער איינגעפיהרט. די מיטגלידער פון דער נאַציאָנאַל-גוואַרדיע האָבען אליין דאָס רעכט צו ערוועהלען זייערע אָפיצערען;

די בעטייליגונג פון די בירגער אין דער פערוואַלטונג פון לאַנד;

אַ געריכט פון געשוואָרענע (דזשורי) פיר פּראָצעסען וועגען פּרעס-פרייהייט;

געזעצליכע פעראַנטוואָרטליכקייט פון מיניסטאָרען און אונטערע פער-וואַלטונגס-בעאַמטע;

די געזעצליכע זיכערהייט פון די איינריכטונגען אין דער אַרמעע;

די ווידער-ערוועהלונג פון דעפּוטירטע, וועלכע ווערען ערנאַנט צו עפענטליכע עמטער (ד. ה. דעפּוטאַטען פון פּאַרלאַמענט, וואָס ווערען ער-נאַנט פון דער רעגירונג אויף עמטער, זאָלען האָבען דאָס רעכט צו ווערען ווידער ערוועהלט אַלס מיטגלידער פון פּאַרלאַמענט)".

דאָס אַלעס איז געשעהען ניט הערענדיג קיין וואָרט פון די באַריקאַדען-קעמפּער, וועלכע האָבען ריזיקירט זייער לעבען צו געווינען דעם קאַמף מיט דער רעגירונג. דאָס פאָלק האָט גערעכענט ניט נאָר פּטור צו ווערען פון קאַרל דעם 10טען, נאָר אויך פון טראָן אין אַלגעמיין. דאָס פאָלק איז דע-ריבער געוואָרען שרעקליך אויפגעבראַכט ווען מען האָט אויסגעשיקט דיזע פּראָקלאַמאַציאָן. דער צאָרן פון פאָלק האָט זיך געלאָזט הערען איבעראַל. „ווען אַזוי", האָבען אויסגערופען די זעצער און די דרוקער, „מוז דער קאַמף זיך אָנפאַנגען פון דאָס ניי און מיר וועלען ווידער גיסען קוגלען!" אַ מאַסע רעפּובליקאַנער האָבען זיך פערזאַמעלט אין אַ רעסטאָראַנט און מיט געוועהר אין די הענט האָבען זיי זיך בעראַטען וואָס זיי זאָלען יעצט אונ-טערנעהמען. דער בעריהמטער פּאָעט בעראַנזשער האָט געהאַלטען אַ גלענ-צענדע רעדע, אין וועלכער ער האָט זיך גענעבען אַלע מיה צו געווינען דאָס פאָלק פיר דעם הערצאָג פון אָרלעאַנס; זיין רעדע האָט אָבער ניט געהאַט אויף די אָנוועזענדע קיין ווירקונג. איינער פון די צוהערער האָט איהם גע-וואָלט אונטערשטיצען, האָט אַן אַנדערער אָנגעשטעלט געגען איהם זיין פּיסטאָלעט. ענדליך האָט די פערזאַמלונג בעשלאָסען צו פערפערטיגען אַן

אַדרעס, וועלכער האָט זיך אָנגעפאַנגען מיט פאָלגענדע ווערטער: „דאָס פאָלק האָט פערגאָסען זיין בלוט אום צוריק צו געווינען זיינע רעכטען. דאָס טייערסטע פון זיינע רעכטען איז, עס זאָל אליין ערוועהלען זיין רעגירונג. מיר מוזען טאָן אַלעס אום ניט צו דערלאָזען, אַז מען זאָל בעשטימען אָן אויבערהויפּט פיר דאָס פאָלק איידער עס איז בעשלאָסען געוואָרען וואָס פיר א



הערצאָג פון אָרלעאַנס.

סאָרט רעגירונג מען זאָל איינפיהרען אין לאַנד. מיר האָבען צוויי קאַמערן פון פאָלקס-פערטרעטער. זאָלען זיי דערווייל רעגירען ביז די מעהרהייט פון פראַנצויזישען פאָלק וועט אויסדריקען איהר ווילען". דיזען אַדרעס האָט מען צוגעטראָגען אויף דעם שפּיץ פון א שפּיז צו לאַפאַיעטט'ן. אָבער

דיזער איז שוין יעצט ניט געווען, וואָס ער איז געווען מיט 41 יאָהר צוריק, אין דער רעוואָלוציאָן פון יאָהר 1789. און דער אַדרעס איז געבליבען אָהן א שום ווירקונג.

אויך די מענער פון שטאָדט־הויז זיינען געווען גענען דעם הערצאָג פון אָרלעאַנס. אויך זיי זיינען געווען שטאַרק אויפגעבראַכט איבער די פּראָקלאַמאַציאָן, און דער גענעראַל לאָבאָ האָט זיך אויסגעדריקט: „וואָס מיר אָנבעטרעפט, וויל איך פון איהם (דעם הערצאָג פון אָרלעאַנס) ניט וויסען, ווי איך וויל ניט וויסען פון אַנדערע. ער איז אַ בורבאָן".

אַזוי איז געווען די שטימונג פון פאָלק אין דער צייט, ווען דער הער־צאָג פון אָרלעאַנס איז געפאָהרען אין שטאָדט־הויז אום אָנצונעהמען די שטאַטהאַלטערשאַפט. ער איז געפאָהרען רייטענדיג אויף אַ פערד אָן דער שפּיץ פוןביידע קאַמערן. פון פּאַלעי־ראָיאַל ביז צום פּלאַץ פון לובר איז ער בעגריסט געוואָרען פון פאָלק מיט גרויס פרייד. אָבער ווייטער פון דאָרט איז די פרייד געוואָרען שוואַכער און שוואַכער. עס זיינען געווען גאַסען, וואו עס האָט געהערשט אַן אומעטיגע שטילקייט, און אויב אימיצער האָט יע גענומען בעגריסען דעם הערצאָג איז די לופט באַלד פערהילכט געוואָרען מיט די ווערטער: „לעבען זאָל די פרייהייט! לעבען זאָל לאַפּאַיעטט!" דאָך האָט דער הערצאָג פון אָרלעאַנס געקראָגען די אָנערקענונג פון שטאָדט־הויז. פיעל האָט דערצו געהאָלפען די אויטאָריטעט פון לאַפּאַיעטט, וועלכער איז געווען ביים פאָלק זעהר בעליבט. די רעפּובליקאַנער האָבען פערלאָרען. זייערע פּראָקלאַמאַציאָנען זיינען בעזייטיגט געוואָרען. די בורזשואַזיע האָט ערוואַרט, דאָס דער הערצאָג וועט פערשאַפען די גע־ווינשטע רוה, וועלכע זייערע געשעפטען פאָדערן, און וואָס מאַכט זיי אויס די פרייהייט?

קאַרל דער 10טער האָט נאָך ניט אויפגעגעבען זיין האָפנונג צו געווי־נען צוריק דעם טראָן מיט גוואַלד. ער האָט צוזאַמענגעקליבען 12,000 מאַן אום צו דערגרייכען מיט זיי זיין ציל. ער זעלבסט איז געווען אָן דער שפּיץ פון דעם צוג. נעבען איהם האָט געריטען די הערצאָגין פון בעררי אין מע־נערשע קליידער. אָבער די טרופּען זיינען ביסלאַכווייז איבערגעגאַנגען צו די פּאַריזער; דעם 2טען אויגוסט זיינען זאָגאַר דריי רעגימענטען רייטער איבערגעגאַנגען צו דער פּאַרטיי פון הערצאָג פון אָרלעאַנס. ענדליך האָט ער דערזעהען, דאָס ער האָט פערשפּילט. ער האָט זיך צוזאַמען מיט זיין זוהן ענטזאַגט פון פראַנצויזישען טראָן. אָבער פיר דעם הערצאָג פון אָר־לעאַנס איז עס נאָך געווען ווייניג. ער האָט זיך ניט געפיהלט רוהיג כל זמן

קארל דער 10טער איז געוועזן אויף דעם פראנצויזישען באָדען. ער האָט געשיקט 6,000 מאַן אונטער לאַפאַיעטט'ס קאָמאַנדע נאָך ראַמבוליעט, וואוהין קארל מיט זיין הויף האָט אַריבערגעצויגען; דער הערצאָג האָט עס געטאָן מיט דעם אויסרייד, דאָס ער וויל בעשיצען די קעניגליכע פאַמיליע. קארל דער 10טער האָט פערשטאַנען וואָס דאָס מיינט און איז דעם 16טען אויגוסט אוועק נאָך ענגלאַנד צוזאַמען מיט זיין פאַמיליע און זיין לייב=גוואַרדיע.

יעצט האָט די נייע מאָנאַרכיע זיך גענומען איינצוריכטען אין פאַריז. עס איז געוואָרען אַן אונגעוועהנליכע יאָגענים נאָך שטעלעס, ווייל די רעוואָלוציאָן האָט אָפּגעשאַפט פיעלע בעאַמטע און דער נייער מאָנאַרך האָט דאָך געדאַרפט האָבען נייע מענשען. די מעהרסטע פון די שטעלען=זוכער זיינען געוועזן פון דעם שוים פון דער געזעלשאַפט.

די רעוואָלוציאָן פון יולי איז געוועזן ניט אין פאַריז אַליין, נאָר אין דעם גאַנצען לאַנד. איבעראַל, וואו מען האָט דערהערט קארל דעם 10טען'ס בעפעהלען, זיינען געוואָרען אויפשטאַנדען. מעהר ווי איבעראַל איז דער אויפשטאַנד געוועזן זעהר גרויס אין ליאָן. דאָ האָבען זיך מיט איין מאָל אָפּגעשטעלט אַלע ארבייטען. דאָס פאָלק האָט אפילו געהאַט ווייניג וואַפען, פון דעסטוועגען האָט מען זיך איבעראַל פאַרבעררייט צו אַן אָנגריף. דאָס פאָלק אין ליאָן האָט זיך אַזוי פיעל אָנגעזאַמעלט אין פערשיידענע פּלעצער, דאָס עס איז פשוט געוועזן אונמעגליך דורכצוגעהן די גאַס. מען האָט אויפגעריסען דעם ברוק אין די גאַסען, פון וועגען האָט מען געמאַכט באַריקאַדען, און אונטער דעם געשריי „לעבען זאָל די שאַרטע! נידער מיט די בורבאָנען!" איז מען בעפאַלען דעם ארסענאַל און מען האָט פערכאַפּט די טעלעגראַפען. דאָס פאָלק אין ליאָן האָט פאָלשטענדיג געזיגט. דער זיג פון פאַריז איז בעקאַנט געוואָרען ערסט אויף דעם אנדערען טאָג.

פיליפּ, דער הערצאָג פון אָרלעאַנס, האָט פון זיין זייט ניט געטאָן קיין זאַך אום צו ערהאַלטען די קרוין פון פראנקרייך. ער האָט באמת געוואָלט בעסער בלייבען ביי זיינע פּריוואַט=געשעפטען איידער צו טראָגען די שווערע לאַסט פון א קרוין. מען האָט איהם אָבער דערצו געצוואונגען, איבערהויפּט זיין שוועסטער אַדעלעיד. ער האָט דעם 2טען אויגוסט זעלבסט פאַרגעשלאָגען דעם פּאַרלאַמענט, אז מען זאָל ערוועהלען אַלס פראנצויזישען קעניג דעם הערצאָג פון באָרדאָ, און ער האָט פּעשפּראָכען „צו שטיצען איהם אַזוי לאַנג ווי ער וועט קענען". דעם 3טען אויגוסט האָט מען פערהאַנדעלט אין פּאַרלאַמענט די צושריפט פון קארל דעם 10טען און פון זיין זוהן, דאָס

זיי וואָלטען זיך ענטזאַגען פון טראָן נאָר צו גונסטען פון היינריך דעם 5טען, און ער האָט דערביי ניט געזאָגט קיין וואָרט, און דעם 4טען האָט ער איינגעשטימט צו וועקסלען די דינאַסטיע.

דעם 7טען אויגוסט האָבען די דעפוטירטע בעשלאָסען מיט אַ גרויסער מעהרהייט אָנצובאָטען דעם הערצאָג פון אָרלעאַנס די פראַנצויזישע קרוין. די דעפוטירטע זיינען דעם זעלבען טאָג אַוועק אין פאַלעי=ראָיאַל און דאָרט האָט דער דעפוטירטער לאַפיטטע פאָרגעלעזען דעם בעשלוס פון פאַרלאַמענט. דער הערצאָג האָט אַיינגעוויליגט אָנצונעהמען די קרוין. דאַן איז ער אַרויף אויף דעם באַלקאָן צוזאַמען מיט לאַפאַיעטט'ן, און דיזער אַלטער רעפובליקאַנער האָט זיך געווענדט צו דער גרויסער פאָלקס=פערזאמלונג מיט דיזע ווערטער: „היר איז דער פירסט, וועלכען מיר ברויכען. מיר האָבען ניט געקענט געפינען קיין אַנדערען, וואָס זאָל זיין נאָהענט צו דער רעפובליק". אין אָבענד פון דעם זעלבען טאָג האָבען זיך פערזאַמעלט די פעירס (מיטגלידער פון דער העכערער קאַמער). שאַטאָבריאַנד האָט אין אַ בעגייסטערטער רעדע פערטיידיגט די פרעטענזיע פון יונגען היינריך דעם 5טען אויף דעם פראַנצויזישען טראָן. אָבער קיינער האָט מיט איהם ניט סימפאַטיזירט. מיט אַ גרויסער מעהרהייט האָט די קאַמער אָנגענומען דעם בעשלוס פון די מיטגלידער פון אונטער=הויז, און איז נאָך אין דעם זעלבען אָבענד אַוועק אין פאַלעי=ראָיאַל אום צו בעגריסען דעם בירגער=קעניג.

דעם 9טען אויגוסט איז געווען די פייערליכע טראָן=בעשטייגונג. אונגעהייערע פאָלקס=מאַסען האָבען זיך צוזאַמענגעקליבען אַרום דעם פאַלאַץ בורבאָן. דאָרט האָבען זיך פערזאַמעלט אַלע דעפוטאַטען פון פאַרלאַמענט אום דורכצופיהרען די קרוינונג. אום 2 אוהר נאָכמיטטאָג איז דער הערצאָג אָנגעקומען אין דער בעגלייטונג פון זיינע צוויי עלטערע זיהן. ער האָט זיך אַנידערגעזעצט אויף אַ שטוהל, וועלכער איז געשטאַנען נעבען דעם טראָן. מען האָט פאָרגעלעזען די בעשלוסען פון ביידע קאַמערן פון פאַרלאַמענט. דער גענעראַל=שטאַטהאַלטער האָט דערויף געענטפערט:

„מיינע הערען פעירס, מיינע הערען דעפוטירטע! איך האָב מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט געלעזען די ערקלערונג פון די דעפוטירטע און די צושטימונג פון די פעירס. איך האָב אַלע פונקטען איבערלעגט און גוט בעטראַכט. איך נעהם אָן אָהן אויסנאַהמע אַלע בעשטימונגען און אַלע פערפליכטונגען, וועלכע די ערקלערונג ענטהאַלט אין זיך; איך נעהם אָן דעם טיטעל קעניג פון פראַנצויזישען פאָלק, וועלכען זי גיט מיר, און בין בערייט צו שווערען, דאָס איך וועל זי אָפּהיטען". באַלד נאָכדעם האָט ער




דער אויפשטאַנד אין ליאָן.

אַראָפּגענומען זיין הוט און מען האָט איהם דערלאַנגט אַ נוסח פון אַ שבועה, וואָס דער יוסטיץ־מיניסטער דיופּאָנט האָט פערפאַסט, און ער האָט געשוואָ־רען. אונטער דעם אַלגעמיינעם יובעל־געשריי „לעבען זאָל דער קעניג!" האָט ער אונטערגעשריבען דעם אָריגינאַל פון דער קאָנסטיטוציאָן (די שאַרטע).

די אַרבייטער זיינען פון דער גאַנצער געשיכטע געוועזען שטאַרק אונ־צופרידען. אָבער מען האָט געוואוסט ווי צו בערוהיגען זיי דורך פערשפּרע־כונגען און געלט־פערטיילונגען. מען האָט באַלד אָנגעקלעפּט פּראָקלאַ־מאַציאָנען, וועלכע האָבען זיך אָנגעפאַנגען מיט די ווערטער: „בראַווע אַר־בייטער! קעהרט זיך אום צוריק צו אייערע פאַבריקען און ווארשטאַטען!" זיי האָבען זיך צוריקגעקעהרט, אָבער זיי האָבען ניט געפונען קיין אַרבייט.

אין דער צייט פון דער רעוואָלוציאָן האָבען די קאַפּיטאַליסטען בע־האַלטען זייערע קאַפּיטאַלען. אַלע געשעפטען, אַלע אינדוסטריעלע פערבינ־דונגען זיינען אונטערבראָכען געוואָרען. די קלענערע קאַפּיטאַליסטען זיינען אין די דריי טעג פון דער רעוואָלוציאָן רואינירט געוואָרען. יעדער שאָס פון אַ ביקס אָדער פּיסטאָלעט האָט פעראורזאַכט אַ באַנקראָט. די באַנק פון פראַנקרייך האָט אויפגעהערט צו מאַכען וועלכע עס איז געשעפטען, האָט אויפגעהערט צו דיסקאָנטירען וועקסלען, און דער גאַנצער פערקעהר פון האַנדעל איז מיט איין מאָל אָפּגעהאַקט געוואָרען, און וועהרענד די באַנק איז געוועזען פול מיט געלד איז דאָס פאָלק געוועזען שרעקליך פעראָרימט.

יעדער טאָג האָט פערגרעסערט די נויט פון פאָלק. אין דער צייט פון דער רעוואָלוציאָן האָבען די וויכטיגסטע דרוקערייען פון דער הויפּטשטאָדט בעשעפטיגט איבער 200 אַרבייטער, וועלכע האָבען ערהאַלטען אַ טעגליכען געהאַלט פון 4 ביז 6 פראַנק. נאָך דער רעוואָלוציאָן זיינען די דרוקערייען געשלאָסען געוואָרען אויף 10 טעג, און נאָכדעם, ווען זיי האָבען זיך שוין געעפענט, האָט מען צוריקגערופען צו דער אַרבייט נאָר 12 אַרבייטער. מיט זעקס חדשים שפּעטער האָבען די דרוקערייען אָנגעהויבען צו בעשעפטיגען ניט מעהר ווי 25 אַרבייטער, און דיזע האָבען פערדינט ניט מעהר ווי 25—30 סו אַ טאָג. מען דאַרף ניט פערגעסען, דאָס די דרוקערייען האָבען געליטען פון קריזיס ווייניגער ווי די אַנדערע פאַכען. דיזע לאַגע גיט אונז אַ בעגריף פון די אונגעהייערע פערלוסטען.

אום צו העלפען דעם ליידענדען פאָלק האָט מען אָנגענומען פאָלגענדע מיטלען: מען האָט אין אַ הויף פּאָעטישער שפּראַך געלויבט די העלדען, וועלכע זיינען געשטאָרבען אין דעם קאַמף פיר פרייהייט; מען האָט אָנגע־



לואיס פיליפ שווערט אויף די קאָנסטיטוציאָן.

הויבען צו זינגען אין די טהעאַטערען אַ נייע מאַרסעילעזע, וועלכע איז פערפאַסט געוואָרען פון קאַזימיר דעלאַווינע. דער זשורנאַל פון הערצאָג פון אָרלעאַנס האָט אויסגעשריען וועגען דיזע העלדען: „איהר זייט אימער געווען די עהרליכסטע, מוטיגסטע און בראַווסטע פון אַלע מענער. עהרע אייך, איהר בראַווע פאַריזער!" דאָס זעלבע האָבען געטאָן די בעאַמטע פון דער שטאָדט־רעגירונג. אַלעקסאַנדער פון לאַבאָרדע האָט מיט בעגייסטערונג אויסגעשריען אין אַ פּראָקלאַמאַציאָן: „ווער קען זיך ריהמען צו זיין דער ערסטער בעאַמטער פון אַ בעפעלקערונג, וועלכע האָט מיט איהרע העלדענטאַטען געראַטעוועט די פרייהייט און די ציוויליזאַציאָן?" און אין פיעלע פאַמיליעס האָט געפעהלט ברויט, און פיעלע מוטערס האָט מען געזעהען אויף די קאַלטע שטיינערנע פּלאַטען אין מאַרג (טויטען־הויז) זוכענדיג די ליבע קערפּערס פון זייערע קינדער, וועלכע זיינען אויסגעגאַנגען פון הונגער.

דאָך האָט מען געטאָן פיעלעס צו העלפען די אלמנות און יתומים, וואָס זיינען פערבליבען פון די הרוגים פון דער יולי־רעוואָלוציאָן, אָדער פיר די פאַמיליעס פון די פערוואונדעטע. פון אַלע זייטען זיינען אָנגעקומען פיר זיי סובסקריפּציאָנען. אין דער זעלבער צייט האָט מען זיך בעשעפטיגט אין קעניגליכען שלאָס מיט רעווידירען די שאַרטע. מען האָט געזוכט הערצושטעלען די נאַציאָנאַל־גוואַרדיע אַזוי, אַז מען זאָל קענען אויסשליסען פון איהר דאָס אָרימע פאָלק. מען האָט בעשטימט אַ פאָרמע פון אַ קאָסטיום, וואָס האָט געקאָסט זעהר טייער, אַזוי דאָס נאָר די פערמעגליכע קלאַס, די בורזשואַזיע, איז געווען אין שטאַנד צו פערשאַפען זיך אַזאַ אָנצוג. מען האָט בעשלאָסען צו געבען מעהר פּרעס־פרייהייט צו די יעניגע צייטונגען און זשורנאַלען, וועלכע האָבען זיך ביזהער וועניגער אָנגענומען פיר די אינטערעסען פון אָרימען פאָלק; צו געבען אַ גרעסערע צאָהל בירגער דאָס רעכט צו נעהמען אָנטייל אין געזעצגעבונג; צו געבען די געזעצגעבער פון דער בורזשואַזיע דאָס רעכט פון איניציאַטיווע (דאָס רעכט פאָרצושלאָגען געזעצען); ענדליך, צו שטעלען גלייך אַלע רעליגיאָנען און אָפּשאַפען דעם אַדעל, ווי אין 1789.

אָבער צו פערטיילען די אָפּגאַבען מיט מעהר יושר, צו ערלייכטערן די לאַסטען, וועלכע דריקען די אָרימע, און אָפּצושאַפען די אינדירעקטע שטייערן, צו זוכען מיטלען געגען די מערדערישע ענדערונגען פון אַרבייטס־לוין — וועגען דעם האָט מען זיך גאָרניט געגומען די מיה צו זאָרגען. דערפאַר האָט מען פיעל געזאָרגט וועגען די בערזע־ספּעקולאַנטען, און מען האָט

זיי פערשאַפט דורך איינינע פעראָרדנונגען די מעגליכקייט צו מאַכען לייכט מיליאָנען.

די בורזשואַזיע האָט טריאומפירט. זי האָט ארויפגעזעצט אויף'ן טראָן א פירסט, וועלכער האָט נאָר איהר צו פערדאַנקען זיין ערפאָלג. די מיניס-טאָרען זיינען געווען פערזאָנען, וועלכע האָבען בעקומען מאַכט און א נאָמען נאָר צו פערדאַנקען דער בורזשואַזיע. די פערענדערטע שאַרטע, וועלכע האָט געגעבען וואהל-פרייהייט און פרעס-פרייהייט, פעראַנטוואָרטליכקייט פון די מיניסטאָרען צום פאָלק און זעלבשטענדיגע פערוואַלטונג, דאָס אַלעס איז נאָר געווען צוגעפּאַסט צו די אינטערעסען פון דער בורזשואַזיע. די געזעצ-געבענדע מאַכט איז געווען אין זייערע הענט. די וויכטיגסטע עפענטליכע עמטער האָט פערנומען די בורזשואַזיע. אויך די נאַציאָנאַל-גוואַרדיע איז געווען מעהרסטענס פון איהר. און אזוי האָט די בורזשואַזיע ארייגעכאַפּט די רעגירונג אין איהרע הענט.

## ב. די ווירקונג פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן אויף די נידערלאַנדען און פוילען.

עס איז זעלטען צו געפינען אין דער געשיכטע א פּאָליטישע איבער-קעהרענים, וואָס האָט געהאַט אַזאַ שטאַרקען איינפלוס אויף פרעמדע לענ-דער, ווי די יולי-רעוואָלוציאָן אין פראַנקרייך. אַלע אַנדערע אייראָפּעאישע מעכטען האָבען געגלויבט, דאָס עס איז שוין אַן ענדע פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן, דאָס פראַנקרייך איז צוריק געוואָרען רעאַקציאָנער, דעספּאָ-טיש, ווי זי איז געווען פריהער. די אייראָפּעאישע רעגירונגען זיינען שטאַרק דערשראָקען געוואָרען ווען זיי האָבען בעקומען די נאַכריכט פון דיזער רע-וואָלוציאָן, בעזונדערס, ווען זיי האָבען געזעהען, דאָס איבעראַל האָט אָנגע-הויבען אריינבלאָזען פון פראַנקרייך א שאַרפער ווינט פון רעוואָלוציאָן, און די גאַנצע בורזשואַזיע פון אייראָפּאַ איז געווען אין גרויס בעגייסטערונג. שטאַרקער ווי איבעראַל איז געווען דער איינפלוס פון דיזער רעוואָלוציאָן אין די נידערלאַנדען און אין פוילען.

נאָך דעם, ווי נאַפּאָלעאָן איז געפאַלען, האָבען די אייראָפּעאישע מעכ-טען געמאַכט פון בעלגיען און האָללאַנד איין קעניגרייך אונטער דעם נאָמען „די פעראייניגטע נידערלאַנדען”.

פון עקאָנאָמישען שטאַנדפּונקט איז די פעראייניגונג געווען א זעהר ניצליכע און געלונגענע. איבערהויפּט איז בעלגיען געוואָרען גליקליך פון דיזער פעראייניגונג, ווייל די האָללענדישע קאָלאָניעס האָבען זעהר פיעל

געקויפט פון די בעלגישע פראָדוקטען. דער הערשער פון דיזען רייך, קעניג וױלהעלם, איז געווען אַ זעהר טיכטיגער קאָפּ־מענש. שטאַרק בע־האַוועגט אין פּראַקטישער שטאַאַטס־וויסענשאַפט און בעגאַבט מיט פעהיג־קייט פיר ספּעקולאַציאָן, האָט ער געשווינד און שטאַרק ענטוויקעלט די האָל־לענדיש־בעלגישע אינדוסטריע. ער איז געווען דער גרינדער פון דער בע־ריהמטער אַלגעמיינער געזעלשאַפט אין בריססעל.

אָבער אין פּאָליטישער הינזיכט האָט ער געמאַכט זעהר בעדייטענדע פעהלערן. ער איז געווען מיט לייב און זעעלע אַ האָללענדער און האָט בע־טראַכט בעלגיען נאָר אַלס אַ צואוואַקס צו האָללאַנד. ביים אָנשטעלען בע־אַמטע אין דער אַרמעע אָדער אין ציוויל־פערוואַלטונג האָט ער אימער גע־געבען דעם פאָרצוג צו די האָללענדער. די האָללענדישע שפּראַך איז גע־ברויכט געוואָרען אין אַלע אָפיציעלע אַנגעלעגענהייטען, הגם אין די זיד־ליכע פּראָווינצען האָט דאָס פאָלק זי זעהר וועניג פערשטאַנען. מען האָט דאָרט גערעדט פראַנצויזיש. אָבער מעהר פון אַלעס איז געווען אונערטרעג־ליך די שטייער־לאַסט. דאָס לאַנד איז געווען שולדיג 2 מיליאַרדען, און דאָס האָט דאָס פאָלק צוגעשריבען צו דער פעראייניגונג פון די לענדער. דיזע אונגעהייערע סומע איז פערברויכט געוואָרען אום צו פערגרעסערן די זעע־מאַכט פון האָללאַנד, פון וועלכער מאַכט די בעלגיער האָבען ניט ער־וואַרט פיר זיך קיין נוצען.

אויסער דעם האָט דער נאַציאָנאַלער שטאָלץ פון בעלגיען נאָך פיעל געליטען פון קרענקונגען אין רעליגיעזער בעציהונג. די רעליגיאָן פון דיזע צוויי פעלקער איז געווען פערשיידען. אין זיד האָט געהערשט דער קאַטאָ־ליציזם און אין נאָרד דער פּראָטעסטאַנטיזם. די קאַטאָלישע גייסטליכע האָבען ניט געוואָלט לאָזען די פאָלקס־ערציהונג אין די הענט פון דער פּראָ־טעסטאַנטישער רעגירונג. דיזע לעצטע האָט געמוזט נויטען מיט גוואַלד די קאַטאָליקען צו בעזוכען די פרייזיניגע פאָלק־שולען. די קליינע סעמי־נאַרען פון די קאַטאָליקען, וועלכע זיינען געווען אַ נעסט פון פאַנאַטיזם, האָט די רעגירונג אין גאַנצען געשלאָסען; די רעגירונג האָט אויך גע־צוואונגען די קאַטאָלישע טהעאָלאָגען צו בעזוכען פילאָזאָפישע קורסען. די קאַטאָליקען האָבען זיך פעראייניגט מיט די ליבעראַלען אום צוזאַ־מען צו שטרייטען מיט דער רעגירונג. דיזער בונד איז שוין אין יאָהר 1830 געווען אַזוי שטאַרק, דאָס דער קעניג ווילהעלם האָט אין איהם גע־זעהען אַ געפאַהר פיר זיך. עס איז אייגענטליך ניט געווען שווער דיזע געפאַהר צו בעזייטיגען. דער מאַטעריעלער צושטאַנד פון לאַנד איז געווען

זעהר צופרידענשטעלענד, אזוי אז דאָס פאָלק האָט פיר קיין פאַל ניט גע-דענקט וועגען שטירצען דעם טראָן. ער האָט נאָר געברויכט געבען בעלגיען א בעזונדערע פערוואלטונג, און זיי וואָלטען געווען צופרידען, אפילו נאָר מיט דער ענטלאַסונג פון דעם פערהאַסטען יוסטיץ־מיניסטער ו ו אַ ן מ אַ אַ נ ע ן.

צוליב דיזער פיינדליכער שטימונג פון די בעלגיער צו דער רעגירונג האָט די פראַנצויזישע רעוואָלוציאָן פון מאָנאַט יולי געהאַט א גרויסען איינ-פלוס אין בעלגיען. דאָס ערסטע, וואָס די בעלגיער האָבען געטאָן, איז געווען אָנצוקלעפּען אויף די מויערן פון בריססעל די אויפשריפט: „נידער מיט וואַן מאַאַנען!" און „טויט צו די האָללענדער!" דעם 25טען אויגוסט האָט זיך א גרויסע מאַסע פון פאָלק געלאָזען צו די וואוינונגען פון די בעאַמטע און צו די גרויסע אינדוסטריע־געביידעס, וועלכע זיי האָבען געפּלינדערט און אונטערגעצונדען. דעם 26טען איז די גאַנצע נידעריגע שטאָדט געווען אין די הענט פון די רעוואָלוציאָנערען, און אויף דעם שטאָדט־הויז האָט גע-פלאַטערט די דריי־פאַרביגע בראַבאַנטער פאָהן. ווען דער פּרינץ פון אָראַ-ניען איז געקומען מיט זיינע טרופּען און האָט געפאָדערט, אז מען זאָל ארונטערנעהמען די פאָהן, איז באַלד געוואָרען אין בריססעל א נייער אויפ-רוהר. דער פּרינץ האָט געמוזט נאָכגעבען. ער איז געקומען אין שטאָדט אָהן מיליטער און די בראַבאַנטער פאָהן האָט ווייטער געפלאַטערט. דאָס האָט איהם געקרענקט. איבערהויפּט איז איהם געווען אונערטרעגליך צו זעהן די באַריקאַדען, און צוליב דיזען טרויעריגען בילד איז ער צוריק אוועק פון שטאָדט. אָבער איין וואָרט פון דער בורזשואַזיע האָט איהם א ביסעל בערוהיגט און האָט געשטאַרקט זיין מוט. דיזעס וואָרט איז געווען „אָרד-נונג". דערמיט האָט די בורזשואַזיע געגעבען דעם פּרינץ צו וויסען, דאָס זיי ווילען ניט צונעהמען די קרוין פון קעניג, נאָר זיי פערלאַנגען אָפּשיידען זיך פון די האָללענדער און האָבען א זעלבסט־פערוואַלטונג אונטער זיין אויבער־הערשאַפט.

דער פּרינץ האָט בעשטימט א קאָמיסיאָן, וועלכע זאָל אויסאַרבייטען א פּלאַן און געפינען מיטלען, ווי צו בעזייטיגען די אונצופרידענהייט. ער האָט פערשפּראָכען צו פּועל'ן ביים קעניג, אז ער זאָל אָפּשיידען די בעלגיער פון די האָללענדער און געבען זיי א זעלבסט־פערוואַלטונג. אָבער עס איז שוין געווען צו שפּעט. דאָס פאָלק איז שוין געווען בעוואָפענט; דער פּרינץ פריעדריך האָט צוזאַמענגעקליבען 10,000 מאַן און האָט זיי געפיהרט געגען די בירגער־טרופּען. דיזע האָבען געהאַט א נידערלאַגע, און דאָס האָט נאָך

מעהר אויפגערייצט די געמיטער. מען האט אין בריססעל ווידער אנגע-הויבען צו מאכען באריקאדען, די שטורם-גלאק האט ניט אויפגעהערט צו קלינגען טרעוואגע, און דאס פאלק איז ווידער ארויס געגען די קעניגליכע טרופען. דער ענטהוזיאזם פון פאלק איז געוועזן אונגעהייער, און די קעניג-ליכע האללענדישע טרופען האבען זיך געמוזט צוריקציהען (29טען סעפ-טעמבער). יעצט האט וועגען א שלום מיט'ן קעניג מעהר קיין רייד ניט געקענט זיין. בעלגיען'ס אפטיילונג פון האללאנד איז געשעהען אהן דעם קעניג'ס צושטימונג.

דעם 4טען אקטאבער האט די דערוויילינע רעגירונג ארויסגעגעבען אן ערקלערונג, דאס פון יעצט אן איז בעלגיען א זעלבשטענדיגער שטאאט. זי האט בעשטימט א קאמיסיאן, וואס זאל אויסארבייטען א קאנסטיטוציאן, און האט צוזאמענגערופען א קאנגרעס, וואס זאל בעשטימען און ענטשיידען דעם שיקזאל פון בעלגיען. דאס פאלק זעלבסט איז געוועזן געטיילט אין דער מיינונג וועגען דיזער אנגעלעגענהייט. איין טייל, די הייסע פאטריא-טען, האט שטארק געגלויבט, דאס בעלגיען קען עקסיסטירען אלס א זעלב-שטענדיגע נאציאן, און דער אנדערער טייל, די אראנזשיסטען, האבען גע-האלטען פיר נעטיג צו בלייבען אונטער דער רעגירונג פון ווילהעלם פון אראניען, פון דער דינאסטיע נאססאו, נאר מיט פערענדערטע איינארדנונ-גען. דיזע פארטיי האט ניט געגלויבט, דאס בעלגיען איז אין שטאנד צו פיהרען א זעלבשטענדיגע מלוכה. די פארטיי פון אראנזשיסטען איז בע-שטאנען פון פינאנסיסטען, פאבריקאנטען און פון אלטע בעאמטע אין האל-לאנד. די פארטיי פון די פאטריאטען איז בעשטאנען פון קאטאליקען, לי-בעראלען און ארבייטער.

די האללענדער האבען בעגאנגען א גרויסען פעהלער דערמיט, וואס זיי האבען געשאסען אויף די שטאדט אנטווערפען, די בליהענדסטע שטאדט פון בעלגיען און די איינציגע, וואס איז געוועזן טריי דעם קעניג ווילהעלם. זיי האבען דיזע שענע שטאדט בוכשטעבליך פערוויסטעט. די שענסטע גא-סען, די פרעכטיגסטע פלעצער זיינען פערוואנדעלט געווארען אין הויפענס אש; די רייכסטע און טייערסטע מאגאזינען זיינען פערברענט געווארען. און דערום, ווען עס האט זיך געעפענט אין בריססעל דער בעלגישער נא-ציאנאל-קאנגרעס (10טען נאוועמבער), איז בעלגיען באלד ערקלערט גע-ווארען אלס אן אונאפהענגיגע מדינה, אין וועלכער די מיטגלידער פון דער דינאסטיע נאססאו-אראניען האבען אויף אימער פערלארען דאס רעכט צו הערשען. דער קאנגרעס האט בעשטימט, אז די פארמע פון דער נייער

רעגירונג זאָל זיין אַ מאָנאַרכישע. מען האָט באַלד גענומען פערפאַסען אַ נייע קאָנסטיטוציאָן. אָבער נאָך איידער די קאָנסטיטוציאָן איז פער-טיג געוואָרען זיינען שוין ענטשטאַנען גרויסע שוועריגקייטען וועגען דער פערזאָן, וועלכע זאָל ערוועהלט ווערען אַלס קעניג.

די מעהרהייט פון שטימען איז געווען פיר דעם הערצאָג פון לייכטענ-בערג, אָבער פראַנקרייך האָט דערצו ניט געוואָלט געבען איהר איינשטימונג. אויך די קאָנפערענץ פון דיפּלאָמאַטען אין לאָנדאָן האָט ערקלערט, דאָס די אַלע פינף אייראָפּעאישע גרויסמעכטען, וועלכע האָבען געשלאָסען אין 1815 אַ בונד וועגען דער אויפהאַלטונג פון דעם גלייכגעוויכט פון אייראָפּאַ, קענען ניט געבען זייער הסכמה אויף דיזען הערצאָג אַלס קעניג פון בעלגיען. די לאַגע פון בעלגיען איז געווען אין גרויס געפאַהר, ווייל דער קעניג פון די נידערלאַנדען האָט שוין אָנגעהויבען מאַכען גרויסע פאָרבערייטונגען צו אַן אָנפאַל אויף בעלגיען. אויך די פּאַרטיי, וואָס האָט געהאַלטען מיט דעם פּרינץ פון אָראַניען, האָט אָנגעהויבען צו מאַכען אין לאַנד גרויסע אונרוהען. דאַן האָבען איינִיגע פאָרגעשלאָגען אַלס קעניג דעם הערצאָג לעאָפּאָלד פון זאַקסען-קאָבורג. דיזער נאָמען האָט גלייך צוטריבען אַלע וואָלקענס, וואָס האָבען זיך אָנגעזאַמעלט אויף דעם פּאָליטישען הימעל פון בעלגיען. ענגלאַנד מיט פראַנקרייך האָבען די ערסטע געגעבען זייער הסכמה צו דיזער וואהל, און דיזע צושטימונג האָט געלעזט די פראַגע. דעם 4טען יוני איז לעאָפּאָלד ערוועהלט געוואָרען אַלס קעניג פון בעלגיען מיט אַ גרוי-סער מאַיאָריטעט, און דעם 9טען יולי האָט די לאָנדאָנער קאָנפערענץ די וואהל בעשטעטיגט. נאָכדעם האָט דער פּרינץ לעאָפּאָלד געגעבען צו וויסען, דאָס ער נעהמט אָן די קרוין. דעם 17טען יולי האָט ער צום ערסטען מאָל בעטרעטען דעם בעלגישען באָדען, וואו ער איז אויפגענומען געוואָרען פון פאָלק מיט גרויס ענטהוזיאַזם, און דעם 21טען איז ער אריין מיט פּאַראַד אין בריססעל. דעם צווייטען טאָג איז ער אָנערקענט געוואָרען אַלס קעניג פון בעלגיען און האָט אָנגענומען די שבועה, וואָס דער קאָנגרעס האָט איהם געגעבען, אַז ער זאָל היטען די קאָנסטיטוציאָן און די אונאָפּהענגיגקייט פון לאַנד. דערמיט איז בעלגיען אָנערקענט געוואָרען פון אַלע אייראָפּעאישע מעכטען אַלס אַן אונאָפּהענגיגעס, זעלבשטענדיגעס רייך.

וואָס אָנבעטרעפט פּוילען איז עס שוין לאַנג בעשטימט געוואָרען, דאָס זי זאָל צוטיילט ווערען צווישען די דריי מעכטען: רוסלאַנד, עסטרייך און פּרייסען, און יעדער טייל זאָל בעהאַלטען זיינע נאַציאָנאַלע איינריכטונגען און האָבען זיינע נאַציאָנאַלע פערטרעטער. אין דיזער הינזיכט האָט רוס-

לאַנד געהאַלטען וואָרט, בוכשטעבליך לויט דעם אָפּמאַך. רוסישע פּוילען איז ווירקליך געווען אַ זעלבשטענדיגע מדינה, זי האָט נאָר געהאַט צוזאַמען מיט רוסלאַנד די פּערזאָן פון דעם הערשער, דעם צאַר, וועלכער האָט אָבער אַלס הערשער פון פּוילען נאָר געהאַט דעם טיטעל קעניג. פּוילען איז אונטער רוסלאַנד געבליבען ביי איהרע פריהערדיגע נאַציאָנאַלע איינריכטונגען: זי האָט געהאַט איהר סענאַט, איהרע אייגענע געריכטס־הייזער, איהר אייגענעם געלט־סיסטעם או. אז. וו. זאָגאַר אַן אַרמעע האָט פּוילען געהאַט איהר אייגענע. די פּוילישע שפּראַך איז געווען די אָפּיציעלע שפּראַך אין אַלע אנשטאַלטען פון לאַנד. די פערפאַסונג איז געווען אַ קאָנסטיטוציאָנעלע מיט 2 קאַמערן. די אויבערע קאַמער איז בעשטאַנען פון פּערזאָנען, וואָס דער קעניג האָט בעשטימט, און די אונטערסטע איז בעשטאַנען פון דעפּו-



לעאָפּאָלד דער 1טער.

טירטע (ערוועהלטע פון פאָלק). דאָס לאַנד, און איבערהויפּט דאָס בירגער־טום, האָט זיך אונטער דיזער פערפאַסונג ענטוויקעלט אויף'ן העכסטען גראַד. דער האַנדעל האָט זיך ענטוויקעלט אונגעוועהנליך. אויך די אינדוסטריע און דער אַקערבוי האָבען אויפגעבליהט אונטער דיזער אָרדנונג, אַזוי דאָס פּוילען איז קיינמאָל ניט געווען אַזוי גליקליך ווי אין די יאָהרען פון 1815 ביז 1830.

די פּאָליאַקען אָבער האָבען ניט געקענט פערגעסען זייער פריהערדיגע גרויסקייט, זייער מאַכט, זייער רוהם, זייער אַלטע פרייהייט. און דעריבער זיינען זיי געווען אונצופרידען מיט דער רוסישער אויבערמאַכט. דער ווי־צע־קעניג גרויספירסט קאָנסטאַנטין מיט זיינע מיניסטאָרען האָבען זיך ערלויבט צו טאָן די פּאָליאַקען אייניגע זאַכען, וואָס זיינען געווען ניט געזעצליך, און דאָס האָט נאָך מעהר אויפגערעגט די פּאָליאַקען געגען די רוסישע רעגירונג. איבערהויפּט האָט זיי אויפגעבראַכט דער בעפעהל פון גרויספירסט קאָנסטאַנטין צו בעזייטיגען די בעשלוסען פון זייער פּאַרלאַ־מענט. ענדליך האָט די רוסישע אויבער־רעגירונג מעהר ניט צוזאַמענגערו־פען דעם פּוילישען פּאַרלאַמענט, ווען עס איז געקומען דערצו די בעשטימטע צייט, זי האָט בעשרענקט די פּרעס־פרייהייט און האָט איינגעפיהרט אַ מי־ליטער־געריכט אָנשטאָט אַ ציוויל־געריכט. דיזע אַלע פעראָרדנונגען האָבען געפיהרט צו אַ פערשווערונג. די סטודענטען, דער קליין־אַדעל און דער אָפּי־צערען־קאָרפּוס זיינען געווען אין אַ געהיימען בונט. מען האָט געשאַפען אונגעהייערע געלט־מיטלען אום צו שטרייטען מיט רוסלאַנד און צו געווי־נען די פריהערדיגע אונאָפּהענגיגקייט.

אויך פיעלע אַרבייטער זיינען צוגעשטאַנען צום בונט, הגם זיי האָבען קיין פערבעסערונג פון זייער לאַגע ניט ערוואַרט פון דיזען אויפשטאַנד, ווייל דער הויפּט־צוועק פון איהם איז געווען צוריקצושטעלען די אַלטע פּרי־ווילעגיעס פון דעם אַדעל. די פאָדערונג פון די פּאָליאַקען צו האָבען אַן אייגענעם הערשער און אַן אייגענע קאָנסטיטוציאָן איז נאָר געווען אַ מאַסקע, אַ מיטעל איינצופיהרען צוריק די אַלטע פּריווילעגיעס פון גרויסען אַדעל. די גלייכע רעכטען פון די בירגער האָבען די פּאָליאַקען, איבערהויפּט דער קליין־אַדעל, גערעכענט פיר אַ גרויסע געפאַהר פיר זייער עקסיסטענץ, און דעריבער האָבען זיי געוואָלט צוריק איינפיהרען דאָס אַלטע פעאָדאַל־סיס־טעם. די אָפּיצערען פון דער פּוילישער אַרמעע און די גייסטליכע האָבען זיי געהאָלפען אין דיזער שטרעבונג. אין דיזער הינזיכט זיינען די גייסט־ליכע געווען אַ גרויסע שטיצע דעם קליינעם אַדעל, ווייל די פאַנאַטישע בוי־

ערן האָבען זיך אין גאַנצען געפונען אונטער זייער איינפלוס, און זיי איז געווען לייכט אויפצוהויבען זיי געגען דער רעגירונג און געגען די גרויסע גוטס־בעזיצער, פון וועלכע דער קליינער אַדעל האָט געפאָדערט אַן אונגע־הייערע געלט־שטיצע צו פיהרען דעם קריג.

די נאַכריכט וועגען דער פראַנצויזישער יולי־רעוואָלוציאָן האָט אויפ־געפלאַקערט די געמיטער פון דער פוילישער בעפעלקערונג אין ווארשא. דערצו האָט די רעגירונג אָנגענומען אַזעלכע שטרענגע מאַסרעגלען, וועלכע האָבען נאָך מעהר צורייצט דאָס פאָלק. איבערהויפּט איז דאָס פוילישע פאָלק געוואָרען ערביטערט, ווען די רוסישע רעגירונג האָט געפאָדערט, דאָס די פוילישע אַרמעע זאָל אַרויסטרעטען אין שטרייט געגען פראַנקרייך, אום צו דערשטיקען דאָרט די רעוואָלוציאָן.

עס האָט אָנגעהויבען אַריינקומען אין פוילען רוסישעס מיליטער, אום צוזאַמען מיט די פוילישע סאָלדאַטען אַרויסצוטרעטען געגען פראַנקרייך. מען האָט זיך בעדאַרפט צואיילען אַרויסגעהן געגען רוסלאַנד איידער די רוסי־שע אַרמעע וועט ווערען צו שטאַרק אין פוילען. עס איז בעשטימט געוואָרען אָנצופאַנגען דעם אויפשטאַנד אין דער נאַכט פון דעם 29טען נאָוועמבער. אין דעם אָבענד פון דיזען טאָג זיינען די סטודענטען און שילער פון דער מיליטער־שולע בעפאַלען דעם פאַלאַץ פון גרויספירסט קאָנסטאַנטין. זיי זיינען געווען ערמוטיגט מיט דעם ערפאָלג פון די סטודענטען פון פאַריזער פּאָליטעכניקום. זיי האָבען לייכט ערמאָרדעט די שילד־וואַך און די די־נערשאַפט פון פאַלאַץ. זיי האָבען געוואָלט ערמאָרדען אויך דעם גרויס־פירסט, אָבער זיין צימער איז געווען לעער. ער איז ענטלאָפען אין דער רעכטער צייט, באַלד ווי די סטודענטען האָבען אָנגעהויבען צו שטורמען דעם פאַלאַץ. אויס ראַכע האָבען די רעוואָלוציאָנערען ערמאָרדעט זיין גע־נעראַל־אַדיוטאַנט און דעם פּאָליציי־פּרעזידענט, וועלכער האָט זיך צופעלי־גערווייז דאַן געפונען אין פאַלאַץ. פון פאַלאַץ האָט זיך דער אויפשטאַנד פערברייטעט איבער דער גאַנצער שטאָדט. עס האָט אויסגעבראָכען אַ שרעקליכער קאַמף צווישען די פּאָליאַקען און די רוסען. דער מיטעלפונקט פון דער רעוואָלוציאָן איז געווען די מיליטער־שולע. צו די סטודענטען פון דיזער שולע זיינען צוגעשטאַנען פיעלע אַרבייטער און איינינגע פוילישע רע־גימענטען סאָלדאַטען אונטער דער פיהרונג פון די אונטער־אָפיצערען אין דער אַרמעע. איבעראַל האָט זיך געהערט דער געשריי: „צו די וואַפען!" דאָס פאָלק האָט בעפאַלען דעם אַרסענאַל און האָט בעקומען 50,000 ביק־סען. גאַנצע קוואַרטאַלען האָט מען אונטערגעצונדען אום צו מאַכען די

מהומה נאך שטארקער. ערסט דאן, ווען דער פייער האט אויסגעבראכען, האבען די רוסישע טרופען אנגעהויבען צו פעראייניגען זיך און ארויס אין קאמף געגען די רעוואלוציאנערען. אבער די הערשאפט פון גרויספירסט איז אפגעשאפט געווארען. ווארשא האט זיך געפונען אין די הענט פון די רעוואלוציאנערען.

די פוילישע רעגירונג, וועלכע איז בעשטאנען פון לויטער פאליאקען, האט גוטגעהייסען די רעוואלוציאן און האט אנערקענט פיר געזעצליך אלעס, וואס די רעוואלוציאנערען האבען געטאן. דער קאמאנדיר פון דער פוילישער ארמעע, כ ל א פ י צ ק י , האט פארגעשלאגען אזעלכע פרידענס־בעדינגונגען, דאס דער גרויספירסט האט זיי פיר קיין פאל ניט געקענט אננעהמען און איז אריבער מיט די רוסישע טרופען דעם גרענעץ. פוילען איז געבליבען פריי. דער צושטאנד פון פוילען איז דאמאלס געווען צופרידענשטעלענד: דאס לאנד האט געהאט רעגעלמעסיגעם מיליטער 40,000 מאן, און די אפיצערען האבען זיך צושפרייט איבער'ן לאנד צו שאפען נאך 60,000 שטרייטער. אויך איז די גאנצע פערוואלטונגס־מאשינעריע געווען אין די הענט פון די פאליאקען.

די ערסטע עטליכע טעג נאך דעם 29טען נאוועמבער איז די פרייד פון די פאליאקען געווען אונגעהייער גרויס. אלע קלאסען מענשען זיינען געווען בערייט צו אלע מעגליכע אפפער. די מאנאכען האבען געעפענט זייערע שפייכלערס פיר דאס ארימע פאלק, וואס האט זיך בעטייליגט אין דעם אויפשטאנד. די פרויען האבען אפגעגעבען זייערע טייערע צירונגען אום צו שאפען געלט פארטצוזעצען דעם קאמף מיט רוסלאנד. די רייכע לייט האבען אויף זייער אייגענע רעכנונג צוזאמענגעשטעלט רעגימענטען סאלדאטען, די פאדערונגען פון די פאליאקען זיינען אימער געווארען גרעסער און פרעכער. די פארלויפיגע רעגירונג האט אנגעווארען ביים פאלק איהר גאנצע אויטאריטעט און האט גארניט געקענט טאן אום פארצובערייטען זיך צום גרויסען קאמף, וואס זיי איז פארגעשטאנען מיט רוסלאנד. דאמאלס האט דער גענעראל כלאפיצקי זיך ערקלערט אלס דיקטאטאר אום צוזאמענצורופען דעם רייכסטאג אין נאמען פון „קעניג ניקאלאי”. ער האט באלד אנגעהויבען צו דערשטיקען די רעוואלוציאן ווי ווייט ער האט געקענט. מערקווירדיג איז, אז דאס פאלק האט געהאט צו כלאפיצקי'ן דעם פולען צוטרויען, דאס ער איז טריי צו דער רעוואלוציאן, און מען האט זיך ביי איהם געבעטען, אז ער זאל די דיקטאטור אננעהמען.

דיזער צושטאַנד האָט געהאָלפען די אַריסטאָקראַטען אַריינצוכאַפּען די רעגירונג אין זייערע הענט. מען האָט געשיקט די פירסטען ל י ו ב ע צ ק י און י ע ז ע ר ס ק י אַלס דעלעגאַטען פון פּוילישען פאָלק צום קייזער ני-קאָלאַי דעם 1טען אין פּעטערבורג, אום צו פערהאַנדלען מיט איהם וועגען בעדינגונגען פון אונטערטעניגקייט און פרידען. דער דיקטאַטאָר זעלבסט האָט געשריבען צום קייזער אַלס זיינער אַן אונטערטאַן און אונטערגעבענער. אויך מיט פרייסען און עסטרייך האָבען די פּאָליאַקען אַזוי געהאַנדעלט, אום זיי זאָלען זיך ניט פעראייניגען געגען זיי מיט רוסלאַנד. אָבער זיי האָ-בען געשיקט דעלעגאַטען אין לאָנדאָן און אין פּאַריז צו בעטען פון זיי הילף אין זייער יעצטיגער לאַגע. די פראַנצויזישע רעגירונג האָט לפנים יע צוגע-זאָגט פּוילען הילף אום ניט איינצורייסען מיט'ן פאָלק, וועלכעס איז געווען אויף דער זייט פון די פּאָליאַקען, אָבער בסוד האָט זי געגעבען אינסטרוק-ציאָנען, אַז מען זאָל ניט נעהמען קיין עפענטליכע שריט געגען רוסלאַנד. דער פערצווייפעלטער שפּרוך פון די פּאָליאַקען: „גאָט איז צו הויך און פראַנקרייך צו ווייט", איז געווען אַ בערעכטיגטער.

דעם 15טען יאַנואַר האָט כלאָפּיצקי געגעבען צו וויסען דעם רייכסטאַג, דאָס די פערהאַנדלונגען מיט'ן קייזער ניקאָלאַי האָבען ניט געפיהרט צו קיין רעזולטאַט. ניקאָלאַי האָט געפאָדערט פון די פּאָליאַקען אונבעדינגטע אונ-טערטעניגקייט און זיי זאָלען זיך פערלאָזען אויף איהם ווי ער וועט מיט זיי האַנדלען: גנעדיג אָדער אונגנעדיג. די פערזאַמלונג איז פון אַזאַ ענטפער געווען שטאַרק אויפגערייצט און האָט בעשלאָסען צו אונטערברעכען אַלע פערהאַנדלונגען מיט'ן קייזער. כלאָפּיצקי האָט רעזיגנירט פון זיין שטעלע אַלס אויבער-קאָמאַנדיר פון דער פּוילישער אַרמעע און דער פּאָסט איז איבערגע-געבען געוואָרען צו פירסט ר א ד ז י וו י ל. ווען די פּאָליאַקען האָבען דערהערט, דאָס רוסלאַנד האָט געשיקט געגען זיי אַן אַרמעע מיט'ן מאַרשאַל ד י ב י ט ש אָן דער שפּיץ, האָבען זיי זיך אין גאַנצען אָפּגעזאָגט פון דער רוסישער אויבער-הערשאַפט און פון קייזער ניקאָלאַי אַלס זייער קעניג (25טען יאַנואַר).

דיביטש איז אַריין אין פּוילען מיט אַן אַרמעע פון 120,000 מאַן, אום אונטערצוּוואַרפען די פּאָליאַקען איבער-אַ-ניים אונטער רוסלאַנד. די פּאָ-ליאַקען האָבען נאָר אַרויסגעשטעלט 70,000 מאַן געגען דער רוסישער אַרמעע.

דעם 19טען און 25טען פעברואַר איז פאָרגעקומען אַ בלוטיגע שלאַכט ביי ג ר אָ כ אָ וו און פּ ר אַ ג אַ, צוויי פאַרשטעדט פון וואַרשאַ. דער העלדישער מוט און די בעגייסטערונג פון די פּוילישע סאָלדאַטען איז געווען

אהן גלייכען. די רוסען האבען זיי ניט געקענט בעזיגען. אין פעטערבורג איז מען געווארען שטארק אונצופרידען פון דיביטש'ן און דעם 12טען יוני האט מען איבערגעגעבען די קאמאנדע איבער דער רוסישער ארמעע צו גראף פאסקיעוויטש.

דערווייל אבער זיינען די פוילישע פינאנץ־קרעפטען, ווי אויך די מי־ליטערישע, געווארען פיעל שוואכער. דערצו איז די בעפעלקערונג און די



פאסקיעוויטש.

ארמעע געשפאלטען געווארען אין צוויי געגנערישע פארטייען. אין ווארשא זעלבסט זיינען פארגעקומען בלוטיגע סצענעס. פון די סאלדאטען, וועלכע זיינען געבליבען אהן א קאמאנדיר, האבען זיך אומגעקעהרט אין ווארשא צו פערטיידיגען די שטאדט געגען דעם אנגריף פון פאסקיעוויטש'ן נאך

34,000 מאַן, די איבריגע 20,000 זיינען אַריבער דעם ווייכסעל. די שטאָדט וואַרשא, צו וועלכער פּאַסקיעוויטש איז געגאַנגען מיט אַ רוסישער אַרמעע פון 70,000 מאַן, האָט זאָגאַר ניט געהאַט גענוג פּראָוויאַנט אום אויסצוהאַל־טען די בעלאַגערונג.

פּאַסקיעוויטש האָט פערזיכערט די פּאָליאַקען אין נאָמען פון קייזער, דאָס ער וועט זיי פערצייהען דעם אויפשטאַנד און וועט זיי לאָזען אַלע זייערע רעכטען און זייער קאָנסטיטוציאָן, ווען זיי וועלען זיך בערוהיגען און אונטערגעבען זיך אונטער זיין הערשאַפט אַלס קעניג. אָבער די פּוילישע רעגירונג האָט זיך ענטזאָגט פון פרידען. דעם 6טען סעפּטעמבער האָט זיך די שלאַכט ווידער אָנגעפאַנגען. די רוסען האָבען איינגענומען די פעסטונג וואָלאָס, וועלכע איז געווען דער שליסער פון וואַרשא, און באַלד נאָכ־דעם האָט פּאַסקיעוויטש איינגענומען די איבריגע פעסטונגען אַרום וואַרשא. די פּאָליאַקען האָבען באַלד איינגעזעהען, דאָס זיי מוזען זיך אונטערגעבען צו די רוסען. דעם אָבענד פון 8טען סעפּטעמבער האָט פּאַסקיעוויטש בע־נאַכריכטיגט דעם קייזער, דאָס וואַרשא איז איינגענומען. די פּוילישע אַר־מעע האָט זיך צוריקגעצויגען, זי איז אַריבער איבער׳ן גרענעץ אין עסטרייך און פּרייסען און זי איז דאָרט ענטוואָפענט געוואָרען. פּרייסען האָט גע־בעטען פון רוסישען קיסר אַמנעסטיע (בעגנאַדיגונג) פיר די פּוילישע סאָל־דאַטען, אָבער ער האָט די ביטע ענטזאָגט. זיי האָבען געמוזט פערבלייבען אין אויסלאַנד, איבערהויפּט אין פראַנקרייך, וואו זיי האָבען צוזאַמענגע־שטעלט אַ גוט אָרגאַניזירטע אַרמעע. די נידערלאַגע פון פּוילען האָט גע־מאַכט אַ שטאַרקע בעוועגונג אין פראַנקרייך. די פראַנצויזען האָבען פער־געסען זייערע אייגענע פּאָליטישע פראַגען און האָבען זיך נאָר אינטערעסירט מיט פּוילען. די פראַנצויזען האָבען אויפגעגעבען זייערע געשעפטען, האָבען געשלאָסען די טהעאַטערען. דאָס פּאָלק איז געווען ערביטערט געגען דער רעגירונג, וואָס זי טוט גאָרניט פיר פּוילען; מען האָט אָנגעהויבען צו רויבען וואָפען פון די אַרסענאַלען און מאַכען באַריקאַדען. עס האָט אויסגעוויזען, דאָס עס וועט קומען אַ נייע רעוואָלוציאָן. אָבער די רעגירונג האָט בעציי־טענס בערוהיגט די אויפרעגונג. אין פּאַרלאַמענט האָט די רעגירונג גע־וואוסט ווי צו פערטיידיגען זיך. אויך האָט זי נאָכגעגעבען דער אַלגעמיי־נער שטימונג מיט דעם, וואָס זי האָט געשאַפען געלט צו אונטערשטיצען די פּוילישע פליכטלינגען, ניט אַכטענדיג אויף די אונאַנגענעהמע פערוויקלונגען מיט אויסלאַנד, וואו אַזאַ אונטערשטיצונג איז בעטראַכט געוואָרען אַלס אַ סאָרט בעלוינונג פיר דעם אויפשטאַנד.

## ג. די רעגירונג פון לואיס פיליפּ און די ארבייטער־בעװעגונג.

די פערענדערונגען, װעלכע עס האָט געבראַכט די נייע פערפאַסונג פון 5טען און 6טען אויגוסט, זיינען געװען פון אַ גרויסער בעדייטונג. די שאַרטע איז פערפאַסט געװאָרען אין דעם גייסט פון אַ פערטראַג צװישען פאָלק און דעם קעניג. די ערסטע װערטער פון דער שאַרטע, װאָס איז פערפאַסט געװאָרען אין דער צייט פון לודװיג דעם 18טען, לויט װעלכע ער האָט בעקומען זיין רעכט פון גאָט און ניט פון פאָלק, זיינען יעצט אויסגעשטראָכען געװאָרען. דער קעניג און דער פּאַרלאַמענט װערען אין דיזער שאַרטע בעטראַכט אַלס צװיי גלייכע פּאַרטייען, װאָס מאַכען צװישען זיך אַ געװיסען געשעפט אויף בעשטימטע בעדינגונגען, װעלכעביידע צדדים מוזען פּינקטליך ערפילען. דער מאָנאַרך איז געװען נאָר אַ בירגערליכער װאהל־קעניג, נאָר אַ בעאַמטער, װעלכען דאָס פאָלק האָט איבערגעגעבען די קרוין ניט װייל ער איז אַ בורבאָן, נאָר ניט אכטענדיג, דאָס ער איז אַ בורבאָן. ער, דער נייער קעניג, האָט ניט געהאַט קיין רעכט אַליין צו פערפאַסען נייע געזעצען און איבערהויפּט צו גרינדען אויסנאַהמס־געריכטען. דאָס אויבער־הויז האָט בעקומען פיעל מעהר רעכטען אין געזעצגעבען און גרעסערע געריכטליכע מאַכט. דאָס אונטער־הויז האָט געהאַט דאָס רעכט זעלבסט צו ערװעהלען זיין פּרעזידענטען, צו מאַכען פּאָרשלאַגען װעגען נייע געזעצען, און דאָס רעכט צו רופען די מיניסטאָרען צום געריכט אין פאַל, װען זייערע טאַטען זיינען אונגעזעצליך. די נייע שאַרטע איז געשטעלט געװאָרען אונטער דער שוץ פון דער נאַציאָנאַל־גװאַרדיע. אַ בעזונדער אַרטיקעל איז צוגעגעבען געװאָרען צו דער שאַרטע, לויט װעלכען די דריי־פאַרביגע פאָהן איז אָנערקענט געװאָרען אַלס געזעצליך און נאַציאָנאַליסטיש, און דערמיט איז אָפּגעשאַפט געװאָרען די װייסע פאָהן פון די בורבאָנען.

די יולי פערפאַסונג איז געװען עכט בורזשואַזיש, און לואיס פיליפּ איז געװען דער מאַן, װעלכען די בירגער האָבען געװאונשען. ער איז געװען קלוג און האָט געהאַט אַ ריכטיגען געשעפט־זין. ער האָט געזאָרגט, אַז זיינע פּריװאַט־גיטער זאָלען איהם אריינברייינגען מעהר און מעהר געלט, אום צו בעזאָרגען זיינע קינדער מיט גרויסען רייכטום; און דעריבער האָט ער זיי ניט פעראייניגט מיט די שטאַאַטס־גיטער. ער האָט גוט פערשטאַנען דעם גייסט, װאָס האָט געהערשט אין פראַנצויזישען פאָלק, דאָס די לאַגע פון אַ קעניג איז דאָרט ניט זיכער. אויך די רעגירונגס־געשעפטען האָט ער בע-

זארגט מיט גרויס ענערגיע. ער איז איבעראל געווען אנוועזענד. ווען די וואכט־פאראד האט געשפילט די מארסעילעזע איז ער געזעסען אויף דעם באלקאן און האט מיט זיינע פינגער צוגעקלאפט צום טאקט. ער האט גע־טאן אלעס מעגליכעס אום צו ווערען פאפולער. ער פלעגט געהן שפאצירען אין אן איינפאכען אויבער־ראק, א הויכען ווייסען פילצענעם הוט אויף'ן קאפ און א רעגען־שירם אונטער'ן ארם. דער הויף־שטאאט איז געווען לויט בירגערליכער מאדע. די שלאס־וואך האט ער איבערגעגעבען צו דער נא־ציאנאל־גווארדיע. די געסט אין הויף זיינען בעשטאנען מעהרסטענס פון שריפטשטעלער, באנקירען, אדוואקאטען און פאבריקאנטען. אזוי האט דאס בירגערטום אויך אויסערליך אונטעריאכט די מאנארכיע אונטער זיך.

די בורזשואזיע האט גענאסען די פרוכט פון דער רעוואלוציאן. געגען דיזען אויסגאנג זיינען ארויסגעטרעטען צוגלייך די אנהענגער פון די בור־באנען, די אזוי־גענאנטע לעגיטימיסטען, און די אמת'ע רעפוב־ליקאנער. פיעלע רעפובליקאנישע און דעמאקראטישע זשורנאלען האבען בע־וויזען, ווי גרויס און ווי פיעל עס זיינען די רעגירונגס־פיינד. דאן זיינען ארויס די ארבייטער און האבען געצוואונגען די רעגירונג, אז זי זאל בעשטי־מען נייע גרויסע סומעס אויף עפענטליכע ארבייטען. אבער ניט קוקענדיג אויף דיזע אלע שטורמס און פאדערונגען איז דער טראן פון לואיס פיליפ גע־שטאנען פעסט און זיכער כל זמן ער האט ניט אנגעגריפען די פרינציפען פון דער יולי־רעוואלוציאן.

אבער עס האט ניט לאנג גענומען און לואיס פיליפ איז געווארען א רע־אקציאנער און האט אנגעהויבען צו זינגען אין דעם טאן פון אן עכטען בור־באן. דורך א נייעס וואהל־געזעץ איז דאס רעכט צו שטימען געבליבען נאר פיר גרויסע גוטס־בעזיצער, פאבריקאנטען און גרעסערע קויפלייט. דער האנטווערקער און דער בויער האבען ניט געקענט נעהמען קיין אנטייל אין דער פאליטיק גראדע ווי דער פראלעטאריער, וואס בעזיצט גארניט. נאך דעם, ווי ער האט דורכגעפיהרט דאס נייע וואהל־געזעץ, האט ער בעזייטיגט פון יעדען אנטייל אין דער רעגירונג די צוויי בעריהמטע מענער פון דער פראנצויזישער רעוואלוציאן: לאפאיעטט און לאפיטט, ווייל זיי זיינען גע־ווען אין לאנד צו פיעל פאפולער, און דאס האט איהם ניט געלוינט. מיט פערשיידענע דרעהדלאך איז איהם געלונגען דורכצופיהרען אין פארלאמענט דעם פארשלאג אפצושאפען די שטעלע און דאס אמט פון אן אויבער־קא־מאנדיר איבער די נאציאנאל־גווארדיע. לאפאיעטט האט מיט קרענקונג געמוזט ארויסטרעטען פון זיין דינסט אלס אויבער־קאמאנדיר פון דער נא־

ציאָנאַל-גוואַרדיע. באַלד נאָכדעם האָט אויך לאַפיטט געמוזט אַרויס פון דינסט. דער קעניג האָט געגעבען זיין צושטימונג אַריינצומישען זיך אין איטאַליען ניט פּרעגענדיג וועגען דעם זיין מיניסטער, און האָט דיזען דורך דעם געצוואונגען צו רעזיגנירען.

אויף לאַפיטט'ס שטעלע אַלס פּרעזידענט פון מיניסטעריום איז ערנאַנט געוואָרען קאַזימיר פּעריער, וועלכער האָט מעהר געפּאַסט צו לואי פיליפּ'ס שטרעבונגען. ער איז געווען אַ מאַן, וועלכער האָט גוט פערשטאַנען די גאָלדענע מיטעלמעסיגקייט; ער האָט גוט געוואוסט, דאָס צו יענער צייט איז געווען נעטיג צו פיהרען אַ פּאָליטיק, וואָס זאָל זיין אַ מין פּשרה צווישען די רעאַקציאָנערע נייגונגען און ווינשען פון דעם קעניג און די רעוואָלוציאָנערע שטרעבונגען פון דער פאָרטגעשריטענער פּאַרטיי. הגם די נייע וואַהלען האָבען אַריינגעבראַכט אין פּאַרלאַמענט פיעלע דעפּוטאַטען פון דער אָפּאָזיציאָן, האָט דאָך דאָס מיניסטעריום פון פּעריער געהאַט אַ זיכערע מעהרהייט, אויף וועלכע עס האָט געקענט זיכער רעכנען; און אַזוי האָט דאָס מיניסטעריום לאַנגזאַם דורכגעפיהרט די רעאַקציאָנערע געזעצען געגען צוזאַמענראָטונגען און געהיימע געזעלשאַפטען. לואיס פיליפּ האָט דורך דעם געקראָגען פיעל מוט און האָט געפאָדערט פיר זיינע אייגענע הוצאות ניט וועניגער פון 24½ מיליאָנען פראַנק אַ יאָהר. ער האָט געוואוסט דעם גרויסען ווערט פון געלט און האָט עס זעהר געשעצט. דאָס פאָלק איז געוואָרען אויפגעבראַכט פיר אַזאַ פאָדערונג. די קאַמער אָבער האָט געמוזט נאָכגעגעבען און האָט נאָר אַרונטערגענומען 6 מיליאָנען פון דער געווינשטער סומע.

די שטרענגע מאַסרעגלען געגען די רעפּובליקאַנער און די רעאַקציאָנערע ריכטונג פון דער רעגירונג האָבען שטאַרק אויפגערייצט דאָס פאָלק. עס האָבען זיך אָנגעהויבען זעהר אָפט צו מאַכען אין פערשיידענע ערטער שטאַרקע בעוועגונגען פון גרויסע פאָלקסמאַסען און די לופט איז געווען אָנגעפילט מיט ערביטערונגען. רעכנענדיג אויף דיזע אונצופרידענע שטימונג פון פאָלק האָט די מוטיגע הערצאָגין פון בעררי בעשלאָסען אַרויפצובריינגען אויף'ן פראַנצויזישען טראָן איהר זוהן היינריך דעם 5טען. אין דיזער איהרער אונטערנעהמונג האָט זי אויך פיעל גערעכענט אויף די הילף פון דער פּאַרטיי, וועלכע איז דאַמאָלס געווען בעוואוסט אונטער דעם נאָמען „לעגיטימיסטען", וועלכע זיינען געווען ביטערע פיינד פון לואיס פיליפּ. דעם 15טען פעברואַר 1831 איז אַרויסגעשטעלט געוואָרען אויף דער קירכע סאַן ראָק אַ ווייסע פאָהן און עס איז געוואָרען אַן אויפשטאַנד, אין וועלכען

דער פּאַלאַץ פון ערץ־בישאָף איז צושטערט געוואָרען. די הערצאָגין איז אוועק נאָך װענדעע, אויף װעלכע די לעגיטימיסטען האָבען געלעגט זייער גאַנצע האָפנונג, און האָט דאָרט אַרויסגערופען אַן אויפשטאַנד. די קעניג-ליכע טרופּען האָבען אָבער דעם אויפשטאַנד שנעל דערשטיקט. די הער-צאָגין פון בעררי, וועלכע איז געווען אַ מיטגליד פון דער פריהערדיגער קע-ניגליכער פאַמיליע, וואָס האָט געלעבט אין פערבאַננונג אין אויסלאַנד, איז פערהאַפטעט געוואָרען, און ווען זי האָט אין געפענגניס געבאָרען אַ טאָכ-טער, וועלכע איז געווען דער רעזולטאַט פון אַ זינדיגער ליבע מיט אַן איטאַליענישען גראַף, האָט זיך אָפּגעטאָן דער גלאַנץ פון דער פערטרי-בענער קעניגליכער פאַמיליע. זאָגאַר די שטאַרקסטע אָנהענגער פון דיי-זער פאַמיליע האָבען פערלאָרען צו איהר יעדען רעספּעקט. די לעגיטי-מיסטען האָבען זיך צוריקגעצויגען און האָבען אונטערשטיצט די רעפּובלי-קאַנער געגען דער רעגירונג.

די רעפּובליקאַנער זיינען געווען שטאַרק ערביטערט געגען דער רעגירונג דערפאַר, וואָס זי האָט אונטערגעדריקט זייערע צייטשריפטען און זייערע פעראיינען, און האָבען אין נאָוועמבער 1831 זיך גענומען צו די וואָפען. אין ליאָן האָבען די זייד־פאַבריקאַנטען אַרונטערגעשניטען דעם לוין פון די אַרבייטער און דאָס האָט געפיהרט דערצו, דאָס 40,000 אַרבייטער האָבען געמאַכט אַן אויפשטאַנד. צוויי טעג האָט געדויערט דער קאַמף צווישען די אַרבייטער און דעם קעניגליכען מיליטער, און ענדליך האָבען די אַרביי-טער פערטריבען די סאָלדאַטען פון שטאָדט. אַכט טעג האָבען די זיגער, די אַרבייטער, געהאַלטען די שטאָדט אין זייער מאַכט. אָבער נאָך די אַכט טעג האָבען זיך די אַרבייטער געמוזט אונטערגעבען אונטער דער מאַכט פון דער רעגירונג, וועלכע האָט געשיקט געגען זיי אַ שטאַרקע מיליטערישע מאַכט אונטער דער לייטונג פון גענעראַל סולט. אָבער די בעוועגונג איז דערמיט ניט אונטערדריקט געוואָרען. אין מאָנאַט יוני 1832 איז אין פּאַריז ענטשטאַנען אַ נייער זעהר ערנסטער אויפשטאַנד.

דער אויפשטאַנד האָט אויסגעבראָכען ביי דער לויה פון דעם ליבערא-לען גענעראַל לאַמאַרק, וועלכער איז געווען צוזאַמען מיט לאַפאַיעטט און לאַפיטט דער מיטעלפּונקט פון דער אָפּאָזיציאָן. דעם 5טען יוני איז געווען די לויה פון דיזען בעריהמטען מאַן, אין וועלכער עס האָט אָנטייל גענומען אַן אונגעהייערע מאַסע מענשען. אַזוי ווי מיט איין שטימע האָט דיזע גרויסע מאַסע אויסגעשריען: „לעבען זאָל די רעפּובליק!" באַלד האָט מען פערוואַנדעלט דעם טרויער־מאַרש אין די מאַרסעילעזע; די פערד

פון דער קאַרעטע, אין וועלכער לאַפאַיעטט איז געזעסען, האָט מען באַלד אויסגעשפּאַנט, און פיעלע פערעהרער פון דער רעפּובליק האָבען געשלעפּט דעם וואָגען. באַלד איז ערשינען אויף דער בריק, אויף וועלכער די מאַרשירענדע מאַסע איז אַרויף מיט דער לייבע, אַ סקאַדראָן סאָלדאַטען. די מאַסע האָט אָנגעהויבען צו וואַרפען אויף זיי שטיינער און זאָגאַר צו שיסען מיט רעוואָלווערען. דער פּאָלקאָווניק האָט געבעטען די מאַסע צו בערוהיגען זיך און האָט פאָרגעשלאָגען פרידען אום ניט צו פערגיסען קיין בלוט, אָבער די מאַסע האָט איהם געענטפערט מיט אַ קויל. אַ צווייטען סקאַדראָן סאָלדאַטען האָט מען בעגעגענט מיט אַ העפטיגען רעגען פון קוילען. דעם אָנקומענדען פּאָלקאָווניק האָט מען אונטערגעשאָסען דעם פערד; אַ דוצענד פון זיינע לייטע זיינען אַראָפּגעפאַלען פון די זאָטלען.

דיזער זיג האָט געגעבען דעם פאָלק מוט צו נעהמען זיך ענערגישער צום קאַמף. מען איז בעפאַלען אייניגע קלייטען פון געוועהר און מען האָט דאָרט גערויבט וואַפען, ווי פיעל מען האָט געברויכט. געגען אָבענד איז אַ האַלבע שטאָדט געווען אין די הענט פון דער מאַסע. די גאַנצע אָסטליכע העלפט אויףביידע זייטען פון דער סענע ביז די גאַסען סט. זשאַק און סט. דעניס איז געווען בעדעקט מיט באַריקאַדען. יעצט האָט זיך די מאַסע גענומען צו דער אַנדערער העלפט פון שטאָדט, צו דעם טייל, וואו עס געפינען זיך די קונסט און וויסענשאַפט און די גאַנצע אינטעליגענץ. דאַמאָלס איז אַרויסגעטרעטען דער שעף פון דער נאַציאָנאַל־גוואַרדיע, גענעראַל לאָבאָ, צו ברייננען אָרדנונג. אין דריי שטונדען איז איהם געלונגען אָפּצושוואַכען דעם אויפשטאַנד. אין אָבענד האָבען זיך פערזאַמעלט 27 דעפּוטאַטען אין לאַפיטט'ס הויז און האָבען בעשלאָסען צו בעטען דעם קעניג, אַז ער זאָל מאַכען אַן ענדע צו דער בלוט־פערגיסונג.

דעם 6טען יוני איז דער אָנגריף אויף די מאַסע בענייט געוואָרען. די קעניגליכע טרופּען צוזאַמען מיט דער נאַציאָנאַל־גוואַרדיע האָבען צושטערט די באַריקאַדען און האָבען בעזיגט די רעוואָלוציאָנערען. אין דיזען קאַמף זיינען געפאַלען פון ביידע זייטען איבער 1,000 מענשען.

לואיס פיליפּ האָט יעצט געהאַט אַ געלעגענהייט צו צייגען דעם פאָלק זיין גרויסמוט און פערצייהען דעם אויפשטאַנד, און געווינען דערמיט די דאַנקבאַרקייט און ליבע פון פאָלק. ער האָט אָבער דיזע געלעגענהייט דורכגעלאָזען. ער האָט ניט בעגנאַדיגט די באַריקאַדען־קעמפּער און האָט געבראַכט פּאַריז אין אַ בעלאַגערונגס־צושטאַנד. ער האָט שרעקליך פערפאָלגט און פערניכטעט זיינע געגנער, די רעפּובליקאַנער. אָבער מיט דיזע פער-

פאָלגונגען האָט ער נאָר פערניכטעט איינצעלנע פערזאָנען, אָבער ניט די אידעע; דער רעפּובליקאַניזם איז געבליבען עקסיסטירען און מען האָט איהם אגיטירט נאָך מיט מעהר אייפער. דאַמאָלס האָבען זיך אָנגעהויבען צו צייגען די ערסטע סימנים פון ווידערשטאַנד געגען די הערשענדע קלאַסען און דער געזעלשאַפטליכער אָרדנונג, פון אַן ערסטען צוזאַמענשטויס פון סאָציאַליזם מיט דעם שטאַאט.

נאָך דעם, ווי באַבאָף איז געשטאָרבען און זיין אגיטאַציאָן געגען דער הערשענדער מאַכט איז דערשטיקט געוואָרען, איז די אידעע פון קאָמוניזם אויף אַ לאַנגע צייט פערשוואונדען. די פריהערדיגע קאָמוניסטען זיינען צושטאָרבען אין די געפענגניסען און קיין נייע זיינען ניט צוגעקומען, ווייל נאַפּאָלעאָן דער 1טער האָט מיט זיינע שטענדיגע מלחמות און מיט זיינע נצחונות פער׳שכור׳ט פיעלע ארבייטער און זיי האָבען ניט געהאַט קיין צייט צו בעטראַכטען רוהיג זייער לאַגע. צוליב די מלחמות, וועלכע האָבען אריינגעצויגען אַ גרויסען טייל פון דער בעפעלקערונג אין די מיליטערישע טרופּען, איז דער ארבייטער־מארק ניט געווען איבערפילט און זייער לאַגע איז ניט געווען שלעכט, אַזוי דאָס זיי האָבען ניט געהאַט קיין אורזאַך צו בעקלאָגען זיך, און ווען נאַפּאָלעאָן האָט דערזעהען, דאָס צוליב זיין האַנדעל־בלאָקאַדע ווערט די אָרימקייט גרעסער, האָט ער געאָרדענט, אַז די רעגירונג זאָל אונטערנעהמען עפענטליכע ארבייטען אום די ארבייטער זאָלען ניט לייִדען קיין מאַנגעל און זאָלען ניט מאַכען קיין אונרוהען.

אין דער צייט פון קייזערטום האָט די אינדוסטריע אין פראַנקרייך געבליהט, און דעריבער איז די רעגירונג געווען אין שטאַנד צו האַלטען אַ שטענדיגע ארמעע פון 200,000 מאַן פון די פערבינדעטע שטאַאטען און אויסגעבען אויף זיי 1,500 מיליאָנען יעהרליך. דיזער צושטאַנד האָט אָנגעהאַלטען ביז צום יאָהר 1818. אָבער אין דיזען יאָהר האָט אויסגעבראָכען אין פראַנקרייך אַ שרעקליכער קריזיס. די צאָהל פון ארבייטסלאָזע איז געוואָרען אונגעהייער, די נויט איז געוואָרען זעהר גרויס. די רעגירונג האָט ניט פערשטאַנען די ריכטיגע אורזאַך פון דיזען צושטאַנד און האָט גענומען ניט די ריכטיגע מיטלען אום די לאַגע צו פערבעסערן. זי האָט אָנגעהויבען ארויסצוגעבען געזעצען, וועלכע האָבען געצילט צו פערהינדערן בעטלעריי, און האָט געמאַכט נייע אָרדנונג אין צדקה־אַנשטאַלטען. דאַמאָלס זיינען ארויס סעינט־סימאָן און פּוריער מיט זייערע סאָציאַליסטישע אידעען און האָבען פערלאַנגט פון דער רעגירונג, אַז זי

זאָל זיי העלפען צו פערווירקליכען דיזע אידעען אין דער פראַקטיק. אָבער די רעגירונג האָט זיי ענטזאָגט אין זייער ביטע.

סעינט־סימאָן (1760—1825) האָט אין דער שטיל לאַנג און ענערגיש געאַרבייט איבער די לעזונג פון דער גרעסטער און וויכטיגסטער פראַגע פון אונזער צייט. עס איז געוועזן פון זיין זייט אַ העלדישע אויפאָפּפערונג פיר די טובה פון דער אַרבייטער־קלאַס. סעינט־סימאָן האָט געשטאַמט פון איינער פון די עדעלסטע פאַמיליעס אין פראַנקרייך. ער איז געוועזן דער יורש פון דעם נאָמען און פון דעם הערב (וואַפּען) פון דעם הערצאָג סעינט־סימאָן, דעם געשיכטע־שרייבער פון דער צייט פון לודוויג דעם 14טען. און דאָך איז ער געוועזן אַ שרעקליכער געגנער פון פּריווילעגיעס צו לייט פון יחוס און האָט גערעכענט קריג פיר אַ גאָטלאָזע זאַך. ער איז געוועזן אַ מאַן מיט אַן אונאָפּהענגיגען גייסט און מוטיגען הערץ. די ערסטע העלפט פון זיין לעבען האָט ער פערבראַכט אויף גוט אויסצושטודירען די געזעלשאַפט מיט אַלע איהרע ערשיינונגען. ער האָט געזאָגט, דאָס אום צו מאַכען געזעצען פיר מענשען מוז מען פריהער גוט אויסלערנען די מענשען, זייער לעבען און שטרעבען. פיר איהם איז אַלעס געוועזן וויכטיג אין דעם לעבען פון דער געזעלשאַפט. די פעהלערן, די פערברעכענס, די נאַרישקייטען, וואָס מענשען בעגעהען — אַלעס איז פיר איהם געוועזן אַ געגענשטאַנד צום שטודירען און ער האָט דערפון פיעל געלערנט. אויף דיזעס שטודיום האָט ער אויסגעגעבען זיין גאַנצעס פערמעגען ביז ער איז געקומען צו דער שטופע פון אַ פּראָלעטאַריער. ער איז געוואָרען אַ קאָפּיסט (איבערשרייבער פון פּאַפּירען) און ענדליך איז ער געקומען צו בעטעל־ברויט. ער איז געקומען צו אַזאַ שלעכטער לאַגע, דאָס ער האָט געוואָלט בעגעהן זעלבסטמאָרד. און עס איז קיין וואונדער ניט. ער האָט אין זיינע גוטע יאָהרען אויפגענומען מיט גרויס פריינדליכקייט די גלענצענדסטע קינסטלער און די גרעסטע געלעהרטע, און יעצט איז ער געקומען צום בעטעל־שטאַנד.

וואָס אָנבעטרעפט זיין לעהרע איז זי נאָך דאַמאָלס ניט געוועזן גענוג קלאָר. עס איז דאַמאָלס נאָך ניט געוועזן גענוג קלאָר אין וואָס בעשטעהט דאָס אונרעכט, וואָס די בורזשואַזיע בעגעהט געגען די פּראָלעטאַריער, און וואָס דיזע פאָדערן פון יענער. אָבער דאָך האָט סעינט־סימאָן קלאָר פערשטאַנען, דאָס די לאַגע פון די אַרבייטער איז די וויכטיגסטע סאָציאַלע פראַגע פון 19טען יאָהרהונדערט. זיין פּלאַן ווי צו פערבעסערן די לאַגע פון די אַרבייטער איז בעשטאַנען דערין, דאָס מען זאָל געבען יעדען מענשען

די מעגליכקייט צו ענטוויקלען זיך פריי אין זיין טעטיגקייט אָהן שום שטע-רונגען, און די זאכען, וואָס זיינען נויטווענדיג צום לעבען, זאָלען זיין צו-געננגליך צו יעדען מענשען. ער האָט געגלויבט, דאָס גרונד=אייגענטום וועט מיט דער צייט אויפהערען צו שפּילען אזא ראָלע, ווי עס האָט געשפּילט אין די פריהערדיגע צייטען, און די הויפּט=ראָלע וועט שפּילען קאַפּיטאַל, און דעריבער האָט ער געלעהרט, דאָס די געזעצגעבונג מוז זיך צופּאַסען צום בעוועגליכען אייגענטום. און דעריבער איז געווען זיין מיינונג, דאָס דער געזעצגעבער פון היינטיגער צייט דאַרף אָנווענדען אַלע מעגליכקייטען צו העלפען ענטוויקלען דיזען סאָרט אייגענטום דורך די איינריכטונג פון פער-שיידענע קרעדיט=אַנשטאַלטען. די געזעצגעבער מוזען זיין גוטע פינאַנ-ציסטען און אינדוסטריע=מענער. די מיליטערישע מאַכט זאָל זיין אין הינטערגרונד און די גאַנצע רעגירונג זאָל זיין אַ פינאַנץ=פערוואַלטונג אויף דער אַרט ווי די באַנק פון פראַנקרייך.

פון דעם, וואָס מיר האָבען דאָ ערקלערט וועגען דער לעהרע פון סעינט=סימאָן, איז צו זעהן, דאָס זי איז איבערהויפּט נאָר אַ ליבעראַלע, זי ענטהאַלט אָבער אין זיך זעהר ווייניג סאָציאַליסטישעס. זי איז ענטשטאַנען אין אַ צייט, ווען די רעגירונג האָט געזוכט איינפיהרען צוריק דאָס אַלטע פעאָדאַל=סיסטעם און אַרויסשטופּען די בירגערליכע געזעלשאַפט. אום בעסער צו ערקלערען זיינע אַבזיכטען וועלען מיר היר איבערגעבען דעם אינהאַלט פון זיין בעטראַכטונג, וועלכע איז בעוואוסט אַלס „פּאַראַבעל (משל) פון סעינט=סימאָן".

דער פערפאַסער נעהמט אָן אין זיין פּאַראַבעל, דאָס פראַנקרייך האָט פּלוצלינג פערלאָרען אַלע איהרע גרעסטע געלעהרטע, קינסטלער, גוטס=בע-זיצער, באַנקירען, קויפלייט או. אז. וו. נאָך זיין מיינונג וואָלט דאַן פראַנק-רייך פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ זעעלענלאָזע, אונוויסענדע מאַסע און וואָלט געשטאַנען אויף דער זעלבער שטופע, אויף וועלכער עס שטעהען אַלע האַלב=ווילדע פעלקער, ביז עס וואָלטען זיך אין איהר ווידער ענטוויקעלט די נעטיגע צאָהל קרעפטען אויף דעם געביט פון וויסענשאַפט, קונסט און אינדוסטריע, וועלכע זי האָט געהאַט איידער זי האָט זיי פערלאָרען. גאַנץ אַנדערס וואָלט געווען, ווען פראַנקרייך זאָל פּלוצלינג פערלירען די קעניג-ליכע פאַמיליע, די הויכע שטאַאַטס=בעאַמטע, די הויכע גייסטליכע און די רייכסטע בעזיצער. פון דיזען פערלוסט וואָלט פראַנקרייך גאָרניט געלי-טען, מיינט סעינט=סימאָן, ווייל עס זיינען דאָ אין פראַנקרייך גענוג מענ-שען, וועלכע זאָלען אויספילען די לעדיגע פּלעצער.

ווי מיר זעהען פון דיזען משל האָט סעינט־סימאָן נאָך ניט אין גאַנצען איבערגעטרעטען דעם גרענעץ צווישען ליבעראַליזם און סאָציאַליזם. אָבער גראַדע דיזע שוואַכקייט פון זיין טעאָריע האָט צוגעצויגען פיעלע גרויסע גייסטער, ווי באַזאַרד, ענפאַנטין, פערדינאַנד לעססעפּס, דער גרויסער אינזשעניער, וואָס האָט געבויט דעם סועץ־קאַנאַל, פּיערר לערו, מישעל שעוואַליער און אַנ־



סעינט־סימאָן.

דערע. אָבער נאָך זיין טויט האָט זיין לעהרע בעקומען אַ גרויסע בעדייטונג און מאַכט דורך די ווירקזאַמקייט פון זיינע שילער.

די שילער פון סעינט־סימאָן האָבען אָנגענומען אַ ריכטיגע סאָציאַליסטישע ריכטונג. זייער לעהרער׳ס פּרינציפּ איז געווען, דאָס יעדער אַרבייטער זאָל בעקומען אַזוי פיעל בעצאָהלט, ווי זיינע פעהיגקייטען גיבען

איהם דאָס רעכט דערצו, און יעדע פעהיגקייט מוז בעלוינט ווערען לויט דער ארבייט, וואָס זי גיט ארויס. זיין שילער ענפאַנטין האָט געשאַפען אַן אַנדער פּרינציפּ, וועלכער בעטראַכט איבערהויפּט דעם גענענזאַץ צווישען די, וואָס ארבייטען, און די יעניגע, וואָס לעבען פון יענעם'ס ארבייט. ער האָט שוין דאַמאָלס אויסגעדריקט די מיינונג, דאָס די רענט, וואָס ארביי־טער צאָהלען דעם גרונד־אייגענט'ימער פיר בעארבייטען די ערד, און דער געווין, וואָס די ארבייטער פערשאַפען מיט זייער מיה דעם קאַפּיטאַליסט, איז אַ מין שטייער צום לעדיג־געהער דעם גרונד־בעזיצער און צום לעדיג־געהער דעם קאַפּיטאַליסט. דיזע קאַפּיטאַל־שקלאַפעריי האָט ענפאַנטין גע־וואָלט בעזייטיגען. אויך באַזארד (1791—1832) האָט אין דעם געזעהען דעם גרונד פון די ליידען פון היינטיגער געזעלשאַפט. ער איז ניט געווען צופרידען מיט דער אָפּשאַפונג פון געבורט־רעכט אַליין, ער האָט אויך גע־פאָדערט די אָפּשאַפונג פון ערב־רעכט און ער האָט געפאָדערט אַ נייע פער־טיילונג פון בעזיץ אין אַלגעמיין. מען רעכענט, דאָס באַזארד איז געווען דער פערפאַסער פון דעם אדרעס, וועלכען די סעינט־סימאָניסטען האָבען געשיקט צו דער קאַמער (פּאַרלאַמענט).

„עס איז וואהר", האָבען זיי געשריבען אין דעם אדרעס, „דאָס די סעינט־סימאָניסטען האָבען געוויסע אידעען איבער די צוקונפט פון אייגענ־טום און פון פרויען. אָבער זייערע אידעען איבער דעם זיינען ווייט ניט די דאָזיגע, וועלכע מען שרייבט צו זיי צו. דאָס סיסטעם פון געמיינשאַפט (שותפות) פון די גיטער, לויט פיעלע מענשען, בעשטעהט דערין, דאָס יע־דער פון דער מענשליכער געזעלשאַפט זאָל בעקומען אַ גלייכען טייל אין דעם בעזיץ פון לאַנד און אייגענטום, ווי אויך אין די פּרוכט פון דער אר־בייט. די סעינט־סימאָניסטען אָנערקענען ניט דיזע גלייכע טיילונג פון אייגענטום. נאָך זייער מיינונג וואָלט עס געווען אַ גרעסערע גוואַלדטאַט ווי אָפּנעהמען אייגענטום מיט דער מאַכט פון שווערד. די סעינט־סימאָ־ניסטען גלויבען, דאָס די מענשען זיינען פון דער נאַטור ניט גלייך בעשאַ־פען געוואָרען. זיי רעכנען זאָגאַר, דאָס דיזע אונגלייכהייט פון די מענ־שען איז דער גאַנצער יסוד פון דער מענשליכער געזעלשאַפט. די סעינט־סימאָניסטען גלויבען, דאָס די גלייכע פערטיילונג פון די גיטער וואָלט גע־ווען אַ פערברעכען געגען דעם גרונד־פּרינציפּ פון מאָראַל, דאָס יעדער זאָל בעטראַכט ווערען נאָך זיינע פעהיגקייטען און זאָל בעלוינט ווערען לויט זיין ווערק. זיי פאָדערן איבערהויפּט דאָס אָפּשאַפען פון ערב־רעכט, וועלכעס איז די גרעסטע פּריווילעגיע. עס זאָלען אין געגענטייל אַלע בעדינגונגען

פון ארבייט, דער באָדען און די קאפיטאלען פערוואלטעט ווערען פון דער קירכע דורך פערגעזעלשאפטונג. די סעינט־סימאָניסטען זיינען געגען איי־גענטום נאָר אין אזוי ווייט, ווי דיזעס איז פיר איינינע א גאָטלאָזע פּרי־ווילעגיע צו געהן לעדיג, ד. ה. דאָס רעכט צו לעבען פון דער ארבייט פון אנדערע, אין אזוי ווייט, ווי דיזעס גיט איבער די געזעלשאפטליכע אָרדנונג צום צופאל פון געבורט. דאָס קריסטענטום האָט בעפרייט די פרויען פון קנעכטשאפט, אָבער אין דער זעלבער צייט האָט עס זיי פערדאמט צו אונ־טערטעניגקייט, און איבעראל אין דער קריסטליכער אייראָפּא זעהען מיר ווי די פרויען זיינען געשטעלט נידריג אין אלע הינזיכטען: אין רעליגיאָן, פּאָליטיק און אין בירגערליכע רעכטען. די סעינט־סימאָניסטען פערלאנגען זייער אבסאָלוטע בעפרייאונג, זייער פּאָלשטענדיגע עמאנציפּאציאָן, אָבער צוזאמען מיט דעם בעשטעטיגען זיי דאָס הייליגע געזעץ פון דער עהע און ווילען עס ערפילען. זיי פערלאנגען, דאָס איין איינציגער מאן זאָל זיך פעראייניגען מיט איין איינציגער פרוי, אָבער זיי פערלאנגען, דאָס די פרוי זאָל אין אלע הינזיכטען זיין גלייכגעשטעלט מיט דעם מאן".

א ווייט קלענערען איינפלוס אויף דאָס עפענטליכע לעבען האָט געהאָט די לעהרע פון שארלעס פּוריער (1772—1837). זיין רעפאָר־מע־פּלאַן איז ענטשטאנען אין די ערסטע 10 יאָהר פון 19טען יאָהרהונדערט. זיין ווערק אונטער'ן נאָמען „די טעאָריע פון די פיער בעוועגונגען" איז ער־שינען אין ליאָן אין יאָהר 1808. דיזעס ווערק איז א גלענצענדע קריטיק איבער די פעהלערן און ווידערשפּרוכען אין דעם הערשענדען סאָציאלען סיסטעם. פון דיזער צייט אָן האָט זיך פוריער בעשעפטיגט נאָר מיט דער אויסארבייטונג פון זיין אידעע, צו וועלכער ער האָט געאָפּפערט זיין גאנ־צעס לעבען, און אין וועלכער ער האָט געהאָט א שטארקען פערטרויען, דאָס זי וועט לעזען די שווערע סאָציאלע פראגע. צעהן יאָהר בסדר איז ער טאָג טעגליך אום 12 אוהר געגאנגען צו א רייכען מאן און געבעטען איהם, אז ער זאָל געבען א מיליאָן פראנקס אום ער זאָל קענען פערווירקליכען זיין אידעע. אין יאָהר 1825 איז זיין לעהרע היבש פערברייטעט געוואָרען און ער האָט זיך געפונען אין א קרייז פון מעהרערע שילער. מיט א יאָהר שפּע־טער האָט ער זיך בעזעצט אין פּאריז און האָט דאָרט ביז זיין טויט זיך בע־שעפטיגט מיט דער פּראָפּאגאנדא פון זיינע אידעען.

אלס אידעאל פון געזעלשאפט האָט פוריער געשטעלט די אזוי־גענאנטע „פאלאנגעס", ד. ה. געמיינדעס פון אונגעפעהר 1,800 מיטגלידער פוןביידע געשלעכטער און פערשיידענעם אלטער. יעדע פאלאנגע בעארבייט א גע־

ווייסע שטיק לאַנד; דאָס לעבען אין יעדער פאַלאַנגע איז קאָמוניסיטש. די פראָדוקטען, וואָס די פאַלאַנגע בעקומט פון איהר אַרבייט, ווערען פערטיילט אונטער די דריי אָנטייל־נעהמער פון פראָדוקציאָן: קאַפּיטאַל, אַרבייט און טאַלאַנט; און זיי ווערען איינגעטיילט אַזוי, דאָס איין דריטעל געהערט צו די אַיינוואוינער פון דער פאַלאַנגע, פינף צוועלפטעל געהערען צו דער אַר־בייט, און אַ פערטעל דעם טאַלאַנט. יעדע פאַלאַנגע האָט בעדאַרפט טאָן אַ



שאַרלעס פוריער.

בעזונדער סאָרט אַרבייט. די פאַלאַנגעס האָבען זיך בעדאַרפט בייטען מיט זייערע פּראָדוקטען.

מען זעהט, דאָס אַזאַ אידעאַל פון אַ געזעלשאַפט איז ניט מעהר ווי אַן אוטאָפּיע. אָבער נאָך מעהר פאַנטאַסטיש איז פוריער'ס לעהרע וועגען ליידענשאַפטען און וועגען פילאָזאָפיע פון געשיכטע. דערפאַר איז זיין

שאַרפע קריטיק איבער די פעהלערן פון דער עקסיסטירענדער אָרדנונג פון אונזער געזעלשאַפט זעהר שאַרפזיניג און געשריבען מיט גרויס גייסט.

א גרעסערע פערברייטונג פון פוריער'ס לעהרע האָט פערשאַפט וויק-טאָר קאָנסידעראַנט. מיט זיין פייערדיגער פּראָפּאַגאַנדא האָט ער צוגעצויגען צו דיזער לעהרע פיעלע סעינט-סימאָניסטען. ענדליך זיינען זיי געווען אין שטאַנד אַרויסצוגעבען אַ זשורנאַל צו פערברייטען זייער לעהרע. דיזער זשורנאַל האָט געהייסען „פאַלאַנסטער" און האָט אָנגעהויבען צו ערשיינען דעם 1טען יולי 1832. עס איז אויך געמאַכט געוואָרען אַ פּראַקטישער פערזוך דורכצופיהרען זייערע אידעען. דער פערזוך איז אָבער דורכגעפאַלען צוליב מאַנגעל אין געלט. עס איז געווען אַ גרויסער קלאַפּ פיר די אָנהענגער פון פוריער. דער „פאַלאַנסטער" איז אונטערגעגאַנגען און עס האָט אויסגעוויזען, דאָס עס איז שוין אַן ענדע צו דער טעטיגקייט פון פוריער'ס אָנהענגער, אָבער קאָנסידעראַנט האָט באַלד געגרינדעט אַ נייעם זשורנאַל.

הגם די סאָציאַליסטישע אידעען זיינען נאָך דאַמאָלס ניט געווען בעוואוסט צו די אַרבייטער, דאָך האָבען זיי אָנגעהויבען אַרויסצוצייגען גרויס אונצופרידענהייט מיט דער אָרדנונג פון דער געזעלשאַפט. דער גרויסער אויפשטאַנד פון די זייד-אַרבייטער האָט ערפילט מיט שרעק די בורזשואַזיע פון ליאָן. דאַמאָלס האָט יעדער קורצזיכטיגער געזעהען דעם עלענד פון די פּראָלעטאַריער.

אין די זייד-פאַבריקען אין ליאָן האָבען דאַמאָלס געאַרבייט לערך 40,000 געזעלען. דיזע האָבען געאַרבייט ביי מייסטערס, וועלכע האָבען געהאַט געוועהנליך צו 4 אָדער 5 וועב-שטוהלען. די געזעלען האָבען געמוזט האָבען זייערע אייגענע געצייג. אַזעלכע מייסטערס האָבען זיך דאַמאָלס געפונען אין ליאָן נאָהענט פון 10,000. די געזעלען פלעגען געוועהנליך בעקומען פיר זייער אַרבייט די העלפט פון דעם פרייז, וואָס די מייסטערס האָבען ערהאַלטען פון די פאַבריקאַנטען, וועלכע האָבען זיך דאַמאָלס געפונען אין ליאָן נאָהענט פון 800. די פאַבריקאַנטען זיינען געווען אַ מין דריטע קלאַס, וועלכע איז געשטאַנען צווישען די מייסטערס און די קאָמיסיאָנערען, וואָס האָבען געליפערט דעם רויהען שטאָף. דיזע זיינען געווען אמת'ע פּאַראַזיטען, פּיאַווקעס, וועלכע האָבען אויסגעזויגען דאָס בלוט פון דער גאַנצער אינדוסטריע אין ליאָן. די קאָמיסיאָנערען האָבען אַלזאָ געדריקט די פאַבריקאַנטען, דיזע האָבען געדריקט די מייסטערס, און דיזע לעצטע האָבען אַרויפגעלעגט דעם גאַנצען יאָך אויף די אַרבייטער, אָדער

די געזעלען. דיזער דרוק, וואָס האָט געדריקט די געזעלען, האָט יאָהרען־לאַנג אָנגעפילט זייערע הערצער מיט האַס צו זייערע בעדריקער, ביז די מאָס איז געוואָרען פול.

אָבער כל זמן די אינדוסטריע אין ליאָן איז געווען אין א גוטען צו־שטאַנד זיינען די ארבייטער געבליבען רוהיג. די זאַך אָבער האָט גענומען א גאַנץ אַנדער ווענדונג ווען די קאָנקורענץ פון אויסלאַנד האָט געגעבען א גרויסען שטויס דער אינדוסטריע פון ליאָן. מעהר פון אַלעמען האָבען דערפון געליטען די אַרבייטער. ווען די פּרייזען פון וואַרע זיינען געפאַלען האָט מען אָראָפּגעשניטען פון ארבייטער־לוין. עס איז געקומען אַזוי ווייט, דאָס דער טעגליכער לוין פון אַן ארבייטער איז געפאַלען פון 6 פראַנקס ביז 25 סו (25 סענט). אין נאָוועמבער 1831 האָט אַן אַרבייטער בעקומען פיר זיין ארבייט פיר א טאָג פון 18 שטונדען ניט מעהר פון 18 סו (18 סענט). אויך די לאַגע פון די מייסטערס איז געוואָרען אונערטרעגליך. זייערע קלאַגען האָבען זיך פעראייניגט מיט די קלאַגען פון די אַרבייטער.

די ערסטע פאָדערונג פון די אַרבייטער איז געווען, אַז מען זאָל פעסט־שטעלען א מינימום (ד. ה. דעם קלענסטען פרייז) פון א טאָג ארבייט פון אַן ארבייטער. דער פּרעפעקט בוביער דיומאַלארט, וועלכער האָט געוואָלט געווינען דעם צוטרויען פון די אַרבייטער, האָט צוזאַמענ־געשטעלט א פשרה־געריכט, וועלכעס האָט געהאַט די אויפגאַבע פעסטצו־שטעלען א טאַריף, א בעשטימטע טאַקסע פון אַרבייטער־לוין. אָבער די פאַבריקאַנטען האָבען זיך ענטזאַגט אָנצונעהמען דיזען טאַריף. דער האַנ־דעלס־מיניסטער האָט ערקלערט דעם טאַריף פיר ניט געזעצליך און האָט געשימפּט איבער די אָרדנונג פון פּרעפעקט. די ערביטערונג פון די אַר־בייטער איז געווען שרעקליך. דערצו האָבען נאָך די פאַבריקאַנטען גע־גאָסען אויל אויף דעם פייער מיט זייער גראָבער בעהאַנדלונג פון די אַר־בייטער. איין פאַבריקאַנט האָט געזאָגט וועגען אַרבייטער: „ווען זיי ווע־לען ניט האָבען אין מאָגען קיין ברויט, וועלען מיר זיי אָנפילען די מאָגענס מיט באַיאָנעטען". דער שטורם איז געווען אונפערמיידליך און ער האָט אויסגעבראָכען דעם 20טען נאָוועמבער, גראַדע אין דער צייט, ווען עס איז פאָרגעקומען א מוסטיר פון דער נאַציאָנאַל־גוואַרדיע.

דעם 21טען נאָוועמבער האָבען שוין די אַרבייטער פערטיג געמאַכט אין פערשיידענע ערטער באַריקאַדען און דער קאַמף האָט זיך אָנגעפאַנגען. אויף זייערע שוואַרצע פאָהנען זיינען געווען אָנגעשריבען די ווערטער: „אָדער לעבען און ארבייטען, אָדער קעמפען און שטאַרבען". אין אָבענד

איז שוין אַ גרויסער טייל פון דער שטאָדט געווען אין די הענט פון די אַרבייטער. אויף דער נאַכט האָבען אויך די פאָרשטעדט זיך פעראייניגט מיט די אַרבייטער און האָבען אָנטייל גענומען אין דעם אויפשטאַנד. די נאַציאָנאַל-גוואַרדיע האָט ניט בעוויזען קיין ווידערשטאַנד. 40,000 אַר-בייטער האָבען זיך פערזאַמעלט אין צענטער פון שטאָדט. דאָס מיליטער האָט געמוזט צוריקטרעטען. פיעלע פון די סאָלדאַטען זיינען געפאַלען ביי זייער צוריקטרעטען. דעם 22טען נאָוועמבער אין דער פריה איז שוין גאַנץ ליאָן געווען אין די הענט פון די אַרבייטער. ליידער האָבען זיי ניט גע-וואוסט וואָס צו טאָן מיט זייער זיג. ווען דער גענעראַל סולט איז אַריינ-געקומען מיט פרישע טרופען פון די נאָהענטע שטעדט, האָבען זיך די אַר-בייטער באַלד אונטערגעגעבען צו איהם. זיי האָבען גלייך געגעבען זייער צושטימונג, דאָס דער נייער טאַריף וועגען אַרבייטער-לוין זאָל ניט זיין אַלס פליכט פיר די פאַבריקאַנטען. אַזוי איז דער גאַנצער פייער פון אויפ-שטאַנד מיט איין מאָל פערלאָשען געוואָרען. עס האָט אָבער ניט לאַנג גענומען און דער אויפשטאַנד האָט ווידער אויפגעפלאַקערט. דאָס איז געווען מיט אַ פּאָאָר יאָהר שפּעטער, אין 1834. אָבער אויך דיזען מאָל האָבען די אַרבייטער פערלאָרען דעם קאַמף.

אין דעם אויפשטאַנד פון יאָהר 1834 אין ליאָן האָבען אויסער די אַר-בייטער גענומען אָנטייל פיעלע געזעלשאַפטען, וועלכע זיינען אָרגאַניזירט געוואָרען נאָך דער יולי-רעוואָלוציאָן; דיזע געזעלשאַפטען האָבען אין אַל-געמיין געהאַט אַ גרויסען איינפלוס אויף די פערהעלטניסען פון יענער צייט. דער טעטיגסטער פון דיזע אַלע קלובס איז געווען „די געזעלשאַפט פון פאָלקס-פריינד”. די רעגירונג האָט דיזען קלוב שטאַרק געדריקט און ער איז געווען געצוואונגען צו האַלטען זיינע פערזאַמלונגען בסוד. דיזע גע-זעלשאַפט האָט געפאָדערט אַלגעמיינעס וואַהל-רעכט, די פרייהייט פון די קאָמונעס (שטאָדט-געמיינדעס), עפענטליכע ערציהונג (פאָלק-שולען) און גלייכע רעכטען פיר אַרבייטער. אין איינעם פון די מאַניפעסטען פון דיזער פאַרטיי ווערט ערקלערט: „צווישען 32 מיליאָנען איינוואוינער געפינען זיך אין פראַנקרייך 500,000 לעדיג-געהער, וואָס טוען גאָרניט און לעבען אַ גוטען טאָג פון דער מיה פון אַנדערע; איין מיליאָן גליקליכע שקלאַפען און 31 מיליאָנען העלאָטען, פּאַריאַס (נידריגע פעראַכטעטע שקלאַפען). דע-ריבער פאָדערן מיר אויף אויסצורייסען מיט'ן וואָרצעל די אַריסטאָקראַטיע, וועלכע האָט זיך געבילדעט אונטער דעם נאָמען בורזשואַזיע. מיר ווילען און פאָדערן אַ גלייכע סומע פון גליק פיר יעדען. די איינציגע רעגירונג,

וואָס וועט ערפילען דיזע בעדינגונג, איז די רעגירונג פון פאָלק דורך דאָס פאָלק, ד. ה. די רעפּובליק, וועלכע וועט גלייך מאַכען דאָס פערמעגען און אַלע לעבענס=בעדינגונגען".

דיזע געזעלשאַפט האָט זיך איבערהויפּט געשטיצט אויף דער אַרבייטער=קלאַס. די פיהרער פון דיזער געזעלשאַפט זיינען פּראָווירט געוואָרען צוליב אַן אויפשטאַנד, וועלכען זיי האָבען אַרויסגערופען, און וועלכער איז ניט גע-לונגען, אָבער זי האָט פאָרטגעזעצט איהר אַרבייט בעהאַלטענערהייט.

דעם גרעסטען איינפלוס אויף די אַרבייטער פון יענער צייט האָבען געהאַט די קאָמוניסטישע סיסטעמען. עס איז דאַמאָלס שטאַרק פערשפּרייט געוואָרען צווישען די אַרבייטער די לעהרע פון באַבאָף, וועלכע איז איבער=אַ=נייס אויפגעלעבט געוואָרען דורך בואָנאַראָטטי. דער הויפּט=ציל פון זיינע אָנהענגער איז געווען צו מאַכען אַ סאָציאַלע רעוואָלוציאָן אום צו גרינדען אַ נייעם שטאַאַט אויף די פּרינציפּען פון קאָמוניזם, דער שטאַאַט זאָל בעזיצען אַלע מיטלען צום פּראָדוציצירען און פיהרען אַליין די גאַנצע פּראָדוקציאָן. אָבער דיזע אָנהענגער פון קאָמוניזם האָבען געהאַט זעהר פיעלע געגנער זאָגאַר פון די ראַדיקאַלען, ווייל זיי האָבען געפּרעדיגט אַטהע-איזם (כפירה אין גאָט) און מאַטעריאַליזם, די צושטערונג פון שטעדט, און-טערדריקונג פון די שענע קונסטען און דאָס רעכט צו מאַכען אויפשטאַנדען. איבערהויפּט איז אַרויס געגען זיי קאַבעט (1788—1856), וועלכער האָט אין גאַנצען פערוואָרפען זייער טעאָריע און האָט נאָר אָנערקענט די אָפּשאַפונג פון גרונד=אייגענטום און פון ווערקצייג, און גלייכע פערטיילונג פון אַלע לעבענסמיטלען. קאַבעט'ס שריפטען זיינען שטאַרק פערברייטעט געוואָרען און האָבען געהאַט אַ גרויסע בעדייטונג פיר די אַרבייטער=בע-וועגונג.

מיט דער פערברייטונג פון די קאָמוניסטישע אידעען האָט דער רע-פּובליקאַניזם פיעל פערלאָרען אין מאַכט. צו פערדאַנקען דער שטעלונג פון לואיס בלאַנק זיינען די רעפּובליקאַנער געשטאַנען געגענאיבער די אַרבייטער זעהר פריינדליך און האָבען זעלבסט אָנגענומען אין זייער פּראָגראַם סאָציאַליסטישע פאָדערונגען. ניט אַכטענדיג אויף דעם איז צווישען די רעפּובליקאַנער און די קאָמוניסטען געווען אַ גרויסער שפּאַלט, וועלכער האָט זיך אין זיין גאַנצער שאַרפקייט אַרויסגעוויזען אין דער רע-וואָלוציאָן פון 1848.

די שוואַכע זייטען פון דעם קאָמוניזם פון באַבאָף און קאַבעט האָט זעהר שאַרפזיניג בעוויזען פּ. זש. פּרודהאָן. דיזער געלעהרטער

האט ערקלערט דעם פראלעטארישען סאציאליזם מיט א בעזונדערער קראפט. אייגענטום בעטראכט ער אלס אויסזויגונג פון דעם שוואכען דורך דעם שטארקען. ער איז אבער אויך א געגנער פון שותפות פון די גיטער. נאך זיין מיינונג איז אזא סיסטעם זעהר געפעהרליך פיר די פרייהייט פון דעם אינדיווידואום. זיין אידעע פון גלייכהייט און גערעכטיגקייט איז א געזעל־שאפט פון ארבייטער, וועלכע זאלען זיך בייטען מיט זייערע פראדוקטען לויט דעם פרייז, וואס די פראדוקטען קאסטען. הגם אויך דיזע לעהרע איז אן אוטאפיע, א פאנטאזיע, דאך האט זיין לעהרע א וויכטיגע בעדייטונג. זיין קריטיק איבער אייגענטום איז מייסטערהאפט, און אלע שפעטערע קא־מוניסטען און סאציאליסטען האבען גענומען זייערע בעסטע וואפען געגען פריוואט־אייגענטום פון זיינע ביכער.

מיר זעהען אלזא, דאס אין די 30ער יאהרען איז פראנקרייך געווען פול מיט די אידעען פון קאמוניזם און סאציאליזם. אן אונגעהייערע מאסע פון קאמוניסטישע ווערק, צייטשריפטען און זשורנאלען האבען אנגעפילט די ארבייטער־קרייזען. די הויפט־שטרעבונג פון די ארבייטער פון יענער צייט איז געווען צו ארגאניזירען די ארבייט, צו מאכען און גרינדען ארבייטער־געזעלשאפטען, וועלכע זאלען אליין געניסען די פראדוקטען פון זייער אר־בייט. די ליטעראטור פון יענער צייט איז געווען פול מיט שילדערונגען פון דעם עלענד פון דער ארבייטער־קלאס און מיט פלוך געגען די טיראנען און רויבער, וואס נעהמען פון זיי צו זייער שוויים און בלוט. זאגאר וויק־טאר הוגא און בעראנזשער זיינען ארוים מיט סאציאליסטישע ווערק, און מענער ווי גוסטאוו לערוא און פיערר דיו־פאנט האבען אפען גערייצט דאס פאלק צו אן אויפשטאנד.

פיעל האט געהאלפען צו פערברייטען קאמוניסטישע און סאציאליס־טישע אידעען אין פאלק די רעאקציאנערע און ריין קאפיטאליסטישע ריכ־טונג, וואס די רעגירונג פון לואיס פיליפ האט אנגענומען. די האלטונג פון דער רעגירונג באלד נאך דעם טויט פון קאזימיר פעריער, וועלכער איז גע־שטארבען פון כאלערא דעם 16טען מאי 1832, איז געווען א סקאנדאל. דאס נייע מיניסטעריום מיט גיזא און טהיערס האבען אנגע־ווענדט אלע מיטלען אום צו ערווערבען פיר די רעגירונג א מאיאריטעט אין די קאמערן. די, וועלכע האבען געשטימט פיר די רעגירונג, האבען בעקו־מען העכערע שטעלעס. באנקירען און פאבריקאנטען האבען בעקומען פון דער רעגירונג גרויסען קרעדיט, אנדערע האבען פערזארגט זייערע קינדער

און קרובים מיט גוטע שטעלעס ביי דער רעגירונג. מיט איין וואָרט, די דע-פּוטאַטען-קאַמער איז געוואָרען אַ שענדליכעס הויז פון שאַכער-מאַכער.

מיט דיזער געקויפטער מעהרהייט האָט לואיס פיליפּ דורכגעפיהרט אַ גאַנצע רייהע פון רעאַקציאָנערע געזעצען. דעם 17טען פעברואַר 1834 האָט ער דורכגעפיהרט אין פּאַרלאַמענט אַ געזעץ, דאָס צייטשריפטען און



לואיס בלאַנק.

פּאַמפלעטען זאָלען שטעהן אונטער דער קאָנטראָל פון דער פּאָליציי. אין מאַי איז דורכגעגאַנגען אַ געזעץ, דאָס פעראיינען און קלובען מוזען האָבען אַ ערלויבניס פון דער פּאָליציי, און פיר איבערטרעטונגען פון געזעץ זאָלען זיי אונטערגעוואָרפען ווערען ניט דעם געריכט פון געשוואָרענע (דזשורי), נאָר דעם פּאָליציי-געריכט.

די ראַדיקאַלען און די רעפּובּליקאַנער האָבען אָנגענומען, דאָס מיט די-זען געזעצע מיינט מען נאָר זיי צו דריקען, און זיי האָבען געמאַכט אַן אויפ-שטאַנד. פריהער ווי איבעראַל האָט דער אויפשטאַנד אויסגעבראָכען אין ליאָן. דאָרט האָט דיזע קליינע ענערגישע פּאַרטיי געוואונען אויף איהר זייט די אַרבייטער. די ליידען פון די אַרבייטער איז איבעראַל געווען דער אויסרייד אָנצופאַנגען אַ פּאָליטישען קאַמף, הגם אין גרונד גענומען האָבען זיי קיינמאָל ניט געהאַט קיין נוצען פון דעם, וואָס זיי האָבען פערגאָסען זייער בלוט פיר די אינטערעסען פון דער בורזשאַזיע. דעם 9טען אַפּריל האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ גאַסען־קאַמף. עס איז געווען אַ שרעקליכער באַ-ריקאַדען־קריג. פיער טעג האָט געדויערט דיזער קאַמף. ערסט אין אָבענד פון 12טען מאַי האָט די אַרמעע געזיגט. ווען פּאַריז האָט זיך דערוואוסט פון דעם אויפשטאַנד אין ליאָן, האָט דאָרט אויך אויסגעבראָכען אַן אויפ-שטאַנד דעם 13טען אַפּריל האָבען זיך די גאַסען אָנגעפילט מיט באַרי-קאַדען, און אויף מאָרגען האָט די רעגירונג אַרויסגעשיקט 40,000 סאָלדאַ-טען צו בעקעמפען דעם אויפשטאַנד. דער קאַמף איז געווען אַ געפעהרלי-כער. די בלוט־באָד, וואָס איז פאָרגעקומען אין דער גאַס ט ר אַ נ ס נ אָ-נ ע י ן , געדענקען נאָך די פּאַריזער ביז היינט, די סאָלדאַטען האָבען גע-שאָסען רעכטס און לינקס און האָבען ערמאָרדעט יעדען, ווער עס איז אַריינ-געפאַלען אין זייערע הענט; זיי האָבען ניט געשוינט זאָגאַר קיין פרויען און קינדער. עס האָט נאָר גענומען איין שטונדע און די סאָלדאַטען האָבען געוואונען דעם קאַמף.

דאָס מיניסטעריום האָט באַלד געזוכט אויסצונוצען דעם זיג. מען האָט באַלד אויפגעלעזט די קאַמער און מען האָט געאָרדענט נייע וואַהלען מיט דער האָפנונג, דאָס די בורזשואַזיע וועט יעצט העלפען דער רעגירונג ערוועהלען צום פּאַרלאַמענט אַזעלכע מיטגלידער, וועלכע פּאַסען פיר איהר, וואָס וועלען נאָכגעבען אַלע איהרע פערלאַנגען. אָבער די רעזולטאַטען פון די וואַהלען האָבען דער רעגירונג ניט אין גאַנצען צופרידען געשטעלט. די געגנער פון דער דינאַסטיע זיינען דאָך געבליבען אין פּאַרלאַמענט מיט אַ גרויסער מאַכט.

דער אונגליקליכער אויפשטאַנד פון אַפּריל האָט געגעבען דער רעגירונג דעם מוט איינצופיהרען אין פראַנקרייך אַ טעררא̈ר, וואָס פראַנקרייך האָט שוין ניט געזעהען זינט דעם יאָהר 1793. די פּאָליציי האָט בעקומען דאָס רעכט צו אַרעסטירען יעדען, אויף וועמען זי האָט געהאַט דעם קלענסטען חשד, אַז ער איז געגען דער רעגירונג, הגם דער חשד איז געווען אָהן אַ שום

גרונד. די פאליציי האט געמאכט אונטערזוכונגען און האט שפיאנירט די פעראיינען און די קלובען, וועלכע זי האט גערעכענט אלס ניט גענוג זיכער פיר די רעגירונג. מען האט גארניט געקוקט אויף די פאדערונגען פון געזעץ ווען עס איז געקומען צו פערהאפטען איינעם, אויף ווענמען די פאליציי האט געהאט אן אויג. אנשטאט איין באסטיליע, וואס האט עקסיסטירט אונטער דער אבסאלוטער הערשאפט פאר 1789, האט יעצט פראנק-



פ. זש. פרודהאן.

רייך געהאט הונדערטע פעסטונגען פעסטצוהאלטען פאליטישע פערברעכער און פייניגען זיי דארטען מיט אזא גרויזאמקייט, וועלכע מען האט ניט גערעכטפערטיגט אפילו געגען די געפעהרליכסטע פערברעכער. די צאהל פון פאליטישע געפאנגענע אין פראנקרייך איז געווען אין פריהלינג פון יאהר 1835 ניט ווייניגער פון 1,300. די רעגירונג האט בעשטימט א געהיימען פאנד פון 1,200,000 פראנקס בלויז אויפצוהאלטען געהיימע שפיאנען, נאכ-

צושפּירען יעדען בעוועגונג אונטער אַלע קלאַסען פון דער געזעלשאַפט, וועלכע איז געריכטעט געגען דער רעגירונג.

דאַן האָט זיך געטראָפען אַ צופאַל, וועלכער האָט אויפגערודערט די עפענטליכע מיינונג און האָט געמאַכט פערגעסען די אויפשטאַנדען אין ליאָן און אין פּאַריז. דאָס איז געוועזען דער אַטענטאַט (אָנגריף) אויף לואיס פּי-ליפּ׳ס לעבען, ווען ער איז אין אַ יום טוב (28טען יולי 1835) געקומען בע-קוקען דאָס מיליטער אויף די בולוואַרען. מען האָט פּלוצלינג דערהערט אַ שרעקליכע עקספּלאָזיאָן מיט אַ שיסעריי, פון וועלכער דער מאַרשאַל מ אָ ר - ט י ע ר און אייניגע גענעראַלען, וואָס זיינען געשטאַנען נאָהענט צום קעניג, זיינען געפאַלען, נאָר לואיס פיליפּ איז ווי דורך אַ נס ניצל געוואָרען. מען האָט גערעכענט, דאָס עס האָט אויסגעבראָכען אַ נייע רעוואָלוציאָן. אָבער באַלד האָט מען זיך דערוואוסט, אַז דאָס איז געווען די טאַט פון אַן איינ-ציגער פּערזאָן, אַ געוויסען פּ י ע ס ק י , אַ קאָרסיקאַנער. דער מערדער, פּיעסקי, איז זעלבסט געוואָרען שווער פערוואונדעט און מען האָט איהם גע-כאַפּט. מען האָט זיך באַלד בערוהיגט און מען האָט פאָרטגעזעצט די פייערונג פון דעם יום טוב.

די רעגירונג האָט אָנגענומען ענערגישע מיטלען אום אויסצורייסען מיט׳ן וואָרצעל יעדען פערלאַנג פון אויפשטאַנד און רעוואָלוציאָן. עס האָט דער רעגירונג געלוינט אַרויפצוואַרפען די שולד פון דעם אַטענטאַט פון אַן איינצעלנער פּערזאָן אויף די גאַנצע רעפּובליקאַנישע פּאַרטיי, אום צו פערפאָלגען זי און פערניכטען. צו דיזען צוועק האָט זי אָנגעהויבען דורכ-פיהרען נייע רעאַקציאָנערע געזעצען. דאָס וויכטיגסטע געזעץ, וואָס איז דורכגעפיהרט געוואָרען אין פּאַרלאַמענט אין מאָנאַט סעפּטעמבער, האָט אָפּגעשאַפט די פּרעס־פרייהייט. יעדער אויפרוף צו אַן אויפשטאַנד און יעדע בעליידיגונג אויף די פּערזאָן פון קעניג איז אונטערגעוואָרפען געוואָרען אונטער אַ שווערע שטראָף. עס איז פערוועהרט געוואָרען צו קריטיקירען די עקסיסטירענדע געזעצען און מאַכען פאָרשלאַגען אין דער פּרעס פיר אַנ-דערע געזעצען אָדער שטאַאַטס־פאָרמעס ; עס איז אויך פערוועהרט געוואָ-רען צו דיסקוטירען אין דער פּרעס וועגען דעם פּרינציפּ פון אייגענטום. אָנגריפען אויף די רעגירונג זיינען אונטערגעוואָרפען געוואָרען אונטער ספּע-ציעלע ריכטער, ניט אונטער דעם געריכט פון געשוואָרענע פון פאָלק (דזשו-רי). עס האָבען זיך אפילו געפונען אייניגע געגנער אין פּאַרלאַמענט געגען דיזע געזעצען, אָבער ענדליך איז עס געלונגען דעם מיניסטער טהיערס זיי דורכצופיהרען. זינט דעם אַטענטאַט פון פּיעסקי זיינען די בירגער, אָדער

די בורזשואזיע, שטאַרק ערביטערט געוואָרען געגען די רעפּובליקאַנער. די באַנקירען און די גרויסע פאַבריקאַנטען האָבען געציטערט פאַר יעדען אָנ־גריף אויף די עפענטליכע אָרדנונג. לויט זייער מיינונג האָט די רעגירונג בעהאַנדעלט צו מילד די אויפשטענדיגע און די רוה־שטערער. זיי האָבען שטאַרק געוואונשען, דאָס די רעגירונג זאָל איינפיהרען אַ שטרענגע צענזור; זיי האָבען אויך שטאַרק געוואָלט, דאָס יעדער רעוואָלוציאָנער זאָל גע'משפט ווערען פון אַ קריגס־געריכט.

לואיס פיליפּ האָט שטאַרק גערעכענט, דאָס דורך דעם ניי־ערוועהלטען פּאַרלאַמענט, וועלכער איז דורך אַלערליי אונגערעכטע מיטלען און בעשטע־כונג צוזאַמענגעשטעלט געוואָרען פון פּערזאָנען, וועלכע זיינען געווען אי־בערגעגעבען מיט לייב און זעעלע צו דער קרוין און דער רעגירונג, — דאָס דורך דיזען פּאַרלאַמענט וועט איהם געלינגען צוריק איינפיהרען דעם אַבסאָ־לוטיזם, און דעריבער האָט ער זיך מעהר און מעהר דערווייטערט פון די קליינע בירגער און פון די אַרבייטער. די העכערע בורזשואזיע האָט געהאַט דעם גרעסטען איינפלוס אויף די גאַנצע אינערע פּאָליטיק, און זי האָט זאָ־גאַר געפיהרט די אויסערע פּאָליטיק. איהר איינפלוס האָט מען צו פער־דאַנקען די ערטאָבערונג פון אַלזשיר. די איבריגע קלאַסען פון פאָלק האָבען ניט גענומען אין דער רעגירונג דעם מינדעסטען אַנטייל. די אָפטע ענדע־רונגען אין מיניסטעריום האָבען זיי גאָרניט אינטערעסירט. פיר דאָס פאָלק איז עס געווען אַלעם איינס, אויב טהיערס שטעהט אָן דער שפּיץ פון דעם מיניסטעריום אָדער גיזאָ אָדער מאָלע. דיזע אַלע מיניסטאָרען האָבען נאָר אָנגעפילט זייערע בייטלען מיט געלט און האָבען געהאָלפען דער הויכער בורזשואזיע צו טאָן דאָס זעלבע.

זינט דער יולי־רעוואָלוציאָן איז פראַנקרייך אָנגעגריפען געוואָרען פון אַ ספּעקולאַציאָנס־פיבער. דער קאַפּיטאַל־רייכטום פון דער בורזשואזיע איז אויסערגעוועהנליך פערגרעסערט געוואָרען. די אַריינגעלעגטע סומעס אין די שפּאַר־קאַסען זיינען געשטיגען אין יענער צייט אויף 350 מיליאָנען; די סומעס, וואָס זיינען אַריינגעלעגט געוואָרען אין שטאַאטס־פּאַפּירען האָ־בען געשטיגען ביז 700 מיליאָנען; דער געשעפטס־אומזאַץ פון דער פראַנצוי־זישער באַנק האָט בעטראָפען אין יאָהר 1847 ביז 14 מיליאַרדען, וועהרענד אין יאָהר 1826 איז ער נאָר געווען 6 מיליאַרדען; איהר וועקסעל־אומלויף, וועלכער האָט בעטראָפען אין יאָהר 1829 ביז 220 מיליאָנען, האָט געשטיגען אין יאָהר 1847 ביז 330 מיליאָנען. פיעל האָט געהאָלפען צו ברייכגען דעם פראַנצויזישען קאַפּיטאַל אין בעוועגונג די בויאונג פון אייזענבאַהנען. מען

רעכענט, דאָס אין די 18 יאָהר פון לואיס פיליפ׳ס רעגירונג האָט דער בע-וועגליכער קאַפּיטאַל אין פראַנקרייך געשטיגען פון 30 מיליאַרדען אויף 45. נאָך גרעסער און בעדייטענדער איז געווען דער צואוואַקס אין ווערט פון די אונבעוועגליכע גיטער (גרונד און הייזער). ער איז געשטיגען פון 50 מיל-יאַרדען אויף 100, און ער וואָלט געוויס געשטיגען נאָך מעהר, ווען די רעגירונג וואָלט געשענקט מעהר אויפמערקזאַמקייט דעם אַקערבוי, און וואָלט זיך ניט בעשעפטיגט אויסשליסליך צו פערגרעסערן די פינאַנצען און די גרויסע אינדוסטריע.

די רעגירונג פון לואיס פיליפ האָט געהאַט אַלס איהר שפּרוך: „ווערט רייך!" די בורזשואַזיע האָט אין גאַנצען פערגעסען איהרע אַמאָליגע אידעאַלען פון פרייהייט און גלייכהייט. יעצט האָט זי נאָר געשטרעבט צו איין זאַך: צו רייכטום. קיין מיטעל איז ניט געווען שלעכט ווען ער האָט געפיהרט צו רייכטום, קיין קאָרופּציאָן איז ניט געווען מיאוס. דער רייכטום האָט געעפענט דעם וועג צו פּאָליטישער טעטיגקייט, וואָרום נאָר די, וואָס האָבען געצאָהלט הויכע שטייערן, האָבען געהאַט דאָס רעכט צו וועהלען און ערוועהלט צו ווערען; דער רייכטום האָט געגעבען די מעגליכ-קייט צו טאָן שרוכים מיט דעם אַלטען אַדעל און צו ווערען אַריסטאָקראַטען, און דעריבער איז דער רייכטום געוואָרען אַ הייס-פערלאַנגטער ציל פיר אַ גרויסען טייל פון דער מיטעל-קלאַס. דער געוועהנליכער וועג צו מאַכען אַ קאַפּיטאַל דורך שטענדיגע פלייסיגע אַרבייט און שפּאַרזאַמקייט האָט אויס-געוויזען די רייכטום-זוכער צו לאַנגזאַם. די אימער שלאָפענדע שפּילער-ליידענשאַפט אין מענשען האָט ערוואַכט און האָט געווירקט ווי אַן אַנשטעק-קענדע קראַנקהייט. מען האָט אָנגעהויבען צו ספּעקולירען, צו ריזיקירען אום צו ווערען געשווינד רייך. מען האָט אָנגעהויבען צו בויען אייזענבאַה-נען מיט דער האָפנונג דורך דעם גיך רייך צו ווערען. אין יאָהר 1840 זיי-נען פיעלע געוואָרען רייך פון קויפען און פערקויפען גיטער און הייזער. מען האָט פערליהען גרויסע סומעס געלט צו אַנדערע רעגירונגען, וועלכע האָבען געצאָהלט גרויסע צינזען. עס האָט אויסגעוויזען, דאָס די צייט פון דעם באַנקיר לאָא האָט זיך נאָך אַ מאָל בעוויזען אין פראַנקרייך. עס האָבען זיך דאָן ווירקליך געפונען ספּעקולאַנטען, וועלכע זיינען געוואָרען רייך אין איינציגע מאָנאַטען. דאָס זיינען געווען געוויסענלאָזע „גרינדער", וועלכע האָבען איינגעשלונגען די מיט מיה און שפּאַרזאַמקייט אָנגעזאַמעלטע קליינע קאַפּיטאַלען פון קליינע לייט.

אויך די גרויסע שטאַאַטסמענער זיינען אָנגעשטעקט געוואָרען פון דעם פיבער פון געלט־זוכט און רייכטום. איבערהויפּט איז די קאַמער געווען בע-פלעקט מיט דעם שמוציגסטען געווינזוכט. לאַפּיטט צ. ב. האָט גענומען פון קעניג פיר האַלץ פון זיין וואַלד דעם דאָפּעלטען פּרייז פון דעם ווערט אום צו רעטען זיך פון באַנקראָט. שפּעטער האָט דער קעניג פיר איהם ערב גע-ווען אויף אַ סומע פון 6 מיליאָנען, און נאָך שפּעטער האָט ער איהם געשענקט אַ מיליאָן מיט 200 טויזענד פראַנק. אויך די רעפּובליקאַנער האָבען גענומען געלט אַלס געשענק אום צו העלפען דעם קעניג דורכפיהרען זיין פּערלאַנג. אַ נ ד ר י ד ע פּ ו א י ר א ו ו אָ און ב ע נ ז ש א מ י ן ק אָ נ ס ט אַ נ ט האָבען יעדער בעקומען פון קעניג צו 200,000 פראַנק. אויך די צייטונגען האָבען זיך פערקויפט צום קעניג. ע מ י ל ז ש י ר אַ ר ד י ן, דער רעדאַק-טאָר פון דער „פּרעססע", איז געווען אָפּגעקויפט פון מיניסטעריום. אָבער הגם זיין געוויסען איז ניט געווען זעהר ריין, איז ער דאָך ארויסגעטרעטען געגען דעם מיניסטער פון אינערען מיט אַן אַנקלאַגע, דאָס ער האָט גענומען 100,000 פראַנק פיר אַ קאָנצעסיאָן אויף אַ טהעאַטער; ער איז אויך ארויס מיט אַן אָנקלאַגע געגען די צייטונגען „די עפּאָכע" און „דער גלאָבוס", דאָס זיי נעהמען שטיצע פון די שטייער־צאָהלער, דאָס די רעגירונג האָט פער-קויפט אַ פּלאַץ אין הערען־הויז (אויבער־הויז) פיר 80,000 פראַנק. די מיניסטאָרען האָבען געשוויגען, דער פּאַרלאַמענט האָט געהאָלפען דער רע-גירונג די זאַך צו דערשטיקען און האָט געאָרדענט, אַז מען זאָל גלייך אי-בערגעהן צו טאַגעס־אָרדנונג. עס זיינען אויך געווען צופעלען, ווען איינער האָט פערקויפט זיין אַמט צו אַן אַנדערען און דער מיניסטער האָט עס גוט־געהייסען.

נאָך פיעל שענדליכער איז געווען דער פּראָצעס פון גענעראַל ק ו ב י-ע ר ע ס. דיזער גענעראַל איז געוואָרען אין יאָהר 1840 קריגס־מיניסטער און האָט געהאַט אַקציעס פון אַ שטיינזאַלץ־מינע. נאָך דעם, ווי ער האָט פער-לאָרען זיין אַמט, האָט ער אָנגעווענדט אַלערליי מיטלען צו בעקומען אַ קאָנ-צעסיאָן פיר די קאָמפּאַניע, פון וועלכער ער האָט געהאַט זיינע אַקציעס. דער אַרבייטס־מיניסטער ט ע ס ט ע האָט גענומען כּאַבאַר 100,000 פראַנקס און די קאָמפּאַניע האָט בעקומען די פערלאַנגטע קאָנצעסיאָן. די זאַך איז אָבער באַלד בעקאַנט געוואָרען און מען האָט ביידען, קוביערעס'ן און טעס-טע'ן, גערופען צום געריכט פון די פּעירס. דער פּראָצעס האָט געדויערט 10 טעג. דאָס גאַנצע לאַנד האָט מיט אונגעדולד ערוואַרטעט דעם רעזולטאַט פון דיזען פּראָצעס. מען האָט זיי ביידען געפונען שולדיג און זיי זיינען

פעראורטיילט געוואָרען.ביידע האָבען פערלאָרען זייערע בירגער־רעכטען, ביידע האָבען בעדאַרפט בעצאָהלען אַ גרויסע געלט־שטראָף, און טעסטע האָט נאָך צו דעם בעקומען 3 יאָהר געפענגניס.

מען האָט נאָך ניט פערגעסען דיזען סקאַנדאַל־פּראָצעס און עס איז פאָרגעקומען נאָך אַ מעהר סקאַנדאַלעזער פּראָצעס. דעם 18טען אויגוסט 1847 האָט מען געפונען די הערצאָגין פון פּראַסלין ערמאָרדעט אין איהר בעט. דער חשד איז באַלד געפאַלען אויף איהר מאַן. מען האָט געבראַכט דעם הערצאָג אין געפענגניס, אָבער ער האָט געקראָגען גיפט און האָט זיך פער׳סם׳ט. די אויספאָרשונג האָט אויפגעדעקט שרעקליכע סקאַנדאַלען פון דעם פאַמיליען־לעבען פון דעם הערצאָג, און צוזאַמען מיט דעם אויך די שענדליכע זיטען־פערדאָרבענהייט און די צופוילטקייט פון דער הערשענדער קלאַס אין פראַנקרייך, און דאָס האָט געגעבען אַ טויט־קלאַפּ דעם גאַנצען רע־גירונגס־סיסטעם. דער קעניג און אַלע זיינע בעאַמטע זיינען פעראַכטעט גע־וואָרען פון דער מיטעלער קלאַס און פון די אַרבייטער. מען האָט זיך אָנ־געהויבען דערמאָהנען אָן דער צייט פון דער גרויסער רעוואָלוציאָן. ל ו א י ס ב ל אַ נ ק האָט בעוויזען די אַרבייטער, דאָס דער הויפּט־ציל פון דער בע־וועגונג פון יאָהר 1789, די בעפרייאונג פון דעם פערטען שטאַנד, איז נאָך עד היום ניט ערפילט געוואָרען. מ י ש ע ל ע ט האָט דורך זיינע אַנקלאַגע־אַקטען געגען לודוויג דעם 16טען אויפגעפלאַמט די יוגענד צום קאַמף געגען דאָס קעניגטום, און ל אַ מ אַ ר ט י ן האָט מיט בעגייסטערטע ווערטער געשילדערט די פּערזאָנען פון די רעוואָלוציאָנס־העלדען און אויך די בלו־טיגע טראַגעדיעס פון דער רעוואָלוציאָן פון יאָהר 1789.

די רעגירונג איז דאַמאָלס געשטאַנען ווי אויף אַ וואולקאַן. דערצו האָט זיך דאַמאָלס געמאַכט אַ הונגער־יאָהר. די שלעכטע ערנטע פון יאָהר 1846 האָט געבראַכט די בויערן אין אַ גרויסען עלענד. די רעגירונג האָט גאָרניט געטאָן אום צו פערגרינגערן דעם שיקזאַל פון די הונגעריגע. די הונ־געריגע בויערן האָבען געראויבט ברויט־מאַגאַזינען און שפּייז־קראָמען, האָ־בען ערמאָרדעט די פערהאַסטע גוטס־בעזיצער און זיינען געגאַנגען פון דאָרף צו דאָרף און האָבען געראויבט און געברענט. די גאַנצע מיטעלע פראַנק־רייך האָט געמאַכט אַן אויפרוהר. אין אַלע גרויסע שטעדט זיינען פאָרגע־קומען בלוט־פערגיסונגען. אין פּאַריז האָט דער געמיינדע־ראַט גאַנצע 7 מאָנאַטען געמוזט געבען דעם פאָלק ברויט צו ביליגע פּרייזען. דערצו איז נאָך צוגעקומען אַ שטאַרקער האַנדעלס־קריזיס. אַ גאַנצע רייהע פון באַנק־

ראַטען זיינען פאָרגעקומען איינער נאָך דעם אַנדערען. עס פערשטעהט זיך, דאָס צום מעהרסטען האָבען דערפון געליטען די ארבייטער.

די מיטעלע קלאַס האָט זיך שוין אפילו אָנגעהויבען צו בערוהיגען, אָבער צווישען די פּראָלעטאַריער האָט ניט אויפגעהערט צו זידען און צו קאָכען. די פּאָליציי האָט געשילדערט די פערברייטונג פון די סאָציאַליסטישע לעהרען אין שווארצע פארבען. די אונגעהייערע צאָהל פון פּאַמפּלעטען פון די קאָמוניסטען און סאָציאַליסטען האָבען שטאַרק געווירקט צו פערברייטען דיזע לעהרען, און הגם זעהר פיעלע רעוואָלוציאָנערען, ווי **לואיס אוגוסט בלאנקי**, זיינען וועגען אָנטייל נעהמען אין אויפשטאַנדען געווען איינגעשלאָסען אין געפענגניס, האָט די פּאָליציי דאָך ניט געהאַט די מאַכט צו דערשטיקען די סאָציאַליסטישע אידעען.

די קאָרופּציאָן פון פּאַרלאַמענט האָט ערוועקט די פאָלקס־מיינונג, און דאָס פאָלק האָט אָנגעהויבען שטאַרק צו פאָדערן אַ ראַדיקאַלע רעפאָרמע אין די וואהל־געזעצען. דיזע פאָדערונג איז געוואָרען אַן אַלגעמיינע, אַלע קלאַסען פון פאָלק האָבען עס פערלאַנגט. דיזע פאָדערונג איז געוואָרען די הויפּט־פראַגע פון טאָג, זי איז געוואָרען דער צענטער, ארום וועלכען עס האָבען זיך געדרעהט אַלע אַנדערע פראַגען, זי איז געוואָרען די פאָהן, אונטער וועלכער עס האָבען זיך פערזאַמעלט אַלע פערשיידענע פאָלקס־קלאַסען. אין פיעלע שטעדט האָט מען געמאַכט פערזאַמלונגען, אויף וועלכע דעפּוטאַטען פון דער לינקער זייט אין פּאַרלאַמענט, ד. ה. די ראַדיקאַלען און די געגנער פון דער רעגירונג, האָבען געהאַלטען פייערדיגע רעדעס, אין וועלכע זיי האָבען געשילדערט מיט שווארצע פארבען די פערדאָרבענהייט פון דעם הערשענדען סיסטעם. אין פּאַרלאַמענט זעלבסט האָבען זיך אויפגעהויבען שטימען פיר וואהל־רעפאָרמע. טהיערס האָט מיט אַ דונערנדער שטימע בעוויזען, דאָס פון 20 הויכע עמטער, וואָס די רעגירונג האָט צוטיילט אין די לעצטע מאָנאַטען, זיינען 14 אָנגעקומען צו די דעפּוטאַטען; דאָס פון 460 בעאַמטע זיינען 200 געווען דעפּוטאַטען. אָבער דיזעס האָט ניט געהאַט קיין ווירקונג. די קאָרופּציאָן אין פּאַרלאַמענט און אין אַלע צווייגען פון דער רעגירונג איז געבליבען ווי פריהער.

דעם 28טען דעצעמבער 1847 האָט דער קעניג געהאַלטען אַ רעדע ביי דער ערעפנונג פון פּאַרלאַמענט. אין דיזער רעדע האָט ער שטאַרק אָנגעגריפען און בעליידיגט די פערזאַמלונגען פיר זייער פאָדערונג פון וואהל־רעפאָרמע. דיזע רעדע האָט ארויסגערופען אין פּאַרלאַמענט אַ שרעקליכען שטורם. ביי די דעבאַטען וועגען די אדרעסען אויף די טראָן־רעדע האָט

מען בעשולדיגט דעם מיניסטער גיזאט אין פערקויפען עמטער. מען האט איהם אויך בעשולדיגט אין דעם, וואס די ריכטער האבען געהאנדעלט פאר-טייאיש אין דעם פראצעס פון דער אפאזיציאנס-פרעס. אבער דאס האט אויך ניט געהאט קיין ווירקונג. ווען עס איז געקומען צום אפשטימען האט דאס מיניסטעריום געהאט הינטער זיך די מעהרהייט, און אין דעם אדרעס



לואיס אוגוסט בלאנקי.

האט דער פארלאמענט סימפאטיזירט מיט'ן קעניג און מען האט דארט גע-טאדעלט די גאנצע בעוועגונג, וואס האט געפאדערט וואהל-רעפארמעס.

אום צו פראטעסטירען געגען דער רעגירונג האט די אפאזיציאן בע-שטימט אויף דעם 22טען פעברואר א רעפארמע-באנקעט, ניט אכטענדיג דערויף, וואס דאס מיניסטעריום האט עס פערבאטען אויף דעם גרונד פון אן אלטען געזעץ פון יאהר 1790, וועלכעס פערוועהרט צו מאכען אזעלכע באנ-

קעטען. אום דיזעס צו פערהינדערן האָט די רעגירונג אריינגעצויגען אין פּאַריז און אומגעגענד אייניגע רעגימענטען פון די קעניגליכע טרופּען. די אָפּאָזיציאָן אין דעפּוטירטען־קאַמער האָט נאָכגעגעבען. זי האָט פערשפּראָ־כען ניט צו נעהמען אין דעם באַנקעט קיין אַנטייל. נאָר לאַמאַרטין האָט געשוואָרען, דאָס זאָגאַר ווען קייגער וועט מיט איהם ניט געהן, וועט ער געהן אַליין מיט זיין שאָטען הינטער זיך. ער האָט געהאָפט, דאָס עס וועלען מיט איהם דאָך מיטגעהן אויף'ן באַנקעט פיעלע פון זיינע לייט, אָבער אין ווענינער ווי אין 24 שטונדען האָט ער זיך איבערצייגט אין זיין טעות.

די געהיימע געזעלשאַפטען האָבען בעשלאָסען דעם אָבענד פון 21טען פעברואַר צו מאַכען אַ טאָג געגען דעם קעניגטום. באַלד אין דער פריה האָט געשטראָמט איבער די גאַסען אַן אונגעהייערע מאַסע, צווישען וועלכע עס זיינען געווען זעהר פיעלע בירגער אין די מונדירען פון דער נאַציאָנאַל־גוואַרדיע. אום 10 אוהר האָבען די סטודענטען מאַרשירט מיט זייערע פאָה־נען, אום בייצוואוואוינען די דעמאָנסטראַציאָן פון באַנקעט, וועלכען די רע־גירונג האָט פערבאָטען. צו די סטודענטען איז צוגעקומען און האָט זיך אָנ־געשלאָסען אַ גרויסע מאַסע אַרבייטער. איבעראַל האָבען זיך געהערט גע־שרייען: „לעבען זאָל די רעפּאָרמע!" עס האָבען זיך אויך געהערט קולות: „נידער מיט גיזאָט!" מען האָט געוואָרפען שטיינער אין די פענסטער פון דיזען פערהאַסטען מיניסטער. מען האָט אָנגעהויבען צו בויען באַריקאַדען, געגען וועלכע די סאָלדאַטען האָבען געקעמפט און האָבען דערביי פערגאָסען ניט ווענינ בלוט. די אויפרעגונג האָט געשטיגען פון שטונדע צו שטונדע. די רעגירונג האָט אַרומגערינגעלט דעם שלאָס פון די טואילעריען מיט סאָל־דאַטען, און אויף דעם בולוואַר האָט זי אַרויסגעשטעלט קאַנאָנען. אין דער גאַס סט. מאַרטין איז שוין פאָרגעקומען אַ בלוטיגער צוזאַמענשטויס.

דעם מאָרגען פון 23טען פעברואַר איז די זאַך נאָך געווען אין דער זעלבער לאַגע ווי דעם טאָג פריהער. נאָר יעצט איז אַ טייל פון דער נאַ־ציאָנאַל־גוואַרדיע אַרויסגערופען געוואָרען פון די בירגערמייסטערס און אָפּי־צערען דורך זייער אייגענע מאַכט. פון דיזען אויגענבליק אָן האָט די נאַ־ציאָנאַל־גוואַרדיע גענומען די גאַנצע בעוועגונג אין איהר האַנט. אָבער ווער איז געווען די נאַציאָנאַל־גוואַרדיע? דאָס זיינען געווען די בעוואָפּענטע קליין־בירגער פון פּאַריז, אַלע צוזאַמען ניט מעהר ווי 100,000 מאַן. געגען זיי האָט קיין סאָלדאַט ניט געשאָסען, הגם זיי האָבען געפאָדערט רעפאָרמע גלייך מיט די אַרבייטער. עס האָט ניט לאַנג גענומען און די בירגער האָ־

בען אונטערגעשריבען א פעטיציאָן (ביטשריפט), אז מען זאָל גיזאָט ענט-זאגען.

די לינקע דעפּוטאַטען האָבען דיזע ביטשריפט איבערגעגעבען צו דער קאַמער, און דער קאָמאַנדאַנט פון דער נאַציאָנאַל-גוואַרדיע, דער גענעראַל זשאַקעמינאָט, האָט איבערגעגעבען זייער וואונש דעם קעניג זעלבסט. לואיס פיליפּ האָט ניט געוואוסט וואָס ער זאָל טאָן. די קעניגין האָט איהם שטאַרק געבעטען, אז ער זאָל נאָכגעבען דעם וואונש פון פאָלק און אָפּזאָגען גיזאָט פון זיין מיניסטער-שטעלע. גיזאָט זעלבסט, דער פערהאַס-טער מיניסטער, האָט פאָרגעשלאָגען, אז מען זאָל אָנשטאָט איהם בעשטי-מען אַלס מיניסטער גראף מאָלע, אום צו בערוהיגען די אַלגעמיינע אויפ-רעגונג. דער קעניג האָט ענדליך איינגעשטימט. דאָס בירגערטום האָט גע-זיגט. א גרויסע פרייד האָט בעגייסטערט די נאַציאָנאַל-גוואַרדיע און די פערמעגליכערע קלאַס. איבעראַל האָט מען געהערט פרעהליכע אויסגע-שרייען: „לעבען זאָל דער קעניג!" מען האָט זיך געדריקט די הענט איינע די אַנדערע פון שמחה, מען האָט זיך אַרומגענומען מיט גרוים ליבשאַפט און אין אָבענד איז די גאַנצע שטאָדט געווען אילומינירט אין א ים פון ליכט. זאָגאַר די, וואָס האָבען געהאַט א מיסטרויען צו דער רעגירונג, זיינען אויך הינגעריסען געוואָרען מיט דעם גרויסען שטראָם פון בעגייסטערונג.

נאָר די אַרבייטער האָבען זיך ניט געפרייט, זיי האָבען אין דער גאַנצער ענדערונג ניט געזעהען קיין גליק פיר קיינעם און איבערהויפּט פיר זיי. אונ-טער דעם איינפלוס פון די ראַדיקאַלען און די קאָמוניסטען האָבען זיי ניט געוואָלט אָפּטרעטען פון זייערע באַריקאַדען. וואָס פיר א גליק און וואָס פיר א נוצען איז פיר זיי געווען, וואָס גיזאָט איז ענטלאַסען געוואָרען און זיין שטעלע האָט פערנומען מאָלע? ווי דיזער אזוי האָט יענער געהערט צו דער בורזשואַזיע, צו דער קלאַס פון פאַבריקאַנטען און קאַפּיטאַליס-טען, וועלכע האָבען ניט געהאַט מיט די אַרבייטער קיין מיטלייד, קיין סימ-פּאַטיע. און אויסער דעם, ווער האָט געקענט גאַראַנטירען, דאָס גיזאָט זאָל ניט ווערען נאָך א מאָל מיניסטער און בעלעבען די רעאַקציאָן מיט מעהר פרישקייט? דעריבער האָבען פיעלע געדענקט, דאָס יעצט, ווען מען האָט געהאַט דעם זיג אין די הענט, זאָל מען זיך מיט איהם בענוצען און פיר אי-מער מאַכען אַן ענדע צו דער רעאַקציאָן.

אום 9 אוהר אין אָבענד האָבען זיך די אַרבייטער געלאָזען געהן אין א גרויסע מאַסע צום בולוואַר. אַן אָפיצער פון דער נאַציאָנאַל-גוואַרדיע איז געווען דער אָנפיהרער און א געזונטער, שטאַרק-געבויטער פּראָלעטאַריער

מיט פליהענדע האָר האָט געטראָגען די רויטע פאָהן און די מאַסע האָט געזונגען די מאַרסעילעזע, וועלכע האָט זיי געדינט אַלס קריגס-ליד. די פּראָלעטאַריער האָבען זיך זעהר ווייניג אינטערעסירט מיט דער ענדערונג אין מיניסטעריום און מיט די וואַהל-רעפאָרמעס. זיי זיינען געגאַנגען ווייטער. עס איז צו זיי צוגעקומען אַ מאַסע אַרבייטער. איבער 1,000 מאַן זיינען צוגעקומען צום מיניסטעריום פון אויסלענדישע אַנגעלעגענהייטען. דאָ האָט געגען זיי אַרויסגעטראָטען אַ בעוואַפענטע מאַכט.

די פּראָלעטאַריער האָבען פערלאַנגט, אַז מען זאָל זיי דורכלאָזען פריי. דער פּאָלקאָווניק האָט זיי ערקלערט, דאָס ער האָט אַ בעפעהל ניט דורכצולאָזען זיי, און ער קען גאָרניט טאָן געגען דיזען בעפעהל. די אַרבייטער זיינען שטאַרק אויפגערייצט געוואָרען, און איינער פון זיי איז צוגעגאַנגען מיט זיין פאַקעל און האָט צוגעסמאַליעט דעם פּאָלקאָווניק׳ס באַקענבאַרדען. אַ סאָלדאַט האָט אַריינגעשאָסען אַ קויל אין דעם פאַקעל-טרעגער, וועלכער איז אויף׳ן אָרט געפאַלען טויט. באַלד נאָכדעם האָבען אַלע סאָלדאַטען מיט איין מאָל אַריינגעשאָסען אין די מאַסע פון די פּראָלעטאַריער אַ רעגען מיט קוילען, פון וועלכע זעהר פיעלע זיינען געטויט געוואָרען און נאָך מעהר זיינען פערוואונדעט געוואָרען. די אַרבייטער האָבען גענומען 16 צובלוטיגטע קערפּערס און האָבען זיי אַריינגעלעגט אין אַ וואָגען, אין וועלכען זיי האָבען אַריינגעשטעקט אין אַלע 4 עקען פאַקלען, און האָבען איהם געפיהרט דורך דעם בולוואַר מיט געשרייען: „ראַכע, ראַכע, מען מאָרדעט אונזערע ברידער!״ איין מאַן איז געשטאַנען אויף דעם וואָגען, זיינען פיס זיינען געוועזן אין בלוט און ער איז געשטאַנען ביז די היפטען צווישען הרוגים. ער האָט פון צייט צו צייט אויפגעהויבען אַ הרוג און באַלויכטען זיינע וואונדען מיט אַ פאַקעל פאַר דער מאַסע פון פאָלק. די שמחה פון דער ענדערונג אין מיניסטעריום איז פערשטערט געוואָרען און עס האָט זיך אויפגעוועקט אין די הערצער פון פאָלק גרויס שרעק און אַ געפיהל פון ראַכע. זאָגאַר בעדייטענדע מענער פון דער בורזשואַזיע זיינען געוואָרען אויסער זיך פון דיזען פערברעכען. גאַנץ פּאַריז איז געוואָרען שטאַרק אויפגערייצט. די שטורם-גלאָק האָט ווידער אָנגעהויבען צו קלינגען אויף גוואַלד; עס זיינען באַלד ווידער ענטשטאַנען מאַסען באַריקאַדען, מען האָט ווידער בערויבט זעהר פיעלע קלייטען פון וואַפען. דעם 24טען פעברואַר אין דער פריה איז גאַנץ פּאַריז געוועזן גרייט צום קאַמף.

דער קעניג האָט זיך פערלאָרען, ער האָט ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. ענדליך האָט ער בעשלאָסען צו פאָלגען דעם ראַט פון מ אָ ל ע צו בע-



די טויטע פון בולוואַרד געפיהרט דורך פּאַריז.

אויפטראַגען ט ה י ע ר ס , דער הויפּט=פיהרער פון דער אָפּאָזיציאָן, מיט דער צוזאַמענשטעלונג פון אַ מיניסטערום, און איבּערצוגעבּען די קאָמאַנדע איבּער דאָס מיליטער צום מאַרשאַל ב י ו ז ש אָ ד . דיזער האָט באַלד געשיקט דריי שטאַרקע אָפּטיילונגען : איינע צום פּלאַץ פון דער באַסטיליע, איינע צום שטאָדט=הויז און איינע צום פּאַנטהעאָן, אום צו דערשטיקען די רעוואָלוציאָן מיט בּלוט. אָבּער די נייע ליבּעראַלע מיניסטאָרען האָבּען געראַטען בּערוהיגען דאָס פאָלק מיט גוטען, דורך דעם, וואָס מען וועט זיי געבּען צו וויסען, דאָס די רעגירונג גיט זיי נאָך זייער פערלאַנג וועגען די וואַהל=רעפאָרמעס. זיי האָבּען איינגערעדט דעם קעניג גלייך צוריקרופען די טרופּען און קאָנצענטרירען זיי אַרום די טואילעריען. דערצו האָבּען שוין די סאָלדאַטען געצייגט, דאָס זיי ווילען מעהר ניט שיסען אויף זייערע בּרידער ; זיי האָבּען אויפגעהויבּען זייערע בּיקסען מיט די קאָלבּעם אין דער לופט און זיינען געגאַנגען האַנט אין האַנט מיט די בּלוזע=מענער, די אַרבּייטער.

דער נייער מיניסטער פון אינערען, אָ ד י ל אָ ן ב אַ ר ר אָ ט , האָט געפּרובּט מיט גוטען בּערוהיגען דאָס פאָלק, אָבּער די לייט אויף די בּאַריקאַדען האָבּען איהם אויסגעלאַכט. דאָס זעלבּע איז געוועזען מיט דעם גענעראַל פון דער נאַציאָנאַל=גוואַרדיע, ל אַ מ אָ ר י ס י ע ר ע . דיזער האָט נאָך בּעקומען אַ וואונד פון די בּאַריקאַדען=מענער, מען האָט איהם קוים געראַטעט פון טויט. בּיי דעם פּאַלאַץ פון קעניג איז פאָרגעקומען אַן ערנסטע שלאַכט. נאָר 100 מאַן פון די קעניגליכע סאָלדאַטען האָבּען געשטריטען מוטיג מיט דער צואווילדעוועטער מאַסע און האָבּען זי ניט צוגעלאָזען צום פּאַלאַץ. דיזער העלדענמוט פון די 100 סאָלדאַטען איז געוועזען אַ גליק פיר דעם קעניג, ווייל דאָס האָט איהם געגעבּען די מעגליכקייט צו ענטלויפען אין צייט פון די טואילעריען. אָהן דיזען ווידערשטאַנד וואָלטען די פּראָלעטאַריער געוויס ערמאָרדעט די גאַנצע קעניגליכע פאַמיליע אויס ראַכע פיר זייערע ערמאָרדעטע בּרידער.

די געוואַלט פון דער רעוואָלוציאָן האָט ענדליך געבּראָכען די עקשנות פון קעניג. ער האָט אפילו געפּרובּט נאָך איין מאָל געבּרויכען זיין קעניגליכע מאַכט און רייטענדיג אויף אַ פערד אין אוניפאָרם האָט ער זיך געציינט פאַר דער נאַציאָנאַל=גוואַרדיע, וועלכע האָט איינינגע מאָל געשיצט זיין טראָן געגען אָנפאַל. אָבּער איבּעראַל האָט מען איהם בּעגעגענט מיט די אויסגעשרייען : „לעבּען זאָל די רעפאָרמע!" און זאָגאַר ווען ער האָט שוין פערשפּראָכען נאָכצוגעבּען די רעפאָרמע האָט מען איהם מיט בּליקען

געגעבען צו פערשטעהן, דאָס יעצט איז שוין צו שפּעט. אויך די נאַציאָ-נאַל־גוואַרדיע איז געווען אָנגעשטעקט מיט'ן רעוואָלוציאָנס־פּיבער. דאָס פאָלק האָט געפאָדערט און געשריען: „אָפּדאַנקונג!" ד. ה. מען האָט פון איהם געפאָדערט, אַז ער זאָל זיך אָפּזאָגען פון טראָן. דער קעניג האָט גע-פּרובט צוזאָגען, דאָס ער וועט ענטזאָגען די מיניסטאָרען טהיערס און ביו-זשאָד און וועט אויף זייער אָרט איינלאַדען די בעליבטע פון פאָלק באַר-ראָט און זשעראַרד. אָבער אויך דיזער צוזאָג האָט ניט געהאָלפען. דאָס פאָלק האָט ניט אויפגעהערט צו שרייען: „אָפּדאַנקונג!" הגם אויך דער פערהאַסטער מאַרשאַל איז ענטזאָגט געוואָרען פון קאָמאַנדירען די סאָלדאַטען. ווען דיזער מאַרשאַל האָט איבערגענומען די קאָמאַנדע איבער די טרופּען האָט ער געזאָגט: „איך וועל אימער האָבען אַ פערגניגען צו שיסען צום טויט פיעלע פון דער קאַנאַליע (לומפּען־געזינדעל) פון די פּראָלעטאַריער און אַרבייטער!"

די פּרינצען האָבען זיך אונטערגענומען איבערצוגעבען זייער פאָטער, דעם קעניג לואיס פיליפּ, דעם אַלגעמיינעם פערלאַנג פון פאָלק, אַז ער זאָל אָפּדאַנקען. ער האָט באַלד איינגעוויליגט. נאָר די קעניגליכע פרויען האָ-בען איהם געבעטען, אַז ער זאָל דיזען שריט ניט טאָן. „דאַנקט ניט אָפּ, קעניג", האָט מיט טרערען אין די אויגען געבעטען די הערצאָגין העלענע פון אָרלעאַנס, „די קרוין איז צו שווער פיר אונז". „איהר פערדינט ניט אַזאַ גוטען קעניג!" האָט די קעניגין אויסגעשריען. און צו טהיערס האָט זי געזאָגט: „דאָס איז אייער אַרבייט, מיין הערר! איהר האָט עס אַזוי ווייט געבראַכט! באַלד איז זשיראַרדין אַריינגעלאָפען און האָט מיט אַ בלייכען פּנים געזאָגט צום קעניג: „אָפּדאַנקונג". דער קעניג האָט מעכאַ-ניש גענומען די פעדער און האָט מיט גרויסע בוכשטאַבען אָנגעשריבען: „איך דאַנק אָפּ צו גונסטען פון מיין אָנקעל, דעם גראַף פון פּאַריז. איך ווינש, דאָס ער זאָל זיין גליקליכער פון מיר".

עס איז דערווייל אָנגעקומען די צייט צו פערלאָזען דעם שלאָס, ווייל דער שאַטאָ ד'אָ איז שוין געפאַלען אין די הענט פון די רעוואָלוציאָנערען. אין הויף פון די טואילעריען זיינען אפילו געשטאַנען 4,000 מאַן, אָבער די געפאַהר איז געוואָרען גרעסער און גרעסער. דער קעניג האָט בעשטעלט וואָגענס, האָט אויסגעטאָן זיין אוניפאָרם און האָט זיך אָנגעטאָן אין שוואַרצע ציוויל־קליידער. דורך דעם גאָרטען פון די טואילעריען איז ער מיט זיין פאַמיליע, צוזאַמען 15 פּערזאָן, ענטלאָפען פון דער געפאַהר. עס האָבען איהם בעגלייט 2 כקאַדראָנען קיראַסירען, און אַזוי איז ער געלאָפען גע-

שווינד ביז ער איז געקומען אין סט. קלוד. דאָ האָט ער פערווײַלט נאָר אײַ-ניגע מינוט, דאַן האָט ער פאָרטגעזעצט זײַן רײַזע פערקלײדט, אום מען זאָל איהם ניט דערקענען. דעם 26טען פעברואַר איז ער אָנגעקומען צום ים. דער ים איז געווען אײַניגע טעג זעהר שטירמיש און דער קעניג האָט געמוזט פערבלײַבען ביז דער שטורם וועט פאָריבער. דיזע צײַט האָט ער זיך אויפ-געהאַלטען אין דעם הויז פון ענגלישען וויצע־קאָנסול אין האַוור. ווען דער ים האָט זיך אײַנגעשטילט, איז דער קעניג אַוועק נאָך ענגלאַנד אויף אַן ענגלישען דאַמפּשיף אונטער אַ פרעמדען נאָמען מיט אַ פאַלשען פּאַספּאָרט. דעם 3טען מערץ איז לואיס פיליפּ אָנגעקומען אין ענגלאַנד.

נאָך דעם, ווי די מאַסע האָט אײַנגענומען דעם שאַטאָ ד'אָ, איז זי גע-לאָפען צו די טואילעריען. מען האָט לײַכט אײַנגעבראָכען דעם צאַם. ווען זיי האָבען דערזעהען די טרופּען, האָבען זיי אויסגעשריען: „לעבען זאָל די ליניע!" און די סאָלדאַטען האָבען זיך באַלד בעפרײַנדעט מיט די באַרי-קאַדען־קעמפּער. מען האָט זיך געקוסט, אומגעאַרמט און געטײַלט זיך מיט די וואַפען. האַנט אין האַנט זײַנען די פּראָלעטאַריער, בירגער און סאָלדאַ-טען אַרויף אויף די ברײַטע טרעפּ פון פּאַלאַץ, האָבען אָנגעפילט די רײַכע צימערן פון שלאָס און האָבען איהם אָנגעהויבען פערוויסטען. דאָך זײַנען אין ערגעץ ניט פאָרגעקומען קײַן רויבערײַען און רציחות. דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזען אויף אַ גלענצענדע אַרט די גײַסטיגע גרויסקײַט פון דעם הונגערנדען פאָלק אין מיט'ן פון זײַן זיג. מען האָט אין קײַן פאַל ניט געקענט בעהויפּטען, דאָס דער אויפשטאַנד האָט געהאַט אַן אינטערעסע פון האָבזוכט. זיי האָבען זיך נאָר אַ ביסעל פרעהליך געמאַכט אין שלאָס. אײַנער האָט אָנגעטאָן דעם קעניג'ס אָרדענס־באַנד מיט אַ גרויסען ברי-ליאַנטענעם קרײַיץ פון עהרען־לעגיאָן און האָט זיך געשטעלט אין פענסטער און האָט געפײַפט; אַן אַנדערער האָט אָנגעטאָן אַ זײַדענעם מאָרגען־קלײד פון אַ פּרינצעסין און האָט געמאַכט מינעם פון אַ הויף־דאַמע, וועלכע לײַדעט פון מיגרענע. די הונגעריגע מאַסע האָט אָבער ניט בעפלעקט איהר געווי-סען מיט רויבערײַען אָדער מערדערײַען.

אין אײַניגע שטונדען האָט דאָס פאָלק געשטירצט די מעכטיגסטע די-נאַסטיע פון אײראָפּאַ און האָט געמאַכט דעם רײַכסטען קעניג פיר אַ היימ-לאָזען עמיגראַנט. דיזער אונגעוועהנליכער זיג האָט זאָגאַר ניט געקאָסט קײַן פיעלע אָפּפער. דאָס פאָלק האָט מעהר ניט פערלאָרען ווי 289 טויטע, צווישען וועלכע עס זײַנען געווען 14 פרויען, און די אַרמעע האָט פערלאָרען 62 מאַן. אַ ווירקליכער קאַמף איז נאָר פאָרגעקומען פאַר דעם קעניגליכען

פאלאץ. נאר וויל די פאליטישע און סאציאלע לאגע אין פראנקרייך איז געווען פארבערייטעט פיר אן איבערקעהרעניס, האט איין קליינער שטויס געקענט שטירצען דעם טראן.

די מאסע אָבער האט דיזען מאל געמאכט די רעוואָלוציאן ניט אום ארויפצוזעצען אויף'ן טראן אן אנדער דינאסטיע, נאר אום צו מאכען אן ענדע צום קעניגטום. פון אלע זייטען האט מען געפאדערט איינצופאָדרען אין לאנד א רעפובליקאנישע רעגירונג. די רעפובליקאנער האבען געפונען דיזען מאָמענט פיר זעהר גינסטיג אריינצוכאפען די רעגירונג אין זייערע הענט. צו דיזען צוועק האבען זיי געאָרדענט, דאס די בעוואפענטע מאסע זאל קומען אין פארלאמענט, און האבען צוזאמענגעשטעלט א ליסט פון פער־זאָנען, וועלכע מען זאל איבערגעבען די דערוויילינע רעגירונג ביז מען וועט ערוועהלען א שטענדיגע רעגירונג. די בעקאנטעסטע פערזאָנען פון דער דערוויילינער רעגירונג זיינען געווען: ל א מ א ר ט י ן, ל ו א י ס ב ל א נ ק און א ר א ג א. לאמארטין האט זיך גלייך ערקלערט בעריית צו האלטען א רעדע אין דער קאמער פיר א רעפובליק.

ווען די דעפוטאטען זיינען שוין געווען פערזאמעלט איז אריין די הער־צאָגין פון אָרלעאנס מיט איהר קליינעם זוהן. זי איז ניט ענטלאָפען מיט דער קעניגליכער פאמיליע, וויל זי האט געהאפט, דאס איהר וועט געלינגען צו בעקומען דעם טראן פיר איהר קליינעם זוהן. זי איז געקומען אין פאר־לאמענט מיט דעם צוועק און דער האפנונג דורכצופיהרען איהר פלאן. גלייך ווי די הערצאָגין מיט איהרע קינדער זיינען אריין אין זאל פון פארלאמענט, האבען זיך אלע דעפוטאטען אויפגעהויבען פון זייערע זיצען און האבען אָנ־געבאָטען איהר און איהרע קינדער שטוהלען אנידערצוזעצען זיך. איהר שוואָגער, דער הערצאָג פון נעמורס, האט זיך געשטעלט נעבען זיי. דער דעפוטאט ד י ו פ י ן איז ארויף אויף די טריבונע און האט אָנגעזאָגט די דעפוטאטען, דאס יעצט איז די צייט בעקאנט צו מאכען דעם פאלק, דאס דער יונגער גראף פון פאריז איז קעניג פון פראנקרייך, און זיין מוטער, די הערצאָגין פון אָרלעאנס, איז די רעגענטין ביז ער וועט ווערען פולי־יעהריג. אלע דעפוטאטען האבען איינגעשטימט. דאן האט זיך אויפגעשטעלט לא־מארטין און האט פערלאנגט, דאס מען זאל די זיצונג אונטערברעכען ביז די הערצאָגין און דער יונגער קעניג וועלען זיך צוריקציהען, אום מען זאל די זאך פערהאנדלען אין זייער אבוועזענהייט. דער פרעזידענט האט עס גע־טאן. די הערצאָגין האט אָנגעהויבען אפטרעטען מיט איהרע קינדער; אָבער

**אין דעם זעלבען מאָמענט האָט אַריינגעשטראָמט אין זאַל דאָס בעוואַפּענטע**
פאָלק. דאָס האָט געגעבען אַ טויט־קלאַפּ דער רעגענטשאַפט.

דער דעפּוטאַט מ אַ ר י ע , פון די לינקע, האָט פערלאַנגט, אַז מען
זאָל די רעגענטשאַפט בעזייטיגען, און האָט פאָרגעשלאָגען, אַז מען זאָל בע-
שטימען אַ דערווייליגע רעגירונג ביז דאָס פאָלק וועט בעשליסען, וואָס פיר
אַ פאָרמע רעגירונג עס ווינשט. דאַן איז אַרויסגעטראָטען אָדילאָן באַרראָט
און האָט גערעדט צו גונסטען פון דער הערצאָגין. דאַן האָט די הערצאָגין
זעלבסט אָנגעהויבען צו רעדען: „מיין זוהן און איך זיינען געקומען...״,
אָבער דער דעפּוטאַט ל אַ ר אָ ש ז אַ ק ע ל י ן האָט איהר איבערגעשלאָ-
גען די רייד מיט אַ דונערנדער שטימע: „יעצט האָבען מיר צו רעדען נאָר
פון אונזער לאַנד און פון אונזער פאָלק, ניט מעהר וועגען קעניגען. הייגט
זיינען זיי מעהר גאָרנישט!״ פון אַלע זייטען האָבען זיך אָנגעהויבען הע-
רען קולות: „נידער מיט דעם קעניגטום!״ דערווייל איז די פאָלקס־מאַסע
אין פּאַרלאַמענט־זאַל וואַקסען מעהר און מעהר. אייניגע פון פאָלק האָ-
בען זיך אַרויפגעכאַפּט אויף די טריבונע און האָבען אויפגעצויגען די דריי־
פאַרביגע פאָהן. עס איז געוואָרען אַ שרעקליכע אונאָרדנונג. ענדליך איז
עס געלונגען מיט גרויס מיה די דעפּוטאַטען ל ע ד ר ו = ר אָ ל ל י ן
און לאַמאַרטין, צו מאַכען אָרדנונג און צו בעשטימען אַ פּראָוויזאָרישע
רעגירונג ביז דאָס פאָלק וועט בעשטימען און אַרויסזאָגען וואָס עס וויל.
אין דער זעלבער צייט האָט אַ גרויסע מאַסע רעוואָלוציאָנערען איינגע-
בראָכען די אויבערסטע טירען און האָט זיך אַריינגעריסען אין פּאַרלאַ-
מענט. אַ גרויסער טייל פון די דעפּוטאַטען זיינען צולאָפען, אויך די הער-
צאָגין האָט זיך אַרויסגעגנב'עט פון זאַל, נאָר די דעפּוטאַטען פון דער אָפּאָ-
זיציאָן זיינען געבליבען אויף זייערע ערטער און האָבען מיט פערגניגען בע-
געגענט די נייע מאַסע.

לאַמאַרטין האָט אויפגעפאָדערט דעם גרייז־גראָהען דעפּוטאַט ד י ו-
פּ אָ נ ט , אַז ער זאָל ערוועהלען פּאַסענדע פּערזאָנען פיר אַ צייטווייליגע
רעגירונג. לעדרו־ראָללין האָט הויך אויסגערופען די נעמען פון די מיט-
גלידער פון דער דערווייליגער רעגירונג, אַלע פּערזאָנען פון דער רעפּובלי-
קאַנישער פּאַרטיי, און דאָס פאָלק האָט מיט גרויס בייפאַל אָנגענומען.
„צום שטאָדט־הויז!״ האָט מען יעצט אויסגעשריען, און אום 5 אוהר נאָכ-
מיטטאָג האָט זיך דער פּאַרלאַמענט מיט דער גרויסער פאָלקס־מאַסע בעגע-
בען צום שטאָדט־הויז. עס איז זעהר שווער אָנגעקומען דער מאַסע דורכ-
צומאַכען דיזען מאַרשרוט, ווייל עס זיינען איבעראַל געוועזן באַריקאַדען.



די הערצאָגין פון אָרלעאַנס אין דעפוטירטען-קאַמער.

ווען די מאַרשירענדע זיינען שוין מיט גרוים מיה צוגעקומען אַהין, האָבען
זיי ניט געקענט געפינען פיר זיך קיין אָרט, ביז אַן אונטער־בעאַמטער האָט
זיי אָנגעצייגט אויף אַן אָפּגעלעגענעם צימער. דאָ האָבען די נייע מאַכט־
האָבער צוטייל֗ט צווישען זיך די מיניסטער־שטעלעס און האָבען זיך גע-
מאַכט איינפערשטאַנען אין געוויסע פונקטען מיט די ראַדיקאַלע רעוואָלו-
ציאָנערען. די רעדאַקטאָרען מאַרראַסט און פלאָקאָן און אויך
לואיס בלאַנק האָבען בעקומען די שטעלע פון אונטער־שטאַאַטס־סעקרעטער,
קאָססידיערע דאָס אַמט פון פּאָליציי־פּרעפעקט, אַראַגאָ דאָס אַמט
פון גענעראַל־פּאָסט־מייסטער, און דער שלאָסער־יונג אַלבערט האָט
בעקומען אַ שטעלע אַלס מיניסטער אָהן אַ פּאָרטפעל (ד. ה. אָהן אַ בעשטימ-
טען אַמט).

די ראַדיקאַלען זיינען אין דיזען מאָמענט געוועזען שטאַרקער פון די
איבריגע מעסיגע מיטגלידער פון דער רעגירונג, ווייל זיי האָבען זיך גע-
שטיצט אויף די אַרבייטער־מאַסען, וועלכע זיינען געשטאַנען דרויסען און
האָבען געשטורמט און געפאָדערט אַ פּראָקלאַמאַציאָן, דאָס עס ווערט אין
פראַנקרייך געגרינדעט אַ רעפּובליק. די בירגער האָבען זיך אין דיזער פראַגע
געהאַלטען מיט שרעק פון וויטען. איבערהויפּט איז די שטאָדט־הויז דאַ-
מאָלס געוועזען אָנגעפילט מיט פּראָלעטאַריער. זיי האָבען איינגעבראָכען די
טירען צו די צימערן, אין וועלכע די נייע רעגירונג האָט געהאַלטען איהר זי-
צונג. דריי מאָל האָט די נייע רעגירונג געמוזט ענדערן ערטער אום צו טאָן
עטוואָס, ווייל די שטירמישע מאַסע האָט געשטערט. לאַמאַרטין האָט זיך
געגעבען גרוים מיה צו בערוהיגען די רעוואָלוציאָנערען מיט זיינע גלענצענדע
רעדעס. אַ היבשע צייט זיינען אַלע זיינע בעמיהונגען געוועזען אָהן אַן ער-
פאָלג. ענדליך איז עס איהם געלונגען צו בערוהיגען די שטירמענדע מאַסע.
געהאָלפען האָבען איהם דערין לעדרו־ראָללין און לואיס בלאַנק מיט זייער
פּראָקלאַמאַציאָן, וואָס זיי האָבען אין גיכען פערפאַסט. דיזע פּראָקלאַ-
מאַציאָן האָט זיך געענדיגט מיט די ווערטער: „די רעגירונג וויל גרינדען אַ
רעפּובליק מיט דער איינשטימונג פון דער נאַציאָן, מיט וועלכער מען וועט
זיך גלייך בעראַטען וועגען דעם. די איינהייט פון דער נאַציאָן, וועלכע זאָל
געבילדעט ווערען פון אַלע איהרע קלאַסען, די רעגירונג פון דער נאַציאָן
דורך זיך זעלבסט אויף די פּרינציפּען פון פרייהייט, גלייכהייט און ברידער-
ליכקייט, דאָס פאָלק אַלס וואַהל־שפּרוך און פאָהן: דאָס איז די דעמאָקראַ-
טישע רעגירונג, וועלכע פראַנקרייך איז זיך אַליין שולדיג און וועלכע אונ-
זערע בעמיהונגען וועלען וויסען צו זיכערן”. דיזע פּראָקלאַמאַציאָן האָט מען

פאַרגעלעזען פאַר'ן פאָלק אום 10 אוהר אָבענדס דעם 24טען פעברואַר, און פראַנקרייך איז געוואָרען אַ רעפּובליק.

אָנשטאַט דעם, וואָס פריהער, פאַר דער רעפּובליק, האָט געהערשט אין פראַנקרייך נאָר דער קאַפּיטאַל, איז יעצט אַרויף אויף די פּאָליטישע סצענע דאָס איינפאַכע פאָלק. דער פּראָלעטאַריאַט איז יעצט געשטעלט געוואָרען אין פאָרדערגרונד פון דער פּאָליטישער ביהנע, און איז געוואָרען אַ זעלבשטענדיגע פּאַרטיי. אָבער דיזער ערפאָלג איז אין גרונד געווען נאָר אַ האַלבער. די פּראָלעטאַריער האָבען נאָר געוואונען גרונד צו שטרייטען פיר זייער עמאַנציפּאַציאָן, אָבער זיי האָבען נאָך ניט דערגרייכט די עמאַנ־ציפּאַציאָן זעלבסט.

די רעפּובליק פון פעברואַר האָט אייגענטליך גאָר פערשטאַרקט די מאַכט פון דער בורזשואַזיע, ווייל זי האָט אַריינגענומען אין דעם קרייז פון פּאָליטישער מאַכט אויסער דער פינאַנץ־אַריסטאָקראַטיע אויך אַלע אַנדערע קלאַסען, וואָס האָבען וועלכעס עס איז אייגענטום. אַזוי, צום ביישפּיל, זיי־נען יעצט אַרויף צוריק אויף די פּאָליטישע סצענע די גרויסע גוטס־בעזיצער, די לעגיטימיסטען, וועלכע זיינען פון דער יולי־מאָנאַרכיע דערוויטערט גע־וואָרען פון יעדען אָנטייל אין פּאָליטיק. דער רעזולטאַט איז געווען, דאָס די בורזשואַזיע, וואָס האָט פאַר דער רעפּובליק געהערשט אונטער דעם שוץ פון מאָנאַרכיע, איז יעצט אַרויסגעטראָטען ריין אַליין, אָהן דער קרוין.

און דעריבער האָבען די אַרבייטער פאָרטגעזעצט זייער פיינדשאַפט צום בירגערטום, און האָבען פאָרטגעזעצט צו פערניכטען די דענקמעלער פון דער געפאַלענער רעגירונג. זיי האָבען פערניכטעט אין קעניגליכען פּאַלאַץ די טייערע מעבעל און סטאַטועס, און האָבען אונטערגעצונדען דעם שלאָס פון נעיללי. אויך געגען קאַפּיטאַליזם האָבען געקעמפט די ערביטערטע פּראָ־לעטאַריער. זיי האָבען צושטערט אין די פאַבריקען די פערהאַסטע מאַשי־נען, זיי האָבען אויך צושטערט אין דער אומגעגענד אַלע אייזענבאַהן־סטאַ־ציאָנען. די מאַסע, וואָס איז געשטאַנען פאַר דעם שטאָדט־הויז, איז געווען ווי עלעקטריזירט. איין פונק איז געווען אין שטאַנד אַרויסצורופען אַ שרעק־ליכע עקספּלאָזיאָן. פּלוצלינג האָט זיך אַריינגעריסען אַ בעוואַפענטע מאַסע אין צימער, וואו די רעגירונג איז געזעסען, און האָט פערלאַנגט, אַז מען זאָל איינפיהרען אַן אַרבייטער־רעגירונג און גלייכע צוטיילונג פון אַלע גי־טער און קאַפּיטאַלען. די רעגירונג האָט געמוזט נאָכגעבען. עס איז גלייך פערפאַסט געוואָרען פון לואיס בלאַנק אַ פּראָקלאַמאַציאָן, אין וועלכער עס זיינען געווען פאָלגענדע ווערטער: „די פּראָוויזאָרישע רעגירונג פון דער

פראַנצויזישער רעפובליק פערפליכטעט זיך צו גאַראַנטירען די עקסיסטענץ פון די אַרבייטער דורך זייער אַרבייט. זי אָנערקענט אויך דאָס רעכט פון די אַרבייטער צו פעראייניגען זיך אין אַסאָציאַציאָנען אום צו געניסען די פערדינטע פרוכט פון זייער אַרבייט. די פראָוויזאָרישע רעגירונג גיט צוריק צו די אַרבייטער, צו וועלכע זי געהערט, די מיליאָן, וועלכע איז פריהער פערברויכט געוואָרען אויף דעם הויף־שטאַאַט".

אָבער וואָס פיר אַ נוצען האָבען די אַרבייטער געהאַט פון דעם, וואָס מען האָט אָנערקענט אין דער טעאָריע זייער רעכט צו נעהמען פיר זייער אַרבייט דעם ריכטיגען לוין, וואָס זיי האָבען פערדינט, ווען אין דער פראַקטיק איז עס ניט פערווירקליכט געוואָרען? אין איינינע טעג שפעטער האָט די רעגירונג פערגעסען איהר פערשפרעכען און האָט מעהר די פראָלעטאַריער גאָר אין זינען ניט געהאַט. אָבער די אַרבייטער האָבען געפאָדערט זייערע רעכטען. 200,000 אַרבייטער האָבען מאַרשירט צום שטאָדט־הויז און האָבען געשריען מיט קולות: „אָרגאַניזירט די אַרבייט! בילדעט אַ בעזונדער מיניסטעריום פיר אַרבייט!" די רעגירונג איז געווען געצוואונגען צו בעשטימען אַ ספעציעלע קאָמיסיאָן מיט דער אויפגאַבע, אויסצוגעפינען מיטלען ווי צו פערבעסערן די מאַטעריעלע לאַגע פון די אַרבייטער. די מיטגלידער פון דיזער קאָמיסיאָן זיינען געווען דעפוטאַטען פון דער פאַריזער האַנטווערקער־קאָרפּאָראַציאָן. די פּאָרזיצענדע אין דיזער קאָמיסיאָן זיינען געווען לואיס בלאַנק און אַלבערט. אַלס זיצונגס־זאַל האָט מען געגעבען דער קאָמיסיאָן דעם לוקסעמבורג. דערמיט האָט די רעגירונג גלייך בעוויזען, דאָס די פערטרעטער פון די אַרבייטער שטעהען ניט אויף איין ליניע מיט די פערטרעטער פון אַנדערע קלאַסען, איבערהויפט די בירגער־קלאַסען, וועלכע האָבען ווירקליך פערכאַפּט אין זייערע הענט די גאַנצע מאַכט פון דער רעגירונג. די אַרבייטער קאָמיסיאָן איז געווען אַ ביי־זאַך; נ ע ב ע ן די מיניסטעריומס פון פינאַנצען, פון האַנדעל, פון עפענטליכע אַרבייטען, איז אויך געווען די אַרבייטער־קאָמיסיאָן מיט איהר וויכטיגער אויפגאַבע צו לעזען די שווערע פראַגע ווי צו בעשעפטיגען די אַרבייטער און צו פערבעסערן זייער צושטאַנד. דיזע קאָמיסיאָן האָט ניט געהאַט קיין געלט, קיין מיטלען און קיין מאַכט אויסצופיהרען איהרע בעשלוסען, ווי די אַנדערע פּאָליטישע אַנשטאַלטען האָבען געהאַט.

דערווייל האָט די רעגירונג געטאָן אַלעס אום צו מאַכען די רעפובליק פּאָפּולער און אַנגענעהם פיר די פראָווינצען און פיר די בורזשואַזיע. אום צו בערוהיגען דאָס פאָלק און צו איבערצייגען, דאָס דיזע רעפובליק וועט

ניט זיין אזוי שטרענג ווי די ערסטע, וועלכע האָט מיט איהרע מאסרעגלען אָנגעיאָגט א שרעק אויף'ן פאָלק, האָט די רעגירונג אָפּגעשאַפט די טויט-שטראָף פיר פּאָליטישע פערברעכענס; די פּרעס האָט בעקומען פאָלשטענדיגע פרייהייט; די אַרמעע, די געריכטס-אַנשטאַלטען און די פערוואַלטונג איז געבליבען אונטער די זעלבע בעאַמטע ווי פריהער, אין דער צייט פון דער מאָנאַרכיע, און קיינער פון די גרויסע שולדיגע פון דער יולי-מאָנאַרכיע איז ניט געווען געצוואונגען אָפּצוגעבען רעכענשאַפט פיר זיינע טאַטען, וועלכע האָבען בעדאַרפט בעטראַכט ווערען אין די אויגען פון דער רעפּובליק אַלס גרויסע פערברעכענס. עס איז קיין וואונדער ניט, וואָס די אַלטע רעפּובליקאַנער האָבען בעטראַכט די נייע רעפּובליק נאָר אַלס א נייעם ראָק פיר די זעלבע בירגערליכע געזעלשאַפט (בורזשואַזיע).

די רעגירונג האָט גאָרניט גענומען אין אָנבעטראַכט, דאָס די רעפּובליק איז דער רעזולטאַט פון א רעוואָלוציאָנערער איבערקעהרעניס, און האָט פּאַרטגעזעצט צוצופּאַסען זיך צו דער בירגערליכער געזעלשאַפט ווי פריהער. זי האָט זיך געגעבען אַלע מיה פעסטצושטעלען אין לאַנד דעם קרעדיט, דעם עפענטליכען און דעם פּריוואַטען, וועלכער איז צוליב דער רעוואָלוציאָן אין גאַנצען פּאַראַליזירט געוואָרען. צו דיזען צוועק האָט זי דאָס גאַנצע באַארע געלט, וואָס זי האָט געהאַט אין דער קאַסע און אין די בענק, פערברויכט צו בעצאָהלען די צינזען צו די בעלי חובות פון דער רעגירונג. אָבער אום די רעגירונג זאָל ניט בלייבען גאָר אָהן באַארעס געלט, האָט די רעגירונג בעשלאָסען די אַלע געלטען, וואָס זי האָט אריינגענומען אין די שפּאַר-קאַסען פון די קליינע בירגער און אַרבייטער אין סומעס פון איבער 100 פראַנק, ניט אויסצוצאָהלען אין באַארעס געלט, נאָר אין פּאַפּיר-געלט, אזוי דאָס דיזע געלטען זיינען פערוואַנדעלט געוואָרען אין א שטאַאַט-שולד.

די אויסגאַבען פון דער נייער רעגירונג זיינען געווען מעהר אַלס איהרע איינקונפטען, און זי איז געווען געצוואונגען צו מאַכען נייע שטייערן. זי האָט ניט געוואָלט בעלעסטיגען די וואוילהאַבענדע קלאַס, ווי די פינאַנציסטען, פאַבריקאַנטען און גוטס-בעזיצער, ווייל דורך דעם וואָלט זי פערלאָרען זייער צוטרויען. די אַרבייטער האָט מען אויך ניט געקענט בעשטייערן, ווייל מען האָט מורא געהאַט פיר א רעוואָלוציאָן. אַלזאָ איז געפאַלען דער גורל אויף די בויערן און זיי האָבען געמוזט טראָגען אויף זייערע שולטערן די גאַנצע לאַסט פון דער פעברואַר-רעוואָלוציאָן. די רעוואָלוציאָן פון יאָהר 1848 האָט געהאַט רעזולטאַטען גראַדע אומגעקעהרטע ווי די פון יאָהר 1789. די רעוואָלוציאָן פון יאָהר 1789 האָט אַראָפּגעוואָרפען פון פאָלק די

אַלטע לאַסטען און די רעוואָלוציאָן פון 1848 האָט אַרויפגעוואָרפען נייע לאַסטען אויף די לאַנד־בעפעלקערונג.

די פינאַנציעלע מאַסרעגלען פון דער נייער רעגירונג זיינען געווען אַ גרויסע געפאַהר פיר די עמאַנציפּאַציאָן פון די אַרבייטער. דיזע האָבען עס פערשטאַנען, און די רעגירונג איז געווען געצוואונגען פריהער פון אַלעם פערטיג צו ווערען מיט די אַרבייטער. אויף דער אַרמעע האָט זיך די רעגירונג ניט געקענט שטיצען, און די נאַציאָנאַל־גוואַרדיע איז געווען צו שוואַך; האָט די רעגירונג געפונען אַ מיטעל: אויפשטעלען די אַרבייטער זעלבסט איינע געגען די אַנדערע. זי האָט געגרינדעט 24 באַטאַליאָנען פון יונגע לייט פון 15 ביז 20 יאָהר. זיי זיינען געווען הויפּטזעכליך פון די לומפּען־פּראָלעטאַריער, און זיי האָבען געקראָגען אַ געהאַלט פון 1½ פראַנק אַ טאָג. די אַרבייטער האָבען אָנפאַנגס בעגריסט דיזע טרופּען פון די פּראָלעטאַריער מיט גרויס פרייד אַלס אַ געגען־מאַכט געגען דער נאַציאָנאַל־גוואַרדיע, וועלכע איז בעשטאַנען איבערהויפּט פון די בירגער, פון דער בורזשואַזיע. זיי האָבען אָבער באַלד דערזעהען זייער טעות. דיזע לומפּען־באַנדע איז געווען פעהיג אויף אַלע געמיינע באַנדיטעריי, זיי זיינען געווען פעהיג צו נעהמען די שמוציגסטע כאַבאַרען. דורך זייער ברוטאַליטעט זיינען זיי באַלד געוואָרען דער שרעק פון דער פּאַריזער אַרבייטער־בעפעלקערונג.

די רעגירונג האָט אָבער אויך געזוכט אַ מיטעל צופרידען צו שטעלען די אַרבייטער און געווינען זיי אויף איהר זייט. זי האָט בעשאַפען נאַציאָנאַל־ווערקשטאַטען. איבער 100,000 אַרבייטער, וועלכע האָבען זיך געוואַלגערט אין די גאַסען אָהן מיטלען און אָהן אַ דאַך, צוליב דעם לעצטען קריזיס פון דער רעוואָלוציאָן, האָבען געפונען בעשעפטיגונג אין די נאַציאָנאַל־ווערקשטאַטען, וואָס דער מיניסטער מאַריע האָט פיר זיי געשאַפען. „אונטער דיזען גרויסאַרטיגען נאָמען”, זאָגט מאַרקס זעהר ריכטיג, „האָט ניט געשטעקט קיין אַנדער זאַך ווי די בענוצונג פון אַרבייטער צו לאַנגווייליגע און ניט־פּראָדוקטיווע ערד־אַרבייטען פיר אַן אַרבייטס־לוין פון 23 סו. דאָס זיינען געווען ענגלישע אַרבייטס־הייזער אין פרייען פעלד, ווייטער גאָרנישט. מיט דיזע אַרבייטער האָט די פּראָוויזאָרישע רעגירונג געהאָפט צו בילדען אַ צווייטע פּראָלעטאַרישע אַרמעע געגען די אַרבייטער. דיזען מאָל האָט די בורזשואַזיע געהאַט אַ טעות אין רעכנונג, ווי די אַרבייטער האָבען זיך געאירט אין דער מאָביל־גוואַרדיע. זי האָט זעלבסט געשאַפען אַן אַרמעע פון רעוואָלוציאָנערען”.

דאָך האָט די רעגירונג דערגרייכט אַן אַנדערען צוועק דורך די נאַציאָ-נאַל־ווערקשטאַטען. מען האָט אַרויסגעלאָזען אַ קלאַנג, אַז דאָס איז די ערפינדונג פון לואיס בלאַנק, אום מען זאָל דערמיט האָבען אַ בעוויין, דאָס די אָרגאַניזאַציאָן פון דער אַרבייט, וועלכע איז איבערגעגעבען געוואָרען צו איהם, איז אַ דורכפאַל. אין אמת'ן זיינען די נאַציאָנאַל־ווערקשטאַטען אין געגענזאַץ צו די אַנזיכטען פון לואיס בלאַנק. דאָס בעהויפּטעט לאַמאַרטין, וועלכער איז אין דער זאַך אַן אונפּאַרטייאישער עדות, און פערזיכערט אויס-דריקליך, דאָס דיזעס איז געווען דורכאויס געגען לואיס בלאַנק'ס מיינונג.

די אָרגאַניזאַציאָן פון די אַרבייטער איז געווען אַ מיליטערישע. די בעשעפטיגונג איז בעשטאַנען מעהרסטענס אין ערד־אַרבייטען, פּלאַנצען בוימער אאַ. ד. גל. צו אינדוסטריע האָט מען זיי ניט צוגעלאָזען. דער רע-זולטאַט דערפון איז געווען, דאָס די אַרבייטער האָבען פערלאָרען יעדען אינ-טערעס אין אַרבייט, און צוליב דעם איז אויך די דיסציפּלין געוואָרען שוואַך. די מעהרסטע פון זיי זיינען געוואָרען פוילענצער. דאָס בירגערטום איז גע-ווען זעהר ערביטערט געגען דיזען צושטאַנד, און אַזוי ווי מען האָט גערע-כענט, דאָס לואיס בלאַנק איז דער ערפינדער פון דיזער אָרגאַניזאַציאָן, אין די גאַנצע שולד געפאַלען אויף איהם. די ערביטערונג איז געוואַקסען פון טאָג צו טאָג, ווייל עס איז מעהר און מעהר בעקאַנט געוואָרען ווי גרויס עס זיינען די סומעס, וואָס די פּראָלעטאַריער רויבער, ווי מען האָט דאַ-מאָלס גערופען די אָרגאַניזירטע אַרבייטער, האָבען פערשלונגען אָהן שום נוצען פיר די געזעלשאַפט. „אַ שענער סאָציאַליזם", האָט דאַמאָלס גע-מורמעלט דער קליינער בירגער, וואָס האָט געהאַלטען ביי באַנקראָט, „בע-שטימען אַ שטאַאַטס־פּענסיאָן פיר לעדיג־געהן". און די קליינבירגער האָ-בען אויסגעקוקט אויף אַ גינסטיגע געלעגענהייט אויסצוגיסען זייער צאָרן אויף די פּראָלעטאַריער.

דעם 16טען מערץ האָבען די בעאַמטע פון דער נאַציאָנאַל־גוואַרדיע, וועלכע איז בעשטאַנען מעהרסטענס פון בורזשואַ, געמאַכט אַ דעמאָנסטראַ-ציאָן געגען דער פּראָוויזאָרישער רעגירונג. זי האָט בעזעצט דעם פּלאַץ פון שטאָדט־הויז און האָט פּראָטעסטירט געגען צוויי בעפעהלען פון לעדרו-ראָללין, בעשולדיגענדיג איהם אין קאָמוניזם. די רעגירונג האָט געמוזט נאָכגעבען. די אַרבייטער זיינען געווען געצוואונגען צו מאַכען אַ געגען-דעמאָנסטראַציאָן. לואיס בלאַנק האָט יעצט געהאַט אַ געלעגענהייט צו גע-ווינען צוריק זיין פערלאָרענעם איינפלוס אויף דאָס שטאָדט־הויז, און ער האָט זיך מיט פרייד בענוצט מיט דיזער געלעגענהייט. אָבער ער איז גע-

ווען צו שוואך און עס האָט איהם געפעהלט די נעטיגע ענטשלאָסענהייט דורכצופיהרען זיין פּלאַן. ער האָט אַנגעשטעלט צוויי יונגע לייט, זיי זאָלען איהם שרייבען אַ בריף, אין וועלכען זיי לאָזען איהם וויסען וועגען דער דעמאָנסטראַציאָן, צו וועלכער די אַרבייטער גרייטען זיך. דיזען בריף האָט ער פאַרגעלעזען אויף אַ זיצונג פון דער רעגירונג. אָבער די איבריגע מיט-גלידער האָבען באַלד פערשטאַנען זיין קונץ. מאַריע האָט איהם דאַן פריינד-ליך געקלאַפּט אין שולטער און האָט געזאָגט: „מיר פערשטעהען אַלעס, ליבער קאָלעגע; גיט אַייערע יונגע פריינד אַן עצה איבערצובייטען זייערע אויבער-רעק אום די פּאָליציי זאָל זיי ניט דערקענען, זאָנסט קענען זיי היינט אָדער מאָרגען האָבען אונאַנגענעהמליכקייט".

דעם 17טען מערץ אום 1 אוהר איז צוגעקומען צום שטאָדט-הויז אַ מאַסע אַרבייטער אין גוטער אָרדנונג און האָט דערלאַנגט אַ ביטשריפט, אין וועלכער זיי האָבען געבעטען, אַז מען זאָל דערווייטערן די טרופּען פון שטאָדט-הויז און מען זאָל אָפּלעגען די וואהלען פון דער נאַציאָנאַל-גוואַרדיע, ווי אויך די וואהלען פון דער נאַציאָנאַל-פערזאַמלונג. לואיס בלאַנק האָט באַלד איינגעזעהען, דאָס ער וועט ניט זיין דער פיהרער פון דער מאַסע. און ער איז באַלד אַריבער אויף די זייט פון דער רעגירונג. ער האָט גע-בעטען, אַז מען זאָל איהם געבען צייט צו איבערלעגען זיך. לעדרו-ראָללין האָט פערשפּראָכען צו בעטראַכטען די פראַגע פון אָפּלעגען די וואהלען. די רעגירונג האָט געזיגט, דאָס פאָלק איז זיך צוגאַנגען און די אַרבייטער האָ-בען געשריען צו לואיס בלאַנק: „אויך דו ביסט אַ פעררעטער! אויך דו!"

דעם 16טען אַפּריל איז געוועזען אַ צווייטע דעמאָנסטראַציאָן פון די פּראָלעטאַריער, אָבער דיזע איז אויסגעפאַלען נאָך מעהר אונגליקליך. די פּראָלעטאַריער האָבען זיך פערזאַמעלט אין היפּאָדראָם און אויף דעם מאַרס-פעלד אום פאָרצובריייטען די וואהלען פיר דעם גענעראַל-שטאַב פון דער נאַציאָנאַל-גוואַרדיע. אָבער די רעגירונג האָט געהייסען שלאָגען דעם גע-נעראַל-מאַרש און אין איין שטונדע זיינען איבער 100,000 בירגער געשטא-נען אונטער וואַפען. איבעראַל האָט מען געשריען: „נידער מיט לואיס בלאַנק, מיט בלאַנקי, מיט קאַבעט!" עס זיינען געקומען איינציגע דעפּו-טאַציאָנען איינע נאָך דער אַנדערער און האָבען אויסגעדריקט זייער אי-בערגעבענהייט און זייער צוט-ויען צו דער רעגירונג.

דעם 4טען מאַי איז די נאַציאָנאַל-פערזאַמלונג צוזאַמענגעקומען. דיזע פערזאַמלונג איז געוועזען דער פּראָדוקט פון דירעקטע אַלגעמיינע וואהלען. אין דיזער פערזאַמלונג האָבען די בורזשוא-רעפּובליקאַנער געהאַט אַ מאַיאָ-

ריטעט. די לעגיטימיסטען און די אָרלעאַניסטען זיינען געווען געצוואונגען
צו צייגען זיך אונטער דער מאַסקע פון רעפּובליקאַנער, ווייל די גרויסע און
שווערע אויפגאַבע פון דער נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג צו קעמפען געגען דעם
פּראָלעטאַריאַט האָט נאָר געקענט געקעמפט ווערען אין נאָמען פון דער רע-
פּובליק. דאָס ערסטע, וואָס די בורזשואַ אין דער נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג
האָבען געטאָן, איז געווען צו פערניכטען און מבטל זיין די סאָציאַלע איינ-
ריכטונגען און אַנשטאַלטען, וואָס די פּראָוויזאָרישע רעגירונג האָט איינגע-
פיהרט. די נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג האָט פּראָקלאַמירט „די בירגערליכע
רעפּובליק" און האָט אויסגעשלאָסען פון דער עקזעקוטיוו־קאָמיסיאָן לואיס
בלאַנק און אַלבערט, וועלכע זיינען געווען די פאָרשטעהער פון די פּראָלע-
טאַריער. די נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג האָט אויך פערוואָרפען דעם פאָרשלאָג
צו בילדען אַ בעזונדער ארבייטס־מיניסטעריום, און די פערזאַמלונג האָט
מיט שטירמישע אַפּלאָדיסמענטען אויפגענומען די ווערטער פון מיניסטער
טרעלאַט, וועלכער האָט געזאָגט: „יעצט האַנדעלט עס זיך וועגען דעם,
אַז מען זאָל צוריקברייננען די ארבייט צו איהרע אַלטע בעדינגונגען".

אָבער די ארבייטער האָבען ניט געוואָלט לאָזען, אַז מען זאָל אָפּנעהמען
פון זיי דעם זיג, וועלכען זיי האָבען געוואונען מיט זייער בלוט. דעם 15טען
מאַי האָבען זיי ווידער געפּרובט צוריק געווינען זייער מאַכט דורך אַ רע-
וואָלוציאָן. אַ גרויסע מאַסע מענשען איז געגאַנגען צו דער קאַמער, געאָר-
דענט נאָך זייערע קלובען מיט בעזונדערע פאָהנען, מיט דעם צוועק צו דער-
לאַנגען צו דער פערזאַמלונג אַ פּעטיציאָן צו גונסטען פון פּוילען. עס איז
זיי געלונגען צו בעפאַלען די נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג, און עס האָט זיך גע-
גרינדעט אין שטאָדט־הויז אַ נייע פּראָוויזאָרישע רעגירונג אונטער דער
פיהרונג פון באַרבעס. אָבער די פריהערדיגע רעגירונג האָט דערווייל
צוזאַמענגערופען די נאַציאָנאַל־גוואַרדיע און די מאָביל־סאָלדאַטען. די
פּראָלעטאַריער האָבען איבעראַל געמוזט אָפּטרעטען. עס האָט נאָר גענו-
מען איינינע שטונדען און דאָס שטאָדט־הויז מיט זיין נייער פּראָוויזאָרישער
ארבייטער־רעגירונג האָט זיך געמוזט אונטערגעבען, און די מעהרסטע פיה-
רער פון דיזער רעגירונג זיינען כמעט אַלע געפאַנגען געוואָרען.

פון דיזער צייט אָן איז דער זיג פון דער בורזשואַזיע געזיכערט גע-
וואָרען. די נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג האָט בעשלאָסען צו צווינגען די פּראָלע-
טאַריער צו אַן ענטשיידענדען קאַמף. די עקזעקוטיוו־קאָמיסיאָן האָט ארויס-
געגעבען איינינע בעפעהלען, וועלכע האָבען ארויסגערופען די ארבייטער
אויף אַ קאַמף. אַזוי צום ביישפּיל האָט די קאָמיסיאָן ארויסגעגעבען אַ

דעקרעט, וועלכער האָט בּערוועהרט דאָס פאָלק צוזאַמענצולויפען זיך אין גרויסע מאַסען. פון דער טריבון פון דער נאַציאָנאַל=פערזאַמלונג האָט מען געשימפּט די אַרבייטער און מען האָט געמאַכט פון זיי חוזק. מעהר פון אַלעס האָט מען דאָרט אָנגעגריפען די נאַציאָנאַל=ווערקשטאַטען, וועלכע זיינען געווען ביי דער בורזשואַזיע זעהר פערהאַסט. די עקזעקוטיוו=קאָמיסיאָן האָט געמאַכט שווער דעם צוטריט צו דיזע ווערקשטאַטען, האָט פערוואַנדעלט זיין טאָג=לוין אין שטיק=לוין און האָט פיעלע פון די אַרבייטער פערזשיקט אין די פּראָווינץ. דעם 21טען יוני איז ערשינען אין „מאָניטאָר” אַן אוקאַז, דאָס אַלע אונפערהייראַטע אַרבייטער פון די ווערקשטאַטען זאָלען אַריינטרעטען אין דער אַרמעע.

די אַרבייטער זיינען געוואָרען שרעקליך אויפגערעגט צוליב דיזען אוקאַז. מען האָט זיי געשיקט אַ דעפּוטאַציאָן און מען האָט זיי מתרה געווען, דאָס אויב זיי וועלען ניט פאָלגען מיט גוטען וועט מען זיי צווינגען מיט בייזען. די אַרבייטער האָבען בעשלאָסען ניט צו פאָלגען דער רעגירונג.

דעם 23טען יוני האָבען די אַרבייטער ווידער אויפגעשטעלט באַריקאַדען. אייניגע באַריקאַדען זיינען געמאַכט געוואָרען פון אַרבייטער, וואָס האָבען געקעמפּט פיר זייערע סאָציאַליסטישע אידעען, אַנדערע זיינען אויפגעשטעלט געוואָרען פון בירגער, וועלכע האָבען פערטיידיגט זייער אייגענטום. אום מיטטאָג=צייט האָט זיך דער קאַמף אָנגעהויבען. די רעגירונג האָט געשיקט טרופּען אונטער דער קאָמאַנדע פון גענעראַל קאַוועניאַק. אָבער די אַרבייטער האָבען זיך מוטיג פערטיידיגט און געקעמפּט ווי העלדען. אין אָבענד האָבען די טרופּען קוים גענומען אייניגע באַריקאַדען ניט ווייט פון דעם באַסטיליע=פּלאַץ. אויף מאָרגען איז דער קאַמף בענייט געוואָרען מיט מעהר ערביטערונג. די אַרבייטער האָבען געקעמפּט ווי העלדען, הגם זיי האָבען ניט געהאַט קיין פיהרער, קיין פּלאַן ווי צו פיהרען דעם קריג און זאָגאַר ניט גענוג וואַפען. דאָס שטאָדט=הויז איז געשטורמט געוואָרען פון די אַרבייטער אַזוי ענערגיש, דאָס דער גענעראַל האָט געפאָדערט, אַז מען זאָל איהם צושיקען נאָך מיליטער. די נאַציאָנאַל=פערזאַמלונג איז געווען געצוואונגען צו ערקלערען פּאַריז אין בעלאַגערונגס=צושטאַנד און האָט בעשטימט קאַוועניאַק'ן אַלס דיקטאַטאָר.

דער גענעראַל האָט זיך גענומען מיט גרויס ענערגיע צו דערשטיקען דעם אויפשטאַנד. מיט דער הילף פון דער אַרטילעריע, וועלכע האָט געמאָרדעט רעכטס און לינקס, איז איהם געלונגען צו עראָבערן דעם פּאַנטהעאָן, צו זיכערן דאָס שטאָדט=הויז און צו פערטרייבען די אַרבייטער פון

צענטער פון שטאָדט. אין דער קומענדער נאַכט האָבען די אַרבייטער וויע-דער בעפעסטיגט זייער שטעלונג מיט גרויס ענערגיע. די ערביטערונג האָט געשטיגען ביז צום העכסטען גראַד. זיי האָבען פיר קיין מאָל ניט געוואָלט וויסען פון פרידען. דער ערץ־בישאָף אַפפרע האָט זיך געוואָלט אריינ-לעגען אין אַ שלום און ער איז דערפאַר ערמאָרדעט געוואָרען. די סאָלדאַ-טען האָבען געשטורמט די באַריקאַדען און האָבען זיי איינגענומען איינע



קאַוועניאַק.

נאָך דער אַנדערער. קאַוועניאַק האָט געפאָדערט אונבעדינגטע אונטערוואַר-פונג, אָבער די אַרבייטער האָבען דערפון ניט געוואָלט הערען, און אום 10 אוהר שבת פאַרמיטטאָג האָט זיך אָנגעהויבען דער שטורם אויף די פאָר-שטאָדט. עס איז געווען אַ שרעקליכע בלוט־באָד. 3,888 באַריקאַדען זיי-נען געוואָרען אויפגעשטעלט, פערטיידיגט און איינגענומען. עס פערשטעהט

זיך, וואָס דערביי זיינען אומגעקומען פיעלע לעבענס. ביז 12,000 זיינען געפאַלען טויט און ביי 11,000 זיינען געפאַנגען געוואָרען. די בורזשואַ איז געווען אזוי גרויזאַם, דאָס זי האָט 3,000 פון די געפאַנגענע ערמאָרדעט. די איבריגע זיינען פערשפּאַרט געוואָרען אין פינסטערע דומפּיגע קעלערן. דאָ האָט דער עלענד דערגרייכט זיין העכסטע שטופּע. ווייט אַרום האָט מען געהערט פון די קעלערן די פערצווייפעלטע געוויינען און געשרייען, ווי אויך דעם שרעקליכען געלעכטער פון די, וואָס זיינען פון ליידען משוגע געוואָרען, דעם געשריי פון די פערוואונדעטע, וואָס האָבען געליטען דורסט. די שילד־וואך איז געווען צו דיזע סצענעס גלייכגילטיג, אַנדערע האָבען זאָגאַר צום שפּאַס אריינגעשאָסען אין די קעלערן עטליכע קוילען. די „געזעלשאַפט" איז ווידער געראַטעט געוואָרען. אָבער דיזע רעוואָלוציאָן האָט אויף אימער בעשאַפען אַ שרעקליכען תהום צווישען די אַרבייטער און דער בורזשואַזיע.

די אַרבייטער זיינען געוואָרען פול מיט אַ שרעקליכען האַס צו דער בורזשואַזיע. די פּראָלעטאַריער האָט בעהערשט אַ פינסטערע פערצווייפלונג. די בורזשואַזיע האָט זיך געאיילט צו בענוצען זיך מיט איהר זיג. קאַווענייאַק האָט אָפּגעשאַפט די נאַציאָנאַל־ווערקשטאַטען, ער האָט געשלאָסען אַלע קלובען פון די רעוואָלוציאָנערען; ער האָט אונטערדריקט די פּרעסע און האָט פערלענגערט אויף אַן אונבעשטימטע צייט דעם בעלאַגערונגס־צושטאַנד אין פּאַריז. מען האָט בעשטימט אַכט מיליטערישע קאָמיסיאָנען אום צו משפּט'ן די געפאַנגענע. איבער 4,400 זיינען אַרויסגעטריבען געוואָרען פון לאַנד און 253 זיינען געשטעלט געוואָרען פאַר דעם קריגס־געריכט.

איינינגע וואָכען נאָך דער יוני־שלאַכט האָט די נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג אָנגענומען אַ נייע פערפאַסונג. הגם דיזע פערפאַסונג אָנערקענט די הערשאַפט פון פאָלק אַלס די העכסטע, איז זי אָבער בלויז נאָך דער פאָרמע נאָך אַ רעפּובליקאַנישע. די הויפּט־מאַכט איז אין גרונד געווען אין די הענט פון פּרעזידענט, וועלכער האָט געהאַט כמעט די זעלבע רעכטען, וואָס עס האָט אַ קעניג.

מען האָט זיך געאיילט ערוועהלען אַ פּרעזידענט, ווייל פון איהם האָט די בורזשואַזיע געהאָפט צו פערבעסערן די צושטענדען. די נאַציאָנאַל־פערזאַמלונג האָט זעהר גערן געוואָלט האָבען קאַווענייאַק'ן אַלס פּרעזידענט, אָבער די פראַנצויזישע בעפעלקערונג האָט בעסער געוואָלט **לואיס נאַפּאָלעאָן באָנאַפּאַרטע**. מעהר פון אַלעמען האָבען איהם געוואָלט

די בויערן. זיי האָבען געהאָפט, דאָס ער וועט זיי בעפרייען פון דער פּער־האַסטער נייער שטייער. דעם 10טען דעצעמבער איז געוועז די וואַהל פיר פּרעזידענט. נאַפּאָלעאָן האָט געהאַט 5½ מיליאָן שטימען און קאַוועניאַק נאָר 1½ מיליאָן. 10 טעג נאָך די וואַהלען האָט נאַפּאָלעאָן געשוואָרען צו זיין טריי דער נייער פערפאַסונג און דער דעמאָקראַטישער פראַנצויזישער רעפּובליק. דאַן איז ער צוגעגאַנגען צו קאַוועניאַק'ן, האָט איהם געגעבען די האַנט און האָט געזאָגט: „איך בין שטאָלץ צו זיין דער נאָכפאָלגער פון אַ מאַן ווי איהר". קאַוועניאַק האָט איהם בעדאַנקט מיט אַ קאַלטער פּער־ניגונג. איז די קאַלטקייט געקומען דערפון, וואָס זיין עהרגייץ האָט געליטען, אָדער ווייל ער האָט ניט געהאַט צו איהם קיין צוטרויען?